בס"ד.

# פתח דבר

בתודה ושבח להשי"ת, הננו מוציאים לאור בהוצאה חדשה עם הוספות את ספר שיחות קודש מכ"ק אדמו"ר שליט"א ה'תשל"ח חלק ג' (הכולל "הנחות" מכל השיחות שנאמר ממוצאי ש"פ קרח עד מוצאי ש"פ נצבים), והוא הכרך השלשים ושבע בסדרת ה"הנחות" (רשימות השומעים) משיחות קודש כ"ק אדמו"ר שליט"א שיצאו לאור בעזהי"ת.

בהוצאה זו השתדלנו להשלים (עד כמה שהי' באפשרותינו) את כל השיחות החסרות[1] בהוצאות קודמות, וכמבואר בפרטיות בה"פתח דבר" לכרך הראשון - שיחות קודש מכ"ק אדמו"ר שליט"א תש"י-י"א.

* * *

בכרך זה נוספו:

א) בתחילת הספר - מפתח כללי.

ג) בסוף הספר - ר"ד כ"ק אדמו"ר שליט"א - בזמנים שונים - מרשימות פרטיות של אחדים מהת'.

ד) לתועלת הלומדים והמעיינים - הוספנו בתחלת הספר מפתח מפורט לכל התוועדות בפני עצמה, תוכן השיחות דהתוועדות זו.

ה) בסוף הספר - רשימת השיחות שבספר זה שהוגהו ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א והמקומות שנדפסו שם[2].

* * *

יש להדגיש שוב ושוב, שהנחות אלו נרשמו עפ"י זכרון השומעים (בהתוועדויות שבימי החול - ע"פ "סרט הקלטה"), ואינן מוגהות ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א, ולכן אינם אלא על אחריות הרושמים בלבד, ואפשר שיש בהם טעויות ואי-הבנות.

ובמיוחד הדברים אמורים לגבי ה"הנחות פרטיות" שבהוצאה זו, שהיות ונרשמו ע"י אנשים פרטיים ולא עברו אפילו הגהה של בר סמכא, יתכן מאד שיש בהם טעויות הן בסגנון והן בהבנת הדברים.

* * *

תודתנו נתונה לכל אלו שמסרו את השיחות שבידם ע"מ לפרסמן, ולכל אלו שעזרונו בכל שלבי ההכנה לדפוס.

ויה"ר שנזכה להו"ל בקרוב את כל השיחות קודש, ע"פ התכנית המיוחלת, לרוות צמאונם של אחינו בנ"י בכל העולם כולו.

המוציאים לאור

כ"ו אדר ראשון, ה'תשמ"ו.

ברוקלין, נ.י.



---

1) ע"פ "מפתח מאמרים שיחות ומכתבים" שבעריכת הרה"ת י.י. שגלוב שי' (קה"ת, תשמ"א).

2) ולהעיר, לפעמים צויין בהשיחות ביחס לקטע מסויים "י"ל בפ"ע", והכוונה (בכמה מקומות) ללקוטי שיחות שצויינו ברשימה זו.

## מפתח

### תשל"ח חלק ג'



### הוספות

## מפתח ענינים

### תשל"ח חלק ג'

### מוצאי ש"פ קרח



### מוצאי ש"פ חוקת

## י"ב תמוז



## מוצאי ש"פ בלק

קטע מוצאי ש"פ בלק



מוצאי ש"פ פינחס



קטע מוצאי ש"פ פינחס

ע"ד "מיהו יהודי" וע"ד החזרת שטחים.

י"א מנחם-אב לילדי מחנות קייץ

## קטע - כ' מנחם-אב

ע"ד איסור החזרת שטחים.

## מוצאי ש"פ עקב



## כ"ז מנחם-אב - למחנה אמונה

ענין האמונה; בובות למשחק ילדות; מצות נש"ק.

## מוצאי ש"פ ראה



## קטע - מוצאי ש"פ ראה

נגד תכנית האוטנומי' וכו'.

## בדר"ח אלול - לילדי גן ישראל

ענינו של מחנה קיץ "גן ישראל" - חיזוק ביהדות; הקשר לר"ח אלול; הקשר לפ' שופטים.

## ח"י אלול

קטע - ח"י אלול



כ"ז אלול - לנשי ובנות חב"ד



מוצאי ש"פ נצבים



* * *

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ קרח, ג' תמוז ה'תשל"ח.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. ס'איז דאך א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט ג' תמוז, וואס ג' תמוז איז געווען די הקדמה צו י"ב-י"ג תמוז.

און ווי גערעדט אמאל באריכות[1], אז אין יענעם יאר (בשעת מעשה) האט מען ניט געוואוסט ברור וואס איז דער ענין פון ג' תמוז,

ווארום אע"פ אז לגבי דעם מאסר אין בית האסורים ממש וואס איז געווען לפנ"ז, איז דאס זיכער געווען אן ענין של הטבה - איז אבער ביחד ע"ז געווען אויך די גירסא (פון די וואס האבן אים ארעסטירט) אז ס'זאל זיין אן ענין של גלות אין א פנה נדחת (וויבאלד אז דארטן זיינען געווען זייער ווייניק אידן) אויף שלש שני חזקה[2],

ובמילא[3] איז דעמולט געווען שלא בערך א קלענערע מעגליכקייט אויף טאן אין די ענינים אין וועלכע דער בעל הגאולה איז געלעגן און האט זיך געקאכט און דאס איז געווען עבודתו אשר עבד בה במשך ימי חייו, און עיקר עבודתו, ביז אז דאס איז געווארן חייו ממש.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז לגבי דעם מצב שלפנ"ז איז דאס געווען אן ענין של הטבה - האט נאך אבער (אין דעם מעמד ומצב) געפעלט בנוגע צו עבודתו בקודש [וואס ביי אים איז דאס געווען ניט נאר עבודתו <u>בקודש</u>, נאר <u>כל</u> עבודתו, אפי' אין "דרכיך" און "מעשיך"[4] - ענינים של חול, אויף וויפל ס'איז שייך צו זאגן ביי <u>א</u> נשיא בישראל ענינים של חול, עכ"פ בערך צו ענייני קודש שלו].

און נאכמער: דעמולט זיינען געווען ספיקות צי מ'מיינט טאקע די הטבה, אדער מ'מיינט נאכגעבן דעם לחץ לפי שעה, כדי אז דערנאך זאל מען קענען געפינען אן עלילה גדולה יותר.

און דערנאך איז נתברר געווארן אז דאס איז געווען די התחלה טובה אויף דער גאולה פון י"ב-י"ג תמוז - וואס דעמולט איז געווארן די הכרזה אין אן אופן גלוי ומפורסם לעין כל, אז מ'קען ממשיך זיין אין דער עבודה פון הרבצת התורה, ווי דער בעל הגאולה שרייבט במכתבו לחגיגה י"ב-י"ג תמוז הראשונה[5].

- ב. -

---

1) ראה גם שיחת ש"פ חקת תשל"ז ס"א. 2) ראה ב"כ קו, ב.
3) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1315. 4) משלי ג, ו. אבות פ"ב מי"ב.
5) בסה"מ הרפ"ה ע' קכו ואילך. תש"ח ע' 263 ואילך. ועוד.

ב. וכמדובר כמ"פ[6] בנוגע צו י"ט כסלו, אז דאס איז בדוגמא צו א שטר שיצא עליו ערעור, און דערנאך האט מען מאשר געווען דעם שטר, און באווארענט אז ס'קען ניט זיין קיין ערעור אויף דערויף,

וואס אע"פ אז מן ההורה דארף א שטר ניט האבן קיין אישור פון ב"ד, איז לכאו', וואס קומט צו דורך דערויף וואס ס'איז געווען אן ערעור און דערנאך האט דאס ב"ד מאשר געווען, לכאו' איז דאס מערניט אז ס'איז געווען אן ענין של עצמת נפש און מ'האט דאס מבטל געווען?

- זעט מען אבער אז דער דין[7] איז, אז א שטר שיצא עליו ערעור און מ'האט אים מאשר געווען אין ב"ד, איז ער שטארקער פון א שטר וואס אויף אים איז ניט געווען קיין ערעור, ובמילא האט מען אים ניט מאשר געווען אין ב"ד;

איז מען מבאר אז אזוי איז אויך בנוגע צו י"ט כסלו, אז די גאולה וואס איז געווען בי"ט כסלו, האט באוויזן און מאשר געווען אז מ'קען ממשיך זיין אין דער עבודה פון "יפוצו מעינותיך חוצה" -

ביז וואנעט אז אמיתית הענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" האט זיך אנגעהויבן נאך י"ט כסלו, כמבואר אין רער שיחה הידועה (וואס איז שוין געדרוקט אין תורת שלום[8]), ווארום דאס איז בדוגמת השטר שיצא עליו ערעור און רערנאך האט ער באקומען דעם אישור פון ב"ד שלמעלה, ובמילא האט דאס אויך גע'פועל'ט אויפן ב"ד שלמטה.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו י"ב-י"ג תמוז, אז דעמולט איז געווען די הכרזה אין אן אופן גלוי לעין כל, אז מ'קען מכשיך זיין אין דער עבודה פון הרבצת התורה, און מיט נאך א גרעסערן תוקף, ווארום ס'איז געווען אויף דערויף אן ערעור און דערנאך איז געווען דער אישור אז מ'קען ממשיך זיין אין דעם (וואס דעמולט האט דאס דעם תוקף פון א שטר שיצא עליו ערעור און דערנאך האט ער באקומען דעם אישור פון ב"ד).

ג. און דערנאך האט מען געזעהן אז דער ענין פון ג' תמוז איז געווען די התחלה צו דער יציאה לחירות אפי' לגבי דעם חירות וואס איז געווען בי"ב-י"ג תמוז - ווארום אפי' נאך י"ב-י"ג תמוז, איז כל זמן אז מ'איז נאך געבליבן במדינה

- ההיא -

------------

6) שיחת ש"פ חו"ב, י"ב תמוז תשל"ו קרוב להחלהה. וראה לקו"ד כרך ג' שצ, א-ב. 7) כתובות כ, א. רמב"ם הל' עדוה פ"ו סוף ה"ג. טושו"ע חו"מ סמ'ו ס"ז. 8) ס"ע 112.

ההיא, איז דאס נאך געווען ווייט פון חירות אמיתית בנוגע צו די ענינים פון הרבצת התורה, משא"כ נאך דעם וואס מ'איז איבערגעפארן דעם גבול פון מדינה ההיא און מ'איז אנגעקומען למדינות אחרות - וואס דעמולט איז די עבודה אויך במדינה ההיא אנגעגאנגען ביתר שאת וביתר עז, אע"פ אז ס'איז געווען א ריחוק מקום גשמי.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'איז נתברר געווארן למפרע אז דער ענין פון ג' תמוז איז אן ענין שכולו טוב, ביז וואנעט אז אין אים איז שוין געווען כלול די גאולה פון י"ב-י"ג תמוז, און נאכמער: אויך די גאולה וחירות וואס מ'איז אריבערגעפארן דעם גבול פון מדינה ההיא.

און וויבאלד אז אלע ענינים של גאולה זיינען פארבונדן צווישן זיך,

[ווי די משנה זאגט אין תענית[9] אז מ'דערמאנט דעם ענין פון גאולה פרטית אין דער ברכה פון "גואל ישראל" וואס איז פארבונדן מיט דער גאולה הכללית - דערפאר וואס אלע ענינים וואס זיינען נכלל אין דעם גדר של גאולה (און "שם גאולה עליהם") האבן א שייכות צווישן זיך[10]],

איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון ג' תמוז איז אויך א הקדמה, א טייל, און (נאכמער) א התחלה צו אלע ענינים של גאולה שלאח"ז, ביז אויך צו דער גאולה האמיתית והשלימה.

וכמובן בפשטות דערפון וואס מ'זאגט אז די גאולה האמיתית והשלימה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה", וואס דעמולט איז "אתי מר"[11] - איז דאך פארשטאנדיק, אז ווען ס'קומט צו אין דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה",

ובפרט אין אן אופן וואס איז שלא בערך - אזוי ווי ס'איז געווען בי"ב-י"ג תמוז, אז המורת הענין פון היפך החיים לגמרי, איז געווארן א הוספה אין חיים אמיתיים, אין דעם ענין התורה וואס "היא חיינו ואורך ימינו", ביז אין אן אופן פון "כמי' חיים"[12], אז מ'איז דאס אויך מפיץ לאחרים,

איז דאס אן ענין וואס איז פארבונדן מיט דער גאולה האמיתית והשלימה - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון ג' תמוז איז אויך כולל אין זיך די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

- ד. -

------------

9) מו, א. 10) ראה פרש"י ד"ה אתחלתא - מגילה יז, ב. 11) אגה"ק של הבעש"ט - נדפסה ג"כ בכש"ט (הוצאת קה"ת) בהתחלתו. 12) יומא עא, א.

ד. כמדובר כמ"פ אז פון יעדער ענין דארף מען האבן דעם "בכן" בנוגע למעשה בפועל:

וויפל מ'האט נאר געטאן ביחד שאת וביתר עז אין דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" לפני ג' תמוז [ובפרט בשנה זו וואס די איז שנת העיבור, און דער סיום מחזור קטן, כמדובר כמ"פ במשך פון די התוועדויות פון ש.ז.[13]] – איז נאך ג' תמוז דארף מען טאן אין דערויף ביהר שאת וביתר עז, אין אן אופן וואס איז שלא בערך מערער דערפון וואס מ'האט געטאן לפנ"ז.

וואס אין דעם ענין העלי' פון איין דרגא צו א העכערע דרגא, זיינען דא צוויי אופנים[14]: אן עלי' צו א דרגא וואס איז בערך צו דער פריעדדיקער דרגא; און אן עלי' צו א דרגא וואס איז שלא בערך צו דער פריערדיקער דרגא (וואס דעמולט דארף מען האבן דעם ביטול שבינתיים, ובלשון הזהר[15] – דער ענין פון נהר דינור, און דער עמוד שבין ג"ע לג"ע, כמבואר בארוכה אין די דרושים[16]) –

זאל זיין די הוספה אין דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה", אין אן אופן וואס איז <u>שלא בערך</u> לגבי ווי דאס איז געווען ביז דעמולט.

"והמעשה הוא העיקר"[17], און ווי דער בעל הגאולה האט מדגיש געווען כמ"פ[18], אז פון יעדער ענין דארף ארויסקומען א "בכן" בנוגע למעשה בפועל, און ס'איז פארשטאנדיק, אז כדי צו וויסן צי דער "בכן" איז אן אמת'ער און ס'איז אים נוגע באמת – איז די בחינה אויף דערויף ווען ער טוט דעם ענין במעשה בפועל.

און וויבאלד אז דאס איז אן ענין וואס ווערט פארלאנגט פון יעדערן, איז דערפון גופא די הוכחה אז מ'האט געגעבן יעדערן (און יעדערער האט באקומען) די כחות אויף צו דורכ-פירן דעם ענין האמור – מוסיף זיין אין דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" ביתר שאת וביהר עז, אין אן אופן וואס איז שלא בערך לגבי דעם שלא בערך וואס איז געווען לפנ"ז – און טאן דאס בשמחה ובטוב לבב.

ה. האמור לעיל איז פארבונדן מיט ג' תמוז (און מיט דער התוועדות הקשורה בזה) ווי די קביעוה איז בכל שנה ושנה –

- און -

---

13) ראה שיחת מוצאי ש"פ נח סי"ב ואילך. ועוד.
14) המשך תרס"ו ע' יג. 15) ח"א רא, א. ח"ב ריא, ב. ועוד.
16) המשך הנ"ל ע' טו. 17) אבות פ"א מי"ז. 18) ראה סה"מ תש"א ע' 69. ועוד.

און דערנאך קומט צו א הוראה מיוחדה פון דער קביעות מיוחדת פון שנה זו, אז ג' תמוז איז חל ביום השבת קודש:

בנוגע צו יום השבת, פסק'נט דאך אפ תורת אמת[19] אז דעמולט איז "כל מלאכתך עשוי'", מ'דארף נאר האבן אז ער זאל זיך משתתף זיין בזה - צי דורך דעם ענין פון תפלה, וואס דאס איז עיקר ענין השבת, אדער דורך תודה ומצווהי' ווי זיי זיינען פארבונדן מיט יום השבת.

וואס דעדפון איז פארשטאנדיק, אז מ'האט די הבטחה אז מ'וועט זיכער מצליח זיין אין דעדויף, ווארום מ'האט דעם דין אז "כל מלאכתך עשוי'", און אז "אין עצב בה"[20], ובמילא איז פארשטאנדיק אז ער טוט דאס בשמחה ובטוב לבב.

נאר מצד דעם גודל הענין פון שבת, אז דעמולט איז "וקראת לשבת <u>עונג</u>"[21], זעט זיך ניט אן דער ענין השמחה, ווארום עד געפינט זיך אין א העכערן עולם (אין דעם ענין התענוג)[22],

און פון דעם העכערן עולם בדענגט עד דאס אראפ אין "כל מלאכתך (עשוי')", וואס בפשטות גייט דאך דאס אויף די מלאכות האסורות בשבה, דעדפאר וואס זיי זיינען ענינים של חול (און נאך נידעריקער פון חול), און דעדפאד זאגט מען אים אז "כל מלאכתך <u>עשוי'</u>", ובמילא האט ער ניט וואס צו דאגה'נען אויף דערויף -

איז דער אויפטו פון שבה, אז כ'איז ממשיך דעם ענין פון "וקראת לשבה עונג" ביז למטה מטה, אין עובדין דחול, און אין ענינים וואס האבן ניט קיין שייכות צום ענין השבת, ואדרבה, זיי זיינען גאר מנגד צום ענין השבה - אויך דארטן ווערט נמשך דער ענין פון "וקראת לשבת עונג".

און מ'טוט דאס אין אן אופן וואס איז פארבונדן מיטן סיום וחותם פון יום השבת, די עידנא פון רעוא דרעוין (און סעודה שלישיה), וואס דאס איז דער ענין פון "נחלת יעקב", "נחלה בלי מצרים", ווי די גמדא זאגט אין שבת[23].

ו. ובנוגע לפועל:

ס'איז א זיכערע זאך אז מ'האט געטאן ביתר שאת וביתר

- עז -

---

19) שו"ע (אדה"ז) או"ח סש"ו ס"ח (סכ"א) במכילתא הובא בפרש"י עה"פ יתרו כ, ט. 20) ראה משלי י, כב. וראה ירושלמי ברכות פ"ב סוף ה"ז. תוד"ה מ"ד - מו"ק כג, ב. וראה בהנסמן בלקו"ש ח"ד ע' 1090 הע' 31. 21) ישעי' נח, יג. 22) ראה הע' הנ"ל. 23) קיח, סע"א ואילך.

עז איך די אלע ענינים וואס דער בעל הגאולה האט פארלאנגט
און געגעבן כח און געבענטשט אז מ'זאל מצליח זיין אין
דערויף -

איז בשעת ג' תמוז איז חל ביום השבת קודש, איז
וויבאלד אז "מיני' מתברכין כולהו יומי"[24], נעמט מען דערפון
דעם כח אויף צו טאן אין די אלע ענינים, אין אן אופן וואס
איז שלא בערך מערער דערפון וואס מ'האט געטאן ביז איצטער.

און בשעת אז די הבטחה (אז מ'וועט זיכער מצליח זיין
אין דער עבודה) ווערט געגעבן בג' תמוז וואס איז חל ביום
השבת קודש - איז א זיכערע זאך אז די הבטחה וועט מקויים
ווערן, ווארום דער ענין פון שבת איז ווי ס'שטייט אין
ירושלמי[25] אז אפי' אן עם הארץ איז ניט שייך צו זאגן אן
ענין וואס איז ניט אמת (ביז וואנעט אז דאס איז אן ענין
וואס איז נוגע לדין, בנוגע צו אכילה בפועל), ועאכו"כ ווען
דאס איז אן הבטחה און אן אמת וואס איז געזאגט געווארן
דורך א נשיא בישראל, און נאכמער: נשיא דורנו.

און מ'זעט דאך בטבע בני אדם, אז בשעת מ'האט א זיכערע
הבטחה אז מ'וועט מצליח זיין אין דערויף - טוט מען דאס
ביתר שאת וביתר עז, נאכמער פון דעם יתר שאת ויתר עז ווי
מ'האט געטאן אין דערויף לפני ההבטחה.

ז. ויה"ר אז מ'זאל אויסנוצן בשלימות די אלע כחות און
מעגליכקייטן וואס מ'האט געגעבן אויף דער עבודה, ביז אין
אן אופן פון למטה מעשרה טפחים,

און דעמולט איז א זיכערע זאך אז ס'וועלן מקויים ווערן
במילואם ובשלימותם אלע ברכות וואס דער בעל הגאולה שרייבט
במכתבו לחגיגת י"ב-י"ג תמוז הראשונה,

און ס'וועט מקויים ווערן אין אן אופן פון תיכף ומיד -
כדי אז מ'זאל קענען פארענדיקן דעם בירור הניצוצות, און די
פכים קטנים וואס מ'דארף נאך פארענדיקן אין די ימים
האחרונים פון דעם גלות,

און גיין תיכף ומיד לקבל פני משיח צדקנו, בגאולה
האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

* * *

ח. מ'האט גערעדט כמ"פ, אז בשעת מ'לערנט אפ אן ענין אלס
הוראה אין עבודת ה' - ע"פ תורת הבעש"ט[26] אז פון יעדער זאך

- וואס -

------------

24) ראה זח"ב סג, ב. פח, א. 25) דמאי רפ"ד. וראה פ"מ
שם. 26) כש"ט הוספות אות קכז ואילך.

וואס א איר זעט אדער הערט, דארף ער ארויסנעמען א הוראה אין עבודת ה׳ - דארף זיין די אפלערנונג ניט נאר פון כללות הענין, נאר אויך פון פרטי הדברים.

וואס דאס איז פארבונדן מיט תורת הבעש"ט[27] וועגן דעם ענין פון השגחה פרטית, אז די השגחה פון דעם אויבערשטן אין וועלט איז ניט נאר אויף כללות הענינים, אויף כללות המינים והסוגים, נאר אויך אויף די פרטים ופרטי פרטים.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז נוסף אויף דער הוראה דערפון וואס ג׳ תמוז איז חל ביום השבת קודש, דארף אויך זיין א הוראה ולימוד (ביז - בנוגע צו א "בכן") דערפון וואס אין דעם שבת לייענט מען פ׳ קרח [וואס ס׳איז דאך ניט קיין הכרח אז אין דעם שבת פון ג׳ תמוז זאל מען אלעמאל לייענען פ׳ קרח - איז פארשטאנדיק, אז ווען ג׳ תמוז איז חל אין שבת פ׳ קרח, דארף דערפון זיין א הוראה אין עבודת ה׳].

וכמדובר כמ"פ[28] אז די הוראה איז ניט נאר אויף דעם יאר ווען די קביעות איז באופן כזה - נאר די כוונה איז אז די הוראה זאל בלייבן בתקפה על כל הימים והשנים שלאח"ז.

ובדוגמא ווי דאס איז בשעת מ׳לערנט מיט א קינד [וואס לגבי דעם ענין וואס מ׳לערנט מיט אים איצטער, איז ער פריער געווען א תלמיד וואס מ׳דארף דאס לערנען מיט אים און מחדש זיין אים דעם ענין], אז כוונת הדברים בפשטות איז, אז דאס וואס מ׳לערנט מיט אים היינט, זאל ביי אים בלייבן ביז אז "גם כי יזקין לא יסור ממנה"[29], ער זאל זיך אויפפירן באופן כזה במשך כל ימי חייו,

ד.ה. אז אפי׳ ווען ער האלט שוין ביי דער דרגא פון "יזקין" - "אין זקן אלא מי שקנה חכמה"[30], ער האט שוין באקומען אייגענע חכמה, ביז אין אן אופן וואס איז שלא בערך דערפון וואס ער האט באקומען ווען מ׳האט אים מחנך געווען - אויך דעמולט שטייט בתוקף דאס וואס ער האט באקומען ווען מ׳האט אים מחנך געווען ("גם כי יזקין לא יסור ממנה"), ובפרט ע"פ המבואר אין דער הקדמה צו שעהיוה"א אויף דעם פסוק.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו די הוראות וואס מ׳נעמט ארויס פון א פרט מסוים וואס טרעפט אין א זמן מסוים - אז די כוונה בזה איז, אז ס׳זאל בלייבן בתוקף במשך כל ימי חייו, ביז אז "גם כי יזקין לא יסור ממנה".

- ס. -

-------------

27) שם אות קיט ואילך. וראה לקו"ש ח"ח ע׳ 277 ואילך.
28) ראה ג"כ שיחה מוצאי ש"פ שלח ש.ז. ס"ה. 29) משלי כב, ו. 30) קידושין לב, ב. פרש"י קדושים יט, לב.

ט. אין יעדער ענין פון וועלט, עאכו"כ אין ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט אידן, ועאכו"כ אין ענינים וואס ווערן דערציילט אין תורה, וואס זי' איז דאך כולה טוב, "לקח טוב נתתי לכם"[31] - איז זיכער אז די כוונה און נקודה און תוכן הענין, איז דער טוב שבדבר.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אזוי איז אויך בנוגע צו דעם ענין וואס ווערט דערציילט אין פ' קרח - אז די כוונה און דער תוכן הענין פון מחלוקת קרח, איז דער ענין הטוב שבזה.

וואס דאס איז וואס רש"י[32] ברענגט אראפ פון מדרשים[33] דעם "משל למלך שנתן שדה לאוהבו ולא כתב ולא חתם ולא העלה בערכאין, בא אחד וערער על השדה, א"ל המלך כל מי שירצה יבא ויערער לנגדך, הריני כותב וחותם לך ומעלה בערכאין, אף כאן לפי שבא קרח וערער כנגד אהרן על הכהונה, בא הכתוב ונתן לו כ"ד מתנות כהונה".

ד.ה. אע"פ אז כהונת אהרן איז געווען אויך פריער, און ס'איז געזאגט געווארן דורך משה רבינו, וואס "משה אמת ותורתו אמת"[34], איז לכאו', וואס דארף מען האבן א גרעסערן תוקף דערפון? - זאגט אבער רש"י (און גיט דאס צו פארשטיין דעם בן חמש למקרא) אז "תורת אמת" זאגט אז כל זכן וואס "לא כתב ולא חתם ולא העלה בערכאין", האט דאס נאך ניט דעם תוקף הראוי, וואס דערפאר דארף זיין דער ענין פון "כותב וחותם לך ומעלה בערכאין" (כדי צו באווארענען אן ענין של ערעור).

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם וואס "ואני הנה נתתי לך את משמרת תרומותי גו'"[35], און אין אן אופן פון "שמחה", ווי ס'שטייט אין מדרש[36] אז כל מקום שנאמר "הנה" איז דאס א לשון של שמחה, ד.ה. אז דאס איז אן ענין וואס איז געזאגט געווארן און געגעבן געווארן בשמחה.

וואס דאס איז ע"ד ווי גערעדט פריער (ס"ב) וועגן דעם אויפטו פון י"ט כסלו, ועד"ז דער אויפטו פון ג' תמוז און י"ב-י"ג תמוז, אז דאס איז בדוגמא צו א שטר שיצא עליו ערעור און מ'האט דאס דערנאך מאשר געווען אין ב"ד, וואס דעמולט האט דאס א גרעסערן תוקף -

וואס דער שורש פון די אלע ענינים, נעמט זיך פון דעם

- סיפור -

------------

31) משלי ד, ב. וראה אבות פ"ו מ"ג. 32) פרשתנו יח, ח. 33) ספרי עה"פ. 34) תנחומא קרח יא. וראה ב"ב עד, א. ועוד. 35) פרשתנו שם. 36) ספרי עה"פ שם, כא. וראה ג"כ ספרי ופרש"י שם יח, ח.

סיפור וואס וועדט דערציילט אין תורה (וועגן מחלוקת קרח און די כ"ד מתנות כהונה) - און וויבאלד אז דאס איז אן ענין וואס דארף אנקומען צו יעדער אידן, ביז צו א אידן וואס "בשם ישראל יכונה"[37], צו קיין העכערע דרגא האט עד דערווײַלע נאך ניט דערגרייכט - ווערט דאס געבראכט בפירוש רש"י עה"ת, וואס דאס קען מען געבן צו פארשטיין אפי' צו א קטן שבקטנים.

י. דער ביאור אין דעם אויפטו וואס מ'נעמט ארויס דערפון וואס עס קומט צו א דריטער ענין אז דאס איז שבת פ' קרח (נוסף אויף דעם ענין פון ג' תמוז, און אויף דעם וואס ג' תמוז איז חל ביום השבת):

די נקודה אין דעם ענין הכהונה וועלכע שטייט בכל מקום ובכל זמן אן קיינע שינויים (ס'איז ניט פארבונדן מיטן ביהמ"ק, מיט א"י וכיו"ב) - איז דאס דער ענין פון "ברכת כהנים", ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין שו"ע[38] אז דאס איז א מ"ע מן ההורה אויך בזמן הזה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון מחלוקת קרח וואס איז געווען אנטקעגן דעם ענין הכהונה - איז געווען פארבונדן און אנטקעגן דעם ענין פון ברכת כהנים (ווארום דאס איז די נקודה שבענין הכהונה וועלכע ס'שטייט אן קיינע שינויים); און בשעה אז ס'איז געווען דער ענין פון "כוהב וחותם לך ומעלה בערכאין", האט זיך אויפגעטאן א תוקף ביהר שאת וביהר עז אין דעם ענין פון ברכת כהנים.

בנוגע צו דעם ענין פון ברכת כהנים - זיינען דא אין דערויף די ענינים פנימיים שבזה, אנהויבנדיק פון חלק הדרוש והרמז שבתורה, ביז צו סודות התורה, צוזאמען דערמיט איז אבער "אין מקרא יוצא מידי פשוטו"[39], די ענינים הפשוטים פון ברכת כהנים וועלכע שטייען בגילוי (וויבאלד אז דאס דארף אויך אראפקומען צו די אידן וואס "בשם ישראל יכונה").

אויף "יברכך"[40] טייטשט אפ רש"י אין פשש"מ "שיתברכו נכסיך", ד.ה. אז דאס איז א ברכה וואס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "ממון" - נוסף אויף דער הצלחה אין דעם ענין פון לימוד התורה וקיום המצוות, איז די התחלה פון ברכה כהנים פארבונדן מיט א ברכה בנוגע צו "ממון" כפשוטו.

און דערנאך איז מען גלייך ממשיך "וישמרך" - "שלא יבואו עליך שודדים ליטול ממונך", ד.ה. אז אפי' אויב

- מ'געפינט -

---

37) לשון כ"ק מו"ה אדמו"ר במכתבו הנ"ל. 38) או"ח ר"ס קכח. 39) שבת סג, א. וש"נ. 40) נשא ו, כד.



הנחה הת' בלתי מוגה

מ׳געפינט זיך אין א זמן וואס ס׳זיינען דא ענינים המנגדים ומעלימים ומסתירים (מאיזה סיבה שתהי׳), האט מען די הבטחה אז ס׳וועט אויך זיין "וישמרך" פון די ענינים המעלימים ומסתירים ("שלא יבואו עליך שודדים ליטול ממונך").

ביז צו "וישם לך שלום"[41] - ווי רש"י האט שוין מפרש געווען אין פ׳ בחוקותי אויפן פסוק[42] "ונתתי שלום בארץ", אז "השלום שקול כנגד הכל".

יא. דערפון איז פארשטאנדיק דער אויפטו פון דעם ענין פון ברכת כהנים (וואס דאס איז די נקודה עיקרית פון דעם ענין הכהונה, אויף וועלכע ס׳איז געווען מחלוקת קרח, און דערנאך דער "כותב וחותם ומעלה בערכאין" - וואס דאס איז די נקודה ותוכן פון פ׳ קרח) לגבי דעם ענין פון ג׳ תמוז, און דער ענין פון שבת (סתם):

בנוגע צו דעם ענין פון ג׳ תמוז, קען מען זיך דינגען און זאגן אז דאס איז פארבונדן און אין דערויף איז מודגש דער ענין פון הרבצת ההורה (כמבואר בארוכה אין דעם מכתב פון ט"ו סיון הרפ"ח ("תפרח")), ס׳איז אבער ניט פארבונדן מיט דער עבודה פון א אידן אין ענינים גשמיים (כמון וכיו"ב).

עד"ז אויך בנוגע צו דעם ענין פון שבת - איז אע"פ אז מ׳זאגט אז דעמולט איז "כל מלאכתך עשוי׳", און ווי דערמאנט פריער (ס"ה) אז דאס גייט אויף די מלאכות וואס זיינען פארבונדן מיט עובדין דחול, קומט דאך אויס אז זיי זיינען דא אויך בשבת (אין אן אופן פון "כל מלאכתך <u>עשוי׳</u>") - פונדעסטוועגן, וויבאלד אז זיי שטייען דעמולט אין אן אופן ווי זיי שטייען ביום השבת, וואס ער איז <u>ניט</u> קיין יום המעשה (<u>היפך</u> פון יום המעשה), איז פארשטאנדיק, אז דאס האט נאך ניט קיין שייכות צו דער עבודה פון א אידן אין ענינים גשמיים און עניני חול.

דער אויפטו פון ברכת כהנים איז - אז ס׳רעדט זיך וועגן דער עבודה פון א אידן ווי ס׳איז פארבונדן מיט עניני העולם און דברים גשמיים, "יברכך - שיתברכו <u>נכסיך</u>" און "וישמרך - שלא יבואו עליך שודדים ליטול <u>ממונך</u>".

וואס דאס איז פארבונדן מיט דער הורה פון דעם אלטן רבי׳ן הידועה ומפורסמת[43] (וואס דער בעל הגאולה האט דאס מפרסם געווען במיוחד) - אז דער אויבערשטער גיט אידן גשמיות, און אידן מאכן דערפון רוחניות.

ביז אז ס׳ווערט אין אן אופן ווי דער רמב"ם זאגט אין

- דעם -

---

41) שם, כו. 42) כו, ו. 43) ראה היום יום ע׳ צא.

דעם סיום וחותם פון הל׳ מלכים, אז "מעדנים מצויין כעפר", ד.ה. אז מ׳האט די אלע "מעדנים", דאס איז אבער הופס מקום "כעפר", ווארום ס׳איז דא דער ענין פון "מלאה הארץ דעה את ה׳"[44], אז אפי׳ אין "ארץ", אין ארציות, איז דארטן "מלאה הארץ דעה את ה׳", און מ׳ליגט אין השגת "דעת בוראם"[45].

יב. און דאס איז דער כללות הענין פון ברכת כהנים - אז וויבאלד אז די ברכה נעמט זיך פון שם הוי׳ ("יברכך הוי׳"), קומט אראפ די ברכה למטה אן קיין מדידה והגבלה, ווארום עס נעמט זיך פון שם הוי׳ ווי ער איז אן דעם מגן ונרתק פון שם אלקים[46], וואס דער מגן ונרתק פון שם אלקים, איז אויך אן ענין של אלקות, ביז אז דאס איז פון די שמות הקדושים[47] - אבער דא קומט אראפ די ברכה פון "(יברכך) הוי׳", ווי דאס איז אן דעם מגן ונרתק (אפילו) פון שם אלקים.

וואס דעמולט קומט אראפ די ברכה דא למטה אין אן אופן פון "עד מהרה ירוץ דברו"[48] [וואס דאס איז אויך דער קשר (עכ"פ בדא"פ) להמבואר אין לקו"ת ס"פ קרח דער ענין פון "שקדים" - וואס דאס איז אויך געווען אן ענין של עדות אויף כהונה אהרן, ווי עס ווערט דערציילט אין פשטות הכתובים פון פרשה זו[49] - אז דאס באווייזט אז די המשכה מלכעלמ"ט איז אין אן אופן פון "עד מהרה ירוץ דברו"],

אז אע"פ אז די המשכה דארף דורכגיין כמה עולמות (כולל אויך דער ענין פון "עולם" מלשון העלם והסתר[50]), איז דאס אבער א ברכה וואס קומט אין אן אופן פון "עד מהרה ירוץ דברו", אז ס׳זיינען ניטא קיינע ענינים המעליכים ומסתירים ("שודדים") וועלכע קענען אפהאלטן אז די המשכה זאל ניט אראפקומען למטה.

וכמבואר אין קונטרס ומעין[51] אז די ברכה בלייבט ניט אין עולם האצילות, בריאה, יצירה און עשי׳ הרוחניה, ווארום וויבאלד אז ס׳ווערן בטל די אלע העלמות והסתרים (כמבואר אין דעם דרוש אויף "והנה פרח מטה אהרן"[52]), איז פארשטאנדיק, אז די המשכה קומט אראפ ביז אין עוה"ז הגשמי, ביז וואנעט אז דאס נעמט דורך אויך די חומריות פון עוה"ז. אין אן אופן אז פון דער חומריות ווערט גשמיות, און פון דער גשמיות ווערט רוחניות - ע"י פעולה האדם (וואס דעמולט איז דאס ניט קיין נהמא דכסופא).

- יג. -

------------

44) ישעי׳ יא, ט. 45) לשון הרמב"ם שם. 46) ראה שעהיוה"א רפ"ד. 47) שבועות לה, סע"א. רמב"ם הל׳ יסוה"ת רפ"ו. 48) תהלים קמז, טו. 49) יז, כג. 50) לקו"ת שלה לז, ד. ובכ"מ. 51) ע׳ 112. 52) לקו"ה שם.

יג. און דאס איז די הוספה וואס קומט צו פון פ' קרח, וואס בסיומה וחותמה ווערט דערציילט וועגן די כ"ד מתנות כהונה,

[וואס דערפון פארשטייט מען צוליב וואס איז געווען דער גאנצער ענין פון מחלוקת קרח, וואס דאס איז דאך געווען א מחלוקת הכי גדולה וואס איז היפך הקדושה, ביז וואנעט אז וועגן די משנה אין אבות[53] דארף ברענגען א דוגמא אויף א מחלוקת וואס איז היפך הקדושה, ברענגט מען די דוגמא פון מחלוקת קרח - וואס די כוונה בזה איז געווען, כדי אז ס'זאל זיין דער ענין פון "כותב וחותם לך ומעלה בערכאין", דער ענין פון די כ"ד מתנות כהונה, ווי גערעדט פריער (ס"ט) בארוכה] -

אז ס'ווערט "ואני הנה נתתי לך את משמרת תרומותי גו'", אז מ'גיט אין אן אופן של שמחה די כ"ד מתנות כהונה, ד.ה. אז דער ענין פון "כותב וחותם לך ומעלה בערכאין" ווערט אויפגעטאן אין ענינים גשמיים,

ביז אין אן אופן פון "למשחה"[54], ווי רש"י[55] טייטשט אפ "לגדולה" (וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז פשוטם של כתובים, און ס'איז פארשטאנדיק אפי' פאר די אידן וואס "בשם ישראל יכונה").

[וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דער הבטחה וואס איז געגעבן געווארן צו אידן נאך פאר מ"ת, אז "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים גו'"[56], וואס דאס איז דאך געזאגט געווארן צו יעדער אידן, ווארום די נשמות פון אלע אידן עד סוף כל הדורות זיינען געשטאנען ביי מעמד הר סיני[57], און האבן באקומען די הבטחה מיטן נתינת כח אז "ואתם תהיו לי ממלכת כהנים גו'"].

וואס דאס איז ע"ד האמור לעיל וועגן דעם אויפטו פון ברכת כהנים, אז דאס קומט אראפ דא למטה ביז אין ענינים גשמיים.

יד. דערפון איז פארשטאנדיק, אז נוסף לזה וואס די ברכה פון דעם אויבערשטן קומט אראפ בנוגע צו אלע ענינים רוחניים, און אויך אין ענינים תומ"צ וואס זיינען פארבונדן מיט ענינים גשמיים - קומט דאס אויך אראפ אין דעם ענין המכון כפשוטו, "יברכך - שיתברכו נכסיך", ווארום די ברכה ווערט נמשך פון "(יברכך) הוי'", א ברכה וואס איז אן מדידות והגבלות,

- און -

---

53) פ"ה מי"ז. וראה שיחה מוצאי ש"פ בחוקותי ש.ז.
54) פרשתנו יח, ח. 55) עה"פ - מספרי עה"פ. זבחים כח, א. וש"נ. 56) יתרו יט, ו. 57) פרדר"א פמ"א. ועוד.

און אין אן אופן פון "וישמרך - שלא יבואו עליך שודדים ליטול ממונך", אז ס'וועט זיין אזוינע געלט וואס קיינער וועט דאס ניט קענען אנרירן,

און וויבאלד אז דאס איז א ברכה וואס קומט פון "יברכך הוי'", איז פארשטאנדיק, אז מ'נוצט דאס נאר אויף געזונטע, פריילעכע און גוטע זאכן.

ביז צו "וישם לך שלום", אז ס'וועט שלום בפמליא של מעלה ובפמליא של מטה, עאכו"כ "וישם לך שלום" כפשוטו, א נשמה בגוף דא למטה,

וואס בשעת אז ס'איז דא שלום ביי אידן, ברענגט דאס אראפ דעם ענין השלום אויך אין וועלט - ווארום ווען איז דא שלום ביי אידן, "ויחן - לשון יחיד"[58], דוקא ווען ס'איז "כנגד ההר"[59], דורך דעם וואס מ'האלט זיך אין תורת אמת און אין אירע מצוות - און דעמולט פועל'ט דאס דעם ענין השלום בעולם, כפס"ד הרמב"ם אין סוף הל' חנוכה אז "התורה ניתנה לעשות שלום בעולם".

און בשעה אז ס'איז דא דער ענין השלום, וואס דאס איז דער "כלי מחזיק ברכה לישראל"[60] - וועדט דאס דער כלי צו דער ברכה הכללית והאמיתית (וואס זי איז כולל אין זיך אלע ברכות) - די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

וואס דעמולט וועט דער ביהמ"ק אויפגעשטעלט ווערן על מכונו, און "משה ואהרן עמהם"[61], אז אהרן וועט זיין עומד ומשמש בקודש,

בקרוב בימינו ממש, ובעגלא דידן.

* * *

טו. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה יהי ה' אלקינו עמנו גו'.

* * *

טז. כרגיל אפלערנען א פסוק אין פרשת השבוע מיט פרש"י - וועט מען זיך אפשטעלן אויף קאפיטל ח"י און פסוק ח"י. וואס דארטן רעדט זיך וועגן די דינים פון בכור ("בכור שור או בכור כשב או בכור עז"), ווי אזוי מ'דארף דאס מקריב זיין אויפן מזבח, און דערנאך שטייט: "ובשרם יהי' לך כחזה התנופה וכשוק הימין לך יהי'".

- שטעלט -

---

58) יתרו שם, ב ובפרש"י. וראה רא"ז פ' השלום. ויק"ר פ"ט, ט. 59) יתרו שם. וראה רשב"ם עה"פ. 60) עוקצין בסופה. 61) הוד"ה אחד - פסחים קיד, סע"ב. וראה יומא ה, ב.

שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער "כחזה התנופה וכשוק הימין", און טייטשט אפ: "של שלמים שנאכלים לכהנים לנשיהם ולבניהם ולעבדיהם לשני ימים ולילה אחד אף הבכור נאכל לשני ימים ולילה אחד".

דערנאך שטעלט ער זיך אויף דעם וואס ס'שטייט נאכאמאל "לך יהי'" (נאך דערויף וואס ס'שטייט שוין בתחלת הפסוק "יהי' לך"), און זאגט: "בא רבי עקיבא ולמד הוסיף לך הכתוב הוי' אחרת שלא תאמר כחזה ושוק של תודה שאינו נאכל אלא ליום ולילה".

זיינען דא אין דערויף כמה דיוקים:

א) רש"י הויבט אן "כחזה התנופה וכשוק הימין - של שלמים, שנאכלים לכהנים לנשיהם ולבניהם ולעבדיהם, לשני ימים ולילה אחד", וואס דא זיינען דא צוויי פרטים: (א) ווער מעג דאס עסן - "לכהנים לנשיהם ולבניהם ולעבדיהם", און (ב) ביז ווען מ'מעג דאס עסן - "לשני ימים ולילה אחד",

און דערנאך ווען ער איז מסיים "אף הבכור", זאגט ער נאר איין ענין: "נאכל לשני ימים ולילה אחד" (און ברענגט ניט דעם צווייטן ענין אז ער איז נאכל לכהנים לנשיהם ולבניהם ולעבדיהם) -

איז ניט פארשטאנדיק: רש"י האט געקענט זאגן "אף הבכור כן", און ניט אפטייטשן די פרטים, וואלט מען אליין פארשטאנען אז בכור האט דעם זעלבן דין ווי שלמים, אז ער איז (א) נאכל לכהנים לנשיהם ולבניהם ולעבדיהם, און (ב) לשני ימים ולילה אחד;

און אויב רש"י באגנוגנט זיך ניט מיט זאגן "אף הבכור כן", נאר ער וויל דאס אויסטייטשן, איז פארוואס ברענגט ער נאר איין פרט, אז "נאכל לשני ימים ולילה אחד", און ניט דעם צווייטן פרט אז ער איז נאכל "לכהנים לנשיהם ולבניהם ולעבדיהם"?

ב) אין דעם צווייטן ד"ה זאגט רש"י "בא ר"ע ולמד כו'". וכמדובר כמ"פ אז בשעת רש"י ברענגט אראפ דעם נאמען פון דעם בעל המאמר, איז דאס דערפאר וואס דאס איז נוגע אין הבנת הפסוק אין פשש"מ - דארף מען פארשטיין: וואס איז מוסיף דאס וואס מ'ווייסט אז דעם מאמר האט געזאגט ר"ע?

ג) בשעת רש"י ברענגט אראפ א פירוש צוזאמען מיט שם אומרו, איז דער לשון הרגיל בזה ר' פלוני אומר כו', און דא זאגט רש"י א לשון בלתי רגיל - "בא ר"ע ולמד כו'"?

אין ספרי[62], ועד"ז אין זבחים[63], שטייט דער לשון

- "קפץ" -

------------

62) עה"פ. 63) נז, א.

"קפץ ר"ע", אבער כמדובר כמ"פ אז רש"י איז ניט מוכרח מעתיק זיין די לשונות פון מדרז"ל סיידן ווען דאס איז אן ענין וואס איז נוגע אין פשש"מ,

און אויך: אין גמרא און אין מדרש ווערט פריער דערציילט אז ס'איז געווען א שקו"ט צווישן תנאים צי בכור איז נאכל לשני ימים ולילה אחד אדער ליום ולילה אחד, און דערנאך איז געקומען ר"ע און האט געזאגט אז בכור איז נאכל לשני ימים ולילה אחד, און האט געבראכט א ראי' דערפון וואס "הוסיף לך הכתוב הוי' אחרת" - וואס דעמולט פאסט רער לשון "קפץ ר"ע" וכיו"ב, וויבאלד אז ס'איז געווען אינמיטן רער שקו"ט פון די תנאים;

רש"י ברענגט דאך אבער ניט אז ס'זיינען געווען תנאים וואס האבן געזאגט באופן אחר - פאסט דאך ניט זאגן דעם לשון "בא ר"ע ולמד כו'"?

ד) די קושיא וואס אלע מפרשים[64] שטעלן זיך אויף איר:

אין פ' ראה[65] שטייט בנוגע צו בכור: "לפני ה' אלקיך האכלנו שנה בשנה", ברענגט אויף דערויף רש"י (פון ספרי) אז "אם שהטו בסוף שנתו אוכלו היום ויום אחד משנה אחרה, למד שנאכל לשני ימים ולילה אחד".

איז ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז מ'קען וויסן דעם דין (אז הבכור נאכל לשני ימים ולילה אחד) רערפון וואס ס'שטייט "האכלנו שנה בשנה", איז צוליב וואס דארף דא שטיין א צווייטן מאל "לך יהי'", "הוסיף לך הכתוב הוי' אחרת", אז מ'זאל וויסן אז א בכור איז נאכל לשני ימים ולילה אחר?

אפי' אויב מ'וועט ניט וויסן דעם דין ווען מ'לערנט דעם פסוק בפרשתנו - איז וויבאלד אז אידער מ'גייט פסק'נען א דין דארף מען פריער דורכלערנען גאנץ תורה (ניט נאר הושב"כ, נאר אויך תושבע"פ, כדי ער זאל וויסן ווי אזוי מ'דארף פסק'נען דעם דין) - וועט ער וויסן דעם דין אז הבכור נאכל לשני ימים ולילה אחד דערפון וואס ס'שטייט אין פ' ראה "האכלנו שנה בשנה", אפי' אויב דער פסוק בפרשתנו וואלט ניט מוסיף געווען "הוי' אחרת", "לך יהי'"?

ה) די קושיא איז נאך גרעסער:

וויבאלד אז רש"י איז מקדים אז דאס האט געזאגט ר"ע, איז פארשטאנדיק, אז דאס איז די שיטה פון ר"ע דוקא (וואס ער גייט לשיטתו), ווארום ווען ס'וואלט געווען די שיטה פון

- אלע -

------------

64) רא"ם, גו"א ושפ"ח כאן. 65) טו, כ.

אלע תנאים, וואלט רש"י ניט געדארפט זאגן אז דאם האט געזאגט <u>ר"ע</u>;

ולאידך, אין פ׳ ראה זאגט ניט רש"י ווער ס׳האט געזאגט דעם ענין, נאר ער זאגט דאס <u>סתם</u>, וואס דערפון איז פארשטאנ-דיק, אז לדעת <u>כל</u> התנאים והאמוראים והמפרשים והפסקנים, איז דער פירוש בפשש"מ פון "תאכלנו שנה בשנה", אז "אם שחטו בסוף שנתו אוכלו היום ויום אחד משנה אחרת, למד שנאכל לשני ימים ולילה אחד".

איז ניט פארשטאנדיק: צום אלעם,ערשטן - וואס איז נוגע אין פשש"מ צו וויסן אז הבכור נאכל לשני ימים ולילה אחד; און אויב ס׳איז נוגע צו וויסן - האט רש"י געדארפט ברענגען דעם לימוד הפשוט <u>לכו"ע</u>, אז וויבאלד ס׳שטייט אין פ׳ ראה "תאכלנו שנה בשנה", ווייסט מען דערפון אז הבכור איז נאכל לשני ימים ולילה אחד [וואס אע"פ אז דער בן חמש למקרא האט נאך ניט געלערנט דעם פסוק אין פ׳ ראה - געפינט מען אבער כמ"פ אז רש"י ברענגט אראפ פסוקים וואס שטייען ווייטער אין חומש, וויבאלד אז דאס איז נוגע צו פשש"מ] - פארוואס דארף ער ברענגען דעם לימוד פון <u>ר"ע</u> (דעת יחיד)?

ו) בשעת מ׳קומט צום פסוק "תאכלנו שנה בשנה", וואס דארטן זאגט רש"י אז דערפון לערנט מען אפ אז הבכור נאכל לשני ימים ולילה אחד - האט רש"י געדארפט באווארענען אז מ׳קען דאס וויסן אויך דערפון וואס מ׳האט געלערנט פריער "לך יהי׳", און מבאר זיין פארוואס דארף מען אויך האבן דעם לימוד דערפון וואס ס׳שטייט "תאכלנו שנה בשנה", נאך דערויף וואס מ׳ווייסט דאס שוין דערפון וואס ס׳שטייט "לך יהי׳" - און רש"י באווארענט דאס גארניט?

מיט נאך כמה דיוקים - וכפי שיתבאר לקמן.

יז. ס׳איז אויך רגיל אפלערנען א משנה אין פרקי אבוה, לויט די "יש נוהגין" לערנען פרקי אבוה "בכל שבהוה הקיץ" - וואס דער פרק פון היינטיקן שבת איז פרק רביעי.

וואס דארטן איז דא א משנה (לויט דער חלוקה וואס דער אלטער רבי האט כחלק געווען די משניות פון פרקי אבות בסידורו - איז דאס די משנה ששיה) וואס איז דורשה ביאור.

די משנה זאגט: "רבי יוסי אומר כל המכבד את ההורה גופו מכובד על הבריות, וכל המחלל את ההורה גופו מחולל על הבריות".

איז אין דערויף ניט פארשטאנדיק:

א) פרקי אבות איז דאך "מילי דחסידותא"[66], ענינים וואס

- זיינען -

---

66) ראה ב"ק ל, א.



<u>הנחה הת׳ בלתי מוגה</u>

זיינען לפנים משורת הדין, ד.ה. אז ר"י רעדט וועגן איינעם וואס האט מקיים געווען אלע ענינים פון שו"ע ע"פ דין, עס קען דאך אבער זיין אז ביי אים זאל פעלן אן ענין פון "מילי דחסידותא", זאגט אים ר"י ער זאל וויסן אז "המכבד את התורה גופו מכובד על הבריות וכו׳" -

איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: דאס וואס מ׳דארף מכבד זיין את התורה (ועד"ז די שלילה פון דעם ענין ההפכי, אז מ׳זאל ניט מחלל זיין את התורה) איז א ציווי מן התורה, איז וואס פאר א שייכות האט דאס צו "מילי דחסידותא"?

ב) אין די משניות שלפנ"ז ושלאח"ז, וואו ס׳רעדט זיך וועגן אן ענין של שכר (ועד"ז דער היפך דערפון), איז מען ניט מחלק צווישן דעם גוף מיט דער נשמה, ווי מ׳זעט אין דעם פרק גופא[67] אז ס׳שטייט "אשריך בעולם הזה וטוב לך לעולם הבא" (סיי אין עוה"ז - וואס איז פארבונדן מיטן גוף, סיי אין עוה"ב - וואס איז פארבונדן מיט דער נשמה).

איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס ווען מ׳רעדט וועגן "המכבד את התורה" זאגט מען אז דער שכר אויף דערויף איז אז "גופו מכובד על הבריות" - לכאו׳, האט די משנה געדארפט זאגן אז "כל המכבד את התורה" וועט ער זיין "מכובד על הבריות", וואס דעמולט וועט דאס כולל זיין סיי די נשמה און סיי דעם גוף (ע"ד ווי די משנה[68] זאגט "איזהו מכובד המכבד את הבריות, שנאמר כי מכבדי אכבד ובוזי יקלו", וואס דער פירוש בזה איז אז ער איז בכלל "מכובד", סיי בנוגע צום גוף און סיי בנוגע צו דער נשמה)?

ואדרבה, ווען מ׳רעדט וועגן "המכבד את התורה", וואס דאס איז דאך אן ענין הכי גדול, דארף זיין די נשמה דער עיקר (און ניט דער גוף), וויבאלד אז ס׳רעדט זיך וועגן דעם ענין פון תורה, איז פארוואס איז מען מדגיש אז "המכבד את התורה גופו מכובד על הבריות"?

ועד"ז אויך אין דעם קצה ההפכי, אז "כל המחלל את התורה גופו מחולל על הבריות", וואס דא איז מען אויך מדגיש דעם ענין הגוף - איז ניט פארשטאנדיק: בשעת איינער איז מחלל את התורה פועל׳ט דאס מערניט ווי אויפן גוף, און די נשמה רירט דאס גארניט אן?! - עס האט אינגאנצן ניט קיין ארט צו זאגן אזא זאך!

ג) ס׳איז ידוע דאס וואס דער רבי בעל הגאולה נשיא דורנו, איז מסביר[69] דעם ענין פון "חכם מה הוא אומר", אז

- אין -

---

67) בהחלתו. 68) שם. 69) סה"מ ה׳ש"ת ע׳ 44. ועוד.

אין אמידה החכם ווערט ארויסגעזאגט "מה הוא", וואס איז זיין מהוה - ועאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן אן ענין אין תורה אין וועלכן מ'קאכט זיך, אז אין דערויף ווערט ארויסגעגעבן זיין מהות.

וואס דאס איז ע"ד ווי מ'געפינט בנוגע צו מצוות אז ס'איז דא דער ענין פון "אבוך במאי הוי זהיר טפי"[70], ס'איז דא א געוויסע מצוה וואס איז פארבונדן במיוחד מיט זיין נשמה, וואס דערפאר דארף ער זיין אין דערויף "זהיר טפי", ער דארף דאס מקיים זיין בהדגשה יתירה מערער ווי אלע איבעריקע תרי"ב מצוות. - ס'איז טאקע "תורה אחת לכולנו", און יעדערער דארף מקיים זיין כל התורה ומצוותי', ס'איז אבער דא איין מצוה אין וועלכע ער דארף זיין "זהיר טפי", דערפאר וואס דאס איז די מצוה וואס איז פארבונדן במיוחד מיט נשמתו.

ועאכו"כ אז אזוי איז דאס בנוגע צו דעם ענין אין תורה אין וועלכן ער קאכט זיך, אז דער ענין איז פארבונדן במיוחד מיט זיין נשמה, וואס דערפאר קאכט ער זיך במיוחד אין דעם ענין.

וואס דערפאר געפינט מען בב"מ אין ש"ס, אז ס'זיינען געווען תנאים ואמוראים וואס מ'האט זיי אנגערופן על שם דעם מאמר וואס זיי האבן געזאגט (ע"ד ווי ר' אפרים מקשאה[71]), ועאכו"כ לויט ווי דער ענין ווערט נתבאר אין ספרי מוסר, קבלה און חסידות וכו'.

און ווי מ'זעט דאס אויך בפועל - די וואס זיינען זיך מתבונן אין השגחה פרטית - אז מ'קאכט זיך אין דעם ענין אין תורה וואס האט א שייכות מיוחדת מיט נשמתו.

ובדוגמת המבואר אין זהר[72] אז דאס וואס ב"ש זיינען מחמירים, איז דאס דערפאר וואס שרש נשמתם איז פון קו הגבורה, און ב"ה זיינען מקילים דערפאר וואס שרש נשמתם איז פון קו החסד.

און נאכמער בפרטיות - זיינען דא כו"כ פרטים אין קו החסד אדער קו הגבורה גופא, און אז מ'זעט אז ער קאכט זיך אין אן ענין מסוים אין תורה, איז פארשטאנדיק אז דער ענין האט א שייכות מיוחדת מיט נשמתו.

דארף מען פארשטיין: בשעת א תנא ווערט געבראכט אין פרקי אבות מערניט ווי געציילטע מאל (אדער מערניט ווי איין

- מאל) -

------------

70) שבת קיח, סע"ב. וראה אגה"ק ס"ז (קיב, א). 71) ראה ב"ר פפ"ה, י ובפרש"י. 72) ח"ג רמה, א. וראה הקדמת התניא. אגה"ק סי"ג (קיט, א).



הנחת הת' בלתי מוגה

מאל), איז פארשטאנדיק, אז מ'האט אויסגעקליבן דעם מאמר וואס איז פארבונדן במיוחד מיט זייך מהות (ווי געזאגט פריער אז "מה הוא", דאס וואס ער איז, "אומר" - דאס זאגט ער).

און ס'איז פארשטאנדיק בפשטות אז ר"י האט געזאגט כו"כ מאמרים, ווארום ער האט דאך געלערנט ביי כמה תנאים, און ער איז געווען א ראש ישיבה[73], און געהאט תלמידים און תלמידי תלמידים - האט ער זיכער געזאגט כו"כ מאמרים, און צווישן זיי אויך ענינים פון "מילי דחסידותא", לפנים משורת הדין;

און אעפ"כ האט מען אויסגעקליבן דעם מאמר אז "רבי יוסי אומר", אין וואס האט ער זיך ארויסגעזאגט - אין דעם ענין פון "כל המכבד את התורה גופו מכובד על הבריות וכו'". דארף מען פארשטיין: וואס איז די שייכות המיוחדת פון דעם מאמר מיט ענינו של רבי יוסי?

מיט נאך כמה דיוקים - וכפי שיתבאר לקמן.

יח. כרגיל אויך אפלערנען אן ענין אין די הערוה פון סאטן אויפן זהר - שטעלט ער זיך[74] אויפן זהר אין אנהויב פ' קרח[75], וואס דארטן זיינען דא כמה דרשות: פון ר' אבא, פון ר' יצחק, פון ר' יהודה און פון ר' יוסי.

וואס בעיקר זיינען נוגע די דריי דרשות פון ר' אבא, ר' יצחק און ר' יוסי, נאר אינמיטן קומט אויך אריין די דרשה פון ר' יהודה, ווי ער איז מבאר דארטן[76] פארוואס "הכניס דעת ר' יהודה בין ר' יצחק גבורה לר' יוסי מלכוה".

און ער איז מבאר דארטן[77] די שייכות פון דרשה ר' אבא צו ענינו של ר' אבא, ועד"ז אויך די שייכות פון דרשת ר' יצחק לענינו של ר' יצחק (און א ביסל אויך בנוגע צו ר' יהודה) - ער איז אבער ניט מבאר די שייכות פון דרשה ר' יוסי לענינו של ר' יוסי, וואס ענינו איז דאך ספירת המלכות, ווארום "יוסי" איז בגימט' שם "אלקים"[78], וואס דאס איז דער ענין פון מלכוה, כמבואר בכ"מ.

ער זאגט נאר אז ר' יוסי האט אויך געזאגט א דרשה בנוגע צו דעם ענין פון קרח דערפאר וואס קרח איז דער ענין פון גבורוה, ער איז אבער ניט מבאר די שייכות פון דער דרשה לענינו של ר' יוסי, ע"ד ווי ער איז דאס מבאר בנוגע צו די דרשות פון ר' אבא און ר' יצחק.

- וכמדובר -

------------

73) ראה סנהדרין לב, ב. 74) לקוטי לוי"צ לזח"ג ע' שעח. 75) קעו, א. 76) ע' שפב. 77) ע' שפא-שפב. 78) ראה זח"ג רכג, א. וראה סנהדרין נו, רע"א ובפרש"י.

וכמדובר כמ"פ אז מצד קוצר הניר והדיו, האט ער זיך פארלאזט אז די איבעריקע ענינים וועט מען אליין פארשטיין - וכפי שיתבאר לקמן.

יט. כמדובר כמ"פ אז אין יעדער ענין וויל מען אדויסבדענגען אן ענין פון א "בכן" בנוגע לפועל -

איז דא אן ענין וואס איז צוגעקומען אין היינטיקן יאר, אז מצד דערויף וואס דאס איז שנת העיבור, האבן זיך אנגע-הויבן די ימי החופש (פון לימודי חול) פריער ווי דאס איז בכל שנה.

וכמדובר כמ"פ אז בשעת ס'בלייבט זמן פנוי, איז א זיכערע זאך אז מ'דארף דאס ממלא זיין מיט עניני יהדות תורה ומצוותי'. ובפרט בנוגע צו די וואס האבן נאך ניט דעם עול הפרנסה, אדער די וואס דער עול הפרנסה איז שוין אראפגענומען געווארן פון זיי (בלשון המדינה - זיי זיינען "ריטאייערד") - איז א פס"ד ברור אין הל' ת"ת (סיי אין רמב"ם[79], סיי אין שו"ע[80], סיי אין הל' ת"ת פון דעם אלטן רבי'ן[81]) אז מ'דארף ממלא זיין דעם זמן הפנוי מיט דעם ענין פון לימוד התורה.

דער חיוב אויף דעם ענין פון לימוד התורה איז דאך דא בכל רגע ובכל מקום ובכל מעמד ומצב - אבער אין דערויף גופא זיינען דא כמה דרגות, ביז ווי ער זאגט אין פרקי אבות[82] "הוי גולה למקום תורה", אז בשעת מ'איז "גולה למקום תורה", האט מען דעמולט א הצלחה יתירה אין לימוד התורה.

און ווי געזאגט פריער, אז מצד דערויף וואס שנה זו איז שנת העיבור, און ימי החופש במדינה זו (ובכמה מדינות דוגמתה) זיינען פארבונדן מיט דעם ענין פון שנת החמה - קומט אויס אז ג' תמוז איז שוין לאחרי התחלה ימי החופש, ובמילא זיינען שוין דא כו"כ וואס געפינען זיך מחוץ לביתם, אין אן אופן פון "הוי גולה",

ליגט אויף זיי דער חיוב צוזאמען מיטן נתינת כח און זכות הכי גדול, אז זיי זאלן מאכן פון דעם ארט וואו זיי האבן גולה געווען, אז ס'זאל זיין א "מקום <u>תורה</u>".

כ. וואס אפי' אויב דער ארט איז געווען בלאה"כ א "מקום תורה" - קען ער אין דערויף מוסיף זיין נאכמער, ווארום

- ס'איז -

---

79) ראה רמב"ם הל' ת"ת פ"א ה"ח-ט. 80) מ"א או"ח סקנ"ו סק"ב קרוב לסופו. שו"ע אדה"ז ר"ס קנו. 81) פ"ג ס"ה-ו. וש"נ. 82) שם פ"ד מי"ד.

ס׳איז דאך ניט דומה דער ענין פון לימוד התורה ווי דאס איז ביחיד לגבי ווי דאס איז בשנים וכו׳[83],

ביז וואנעט אז אפי׳ אויב דער לימוד התורה איז געווען לפנ"ז בריבוי עצום פון אידן - זאגט מען דאך אבער בנוגע לכל עניני התומ"צ אז "ברוב עם הדרת מלך"[84], וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ס׳קומט צו נאך איין איד, קומט צו אין דעם "ברוב עם הדרת מלך",

עאכו"כ ווען ס׳רעדט זיך וועגן דעם ענין פון לימוד התורה, וואס דאס איז תלוי אין סברות און שקו"ט און "פלפול התלמידים"[85]- איז פארשטאנדיק, אז ווען ס׳קומט צו נאך א תלמיד אדער נאך א מגיד שיעור וכו׳, קען צוקומען (ובמילא <u>דארף</u> צוקומען) אין דעם לימוד התורה פון אלע משתתפים אין דעם שיעור.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אפי׳ ווען ער קומט אן אין אן ארט וואס איז שוין א "מקום תורה", דארף ער פועל׳ן אז אין דעם "מקום תורה" גופא זאל צוקומען נאכמער אין דעם ענין פון לימוד התורה.

ובדוגמא ווי מ׳זעט אין דעם סיפור וואס רש"י ברענגט בפרשתנו אז "בא ר"ע ולמד כו׳" - וואס עס ווערט דערציילט אין ספרי און אין זבחים, אז פריער איז געווען אין דערויף א שקו"ט צווישן די תנאים, און דערנאך ווען "בא ר"ע", ס׳איז צוגעקומען אין ביהמ"ד נאך איין תנא - איז דורך דעם צוגעקומען אין הסברת והבנת הענינים, ביז אין דעם פס"ד, ביי אלע תנאים וואס זיינען שוין געווען אין ביהמ"ד לפנ"ז.

וואס דא רעדט זיך וועגן <u>תנאים</u>, וואס יעדערער פון זיי איז געווען א סמוך איש מפי איש עד משה רבינו (ביי זיי איז געווען דער ענין הסמיכות בשלימות און מיט גאנצן שטורעם) - און אעפ"כ, בשעת ס׳איז צוגעקומען אין ביהמ"ד נאך איין תנא, "בא ר"ע", איז דורך דעם צוגעקומען ביי אלע תנאים וואס זיינען געווען אין ביהמ"ד, צווישן זיי אויך <u>רבותיו</u> של ר"ע (ניט נאר חבריו), אין דעם ענין פון לימוד התורה.

כא. וכמדובר לעיל אז בשעת ס׳קומען ימי החופש, און דעמולט גייט מען אוועק מחוץ לביה, אין אן אופן פון "הוי גולה" - דארף מען זעהן אז דער ארט וואוהין מ׳קומט אן זאל ווערן א "מקום תורה".

- וואס -

------------

83) ראה אבות פ"ג מ"ג. 84) משלי יד, כח. וראה לקו"ש בהעלותך תשל"ז ס"י. וש"נ. 85) ראה אבות פ"ו מ"ו.

וואס בשעת מ'נעמט אויף זיך דעם ענין הגלות, און מ'טוט דאס נאך בשמחה וטוב לבב, און מ'לאזט זיך קאסטן געלט וכו', אבי מ'זאל ארויספארן "מארצך וממולדתך ומבית אביך", און אוועקגיין אין "קאנטרי",

- וואס דאס איז דאך א דבר פלא: מ'זעט בפועל אז די אלע באקוועמליכקייטן קען מען האבן דוקא וועז מ'געפינט זיך בבית - און אעפ"כ פארט מען אוועק אין "קאנטרי" (אין רוסלאנד האט דאס געהייסן "דאטשע", און דא הייסט דאס מיט אלע בארימטע נעמען), און מ'מאכט דערפון א גאנצן "פאראד", און אין וואס באשטייט דער "פאראד" - אז ער האט נישט די אלע עבדים ושפחות ומשמשים וואס ער האט זייענדיק בביתו, ער האט נישט די אלע באקוועמליכקייטן פון אכילה ושתי' ושינה ווי ער האט זייענדיק בביתו, און ער וואלגערט זיך אין א מקום גלות.

און דא זעט מען ווי אזוי דער רצון האדם קען איבערמאכן א זאך: מ'נעמט אן ענין של גלות (וואס דער ענין הגלות איז ערגער פון אלע עונשים, כמבואר אין ספר החינוך[86]), און אעפ"כ, בשעת מ'האט זיך איינגערעדט אז דער גלות וועט אים ברענגען כל הענינים הטובים, בגשמיות וברוחניות, ובגשמיות וברוחניות גם יחד - איז נישט נאר אז ער ליידט נישט פון דעם גלות, נאר אדרבה, ער האט גאר הנאה דערפון, און ער באצאלט פאר די פאר וואכן וואס ער געפינט זיך אין "קאנטרי" מערער וויפל ער באצאלט פאר דער דירה בביתו, וואו ער האט אלע באקוועמליכקייטן וואס ער דארף האבן.

וואס ווי די הסברה בזה זאל נאר זיין - זעט מען בפועל, אז "מעשה רב", אז ס'איז אנגענומען געווארן ביי מאות און אלפים ורבבות פון אידן,

[איך וויל נישט זאגן דעם לשון הרמב"ם[87] אז ס'איז אנגענומען געווארן בתפוצות ישראל, ווארום דעמולט וועט דאס ווערן א מ"ע און א מל"ת אז מ'מוז אוועקפארן אין "קאנטרי" - ס'איז נישט קיין מ"ע, און ס'איז נישט קיין מל"ת, אפי' נישט קיין ענין וואס איז "מדברי סופרים", ואני הקטן המתחיל - ואין כאן המקום להאריך בזה;

מ'זעט דאך אבער (כאמור לעיל) אז ס'איז אנגענומען געווארן ביי מאות ואלפים ורבבות פון אידן],

וואס זיי האלטן אז כדי דער מצב בריאות גופם זאל ווערן בעסער - וואס דעמולט וועט אויך ווערן בעסער מצב נשמתם, ווארום יעדער ענין וואס איז דא ביי א אידן, מוז

- סוכ"ס -

------------

86) מצוה ת"י. 87) הל' ממרים פ"ב ה"ב.

סוכ"ם ברענגען א תועלה אויך פאר דער נשמה - דארפן זיי אוועקפארן אפרוהען זיך, און אוועקפארן אין אן ארט וואס דארטן וועלן אלע זיינע ענינים, אכילתו שתיתו שינתו און טיולו, זיין שלא כדבעי, ווארום ער געפינט זיך ניט בביתו, און דער עיקר איז, אז ער דארף משנה זיין זיינע הרגלים, ווארום ער געפינט זיך אין "קאנטרי"!

וואס דאס איז בדוגמא ווי דער דין[88] איז בנוגע צו תעניה חלום בשבת, אז וויבאלד ער <u>וויל</u> האבן דעם ענין התענית, איז דאס ביי אים ניט קיין ענין של צער, נאר אדרבה, ס'איז גאר אן ענין של תענוג <u>כפשוטו</u> (וואס דא העלפט ניט קיינע פשט'לאך, ווארום בשבת דארף זיין "וקראת לשבת עונג"),

ועד"ז בנדו"ד: מ'פארט אוועק אין "קאנטרי", און מ'ווערט דארטן אויסגעריסן בכל הענינים - און אעפ"כ, ווען מ'קומט צוריק פון דארטן, און מ'גיט א קוק אויף אים, זעט מען אז ער איז געווארן פרישער און לעבעדיקער, און האט צוגעקומען אין וואג, מיט אלע דברים טובים,

און דערנאך אז מ'קומט צוגיין צו אים, און מ'הייסט אים געבן א גרעסערע נתינה אויף צדקה, און מוסיף זיין מערער אין לימוד התורה - איז לייכטער פועל'ן דאס ביי אים, וויבאלד אז ער איז ערשט געקומען פון "קאנטרי", און ער איז אויסגערוהט, פריש און פריילעך, בגופו ובנשמתו גם יחד.

אבער אעפ"כ, מ'קען ניט זאגן אז דאס איז "ביתו", ער געפינט זיך פארט אין א מקום גלוה, ווארום דארטן איז ניט זיין דירה קבע;

און אפי' די וואס האלטן פון "קאנטרי" עד כדי כך אז בכל השנה כולה האט מען דארטן א דירה קבועה, אעפ"כ איז דאס מערניט ווי א דירת עראי, ווארום רוב השנה געפינט ער זיך בביתו, נאר מזמן לזמן (צי באמצע הקיץ אדער אפטער וכו') פארט ער ארויס אין דער דירת עראי (אפי' ווען ער באצאלט דערפאר במשך כל השנה כולה) - ובמילא גייט דאס אויך אריין אין דער גדר פון "הוי <u>גולה</u>".

און דעמולט איז אויב דער ארט איז ניט קיין "מקום הורה", האט ער א חיוב ער זאל דערפון מאכן א "מקום הורה" - וואס "מקום הורה" מיינט בדוגמא ווי מ'זאגט אז דאס איז דער מקום פון דעם און דעם מלך, וואס ס'איז ניט דער טייטש אז דארטן איז דא נאך א מציאות וואס איז דער עיקר, און דערנאך קומט צו אז דארטן געפינט זיך א דבר נוסף, נאר אדרבה, דער

- מלך -

------------

88) שו"ע אדה"ז או"ח סרפ"ח ס"ג. וראה המשך תרס"ו ע' ע.

מלך איז דער בעה"ב פון דעם ארט, און אז מ'זאגט אז באתרי' דרב הלכה כרב און באתרי' דשמואל הלכה כשמואל[89], איז דאס דערפאר וואס ער איז דארטן געווען דער "מרא דאתרא", דער בעה"ב פון דעם ארט - און דאס מיינט "מקום תורה", אז דארטן איז תורה דער בעה"ב.

וואס אויף דערויף איז ניט מספיק דאס וואס מ'האט א קביעות עתים לתורה, א קביעות בזמן (אויפן זייגער), נאר מ'דארף האבן אז ס'זאל זיין אין אן אופן פון קביעות בנפש[90] - וואס דעמולט ווערט ביי אים דער ענין פון לימוד התורה אן ענין של "קבע", און אלע איבעריקע ענינים זיינען ביי אים אן ענין של "עראי"[91], אע"פ אז בכמות גייט אוועק מערער צייט אויף אלע איבעריקע ענינים, ווי די צייט וואס ער פארנעמט זיך מיט לימוד התורה.

ובנוגע לפועל: די אלע וואס זיינען גולה אין "קאנטרי" - דארפן זיי זעהן אז דארטן זאל מקוים ווערן דער ענין פון "הוי גולה למקום תורה":

אויב דארטן איז נאך ניט קיין מקום תורה ח"ו, זאל דאס ווערן א מקום תורה (דורך דערויף וואס דארטן וועט זיין קביעות עתים לתורה); און אויב ס'איז שוין געווען פריער א "מקום תורה", זאל צוקומען אין דערויף נאכמער ווי ס'איז געווען לפנ"ז - און ווי דערמאנט פריער די דוגמא אז ווען ס'איז געווען "בא ר"ע ולמד כו'", איז צוגעקומען אין דעם ענין פון לימוד התורה ביי די אלע וואס זיינען געווען אין ביהמ"ד לפנ"ז.

כב. עאכו"כ בנוגע צו די קינדער וואס פארן אין די "מחנות קיץ", וואס דעמולט היינגט דאס אפ אין די בעלי בתים פון די "מחנות קיץ" -

ליגט אויף זיי א חובה און אן אחריות, צוזאמען מיטן גודל הזכות שבזה, אז פונקט אזוי ווי זיי דאגה'נען אז ס'זאלן זיין אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט בריאת הגוף, מאכל ומשקה און שינה, מיט אלע איבעריקע ענינים, וואס דעמולט זיינען זיי בטוח אז דער "מחנה קיץ" וועט ממלא זיין תפקידו -

אזוי דארפן זיי אויך דאגה'נען אז דער "מחנה קיץ" זאל ווערן א "מקום תורה", דורך דעם וואס מ'וועט האבן דארטן שיעורים קבועים בתורה, עכ"פ פעם אחת ביום ופעם אחת בלילה - (לויט -

---

89) ראה שבת יט, ב. 90) ראה לקו"ד כרך א' ז, א.
91) ראה אבות פ"א מט"ו.

(לויט ווי דער חיוב איך הל׳ ת"ת[92] אז מ׳זאל לערנען ביום ובלילה).

ובפרט אז וויבאלד אז דארטן איז דא זמן פנוי (כמדובר לעיל), קען מען איינפירן אז ס׳זאל זיין מערער ווי איין שיעור ביום און איין שיעור בלילה.

און דער עיקר איז - אז די שיעורים אין לימוד התורה זאלן זיין אין אן אופן פון קביעות בנפש, ביי די אלע ילדים וילדות החונים והחונות אין די "מחנות קיץ".

וכמדובר כמ"פ[93] אז בשעת מ׳וויל עפעס פועל׳ן ביים מודרך ומחונך - דארף מען צום אלעם ערשטן באווייזן דעם מודרך א לעבעדיקן ביישפיל, און אויב ניט, קען מען ניט מצליח זיין אין דערויף - און ווי מ׳זעט בפועל אז דער מודרך ומחונך פרעגט, אז וויבאלד דער מדריך איז א "נאה דורש", דארף ער זיכער זיין א "נאה מקיים"[94].

ביז וואנעט אז בשעת מ׳וויל פועל׳ן ביי אים א געוויסער ענין, דארף דער מחנך ומדריך באווייזן אז ער טוט דאס כמ"פ ככה, ווארום דער מחונך ומודרך מאכט ביי זיך דעם חשבון, אז וויבאלד דער מדריך העומד על גביו טוט אין אזא כמות ואיכות, וועט ער יוצא זיין אויך ווען ער וועט טאן האלב דערפון, דריי-פערטל דערפון, אדער עכ"פ עפעס וויניקער דערפון - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז וויפל ער מאנט ביים מחונך, דארף ער באווייזן א לעבעדיקן ביישפיל אז ער טוט כמ"פ ככה, כדי אז ער זאל זיין זיכער אז דבריו ופעולותיו (וואס "אדם חס על מעשי ידיו") זאלן זיין בהצלחה.

כג. ויה"ר אז די אלע וואס געפינען זיך שוין אין דעם גלות פון "קאנטרי",

[באמור לעיל אז אפי׳ אויב מ׳האט דארטן אלע צרכים בהרחבה, בנוגע צו אלע ענינים פון אכילתו ושתיהו ושינתו ומשאו ומתנו, מיט אלע צען זאכן וואס דער רמב"ם[95] רעכנט אויס, ביז וואנעט אז ער האט די אלע ענינים בהרחבה גדולה, כסעודת שלמה בשעתו, נאכמער ווי ער האט דאס געהאט בביהו - איז דאס אבער פארט אן ענין של גלוה, וואס דער צער הגלות איז א צער הכי גדול, ווי געבראכט פריער פון ספר החינוך - און וויבאלד אז דאס איז אן ענין של גלוה, דארף מען האבן דעם רצון האדם, אז דאס זאל איבערמאכן פון דעם צער אן ענין של עונג.

- ס׳איז -

------------

92) לאדה"ז פ"ג ס"ד קרוב לסופו. וש"נ. 93) ראה גם שיחה י"א ניסן ש.ז. סי"ג. 94) ראה חגיגה יד, ב. וש"נ. 95) הל׳ דעות רפ"ה.

ס׳איז טאקע ניט קיין הכרח אז אין "קאנטרי" דארף מען אויסגעפֿריסן ווערן בגשמיות - ס׳איז מערניט וואס מ׳האט דערציילט די עובדא במעשה בפועל, ווי דער מצב איז געווען ביז היינטיקן יאר. אבער אפי׳ ווען מ׳האט דארטן אלע עניניס בהרחבה, איז דאס אויך אן ענין של גלות] -

זאלן זיי זעהן אז דארטן זאל ווערן א "מקום תורה", כנ"ל בארוכה.

ועד"ז אויך בנוגע צו די ילדים וילדות וואס געפינען זיך אין די "מחנות קיץ" - וואס ביי זיי איז דער ענין פון שמירת בריאת הגוף נוגע נאכמער ווי דאס איז בנוגע צו גדולים, כידוע[96] דער משל בזה פון א גרעין, אז בשעת דער גרעין איז בריא בתכלית, וועט דער אילן וואס וועט וואקסן דערפון אויך זיין בריא בתכלית, משא"כ ווען ס׳איז דא א גרעון קטן אין דעם גרעין, קען דערפון ארויסקומען א גרעון הכי גדול רח"ל ווען ער וועט אויסוואקסן, ווי מ׳זעט דאס בפועל בנוגע צו בריאות הגוף,

ובפרט אז ווען ס׳רעדט זיך וועגן שמירת בריאות הגוף ביי א גדול, איז בשעת ער טוט עפעס שלא כדבעי, איז ער א חובל <u>בעצמו</u> (וואס דאס איז טאקע אסור מן התורה, ס׳איז אבער מערניט ווי בדיני שמים, און ניט בדיני אדם[97]); משא"כ ווען ס׳רעדט זיך וועגן שמירת בריאות הגוף פון די קטנים וקטנות וואס געפינען זיך אין די "מחנות קיץ" - ליגט דאך די אחריות בזה אויף די בעלי בתים פון די "מחנות קיץ", אז זיי זאלן זעהן אז אלע תנאים גשמיים (ועאכו"כ בנוגע צו די תנאים רוחניים) אין דעם "מחנה קיץ" זאלן זיין כדבעי, ווארום אויב ס׳איז שלא כדבעי, איז דאס אן ענין וואס איז פארבונדן מיט חובל <u>באחרים</u> -

איז צוזאמען דערמיט וואס זיי דארפן זעהן אז אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט בריאות הגוף זאלן זיין בשלימות, לייגט דער אויבערשטער ארויף אויף זיי די אחריות אז זיי זאלן מחנך זיין די קינדער בתכלית השלימות (וויבאלד אז בהשגח"פ געפינען זיך די קינדער אין דעם "מחנה קיץ" במשך כמה ימים ושבועות, ובכמה מקומות - מערער ווי א חודש),

און ס׳איז א זיכערע זאך אז מ׳האט זיי פריער געגעבן אלע כחות, סיי גשמיים און סיי רוחניים, אויף צו דורכפירן דעם תפקיד בתכלית השלימות.

ועד"ז בנוגע צו די אלע וואס פראווען דעם ענין פון

- "הוי" -

------------

96) ראה קונטרס עשרה בטבת ע׳ 11 ובהנסמך שם בהע׳ 46.
97) ב"ק צ, ב במשנה.

"הוי גולה למקום תורה" זייענדיק ביי זיך אין דער היים - דורך דערויף וואס מ'איז גולה פון כל הרגילות שלו, מיט די אלע טייטשן וואס דער רבי נ"ע טייטשט אפ בכמה דרושים[98] דעם ענין פון "לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך", אז ער איז גולה פון די אלע ענינים, זייענדיק - בגשמיות - במקומו ובמעמדו ומצבו הקודם.

און דאס זאל זיין בהצלחה רבה, סיי בנוגע צו לימוד התורה, און וויבאלד אז לימוד מביא לידי מעשה[99], וועט דאס ברענגען הצלחה רבה אין קיום המצוות,

און בשעת אז ס'וועט זיין "בחוקותי תלכו ואת מצותי תשמרו"[100] - וועט דאס אראפברענגען הצלחה רבה אין "ונתתי גשמיכם בעתם"[101], כולל אויך דעם פירוש הבעש"ט[102] אז "גשמיכם", אייערע גשמיות, וועלן זיין "בעתם", ביז אין אן אופן פון תכלית השלימות.

כד. אין דערויף זיינען אויך נכלל די וואס פארן אין דער שליחות וואס דער בעל הגאולה האט איינגעפירט, אז די וואס "הורתם אומנתם", איז ווען ס'קומען ימי הקיץ און ימי החופש, וואס דעמולט זיינען די סדרים שוואכער - זאלן זיי נעמען א זמן קבוע און וואנדערן (אן ענין של גלות) איבער עיירות ומושבים בישראל, ביז אין פנות הכי רחוקות, אויף כפיץ זיין יהדות, תורה ומצוותי' (וכמובן אז מ'זאל מיטנעמען מיט זיך די שיעורים הקבועים וואס מ'האט אין לימוד התורה).

און דעמולט גיט מען זיי די כחות, אז אין יעדן ארט וואו זיי וועלן גולה זיין, צי דאס וועט זיין ליום אחד, אדער ליום ולילה,

ע"ד ווי ס'איז געווען אין די מסעות פון אידן אין מדבר, אז ס'איז געווען אן אופן אז "יהי' הענן מערב עד בקר ונעלה הענן בבקר ונסעו או יומם ולילה ונעלה הענן ונסעו"[103], דערפאר וואס במשך פון דעם זמן האט מען שוין אויפגעטאן אין דעם ארט אלץ וואס מ'האט דארפן געדארפט אויפטאן[104],

וועלן זיי זיך משהדל זיין מאכן פון דעם ארט אז ס'זאל ווערן א "מקום" במציאות, וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך מעשה המצווה, און נאכמער: מאכן דערפון א "מקום תורה".

- ביז -

---

98) המשך הרס"ו ע' שצז ואילך. וראה גם שם ע' סז. המשך תער"ב ח"ב ס"ע תשכ ואילך. 99) קידושין מ, ב.
100) בחוקותי כו, ג. 101) שם, ד. 102) ראה כש"ט לה, א.
103) בהעלותך ט, כא. 104) ראה לקו"ש ח"ב ע' 687.

ביז איך אן אופן אז ס'וועט זיין "שלהבת עולה מאלי'"[105] - אז אויך נאך דעם "יומם ולילה" אדער "תודש" (וויפל ס'וועט אויסקומען זיין אין רעם ארט) וואס מ'וועט זיין דארטן, און דערנאך "ונסעו" - וועלן זיי אויפטאן אויף אנשי המקום אז ביי זיי וועט זיין "שלהבת עולה מאלי'", און נאכמער: אז זיי וועלן זיין אין אן אופן פון טופח ע"מ להטפיח, אז זיי וועלן אויך ווערן משפיעים ומדריכים.

כה. און אזוי ווי ס'איז רגיל געבן א ברכה צו די אלע "מחנות קיץ" און מחנות יומיים, און צו די אלע שלוחים -

איז די ברכה הכי גדולה - די ברכה וואס די תורה בענטשט זיי [ווי געררעדט פריער (בהמאמר) אז ציוויי האבן אויך דעם אפטייטש אז דאס איז א לשון עתיד, א הבטחה], אז ס'וועט זיין "הוי גולה למקום תורה",

און אין יעדן ארט וואו זיי וועלן אנקומען, וועלן זיי דאס מאכן פאר א "מקום", וואס די מציאות פון "מקום" ווערט דורך דערויף וואס מ'איז דארטן מגלה דעם רצון הבורא (דורך מעשה המצוות, כנ"ל), וואס דעמולט ווערט דאס דער אמת'ער מקום צו "מקומו של עולם"[106] (וואס "מקום" איז דאך אײנער פון די שמות מיט וועלכע דער אויבערשטער ווערט אנגערופן, כמבואר אין מדרז"ל[106]),

און נאכמער: אז מ'וועט דערפון מאכן א "מקום תורה", אז דארטן וועט שיינען "תורה" - וואס ענינה איז "תורה אור"[107] - בגילוי.

און דערנאך ווען מ'וועט קומען צוריק לדירתו ולביתו, וועט מען קומען מיט א "רכוש גדול", בדוגמא ווי ס'איז געווען ביי יצי"מ אז מ'איז ארויסגעגאנגען "ברכוש גדול"[108] - וועט עד"ז אויך זיין די יציאה פון דעם גלות אין אן אופן פון "ברכוש גדול".

און דאס וועט נאכמער צוהיילן די יציאה פון דעם גלות הכללי פון יעדער אידן און פון אלע אידן, בקרוב ממש, און אין אן אופן אז "יצאו ברכוש גדול";

צום אלעם ערשטן דער ענין פון "הן לי הנפש"[109], אז מ'וועט ארויסגיין "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותנו"[110], און אויך "ברכוש גדול" כפשוטו, וויבאלד אז "התורה חסה על

- ממונן -

------------

105) שבת כא, א. פרש"י ר"פ בהעלותך. 106) ב"ר פס"ח, ט. וש"נ. 107) משלי ו, כג. 108) לך לך טו, יד. 109) שם יד, כא. 110) בא י, ט.

ממונן של ישראל"[111], דערפאר וואס דאס איז פארבונדן מיט די ניצוצות הקדושה וועלכע זיינען שייך צו יעדער אידן - במילא וועט מען דאס מיטנעמען בשלימות,

וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס מ'האט דערמאנט פריער (סי"א ואילך) אז ס'וועט זיין "יברכך - יתברכו נכסיך", און אין אן אופן פון "וישמרך", אז דאס וועט בלייבן ביי אים, און ער וועט דאס אויסנוצן אויף געזונטע און פריילעכע און הצלחה'דיקע זאכן, ענינים של תורה וקדושה.

ובקרוב ממש ובעגלא דידן, וועט מען ארויסגיין מיט אלע גידולים שגידלנו און מיטן גאנצן "רכוש גדול", מקבל זיין פני משיח צדקנו, אין אן אופן פון "קהל גדול ישובו הנה"[112], בקרוב ממש.

* * *

כו. דער ביאור אין פרש"י:

מפרשי רש"י צייכענען אז דער מקור פון פרש"י איז אין זבחים און אין ספרי עה"פ. וואס בשעת מ'גיט א קוק דארטן, זעט מען אז רש"י איז מוסיף נאך א פרט וואס שטייט ניט דארטן:

אין זבחים און אין ספרי שטייט אז פון "ובשרם יהי' לך כחזה התנופה וכשוק הימין", לערנט מען אפ אז בכור איז נאכל לשני ימים ולילה אחד - און רש"י זאגט אז מ'פארגלייכט דאס צו שלמים "שנאכלים לכהנים לנשיהם ולבניהם ולעבדיהם לשני ימים ולילה אחד" (אע"פ אז דארטן שטייט ניט דער פרט אז נאכלים לכהנים לנשיהם ולבניהם ולעבדיהם)?

מוז מען זאגן אז ע"פ פשש"מ איז דא א הכרח אפלערנען דערפון אויך דעם פרט אז נאכלים לכהנים לנשיהם וכו' (משא"כ ע"ד ההלכה, דרך הלימוד פון ש"ס און ספרי). והביאור בזה:

אויב מ'וועט זאגן אז פון "ובשרם יהי' לך כחזה התנופה וכשוק הימין" לערנט מען אפ מערניט אז בכור איז נאכל לשני ימים ולילה אחד - איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס דארף דער פסוק <u>מאריך</u> זיין ("כחזה התנופה וכשוק הימין" - פיר ווערטער) אין א לשון דמשתמע לתרי אפי, ווען ס'האט געקענט שטיין בפירוש, באותה האריכות, אז ער איז נאכל לשני ימים ולילה אחד, אדער נאכמער <u>בקיצור</u> - "ביום הקריבו וממחרת"[113]?

בשעת ס'שטייט "כחזה התנופה וכשוק הימין", ווערט

- דעמולט -

------------

111) ר"ה כז, א. וש"נ. וראה כש"ט סרי"ח. צוואת הריב"ש סק"ט. או"ת להה"מ קא, ד. 112) ירמי' לא, ח. 113) ע"ד - צו ז, טז.

דעמולט א שאלה, אפשר מיינט מען חזה ושוק של תודה וואס איז נאכל ליום ולילה,

[ביז וואנעט אז אין גמרא און אין ספרי איז דא א תנא וואס וויל פארגלייכן דעם דין פון בכור צו חטאת ואשם, דערפאר וואס "בכור מתנה לכהן וחטאת ואשם מתנה לכהן", משא"כ שלמים וואס די בעלים האבן אויך א חלק אין דערויף (ווי רש"י האט שוין מפרש געווען אין ויקרא[114] בנוגע צו דיני קרבן שלמים)],

און מ'דארף אנקומען צו א לימוד דערפון וואס ס'שטייט "לך יהי'", "הוסיף לך הוי' אחרת שלא תאמר כחזה ושוק של תודה כו'", אדער אפלערנען דאס פון "תאכלנו שנה בשנה";

האט דאך געקענט שטיין בפירוש (באותה האריכות, אדער נאכמער בקיצור) דער זמן פון אכילת הקרבן, אז ער איז נאכל לשני ימים ולילה אחד?

דערפאר מוז רש"י מפרש זיין אז דערפון לערנט מען אפ (ניט נאר אז נאכל לשני ימים ולילה אחד, נאר) אויך אז דער בכור איז נאכל לכהנים לנשיהם ולבניהם ולעבדיהם - וואס דעמולט איז פארשטאנדיק אז דער פסוק דארף ניט אויסטייטשן און אויסרעכענען יעדער דין באזונדער, נאר עס שטייט "כחזה התנופה וכשוק הימין", וואס דעמולט ווייסט מען אז בכור האט אלע דינים פון "חזה התנופה" און "שוק הימין", אז נאכל לכהנים לנשיהם ולבניהם ולעבדיהם, און לשני ימים ולילה אחד.

כז. עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק בפשטות פארוואס דארף רש"י ניט באווארענען אז מ'קען דאס ניט פארגלייכן צו חטאת ואשם:

אויב די תורה וויל זאגן אז בכור האט א דין ווי חטאת ואשם, האט געדארפט שטיין בקיצור "ובשרם יהי' לך כבשר חטאת ואשם", און ניט שרייבן א גאנצע אריכות, "כחזה התנופה וכשוק הימין", און א לשון דמשתמע לתרי אפי -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק בפשטות פארוואס מ'קען ניט זאגן אז דער דין פון בכור איז ווי חטאת ואשם, ביז אז רש"י דארף דאס ניט באווארענען.

כח. נאך דערויף וואס רש"י טייטשט אפ "כחזה התנופה וכשוק הימין - של שלמים, שנאכלים לכהנים לנשיהם ולבניהם ולעבדיהם לשני ימים ולילה אחד", דארף רש"י ניט אויסטייטשן נאכאמאל דיביידע דינים בנוגע צו בכור, ס'איז גענוג אז ער פירט

- אויס -

---

114) ג, א. וראה זבחים נה, סע"א במשנה.



הנחת הת' בלתי מוגה

אויס "אף הבכור" (אז בכור האט די אויבנדערמאנטע דינים פון חזה ושוק של שלמים), און ס׳איז כאילו ווי עס וואלט געשטאנען א נקודה (א סימן של הפסק) נאך די ווערטער "אף הבכור" - און דערמיט איז רש"י מסיים דעם ענין.

דערנאך פרעגט רש"י א קושיא: "נאכל לשני ימים ולילה אחד" - ווי אזוי קען מען זאגן אז בכור איז נאכל לשני ימים ולילה אחד:

דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט[115] אז קרבן תודה איז אויך נאכל לכהנים לנשיהם ולבניהם ולעבדיהם, און ער זאגט דאס יעדן טאג אינדערפרי ביי "איזהו מקומן", אז א קרבן תודה איז "המורם נאכל לכהנים לנשיהם ולבניהם ולעבדיהם" - אבער א קרבן תודה איז נאכל נאר ליום ולילה אחד[116].

איז וויבאלד אז ער ווייסט אז אין ענינים פון אידיש-קייט דארף מען גיין לחומרא - פרעגט ער א קושיא: פארוואס זאגט מען אז "כחזה התנופה וכשוק הימין" מיינט "של שלמים", ובמילא איז בכור נאכל לשני ימים ולילה אחד, זאל מען מחמיר זיין און זאגן אז דאס איז "כחזה התנופה וכשוק הימין" של תודה, וועט זיין דער דין אז א בכור איז נאכל ליום ולילה אחד?

און צו פארענטפערן די קושיא, ברענגט רש"י פון פסוק די ווערטער "לך יהי׳" [וואס אע"פ אז אין די דפוסים זיינען די ווערטער "לך יהי׳" געדרוקט מיט גרויסע אותיות - האט מען דאך אבער גערעדט כמ"פ אז בכ"מ שטעלט רש"י אריין בתוך פירושו (אלס א חלק פון דעם פירוש) ווערטער פון פסוק], און זאגט: "בא ר"ע ולמד הוסיף לך הכתוב הוי׳ אחרת שלא תאמר כחזה ושוק של תודה שאינו נאכל אלא ליום ולילה".

דערמיט איז אויך פארשטאנדיק דער לשון "בא ר"ע ולמד כו׳" - וויבאלד אז דאס קומט אינמיטן דעם ענין (ניט קיין התחלה ענין), דאס קומט פארענטפערן א קושיא (פארוואס פארגלייכט מען דאס צו שלמים און ניט צו תודה), פאסט דער לשון "בא ר"ע כו׳" (ע"ד ווי דאס איז אין גמרא, אז דאס קומט אינמיטן די שקו"ט).

כט. עס בלייבט נאך אבער ניט פארשטאנדיק: פארוואס דארף רש"י ברענגען דעם לימוד פון ר"ע (דעה יחיד), לכאו׳ האט ער געקענט ברענגען דעם לימוד פון דעם פסוק "האכלנו שנה בשנה", וואס דערפון ווייסט מען אז בכור איז נאכל לשני ימים ולילה אחד (און ווי מ׳געפינט אין פרש"י בכ"מ אז ער ברענגט ראיות פון פסוקים וועלכע שטייען לאח"ז)?

- איז -

------------

115) פרשתנו יח, יא. 116) צו שם, טו ובפרש"י.

איז דער ביאור בזה:

ביי דעם בן חמש למקרא ווערט א קושיא: וויבאלד אז דער פסוק "ובשרם יהי׳ לך וגו׳" קומט דערציילן די דינים ווי אזוי מ׳דארף עסן דעם בשר - איז ווי קומט דאס אז דער פסוק זאל לאזן בספק און ניט זאגן צי ס׳איז נאכל לשני ימים ולילה אדער ליום ולילה, און מ׳דארף ווארטן ביז מ׳וועט קומען צום פסוק "תאכלנו שנה בשנה" אויף צו וויסן אז ער איז נאכל לשני ימים ולילה אחד?

ווען ס׳וואלט אין דעם פסוק אינגאנצן ניט געשטאנען די פרטי דינים פון בכור, וואלט ניט געווען קיין קושיא, ווארום מ׳געפינט ביי כו"כ מצווה אז פריער שטייט דער כלל, און די פרטים שטייען ערשט אין ספר דברים (משנה תורה);

וויבאלד אבער אז דער פסוק איז אויסן צו זאגן אויך די פרטי דינים פון בכור [ביז וואנעט אז ע"פ פשש"מ איז מוכרת צו זאגן אז דער פסוק קומט זאגן צוויי דינים, וואס דערפאר טייטשט ער זיי ניט אויס, נאר ער זאגט בקיצור (כנ"ל סכ"ו)] - קען ניט זיין אז דער פסוק זאל סותם זיין און ניט זאגן דעם זמן האכילה פון דעם קרבן, און מ׳וועט דארפן ווארטן ביז מ׳וועט אנקומען צום פסוק "תאכלנו שנה בשנה" וואס שטייט אין ספר דברים (וואס איז געזאגט געווארן בשנת הארבעים), אויף צו וויסן דעם זמן פון אכילת הבכור!

און דערפאר זאגט רש"י אז פון דעם פסוק גופא קען מען אויך וויסן דעם זמן האכילה פון בכור (און מ׳דארף ניט ווארטן ביז מ׳וועט אנקומען צום פסוק "תאכלנו שנה בשנה") - דערפון וואס ס׳שטייט "לך יהי׳" - "בא ר"ע ולמד הוסיף לך הכתוב הוי׳ אחרת שלא תאמר כחזה ושוק של תודה שאינו נאכל אלא ליום ולילה".

עס בלייבט נאך אבער די שאלה: (א) פארוואס באווארענט ניט רש"י צוליב וואס ווערט דער דין איבערגע׳חזר׳ט אין דעם פסוק "תאכלנו שנה בשנה", און (ב) פארוואס ברענגט רש"י דעם נאמען פון בעל המאמר - ר"ע?

וכפי שיתבאר לקמן.

ל. דער * ביאור אין דער הערה אויפן זהר:

אין זהר ברענגט זיך אראפ דעת ר׳ יצחק אז קורת האש געוואלט "למעבד חלופא דימינא ושמאלא" - וואס דערפון קומט ארויס א חידוש אז קורת האש געוואלט אז די (לויים זאלן

- ווערן -

---

*) מכאן ועד סו"ס לא - הוגה ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א.

ווערן כהנים, און די) כהנים זאלן ווערן לויים, ווארום "אהרן ימינא, לויאי שמאלא", און ער האט געוואלט "למעבד חלופא דימינא ושמאלא", ד.ה. אז די לויים זאלן ווערן כהנים און די כהנים זאלן ווערן לויים[117].

אין פשש"מ קען מען אבער אזוי ניט זאגן -. ווארום טענת קורח איז דאך געווען "כי כל העדה כולם קדושים גו׳ ומדוע תתנשאו גו׳"[118],

איז אויב מ׳וועט זאגן אז קורח האט געוואלט אז די (לויים זאלן ווערן כהנים און די) כהנים זאלן ווערן לויים - וועט דעמולט בלייבן די טענה "מדוע תתנשאו" אויף קורח מיט די לויים [ודוחק גדול לומר - אז שאני ווייל לויים זיינען כו"כ פעמים ככה פון כהנים].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דעת ר׳ יצחק איז ניט מתאים מיט פשש"מ - פרש"י, און ס׳איז ניט קיין קושיא, ווארום דער זוהר איז דאך לימודו ע"ד הסוד ורמז וכו׳.

די דעה וועלכע ס׳איז מתאים צו פשש"מ, איז דעת ר׳ יודא (און י"ל אז אויך דעת ר׳ אבא, כדלקמן):

דעת ר׳ יודא איז: "שמאלא אתכליל תדיר בימינא קורח בעא לאחלפא תיקונא דלעילא ותתא", און ווי ער איז מבאר אין אוה"ח אז ר׳ יודא קריגט אויף ר׳ יצחק, און "ר׳ יודא ס"ל דאי אחליף לחוד לא הי׳ חייב כלל כו׳ (אלא) שלא רצה שתהי׳ גבורה נכללת בימין כו׳ אלא רצה להפרידה כו׳ ימין לעצמו והשמאל לעצמו", ד.ה. אז ר׳ יודא האלט אז קורח האט געוואלט אז גבורה זאל זיין <u>בפ"ע</u>, ניט כלול אין חסד - וואס דאס איז מתאים מיט פשש"מ.

לא. בנוגע צו דעת ר׳ אבא:

ס׳איז מבואר אין דער הערה בלקו"צ אז דרשת ר׳ אבא וועלכע איז אויפן פסוק[119] "הנחמדים מזהב גו׳", וואס "זהב ופז רב הם בחי׳ גבורות כו׳, וכל כחו של קורח הוא בחי׳ גבורות כו׳ סבר שהגבורות הם <u>העיקר</u>", ועד"ז איז מבואר אין אוה"ת[120] אז "לדעת ר׳ אבא רצה קורח התכללות חו"ג אבל באופן שהחסד יהי׳ טפל ובטל לגבי הגבורה כו׳ ועד"ז יהי׳ אהרן טפל אצלו".

וואס עפ"ז קומט אויס אז דעת ר׳ אבא איז אויך ניט מתאים מיט פשש"מ - ווארום אויב קורח האט געוואלט אז "החסד

- יהי׳ -

---

117) ראה ג"כ פי׳ אוה"ח כאן. 118) פרשתנו טז, ג. 119) תהלים יט, יא. 120) פרשתנו ע׳ תרצב.

יהי' טפל ובטל לגבי הגבורה", און אז "הגבורות הם העיקר", בלייבט די טענה פון "מדוע תתנשאו".

אבער אין זוהר איז ניט מפורש וואס איז דעת ר' אבא - בנוגע צו דער מחלוקת פון ר' יצחק און ר' יודא. והלשון ר' אבא פתח - קרוב לומר שהוא פתיחא לכל הדרשוה שלאחריו (וגם לר' יוסי).

ובמילא קען מען מבאר זיין דעת ר' אבא אויף צוויי אופנים: א) דאס וואס גבורה איז דער עיקר איז ע"ד ווי בני קהת זיינען עיקר לגבי בני גרשון ומררי ותו לא - וואס דעמולט איז דאס מתאים מיט דעת ר' יודא (ניט ווי דעת ר' יצחק אז זיי האבן געוואלט זיין העכער פון די כהנים, ווי דער חילוק איז צווישן כהנים און לויים);

ב) דאס וואס גבורה איז דער עיקר איז ע"ד ווי א כהן איז עיקר לגבי א לוי - וואס דעמולט איז דאס מתאים מיט דעת ר' יצחק.

אוה"ח, אוה"ת און לקלוי"צ, זיינען מפרש דעם זוהר ע"פ דרכו (עס איז ניט כוונתם להתאים הדעות שבזוהר לפרש"י (פשש"מ)) - און וויבאלד אז דעת ר' יצחק איז נסמכה צו דעת ר' אבא (ולא להשאר), זיינען זיי (אוה"ת ולקלוי"צ) מפרש אז דעת ר' אבא איז כדעת ר' יצחק (כאופן הב'), וואס דעמולט קומט אויס אז דעת ר' אבא איז ניט מתאים מיט פשש"מ (אזוי ווי דעת ר' יצחק).

אז מען וויל זוכן להתאים דעם זוהר אויך מיט פשש"מ, קען מען מפרש זיין דעת ר' אבא כנ"ל באופן הא' [וואס דעמולט איז ניטא די טענה פון "מדוע תתנשאו", ווארום דאס וואס גבורה איז עיקר איז מערניט ווי ע"ד בני קהת זיינען עיקר לגבי גרשון ומררי, וואס דאס איז ניט קיין ענין של התנשאות ע"ד פון א כהן לגבי א לוי].

ולהעיר מהמובא באוה"ת בדרושי קורח (וגם בס"פ בא ד"ה בכור פטר כו') הענין דשולט בשני ידיו (וראה שם פ' קורח ס"ע תשכז).

לב. דערנאך קומט די דעה פון ר' יוסי אז "אורייתא הוא שלום דכתיב[121] וכל נתיבותי' שלום, וקורח אתא לאפגמא שלום דלעילא ותתא, בג"כ אתענש הוא מעילא ותתאה", ווי מפרשי הזהר[122] טייטשן אפ אז דער עונש "מעילא" באשטייט אין דעם וואס ער איז ניט ארייגעגאנגען אין ג"ע, און דער עונש

- וואס -

------------

121) משלי ג, יז. 122) כק"מ.

וואס איז פארבונדן מיט "ההאה" איז, אז ער איז געווען סיי בין השרופים און סיי בין הבלועים[123].

דאס וואס ר׳ יוסי איז מוסיף אויף ר׳ אבא און ר׳ יצחק, איז פארבונדן דעדמיט וואס ענינו של ר׳ יוסי איז ספירת המלכות (ווי ער איז מבאר אין דער הערה) - וואס דער ענין פון ספירת המלכות איז פארבונדן און איז נוגע במיוחד צו דער עבודה אין עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה הימנו.

וואס דערפאר זעט מען אויך אין סדר הספירות, אז די ספירה וועלכע ס׳איז פארבונדן מיט עולם העשי׳, איז דאס ספירת המלכות. ז"א (חסד און גבורה) איז פארבונדן מיט עולם היצירה, און מוחין (שכל) זיינען פארבונדן מיט עולם הבריאה (עאכו"כ בנוגע צו דעם יו"ד של שם הוי׳, וואס ענינו איז חכמה) - און מלכות איז פארבונדן מיט עולם העשי׳.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ׳רעדט וועגן דעם ענין הגבורות, וואס "הגבורות הם בג׳ מקומות בבינה בגבורה רז"א ובמלכות" (ווי ער זאגט אין דער הערה) - איז וואו איז נוגע במיוחד דער עולם העשי׳, איז דאס בשעת ס׳רעדט זיך וועגן ר׳ יוסי, וואס ענינו איז ספירת המלכות (ניט ר׳ אבא און ר׳ יצחק וואס ענינם איז בינה און גבורה),

[וכידוע אז "יוסי" איז בגימט׳ שם "אלקים", וואס שם אלקים איז פארבונדן מיט ספירת המלכות, דער ענין פון עולם העשי׳ [און דאס גופא שטייט אין אן אופן של גימט׳, וואס דאס באווייזט אויך אויף דעם ענין פון עולם העשי׳], כמבואר בכמה דרושים, אויך אין דרושי ר"ה פון דעם רבי׳ן מהר"ש[124], וואס דארטן רעדט ער וועגן "שמע ישראל ה׳ אלקינו ה׳ אחד", צי דאס איז אויך מלכוה, וואס אין דערויף איז אויך דא דעת ר׳ יוסי[125].

און וויבאלד אז ר׳ יוסי איז דער ענין פון ספירת המלכוה, וואס דאס איז פארבונדן מיט עולם העשי׳ - איז אים ניט אזוי נוגע וואס עס טוט זיך אין די עולמות שלמעלה ממנו - דער ענין פון "למעבד חלופא דימינא לשמאלא", אדער אז גבורה איז דער עיקר, אדער אז גבורה איז בפ"ע (ווי די אנדערע דעות אין זהר, כנ"ל), ווארום דאס איז פארבונדן מיט די עולמות שלמעלה פון עולם העשי׳;

ר׳ יוסי׳ן איז נוגע דאס וואס עס טוט זיך אין עולם העשי׳ - וואס דערפאר זאגט ער "אורייתא הוא שלום כו׳ וקורח

- אתא -

------------

123) סנהדרין קי, א. ועוד. 124) המשך וככה תרל"ז פ"פ. 125) ר"ה לב, ב.

אתא לאפגמא שלום דלעילא ותתא", וואס דאס איז פארבונדן מיט עולם העשי' דוקא, ווארום דאס איז דער ארט וואו מ'דארף אנקומען צו דעם ענין השלום.

ובלשון הרמב"ם "התורה ניתנה לעשות שלום בעולם" - וואס וואו איז געגעבן געווארן דער ענין התורה, איז דאס דוקא אין עולם העשי', אין דעם ארט וואו "למצרים ירדתם" און "יצה"ר יש ביניכם", מיט אלע פרטים וואס די גמרא רעכנט אויס אין מסכת שבת[126] אין דער סוגיא פון מ"ת.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק פארוואס ר' יוסי לערנט באופן אחר פון די אנדערע תנאים - וויבאלד אז ענינו איז ספירת המלכות, איז אים נוגע במיוחד וואס עס טוט זיך אין עולם העשי', און דערפאר איז ער מבאר אז מחלוקת קרח איז ניט געווען אויף דעם ענין פון "למעבד חלופא דימינא ושמאלא", וואס דאס איז פארבונדן מיט ספירת החסד והגבורה, נאר ער האט געקריגט אויף כללות הענין וואס "התורה ניתנה לעשות שלום בעולם", וואס דאס איז פארבונדן בביוחד מיט עולם העשי' (ענינו של ר' יוסי - ספירת המלכות).

לג. ס'זיינען דא מפרשי הזהר[127] וואס זיינען מבאר די שייכות פון מחלוקת קרח דערמיט וואס ר' יוסי זאגט אז ער האט געקריגט אויף דעם ענין וואס "אורייתא הוא שלום וכו'" - אז וויבאלד אז ער האט חולק געווען אויף כהונה אהרן, וואס דאס איז אן ענין וואס שטייט אין תורה, און תורה איז דאך "כל נתיבותי' שלום", יעדער "נתיב" וואס איז דא אין תורה איז "שלום" - הייסט דאס אז ער האט זיך געקריגט אויף דעם ענין השלום.

וואס אע"פ אז מ'קען זיך ניט גלייכן צו מפרשי הזהר, ובפרט נאך צום רמ"ק - כידוע וואס דער אריז"ל האט געזאגט[128] ווען ער האט מספיד געווען דעם רמ"ק, אז ס'שטייט[129] "וכי יהי' באיש חטא משפט מות גו' ותלית אותו על עץ", אז ביי אים איז ניט געווען קיין חסרון אין וואס מ'זאל קענען הולה זיין דעם ענין ההעדר פון וועלט, מערניט ווי "ותלית אותו על עץ", אז דאס איז מצד דעם ענין פון חטא עה"ד, "ותליה אותו על עץ ר"ל בעטיו של נחש",

ביז וואנעט אז ווען דער אריז"ל האט אים מלווה געווען, האט ער מעיד געווען אויף אים אז ס'האבן אים מלווה געווען "תרין עמודי דנהורא", "וגבירי[130] דלא אתחזי אלא לחד בדרא או לתרין"[131] -

- פונדעסטוועגן -

---

126) פה, סע"ב ואילך. 127) אוה"ה כאן. 128) נחל קדומים להחיד"א עה"פ תצא כא, כב. 129) תצא שם. 130) כתובות יז, א. 131) סדה"ד ה"א של"ב.

פונדעסטוועגן, קען מען אין דערויף מוסיף זיין, אז דא איז נוגע ניט נאר דאס וואס ער האט געקריגט אויף א מצוה פרטית בתורה (דער ענין פון כהונת אהרן), נאר דאס וואס ער האט געקריגט אויף דעם גאנצן ענין התורה וואס "התורה ניתנה לעשות שלום בעולם", עאכו"כ אז ס'דארף זיין שלום ביי אידן וואס בשבילם נברא העולם[132] - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ס'איז געווען "ויקח קרח" - "ואתפלג קורח"[133], ער האט געמאכט א פילוג און היפך השלום ביי אידן - איז דאס היפך כללות ענין התורה וואס "התורה ניתנה לעשות שלום בעולם".

לד. דערפון קומט מען אויך צו דעם מאמר פון ר' יוסי אין דער משנה אין פרקי אבות. והביאור בזה:

ר' יוסי רעדט ניט וועגן דעם וואס מ'דארף מכבד זיין את התורה בפשטות - דאס איז ניט קיין "מילי דחסידותא"; ר' יוסי רעדט וועגן אן ענין פון כבוד התורה אין וועלכן מ'קען זיך דינגען אז מצד אנדערע ענינים דארף מען זיך פירן באופן אחר (וואס דער אופן האט אויך אן ארט ע"פ דין) - זאגט ר' יוסי אז מצד דעם ענין פון "מילי דחסידותא", דארף זיין די הנהגה אין אן אופן פון "כל המכבד את התורה" וואס דעמולט איז "גופו מכובד על הבריות".

דער ביאור בזה:

עס ווערט דערציילט אין מדרש בריבוי מקומות[134], אז ס'איז געווען א "מטרוניתא" וואס פלעגט רעדן מיט ר' יוסי וועגן דינים פון תורה וכיו"ב.

און ווי מפרשים[135] טייטשן אפ אז "מטרוניתא" מיינט ניט קיין אידישע פרוי - וואס דעמולט איז געווען דער סדר אז די שרות פון רומי פלעגט מען רופן מיטן נאמען "מטרוניתא" (און אזוי איז דאס אריינגעגאנגען אין לשון המדרשים) [ביז וואנעט אז אויך אין איצטיקן ענגליש, איז א אשה מכובדת וואס האט א מינוי ושררה, ווערט זי אויך אנגערופן מיט אזא לשון].

[ס'איז ניטא קיין הכרח צו זאגן אז ס'איז געווען די זעלבע "מטרוניתא", ס'קען אויך זיין אז ס'זיינען געווען כו"כ וואס מ'האט זיי גערופן מיטן נאמען "מטרוניתא", און זיי האבן געהאט צוטאן מיט ר' יוסי, אדער אז ס'איז געווען די זעלבע "מטרוניתא"[134]].

וואס אין יענע זמנים איז נהפש געווארן דער ענין פון

- לימוד -

------------

132) פרש"י ר"פ בראשית. 133) תרגום עה"פ. 134) ראה תולדות תו"א ע' 711. 135) פרש"י ב"מ פד, רע"א. ובכ"מ.

לימוד התורה ביי אוה"ע, וואס דערפאר זיינען דעמולט געווען א ריבוי גרים, כמבואר אין ספרי דברי ימי ישראל, ובפרט אין רומי, און צווישן גדולי רומי - ביז וואנעט אז ס'איז געווען אפי' א פלימעניק פון אנדריינוס קיסר, וואס ער האט געמאכט דעם תרגום אונקלוס, אדער תרגום עקילס, כידוע די גירסאות שבזה[136] - וואס דאס איז געווען דערפאר וואס דעמולט איז נתפשט געווארן ביי אוה"ע דער ענין פון לימוד התורה.

וואס בנוגע צו דער "מטרוניתא" וואס פלעגט רעדן מיט ר' יוסי וועגן דיני התורה, ווייסט מען ניט וואס איז דערנאך געווארן פון איר - מ'ווייסט אבער אז ווען זי פלעגט קומען רעדן מיט ר' יוסי וועגן דיני התורה, איז זי געווען א "מטרוניתא", ניט קיין אידישע פרוי.

לה. אין דערויף איז דאך אבער דא דער דין אז מ'לערנט ניט דברי תורה מיט נשים (ווען ס'רעדט זיך וועגן דינים וואס זיינען ניט שייך צו זיי[137]), ובפרט נאך ווען ס'רעדט זיך וועגן אן אשה פון אוה"ע[138].

וואס אפי' ווען עס רעדט זיך וועגן אן ענין וואס איז נוגע צו זייערע דינים (וואס דעמולט איז ניטא קיין איסור לערנען דאס מיט זיי[139]) - קען מען דאס אבער טאן אין אן אופן אז מ'זאל זיי זאגן אז אזוי שטייט אין תורה, און טאמער האבן זיי א קושיא אויף דערויף, קענען זיי בלייבן ביי דער קושיא, און מ'דארף זיי דאס ניט מבאר זיין.

עס ווערט אבער א שאלה: צי מ'זאל זיך טאקע פירן אין אן אופן אז מ'לערנט ניט דברי תורה מיט נשים, ובפרט נשים פון אוה"ע - אז ווען זיי האבן א קושיא אויף אן ענין אין תורה, אפי' אן ענין וואס איז נוגע צו זייערע דינים, זאל מען זיי אויף דערויף ניט ענטפערן; אדער אז כדי אז דער כבוד התורה זאל בלייבן בתקפו, דארף מען זיי ענטפערן אויף זייערע שאלות.

ווארום בשעת ס'איז דא אן ענין פון תורה וואס לייגט זיך ניט אפ ביי אוה"ע, דערפאר וואס זיי האבן א קושיא אויף דערויף - איז אויב מ'וועט זיי ענטפערן אז דאס איז א "חקה" וואס האט ניט קיין טעם, ווערט ביי זיי א מצב הפכי פון כבוד התורה.

און ווי רש"י[140] ברענגט אראפ אז בנוגע צו די ענינים



------------

136) ראה סדה"ד ערך עקילס. תולדות הו"א ס"ע 108 ואילך.
137) ראה הל' ת"ת לאדה"ז פ"א סי"ד. וש"נ. 138) ראה חגיגה יג, א. סנהדרין נט, רע"א. 139) סנהדרין שם. 140) ר"פ חקת.

של הוקים איז "אוה"ע מונין את ישראל", זיי קומען און זיינען מבזה אידן אז זיי האבן א "מאדנע" תורה - פרה אדומה איז מטהר את הטמאים ומטמא את הטהורים[141], ועד"ז בנוגע צו אנדערע ענינים של חוקים.

ווען ס'רעדט זיך וועגן די וואס ווייסן דעם יוקר וקדושת התורה, איז אפי' ווען ס'איז דא אן ענין וואס ער פארשטייט ניט און האט אויף דערויף א קושיא וכו' [וואס אפי' שלמה המלך האט דאך אויך ניט געוואוסט דעם טעם פון פרה אדומה[142]] - רירט דאס אבער ניט אן צו דעם כבוד התורה, ווארום ער ווייסט אז דאס איז אן ענין וואס שטייט אין תורתנו הקדושה.

און דערפאר איז ווען ס'רעדט זיך וועגן נשים בישראל, קען מען זיי ענטפערן אז דאס איז אן ענין של חקה, אפילו ווען דאס איז אן ענין וואס האט א טעם - דערפאר וואס ער האלט אז מ'טאר ניט לערנען דברי תורה מיט נשים ווען ס'איז ניט נוגע צו זייערע דינים, אדער אפי' ווען ס'איז נוגע צו זייערע דינים, ס'איז אבער ניט נוגע צום קיום פון די דינים, ווארום זיי וועלן סיי-ווי מקיים זיין די דינים אפי' אז זיי וועלן ניט וויסן דעם טעם דערפון (אדער אז מ'וועט דאס מקיים זיין אן די ווארעמקייט וואס דארף זיין בזה) - ווארום זיי ווייסן פון קדושת התורה.

משא"כ אבער ווען ס'רעדט זיך וועגן א "מטרוניתא", אן אינה יהודית, איז קיין ספק ניט אז בשעת מ'וועט איר זאגן אז דאס איז אן ענין של חקה וואס האט ניט קיין טעם, וועט דאס פועל'ן אז ס'זאל זיין "מונין את ישראל", דאס וועט זיכער ניט מוסיף זיין אין כבוד התורה, ואדרבה.

וואס דאס איז דערפאר וואס ס'רעדט זיך וועגן "בריות" - וואס די כוונה פון "בריות" אין דער משנה איז צו אוה"ע;

בשעת ס'שטייט[143] "אוהב את הבריות ומקרבן לתורה", רעדט זיך טאקע וועגן אזוינע וואס האבן ניט קיין אנדער מעלה אויסער דאס וואס זיי זיינען "בריות" פון דעם אויבערשטן[144], ס'רעדט זיך אבער וועגן אידן, אזוינע "בריות" ביי וועלכע ס'איז שייך דער ענין פון "ומקרבן לתורה" -

וואס דאס קען מען ניט זאגן אויף אוה"ע, ווארום ס'איז ניטא קיין ענין צו מקרב זיין אוה"ע לתורה, מ'דארף נאר

- זעהן -

------------

141) ראה במדב"ר פי"ט, ה. תנחומא חקת ז. 142) במדב"ר שם, ג (בסופו). תנחומא שם ו. 143) אבות פ"א מי"ב. 144) ראה תניא פל"ב.

זעהן אז זיי זאלן מקיים זיין די שבע מצוות ב"נ[145], אבער ניט דער ענין פון "מקרבן לתורה", ואדרבה, עכו"ם שלמד תורה איז דא אויף דעם א גאנצער שטורעם מיט איסורים וכו'[146], ביז וואנעט אז אפי' אין הלכות דידהו, איז דאס מערניט וואס ס'איז נוגע אז זיי זאלן מקיים זיין די ענינים.

לו. דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען די "מטרוניתא" איז געקומען פרעגן ביי ר' יוסי וואס טוט דער אויבערשטער לאחרי שברא את עולמו[147], וואס דאס איז דאך ניט קיין ענין וואס איז נוגע צו די שבע מצוות דב"נ, ס'איז אן ענין וואס איז פאר-בונדן מיט השקפת עולם און אמונה בה' - איז אע"פ אז בני נח זיינען טאקע מצווה אויף ע"ז, דארפן זיי אבער ניט וויסן וואס טוט דער אויבערשטער לאחרי שברא את עולמו, לכאורה האט ניט קיין ארט דערציילן דאס א "מטרוניתא".

האלט אבער ר' יוסי, אז בשעת ס'קומט צוגיין א ניט איד, אפי' אן אשה, און פרעגט א שאלה וואס איז פארבונדן מיט עניני התורה - און אויב ער וועט איר ניט ענטפערן, וועט דאס ביי איר בלייבן אן ענין וואס איז היפך השכל, און אן ענין וואס "אוה"ע מונין את ישראל", זי וועט טענה'ן אז דאס איז היפך השכל, ובמילא איז דאס ניט אמת וכיו"ב - זאגט ר' יוסי אז מ'דארף זיך פירן אין אן אופן פון "המכבד את התורה", אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן "בריות" (אוה"ע), מ'דארף זיי מסביר זיין דאס וואס זיי פרעגן, כדי אז ביי זיי זאל זיין א רגש של כבוד פאר דער תורה.

וואס אזוי איז געווען הנהגת ר' יוסי - וואס דאס איז דער פירוש פון "ר' יוסי אומר כו'", ניט אז ער האט דאס געזאגט איין מאל, נאר דאס איז געווען הנהגתו - אז מ'דארף זעהן אז די תורה זאל זיין מכובד, און אין אן אופן פון "כל המכבד את התורה", וואו ס'איז דא א מענטש וואס דערהערט וועגן דעם ענין פון תורה, אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן "בריות", אוה"ע, וואס האבן ניט קיין שייכות צו "מקרבן לתורה" - עס קומט אבער צו מכבד זיין את התורה, דארפן זיי אויך מכבד זיי'ן את התורה.

לז. און דערפאר איז זיין שכר אין אן אופן פון מדה כנגד מדה - אז "גופו מכובד על הבריות". והביאור בזה:

וויבאלד אז ער זעט אז די תורה זאל זיין מכובד, אפילו ביי "בריות", אוה"ע - איז זיין שכר אז "גופו מכובד על

- הבריות" -

---

145) ראה רמב"ם הל' מלכים פ"ה ה"י. 146) סנהדרין שם. רמב"ם שם פ"י ה"ט. 147) ב"ר פס"ח, ד.

הבריות" - ווארום דאס וואס גופו וועט זיין מכובד על בנ"י, אפי' די אידן וואס זיינען אין דער דרגא פון "בריות", איז דאס ניט קיין שכר אין אן אופן פון מדה כנגד מדה אויף דעם וואס ער זעט אז תורה זאל זיין מכובד אויך ביי "בריות" פון אוה"ע - דערפאר זאגט מען אז דער שכר איז אז "גופו מכובד על הבריות", אז אפי' "בריות", אוה"ע, זיינען אים מכבד.

און דער דיוק איז "גופו מכובד על הבריות" - ווארום דאס וואס די נשמה איז מכובד, האט דאס ניט קיין שייכות מיט "בריות" פון אוה"ע, ווארום אוה"ע האבן ניט קיין צד השוה מיט א נשמה פון א אידן, כמדובר כמ"פ;

דוקא ווען ס'רעדט זיך וועגן "גופו" פון א אידן, וואס דער גוף איז "נדמה בחומריותו לגופי אומות העולם" (ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא[148]) - און די "בריות" פון אוה"ע זיינען מכבד דעם גוף פון א אידן, דערפאר וואס זיי דערהערן אז דאס איז אן אנדער גוף פון זייך גוף - דאס איז דער שכר (אין אן אופן של מדה כנגד מדה) פאר דעם וואס ער זעט אז תורה זאל זיין מכובד אפי' ביי "בריות" פון אוה"ע.

לח. דערפון קומט ארויס נאך אן ענין:

וויבאלד אז די הנהגה פון ר' יוסי איז געווען אין אן אופן אז ער האט געזעהן אז די תורה זאל זיין מכובד אפי' ביי "בריות" פון אוה"ע - איז עאכו"כ אז אזוי איז געווען הנהגתו בנוגע צו לימוד התורה מיט אידן.

וואס דאס איז וואס די גמרא[149] זאגט אז די מעלה פון ר' יוסי איז - אז "נימוקו עמו", ווי רש"י[150] (מיט נאך מפרשים) טייטשט אפ, אז אויף יעדער ענין וואס ער האט געזאגט, האט ער אויך געזאגט דעם טעם דערפון.

וואס מ'קען ניט זאגן אז ס'רעדט זיך וועגן אן ענין פון הלכה למשה מסיני וואס האט ניט קיין טעם, אן ענין פון "חקה חקקתי", ווארום וויבאלד אז דאס איז אן ענין וואס האט ניט קיין טעם, קען ר' יוסי ניט זאגן דעם טעם דערפון - מוז מען זאגן אז ס'רעדט זיך וועגן אזוינע דינים וועלכע זיינען ניתן למחלוקה, דערפאר וואס ס'איז ניט קיין הלכה למשה מסיני, ובלשון הגמרא[151] "אם קבלה היא נקבלה ואם לדין יש תשובה".

און אין דערויף איז געווען דער סדר אז ר' יוסי פלעגט

- זאגן -

---

148) פמ"ט (ע, רע"א). 149) גיטין סז, א. וש"נ.
150) שם ד"ה ניכוקו עכו. 151) ראה יבכות עו, ב.

זאגן דעם טעם אויף יעדער ענין, "נימוקו עמו"; ווען אנדערע תנאים האבן געזאגט דינים, האבן זיי אויך געהאט א טעם פאר-וואס זיי פסק'נן באופן כך, אבער ניט אלעמאל פלעגן זיי זאגן דעם טעם, אמאל האט מען געזאגט דעם טעם און אמאל האט מען ניט געזאגט, משא"כ בנוגע צו ר' יוסי, וואס הנהגתו איז געווען אז יעדער זאך וואס ער פלעגט זאגן האט ער אויך געזאגט דעם טעם דערפון.

דער חילוק - בנוגע צו די תלמידים - פון די צוויי אופני ההנהגה (ניט זאגן דעם טעם אלעמאל, אדער "נימוקו עמו"):

בנוגע צו מקבל זיין דעם דין און טאן אזוי בנוגע לפועל, איז ניטא קיין חילוק, ווארום ס'איז א זיכערע זאך אז דער תלמיד איז מקבל דאס וואס רבו זאגט אים, אפי' ווען ער זאגט אים אז דער דין איז באופן כך און זאגט אים ניט דער טעם דערפון; בשעת ער זאגט אים אבער אויך דער טעם דערפון - קומט דערפון ארויס אז ער האט מערער "כבוד" צו תורה.

וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס תורה איז "חכמתכם ובינתכם לעיני העמים"[152] - ווי געהערט פריער (סל"ה) אז וואס דערנעמט זיי (די "עמים") - ניט קיין ענין פון "חקה חקקתי", נאר אן ענין פון "חכמתכם ובינתכם", בשעת מ'איז מסביר דעם טעם הדבר, איז עאכו"כ (אדער עד"ז) בנוגע צו אידן, אז דוקא דורך דער הנהגה פון "נימוקו עמו", קומט צו אין "כבוד התורה", וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט "חכמתכם ובינתכם".

לס. עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין דעם המשך פון דער משנה "רבי יוסי אומר כל המכבד את התורה כו'", צו דער משנה שלפנ"ז "אל תעשה עטרה להתגדל בה ולא קרדום לחתוך בה":

די משנה רעדט ניט וועגן א פאל וואס מ'מאכט פון תורה אן "עטרה להתגדל בה" אדער "קרדום לחתוך בה" אין אן אופן וואס איז <u>ניט</u> מותר ע"פ שו"ע, ווארום דעמולט האט דאס ניט קיין שייכות צו "מילי דחסידותא" פון פרקי אבות - מוז מען זאגן אז ס'רעדט זיך אין אן אופן <u>המותר</u> ע"פ שו"ע.

און אעפ"כ זאגט די משנה "אל תעשה עטרה להתגדל בה ולא קרדום לחתוך בה" - ווארום דאס איז אן ענין וואס איז היפך <u>הכבוד</u> פאר תורה.

ווארום בשעת ער מאכט פון דעם אן "עטרה להתגדל בה", איז אע"פ אז דער ענין פון "עטרה" באווייזט אז דאס איז העכער פון זיין קאפ - אעפ"כ, וויבאלד אז דערפון קומט ארויס דער "להתגדל בה", איז דאס היפך הכבוד פאר תורה,

- ועאכו"כ -

---

152) ואתחנן ד, ו.

ועאכו"כ דער ענין פון "קרדום להחוך בה", אז דורך דערויף זאל ער האבן פרנסה, וואס אע"פ אז דאס איז מותר ע"פ שו"ע, ווי אפגע׳פסק׳נט אין פוסקים[153] - איז דאס אבער היפך הכבוד פאר תורה.

ובהמשך לזה קומט די צווייטע משנה: "ר׳ יוסי אומר כל המכבד את התורה גופו מכובד על הבריות כו׳" - וואס אין דער משנה רעדט זיך אויך וועגן דעם ענין פון כבוד התורה, און ר׳ יוסי איז מוסיף אז ס׳דארף זיין דער ענין פון "מכבד את התורה", נאכמער ווי דער כבוד התורה וואס קומט ארויס דערפון וואס "אל תעשה עטרה להתגדל בה ולא קרדום לחתוך בה".

מ. בנוגע צום ביאור אין פרש"י:

בשעת מ׳קומט צום פסוק "תאכלנו שנה בשנה", און רש"י טייטשט אפ "למד שנאכל לשני ימים ולילה אחד" - דארף רש"י ניט באווארענען פארוואס דארף דער פסוק זאגן דעם דין, מ׳ווייסט דאך דאס שוין דערפון וואס ס׳שטייט בפרשתנו "לך יהי׳" - ווארום אין פשוטם של כתובים בשעת ס׳שטייט אן ענין אין איין ספר, און דערנאך חזר׳ט זיך דאס איבער אין א צווייטן ספר, איז דאס ניט קיין קושיא. און ווי מ׳זעט בפשטות אז א חלק גדול פון די ציוויים פון ספר דברים, זיינען שוין געזאגט געווארן אין די פריערדיקע ספרים.

וכאמור לעיל (סכ"ט) אז ס׳איז ניט קיין קושיא פארוואס דארף שטיין "לך יהי׳", זאל מען זיך פארלאזן אויף דעם וואס ס׳שטייט דערנאך "תאכלנו שנה בשנה" - ווארום וויבאלד אז דער פסוק בפרשתנו זאגט די פרטי דינים פון בכור, מוז ער אויך זאגן דעם זמן האכילה, אז דאס איז לשני ימים ולילה אחד, וואס דערפאר דארף שטיין "לך יהי׳".

מא. דער ביאור אין דעם וואס רש"י ברענגט אראפ דעם נאמען פון בעל המאמר - ר"ע:

מ׳האט גערעדט אמאל באריכה[154] וועגן דער פלוגתא פון ר׳ ישמעאל מיט ר"ע[155] צי מ׳זאגט "דברה תורה כלשון בני אדם" צי ניט; ר"י האלט אז "דברה תורה כלשון בנ"א" ובמילא ווען די תורה חזר׳ט איבער איין ווארט צוויי מאל, איז דאס ניט קיין ריבוי וואס דערפון דארף צוקומען אין הלכה, נאר אזוי איז לשון בנ"א, און ר"ע האלט אז מ׳זאגט ניט דברה תורה כלשון

- בנ"א -

------------

153) ראה כס"מ לרמב"ם הל׳ ת"ת פ"ג ה"י. 154) הגש"פ עם לקוטי טעמים כו׳ (קה"ת תשל"ו) ע׳ שפא. 155) תוס׳ סוטה כד, ריש ע"ב. כל"ב לרמב"ם הל׳ דעות פ"ו ה"ז.

בנ"א, ובמילא, ווען ס'ווערט איבערגע'חזר'ט צוויי מאל, מוז מען דערפון עפעס אפלערנען.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת ס'שטייט אין פסוק "ובשרם יהי' לך" און דערנאך שטייט א צווייטן מאל "לך יהי'" - האלט ר"י אז דברה תורה כלשון בנ"א, כדי צו מחזק זיין דעם ציווי, און ר"ע האלט אז דאס קומט עפעס מרבה זיין - "הוסיף לך הכתוב הוי' אחרת שלא תאמר כחזה ושוק של תודה שאינו נאכל אלא ליום ולילה".

מב. עפ"ז וועט מען פארשטיין פארוואס דארף רש"י ברענגען דעם נאמען פון בעל המאמר - ר"ע:

אויב רש"י וואלט געזאגט אז וויבאלד ס'שטייט נאכאמאל "לך יהי'", דארף מען זאגן אז "הוסיף לך הכתוב הוי' אחרת שלא תאמר כחזה ושוק של תודה שאינו נאכל אלא ליום ולילה", און ער וואלט ניט געזאגט אז דאס איז שיטת ר"ע - וואלט ביים בן חמש למקרא געווארן א קושיא:

ער האט ערשט געלערנט אין פ' שלח וועגן שילוח המרגלים, וואס דארטן שטייט "שלח לך אנשים גו' איש אחד איש אחד גו'" (צוויי מאל איבערגע'חזר'ט "איש אחד") - און רש"י שטעלט זיך גארניט אויף דעם?

- לדעת ד"ע [156] האט מען טאקע געשיקט 24 מרגלים, און ער לערנט דאס אפ דערפון וואס ס'שטייט "איש אחד איש אחד" (צוויי מאל), וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז מיט יעדער מרגל איז געגאנגען נאך איינער; אבער רש"י נעמט אן בפשטות אז ס'זיינען געווען מערניט ווי 12 מרגלים און ער טייטשט אפ בדיוק [157] אז "שמונה נטלו אשכול אחד נטל תאנה ואחד רמון", און "יהושע וכלב (די איבעריקע צוויי) לא נטלו כלום", און באווארענט ניט פארוואס שטייט "איש אחד איש אחד".

עד"ז האט ער געלערנט אין פ' נשא וועגן קרבנות הנשיאים, וואס דארטן [158] שטייט אויך "נשיא אחד ליום נשיא אחד ליום", און רש"י באווארענט ניט פארוואס שטייט דאס צוויי מאל?

מוז מען דאך זאגן אז רש"י נעמט אן בפשטות אז "דברה תורה כלשון בנ"א", און דערפאר דארף ער ניט באווארענען פארוואס שטייט דאס צוויי מאל, ווארום אזוי איז דרך ההורה - איז דאך ניט פארשטאנדיק: פארוואס זאל מען דא לערנען אז דער "לך יהי'" קומט מרבה זיין "הוסיף לך הכתוב הוי' אחרת וכו'", בפשטות דארף מען זאגן אז "דברה תורה כלשון בנ"א"?

- דערפאר -

------------

156) ירושלמי סוטה פ"ז ה"ה. 157) עה"פ שלח יג, כג. 158) ז, יא.

דערפאר זאגט רש"י "בא ר"ע ולמד כו'" - אז דאס איז שיטת ר"ע, און דא דארף מען לערנען כשיטת ר"ע.

מג. מ'דארף נאך אבער פארשטיין: וויבאלד אז סיי בנוגע צו "איש אחד איש אחד" וואס שטייט ביי שילוח המרגלים, און סיי בנוגע צו "נשיא אחד ליום נשיא אחד ליום" וואס שטייט ביי קרבנות הנשיאים, באווארענט ניט רש"י פארוואס דאס שטייט צוויי מאל, דערפאר וואס ער נעמט אן בפשטות כשיטת ר"י אז "דברה תורה כלשון בנ"א" - איז פארוואס ווען מ'קומט צום פסוק "לך יהי'" נעמט ער אן אין פשש"מ כשיטת ר"ע?

איז דער ביאור בזה:

ס'איז פארשטאנדיק אין פשש"מ אז בשעת ס'רעדט זיך וועגן 12 מענטשן, און מ'וויל זאגן אז דער ענין איז געווען ביי אלע 12, חזר'ט איבער דער פסוק "איש אחד איש אחד", אדער "נשיא אחד ליום נשיא אחד ליום", כדי צו מדגיש זיין אז מ'מיינט אלע צוועלף מענטשן.

משא"כ אין אונזער פסוק וואו ס'רעדט זיך וועגן (מערניט ווי) דריי זאכן, "בכור שור או בכור כשב או בכור עז", און דערנאך שטייט "ובשרם יהי' לך גו'", לשון רבים, גייט דאך דאס בפשטות אויף אלע דריי - איז ניט פארשטאנדיק צוליב וואס דארף דער פסוק איבער'חזר'ן נאכאמאל "לך יהי'", אן דערויף קען מען אויך וויסן אז "ובשרם יהי' לך" גייט אויף אלע דריי.

און אפי' אויב מ'וועט זאגן אז "ובשרם" איז טאקע לשון רבים, אבער מיעוט רבים איז שנים, ווייסט מען נאר צוויי, און מ'דארף נאך באווארענען אז מ'רעדט אויך וועגן דעם דריטן - איז אבער ניט מסתבר צו זאגן אז כדי צו באווארענען דעם דריטן, מערניט ווי איינער, איז דער פסוק מוסיף "לך יהי'" (משא"כ בנוגע צו די י"ב מרגלים און די י"ב נשיאים - וואס דאדטן דארף מען באווארענען אז ס'רעדט זיך וועגן אלע י"ב, איז פארשטאנדיק אז דרך הכתוב איז צו מוסיף זיין נאכאמאל "איש אחד" און "נשיא אחד ליום").

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער חילוק צווישן דעם פסוק "איש אחד איש אחד" און "נשיא אחד ליום נשיא אחד ליום", וואס דארטן נעמט אן רש"י בפשטות אז "דברה תורה כלשון בנ"א" - מיט דעם פסוק "לך יהי'", וואס דא נעמט אן רש"י בפשטות כשיטת ר"ע.

און דערפאר זאגט רש"י אז אע"פ אז אין די פריערדיקע פסוקים האט מען געלערנט בפשטות כשיטת ר"י - אעפ"כ, אין דעם פסוק לייגט זיך ניט אין פשש"מ צו זאגן אז דער "לך יהי'" קומט באווארענען אז מ'רעדט אויך וועגן דעם דריטן

- בכור -

בכור, און דערפאר זאגט רש"י אז דא מוז מען לערנען כשיטת ר"ע, אז "הוסיף לך הכתוב הוי' אחרת שלא תאמר כחזה ושוק של תורה שאינו נאכל אלא ליום ולילה".

מד. דערפון האט מען אויך א לימוד בנוגע צו עניני מוסר און חסידות - אז דא איז מודגש דער גודל הענין פון אהבת ישראל [וכידוע די תורה פון דעם אלטן רבי'ן [159] אז "ואהבת לרעך כמוך" איז איין זאך מיט "ואהבת את ה' אלקיך", ועד"ז די צווייטע תורה [160] אז אהבת ה', אהבת התורה און אהבת ישראל איז כולא חד]:

דער ענין פון בכור, איז פארבונדן דערמיט וואס אידן זיינען "בני בכורי ישראל" [161].

וכמובן אויך פון פשטות הכתובים אין פ' בא [162], אז וויבאלד ס'איז געווען דער ענין פון מכת בכורות, און אידן זיינען דערפון ניצל געווארן, "על כן אני זובח לה' כל פטר רחם"; און דער ענין פון מכת בכורות איז געווען דערפאר וואס "בני בכורי ישראל", "ואמר אליך שלח את בני ויעבדני ותמאן לשלחו הנה אנכי הורג את בנך בכורך" [163].

וואס דער ענין פון "בני בכורי ישראל" איז געזאגט געווארן אויף יעדער אידן (אין וועלכן מעמד ומצב ער זאל נאר זיין), ווארום ווען משה רבינו האט געזאגט צו פרעה "כה אמר ה' בני בכורי ישראל גו' שלח את בני", האט ער דאך געמאנט אז אלע אידן זאלן ארויסגיין פון מצרים, "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותנו גו' כי חג ה' לנו" [110], כולל דתן ואבירם, קרח ועדתו, ביז אפי' די וואס דערנאך האבן זיי זיך געפעלט אין מכת חושך,

[ווי עס ווערט דערציילט אין מדרש [164] אז ס'זיינען געווען אזוינע אידן וואס האבן ניט געוואלט ארויסגיין פון מצרים (און מכריח זיין קען מען ניט, ווארום א איד האט דאך בחירה), זיינען זיי טאקע געבליבן רח"ל אין מצרים - און כדי צו באווארענען דעם היפך פון קידוש ה', האבן זיי זיך געפעלט אין דער צייט וואס איז געווען מכת חושך],

אויך בנוגע צו זיי האט משה רבינו געמאנט אז פרעה זאל זיי ארויסלאזן פון מצרים, און אלס הקדמה דערצו האט ער געזאגט אז דער אויבערשטער זאגט - אויך אויף זיי - "בני

- בכורי -

---

159) סה"ש תש"ב ע' 3. 160) שם ע' 2 ואילך. וראה גם לקו"ש ח"ב ע' 499. 161) שמות ד, כב. 162) יג, טו. 163) שמות שם, כג ובפרש"י. 164) שמו"ר פי"ד, ג. הובא בפרש"י בא י, כב.

בכורי ישראל". און וויבאלד אז "כשה אמה והורהו אמת"[34], איז פארשטאנדיק אז זיי זיינען אויך אין דעם כלל פון "בני בכורי ישראל".

און אין דערויף איז דא דער ענין פון "בכור שור או בכור כשב או בכור עז" - וואס דאס איז אויך מרמז אויף די דריי דרגות וואס זיינען דא אין נה"ב, כמבואר אין קונטרס התפלה[155].

מה. און דא זעט מען אז ווען ס'רעדט זיך וועגן א בכור, וועגן א אידן, איז ע"פ פשט"מ דארף מען אינגאנצן ניט באוו-ארענען אז ס'רעדט זיך ניט וועגן חטאת ואשם (ווי גערעדט פריער (סכ"ז) אז ע"פ פשט"מ דארף רש"י בכלל ניט באווארענען אז מ'קען ניט פארגלייכן בכור צו חטאת ואשם) - ווארום א איד האט ניט קיין שייכות צו דעם ענין פון חטאת ואשם.

און ווי ס'שטייט אין זהר[166] "נפש כי תחטא - תווהא", ס'איז גאר א תמיהה ווי קען זיין אז א איד זאל טאן אן עבירה. וואס אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן "נפש", ער איז נאך ניט בדרגת נשמה, אפי' ניט בדרגת רוח, מערניט ווי בדרגת נפש, אעפ"כ זאגט מען "<u>נפש</u> כי תחטא - תווהא"; ס'איז דאך א נפש פון א אידן, איז ווי קען זיין די מציאות פון "תחטא"!

א איד זאל האבן א שייכות צו חטאת ואשם?! - ח"ו צו זאגן אזוי! ס'איז מערניט וואס מצד "נורא עלילה על בני אדם"[167], איז מען <u>מכריח</u> אז ס'זאל זיין אן ענין של חטא, כדי אז דערפון זאל מען צוקומען צו א דרגא נעלית יותר, דורך דעם ענין התשובה, ווי דער מיטעלער רבי איז מבאר בארוכה[168] דעם משל פון דעם קניגא וכו'[169].

מו. דאס וואס מ'דארף באווארענען, איז נאר דער ענין פון קרבן תודה -

ווארום אין דערויף איז דא א שאלה, צי א איד <u>מצ"ע</u> געפינט זיך אין א מעמד ומצב וואס ער קען קומען צו א מצב של סכנה, וואס דעמולט דארף ער אנקומען צו א נס אז ער זאל ניצל ווערן דערפון, און דעמולט דארף ער ברענגען א קרבן תודה;

אדער אז א איד מצ"ע, איז פונקט ווי ער איז ניט שייך

- צו -

---

165) ע' 20. 166) ח"ג יג, ריש ע"ב. 167) תהלים סו, ה. וראה הנחומא וישב ד. 168) תו"ח הולדות יב, ד ואילך. 169) ויק"ר פי"ג, ג.

צו הטאת ואשם (סיידן מצד "נורא עלילה על בני אדם"), איז ער אויך ניט שייך קומען צו א מעמד ומצב של סכנה, ווארום "הנה לא ינום ולא יישן שומר ישראל"[170], און יעדער איד אלס יחיד איז "הוי' שומרך"[171], ער היט אים מימינו ומשמאלו ומכל הצדדים, ביז אין אן אופן פון "כצנה רצון תעטרנו"[172] - איז ניט שייך ער זאל קומען צו א מעמד ומצב של סכנה, ובמילא אויך ניט צו שלמי תודה.

צו וואס קען מען פארגלייכן דעם דין פון בכור, "בני בכורי ישראל" - צו קרבן שלמים:

אזוי ווי א איד איז באשאפן געווארן כדי לעשות שלום בעולם, מאכן פון דער וועלט א דירה לו ית' - דארף מען האבן אזא קרבן וואס דארטן האבן אלע א חלק, דער מזבח, דער כהן, און אויך די בעלים, וואס דאס איז קרבן שלמים[173] - און דעמולט ווערט דער אמת'ער שלום, און דאס איז די אמת'ע דירה לו ית', אז אפי' ווי דער תחתון איז במעמדו ומצבו, ווערט ער אויך א דירה לו ית', ועאכו"כ די וואס זיינען למעלה פון דעם תחתון (אדער פארקערט, אז עאכו"כ בנוגע צום תחתון - וואס אין כאן המקום להאריך בזה).

מז. דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען רש"י רעדט וועגן דעם ענין פון בכור - איז דער ערשטער אפלייג וואס לייגט זיך אפ ביי רש"י (נאך איידער ער ברענגט די ראי' פון "לך יהי'") איז, אז בכור איז בדוגמא צו שלמים - ווארום דער ענין פון "בני בכורי ישראל" איז "לעשות שלום בעולם", דער ענין פון שלמים.

אבער דערנאך, ווען ס'קומט צו אן ענין של שקו"ט און דעות לימין ולשמאל - דארף מען באווארענען דעם ענין פון שלמי תודה, וואס דאס איז טאקע אויך אן ענין פון שלמים (<u>שלמי</u> תודה), דאס קומט אבער אין א מעמד ומצב וואס ער איז געווען אין א מצב של סכנה, און האט געהאט א נס, וואס דעמולט דארף זיין דער ענין פון שלמי תודה, "יודו לה' חסדו"[174], מיט דער גאנצער אריכות וואס דארף זיין ביי די ארבעה שצריכין להודות[175].

וואס דערפאר איז דא א <u>קס"ד</u> אז בכור איז גלייך צו תודה (און ס'איז דא מערער תנאים וואס ווילן דאס פארגלייכן צו

- שלמי -

---

170) תהלים קכא, ד. 171) שם, ה. 172) שם ה, יג. 173) ראה פרש"י ויקרא ג. א. 174) תהלים קד, ה. טו. כא. לא. וראה פרש"י צו ז, יב. 175) ברכות נד, ב. רמב"ם הל' ברכות פ"י ה"ח. טושו"ע או"ח רסרי"ט. סדר ברה"נ לאדה"ז פי"ג ס"ב.



<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

שלמי תודה, ווי די וואס ווילן דאס פארגלייכן צו חטאת ואשם); עס בלייבט אבער ניט אזוי להלכה אין פשש"מ, ווארום ע"פ פשש"מ איז פארשטאנדיק בפשטות אז די פשיטות פון א אידן איז – דער ענין פון אמונה בה' יתברך, ווארום די מציאות פון א אידן איז "חלק אלוקה ממעל ממש"[176], וואס די איז "באמנה אתו" אין אלע מעמדים ומצבים[177];

און וויבאלד אז "ה' שומרך ה' צלך על יד ימינך יומם השמש לא יככה וירח בלילה"[178], מיט אלע פרטים וואס ער רעכנט אויס אין דעם "שיר של פגעים"[179] – האט א איד קיין שייכות ניט מיט דעם ענין פון "פגעים", און ער דארף ניט אנקומען צו קיין ענין של נס, ע"פ טבע איז "ה' עמו", ובמילא איז "הלכה כמותו בכל מקום"[180] – אפי' ווען ער קומט אין א "גיא צלמות"[181], אין עקבתא דמשיחא, איז "ה' עמו", און וויבאלד אז "באור פני מלך חיים"[182], איז פארשטאנדיק אז ער האט אלע ענינים פון בני חיי ומזוני, וכולם – אין אן אופן פון רויחי.

וואס דערפאר זאגט מען אז א איד מצ"ע דארף ניט ברענגען קיין שלמי תודה (סיידן ווען עס האט זיך עפעס אריינגעמישט אין דערויף, ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו חטאת ואשם, אז מצ"ע האט א איד דערצו ניט קיין שייכות, סיידן מצד דעם ענין פון "נורא עלילה על בני אדם");

א איד מצ"ע, "כל בכור", צי ער איז בדרגת "בכור שור", "בכור כשב" אדער "בכור עז" – איז ניט נאר אז נשמתו איז "חלק אלוקה ממעל ממש", נאר אפי' זיין גוף, איז "ובנו בחרת מכל עם ולשון"[183]; "ובשרם (דער גוף) יהי' לך כחזה התנופה וכשוק הימין".

און דערנאך איז מען מרגיש "לך יהי'", אז ראס איז זיין הארעוואניע, "קב שלו", וואס דורך דעם "קב שלו" האט ער אויך די "תשעה קבים של תבירו"[184], אז ער ווערט א "שותף להקב"ה במעשה בראשית"[185],

וכמדובר כמ"פ אז אמיתית ענין השותפות איז, ניט אז יעדערער פון די שותפים האט א האלבע זאך, נאר יעדער נקודה פון דער זאך געהערט צוביידן, כמבואר בארוכה אין פוסקים[186] די נפק"מ שבדבר.

- מה. -

------------

176) תניא רפ"ב. 177) שם ספכ"ד. 178) תהלים קכא, ד-ה. 179) שם מזמור צא. וראה שבועות טו, ב. מדרש תהלים צא, א. 180) סנהדרין צג, ב. 181) תהלים כג, ד. 182) משלי טז, טו. 183) ראה תניא פמ"ט (סט, סע"ב). 184) ראה ב"ב לח, רע"א. 185) ראה שבת קיט, ריש ע"ב. 186) ר"ן נדרים מה, ב. וראה לקו"ש ח"י ע' 267 בהערה.

מח. בנוגע לענינינו:

מצד דעם ענין פון "נורא עלילה על בני אדם", האלט אונז דער אויבערשטער אין גלות אין אן אופן מבהיל, וואס ס'איז טאקע בעסער ווי ס'איז געווען אמאל - אבער ווי קומט דאס צו א מעמד ומצב וואס דארף זיין ביי אידן וואס זיי זיינען "בנים אתם לה' אלקיכם"[187], ועאכו"כ אז ס'קומט ניט צום מעמד ומצב וואס דארף זיין ביי "בני בכורי ישראל"!

וואס דאס איז אן ענין פון "נורא עלילה על בני אדם" - ס'איז אן ענין וואס איז נורא ונפלא פון הבנת בני אדם.

דא איז ראך אבער ניט נוגע די גאנצע שקו"ט - נאר ווי דער בעל הגאולה זאגט אז מ'דארף האבן דעם "בכן" -

וואס דער "בכן" איז - אז "כלו כל הקיצין"[188], ולכל הדעות כולם דארף זיין די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו תיכף ומיד, תיכף ומיד - לויט מדידת האדם, ובעגלא דידן - כן תהי' לנו.

און ווי מ'האט ערשט געזאגט אין ברכת הבדלה "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר כן תהי' לנו" - אבער נאכמער ווי ס'איז געווען דעמולט, ווארום דעמולט איז מען געבליבן "אכתי עבדי אחשורוש אנן"[189], און איצטער דארף זיין דער ענין פון "הוציאנו מעבדות לחירות וכו'"[190], ביז צו דעם ענין פון "שיר חדש", וואס דאס גייט אויף דער גאולה האחרונה וואס וועט זיין בקרוב ממש, וואס זי וועט זיין א גאולה שאין אחרי' גלות כלל[191], א גאולה אין אן אופן וואס איז אינגאנצן שולל מציאות הגלות.

און וויבאלד אז ס'דארף זיין דער ענין פון "טועמי' חיים זכו"[192] - דארף זיך דאס אנהויבן פון פרייטאג נאך חצות.

וכן תהי' לנו - אז תיכף ומיד וועט מען האבן די גאולה האמיתית והשלימה ברוחניות, און גלייך דערנאך אויך בגשמיות, און דערנאך - ברוחניות ובגשמיות גם יחד, בביאה משיח צדקנו.

און מ'וועט ארויסגיין מקבל זיין פניו "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו", און "כספם וזהבם אתם"[193], ווארום ס'וועט זיין "יברכך ה' וישמרך יאר ה' פניו אליך ויחנך ישא ה' פניו אליך וישם לך שלום"[194],

- אז -

---

187) ראה יד, א. 188) סנהדרין צז, ב. 189) מגילה יד, א. 190) פסחים קטז, ב במשנה. 191) תוד"ה ה"ג ונאמר - פסחים קס. 192) ראה לקו"ש וישלח תשל"ז ס"ב. וש"נ. 193) ישעי' ס, ט. 194) נשא ו, כד-כו.

 הנחת הת' בלתי מוגה

אז ס'וועט זיין שלום (דער עניין פון שלמים) בפועל ממש אין אחרית ימי הגלות, און גלייך נאך דערויף דער שלום וואס איז פארבונדן מיט "שלום ושקט אתן על ישראל בימיו"[195], אין אן אופן פון שלימות, בביאת משיח צדקנו,

וואס דעמולט וועט מען האבן דעם ביהמ"ק השלישי, און די מדה השלישית וואס דאס איז מדת השלום,

כן תהי' לנו, וכאמור לעיל - בעגלא דידן, ותיכף ומיד.

צוה לנגן עוצו עצה ותופר. הושיעה את עמך. פרזות תשב ירושלים. ופרצת. לכתחילה אריבער.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

------------

195) דה"א כב, ט.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ חקת, יו"ד תמוז ה'תשל"ח.

<u>הנהת הה' בלתי מוגה</u>

א. ס'איז דאך א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט י"ב-י"ג תמוז, ווארום שבת איז דאך "מיני' מתברכין כולהו יומי"[1], וואס דער פירוש הפשוט בזה איז, אז דאס גייט אויף די ששת ימי השבוע שלאחרי השבת, וואס בתוכם וקרוב להתחלתם זיינען די טעג פון י"ב-י"ג תמוז,

ובפרט לויט דער קביעות פון שנה זו, וואס דעמולט האבן י"ב-י"ג תמוז א נענטערע שייכות צו שבת, וויבאלד אז זיי זיינען חל אין די ג' ימים הראשונים שבשבוע, און די גמרא[2] זאגט אז די ג' ימים הראשונים שבשבוע ווערן אנגערופן "בתר שבתא", דער ענין פון מוצאי שבת.

- וואס די התוועדות איז דאך אויך פארבונדן במיוחד מיט מוצאי שבת.

וואס אע"פ אז בכל מוצאי שבת איז דא דער ענין וואס מ'איז מלוה את המלך[3] (אדער ווי שבת ווערט אנגערופן "שבת המלכה"[4]).

און דאס האט אויך א שייכות צו דעם ענין הגאולה, ווי עס שטייט אין סידור האריז"ל[5] אז די סעודה פון מוצאי שבת ווערט אנגערופן "סעודתא דדוד מלכא משיחא", וואס דאס איז דאך <u>בכל</u> מוצאי שבת -

איז אבער פארשטאנדיק, אז די אלע ענינים זיינען דא נאכמער בגילוי ווען ס'רעדט זיך וועגן מוצאי שבת וואס אין די ג' ימים הסמוכים אליו זיינען די טעג פון י"ב-י"ג תמוז - וואס דאס איז דאך אויך אן ענין של גאולה,

ווארום נוסף אויף דעם ענין פון גאולת היחיד, און גאולת היחיד וואס רבים צריכים לו, קומט אויך צו דער ענין וואס דער בעל הגאולה שרייבט במכתבו לחגיגת י"ב תמוז הראשונה[6], אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה בי"ב תמוז" נאר אלע אידן (ווי ער רעכנט אויס אין דעם בדיוו די אלע סוגים וואס זיינען כולל יעדער אידן און אלע אידן), ד.ה. אז דאס איז א גאולה כללית,

און וויבאלד אז אלע ענינים וואס "שם גאולה עליהם"

- האבן -

------------

1) זה"ב כג, ב. פה, א. 2) פסחים קו, סע"א. 3) שו"ע אדה"ז או"ה ס"ש ס"ב. וש . 4) ראה שבת קיט, רע"א. פרש"י שם ריש ע"ב ד"ה בכוצאי ש"ה. 5) להד"ש כרשקוב בבקומו. 6) נדפס בסה"כ תרפ"ה ע' ,גו ואילך. הש"ה ע' 263 ואילך. ועוד.

האבן א שייכות צווישן זיך[7], איז פארשטאנדיק, אז דאס ווערט אויך די הכנה קרובה צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין די גאולה פון יעדער איד און פון אלע אידן, "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותנו"[8], "קהל גדול ישובו הנה"[9], ובקרוב ממש.

ב. כמדובר כמ"פ די תורה פון דעם אלטן רבי'ן[10] הידועה והמפורסמת, אז יעדער ענין דארף האבן א שייכות צו דער תורה וואס מ'לייענט און מ'לערנט אין דעם זמן -

וואס לויט דער קביעות פון ש.ז. זיינען די טעג פון י"ב-י"ג תמוז אין דער וואך וואס דעמולט לייענט מען אין תורה די פרשה אין וועלכע ס'רעדט זיך וועגן ביאת משיח צדקנו, ווי דער רמב"ם ברענגט אראפ אין הל' מלכים[11] אז דער ענין פון גאולת משיח שטייט אין תושב"כ, און ברענגט אראפ פסוקים פון פרשת שבוע זה.

און ער זאגט דארטן אויך אז אין דער פרשה רעדט זיך וועגן דער גאולה וואס איז געווען פאר משיח - "במשיח הראשון שהוא דוד",

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס איז אויך פארבונדן מיט "גואל ראשון" - דער ענין פון גאולת מצרים וואס איז געווען ע"י משה רבינו (וואס "גואל ראשון הוא גואל אחרון"[12]), וואס די איז דער מקור אויף אלע גאולות[13] ובפרט אויף דער גאולה העתידה אויף וועלכע מ'זאגט אז ס'וועט זיין "כימי צאתך מארץ מצרים"[14].

וואס דאס איז די שייכות מיוחדת פון י"ב-י"ג תמוז צו דער סדרה וואס מ'לייענט אין דער וואך - וויבאלד אז אין דער סדרה רעדט זיך וועגן דער גאולה וואס וועט זיין בביאת משיח צדקנו, וואס דאס האט אויך א שייכות מיוחדת צו דער גאולה פון י"ב-י"ג תמוז (כנ"ל ס"א).

ג. עד"ז דארף מען זאגן אז דאס האט אויך א שייכות צו דער פרשה וואס מ'האט געלייענט אין דעם שבת, וויבאלד אז "מיני' מתברכין כולהו יומי" -

וואס דאס איז פארשטאנדיק דערפון וואס אין אנהויב

- פרשה -

------------

7) פרש"י ד"ה אתחלתא - מגילה יז, ב. 8) בא י, ט. 9) ירמי' לא, ח. 10) סה"ש תש"ב ע' 29 ואילך. 11) פי"א ה"א. 12) ראה שמו"ר פ"ב, ד. זח"א רנג, א. שה"פ פ' ויחי. תו"א ר"פ משפטים. 13) ראה ד"ה כימי צאתך תש"ה רפי"ב. 14) מיכה ז, טו.

פרשה רעדט זיך וועגן דער מצוה פון פרה אדומה, "ויקחו אליך פרה אדומה תמימה גו׳"[15]:

ס׳איז מבואר אין מדרשי רז"ל, אז די פרה אדומה שעשה משה איז אן ענין תמידי, ווארום דעם אפר פון דער פרה שעשה משה האט מען גענוצט אויף אלע פרות שלאח"ז[16].

וואס במשך כל הזמן זיינען געווען תשעה פרות, און די פרה עשירית וועט זיין בביאת משיח צדקנו[17] - וואס אויף איר וועט מען אויך דארפן אנקומען צו דעם אפר הפרה שעשה משה, וועגן וועלכן ס׳רעדט זיך אין דער סדרה וואס מ׳האט געליינט אין דעם שבת.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די שייכות פון דער סדרה פון דעם שבת צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין די פרה העשירית - ובמילא איז אויך פארשטאנדיק די שייכות דערפון צו י"ב-י"ג תמוז (כנ"ל ס"א).

ד. האמור לעיל (דער שייכות פון פרה אדומה צו ביאת משיח צדקנו) איז אויך פארשטאנדיק פון דעם תוכן פון מצות פרה אדומה:

ס׳איז מבואר אין די דרושים וועלכע זיינען מבאר דעם ענין פון פרה אדומה (און ס׳איז אויך פארשטאנדיק בפשטות), אז ווען ס׳רעדט זיך וועגן א אידן וואס האט זיך אנגערירט אין אן ארט וואס איז שלילת און היפך החיים לגמרי, קען מען דאך לכאו׳ זיך מייאש זיין ח"ו פון טאן בהשתדלות הכי גדולה, ביז צו מס"נ, אויף מציל זיין דעם אידן פון אזא ענין,

ביז וואנעט ווי עס שטייט אין מדרש[18] אז ווען משה רבינו האט דערהערט וועגן דעם ענין פון טומאת מת, איז "נתכרכמו פניו" און ער האט געזאגט "במה תהא טהרתו" (אפילו פון דעם וואס וועט זיך אנרירן אין דעם, ועאכו"כ בנוגע צו דעם ענין אליין, וואס דאס איז די סיבה דערצו) -

זאגט מען אז די עצה לזה איז - דער ענין פון פרה אדומה.

און ווי רש"י[19] ברענגט אדאפ דעם "משל לבן שפחה שטינף פלטין של מלך אמרו תבוא אמו ותקנח כו׳ כך תבוא פדה ותכפר על העגל".

וואס וויבאלד אז א משל אין "תורת אמת" דארף שטימען

- בכל -

---

15) פרשתנו יט, ב. 16) ראה פרה פ"ג כ"א, ובדמב"ם ר"ש ורע"ב שם. ספ"ג וברמב"ם שם. פרש"י פרשתנו יט, ט. 17) יל"ר ר"פ חקת. רמב"ם הל׳ פרה אדומה ספ"ג. 18) במדב"ר פי"ט, ד. תנחומא חקה (בסופו). 19) פרשתנו שם, כב. בבמדב"ר שם, ח.

בכל הפרסים, איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון פרה אדומה איז שטארקער פון דעם ענין העגל - אזוי ווי דאס איז אין משל, אז די פרה איז שטארקער און איז די סיבה פון וועלכע עס נעמט זיך די גאנצע מציאות פון דעם עגל.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז (נוסף אויף פשטות הענינים אז פרה אדומה איז מטהר דעם וואס האט זיך אנגערירט אין אן ארט וואס איז היפך החיים) וויבאלד דאס איז א תיקון - ע"פ תורת אמת - אויף דעם ענין פון חטא העגל, איז א זיכערע זאך אז דאס איז א תיקון בשלימותו, ביז וואנעט אז דער ענין אליין ווערט נתהפך לטוב.

ובלשון הידוע[20] אז "זדונות נעשו לו כזכיות", ובלשון הזהר[21] - "אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למתקא" (אדער ווי אנדערע זאגן - "למתיקא"[22]), און ווי חסידות טייטשט אפ, אז דער "חשוכא" און "מרירו" גופא ווערט אן ענין פון "נהורא" און "מתקא".

וכמבואר אין תניא[23] אז ס'איז דא דער ענין פון "ועשה לי מטעמים"[24], "לשון רבים, שני מיני נחת רוח", אז פונקט אזוי ווי ס'איז דא דער נחת רוח פון עבודה הצדיקים, אזוי איז אויך דא דער נחת רוח דערפון וואס "וגם רשע ליום רעה"[25], דערפון וואס ער מאכט איבער "הרע שלו יום ואור", ובלשון הנ"ל - "זדונות נעשו לו כזכיות",

[וואס דער ענין פון "מטעמים" ווערט אויפגעטאן גלייך ווען ער טוט תשובה שלימה - עאכו"כ ווען ער טוט אזא תשובה וואס "זדונות נעשו לו כזכיות" (און ניט נאר "כזכיות" (בכ"ף הדמיון), נאר "זכיות" ממש)],

וואס בשעת אז עס ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "אתהפכא חשוכא לנהורא", און אפי' מערנים ווי דער ענין פון "אתכפיא סט"א" - איז "אתסלק יקרא דקב"ה לעילא".

וואס דעם ענין פון "אתכפיא סט"א ואתהפך חשוכא לנהורא" וואס דורך דערויף איז "אסתלק יקרא דקב"ה בכולהו עלמין"[26] - פארגלייכט דער אלטער רבי אין תניא[27] צו דעם ענין פון מ"ת, און ער זאגט אז בשעת מ"ת איז געווען מערנים ווי "מעין זה", און בעיקר וועט דאס זיין לע"ל, ווען "משיח אתא לאתבא צדיקייא בתיובתא"[28].

- וואס -

------------

20) יומא פו, ריש ע"ב. 21) ח"א ד, א. 22) מק"מ כאן.
23) פכ"ז (לד, רע"ב). 24) תולדות כז, ז. 25) משלי טז, ד.
26) ראה זח"ב קכח, ב. הניא שם. 27) פל"ו. 28) הובא בלקו"ת שמע"צ צב, ב. שה"ש ז, סע"ב. וראה זח"ג קנג, א.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער קשר ושייכות פון פרה אדומה מיט ביאת משיח צדקנו - וויבאלד אז דער תוכן פון פרה אדומה איז דער ענין פון "אתכפיא סט"א ואתהפך חשוכא לנהורא" (כנ"ל), וואס דעמולט איז "אסתלק יקרא דקב"ה בכולהו עלמין", וואס בעיקר וועט דאס זיין בביאת משיח צדקנו.

וע"פ האמור לעיל (ס"א) - איז אויך פארשטאנדיק די שייכות דערפון צו י"ב-י"ג תמוז.

ה. און דאס איז כללות ההוראה - אז בשעת אידן געפינען זיך אין גלות, און עס ווערט די שאלה למה עשה ה׳ ככה, נעמען בנו יחידו של מלך מלכי המלכים הקב"ה און אוועקשטעלן אים אין א מעמד ומצב של גלות, אפי׳ א גלות קל, עאכו"כ ווי דער גלות איז אין עקבתא דמשיחא -

איז מען מבטיח אז דורך דערויף וועט זיין דער ענין פון "אסתלק יקרא דקוב"ה בכולהו עלמין", בדוגמא ווי ס׳איז געווען אין "ימי צאתך מארץ מצרים", אז דוקא דורך דעם ענין הגלות איז ארויסגעקומען דער ענין פון "ואחרי כן יצאו ברכוש גדול"[29].

וויבאלד אבער אז "הורת אמה" איז אליין מודיע אז ס׳איז שוין "כלו כל הקיצין ואין הדבר תלוי אלא בתשובה"[30],

און דער אלטער רבי פסק׳נט אפ אין אגה"ת[31] אז ס׳איז גענוג ער זאל האבן א הרהור תשובה אמיתי, וואס אויף דערויף איז גענוג א "שעתא חדא ורגע חדא"[32] -

איז א זיכערע זאך אז יעדערער האט דאס שוין געטאן, און וועט דאס טאן, און וועט דאס טאן בהוככי כלל ישראל, ובעגלא דידן,

"ומיד הן נגאלין"[33] - פון דער גאולה פון י"ב-י"ג תמוז, אין דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, ובקרוב ממש.

* * *

ו. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה וידבר גו׳ זאת חקת התורה.

* * *

ז כרגיל אפלערנען א פסוק מיט פרש"י פון פרשת השבוע, און אין די שבתות וואס מ׳לערנט פרקי אבות - אויך א משנה אין פרקי אבות, ועד"ז אויך אן ענין אין די הערות פון טאטן אויפן זהר פון פרשה זו.

- אזוי -

---

29) לך לך טו, יד. 30) סנהדרין צז, ב. 31) פ"א (צא, א). 32) ראה זח"א קכט, סע"א. 33) רמב"ם הל׳ תשובה פ"ז ה"ה.

אזוי ווי מ'האלט אין עקבתא דמשיחא, און אין עקבתא דעקבתא דמשיחא, און אינגיכן וועט מען דארפן גיין - בפשטות, נשמות בגופים - אין אה"ק, בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס די גאולה וועט זיין "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות" -

וועט מען זיך אפשטעלן אויף א פסוק בפרשתנו וואס דארטן ווערט דערציילט ווי אזוי אידן זיינען געגאנגען אין א"י, אז מ'איז געגאנגען "דרך האתרים", וואס דאס איז אין קאפיטל כא פסוק א.

[דאס וואס מ'נוצט דעם לשון "קאפיטל", אע"פ אז דאס איז א לאטיינישערווארט - איז דאס דערפאר וואס דער צ"צ ברענגט דעם לשון "קאפיטל", ווי מ'זעט דאס אין גוף כתב יד קדשו.

ועד"ז געפינט מען אויך אין די דרושים פון דעם אלטן רבי'ן[34] אז ס'שטייט דעם לשון "הקאפיטל שלו" בנוגע צו אמירה תהלים וואס איז מתאים למספר שנותיו (וואס אע"פ אז דאס איז ניט בכתי"ק, לייגט זיך אבער ניט אין שכל אז איימיצער זאל דאס משנה זיין).

און דערפאר נוצט מען אויך דעם לשון "קאפיטל" - ניט קוקנדיק אויף דעם וואס יש מקשים וטוענים וכו' היתכן אז מ'נוצט דעם לשון "קאפיטל", א לשון וואס איז גענומען פון די לשונות פון שבעים אוה"ע, בשעת אז מ'קען נוצן דעם לשון "סימן" וכיו"ב.

וואס דער ביאור הכי פשוט בזה איז - אז תושב"כ האט אליין באוויזן די וועג אויף דער הנהגה, ווי מ'זעט דאס דערפון וואס תושב"כ האט אריינגעשטעלט די ווערטער "יגר שהדותא"[35].

ועד"ז זעט מען אין פרש"י עה"ת אז ער ברענגט אראפ אויף כמה תיבות פון תושב"כ דעם אפטייטש דערפון אין לשון ארמית, ווי ער טייטשט אפ "כנעני" - "תגרא"[36], ועד"ז טייטשט ער אפ "בן פורת" - "הוא לשון ארמי אפריון נכטיי'"[37].

וואס כל הנ"ל איז אלס א מאמר המוסגר בבענה להשואלים בזה].

ח. אויף "דרך האתרים" זאגט רש"י: "דרך הנגב שהלכו בה - מרגלים -

---

34) מאמר כ"ק אדה"ז - נדפס בקונטרס חג הגאולה י"ב-י"ג תמוז הדפ"ח - קה"ת תשל"ח ע' כד. 35) ויצא לא, מז. 36) וישב לח, ב. 37) ויחי כט, כב.

מרגלים שנאמר[38] ויעלו בנגב", און דאס ווערט אנגערופן "דרך האתרים", רערפאר וואס דארטן זיינען געגאנגען די מרגלים וואס עניינם איז געווען "לתור את ארץ כנען"[39] - און וויבאלד אז דער כנעני איז געווען "יושב הנגב", איז ווען ער האט געהערט אז אידן זיינען געגאנגען דרך הנגב, איז "וילחם בישראל".

דערנאך זאגט רש"י: "ד"א דרך האתרים דרך התייר הגדול הנוסע לפניהם שנאמר[40] דרך שלשת ימים לתור להם מנוחה".

וכמדובר כמ"פ אז בשעת רש"י ברענגט אראפ צוויי פירושים, איז דאס דערפאר וואס אויפן ערשטן פירוש איז דא א קשיא, וואס זי ווערט פארענטפערט דורך דעם וואס מ'ברענגט דעם צווייטן פירוש; און דער צווייטער פירוש אליין איז אויך ניט מספיק, ואדרבה, ער איז נאך ווייטער פון פשש"מ, וואס דערפאר ווערט ער געבראכט מערניט ווי אלס א צווייטער פירוש, ווארום דער ערשטער פירוש איז קרוב יותר צו פשש"מ.

דארף מען פארשטיין: וואס איז די קשיא אויפן ערשטן פירוש, וואס דערפאר דארף מען אנקומען צום צווייטן פירוש, און פארוואס איז דער ערשטער פירוש קרוב יותר צו פשש"מ ווי דער צווייטער פירוש?

מפרשים[41] זאגן, אז אויפן ערשטן פירוש איז שווער: פארוואס שטייט "דרך האתרים", מיט אן אל"ף, ס'האט געדארפט שטיין "דרך התרים" (ע"ד הלשון "לתור את ארץ כנען")?

און דערפאר ברענגט רש"י דעם צווייטן פירוש "דרך התייר הגדול כו'", וואס דאס גייט אויפן ארון - וואס דעמולט איז פארשטאנדיק פארוואס ס'שטייט "האתרים": דער א' איז מרמז אויפן ארון, וויבאלד אז דער ר"ת פון דעם ווארט "ארון" איז א', און דערנאך שטייט "תרים", מלשון "הייר", וואס דאס איז געווען עינינו של הארון, "לתור להם מנוחה".

און דער צווייטער פידוש איז אויך ניט מספיק, ואדרבה, ער איז נאך ווייטער פון פשש"מ ווי דער ערשטער פירוש - ווארום אויב דאס גייט אויפן ארון, איז ניט פארשטאנדיק פארוואס שטייט "האתרים" לשון רבים;

אויב דער פירוש איז אז דאס איז דער דרך "שהלכו בה מרגלים", איז פארשטאנדיק פארוואס עס שטייט "האתרים" לשון רבים, וויבאלד אז ס'זיינען געווען י"ב מרגלים; אבער אויב דאס גייט אויפן ארון, האט געדארפט שטיין לשון יחיד. וואס דערפאר דארף מען האבן ביידע פירושים.

- מ'קען -

------------

38) שלח יג, כב. 39) שם, יז. 40) בהעלותך י, לג.
41) משכיל לדוד.

מ׳קען אבער אזוי ניט זאגן, ווארום: אויב רש"י וויל פארענטפערן די קשיא פארוואס שטייט "האחדים" מיט אן אל"ף, וואס דערפאר ברענגט ער דעם צווייטן פירוש אז דאס גייט אויפן ארון, און דער אל"ף איז דער ר"ת פון דעם ווארט "ארון" - האט דאס רש"י געדארפט זאגן בפירוש, ווארום דער בן חמש למקרא וועט זיך ניט כאפן אז דער איבעריקער אל"ף איז מרמז אויפן ווארט "ארון".

ט. עד"ז איז ניט פארשטאנדיק:

א) ס׳איז שייך ברענגען א פירוש וואס האט אן ארט אין פשש"מ. ס׳איז מערניט וואס אויף אים איז דא א שוועריקייט, וואס דערפאר בדוחק ובקושי און ווייבאלד אז מ׳האט ניט קיין אנדער ברירה, ברענגט מען אויך דעם פירוש וואס אויף אים איז דא א קשיא;

אבער בנדו"ד איז לכאו׳ דער צווייטער פירוש אינגאנצן ניט אויסגעהאלטן אין פשש"מ, ווארום "אהרים" איז לשון רבים, און דער "ארון" איז א יחיד, האט געדארפט שטיין לשון יחיד - וואס די קשיא איז אינגאנצן שולל דעם פירוש?

ב) לויטן צווייטן פירוש אז "דרך האתרים" מיינט "דרך התייר הגדול הנוסע לפניהם שנאמר דרך שלשת ימים להור להם מנוחה" - איז ניט פארשטאנדיק:

וואס איז דער חידוש וואס "וישמע הכנעני גו׳ כי בא ישראל דרך האהרים", אלע מסעות וואס אידן זיינען געגאנגען זיינען געווען "דרך התייר הגדול הנוסע לפניהם", ווי רש"י ברענגט דא אראפ דעם פסוק פון פ׳ בהעלותך אז גלייך ווי מ׳איז אוועקגעגאנגען פון הר סיני, איז געווען "ויסעו מהר ה׳ גו׳ וארון ברית ה׳ נוסע לפניהם דרך שלשה ימים להור להם מנוחה" - איז וואס פאר א חידוש האט דערהערט דער כנעני אז "בא ישראל דרך האהרים" (וואס די קשיא איז לכאו׳ אויך שולל אינגאנצן דעם פירוש)?

ג) אין דעם ערשטן פירוש: צוליב וואס דארף דער פסוק זאגן "דרך האהרים" און מ׳דארף אפטייטשן אז דאס מיינט "דרך הנגב (און עס ווערט אנגערופן "דרך האהרים" דערפאר וואס) שהלכו בה מרגלים" - זאל שטיין בפירוש "כי בא ישראל דרך הנגב". וואס דאס איז געווען נוגע צו דעם "כנעני מלך ערד יושב הנגב"?

ובפרט אז אין פשש"מ איז דאך פון די מרגלים ארויסגעקומען אן ענין שלא כדבעי - איז פארוואס דארף מען דערמאנען אן ענין וואס איז ניט קיין שבחם של ישראל; מ׳ווייסט דאך אז דער פסוק וויל ניט רעדן אפי׳ בגנות פון

- א בהמה -

א בהמה[42], עאכו"כ בגנות פון אן אדם, עאכו"כ בגנוה פון אידן, און ווי אידן זיינען געווען בשנת הארבעים, וואס דעמולט זיינען זיי שוין געווען בהיקונם, ווי רש"י ברענגט אראפ אין דער סדרה עה"פ[43] "ויבאו בנ"י כל העדה" אז "כולם שלמים ועומדים להכנס לארץ כו׳" - איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף מען דערמאנען דעם עניין המרגלים?!

ד) די קשיא הכי גדולה: לכאו׳ האט רש"י געדארפט ברענגען דעם פירוש פון ירושלמי[44] אז "מהו דרך האתרים - שמע שמת אהרן התייר הגדול שלהן שהי׳ תד להן את הדרך" דורך די ענני הכבוד וועלכע זיינען געווען בזכותו - וואס דעמולט וואלט מען פארשפארט עטליכע קשיות:

אויף "וישמע הכנעני גו׳" זאגט רש"י: "שמע שמת אהרן ונסהלקו ענני הכבוד". וועדט לכאו׳ א שטורעמ׳דיקע קשיא: אין פסוק שטייט בפידוש "וישמע הכנעני גו׳ כי בא ישראל דרך האתרים", ער האט געהערט אז "בא ישראל דרך האתרים", איז ווי קען מען טייטשן אז "שמע שמת אהרן וכו׳"?!

און ווי מ׳זעט אז תוס׳[45] זאגט "ונראה רמההוא דמסעי קא דריש", אז דאס וואס די גמרא דרש׳נט אויף "וישמע אהרן" אז "שמע שמת אהרן ונסתלקו ענני הכבוד", דרש׳נט דאס די גמרא פון דעם פסוק אין פ׳ מסעי[46], "דאי מההוא דחוקת, הא מפרש רשמע כי בא ישראל דרך האתרים", און דערפאר פירט ער אויס אז "רש"י לא דק בפי׳ חומש" וואס ער איז דאס מפרש אויפן פסוק אין פ׳ חקת -

האט דאך רש"י געקענט לערנען אזוי ווי דער ירושלמי אז "דרך האתרים" גייט אויף "אהרן התייר הגדול שלהן כו׳", וואס דעמולט שטימט דאס רערמיט וואס מ׳זאגט אויף "וישמע הכנעני" אז "שמע שמה אהרן ונסתלקו ענני הכבוד" - ווארום דאס איז דער טייטש פון "כי בא ישראל דרך האתרים", "שמע שמת אהרן התייר הגדול שלהן שהי׳ תר להן את הדרך" דורך די ענני הכבוד וועלכע זיינען געווען בזכותו.

און דעמולט וועט אויך זיין פארשטאנדיק פארוואס ס׳שטייט "האתרים" לשון רבים, ווארום אע"פ אז דאס גייט טאקע אויף "אהרן התייר הגדול שלהן שהי׳ תר להן את הדרך", אבער אעפ"כ, ראס וואס אהרן "הי׳ תר להן את הדרך" איז געווען בפועל דורך די ענני הכבוד וועלכע זיינען געווען בזכוהו, און רש"י האט שוין געזאגט פריער[47] אז ס׳זיינען

- געווען -

---

42) פסחים ג, א. 43) כ, כב. 44) סוטה פ"א ה"י, ובקרבן העדה שם. 45) ר"ה ג, רע"א - ד"ה וישמע. 46) לג, מ. 47) בהעלותך שם, לד.

געוועץ "שבעה ענקים", איז פארשטאנדיק פארוואס ס'שטייט "האחרים" לשון רבים.

איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס ברענגט ניט רש"י דעם פירוש הירושלמי - ווען ער וואלט געבראכט דעם פירוש הירושלמי, וואלט געווען פארשטאנדיק: א) דער המשך פון "וישמע הכנעני" - "שמע שמת אהרן ונסתלקו ענני הכבוד" מיט "כי בא ישראל דרך האתרים", ב) פארוואס שטייט "האתרים" לשון רבים, און ג) פארוואס דארף שטיין "דרך האתרים" זאל שטיין "דרך הנגב" - דערפאר וואס דער פסוק וויל זאגן די סיבה פארוואס ער איז געקומען - "כי בא ישראל דרך האתרים", אז "שמע שמת אהרן התייר הגדול שלהן כו'".

און אע"פ אז דער בן חמש למקרא האט נאך ניט געלערנט דעם ירושלמי - געפינט מען כמ"פ אין פרש"י אז ער ברענגט ענינים וואס שטייען אין מדרשי רז"ל [און ווי ער ברענגט אראפ בכ"מ[48] ענינים וואס שטייען אין ירושלמי] - איז פארוואס ברענגט ניט רש"י דעם פירוש הירושלמי?

וכפי שיתבאר לקמן אז די אלע ענינים דארפן זיין פארשטאנדיק אין פשש"מ, ביז אז דער בן חמש למקרא דארף ניט אנקומען צו קיינע מפרשים, כמדובר כמ"פ.

י. דער פרק פון היינטיקן שבת (לויט די "יש נוהגין" לערנען פרקי אבות "בכל שבתות הקיץ") איז - פרק חמישי.

וואס אין דעם פרק איז דא א שאלה וואס איז ניט אין דעם סוג פון די שאלות וואס מפרשים פרעגן, אבער אעפ"כ, ווען עס רעדט זיך וועגן "בן עשר שנים למשנה" וואס לערנט די משנה בהבנה בפשטות (ניט בחריפות), ווערט ביי אים א מורא'דיקע שאלה:

דער פרק הויבט זיך אן מיט "בעשרה מאמרות נברא העולם", און דערנאך רעכנט מען אויס כמה ענינים וואס זיינען אין דעם מספר של "עשרה"; דערנאך[50] רעכנט מען אויס כמה ענינים וואס זיינען אין דעם מספר פון "שבעה"; דערנאך[51] רעכנט מען אויס כמה ענינים וואס זיינען אין דעם מספר "ארבעה" -

איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס ברענגט מען ניט ענינים וואס זיינען אין דעם מספר פון "שלשה"?

אויף אנדערע מספרים איז דאס ניט קיין קשיא, ווארום אויף זיי קען מען זאגן אז דער תנא וואס האט מסדר געווען



---

48) ויצא כט, כז. ועוד. 49) אבות פ"ה מכ"ב. 50) מ"ז ואילך. 51) מ"י ואילך.

די משנה האלט אז זיי זיינען ניט מתאים מיטן תוכן פון מסכת אבות, וואדום מסכת אבות איז "מילי דחסידותא"[52], און דאס זיינען ענינים של תורה (אדער עכ"פ ניט קיין "מילי דחסידותא", מיט כמה תילוקים וואס קענען זיין בזה);

ווען ס'רעדט זיך אבער וועגן מספר "שלשה" - זעט מען דאך אז אין מסכת אבות גופא ברענגען זיך כמה ענינים וואס זיינען במספר "שלשה", און די משנה איז מדייק אז זיי זיינען אין דעם מספר פון "שלשה",

ווי מ'זעט אין פרק חמישי גופא[53]: "כל מי שיש בו שלשה דברים הללו הוא מתלמידיו של אברהם אבינו כו'", וואס לכאו', מנינא למה לי[54], די משנה האט געקענט זאגן אז דער וואס האט "עין טובה, ורוח נמוכה, ונפש שפלה" איז ער "מתלמידיו של אברהם אבינו", און וויבאלד אז די משנה איז מקדים "כל מי שיש בו שלשה דברים הללו כו'", איז פארשטאנדיק אז דערמיט וויל די משנה מדגיש זיין דעם ענין פון מספר "שלשה".

עד"ז זעט מען אויך גלייך אין דער התחלה פון פרקי אבות, וואס דארטן זאגט די משנה "על שלשה דברים העולם עומד", ועד"ז אין דעם סיום פון פרק ראשון: "על שלשה דברים העולם קיים", ועד"ז זאגט די משנה[55] "עקביא בן מהללאל אומר הסתכל בשלשה דברים כו'" - וואס דערפון זעט מען דאך אז דער מספר "שלשה" האט א שייכות צו "מילי דחסידותא".

איז ניט פארשטאנדיק: בשעת די משנה וויל אויסקלייבן מספרים וואס האבן א חשיבות מיוחדת, ע"ד ווי מספר "עשרה" ("עשרה מאמרות", "עשרה נסים" וכו'), ועד"ז בנוגע צו מספר "שבעה" און "ארבעה" - האט די משנה געקענט ברענגען אויך ענינים וואס זיינען במספר "שלשה", איז פארוואס ברענגט דאס ניט די משנה?

וכפי שיתבאר לקמן.

יא. בנוגע צו די הערות אויפן זהר - אויך אן ענין וואס איז פארבונדן מיטן מספר פון "שלשה":

אין די הערות[56] שטעלט ער זיך אויפן זהר אין התחלת פ' תקת[57], וואס דארטן שטייט: "וזאת התורה כו' מלין דאורייתא קדישין אינון עלאין אינון מתיקין אינון", און ער איז מבאר[58] אז די דריי לשונות (קדישין, עלאין און מתיקין) זיינען

- כנגד -

------------

52) ב"ק ל, א. 53) מי"ט. 54) מד"ש על המשנה בתחלתה.
55) רפ"ג. 56) לקוטי לוי"צ לזח"ג ע' שפד ואילך.
57) קעט, ב. 58) שם ע' שפו.

כנגד די ג׳ בחי׳ חב"ד, "קדישין אינון הוא חכמה . . עלאין בינה . . מתיקין הוא מצד דעת" (ווי ער ברענגט דארטן די ראיות אויף דעם).

וואס אין דערויף איז אויך מודגש די מעלה פון מספר "שלשה" – אז "מלין דאורייתא" האבן דריי מעלות.

וכמדובר כמ"פ אז דער טאטע האט געשריבן מערניט ווי דאס וואס איז מוכרח ביותר – וואס לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק:

מ׳קען דאך ניט זאגן אז תורה האט ניט מערער מעלות אויסער די דריי מעלות – אין זהר גופא (אויך אין פ׳ חקת), ווערן אויסגערעכנט נאך כמה מעלות אויף תורה – מוז מען דאך זאגן אז די דריי מעלות זיינען כולל אין זיך אלע מעלות פון "מלין דאורייתא" [און מ׳זעט אז ענינם איז אויך אין א מספר פון "שלשה"]. וכפי שיתבאר לקמן.

יב. האמור לעיל וועגן די מעלה פון "שלשה", איז אויך פאר-בונדן דערמיט וואס בקביעות ש.ז. איז י"ג תמוז חל ביום השלישי.

וואס י"ג תמוז איז געווען דער ענין הגאולה בגילוי, כידוע[59] דער סיפור אז בי"ב תמוז האט מען אים איבערגעגעבן וועגן דער גאולה באופן בלתי רשמי, מ׳האט אים נאך ניט געגעבן דעם פאפיר של שחרור פון דעם גלות פון קאסטראמא, מ׳האט דאס אים נאר געזאגט בע"פ (דעדפאר וואס דער משרד איז דעמולט געווען געשלאסן[60]), און בי"ג תמוז האט ער באקומען אפיציעל דעם שחרור פון דעם גלות אין קאסטראמא, און מ׳האט אים געזאגט אז ער קען פארן צוריק אהיים.

וכאמור, אז בקביעות ש.ז. איז י"ג תמוז חל ביום השלישי, וואס ענינו איז דאך אז "הוכפל בו כי טוב"[61], "טוב לשמים וטוב לבריות"[62].

וכמדובר כמ"פ במשך פון ש.ז.[63] וועגן דעם גודל הענין פון "טוב לשמים וטוב לבריות", און ווי גערעדט דער דיוק בזה, אז ס׳איז ניט נאר וואס אין דעם זעלבן טאג זיינען דא צוויי ענינים פון טוב, "טוב לשמים וטוב לבריות" (כפשוטו של מקרא), נאר יעדער רגע פון דעם טאג, איז בשעת מ׳פרעגט

- וואס -

------------

59) ראה רשימה שבההלה קונטרס יד (סה"מ קונטרסים ח"א קעה, א). 60) ספר התולדות אדמו"ר מוהריי"ץ ע׳ 221. 61) פרש"י בראשית א, ז. 62) ראה קידושין מ, א. אוה"ת בראשית לג, ב. משפטים ע׳ א׳קנז. ועוד. 63) שיחה מוצאי ש"פ נח תשי"ד. וש"נ.

וואס פאר א רגע איז דאס, זאגט מען אז דאס איז א רגע פון יום השלישי שהוכפל בו כי טוב, טוב לשמים וטוב לבריות, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז יעדער פעולה וואס ווערט געטאן ביום השלישי, דארף זיין אין אן אופן פון "טוב לשמים וטוב לבריות".

וכמדובר כמ"פ אז פונקט אזוי ווי בנוגע צו די ענינים וועלכע זיינען באשאפן געווארן ביום השלישי, איז דאך די כוונה בזה אז מ'זאל זיי נוצן (ניט נאר ביום השלישי, נאר) אויך במשך כל הימים, ע"ד ווי אלע ענינים וואס זיינען באשאפן געווארן אין ששה ימי בראשית, אז בפעם הראשונה איז דאס באשאפן און נתגלה געווארן ביום מסוים, כדי אז דערנאך זאל מען דאס נוצן במשך כל הימים;

איז עד"ז אויך בנוגע צו דעם ענין פון "טוב לשמים וטוב לבריות" - אז דער ענין פון יום השלישי, וואס ענינו איז אז הוכפל בו כי טוב, טוב לשמים וטוב לבריות - האט אויפגעטאן און מגלה געווען אין וועלט [ביז אז ס'איז געווארן א חלק פון תורה, מלשון הוראה[64]], אז די הנהגה פון מקבלי התורה [וואס דאס זיינען כל אחד ואחת מישראל, וויבאלד אז "תורה צוה לנו משה מורשה גו'"[65], וואס דער ענין הירושה איז אז ער איז יורש את הכל] דארף זיין אין אן אופן פון "טוב לשמים וטוב לבריות".

יג. "והמעשה הוא העיקר"[66] - וואס דאס איז פארבונדן מיט שטורעם און מיט דער הדגשה אויף דעם ענין פון "מבצע אהבת ישראל", וואס דאס איז "כל התורה כולה"[67] -

וואס ענינו בפשטות איז "טוב לשמים וטוב לבריות", ווי די תורה פון דעם אלטן רבי'ן[68] הידועה, אז "ואהבת לרעך כמוך" איז אייך זאך מיט "ואהבת את ה' אלקיך" - דער ענין פון "טוב לשמים"; און ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא פרק לב (און דער צ"צ איז דאס מבאר בארוכה אין ספר המצוות שלו מצות אהבת ישראל[69]), אז ס'דארף זיין דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך", דערפאר וואס בשרשם זיינען אלע אידן גלייך - דער ענין פון "טוב לבריות".

וכמדובר כמ"פ אז פון "מבצע אהבת ישראל" קומט דאס אראפ אין אלע מבצעים: "מבצע חינוך", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'",

- און -

------------

64) זח"ג נג, ב. 65) ברכה לג, ד. 66) אבות פ"א מי"ז. 67) שבת לא, א. 68) סה"ש ה'ש"ת ע' 3. 69) דרמ"צ כח, א ואילך.

און די ג׳ ענינים שעליהם כל בית ישראל עומד, וואס מ׳האט דאס אנפארטרויט צו נשי ובנות ישראל: "מבצע כשרות האכו"ש", "מבצע נרות שבת קודש", און "מבצע טהרת המשפחה".

וכמדובר כמ"פ אז דאס איז דער ענין וואס איז מבשיר (גרייט צו) די וועג, און איז מזרז אז מ׳זאל מחי׳ זיין די אלע ניצוצי קדושה, אפי׳ פון די וואס געפינען זיך אין א פנה נדחת, דורך דערויף וואס מ׳איז מקרב יעדער אידן, אפילו א אידן וואס מסיבות שונות ומשונות געפינט ער זיך אין א פנה נדחת – וואס דאס איז דער ענין פון "זוטרי דאית בכו מחי׳ מתים"[70]

[וואס דאס איז ע"ד ווי גערעדט פריער (ס"ד) וועגן דעם ענין פון פרה אדומה, אז דאס איז מטהר אפי׳ פון אן ענין וואס איז פארבונדן מיט העדר ושלילת הענין פון חיים].

און דאס בדענגט גלייך אז ס׳זאל זיין "ומיד הן נגאלין" – די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס "ילמד תורה את כל העם כולו"[71], און ער וועט מאכן די פרה העשירית, בעגלא דידן, ובמהרה בימינו ממש.

* * *

יד. דער ביאור אין פרש"י:

וויבאלד אז דער פסוק "וישמע הכנעני גו׳" קומט בהמשך אחד צו דעם וואס שטייט לפנ"ז "ויראו כל העדה כי גוע אהרן", לייגט זיך אין פשש"מ אז "וישמע הכנעני" איז פארבונדן מיט מיתה אהרן – וואס דערפאר זאגט רש"י "שמע שמת אהרן ונסתלקו ענני הכבוד".

עס איז אבער ניט פארשטאנדיק: ווי אזוי קען מען זאגן אז "וישמע הכנעני" מיינט אז "שמע שמת אהרן ונסתלקו ענני הכבוד", בשעה דער פסוק זאגט אליין אז דאס וואס ער האט געהערט איז – "כי בא ישראל דרך האתרים"?!

[וואס דאס איז ע"ד ווי גערעדט אמאל בארוכה[72] וועגן דעם וואס רש"י טייטשט אפ אויף "וישמע יתרו"[73], "מה שמועה שמע ובא קריעת ים סוף ומלחמת עמלק" – אז לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: ווי אזוי קען מען זאגן אז די שמועה וואס ער האט געהערט איז "קריעת ים סוף ומלחמת עמלק", בשעת דער פסוק אליין זאגט "וישמע יתרו גו׳ את כל אשר עשה אלקים גו׳ כי הוציא ה׳ את ישראל ממצרים"?

- און -

---

70) ע"ז י, ב. 71) לקו"ה צו יז, א. שער האמונה פנ"ו.
72) לקו"ש חי"א ע׳ 77 הע׳ 32. יתרו תשל"ו ס"א וסי"ב.
73) יתרו יח, א.

און אויף דערויף האט מען פארענטפערט, אז דער דיוק אין פרש"י איז "מה שמועה שמע ובא", ד.ה. אז פון די אלע ענינים וואס ער האט געהערט, איז וואס האט אים דערנומען עד כדי כך ביז אז "בא" - איז דאס דער ענין פון "קריעת ים סוף ומלחמת עמלק"].

מוז רש"י זאגן אז "כי בא ישראל דרך האתרים" איז פארבונדן דערמיט וואס "שמע שמת אהרן ונסתלקו ענני הכבוד". והביאור בזה:

כל זמן אז אהרן האט געלעבט און ס'זיינען געווען די ענני הכבוד, האבן אידן געוואוסט אין וועלכן וועג צו גיין - דארטן וואו די ענני הכבוד זיינען געגאנגען; אבער ווען "מת אהרן ונסתלקו ענני הכבוד", האט מען דאך אליין געדארפט אויסקלייבן אין וועלכע וועג צו גיין - זאגט דער פסוק אז מ'איז געגאנגען "דרך האתרים", מ'האט אויסגעקליבן די וועג וואס איז שוין א דורכגעטראטענע - "דרך הנגב שהלכו בה המרגלים שנאמר ויעלו בנגב".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער קשר פון "וישמע הכנעני גו'" מיט "ויראו כל העדה כי גוע אהרן":

דאס וואס אידן האבן געהאט די ענני הכבוד, איז געווען א דבר גלוי לכל, אלע האבן דאס געזעהן, אפי' אוה"ע (ס'איז ניט געווען קיין זאך וואס מ'האט געדארפט גלויבן אין דערויף, אלע האבן דאס געזעהן בגילוי), ווי רש"י האט שוין מפרש געווען אין פ' בהעלותך[67] דער אופן ווי אזוי די עננים האבן זיי מקיף געווען, "ארבע מארבע רוחות ואחד למעלה ואחד למטה ואחד לפניהם" - איז פארשטאנדיק אז אלע אוה"ע האבן געוואוסט דערפון.

און ס'איז אויך פארשטאנדיק, אז בשעת "מת אהרן ונסתלקו ענני הכבוד", האבן זיך אלע (אויך אוה"ע) דערוואוסט אז "נסתלקו ענני הכבוד".

און דאס איז דער פירוש הפסוק "וישמע הכנעני גו' כי בא ישראל דרך האתרים": ער האט געהערט אז "מת אהרן ונסתלקו ענני הכבוד", ובמילא האבן אידן געדארפט אויסקלייבן א וועג אין וועלכע צו גיין (וויבאלד אז פריער זיינען זיי געגאנגען דארטן וואו די ענני הכבוד זיינען געגאנגען), זיינען זיי געגאנגען "(כי בא ישראל) דרך האתרים", "דרך הנגב שהלכו בה המרגלים".

עפ"ז איז פארשטאנדיק בפשטות פארוואס שטייט אין פסוק "דרך האתרים" און ניט "דרך הנגב" - ווארום דער פסוק וויל דאס פארבינדן מיט "ויראו כל העדה כי גוע אהרן", אז די שמועה וואס דער כנעני האט געהערט איז "שמת אהרן ונסתלקו ענני הכבוד", מוז דער פסוק זאגן "כי בא ישראל דרך האתרים".

טו. דערמיט ווערט אויך פארענטפערט קושית תוס' אין ר"ה אויף פרש"י בפרשתנו, אז ס'איז קיין סתירה ניט צווישן דעם וואס מ'זאגט אז "שמע שמת אהרן ונסתלקו ענני הכבוד", דערמיט וואס דער פסוק זאגט "וישמע הכנעני גו' כי בא ישראל דרך האתרים".

וכמדובר כמ"פ אז אזוי ווי שיטת רש"י אין לימוד החומש איז פשש"מ, איז עד"ז אויך שיטתו אין לימוד הגמרא, אז ער איז א פשטן (ניט קיין פוסק), רש"י לערנט פשטות הסוגיא, אע"פ אז ע"פ הלכה קען אדויסקומען באופן אחר (ווי עס ווערט אראפגעבראכט אין כללי הש"ס[74]),

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז רש"י לערנט בפשטות אז דאס וואס די גמרא דרש'נט אויפן פסוק "וישמע הכנעני גו'" אז "שמע שמת אהרן ונסתלקו ענני הכבוד", גייט דאס אויפן פסוק אין פ' חקת (ניט כשיטת התוס' אז ס'גייט אויפן פסוק אין פ' מסעי, דערפאר וואס ס'קען ניט גיין אויפן פסוק אין פ' חקה) - ווארום די גמרא פירט אויס "והיינו דכתיב ויראו כל העדה כי גוע אהרן", וואס דערפון איז פארשטאנדיק בפשטות אז דאס גייט אויפן פסוק אין פ' חקת (וואס דארטן שטייט "ויראו כל העדה גו'").

טז. דער פירוש איז אבער ניט קיין גלאטיקער:

דער בן חמש למקרא פארשטייט בפשטות אז בשעת מ'האט געשיקט מרגלים "להור את ארץ כנען", האבן זיי ניט געזאגט אז זיי זיינען מרגלים, מ'איז געגאנגען באהאלטענערהייד כדי אז מ'זאל ניט וויסן אז זיי זיינען מרגלים (ס'איז היפך פון פשטות הענינים אז א מרגל וועט גיין דערציילן דעם "כנעני" (וואס איז אנטקעגן אים) אז ער איז א מרגל).

ובמילא איז ניט פארשטאנדיק: ווי קען זיין אז 39 יאר נאך שילוח המרגלים (וואס פון שילוח המרגלים ביז דער מעשה וואס ווערט דערציילט בפרשתנו, איז דורכגעגאנגען 39 יאר) האט דער "כנעני מלך ערד" געוואוסט אז דאס וואס אידן גייען איצטער אין דעם וועג, איז דאס דערפאר וואס דאס איז "דרך האתרים", די וועג אין וועלכע די מרגלים זיינען געגאנגען אין א"י מיט 39 יאר צוריק?!

און מ'קען ניט זאגן אז דערנאך (נאך דעם וואס די מרגלים זיינען געקומען אויף צוריק) האט מען מגלה געווען צו אוה"ע אז מ'איז געגאנגען "לתור את ארץ כנען" - ווארום:

עס ווערט דערציילט אין פ' שלח[75] אז משה רבינו האט

- גע'טענה'ט -

------------

74) יד מלאכי כללי רש"י אות ב'. 75) יד, טו-טז.

גע׳טענה׳ט "ואמרו הגוים גו׳ מבלתי יכולת ה׳ להביא את העם הזה אל הארץ גו׳" האט ער זיי איבערגעלאזט במדבר, וואס דערמיט האט ער באווארענט אז ס׳זאל ניט זיין דער ענין פון "ואעשה אותך לגוי גדול"[76].

עס איז אבער נאך אלץ ניט פארשטאנדיק: דאס גופא וואס דער אויבערשטער האלט אפ אידן אין מדבר 40 יאר, קען אויס-געטייטשט ווערן ביי א גוי אז דאס איז "מבלתי יכולת ה׳ להביא את העם הזה אל הארץ"?

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ׳וויל באווארענען דעם היפך הענין פון קידוש ה׳ (די טענה, פון "מבלתי יכולת ה׳ גו׳") - איז די עצה לזה, ניט דערציילן דאס וואס עס האט געטראפן מיט די מרגלים:

בשעת מ׳דערציילט ניט אז מ׳האט געשיקט מרגלים "לתור את ארץ כנען", קען מען זאגן אז מ׳האט מלכתחלה גערעכנט ארייננגיין אין א"י אין 39 יאר ארום; משא"כ אבער אויב מ׳דערציילט אז מ׳האט גלייך געשיקט מרגלים "להור את ארץ כנען" - פארשטייט יעדערער אז מ׳שיקט ניט קיין מרגלים איצטער ווען מ׳רעכנט ארייננגיין ראשן אין 39 יאר ארום, און אז מ׳דערציילט אז מ׳האט געשיקט מרגלים, איז דאס א הוכחה אז מ׳האט געוואלט גלייך ארייננגיין אין א"י.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד כ׳האט געוואלט באווארענען דעם היפך פון קידוש ה׳, די טענה פון "מבלתי יכולת ה׳ גו׳" - האט מען זיכער ניט דערציילט אז מ׳האט געשיקט מרגלים "לתור את הארץ".

ובמילא איז ניט פארשטאנדיק: ווי קומט דאס אז אין 39 יאר ארום האט דער כנעני געוואוסט אז דאס איז די וועג אין וועלכע די מרגלים זיינען געגאנגען מיט 39 יאר צוריק?!

און די קשיא איז מכריח רש"י׳ן ברענגען א צווייטן פירוש - אז "דרך האתרים" מיינט "דרך ההייר הגדול הנוסע לפניהם שנאמר דרך שלשת ימים לתור להם מנוחה".

יז. די קשיא הנ"ל (ס"ט) אויפן צווייטן פירוש פארוואס שטייט "אתרים" לשון רבים, ווען ס׳רעדט זיך וועגן דעם "ארון", אן ענין יחיד - דארף רש"י ניט פארענטפערן, ווארום דער בן חמש למקרא פארשטייט דאס בפשטות. והביאור בזה:

דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט פריער אז דעם ארון האט מען געטראגן מיט צוויי בדים, וואס דערפון

- פארשטייט -

---

76) שם, יב. 77) תרומה כה, יד.

פארשטייט ער אז דעם ארון האבן געטראגן לכה"פ פיר מענטשן [ווי מ'האט שוין געלערנט אין סיפור המרגלים אז וויבאלד ס'איז געווען "וישאוהו במוט בשנים" - "בשני מוטות"[78], האבן געדארפט (לכה"פ פיר מענטשן, און נאכמער) אכט מענטשן טראגן דעם אשכול[79]].

און ס'איז פארשטאנדיק בפשטות, אז בשעת דער כנעני האט געזעהן אז פיר מענטשן טראגן דעם ארון [וואס ער האט דאך ניט געוואוסט (אדער ניט געגלויבט) אז "נשא ארון את נושאיו"[80]] - האט ער ניט געטראכט אז דער "תייר הגדול הנוסע לפניהם" איז דער ארון אליין, ווארום מיטן ארון זיינען געגאנגען פיר מענטשן, וואס זיי האבן ארומגעקוקט די וועג "לתור להם מנוחה", און לויט דער באשטימטער וועג זיינען געגאנגען אלע אידן, איז פארשטאנדיק אז די נושאי הארון זיינען (אויך) געווען די "הרים", און דערפאר שטייט "האהרים" לשון רבים, וויבאלד אז אויסער דעם ארון זיינען געווען פיר מענטשן נושאי הארון.

אבער דער פירוש איז אויך ניט קיין גלאטער (ואדרבה, ער איז נאך ווייטער פון פשש"מ ווי דער ערשטער פירוש), ווארום רער ענין וואס אידן זיינען געגאנגען "דרך האתרים", "דרך התייר הגדול הנוסע לפניהם שנאמר דרך שלשת ימים לתור להם מנוחה", איז ניט געווען קיין תידוש ביי קיינעם, אזוי איז געווען ביי אלע מסעות.

[און דאס וואס ביי אלע אנדערע מסעות זיינען אויך געווען ענני הכבוד (משא"כ לאחרי מיתת אהרן) - איז דאך אבער דער ארון געגאנגען פאר די ענני הכבוד, כמובן בפשטות רערפון וואס ס'שטייט אז "וארון ברית ה' נוסע לפניהם דרך שלשה ימים לתור להם מנוחה", ד.ה. אז פריער איז געגאנגען דער ארון און האט אויסגעקליבן די וועג, "לתור להם מנותה", און נאך דעם וואס דער ארון האט אויסגעקליבן די וועג, זיינען דארטן געגאנגען ענני הכבוד.

ד.ה. אז בשעת ניט אידן האבן געקוקט, האבן זיי געזעהן אז פריער גייט דער ארון, און דערנאך גייען די ענני הכבוד - איז בשעת זיי האבן געקוקט און געזעהן אז דער ארון גייט "לתור להם מנוחה", איז דאס ביי זיי געווען אזוי ווי אין אלע מסעות, אז דער ארון גייט "לתור להם מנוחה"].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אין פשש"מ איז דער פירוש ניט גלאטיק נאכמער ווי דער ערשטע פירוש - ווארום

- לויט -

---

78) שלח שם, כג ובפרש"י. 79) ראה שיחת ש"פ שלח ש.ז. סמ"א. 80) סוטה לה, א.

לויט דעם פירוש איז ניט פארשטאנדיק וואס איז די סיבה אז וויבאלד דער כנעני האט געהערט אז אידן גייען "דרך התייר הגדול הנוסע לפניהם", איז דערפאר געוועז דער "וילחם בישראל"?! - און דערפאר ברענגט דאס רש"י מערניט ווי אלס א צווייטער פירוש.

יח. בנוגע צו די קשיא פארוואס שטייט "דרך האהרים" מיט אן אל"ף - דארף דאס רש"י אויך ניט באווארענען:

דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט אז ס'זיינען דא כמה תיבות וואס אמאל שטייען זיי מיט אן אל"ף צום אנהויב און אמאל אן אן אל"ף. ולדוגמא: אין פ' מקץ[81] שטייט "כולנו בני איש אחד נחנו", אן אן אל"ף, און דערנאך[82] שטייט "שנים עשר עבדיך אחים אנחנו", מיט אן אל"ף.

ונוסף לזה: ווען ס'שטייט אן אל"ף בראש התיבה, באווייזט דאס אויף לשון עתיד. ולדוגמא: בשעה מ'וויל זאגן איך וועל שרייבן, זאגט מען "אכתוב" (אנשטאט "כתב"), ועד"ז "אלבש" (אנשטאט "לבש");

און וויבאלד אז ווען מ'שיקט די מרגלים "להור את ארץ כנען", איז די כוונה בזה בנוגע לעתיד, אז דערנאך זאלן אידן קענען אריינגיין דארטן - איז פארשטאנדיק אז ס'קען שטיין "האתרים", וויבאלד אז דאס איז לשון עתיד.

יט. דער ביאור פארוואס קען רש"י ניט ברענגען דעם פירוש הירושלמי:

ע"פ פשש"מ, קען מען ניט זאגן אז "דרך האתרים" גייט אויף "אהרן התייר הגדול שלהן", ווארום וויבאלד אז "מת אהרן", קען מען ניט זאגן אז די וועג אין וועלכע אידן זיינען געגאנגען נאך דערויף וואס מת אהרן, איז דאס "דרך האתרים", אז דאס איז דער דרך פון "אהרן התייר הגדול שלהן".

- מ'וואלט געקענט טייטשן אז דעמולט האט מען געדיינקט אז ס'פעלט דער "תייר הגדול" (אהרן), אבער אין פשש"מ, איז בשעת מ'זאגט "דרך האתרים" מיינט מען אז דאס איז "דרך התייר הגדול", ובמילא קען מען ניט זאגן אז דאס גייט אויף אהרן, וויבאלד אז דא רעדט זיך נאך דעם וואס "מת אהרן".

און דערפאר מוז רש"י ברענגען די אנדערע צוויי פירושים וועלכע ער ברענגט, און מיטן סדר אז פריער טייטשט ער אפ "דרך הנגב שהלכו בה המרגלים", אבער וויבאלד אז אויף דעם

- פירוש -

------------

81) מב, יא. 82) שם, יג.

פירוש איז דא א שווערקייט (כנ"ל סט"ז), כוז רש"י ברענגען
אויך דעם צווייטן פירוש, אז דאס איז "דרך התייר הגדול
הנוסע לפניהם".

כ. ע"פ האמור לעיל (סי"ז) אז לויטן צווייטן פירוש שטייט
"האחרים" לשון רבים (אע"פ אז דער ארון איז א דבר יחיד),
דערפאר וואס "האחרים" גייט אויך אויף די נושאי הארון,
וואס זיי זיינען אויך געווען "תרים" - "להור להם מנוחה",
וועט מען פארשטיין דאס וואס רש"י איז מוסיף "התייר הגדול",

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: אין פסוק שטייט דאך
ניט "הגדול" (ס'שטייט "האחרים" סתם), איז פארוואס איז
רש"י מוסיף "(התייר) הגדול"?

אין ירושלמי שטייט טאקע דער לשון "ההייר הגדול",
אבער אין ירושלמי איז דער דרך הלימוד ע"ד הרמז והדרוש
וההלכה וכו'; ענינו של רש"י איז דאך אבער "אני לא באתי
אלא לפשש"מ"[83], איז וויבאלד אז ס'שטייט אין פסוק "דרך
האחרים", האט רש"י געדארפט זאגן "דרך התייר הנוסע לפניהם"
- פארוואס איז רש"י מוסיף "(ההייר) הגדול"?

ע"פ האמור לעיל איז דאס אבער פארשטאנדיק בפשטות:

וויבאלד אז צוזאמען מיטן ארון זיינען געגאנגען אויך
נושאי הארון, און דער כנעני האט דאך ניט געוואוסט אז דאס
איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט קדושת הארון, נאר
בפשטות זיינען (אויך) נושאי הארון געווען די "תרים", און
זיי האבן (אויך) אויסגעקוקט די וועג "להור להם מנוחה" -

מוז רש"י פאנאנדערטיילן צווישן דעם ארון מיט נושאי
הארון, אז נושאי הארון זיינען טאקע אויך געגאנגען "להור
להם מנוחה" (ווארום ס'שטייט דאך "האחרים" לשון רבים, מוז
מען דאך זאגן אז ס'גייט אויך אויף נושאי הארון), אבער זיי
זיינען געווען טפל צום ארון, ד.ה. אז דער ארון איז געווען
דער "הייר הגדול", און נושאי הארון זיינען געווען "היירים"
סתם ("תיירים" קטנים).

אין דעם פרש"י איז אויך דא אן ענין נפלא אין עניני
מוסר. וכפי שיתבאר לקמן.

כא. דער ביאור אין דעם וואס די משנה אין פרקי אבות רעכנט
ניט אויס ענינים וואס זיינען במספר "שלשה", אע"פ אז זיי
זיינען ענינים פון "מילי דחסידותא" (כמובן דערפון וואס
זיי ווערן געבראכט אין פרקי אבות אלס א דבר נפרד בפ"ע):

- מ'קען -

---

83) פרש"י בראשית ג, ה. ועוד.

מ׳קען ניט זאגן אז וויבאלד די ענינים וואס זיינען במספר שלשה ווערן שוין געבראכט אין פרקי אבות אלס דבר בפ"ע, דערפאר דארפן זיי ניט איבערגע׳חזר׳ט ווערן נאכאמאל צוזאמען אין פרק חמישי - ווארום מ׳זעט אז אין פרק חמישי איז די הדגשה (ניט נאר אז די ענינים זיינען אין א מספר של "עשרה", נאר) אויף גודל החשיבות פון מספר "עשרה", וואס דערפאר ברענגט ער אלע ענינים וואס זיינען במספר עשרה - צוזאמען וואס דאס איז מדגיש די חשיבות פון דעם מספר.

- אנדערע מפרשים ווילן זאגן אז דאס וואס מ׳רעכנט די אלע ענינים פון "עשרה" צוזאמען, איז דאס כדי אז ס׳זאל זיין לייכטער צו געדיינקען, וואס אזוי ווי ס׳איז דא דער ציווי[84] אז מ׳זאל מאכן סימנים בתורה, האט מען איינגעשטעלט אלע ענינים וואס זיינען במספר "עשרה" צוזאמען, וואס דעמולט וועט מען ניט מאכן קיין טעות און מ׳וועט געדיינקען דעם מספר דערפון, ווארום וויבאלד אז ער ווייסט אז דאס קומט בחדא מחתא מיט "עשרה מאמרות", וועט ער וויסן אז "דורות מנח ועד אברהם" זיינען אויך "עשרה", ועד"ז "נסים" זיינען אויך "עשרה" וכיו"ב.

אבער מצד דערויף אז עניני התורה דארפן זיין בדיוק גמור, איז פארשטאנדיק אז דאס אליין איז ניט קיין סיבה אויף צו איינשטעלן אלע ענינים פון מספר "עשרה" צוזאמען, נאר מ׳מוז זאגן אז מ׳שטעלט איין אלע ענינים פון מספר "עשרה" צוזאמען, כדי צו מדגיש זיין די חשיבות פון מספר "עשרה".

ובכלל גודל החשיבות פון מספר "עשרה" דערפון וואס אן עדה קדושה איז דוקא בעשרה, דוקא דעמולט איז דא דער ענין פון "ונקדשתי בתוך בנ"י"[85], ועד"ז געפינט מען בנוגע צו ברכת המזון אז די הלכה[86] איז אז דער נוסח וואס מ׳זאגט בעשרה, איז דער זעלבער נוסח וואס מ׳זאגט ביי מאה ואלף ורבבה, דערפאר וואס מספר "עשרה" איז כולל אלע ענינים[87].

ד.ה. אז ווען מ׳שטעלט איין כמה ענינים פון מספר "עשרה" צוזאמען (וואס ביי זיי אלע איז דער מספר "עשרה" בדיוק, עשר ולא תשע, עשר ולא אחד עשר[88]) - באווייזט דאס אויף דער חשיבות פון מספר "עשרה".

ועד"ז בנוגע צו דעם וואס די משנה רעכנט אויס כמה ענינים וואס זיינען אין דעם מספר פון "שבעה" און "ארבעה"



---

84) עירובין נד, סע"ב. 85) אמור כב, לב. וראה ברכות כא, ב. וש"נ. 86) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סקצ"ב ס"א (ס"ג). 87) ראה לקו"ש ח"ב ע׳ 451. 88) ראה ס"י פ"א מ"ד.

- אז דאס באווייזט אויף דער חשיבות פון די מספרים.

דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס אין די פריערדיקע פרקים זיינען געשטאנען באזונדער כמה ענינים וואס זיינען אין דעם מספר פון "שלשה", איז דאס נאך ניט מדגיש די חשיבות פון מספר "שלשה"; וועז זעט מען אז תורה איז מדגיש די חשיבות פון מספר "שלשה" [וואס דערפאר איז "בתלתא זימני הוי חזקה"[89]] - איז דאס דוקא ווען מ'שטעלט אוועק צוזאמען כמה ענינים וואס זיינען אין דעם מספר פון "שלשה".

וואס עפ"ז איז דאך ניט פארשטאנדיק: פארוואס ברענגט ניט די משנה אין פרק חמישי ענינים וואס זיינען במספר פון "שלשה", אויף מדגיש זיין די חשיבות פון מספר "שלשה"?

כב. איז דער ביאור בזה:

מ'האט גערעדט אמאל בארוכה[90] אז לכאו' איז דא אין דער משנה א תמיהה גדולה: די משנה רעכנט אויס כמה ענינים וואס זיינען במספר "עשרה", האט דאך די משנה געדארפט ברענגען דעם ענין הכי חשוב וואס איז במספר עשרה - "עשרת הדברות"?

וואס נקודה הביאור בזה איז - אז אין פרקי אבות ווערן געבראכט נאר ענינים וואס זיינען לפנים משורת הדין, "מילי דחסידותא", ובמילא קען מען ניט ברענגען דעם ענין פון "עשרת הדברות", ווייל דאס איז ניט קיין ענין פון "מילי דחסידותא", א לימוד נוסף אין תורה - דאס איז תורה אליין.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו דעם מספר פון "שלשה" - אז דאס איז ניט קיין ענין פון "מילי דחסידותא", נאר דאס איז פארבונדן מיט דעם עצם הענין פון תורה:

אין דער סוגיא פון מ"ת[91] זאגט די גמרא אז די תורה איז "אוריאן תליתאי" וואס איז געגעבן געווארן "לעם תליתאי על ידי תליתאי ביום תליתאי בירחא תליתאי", ובפרט נאך לויטן פירוש פון ר' נסים גאון דארטן וואס ער איז מוסיף נאך כו"כ ענינים וואס זיינען במספר פון "שלשה" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז מספר "שלשה" איז אן ענין עיקרי אין עצם ענין התורה [עס גיט זיך ארויס אין צען פרטים, "עשרת הדברות", אבער ענינה פון תורה איז אין דעם מספר פון "שלשה"], ניט קיין ענין פון "מילי דחסידותא".

וכמובן אויך דערפון וואס דער רמב"ם[92] פסק'נט אפ (פון ספרי[93]) אז "התורה ניתנה לעשות שלום בעולם", וואס כללות

- הענין -

------------

89) ב"מ קו, ב. 90) לקו"ש ח"ד ס"ע 1226 ואילך.
91) שבת פח, א. 92) סוף הל' חנוכה. 93) עה"פ נשא ו, כו. וראה לקו"ש ח"ה ע' 349 ואילך ובהע' 2 שם.



הנחה הה' בלתי מוגה

הענין פון "שלום" איז שייך רוקא ווען ס'זיינען דא דריי זאכן:

ווען ס'איז דא איין זאך איז ניט שייך דער גאנצער ענין פון שלום; ווען ס'זיינען דא צוויי זאכן, זיינען זיי דאך מחולק איינער פון דעם צווייטן (ווארום אויב ניט, איז דאס ניט צוויי זאכן נאר איין זאך) - דער ענין פון שלום איז שייך ווען ס'זיינען דא דריי זאכן, די צוויי זאכן וואס זיינען מחולק, און די דריטע זאך וואס מאכט שלום צווישן זיי,

וואס דאס איז כללות ענין ההורה וואס "ניתנה לעשות שלום בעולם", וואס אין דערויף זיינען דא דריי זאכן: די תורה אליין, דער איד הלומד תורה, און דאס וואס תורה טוט אויף אין וועלט.

עאכו"כ לויט ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק[94] דעם ענין פון "עושה שלום במרומיו"[95], אז דער אויבערשטער איז "עושה שלום" צווישן מיכאל און גבריאל כו'[96] - אז דאס ווערט אויפגעטאן דורך דער המשכה פון עצמות ומהות, וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון "שלשה"; מיכאל און גבריאל, און דער אויבערשטער וואס איז "עושה שלום" צווישן זיי.

וכידוע אז דער ראגאטשאווער[97] קאכט זיך אין דערויף אז אלע עניני התורה ווערן פאנאנדערגעטיילט אויף דריי: ווען מ'דארף טאן א געוויסע פעולה, איז דא דריי זאכן: דער וואס פועל'ט די פעולה, די פעולה עצמה, און דער דבר הנפעל.

ביז וואנעט אז תכליה שלימות העולם איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "ביום השלישי יקימנו ונחי' לפניו"[98], כמבואר בארוכה אין לקו"ת[99] אין די דרושים עה"פ "יחיינו מיומים ביום השלישי יקימנו ונחי' לפניו".

עד"ז זעט מען אויך אז כללות הספירות ווערן פאנאנדער-געטיילט אין שלשה, ועד"ז זעט מען אז ספר יצירה איז געבויט אויף דריי ענינים: עולם, שנה ונפש[100], ועד"ז זיינען דא כמה ענינים עיקריים אין תורה וועלכע שטעלן זיך אויס אין דעם מספר פון "שלשה".

ועפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס ברענגט ניט די משנה ענינים וואס זיינען במספר שלשה - ווארום מ'דארף ניט זאגן

- אז -

---

94) סי"ב. 95) איוב כה, ב. 96) דאה במדב"ר פי"ב, ח. דב"ר פ"ה, יב. זח"ג יג, ב. ועוד. 97) כפענ"צ פי"ב.
98) הושע ו, ב. 99) ר"ה סד, א. 100) אוה"ת יתרו ריש ע' תתמז. ועוד.

אז מצד "מילי דחסידותא" איז דא א תשיבות אין דעם מספר פון שלשה, ווארום תורה אליין איז ענינה פארבונדן מיט מספר "שלשה", ווי געזאגט פריער אז "התורה ניתנה לעשות שלום בעולם", וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם מספר "שלשה": דער איד הלומד תורה, די תורה אליין, און דארטן וואו תורה טוט אויף דעם ענין השלום, אדער: דער נותן התורה, תורה עצמה, און דער מקבל התורה, ובלשון התניא[101]: דער מושכל, דער שכל, און דער משכיל, ובלשון הרמב"ם[102]: "הוא היודע והוא הידוע והוא הדעה עצמה".

כג. דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר:

ער טייטשט אפ אין דער הערה אז די דריי לשונות "קדישין אינון עלאין אינון מתיקין אינון", זיינען כנגד די ג' בחי' חב"ד, וואס זיי זיינען די התחלה פון די ג' קוין, וואס די ג' קוין זיינען כללות סדר ההשתלשלות פון עולם התיקון.

וואס דאס איז כללות ההילוק צווישן עולם התוהו מיט עולם התיקון, אז אין תוהו זיינען דא מערניט ווי צוויי קוין, אדער "ויבלוך" אדער "וימת"[103], און דארטן איז בונה ע"מ לסתור און סותר ע"מ לבנות[104]; משא"כ עולם התיקון וואס דארטן זיינען דא דריי קוין, ווארום ס'איז דא דער "עושה שלום במרומיו", און דעמולט זאגט מען אז "והחוט המשולש לא במהרה ינתק"[105], און ווי רש"י ברענגט אראפ אויף "יעקב חבל נחלתו"[106] די מעלה פון "שלישי", מיט אלע פרטים וואס ער רעכנט אויס דארטן.

[וואס די מעלה פון מספר שלשה איז בדוגמת המעלה פון "אחד" לגבי "יחיד", וואס דער ענין פון "אחד" איז[107] - אז מ'איז מאחד די שבעה רקיעים וארץ און ד' רוחות העולם[108] און מ'מאכט פון זיי "אחד" - וואס דאס שטעלט זיך אויך אויס אין דריי אותיות].

און דער ענין פון ג' קוין (וואס דאס איז כללות ההשתלשלות) ווערט נמשך ביז למטה מטה אין "מלין דאורייתא", אז יעדער ענין פון תורה האט אין זיך די דריי ענינים "קדישין, עלאין, מתיקין" (ווארום ס'איז ניט דער טייטש אז

- ס'איז -

------------

101) רפ"ה. 102) הל' יסוה"ת פ"ב ה"י. 103) ראה תו"ח בראשית יג, סע"ג ואילך. הו"א וישלח כד, ד. 104) ראה המשך תרס"ו ע' שנה. 105) קהלת ד, יב. 106) האזינו לב, ט. 107) ראה הו"א וארא נה, ב. ובכ"מ. 108) ראה סמ"ק הובא בב"י או"ח סס"א. וראה לקו"ה תזריע כג, ג.

ס'איז דא אן ענין אין תורה וואס איז "קדישין", און אן ענין וואס איז "עלאין", און אן ענין וואס איז "מתיקין", נאר יעדער ענין פון תורה האט אין זיך אלע דריי ענינים, די ג' קוין).

כד. האמור לעיל וועגן דעם מספר פון "שלשה", איז אויך פארבונדן דערמיט וואס מ'האט גערעדט פריער (סי"ב) וועגן דעם ענין פון יום השלישי, וואס ענינו איז אז "הוכפל בו כי טוב", "טוב לשמים וטוב לבריות", ווי גערעדט באריכה כמ"פ במשך השנה.

וואס דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס י"ג תמוז הבא איז חל ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב.

ויה"ר אז מ'זאל זיך גרייטן צו י"ג תמוז כדבעי - כולל אויך הכדובר כמ"פ[109] וועגן דעם ענין פון מאכן א ההוועדוה, אז ס'איז דא א מעלה אין א התוועדות וואס ווערט געמאכט "ברוב עם הדרת מלך"[110], און לאידך איז דא א מעלה ווען מ'מאכט ההוועדויות בכמה מקומות, וואס דעמולט קענען קומען צו דער ההוועדוה אויך די וואס קענען ניט קומען צו דעם מקום וואו מ'מאכט די ההוועדוה "ברוב עם" (אדער אז זיי וויינען ניט פון דעם מקום), ווארום מ'מאכט דאס בשכונה ובביהכ"נ שלהם, קענען זיי זיך משתתף זיין בזה ביתר שאת וביתר עז -

איז ווען ס'רעדט זיך וועגן א ההוועדות וואס איז פארבונדן מיט צוויי טעג, י"ב און י"ג תמוז, האט מען דאך דעמולט שלשה לילות: ליל י"ב תמוז, ליל י"ג תמוז, און די לילה פון מוצאי י"ג תמוז, און אויך די שני ימים שבינהיים - האט מען גענוג צייט אויף מאכן ההוועדויות בכמה מקומות, און מאכן א ההוועדוה מרכזיה, ביז צו א התוועדוה העולה על כולנה.

וכמדובר כמ"פ וועגן דער מחלוקה ווי אזוי מ'דארף זאגן "זכר עמלק", "זכר" בצירי, אדער "זכר" בסגול - אז דער תורה חסד מלובלין האט געזאגט[111]: "זכר (בסגול) זכר (בצירי) אבי גוט אפמעקען" - איז עד"ז אויך בעניננו: ס'זאלן זיין צוויי ההוועדויות, דריי ההוועדויות, און נאכמער ההוועדויות, און א התוועדות כל השנה כולה, אז ס'זאל זיין א שנה של שמחה - אבי ס'זאל זיין דער ענין פון "שמחה פורץ גדר"[112],

- ביז -

------------

109) ראה לקו"ש ח"י ע' 230. שיחה יו"ד כסלו השל"ז סכ"א.
110) משלי יד, כח. 111) הועתק בסה"כ הש"ח ע' 126 בהערה.
112) ראה ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ע' 49 ואילך.

ביז צו "יעלה הפורץ לפנינו"[113], מלכא משיחא, יבא ויבאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו.

* * *

כה. בנוגע צו דעם ביאור אין פרש"י:

רש"י דארף ניט מפרש זיין פארוואס זאגט דער פסוק "דרך האתרים" און ניט "דרך הנגב", ווארום דאס איז פארשטאנדיק בפשטות:

מ'האט שוין געלערנט אין פ' שלח[114] אז די מרגלים האבן געזאגט "עמלק יושב בארץ הנגב", און ווי רש"י טייטשט אפ "לפי שנכוו בעמלק כבר הזכירוהו מרגלים כדי ליראם".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ס'וואלט געשטאנען אין פסוק "כי בא ישראל דרך הנגב", וואלט ביים בן חמש למקרא געווארן א שאלה: פארוואס זיינען אידן געגאנגען אין אזא וועג וואו זיי קענען זיך אנשטויסן מיט איינעם וואס איז "כעולם דצועה מרדות לישראל", וואס דאס איז "עמלק"[115]?!

דארף מען באווארענען די הסברה בזה (פארוואס זיינען אידן געגאנגען אין דער וועג און ניט אין אן אנדער וועג) אז דאס איז דערפאר וואס דאס איז "דרך האתרים", דער דרך "שהלכו בה כרגלים", ד.ה. וויבאלד די מרגלים האבן שוין דורכגעטראטן די וועג, דערפאר זיינען אידן געגאנגען אין דער וועג.

כו. פרעגט אבער דער בן חמש למקרא:

פון די מרגלים איז דאך ארויסגעקומען אן ענין הפכי - איז היתכן אז אידן זיינען געגאנגען אין דער וועג "שהלכו בה המרגלים"?!

דערמאנט זיך אבער דער בן חמש למקרא אז רש"י[116] האט געזאגט אז "אותה שעה כשרים היו", ד.ה. אז ווען זיי זיינען געגאנגען און "ויעלו בנגב" זיינען זיי געווען כשרים.

ועוד - והוא העיקר: דאס וואס די מרגלים זיינען געגאנגען בנגב, איז דאס ניט געווען דערפאר וואס זיי האבן אויסגעקליבן די וועג, נאר דערפאר וואס משה רבינו האט זיי אנגעזאגט "עלו זה בנגב", ד.ה. אז ווען זיי זיינען געגאנגען דרך הנגב [ו]ואס דאס איז געווען איידער זיי זיינען געווארן

- "דור -

---

113) ע"פ מיכה ב, יג. וראה ב"ר פפ"ה, יד ובפרש"י שם.
114) יג, כט. 115) פרש"י פרשתנו עה"פ. 116) שלח שם, ג.

"דור תהפוכות"[117], כמבואר אין מדרש[118], זיינען זיי געגאנגען דארטן דערפאר וואס אזוי איז געווען דער ציווי פון משה רבינו.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק פארוואס זיינען אידן געגאנגען "דרך האתרים", "דרך הנגב שהלכו בה המרגלים" - וויבאלד אז די מרגלים האבן דורכגעטראטן די וועג, און דאס איז געווען בכחו של משה רבינו, וואס ער האט זיי אנגעזאגט "עלו זה בנגב".

- דאס וואס מ'איז געגאנגען "דרך התייר הגדול הנוסע לפניהם", איז דאס ניט קיין עניין וואס איז פארבונדן מיט כחו של משה רבינו, דאס האט אויפגעטאן דער "ארון בריה ה'", וואס עינינו איז געווען "לתור להם מנוחה"; דא דעדט מען אבער וועגן דעם וואס מ'איז געגאנגען "דרך האתרים" בכחו של משה רבינו (וואדום דאס איז דאך געווען בדורו של משה) - "דרך הנגב שהלכו בה המרגלים", וואס דאס איז געווען בכחו של משה וואס ער האט זיי געהייסן "עלו זה בנגב".

כז. דערפון האט מען א הוראה נפלאה:

דורך דערויף וואס די מרגלים זיינען געגאנגען "דרך האתרים" - האבן זיי דורכגעטראטן און מכשיר געווען די וועג פאר אידן, אז אין 39 יאר נאך דערויף, זאלן אידן קענען גיין אין א"י "דרך האתרים".

וואס דא זעט מען גודל המעלה פון א אידן: אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן אזוינע אידן וואס אויף זיי זאגט מען "דור תהפוכות", און זיי האבן פארהאלטן רח"ל שכינתא אין מדבר, צוזאמען מיט ס"ר מישראל, און פארהאלטן משה רבינו אין מדבר ביז ביאה משיח צדקנו.

פונדעסטוועגן, וויבאלד אז זיי זיינען בני אברהם יצחק ויעקב - און זיי זיינען דאך געווען פון דעם "דור דעה"[119], און משה רבינו האט זיי אויסגעקליבן וכו' - איז ניט נאר אז רישומם ניכר לטוב, נאר נאכמער: דאס וואס זיי זיינען געגאנגען "לתור את ארץ כנען", האט אויפגעטאן אז בשעה אידן האבן געדארפט גיין איינעמען א"י, און משה רבינו האט געדארפט אויסקלייבן די וועג אין וועלכע מ'זאל גיין - איז מען געגאנגען "דרך האתרים", אין דער וועג "שהלכו בה המרגלים".

- וואס -

---

117) ל' הכתוב - האזינו לב, כ. 118) במרב"ר פס"ז, ה. ועוד. 119) זח"ב סב, ב. לקו"ת שלח לז, ב. וראה גם במדב"ר פי"ט, ג. תנחומא חקה ו. פס"ר פ' פרה פיסקא ט.

וואס אפי׳ לויטן צווייטן פירוש אז מ׳איז געגאנגען "דרך התייר הגדול הנוסע לפניהם" - איז דאך דאס ניט שולל דעם פירוש הראשון, ווארום אויך לויטן צווייטן פירוש זיינען אידן געגאנגען במציאות "דרך הנגב שהלכו בה המרגלים", און דאס גופא וואס דער ארון איז געגאנגען "דרך האתרים", איז דאס געווען דערפאר וואס די מרגלים האבן דורכגעטראטן די וועג.

ד.ה. אז 12 אידן האבן דורכגעטראטן די וועג פאר ס"ר מישראל, צוזאמען מיט נשיהם וטפם, און בהמתם וכספם וזהבם וכל עניניהם, אז מ׳זאל גיין איינעמען אה"ק.

ביז וואנעט אז בשעת מ׳איז געגאנגען "דרך האתרים", און ס׳איז געווען "וישב ממנו שבי" - זאגט רש"י אין פשש"מ אז א אידן האבן זיי ניט געקענט אנרירן, מערניט ווי א "שפחה אחת" וואס איז געווען בשבי ביי אידן.

און דאס גופא וואס "וישב ממנו שבי", איז געווען נאר כדי אז ס׳זאל ארויסקומען די תוצאה דערפון: דלכאו׳, אויב זיי האבן געהאט א שליטה אויף עבדים ושפחות פון אידן (דערפאר וואס זיי זיינען ניט אידן), איז פארוואס איז דער שבי געווען מערניט ווי א "שפחה אחת"?

מוז מען זאגן אז דאס גופא איז געווען צוליב דער תוצאה וואס איז דערפון ארויסגעקומען - אז בשעה אידן האבן דערזעהן אז "וישב ממנו שבי", האבן זיי פארשטאנען אז מ׳דארף עפעס מתקן זיין (וואס אויף צו באווייזן אז מ׳דארף עפעס מתקן זיין איז גענוג דער שבי פון א "שפחה אחת"),

און דערפאר זיינען אידן נתעורר געווארן און "וידר ישראל נדר לה׳ ויאמר וגו׳"[120], ובמילא איז געווען "וישמע ה׳ בקול ישראל גו׳ ויחרם אתהם גו׳ ויקרא שם המקום חרמה"[121].

וואס דערפון זעט מען די מעלה פון א אידן: אע"פ אז דערנאך זיינען זיי געווארן "דור תהפוכות", אעפ"כ, וויבאלד אז זיי זיינען געגאנגען "לתור את ארץ כנען" און "ויעלו בנגב" דערפאר וואס משה רבינו האט זיי געהייסן "עלו זה בנגב" - האבן זיי דורך דערויף דורכגעטראטן די וועג פאר אלע אידן, אז ווען אידן זיינען געגאנגען איינעמען א"י, זיינען זיי געגאנגען "דרך האתרים", "דרך הנגב שהלכו בה המרגלים".

כה. דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעה א איד האט געטאן

- איין -

------------

120) פרשתנו כא, ב. 121) שם, ג.

איין מאל א שליחות פון דעם אויבערשטן, ער האט געלייגט תפילין איין מאל, געגעבן א פרוטה לצדקה איין מאל - האט ער מקיים געווען שליחותו של הקב"ה "לתור את הארץ", אויפטאן אין עוה"ז הגשמי דעם ענין פון "יתרון ארץ בכל היא"[122],

ווי גערעדט אין דעם פריערדיקן מאמר[123] [געננומען פון אוה"ה און פון די מאמרים פון דעם רבי'ן נ"ע], אז בשעה א איד טוט א מצוה, פועל'ט ער א "יתרון" אין דעם דבר התהוון, און ניט נאר א "יתרון", נאר נאכמער: ער מאכט דערפון א נייע זאך - אז דאס ווערט א דירה לו ית'.

ד.ה. נוסף אויף דעם וואס די "יד המהלקת צדקה" ווערט א מרכבה, כמבואר אין תניא[124] - ווערט די פרוטה (וואס מ'האט מיט איר מקיים געווען מצות צדקה) א משכן ודירה לו ית', א דירה צו עצמו ומהותו[125];

בשעת מ'איז מקיים מצות צדקה, בלייבט די פרוטה חולין (מצות צדקה טוט ניט אויף קיין קדושה אין דער פרוטה), ער מעג דאס האלטן אין וועלכן ארט ער וויל, און נוצן דאס על כל צרכיו, פונדעסטוועגן,וויבאלד אז מיט דער פרוטה האט מען מקיים געווען מצות צדקה, האט די פרוטה (בשעה כעשה) דורכגעפירט שליחותו של הקב"ה, און דאס האט אויפגעטאן דער איד וועלכער האט מקיים געווען די מצוה.

און דעמולט איז דאס אין אן אופן אז "יחוד זה למעלה הוא נצחי"[126]; ס'איז ניט נוגע דאס וואס איז געווען מיט אים לפנ"ז, און דאס וואס מיט אים וועט זיין לאח"ז - אפי' אויב לפי שעה איז ער מוסיף כח אין לעו"ז (ווי דער אלטער רבי זאגט אין תניא[127] און אין הל' ה"ת[128]) - איז דאס מעדניט ווי לפי שעה, און דערנאך ווערט נתגלה - און מיטן גאנצן שטורעם - דאס וואס דער "יחוד זה למעלה הוא נצחי".

כט. דערפון האט מען די הוראה - אז בשעת מ'זאגט א אידן ער זאל גיין טאן מיט א צווייטן אידן, הויבט ער אן טענה'ן: ווי קומט ער צו אראפלאזן זיך און טאן מיט א אידן וואס א חוץ פון דער פעולה וואס ער גייט פועל'ן אויף אים, האט ער נאך גארניט געטאן!

דארף ער וויסן גודל המעלה פון א אידן - ובלשון התורה פון ר' מרדכי, דער צדיק נסתר הידוע, וואס דער בעל הגאולה

- בדענגט -

------------

122) קהלת ה, ח. 123) ד"ה שלח לך אנשים דמוצאי ש"פ שלח. 124) פכ"ג (כח, ב). 125) ראה אוה"ת ריש ע' תתקצז. סה"מ תרע"ת ריש ע' קצג. המשך תרס"ו ס"ע ג. 126) תניא פכ"ה (לב, א). 127) ספל"ט. 128) פ"ד סוס"ג.

ברענגט אראפ כמ"פ[129], אז עס קומט אראפ א נשמה אויף דער וועלט און לעבט אפ זיבעציג אכציג יאר, צוליב טאן א אידן א טובה,

ד.ה. אז ס'איז כדאי צו נעמען א "חלק אלוקה ממעל ממש", צונעמען פון תחת כסא הכבוד[130], און פון נאך העכער: פון דער דרגא "נשמה שנתת בי טהורה היא" (וואס איז נאך העכער פון "אתה בראתה"), און אראפנעמען איר דא למטה, כדי צו טאן א אידן א טובה אן איין און איינציקן מאל - אויף דערויף האלט מען די נשמה דא למטה זיבעציג אדער אכציג יאר!

וואס דערפון פארשטייט מען דאך גודל המעלה פון דעם אידן וועמען מ'טוט די טובה - אז צוליב טאן אים א טובה, האט דער אויבערשטער - וואס ער איז עצם הטוב, און טבע הטוב להטיב[131], ער איז טוב בל"ג - גענומען א "חלק אלוקה ממעל ממש", און האט אים אראפגענומען "מאיגרא רמה לבירא עמיקתא"[132], מיט אלע ענינים וואס חסידות איז מבאר די שפלות פון דעם עוה"ז התחתון שאין תחתון למטה הימנו - כדי עד זאל טאן א טובה דעם אידן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת עד טרעפט א אידן מיט וועלכן מ'דארף טאן און פועל'ן אויף אים ער זאל מקיים זיין א מצוה - דארף ער וויסן אז ס'איז רעכט אז דאס וואס עד לעבט זיבעציג אדער אכציג יאר, איז דאס צוליב דערויף עד זאל טאן דעם אידן די טובה!

דערנאך וועט ער טאקע לעבן נאך זיבעציג יאר, ע"ד ווי ס'שטייט[133] אויף איוב אז ער האט געלעבט מאה וארבעים שנה - דאס מינערט אבער ניט די נקודה הפנימיה אויף וועלכע עס האלטן זיך די גאנצע 140 יאר וואס ער לעבט, אז דאס איז (ווי די צדיקים הנסתרים, הלמידים פון דעם בעש"ט, האבן געזאגט) כדי ער זאל טאן דעם אידן אן איין און איינציקע טובה.

ל. דער ענין וואס מ'זאגט אז ס'קען זיין אז זיין נשמה איז אראפגעקומען דא למטה כדי צו טאן א טובה א אידן - איז דאס ע"ד ווי מ'געפינט אז ס'איז דא דער ענין פון "בבאי הוי זהיר טפי"[134], ס'איז דא די מצוה אין וועלכע ער איז "זהיר טפי", דערפאר וואס צוליב דעדויף איז עיקר ירידה נשמתו דא למטה.

- ועד"ז -

------------

129) היום יום ע' נא. סה"מ קונטרסים ח"ג ע' כו.
130) ראה זח"ג כט, ריש ע"ב. ובכ"מ. 131) ראה עמה"מ שער שעשועי המלך רפ"א. שעהיוה"א פ"ד. 132) ראה הגיגה ה, ב.
133) איוב מב, טז. 134) שבת קיח, סע"ב. וראה אגה"ק ס"ז (קיב. א).

ועד"ז געפינט מען אויך אין נגלה דתורה, ווי געבראכט אין דער פריערדיקער התוועדות[135] אז ר' אפרים מקשאה ווערט אזוי אנגערופן במשך כל ימי חייו, דערפאר וואס ער האט געזאגט א מאמר וואס איז פארבונדן מיט "מקשאה" *.

וואס לכאו', ר' אפרים מקשאה איז געווען תלמידו פון ר' מאיר, און ער האט געלערנט תורה און האט באקומען סמיכה, ביז אז ער איז אריינגעשטעלט געווארן אין תושבע"פ לעד ולעולמי עולמים, ובפשטות האט ער געזאגט כו"כ ענינים - אבער אעפ"כ, זיין נקודה און זיי פעולה און זיין תודה איז - דער ענין וואס על שמו האט מען אים גערופן ר' אפרים מקשאה.

ועד"ז בנוגע צו ר' יוסי בן פזי - ווי עס ווערט דערציילט אין זהר[141] אז מ'האט אים אזוי געדופן דערפאר וואס ער האט געוואלט לערנען תורה צוליב "פז", צוליב געלט [וכידוע די ביאורים וואס זיינען דא בזה, ווי קומט דאס אז מ'זאל דאס דערמאנען און קובע זיין אין זיין נאמען].

לא. ובנוגע לענינינו:

בשעת מ'גיט א קוק אין דעם בריוו פון דעם בעל הגאולה, וואס דארטן שטייט אז יעדער איד וואס "בשם ישראל יכונה" איז נגאל געווארן בי"ב תמוז צוזאמען מיטן בעל הגאולה - ווערט לכאו' א תמיהה גדולה:

עס רעדט זיך וועגן א אידן וואס "בשם ישראל יכונה", ס'איז ניט קיין איד וואס פירט זיך כל ימיו אזוי ווי א איד, מערניט וואס ער האט דעם "שם ישראל", און אין דערויף גופא איז דאס מעדניט ווי אין אן אופן אז "בשם ישראל יכונה", ער שרייט אז זיין שם האמיתי איז ניט "ישראל", ס'איז מערניט ווי א כינוי -

- זאגט -

------------

*) דאה פרש"י לב"ר פמ"ח, יד. שם פפ"ה, י: אפרים מקשאה - מקשה הלכות.

ועוד י"ל: ר' אפרים מקשאה אמר "אברהם אבינו אוכל חולין בטהרה הי' ושדה אמנו אותו היום פירסה נדה"[136] - וע"ש זה נקרא "מקשאה", כמבואר באדד"נ[137] דבפעם הא' "קשה לה", ועד"ז י"ל לאחרי הפסק ארוך ד"אחרי בלותי"[138]. וראה זוהר ריש ח"ב[139] דנדה קשה מכל מסאבי כו'. ובכלל - מצבה כבד וקשה סימני נדה הם[140].

------------

135) שיחת מוצאי ש"פ קרח סי"ז. 136) ב"מ פז, א. 137) פ"א קרוב לסופו. 138) וירא יח, יב. 139) ג, ריש ע"ב. 140) נדה סג, סע"א. ועוד. 141) ח"א פח, סע"א ואילך.

זאגט דער בעל הגאולה, אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה בי"ב תמוז", נאר אויך דעם אידן וואס "בשם ישראל יכונה" - דאס איז א מאדנע זאך, ביז אז זאגן אויף דערויף "מאדנע" און "ניט פארשטאנדיק", איז דאס גופא מאדנע און ניט פארשטאנדיק, ס'איז שלא בערך מערער דערפון!

ווען מ'גיט זיך אבער א כאפ דעם ענין האמור לעיל וועגן די מעלה פון א אידן, אז ס'איז רעכט נעמען א נשמה וואס איז חצובה מהחת כסא הכבוד, און אראפשיקן איר דא למטה, אז זי זאל זיך געפינען זיבעציג אדער אכציג יאר אין א "בירא עמיקתא", און דאס אלץ - כדי צו טאן א טובה א אידן.

וואס וויבאלד אז לא בשופטני עסקינן, איז דאך זיכער אז במשך פון די זיבעציג אדער אכציג יאר לערנט ער תורה און איז מקיים מצוות, ווארום מ'רעדט דאך וועגן א אידן און יעדער איד איז בחזקת כשרות[142] - קומט דאך אויס אז ווען ער איז אלט אכציג יאר, האט ער א ריבוי עצום פון תומ"צ;

זאגט מען אים אז די גאנצע תורה וואס ער האט געלערנט במשך די 70-80 יאר, און אלע מצוות וואס ער האט מקיים געווען במשך פון די 70-80 יאר - צוליב דערויף וואלט מען אים ניט געשיקט דא למטה, צוליב דערויף אליין וואלט ער געבליבן למעלה און ס'וואלט ניט געווען די אלע ענינים; ס'איז דא אן איין און איינציקע פעולה, די טובה וואס ער האט געטאן דעם אידן, וואס צוליב דערויף געפינט ער זיך דא למטה 70-80 יאר!

איז בשעת מ'ווייסט דעם גודל המעלה פון א אידן (כמובן מכל הנ"ל) - איז פארשטאנדיק ווי אזוי מ'קען זאגן אז יעדער איד, אפי' דער וואס "בשם ישראל יכונה", איז ער נגאל געווארן בי"ב תמוז צוזאמען מיטן בעל הגאולה.

און וויבאלד אז "ולא אתנו יודע עד מה"[143] - איז דאך רעכט אז די פעולה מיט פב"פ וואס ער האט די מעגליכקייט צו טאן מארגן איינדערפרי אדער היינט ביינאכט - איז דאס די פעולה וואס צוליב איר האט ער געלעבט ביז איצטער, און צוליב דערויף וועט ער לעבן לאח"ז אריכות ימים ושנים טובות!

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז במה נהטב די אלע חשבונות און די גאנצע יגיעה וטרחא והשתדלות צו טאן די פעולה - בשעת אז אויף דערויף האלט זיך זיין גאנצע מציאות!

לב. ויה"ר אז ס'זאל זיין "וישראל עושה חיל"[144] - ווי - ס'שטייט -

------------

142) רמב"ם הל' קדה"ח פ"ב ה"ב. 143) ל' הכתוב - תהלים עד, ט. וראה קונטרס ומעין ע' 22. 144) בלק כד, יח.

ס'שטייט אין דער פרשה וואס מ'האט אנגעהויבן ליינען שבת צו מנחה - און ווי געהערט פריער (ס"ב) אז דער רמב"ם טייטשט אפ כמה פסוקים פון דער פרשה אז זיי זיינען פארבונדן מיט דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו [ובפרט לויט ווי ס'איז נאכמער מודגש אין זהר[145]].

- זאל זיין "וישראל עושה חיל" נאך אין די לעצטע טעג פון גלות, אזוי ווי ס'איז געווען ווען אידן זיינען געגאנגען "דרך האתרים", אז נאך איידער מ'איז אריין אין א"י, ווען מ'איז נאך געווען אין "מדבר העמים", אין דעם "מדבר הגדול והנורא נחש שרף ועקרב וצמאון אשר אין מים"[146], מיט אלע פרטים וואס מ'רעכנט אויס בנוגע צו דעם מדבר - האבן אידן געהאט ארום זיך די ענני הכבוד וואס האבן זיי פארהיט פון אלע ענינים,

זאל אזוי זיין אויך איצטער - וואס אע"פ אז מ'זעט ניט בעיני בשר קיין ענני הכבוד, איז דאך אבער פארשטאנדיק, אז וויבאלד די גמרא[147] זאגט אז אלע ענינים חזרו בזכות משה, סיי בארה של מרים און סיי ענני הכבוד - איז בשעת ביי אים איז דא ענינו של משה רבינו,

וואס ענינו של משה רבינו איז דער ענין התורה, כפתגם הידוע[148] "אנא נפשי כתבית יהבית", און משה רבינו "מסר נפשו עלי'" וואס דערפאר איז "נקראת על שמו"[149],

איז בשעת מ'האלט זיך אין תורה, און מ'ליגט אין תורה, ביז אז מ'ווערט א מציאות פון תורה, עכ"פ רגע אחד ביום, ועאכו"כ כמה רגעים ביום, און דער רגע (אדער רגעים) ווערט א רגע וואס אויף אים האלט זיך דער גאנצער טאג - דעמולט זאגט מען אויף אים "משה שפיר קאמרת"[150] -

פועל'ט ער אז אויך זייענדיק אין "מדבר העמים" זאל מען האבן די ענני הכבוד (וואס חזרו בזכות משה) - וואס די ענני הכבוד טוען אפ די אלע ענינים, כמבואר אין מדרש[151] (און ווי רש"י האט שוין געזאגט אין פ' בהעלותך[42]) אז ענני הכבוד האבן גע'פועל'ט אז אלע נחשים ועקרבים זיינען געווארן אויס מציאות, און זיי האבן אויפגעטאן אז "כל גיא ינשא גו' והי' העקב למישור והרכסים לבקעה"[152], ד.ה. ניט נאר אז מ'גייט אין א"י, נאר מ'גייט אויף א לייכטן, א גלאטן און א גוטן אופן, אן קיינע שוועריקייטן.

- לג. -

---

145) ס"פ בלק. 146) עקב ח, טו. 147) תענית ט, סע"א. 148) שבת קה, א. 149) שמו"ר פ"ל, ד. וש"נ. 150) שבת קא, ב. וראה פרש"י ד"ה משה - חולין צג, א. 151) במדב"ר פ"א, ב. ועוד. 152) ישעי' מ, ד. וראה במדב"ר שם.

לג. וכן תהי' לנו - ווי מ'האט געזאגט אין הבדלה "ליהודים היתה אורה ושמחה וששון ויקר כן תהי' לנו", כיט אלע פירושי חז"ל וואס זיינען דא אויף דעם פסוק[153], ועאכו"כ ווי דער ענין איז אין פשש"מ,

אז נאך זייענדיק אין דעם מעמד ומצב פון "אכתי עבדי אחשורוש אנן"[154], און אין די לעצטע רגעים פון גלות, איז שוין דא דער ענין פון "נפל פחד היהודים עליהם", ביז אז "רבים מעמי הארץ מתיהדים"[155] - א גיור כהלכה,

און דערנאך ווערט דער ענין פון "אורה זו תורה" וכו' ביז "ויקר אלו תפילין", צוזאמען מיט די ענינים שבינתיים - "שמחה זה יו"ט", אז יעדער טאג פון די לעצטע טעג פון גלות ווערט ביי אידן אין אן אופן פון "והפכתי גו' לששון"[156], עאכו"כ בנוגע צו די ימים וואס זיינען ערב י"ב-י"ג תמוז, ועאכו"כ די ימים שלאח"ז.

און ס'ווערט דער ענין פון "יקר" כפשוטו, ווארום וויבאלד אז "נפל פחד היהודים עליהם", איז פארשטאנדיק אז זיי זיינען מייקר יעדער אידן און אלע אידן,

ועאכו"כ אז ס'ווערט בטל די גאנצע מציאות פון נחשים ועקרבים כאילו לא היו כלל, ביז אז "גם אויביו ישלים אתו"[157], אז "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך"[158], אז זיי העלפן אידן אין די אלע זאכן וואס אידן ווילן, נאך אין די לעצטע טעג פון גלות,

און מ'גייט בשמחה וטוב לבב מקבל זיין פני משיח צדקנו, בשמחה וטוב לבב, ובעגלא דידן.

צוה לנגן לכתחילה אריבער. עוצו עצה ותופר.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

------------

153) מגילה טז, ב. 154) שם יד, א. 155) אסתר ח, יז. 156) ירמי' לא, יב. 157) משלי טז, ז. 158) ישעי' מט, כג.

## השמטה לשיחה מוצאי ש"פ קרח, ג' תמוז

בהערה 71 בסופה צ"ל: וראה שיחת מוצאי ש"פ חקת ס"ל בהערה.

הנהה הה' בלתי מוגה

בס"ד. שיחת י"ב תמוז ה'תשל"ח. <u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. ס'איז דאך א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט י"ב-י"ג תמוז, ובפרט אז די התוועדות איז בלילה וואס איז צווישן י"ב מיט י"ג תמוז - וואס דעמולט האט דאס סיי דעם ענין פון י"ג תמוז, וויבאלד אז במעשה בראשית איז היום הולך אחר הלילה[1], און סיי דעם ענין פון י"ב תמוז, וויבאלד אז בקדשים איז הלילה הולך אחר היום[1].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז א התוועדות וואס איז צווישן י"ב מיט י"ג תמוז, איז מעורר ניט נאר אויף כללות הענין פון י"ב-י"ג תמוז, נאר אויך אויף דעם חיבור פון דעם מצב וואס איז געווען בי"ב תמוז מיטן מצב וואס איז געווען בי"ג תמוז.

און וויבאלד אז כללות הענין פון י"ב-י"ג תמוז איז אן ענין פון "מנהג ישראל" וואס "תורה הוא"[2], ובפרט אז דאס איז א מנהג וואס איז איינגעפירט געווארן דורך א נשיא בישראל, וואס עניני איז געווען להודות דרך ה', ווי אזוי צו דינען דעם אויבערשטן - איז פארשטאנדיק, אז דערפון דארף מען אפלערנען א הוראה בנוגע למעשה בפועל,

און נוסף אויף די הוראה פון כללות הענין פון י"ב-י"ג תמוז, דארף אויך זיין א הוראה פון דעם פרט (וואס איז אויך א כלל) ווי י"ב תמוז און י"ג תמוז זיינען באזונדער, און פון דעם ענין (אין זמן, וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע לכללות הענין) וואס איז זיי מחבר צוזאמען.

ב. דער כללות החילוק צווישן י"ב מיט י"ג תמוז - איז פארשטאנדיק דערפון ווי ס'איז געווען בפשטות הענינים:

דער סדר איז דעמולט געווען[3] אז מ'האט זיך געדארפט פאדשרייבן יעדער וואך אלס אן אסיר אין דעם משרד פון דער ממשלה (וואס האט געמאכט דעם מאסר, און דערנאך - משחרר געווען). איז בשעת מ'איז געקומען אהינצו (פארשרייבן זיך אלס אן אסיר) בי"ב תמוז, האט מען מודיע געווען אז ס'איז אנגעקומען א פקודה פון "גבוה על גבוה שומר וגבוהים עליהם"[4] אז מ'באפרייט אים פון דעם גלות אין קאסטראמא (וואס דאס איז געווען א המשך צו דעם ענין המאסר),

נאר אזוי ווי דער משרד איז דעמולט געווען פארשלאסן

- (מצד) -

---

1) הולין פג, סע"א. 2) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב.
3) ספר התולדות אדמו"ר מוהריי"צ ח"ג ע' 219. 4) ל' הכתוב - קהלת ה, ז.

(מצד זייערע זמני החופש)[5]. האט מען דאס ניט געקענט דורכפירן אפיציעל, ארויסגעבן א פאפיר כתוב וחתום מיט אלע פרטים רשמיים שבזה - האט מען אים געזאגט ער זאל קומען אויף מארגן, בי"ג תמוז, און דעמולט איז דער שחרור געווארן א דבר שבכתב חתום ומנוי, מיט אלע פרטים וואס מאכן דאס אפיציעל לפני כל עמי הארץ.

ד.ה. אז בי"ב תמוז איז שוין געווען דער שחרור פאר דעם בעל המאסר והגאולה אליין, און אויך פאר די אידן וואס זיינען געווען מיט אים במקום ההוא, און אויך פאר די אידן מיט וועלכע מ'האט זיך געקענט גלייך פארבינדן און מודיע זיין די בשורה;

אבער בנוגע צו וועלט, בנוגע צו ניט אידן - וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו ניט אידישקייט וואס קלעפט זיך אמאל צו מבחוץ צו א אידן - איז דער שחרור נאך ניט געווען (בי"ב תמוז), ווארום ס'איז נאך ניט געווען חתום אין אן אופן פון "כתב אשר נכתב בשם המלך ונחתום בטבעת המלך אין להשיב"[6].

וואס יעדער שינוי וואס ווערט ביי א אידן, קומט דערפון ארויס א שינוי אויך אין וועלט, ווארום "גם את העולם נתן בלבם"[7], און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס מ'זאגט אז די וועלט איז באשאפן געווארן "בשביל ישראל שנקראו ראשית"[8] -

עס נעמט אבער צייט ביז אז דער שינוי וואס איז געווארן ביי דעם אידן ווערט נשתלשל און קומט אראפ אין וועלט, אז דערפון זאל ווערן א שינוי אין וועלט.

און דאס האט מען געזעהן ביי א נשיא בישראל בהדגשה מיוחדת - אז ס'איז געווען אן ענין של שחרור בנוגע צו א אידן, אבער בנוגע צו וועלט איז נאך ניט געווען דער שחרור (ביז י"ג תמוז) - אויף צו באווייזן אז ס'קען זיין אן ענין של שחרור ביי א אידן, עס איז נאך אבער ניט קיין שחרור אמיתי וגאולה אמיתית ביז אז דאס ווערט אויפגעטאן אין אן אופן פון "וראו כל עמי הארץ"[9].

ג. דערפון דארף דאך זיין א הוראה בנוגע צו יעדער אידן - ווי דער בעל המאסר והגאולה שרייבט במכתבו וואס ער האט ארויסגעגעבן צו דער ערשטער ההוועדות פון י"ב תמוז בפעם

- הראשונה -

------------

5) ספר התולדות שם ע' 221. וראה גם רשימה שבסה"מ קונטרסים ח"א קעה, א. 6) ל' הכתוב - אסתר ה, ח. 7) קהלת ג, יא. 8) פרש"י ד"פ בראשית, ועוד. 9) תבוא כח, י.

הדאשונה בשנת תרפ"ח[10] [וואס חסידים זאגן אויף דערויף אז דאס איז שנת "תפרח"], אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה בי"ב תמוז כי אם גם את כל מחבבי תודתנו הק׳, שומרי מצוה, וגם את אשר בשם ישראל יכונה" - וואס דאס איז כולל יעדער אידן און אלע אידן.

ועד"ז בנוגע צו יעדער אידן בפרט - אלע חלקים וענינים שבו:

דער ענין פון "מחבבי תורתנו הק׳", וואס דער ענין פון תורה איז פארבונדן מיטן מוח ושכל שבראש און דיבור שבפה. דער ענין פון לימוד התורה דארף טאקע זיין מיט אלע רמ"ח אברים, "כל עצמותי תאמרנה"[11] - ווערן דאך אבער אלע אברים באלעבט און זיי טרייסלען זיך און פרייען זיך מיט דעם לימוד התורה וואס איז אין דעם שכל שבראש.

דערנאך איז דא דער ענין פון "שומרי מצוה" וואס איז דא ביי יעדער אידן, וואס דאס זיינען די רמ"ח אברים ושס"ה גידים, ווארום די רמ"ח אברים זיינען כנגד רמ"ח מ"ע און די שס"ה גידים זיינען כנגד שס"ה מל"ת[12].

דערנאך איז דא דער ענין פון "אשר בשם ישראל יכונה" וואס איז דא ביי יעדער אידן, וואס דאס גייט אויף עניני הרשות (כדלקמן) - וואס אין דערויף טיילט זיך אויך אפ א איד מכל עמי הארץ, אין אן אופן פון "ונפלינו אני ועמך מכל העם אשר על פני האדמה"[13],

ביז וואנעט אז ס׳ווערט א דין אין שו"ע[14] אז ס׳דארף זיין "כל מעשיך יהיו לשם שמים"[15] און "בכל דרכיך דעהו"[16], ד.ה. אז אויך ווען ס׳רעדט זיך וועגן "מעשיך" און "דרכיך", ענינים וואס זיינען אפגעגעבן געווארן לרשותו ולרצונו ער זאל אויסקלייבן ווי אזוי צו טאן (ווארום ע"פ שו"ע קען ער טאן אדער באופן זה אדער באופן אחר) - ווערט א דין אין שו"ע אז ער דארף זיך פירן אין אן אופן פון "כל מעשיך לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו".

וואס דאס איז אן ענין פון "בשם ישראל <u>יכונה</u>", ס׳איז ניט דער ענין פון "ישראל" בגילוי, מערניט ווי "בשם ישראל <u>יכונה</u>":

דער ענין פון "ישראל" איז - ווי ער טייטשט אפ בפשטות

- "כי -

------------

10) נדפס בסה"מ תרפ"ח ע׳ קמו ואילך. תש"ח ע׳ 263 ואילך. 11) תהלים לה, י. ודאה עירובין נד, רע"א. 12) זה"א קע, ב. ועוד. 13) חשא לג, טז. 14) או"ח סרל"א. שו"ע אדה"ז או"ח סקנ"ו ס"ב. 15) אבות פ"ב מי"ב. 16) משלי ג, ו.

"כי שרית עם אלקים ועם אנשים והוכל"[17] - איז בשעת א איד מאכט איבער פון גשמיות ותומריות העולם אז דערפון זאל ווערן א כלי לאלקות (ביז אין אן אופן אז דאס ווערט תשמישי קדושה און תשמישי מצוה, מיט אלע גדרים וחילוקים וואס זיינען דא אין דערויף), איז דאס אן ענין וואס "בשם ישראל יכונה";

בשעת ער עסט א מאכל און טרינקט א משקה, איז אע"פ אז ער האט געמאכט א ברכה, ווען ער האלט אבער אינמיטן דעם עסן און טרינקען, זעט אויס לכאו' אז דאס איז דער זעלבער מאכל ומשקה וואס דער ניט איד עסט און טרינקט - מ'דערקענט אבער אין דערויף, עכ"פ באופן של בינוני, אז דאס איז אן ענין פון "ישראל", "כי שרית עם אלקים ועם אנשים ותוכל" - וואס דאס איז דער ענין פון "בשם ישראל יכונה".

[וואס אע"פ אז דער ענין פון "כל מעשיך לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו" איז אן ענין פון לפנים משורת הדין (אין שו"ע גופא) - ווארום ס'איז דאך ניט דומה די דינים וועלכע שטייען אין שו"ע בפירוש ובפירוט אז מ'דארף זיי מקיים זיין באופן מסוים, צו דעם ענין פון "כל מעשיך לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו", וואס דאס שטייט מערניט ווי אין כללות'דיקע אותיות, און דערנאך איז דאס געגעבן געווארן צו יעדערן אז ער דארף טאן אין דערויף לויט זיין אפשאצונג, אין אן אופן פון מוסיף והולך, ביז אין תכלית השלימות - ווערט דאס אבער א הוראה אין שו"ע, אז ס'דארף זיין "כל מעשיך לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו"].

ד. די הוראה וואס מ'נעמט ארוים מהאמור לעיל בנוגע צו דעם ענין פון י"ב און י"ג תמוז (ווי זיי זיינען בפ"ע):

ווען ביי א אידן ווערט אן ענין של שחרור וגאולה בשלימות (בנוגע צו זיך) פון כל הענינים המבלבלים (ע"ד ווי ס'איז געווען דער מעמד ומצב פון י"ב תמוז) - קען ער דעמולט טראכטן: וואס האט ער צו טאן מיט דער גאנצער וועלט, און וואס דארף ער זיך קאכן אין דעם וואס עס טוט זיך מבחוץ, פון זיין נה"א, אדער עכ"פ מתוץ לחלקו בעולם -

זאגט מען אים אז דאס וואס ביי אים איז געווארן אן ענין של גאולה, איז דאס מערניט ווי א התחלה; ווען ווערט אבער די זיכערקייט אז דאס איז א שחרור וגאולה - איז דאס דוקא ווען מ'באקומט אן אישור וואס איז אנגעשריבן בדיו על הקלף (אדער על הניר), אז אפי' עמי הארץ, גוי'שקייט, איז

- אויך -

------------

17) וישלח לב, כט.

אויך מודה אז אויף א אידן איז ניטא קיין מדידה והגבלה, ער דארף זיך פירן און ער קען זיך פירן (ואדרבה - מ'איז אים נאך מסייע אז ער זאל זיך קענען פירן) אין אן אופן אז ער זאל ממלא זיין שליחותו ותפקידו בעולם, וואס "אני נבראתי לשמש את קוני"[18].

וואס דאס איז די נקודה פון י"ג תמוז - אז ס'איז ניט געגוג דער ענין השחרור והגאולה ווי דאס איז נאר בנוגע לעצמו; דאס איז מערניט ווי א התחלה, און דערנאך דארף דאס אראפקומען אויך אין וועלט, ביז אין אן אופן אז אפי' עמי הארץ זעהן דאס אויך בגילוי.

ה. דערנאך קומט צו די הוראה פון דעם זמן (דער לילה) וואס איז מחבר די צוויי טעג פון י"ב און י"ג תמוז:

מ'זאגט דאך אז ס'דארף זיין סיי די עבודה בנוגע לעצמו (דער ענין פון י"ב תמוז), און סיי די עבודה וואס ער דארף אויפטאן אין וועלט (דער ענין פון י"ג תמוז);

אין דערויף קען אבער זיין אז איין ענין טוט ער מיט א קאך, און דעם צווייטן ענין טוט ער מהיכי תיתי, ער טוט דאס מערניט אויף ממלא זיין חובתו (ווי די גמרא זאגט אין סוטה[19]).

ס'איז דא א איד וואס קאכט זיך בעיקר אין שלימות עצמו, און קאכט זיך ניט אזוי אין אויפטאן אין שלימות העולם. מ'דערציילט אים אז ס'איז דא א דין אין שו"ע (אדער אז ער ווייסט דאס בעצמו) אז ער דארף אויך מתקן זיין חלקו בעולם, און דורך דערויף אויך די גאנצע וועלט, טוט ער דאס טאקע, אבער דאס איז ניט מיטן זעלבן קאך ווי ער קאכט זיך אין שלימות עצמו.

דערנאך קען זיין אין דעם צווייטן קצה: ער קאכט זיך דוקא אין אויפטאן מבחוץ פון זיינע ד' אמות, אבער בנוגע צו זיינע ד' אמות - אין דערויף קאכט ער זיך ניט.

וואס דאס זיינען די צוויי דעות[20] וואס מ'געפינט אין לעו"ז בנוגע צו אחשורוש, צי מלך טפש הי' אדער מלך פקח הי' - וואס די שאלה בזה איז, וואס איז דער סדר אויף צו זיין בטוח אז ער איז א מלך:

אדער דורך דערויף וואס פריער איז ער כובש פלטרין שלו, און דערנאך גייט ער כובש זיין די גאנצע וועלט, אדער להיפך, אז פריער איז ער כובש די גאנצע וועלט, וואס דעמולט האט ער ניט וואס איבער צו טראכטן בנוגע צו פלטרין שלו.

- ועד"ז -

---

18) קידושין בסופה. 19) כב, ב. 20) מגילה יב, א.

ועד"ז אויך בנוגע צו עבודה האדם: פריער פארנעמט ער זיך מיט זיין "עולם קטן"[21], און דערנאך פארנעמט ער זיך מיט דער גאנצער וועלט, וואס זי ווערט אנגערופן "גוף גדול"[22], אדער להיפך, אז פריער נעמט ער איין די גאנצע וועלט, און דעמולט האט ער שוין ניט וואס איבער צו טראכטן וועגן זיין "עולם קטן".

ווי מ'זעט בפועל אז ס'זיינען דא אזוינע וואס קאכן זיך בעיקר אין הפצת היהדות בכל מקום שידו מגעת; זעלבסטפאר-שטענדליך אז ער לערנט תורה און איז מקיים מצוות, און טוט אלץ וואס מ'דארף טאן ע"פ שו"ע - עס איז אבער ניט מיטן זעלבן קאך ווי זיין התעסקות אין הפצת היהדות.

און ס'זיינען דא אזוינע וואס סדר עבודתם איז אין אן אופן אז ער קאכט זיך אז ער זאל באקומען אלץ וואס מערער שלימות, און דערנאך וויבאלד אז ער ווייסט אז ע"פ שו"ע דארף זיין עניין פון "ואהבת לרעך כמוך"[23] וואס דאס איז א "כלל גדול בתורה"[24], טוט ער אויך מיט א צווייטן אידן, און ער איז זיך משתדל אויף וויפל ער קען נאר אויספירן אז ס'זאל זיין אין אן אופן פון "כמוך" - ער טוט דאס אבער ניט מיטן זעלבן תענוג, ובמילא - ניט מיטן זעלבן קאך ווי ער טוט בנוגע לעצמו, ובמילא קען אמאל פעלן אויך אין דעם הידור שבדבר.

ז. בכללות איז דאס דער תילוק וואס איז דא צווישן יששכר און זבולון - וואס ביידע זיינען פון "שבטי י-ה"[25], די שבטים פון יעקב וואס ביי אים איז געווען "מטתו שלימה"[26], און זיי זיינען כולל אין זיך כל הסוגים שבישראל.

ביז אז מ'זאגט אז כללות עם ישראל ווערט פאנאנדערגע-טיילט אויף צוויי סוגים: דער סוג פון "מארי דאורייתא", בדוגמא צו יששכר וואס עניינו איז געווען לימוד התורה; און דער סוג פון "מארי עובדין טבין", בדוגמא צו זבולון וואס עניינו איז געווען[27] דער עסק בפרקמטיא, און ער האט מפרנס געווען יששכר'ן אז ער זאל זיך קענען עוסק זיין אין לימוד התורה.

זעלבסטפארשטענדליך אז סיי יששכר איז מקיים די מצוות

- פון -

------------

21) ראה תקו"ז תס"ט (קיז, ב). אדר"נ ספל"א. 22) מו"נ ח"א פע"ב. וראה גם קה"ר פ"א, ד. 23) קדושים יט, יח. 24) תו"כ ופרש"י עה"פ. 25) ל' הכתוב - תהלים קכב, ד. 26) ויק"ר פל"ו, ה. 27) ראה פרש"י ויחי מט, יג. ברכה לג, יח. תנחומא ויחי יא. ב"ר פצ"ט, ט. ועוד.

פון צדקה וגמ"ח, און סיי זבולון האט קביעות עתים לתורה, ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק[28] - די נפק"מ איז נאר וואס איז די מצוה וואס אין איר איז ער "זהיר טפי" , אין וועלכע מצוה לייכט ביי איס מערער זיין נשמה[30]:

ביי יששכר לייכט די נשמה בעיקר אין דעס ענין פון לימוד התורה, און דורך דעס ענין פון לימוד התורה גייען דורך אלע זיינע מצוות, סיי דער ענין פון לימוד התורה אלס איינע פון די מצוות, און סיי מצוות בפשטות,

און זבולון איז עיקר ענינו אז ער האנדעלט אין וועלט, און מאכט איבער פון עניני העולם אז דורך דעריויף זאל מען קענען אויפהאלטן עניני צדקה וגמ"ח, און קענען אויפהאלטן יששכר'ן אז ער זאל קענען זיצן און לערנען תורה במנוחת הנפש ובמנוחת הגוף,

ביז וואנעט אז ער לאזט זיך פארן איבער ים'ן (וואס דאס איז דאך אן ענין של סכנה), כדי צו ממלא זיין שליחותו בעולם אין ענינים וואס געפינען זיך אין איי הים אדער מעבר לים, ער זאל דערמיט מאכן אן ענין של סחורה, ארויסנעמען זיי פון זייער חומריות וגשמיות, און מאכן דערפון אן ענין של צדקה וגמ"ח,

ביז אז דורך דעריויף באקומט ער א חלק אין דער תורה וואס יששכר לערנט, אז דאס איז פונקט ווי ער וואלט אליין געלערנט תורה, ווי עס ברענגט זיך אראפ אין הל' ת"ת[31] - אויב ער רעדט אפ קודם הלימוד[32], בדוגמא ווי ס'איז געווען ביי שמעון אחי עזרי'[33].

ז. תכליה השלימות אין עבודת האדם איז אבער - ווען ער טוט די ביידע ענינים, סיי די עבודה בנוגע לעצמו, און סיי די עבודה בנוגע צו דער גאנצער וועלט (דער ענין פון י"ב תמוז, און דער ענין פון י"ג תמוז), מיטן זעלבן אופן און מיטן זעלבן קאך.

ובהקדמה: מ'האט גערעדט אמאל בארוכה[34] דאס וואס דער מהר"ל איז מבאר בספרו[35], אז בשעת דער אויבערשטער האט ארויס-גענומען אידן פון עבודות מצרים ("אנכי ה' אלקיך אשר הוצאתיך

- מארץ -

---

28) ס"ה (קט, א). 29) שבת קיח, סע"ב. 30) דאה אגה"ק ס"ז (קיב, א). סה"מ תרפ"ח ס"ע קנד ואילך. 31) טור יו"ד ר"ס רמו. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ג ס"ד. 32) שו"ע שם סוף ס"א בהגה"ה. 33) ויק"ר פכ"ה, ב. וראה ג"כ פרש"י ד"ה שמעון אחי עזרי' - סוטה כא, סע"א. 34) שיחת י"ב תמוז תשל"ז סי"ג. לקו"ש מסעי ה'תשל"ז הע' 27. 35) גבורות ה' פס"א.

מארץ מצרים מבית עבדים"[36], איז פון דעמולט אן ניט שייך ביי א אידן דער ענין העבדות. ובלשון הנגלה - אז דער אויבערשטער זאגט "שטרי קודם"[37].

אבער אין דערויף גופא וואס זינט יצי"מ איז יעדער איד א "בן חורין" - זיינען דא צוויי אופנים:

דורך דעם ענין פון לימוד התורה, ווי די משנה[38] זאגט "אין לך בן חורין אלא מי שעוסק בתלמוד תורה", וואס דעמולט שטייט ער אין אן אופן פון "מאן מלכי רבנן"[39];

און ס'איז דא דער אופן וואס ער ווערט א "בן חורין" דורך דערויף וואס ער איז "עבד מלך", דורך דערויף וואס כל עשיותיו ווערן געטאן אין אן אופן אז ער איז אן עבד פון מלך מלכי המלכים הקב"ה, ד.ה. אז זיין הנהגה איז אין אן אופן פון "כל מעשיך לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו", וואס דעמולט פסק'נט אפ תורה אז "עבד מלך כמלך"[40], אדער ווי די צווייטע גירסא[41] "עבד מלך מלך", אן א כ"ף הדמיון - ועאכו"כ אז עס ווערט נשלל פון אים דער גאנצער ענין העבדות, נאר ער איז א "בן חורין".

וועןקען דאס אבער זיין בתכלית השלימות - דוקא ווען ער קאכט זיך איןביידע ענינים מיטן זעלבן קאך, מיט דער זעלבער שלימות און התלהבות, סיי אין דעם ענין פון לימוד התורה, ענינו של יששכר, וואס בכללות איז דאס די עבודה בנוגע לעצמו, און סיי אין דעם ענין פון "כל מעשיך לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו", ענינו של זבולון, וואס בכללות איז דאס די עבודה וואס איז פארבונדן מיט חלקו בעולם וכל העולם כולו.

וואס דאס איז די הוראה פון דעם חיבור פון י"ב און י"ג תמוז (כנ"ל ס"א אז די התוועדות איז אין דעם זמן וואס איז מחבר י"ב תמוז מיט י"ג תמוז) - אז די עבודה בנוגע לעצמו, דער ענין פון י"ב תמוז, און די עבודה מיט דער גאנצער וועלט, דער ענין פון י"ג תמוז - דארפן געטאן ווערן צוזאמען, מיטן זעלבן קאך און התלהבות וכו'.

ח. לכאו' איז אבער ניט פארשטאנדיק: ווי אזוי קען מען זיך קאכן בשוה אין צוויי ענינים הפכיים: אויב ער איז א מענטש וואס איז פאר זיך, קאכט ער זיך אין דעם ענין פון יששכר; און אויב ער איז א מענטש וואס יעדער ענין איז ביי

- אים -

---

36) יתרו כ, ב. 37) תו"כ ופרש"י עה"פ בהר כה, מב. פרש"י שם, נה. 38) אבות פ"ו מ"ב. 39) ראה גיטין סב, א. 40) שבועות מז, ב. 41) פרש"י דברים א, ז.

אים מיט א התגלות, קאכט ער זיך אין דעם ענין פון זבולון -
איז ווי קען מען ביי אים מאנען אז בײדע ענינים זאלן ביי
אים זיין בשוה און בשלימות?!

איז דער ביאור בזה - אז דאס איז בדוגמת המבואר אין
ספרי[42] אז בנוגע לכל העינינים קען ניט זיין דער ענין פון
אהבה און יראה צוזאמען, ווארום בשעת ער שטייט אין א תנועה
פון יראה, ער איז מצומצם און טרייסלט זיך כו׳, קען ניט
זיין דער ענין פון אהבה, און בשעת ער שטייט אין א תנועה
פון אהבה, קען ניט זיין דער ענין פון יראה -

ווען ס׳רעדט זיך אבער וועגן אהבת ה׳ און יראת ה׳ -
איז אזוי ווי ס׳איז דא דער ציווי פון "ואהבת את ה׳ אלקיך"[43],
איז אויך דא דער ציווי פון "את ה׳ אלקיך תירא"[44],

און ס׳איז ניט דער טייטש אז איין רגע דארף ביי אים
זיין דער ענין פון אהבת ה׳ און א צווייטע רגע דארף ביי
אים זיין דער ענין פון יראת ה׳ - נאר ווי ער זאגט אין ספר
החינוך[45] אז ס׳זיינען דא שש מצוות, "סימנם שש ערי מקלט
תהיינה לכם", וואס יעדער איד איז מחוייב אין זיי בכל רגע,
און צווישן זיי אויך "לאהבה אותו" און "ליראה אותו",
ד.ה. אז בכל רגע דארף זיין סיי אהבת ה׳ און סיי יראת ה׳
צוזאמען.

וואס דער ביאור בזה בפשטות איז: וויבאלד אז ער טוט
דאס מצד דערויף וואס "קדשנו במצותיו וצונו", איז ביי אים
ניטא קיין חילוק צווישן אהבת ה׳ מיט יראת ה׳, ווארום
בײדע זיינען מצוות פון דעם אויבערשטן.

וע"ד ווי ס׳איז געווען בשעת מ"ת, אז אויף אלע עשה"ד
האבן אידן געענטפערט "הן", סיי אויף די מ"ע און סיי אויף
די מל"ת[46] - וואס לכאו׳ איז ניט פארשטאנדיק: ווי איז שייך
זאגן "הן" (וואס באווייזט אויף אן ענין של עשי׳) אויף
מל"ת, דער ענין פון מל"ת איז דאך <u>שלילת</u> המעשה?

איז דער ביאור בזה[47]: בשעת מ"ת ווען אידן האבן געזאגט
"נעשה ונשמע", זיינען זיי ניט געווען קיין מציאות פאר זיך
(זיי האבן ניט געענטפערט וואס עס טוט זייער גוף אדער זייער
נשמה); זייער מציאות איז געווען דאס וואס זיי זיינען מקבל
די תורה, איז וויבאלד אז דער אויבערשטער זאגט אזוי, זאגט
ער "הן", סיי אויף אן ענין פון קום ועשה, און סיי אויף אן

- ענין -

------------

42) עה"פ ואתחנן ו, ה. 43) ואתחנן שם. 44) עקב י, כ.
45) באגרת הכחבר בריש ספר החינוך (בסופה). 46) מכילתא
עה"פ יתרו כ, א. 47) ראה גם לקו"ש ח"ו ע׳ 124 ואילך.

ענין פון שלילת המעשה, מל"ת - און דערנאך (נאך דעם וואס ער זאגט "הן" - "נעשה") וועט ער הערן צי דאס איז א מ"ע, און דעמולט וועט ער שטיין אין א תנועה של חיוב ועשי׳, אדער דאס איז א מל"ת, וועט ער שטיין אין א תנועה פון שלילת המעשה.

און וויבאלד אז ער שטייט אין דער תנועה, אז אים איז נוגע מקיים זיין דעם אויבערשטנ׳ס רצון - קען ביי אים זיין דער ענין פון אהבת ה׳ און יראת ה׳ צוזאמען, און ער קען טאן מיט דעם זעלבן קאך סיי אין עבודתו בנוגע לעצמו, סיי אין דער עבודה מיט דער גאנצער וועלט.

ט. דערפון איז פארשטאנדיק אז דער סדר העבודה איז שייך ניט נאר צו יחידי סגולה, אדער פאר די וואס זיינען שייך צו א הנהגה מיוחדת, נאר דער סדר העבודה איז פאר אלע אידן, "מחבבי תורתנו הק׳", "שומרי מצוה", ביז צו דעם וואס "בשם ישראל יכונה" (ווי ער זאגט אין דעם בריוו צו דער התוועדות פון י"ב תמוז בפעם הראשונה).

וע"ד האמור לעיל בנוגע צו דעם ענין פון אהבת ה׳ און יראת ה׳ - וואס דאס זיינען מצוות אין וועלכע ס׳איז מחוייב יעדער איד, אפי׳ דער וואס "בשם ישראל יכונה", איז ער מחוייב מקיים זיין בידע מצוות בבה אחת בכל רגע.

און וויבאלד אז מ׳מאנט דאס ביי יעדער אידן, איז דאס גופא די הוכחה אז מ׳גיט אים די כחות און אפשריות אז ער זאל דאס קענען מקיים זיין, און מקיים זיין אזוי ווי מ׳דארף מקיים זיין אלע מצוות פון דעם אויבערשטן, וואס מ׳דארף זיי מקיים זיין בשלימותם.

י. האמור לעיל (אז ס׳דארף זיין סיי די עבודה בנוגע לעצמו, און סיי די עבודה מיט דער גאנצער וועלט) איז א הנהגה וועלכע דארף זיין בכל יום ובכל לילה, בכל עת ובכל רגע - אבער די הוראה והדגשה בדבר, און וואו קומט דאס ארויס בגלוי - איז דאס ווען ס׳קומט דער זמן פון י"ב-י"ג תמוז:

ווען מ׳דערוויסט זיך וועגן דער גאולה פון י"ב-י"ג תמוז, און מ׳ווייסט אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה בי"ב תמוז" נאר אלע סוגים פון אידן -

איז דא די גאולה ווי דאס איז בי"ב תמוז - אז מ׳איז גואל אים מיט אלע זיינע ענינים ווי ער שטייט אלס אן עולם פאר זיך; און דערנאך איז דא די גאולה ווי דאס איז בי"ג תמוז - אז די גאולה איז אין אן אופן וואס איז אויך פארבונדן מיט וועלט, אין אן אופן פון "וראו כל עמי הארץ", אין אן אופן הכי גדול והכי רשמי, מיטן גאנצן תוקף שבדבר.

- און -

און דערנאך קומט די לילה שבין י"ב לי"ג תמוז - וואס ע"פ הורה האט דאס א שייכות צו ביידע טעג, כאמור לעיל (ס"א) אז ס'איז פארשטאנדיק דערפון ווי דאס איז בנוגע צו מעשה בראשית ועניני האדם (אז היום הולך אחר הלילה), און ווי דאס איז בנוגע צו עניני קדשים אין משכן וביהמ"ק (אז הלילה הולך אחר היום) -

וואס די ביידע ענינים (מעשה בראשית - עניני העולם, און עניני קדשים) זיינען דא ביי יעדער אידן, ווי געזאגט פריער (ס"ג) אז ביי יעדער אידן זיינען דא די ענינים פון תומ"צ, וואס דאס איז בדוגמת עניני קדשים וקרבן, און ס'זיינען דא די ענינים פון "כל מעשיך לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו", עניני העולם -

סוס א איד אין ביידע ענינים - סיי אין תומ"צ, ובכללות עבודתו בעצמו, דער ענין פון י"ב תמוז, און סיי אין "כל מעשיך לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו", ובכללות די עבודה מיט דער גאנצער וועלט, דער ענין פון י"ג תמוז - מיטן זעלבן שטורעם,

און ער טוט דאס בשמחה וטוב לבב, וואס "שמחה פורץ גדר"[48], איז דאס אויך פורץ גדרי הגלות אין די לעצטע טעג פון גלות, ביז אז ס'קומט משיח צדקנו, און ס'ווערט די גאולה האמיתית והשלימה.

יא. וואס בנוגע צו משיח'ן זיינען אויך דא די ביידע קצוות:

אויף משיח שטייט[49] אז ער איז "חוטר מגזע ישי ונצר משרשיו יפרה", ובלשון הקבלה - אז נשמת משיח איז בחי' יחידה (כמבואר אין כתבי האריז"ל[50]).

וואס דער ענין פון יחידה האט ניט קיין שייכות צו אוה"ע, און ס'האט ניט קיין שייכות צו וועלט - וואס דערפאר ווערט דאס אנגערופן "יחידה", וויבאלד אז "בבואה דבבואה לית להו"[51], ביי זיי איז ניטא דער גאנצער ענין, מערנים ווי ביי אידן;

וביחד עם זה וועט משיח אויפטאן דעם ענין פון "לתקן עולם במלכות ש-ד-י", אז די גאנצע וועלט וועט ווערן אין אן אנדער מעמד ומצב, ער וועט אויפטאן שלימות אין גשמיות העולם, ביז אז ס'וועט זיין "וגר זאב עם כבש וגו'"[52], און

- ווער -

------------

48) ראה ד"ה שמח השמח תרנ"ז ע' 49 ואילך. 49) ישעי' יא, א. 50) סה"ב הרצ"ט ע' 207 בשם הרמ"ז. 51) יבמות קכב, א. גיטין סו, א. וראה לקו"ת תצא לו, ג. 52) ישעי' שם, ו.

ווער סוט דאס אויף - דוקא משיח וואס ענינו איז יחידה.

וואס בנוגע צו דעם ענין פון "וגר זאב עם כבש", טייטשט דאך אפ דער רמב"ם אין סוף הל' מלכים[53] אז דאס איז א "משל וחידה" אויף דעם אופן ההנהגה וואס וועט זיין צווישן אידן מיט אוה"ע - ועאכו"כ ווי דער ענין איז כפשוטו, וואס "אין מקרא יוצא מידי פשוטו"[54].

און ווי דער רמב"ם אליין שרייבט אין זיין אגרת הידועה[55], אז דאס וואס ער האט געשריבן אין ספרו "יד החזקה" אין הל' מלכים, אז דער ענין פון "וגר זאב עם כבש" איז מערנים ווי א "משל וחידה" - האט ער דאס געשריבן נים בתור פסק ובודאות, נאר אז אזוי קען מען זאגן, ד.ה. אז אויב מ'וועט געפינען א ראי' אז מ'מיינט אויך פשוטם של כתובים, קען טאקע זיין אז מ'מיינט אויך דברים כפשוטם.

וואס וויבאלד אז ס'איז דא דער פס"ר פון כמה פוסקים[56], ביז צום פס"ד פון דעם אלטן רבי'ן[57], ועד"ז אין די דרושים פון די נשיאים שלאחריו[58], וואס זיי האבן אנגענומען אז "אין מקרא יוצא מידי פשוטו" -

איז פארשטאנדיק, אז נוסף לזה וואס בנוגע צו אוה"ע איז א דבר הפשוט אז די הנהגה וועט זיין אין אן אופן פון "וגר זאב עם כבש", אפי' בנוגע צו די אוה"ע וועלכע זיינען בדוגמת נחש וכו', ביז אז "ונער קטן נוהג בם"[58] - וועט אויך זיין דער ענין פון "וגר זאב עם כבש" כפשוטו.

עאכו"כ בנוגע צו א"י, ווי די גמרא זאגט בסוף כתובות[59] אז "עתידין כל אילני סרק שבא"י שיטענו פירות", און ווי גערעדט אמאל בארוכה[60] אז אפי' לויט דער דעה אז "אין בין עוה"ז לימות המשיח אלא שעבוד מלכיות בלבד"[61], איז אבער א"י אן אויסנאם, אז דארטן וועט זיין דער ענין פון "ועץ השדה יתן פריו"[62], ווי רש"י טייטשט אפ אז דאס גייט אויף אילני סרק אז "עתידין לעשות פירות".

ד.ה. אז בביאת משיח צדקנו וועט זיך אויפטאן א שינוי אין גשמיות העולם כפשוטו, און ווער טוט דאס אויף - דוקא משיח צדקנו, וואס נשמתו איז בחי' יחידה, העכער אפי' פון

- בחי' -

------------

53) פי"ב ה"א. 54) שבת סג, א. וש"נ. 55) אגרת תחה"מ פ"ו. 56) הראב"ד בהשגותיו על הרמב"ם בהל' מלכים שם. וראה רד"ק עה"פ שם. 57) סה"מ אתהלך-לאזניא ע' נח. 58) אוה"ת נח (כרך ג) תרע, א-ב. המשך וככה תרל"ז פצ"ד. ועוד. 59) קיב, ב. 60) ראה גם הגש"פ עם לקוטי טעמים וכו' (קה"ת תשל"ו) ע' שנה בהערה. 61) ברכות לד, ב. וש"נ. 62) בחוקותי כו, ד.

בחי' חי', וואס זי ווערט דאך אנגערופן "יחידה" דערפאר וואס זי איז דא מערניס ווי ביי אידן, און ענינה איז אז זי איז מקבל פון יחידו של עולם, כמבואר בכ"מ[63].

יב. וכמדובר לעיל אז כל הנ"ל איז שייך ניט נאר צו יחידי סגולה, צו אזוינע וואס זיינען זיך עוסק אין לימוד הקבלה אדער אין לימוד החסידות, אדער אין לימוד פלפולא דאורייתא - נאר ווי דער בעל הגאולה שרייבט במכתבו בפירוש, אז דאס איז שייך צו יעדער אידן און צו אלע אידן, ביז צו א אידן וואס "בשם ישראל יכונה".

ויה"ר אז יעדערער זאל טאן בכל הנ"ל, און טאן דאס אין אן אופן פון שמחה וטוב לבב (ווי ביי יעדער ענין של שמחה),

און ס'זאל זיין אין אן אופן פון שמחה אמיתית, וואס אמיתית ענין השמחה איז דוקא ווען ס'איז אין אן אופן פון "ושמחת בחגך אתה ובנך ובתך ועבדך ואמתך", ביז "והגר גו' אשר בשעריך"[64] שנתגייר כהלכה, כמבואר אין פוסקים[65] אז אמיתית ענין השמחה איז דוקא ווען ער איז משתף אחרים אין זיין שמחה.

און דאס זאל פועל'ן אז ס'וועט זיין "שמחה פורץ גדר" בנוגע צו זיך, און דאס וועט פועל'ן פריצת הגדר אויך ביי די אלע וואס ארום איס,

ביז וואנעט אז ס'וועט זיין "ושמחת עולם על ראשם"[66], ווארום ס'וועט זיין "יעלה הפורץ לפניהם"[67] - ביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, ובמהרה בימינו ממש.

* * *

יג. מ'האט גערעדט כמ"פ בארוכה (וכידוע צו די אלע וואס ווייסן בפרטיות פרשת המאסר והגאולה), אז דער עיקר ניט-צופרידנקייט און דער עיקר גזירה איז געווען בנוגע צום חינוך פון קטנים,

מיט דער טענה אז מ'דארף זיי זאלן אליין אויסקלייבן זייער וועג, וואס דערפאר דארף מען זיי ניט ארייננפירן - זייענדיק קטנים - אין דרך התורה ומצוותי', און ווען זיי

- וועלן -

------------

63) לקו"ת ראה כה, א. 64) ראה טז, יד. 65) ראה רמב"ם הל' יו"ט פ"ו הי"ח. שו"ע אדה"ז או"ח סתקכ"ט סי"א. וראה סידור שער הסוכות רנז, רע"ג. ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ע' 50 ואילך. ובכ"מ. 66) ישעי' לה, י. נא, יא. 67) מיכה ב, יג. וראה ב"ר פפ"ה, יד ובפרש"י שם.

וועלן אויסוואקסן און וועלן ווערן "הישישים", וועלן זיי אליין אויסקלייבן די וועג וועלכע זיי ווילן – וואס דאס איז די גזירה הידועה וואס אויף דערויף האט מען געזאגט "אם אין גדיים אין תיישים"[68].

וואס דערפאר איז דער עיקר קאך פון בעל הגאולה געווען בנוגע צו מייסד זיין חדרים און תלמוד-תורה׳ס פאר קטנים און קטני קטנים.

זעלבסטפארשטענדליך אז צוזאמען דערמיט האט ער געטאן בנוגע צו גדולים, בנוגע צו מייסד זיין מקוה טהרה, מיט אלע ענינים פון תורה ומצוותי׳; אבער עיקר ההשתדלות איז געווען אין דעם ענין פון "מפי עוללים ויונקים יסדת עוז גו׳ להשבית אויב ומתנקם"[69], כידוע דער מאמר וואס ער האט געזאגט בפורים קטן שלפני המאסר[70], וכידוע אויך די רייד וואס זיינען געווען לפנ"ז און לאח"ז אין דער ההוועדות[71] – וואס דער עיקר הדגשה איז געווען בנוגע צו דעם ענין פון לימוד התורה און חינוך צו קיום המצוות פון "עוללים ויונקים", קטנים וקטנות.

יד. דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ס׳קומען די טעג פון י"ב-י"ג תמוז בכל שנה ושנה, וואס "הימים האלו נזכרים ונעשים"[72] – איז די כוונה בזה ניט אז מ׳זאל דאס דערמאנען ווי אן ענין וואס איז געווען "למפרע"[73], א זאך וואס איז געווען מיט יארן צוריק, און איצטער איז דערפון געבליבן מערניט ווי אן ענין של זכרון, נאר אז דער זכרון זאל זיין אין אן אופן פון "נזכרים ונעשים", אז דורך דערויף זאלן באנייט ווערן די מעשים וועלכע זיינען פארבונדן מיט דעם זכרון.

און וויבאלד אז ס׳דארף זיין "מעלין בקודש"[74], איז פארשטאנדיק, אז עס דארף צוקומען נאכמער וויפל ס׳איז צוגעקומען מצד דער ההעוררות פון י"ב-י"ג תמוז פון שנה שעברה.

טו. וכמדובר כמ"פ אז י"ב-י"ג תמוז איז א יו"ט מיוחד פאר קטנים וקטנות – וויבאלד אז מ׳זעט אז דער בעל הגאולה האט איינגעשטעלט בסכנה די אלע ענינים פון הפצה התורה והיהדות צו גדולים בישראל (וואס דערצו האט מען זיך ניט אזויפיל

– געטשעפעט –

------------

68) אסת"ר פתיחתא יא. 69) תהלים ח, ג. 70) נדפס בסה"מ תשי"א ע׳ 180 ואילך. 71) ראה ספר התולדות שם ע׳ 80 ואילך. 72) אסתר ט, כה. וראה לב דוד (להחיד"א) פכ"ט. 73) ראה מגילה יז, א. כש"ט (הוצאה קה"ת) הוספוה אות עה. 74) ברכות כה, א. וש"נ.

געטשעפעט, אדער אז מ'האט זיך דערצו בכלל ניט געטשעפעט), כדי צו טאן ביתר שאת וביתר עז בנוגע צום חינוך פון קטנים וקטנות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ס'קומען די טעג פון י"ב-י"ג תמוז, איז דאס אן ענין וואס איז נוגע במיוחד צו קטנים וקטנות,

אז ווי גוט ס'איז נאר געווען זייער הנהגה אין לימוד התורה און אין קיום המצוות [ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין שו"ע שלו אין הל' שבת[75] אז א מצוה וועלכע ער איז שוין שייך צו פארשטיין תוכנה, דארף מען אים מחנך זיין צו מקיים זיין די מצוה] -

דארף ביי זיי צוקומען א זירוז מיוחד, אז זיי זאלן זיך ארייננטראכטן אין די טייערקייט פון זייער הנהגה, ווי מ'זעט דאס דערפון וואס צוליב דערויף האט א נשיא בישראל - וואס האט געטראגן על שכמו און געהאט אויף זיך אן אחריות בנוגע צו הפצת התורה והיהדות פאר גדולים וגדולות - האט ער דאס אלץ איינגעשטעלט אין סכנה, אבי אז ס'זאל זיין די הפצת התורה און דער לימוד וחינוך פון "עוללים ויונקים" בתכלית השלימות.

וואס דאס מאנט ארויס ביי זיי א גרעסערע התעוררות, אז מכאן ולהבא זאלן זיי נאכמער מוסיף זיין אין לימוד התורה וקיום המצוות מיט א חיות,

אנהויבנדיק פון דער מצוה פון "ואהבת לרעך כמוך", וואס אין דערויף דארף מען האבן א זהירות ושימת לב מיוחדת בנוגע צו קטנים וקטנות, ווי מ'זעט בטבע בני אדם, אז ביי א קטן וקטנה איז שווערער פועל'ן אז זיי זאלן אפגעבן זייערע א זאך צו א צווייטן, ווארום בשעת מ'איז אים מסביר בשכל אז ער דארף דאס טאן - איז ניט יעדער שכל פארשטייט ער, און ניט יעדער שכל וויל ער פארשטיין, משא"כ ביי א גדול וגדולה וואס ביי זיי איז לייכטער פועל'ן דעם ענין;

וויבאלד אז ס'רעדט זיך אבער וועגן בני ובנות ישראל, וואס בטבע נפשם זיינען זיי רחמנים ביישנים און גומלי חסדים[76], דערפאר וואס מ'האט דאס בירושה פון אברהם אבינו און שרה אמנו - איז א זיכערע זאך אז ווען מ'איז זיי מדריך אין דעם אופן (אז ס'דארף זיין "ואהבת לרעך כמוך" וכו'), איז מען מצליח בזה.

און כ'פועל'ט דאס אין אן אופן אז דערנאך איז "שלהבת

- עולה -

------------

75) שלה"ג ס"ג. 76) יבמות עט, רע"א.

עולה מאלי׳"[77], אז נאך דערויף, וואס מ׳האט אנגעצוונדן דעם "נר ה׳ נשמת אדם"[78], בנוגע צו חיות והתמדה אין לימוד התורה, און חיות אין קיום המצוות, אנהויבנדיק פון "ואהבה לרעך כמוך", איז נאך התחלת החינוך וההדרכה ווערט "שלהבת עולה מאלי׳", אז ער ווערט אלץ העכער און ווארימער און ליכטיקער, ווי מ׳זעט דאס אויך בפועל.

סז. ויה"ר אז די קטנים וקטנות וואס געפינען זיך דא, זאלן דאס גלייך אנהויבן מתוך שמחה, מיט א ניגון צוזאמען מיט זאגן לחיים וכיו"ב, און דורך זיי וועט דאס דערגרייכן צו נאך קטנים וקטנות, ביז אז דאס וועט ארומנעמען כל הקטנים והקטנות שבכל העולם כולו.

און דאס וועט ממהר זיין ביאת משיח צדקנו - ווארום ביאת משיח צדקנו איז דאך פארבונדן מיט דעם ענין פון "יכלו כל נשמות שבגוף"[79], און בשעת אז די נשמה קומט אראפ למטה אין א גוף, דארף דאס זיין אין אן אופן אז דארטן (אין דעם גוף) זאל לייכטן דער "נר ה׳ נשמת אדם".

וואס דעמולט וועט מען קענען זאגן "ראו גידולים שגידלנו", און גיין צוזאמען מיט זיי מקבל זיין פני משיח צדקנו,

און אין אן אופן ווי ס׳איז געווען אין "ימי צאתך מארץ מצרים", אז "הם הכירוהו תחלה"[80], אז די קינדער וואס האבן באקומען א אידישן חינוך זייענדיק אין גלות מצרים, איז "הם הכירוהו תחלה", און ערשט דערנאך משה ובנ"י -

כך תהי׳ לנו, בקרוב ממש, דורך די "עוללים ויונקים", קטנים וקטנות, וואס וועלן משפיע זיין אויף אלע קינדער וועלכע געפינען זיך בסביבתם, אין אן אופן אז זיי וועלן אויך ווערן טופח ע"מ להטפיח,

ביז אז מ׳וועט אויפטאן אז יעדער אידיש קינד וועט נתחנך ווערן אין א חינוך הכשר, און נאך העכער: חינוך על טהרת הקדוש, ביז צו חינוך הקדוש,

און גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו בשמחה ובטוב לבב, והם בראש.

אח"כ אמר: מסתמא געפינען זיך דא די מדריכים - זאלן זיי זאגן לחיים און זאגן א ניגון.

- אח"כ -

---

77) שבת כא, סע"א. פרש"י ר"פ בהעלותך. 78) משלי כ, כז. 79) יבמות סב, סע"א. 80) סוטה יא, ב.

אח"כ צוה כ"ק אדמו"ר שליט"א שיאמרו את הי"ב פסוקים ומארז"ל.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן הושיעה את עמך.

* * *

יז. מ'האט געדעדט אין די לעצטע התוועדויות[81] אז איצטער הויבט זיך אן דער יובל השני פון דער גאולה פון י"ב-י"ג תמוז.

וואס אע"פ אז די גאולה איז געווען בשנת תרפ"ז, קומט דאך אויס אז איצטער איז דער יובל השני מיט נאך א יאר - איז דאך אבער פארשטאנדיק, אז אין י"ב-י"ג תמוז פון שנת תרפ"ז, האט מען נאך ניט געוואוסט ווי אזוי וועט זיין דער המשך דערפון;

מ'האט געוואוסט אז דאס איז אן ענין של גאולה לפי שעה, מ'האט נאך אבער ניט געוואוסט דאס וואס ס'האט זיך דערנאך ארויסגעוויזן, אז דאס איז געווען א התחלה צו הפצת התורה והיהדות אין אן אופן פון הולך ומוסיף, סיי במדינה ההיא, און סיי בשאר המדינות,

ד.ה. ניט נאר אז בי"ב תמוז, איידער דער שחרור וגאולה איז געווען באופן רשמי (כתוב וחתום אויף פאפיר, נאר מערניט ווי בע"פ), האט מען דערפון ניט געוואוסט, נאר אפי' בי"ג תמוז, ווען דער שחרור וגאולה איז שוין געווען באופן רשמי, האט מען נאך אויך ניט געוואוסט ווי וועט זיין דער המשך ווען מ'וועט קומען צוריק למקומו וואו דער בעל הגאולה האט דעמולט געלעבט, אין לענינגראד (וואס אמאל האט דאס געהייסן פעטערבורג).

[וואס דערפאר זעט מען אויך אז דער בעל הגאולה האט ניט געמאכט ברכת הגומל ביז אז ס'זיינען דורכגעגאנגען עטליכע טעג נאך י"ב-י"ג תמוז[82] - מתאים צום פס"ד פון דעם אלטן רבי'ן בסידורו אין הל' ברכות הנהנין[83], אז א חולה שנתרפא דארף מאכן ברכת הגומל ערשט ווען "יחזור לבוריו", וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו יציאה מבית האסורים].

און אפי' בנוגע צו די וואס האבן געוואוסט ווי אזוי וועט זיין דער המשך בזה, ועאכו"כ בנוגע צום בעל הגאולה אליין - איז נוסף צו כללות הענין וואס ער האט געהאט כמה הדפתקאות ביז ער איז דערצו צוגעקומען, געפינט מען אויך

- בנוגע -

---

81) מוצאי ש"פ שלח סכ"ה ואילך. 82) ראה רשימה שבסה"מ קונטרסים ח"א קעה, סע"א. 83) פי"ג ה"ה.

בנוגע צו חנוכה ופורים, אז דעם יו"ט האט מען קובע געווען ערשט לשנה הבאה:

בנוגע צו חנוכה זאגט די גמרא[84] "לשנה אחרת קבעום כו'" - וואס דער טעם בזה בפשטות איז, וויבאלד אז בפעם הראשונה האט מען ניט געוואוסט וויפל צייט וועט האלטן דער פך השמן שהי' חתום בחותמו של כה"ג,

און אפי' די צווישן די גדולי ישראל וואס האבן יע געוואוסט - אעפ"כ, אז מ'וויל קובע זיין א יו"ט צוליב אן ענין של נס, דארף דאס זיין א נס גלוי, וואס דערפאר איז ביז דעם יום השמיני פון חנוכה שבשנה הראשונה וואס מ'האט נאך ניט געוואוסט ווי לאנג ס'וועט האלטן דער שמן שבפך, האט מען נאך ניט געקענט קובע זיין א יו"ט אויף שמונה ימים, און דערפאר האט מען דאס קובע געווען ערשט "לשנה אחרת".

ד.ה. דער נס איז טאקע געווען בשנה שלפנ"ז, און ס'איז געווען א נס וואס מ'האט אים געזעהן בעיני בשר, אן קיין ספק וספק ספיקא - אבער דעמולט האט מען נאך ניט געקענט קובע זיין א יו"ט אויף שמונה ימים, ווארום בשעת מ'דארף קובע זיין אן ענין על הציבור, דארף מען אפשאצן דעם ציבור צי דער ציבור וועט דאס אויפנעמען און מקיים זיין, כידוע[85] די גדרים שבזה ווי אזוי מ'פירט אריין אן ענין וואס איז נוגע לציבור.

ועד"ז אויך בנוגע צו פורים:

דאס וואס פורים איז נקבע געווארן אלס א יו"ט בכל תפוצות ישראל, איז דאס ניט געווען אין דעם ערשטן פורים ווען ס'האט געטראפן דער נס פון "ונוח מאויביהם"[86] בי"ד באדר[87] אדער בט"ו באדר אין שושן הבירה[88] - נאר נאך דערויף וואס מ'האט געשיקט די "אגרת הפורים", און דערנאך די "אגרת הפורים הזאת השנית"[89], וואס דאס איז געווען ערשט בשנה הבאה[90]. ביז ווי די גמרא[91] זאגט אז אסתר האט געבעטן "כתבוני לדורות" און "קבעוני לדורות", וואס דאס האט ניט געקענט זיין בי"ד וט"ו אדר שבשנה הראשונה.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו י"ב-י"ג תמוז, אז דאס איז נקבע געווארן אלס א יו"ט ערשט לשנה הבאה, וואס דערפאר איז דער בריוו וואס דער בעל הגאולה האט געשיקט לחגיגה י"ב תמוז הראשונה - געווען בשנת תרפ"ח,

- וואס -

---

84) שבת שם, ב. 85) ראה ע"ז לו, סע"א. וש"נ. ראה רמב"ם הל' ממרים פ"ב ה"ה. 86) אסתר ט, טז. 87) שם, יז. 88) שם, יח. 89) שם, כט. 90) פרש"י עה"פ. 91) מגילה ז, א. וראה גם ירושלמי מגילה פ"א ה"ה. לקו"ש פורים ש.ז.

וואס אע"פ אז די וואס זיינען דעמולט (בשנת תרפ"ז) געווען אין לענינגראד האבן געמאכט גלייך א התוועדות בי"ב תמוז בשנה ההיא - איז דאס אבער געווען אן א פרסום (ווי מ'האט מודיע געווען דורכן טעלעפאן אז ס'זאל זיין אן פרסום), און ווען איז דאס געווארן א יו"ט וואס איז שייך צו אלע אידן, אויך די וואס "בשם ישראל יכונה" - איז דאס געווארן בי"ב-י"ג תמוז פון שנת תרפ"ח.

בשעה אן ענין ווערט נקבע מלמעלה, ווערט דאס נקבע גלייך בפעם הראשונה, אזוי ווי דאס איז בנוגע צו חג הפסח, אז גלייך בפעם הראשונה איז שוין געווען דער ענין פון קרבן פסח מיט אלע פרטים שבזה, און ס'איז געווען א שמחה הכי גדולה ביז אז "פקע איגרא"[92], וואס דאס איז אלץ געווען אין "ליל התקדש חג"[93], אין דער לילה וואס מ'איז נאך דעמולט געווען אין מצרים, ועד"ז בנוגע צו "זמן מתן תורתנו" וכיו"ב - וואס דאס איז בנוגע צו א יו"ט וואס ווערט נקבע מלמעלה;

ווען עס רעדט זיך אבער וועגן א יו"ט וואס איז מדברי סופרים, ע"ד האמור בנוגע צו חנוכה ופורים, איז אע"פ אז דאס האבן קובע געווען אנשי כנסת הגדולה, סנהדרין, און דאס איז מיטן גאנצן שטורעם שבדבר - איז דאס אבער אין אן אופן אז מ'האט דאס קובע געווען ערשט לשנה הבאה. ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו י"ב-י"ג תמוז.

וואס מכל הנ"ל איז פארשטאנדיק, אז בשנה זו הויבט זיך אן די שנה הראשונה פון דעם יובל השני - וויבאלד אז דער יו"ט פון י"ב-י"ג תמוז איז נקבע געווארן ערשט בשנה הבאה, אין שנת תרפ"ח.

יח. וויבאלד אז בנוגע צו עניני טוב וקדושה איז דא דער כלל אז ס'דארף זיין "מעלין בקודש", איז דערפון פארשטאנדיק אויך בנוגע לענינכו:

וויפל מ'האט נאר געטאן בשלימות אין דער עבודה - לויט דער התעוררות ובקשה פון דעם בעל הגאולה במכתבו - במשך פון דעם יובל הראשון, דארף מען טאן אין דערויף ביתר שאת וביתר עז אין דעם יובל השני.

וואדום ווי גרוים די שלימות אין דער עבודה זאל נאר זיין, איז וויבאלד אז ס'רעדט זיך וועגן עניני תורה וקדושה, איז נאך דא א מקום להוסיף,

- וואדום -

---

92) פסחים פה, סע"ב. 93) ישעי' ל, כט ובפרש"י. וראה ב"ר פ"ו, ב.



הנהה הה' בלתי כוגה

ווארום וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיטן אויבערשטן, וואס ער איז א"ס, איז פארשטאנדיק, אז ווי גרויס ס'זאל נאר זיין די שלימות וואס איז געווען בעבר, איז נאך דאס אלץ אן ענין שבהגבלה,

ס'איז דאך ניט שייך צו זאגן אז ער האט געלערנט תורה און מקיים געווען מצוות בלי הגבלה - ער קען האבן א החלטה אויף סאן אין דערויף בלי הגבלה, אבער בנוגע לפועל (וואס עס האט זיך אפגעטאן), קען מען דאך איבערציילן וויפל שעות האט ער געלערנט תורה און וויפל מצוות ער האט מקיים געווען, ד.ה. אז דאס איז אן ענין שבהגבלה -

ובמילא, ווי גרויס דער גבול זאל נאר זיין, האט ער אינגאנצן ניט קיין באטרעף לגבי בל"ג[94],

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען א איד לערנט תורה און איז מקיים מצוות בתכלית השלימות וההידור, איז וויבאלד אז דער אויבערשטער האט אים באשאפן א נשמה בגוף אין אן אופן מוגבל - איז דאס נאך שלא בערך צו דעם וואס ער דארף (און קען און וועט) אויפטאן אין די ימים הבאים.

יט. האמור לעיל אז ס'דארף זיין "מעלין בקודש", איז אפילו ווען ס'רעדט זיך וועגן א שינוי וואס ווערט מיום ליום, משבוע לשבוע, מחודש לחודש, ומשנה לשנה.

עאכו"כ ווען ס'ווערט א שינוי פון איין יובל צום צווייטן יובל - וואס "יובל" איז דאך א באזונדער זאך פאר זיך, און עס ווערט אנגערופן "עולם", אן אייביקע זאך, איז א זיכערע זאך אז דעמולט דארף זיין "מעלין בקודש", ביתר שאת וביתר עז דערפון ווי ס'איז געווען ביובל הראשון.

וואס אע"פ אז בנוגע צו יובל זאגט מען אז דאס איז "עולמו של לוי"[95], און מ'לערנט דאס אפ דערפון וואס ס'שטייט ביי שמואל - וואס ער איז געווען א לוי - "וישב שם עד עולם"[96], אז ער איז געבראכט געווארן אין משכן שילה "כאשר גמלתו"[97], ווען ער איז געווען ב' שנים, און ימי חייו זיינען געווען חמשים ושתים שנה[98], קומט אויס אז ער איז געווען חמשים שנה אין משכן שילה, וואס דורך דעם איז מקויים געווארן דער נדר "וישב שם עד עולם" -

געפינט מען אבער בנוגע צו אן עבד עברי אז ס'שטייט[99] - "ועבדו" -

------------

94) ראה תניא פמ"ח (סז, ב). 95) ירושלמי ברכות פ"ד ה"א. הובא בפרש"י עה"פ ש"א א, כב. 96) ש"א שם. 97) שם, כד. 98) פרש"י שם, כב. 99) משפטים כא, ו.

"ועבדו לעולם", און דאס מיינט חמשים שנה[100] - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס "יובל" ווערט אנגערופן "עולם" איז אויך שייך לכאו"א.

עאכו"כ לויטן פס"ד המפורסם פון רמב"ם אין סוף הל' שמיטה ויובל (וואס מ'האט שוין גערעדט וועגן דערויף כמ"פ[101]), אז דאס וואס מ'זאגט בנוגע צו שבט לוי אז ענינם איז "לעמוד לפני ה' לשרתו"[102], איז "לא שבט לוי בלבד אלא כל איש ואיש כו' אשר נדבה רוחו אותו כו' לעמוד לפני ה' לשרתו כו' הרי זה נתקדש קדש קדשים ויהי' ה' חלקו ונחלתו לעולם", און ער ברענגט אויף דערויף דעם פסוק[103] "ה' מנת חלקי וכוסי אתה תומיך גורלי".

וואס ביי יעדער אידן זיינען דא די זמנים אין וועלכע ער שטייט אין דער תנועה פון "לעמוד לפני ה' לשרתו" [ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[104] וועגן דעם זמן וואס ער פארנעמט זיך מיט לימוד התורה] - ווען ער לייגט תפילין, וואס זיכער לייגט ער תפילין לויט ווי עס שטייט אין שו"ע, שטייט דארטן[105] אז א חלק פון מצות תפילין (ניט כוונת המצוה, נאר א חלק פון דער מצוה אליין[106]) איז דער ענין פון שעבוד הלב והמוח, תפילין של יד וואס מ'לייגט כנגד הלב באווייזט אויף דעם ענין פון שעבוד הלב, און תפילין של ראש - אויף שעבוד המוח -

איז בשעת ער לייגט תפילין, וואס דעמולט שטייט ער אין א תנועה פון "לעמוד לפני ה' לשרתו", איז ער פונקט אזוי ווי שבט לוי, אז ס'ווערט "ה' חלקו ונחלתו לעולם" - ובמילא איז פארשטאנדיק אז ביי אים איז אויך דא דער ענין פון "עולמו של לוי" וואס דאס איז חמשים שנה.

וכמדובר כמ"פ אז אין די ספרים פון פוסקי ישראל ווערן געבראכט ענינים וואס דערנאך שטייען זיי בגלוי אין חסידות - אויף זייער לשון (אין לשון החקירה, אדער אין לשון הנגלה)

איז דאך ידוע תשובת הרשב"א[107] וואו ער רעדט וועגן די מעלה פון מספר שבעה, שבעה ימים אדער שבעה שנים, אז דאס איז שלימות ההיקף, און דערנאך איז דא דער ענין פון יום השמיני, וואס ער איז דער שומר ההיקף, העכער פון די שבעה ימים שלפניו,

- וערד"ז -

------------

100) מכילתא ופרש"י עה"פ. וראה גם קידושין טו, סע"א.
101) ראה גם ד"ה יהי ה"א עצמו דמוצאי ש"פ קרת ש.ז.
102) עקב י, ח. 103) תהלים טז, ה. 104) שיחת מוצאי ש"פ תקת סל"ב. 105) טושו"ע (ואדה"ז) או"ת סכ"ה ס"ו (סי"א).
106) ראה ב"ר לטואו"ח ס"ח. 107) ח"א ס"ט. וראה גם ד"ה ויהי ביום השמיני תש"ד ותש"ה.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו שבע שנים, און נאכמער שלימות - ווען ס'איז דא שבע שמיטות, "שבע שבתות שנים"[108] - אז ס'איז דא דער ענין פון "שנת החמשים שנה", שנת היובל, וואס דעמולט איז "וקראתם דרור בארץ לכל יושבי'"[109], וואס דאס איז שומר את ההיקף, און איז כולל אין זיך אלע שבע שבתות שנים שלפנ"ז.

וואס מכל הנ"ל איז פארשטאנדיק גודל מעלה היובל - ובמילא ווען ס'הויבט זיך אן דער יובל השני, דארף מען טאן אין די אלע ענינים ביתר שאת וביתר עז, נאכמער וויפל מ'האט געטאן אין דערויף אין דעם יובל הראשון.

כ. אין דעם אופן העבודה פון דעם יובל השני, דארף זיין עפעס א שינוי עיקרי וואס מ'קען דאס מסביר זיין אפי' צו דעם וואס "בשם ישראל יכונה":

אין דעם ענין פון לימוד התורה (וואס אין דערויף קאכט ער זיך אין דעם בריוו וואס ער האט געשיקט צו דער התוועדות הראשונה פון י"ב תמוז) זיינען דא צוויי ענינים:

ס'איז דא דער ענין פון לימוד התורה ווי דאס איז איינע פון די רמ"ח מ"ע, נאר אין דערויף גופא איז דאס א מצוה וואס איז "כנגד כולם"[110], מיט אלע מעלות וואס שטייען אויף דער מצוה פון לימוד התורה - וואס די מצוה פון לימוד התורה באשטייט אין דעם וואס ער דארף לערנען כדי ער זאל וויסן ווי אזוי צו מקיים זיין כצווה התורה.

דערנאך איז דא דער ענין פון לימוד התורה ווי דאס איז אן ענין כללי, אן ענין בפ"ע, ניט פארבונדן מיט קיום המצוות, ביז ווי די גמרא[111] זאגט אז דער אופן הלימוד איז אין אן אופן פון "דרוש וקבל שכר", ער לערנט צוליב דעם ענין פון לימוד התורה לשמה בפ"ע (ניט ווי ס'איז פארבונדן מיט לדעת את המעשה אשר יעשון).

וואס דער אופן אין לימוד התורה (פון "דרוש וקבל שכר"), איז אן ענין וואס איז באין ערוך, ווי די גמרא[112] זאגט עה"פ[113] "כל חפצים לא ישוו בה" - "אפילו חפצי שמים", אז כל עניני המצוות ווערן נדחה צוליב א דבר אחד מדברי תורה, וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז אן ענין וואס איז שלב"ע.

דער סדר הלימוד איז אבער ווי די גמרא[114] זאגט אז

- "מעיקרא -

-----------

108) בהר כה, ח. 109) שם, י. 110) פאה רפ"א.
111) סוטה מד, א. וש"נ. 112) מו"ק ט, ריש ע"ב.
113) משלי ח, יא. 114) פסחים כח, סע"ב.

"מעיקרא כי עביד איניש אדעתא דנפשי׳ קא עביד", און ערשט דערנאך קומט ער צו צו דעם ענין פון לימוד התורה לשמה.

ועד"ז דארף זיין תחלת הלימוד כדי לדעת את המעשה אשר יעשון, וואס בנוגע צו דעם אופן הלימוד, זאגט מען סאקע אז "גדול תלמוד", אבער די גדלות באשטייט אין דערויף וואס דאס איז "מביא לידי מעשה"[115], ביז וואנעט אז דעמולט האט דער לימוד התורה דעם זעלבן גדר פון די איבעריקע רמ"ז מצוות, דאס איז די 248׳טע מצוה;

דערנאך קומט ער אבער צו דעם אופן הלימוד פון "תורתו אומנתו", וואס דעמולט ווערט דאס זיין גאנצע מציאות[116].

כא. דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע לעניננו:

אין דעם בריוו וואס דער בעל הגאולה האט געשיקט צו די תגיגה הראשונה פון י"ב תמוז, איז ער מדגיש דעם ענין פון "הרבצת תורה" און "מגידי שיעורים ברבים", און ער האט אויך געשיקט דעם מאמר ד"ה עשרה שיושבים ועוסקים בתורה - וואס דערפון זעט מען דעם גודל ההדגשה אויף דעם ענין פון לימוד התורה.

וי"ל אז אין דעם בריוו רעדט ער וועגן דעם ענין פון הרבצת התורה ווי ס׳איז פארבונדן מיט התזקת היהדות מיט אלע ענינים וואס זיינען דערמיט פארבונדן - וואס דאס איז דער אופן פון לימוד התורה וואס דארף זיין אין דעם יובל הראשון.

ווען ס׳קומט אבער דער יובל השני, וואס דאס איז אינגאנצן אן אנדער דרגא - דעמולט דארף זיין דער ענין פון לימוד והרבצת התורה אין א דרגא נעלית יותר - ווי דער ענין פון לימוד התורה איז ניט צוליב א צווייטן ענין, נאר לימוד התורה לשמה.

און ווי דאס איז בנוגע צו עבודת ה׳, כמובן פון די דרושים אין לקו"ת[117] פון פסח שני און בחודש השני, אז ס׳זיינען דא צוויי דרגות אין עבודת ה׳: די ערשטע דרגא איז דער ענין פון אתכפיא, און דערנאך קומט מען צו דער צווייטער צווייטער דרגא, דער ענין פון אתהפכא, וואס דאס איז אינגאנצן אן אנדער גדר.

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דעם ענין פון לימוד התורה - אז ווען מ׳קומט צו א העכערע דרגא, יובל

- השני -

115) קידושין מ, ב. 116) ראה לקו"ש חי"ב ע׳ 229.
117) במדבר ג, א. וראה איה"ת בהעלותך ע׳ שסז ואילך. ד"ה להבין ענין פסח שני דמוצאי ש"פ אמור ש.ז.

<u>השני</u>, דארף דער לימוד התורה זיין אין א העכערע דרגא: ניט דער אופן הלימוד וואס איז צוליב אן אנדער תכלית, נאר דער ענין פון לימוד התורה לשמה. וואס דער חילוק צווישן ביידע אופני הלימוד איז בדוגמת החילוק צווישן אתכפיא און אתהפכא, וואס ווען מ'קומט צו דער צווייטער דרגא אין עבודת ה', דארף זיין די עבודה פון אתהפכא.

וואס בשעת ער לערנט תורה אין דעם ערשטן אופן, איז דער לימוד התורה איינע פון די רמ"ח מ"ע, ד.ה. אז דאס ווערט אן אבר פון די רמ"ת אברים (וועלכע זיינען כנגד רמ"ח מ"ע); משא"כ ווען ער לערנט תורה לשמה, איז דער לימוד התורה בדוגמת <u>הדם</u> שבאברים, כמבואר אין לקו"ת[118] אז דער דם איז בדוגמת ענין התורה, וואס דער דם איז דאך שלא בערך העכער פון דעם בשר ועצמות וגידים, די אברים עצמם - ועד"ז איז דער לימוד התורה לשמה שלא בערך העכער פון דעם אופן הלימוד וואס איז צוליב אן אנדער תכלית.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ס'קומט דער יובל השני, דארף זיין דער ענין פון לימוד והרבצת התורה (וואס וועגן דערויף רעדט זיך אין דעם בריוו פון בעל הגאולה) אין אן אופן נעלה יותר - דער ענין פון לימוד התורה לשמה.

כב. די הוראה דערפון בנוגע לפועל:

דאס וואס מ'דארף משלים זיין - אויב ס'האט עפעס געפעלט (מאיזה סיבה שתהי') אין דער עבודה פון דעם יובל הראשון - דארף מען דאס זיכער משלים זיין, וכל המקדים הרי זה משובח; אבער בנוגע צו דעם יובל השני, קומט צו א שטורעם מיוחד בנוגע צו דעם ענין פון לימוד התורה לשמה, צוליב תורה אליין.

וואס דעמולט איז א זיכערע זאך אז "המאור שבה מחזירו למוטב"[119], במילא וועט דאס אים אוועקשטעלן אין אן אנדער מעמד ומצב לגמרי, ביז וואנעט אז דער מעמד ומצב שלפנ"ז וועט פאררעכנט ווערן ווי אן ענין בלתי רצוי, ביז אז מ'דארף זאגן אויף דערויף "מחזירו למוטב".

און ווי געווערדט[120] די דוגמא לזה בהלכה, דערפון וואס "טבל להרומה הוחזק להרומה אסור לקודש", ועד"ז "טבל לקודש הוחזק לקודש אסיר לחטאת"[121] (בנוגע צו פרה אדומה[122] וואס

- "חטאת -

------------

118) שם יג, א. 119) ירושלמי חגיגה פ"א ה"ז. איכ"ר פתיחתא ב. 120) שיחת מוצאי ש"פ אמור ש.ז. ס"ה.
121) חגיגה יח. ב במשנה. 122) פרש"י שם ד"ה ולחטאת.

"חטאת קריי' רחמנא"[123]) - ד.ה. אע"פ אז "הוחזק לקודש", איז וועט ס'רעדט זיך אבער וועגן א העכערע קדושה, די קדושה פון "חטאת", איז ער "אסור לחטאת"].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די הוראה בנוגע לפועל: מ'זאל מוסיף זיין ביתר שאת וביתר עז אין דעם ענין פון לימוד התורה לשמה, אן קיין תכלית צדדי, מערניט ווי צוליב לימוד התורה [וואס אויף דערויף איז ניט שייך צו זאגן "מעדניט", ווארום דעמולט איז "הכל כאן" - אויב ער איז אזא וואס זוכט נאך עפעס, איז דאס אלץ נכלל אין דעם ענין פון לימוד התורה], און מיטן גאנצן שטורעם, וואס דעמולט בלייבט ביי אים ניט קיין ארט פאר אנדערע ענינים, ווארום עס ווערט "תורתו אומנתו".

וכמובן אז דאס איז בנוסף צו די ענינים וואס מ'דארף משלים זיין בנוגע צו דער עבודה אין דעם יובל הראשון.

און דאס איז אויך נוסף אויף די ענינים שהזמן גרמא, וואס דעמולט איז דאס דוחה דעם ענין פון לימוד התורה, ווי די גמרא [112] זאגט אז דאס וואס "כל חפצים לא ישוו בה - אפילו חפצי שמים", איז דאס אלץ וועט ס'רעדט זיך וועגן א מצוה שאינה עוברת, משא"כ ביי א מצוה עוברת, ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין הל' ת"ת שלו [124] די גדרים שבזה.

וואס דער ענין שהזמן גרמא איצטער - איז דער ענין פון מצות הצדקה, כמבואר אין אגה"ק [125] -

ובפרטיות: וויבאלד אז די גאולה פון דעם גלות האחרון וועט זיין אין אן אופן אז קיין איין און איינציקער איד וועט ניט בלייבן אין גלות[126], און כל זמן אז ס'איז דא איין איד וואס איז נאך ניט גרייט אז דער אויבערשטער זאל אים גואל זיין אין אן אופן פון "ואתם תלוקטו לאחד אחד בנ"י"[127], איז דאס מעכב דעם גאנצן כלל ישראל צוזאמען מיט שכינתא אין גלות,

איז דאך פארשטאנדיק אז די מצוה שהזמ"ג (און א מצוה עוברת) איז דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך", ולכל לראש - בנוגע צו הפצת התורה והיהדות.

וואס דורך דעם ענין פון הפצת התורה והיהדות ווערט דאס א "קהל גדול" - דורך דעם "תלמוד גדול" און "מעשה גדול"[115], ביידע גדלות'ן בבת אחת,

- און -

------------

123) ע"ז כג, ב. וראה גם פרש"י חקת יט, ט. רמב"ם הל' פרה אדומה פ"א ה"ז. 124) פ"ד ה"ג. 125) ס"ס. 126) ראה לקו"ש חי"א ע' 1 ואילך. וש"נ. 127) ישעי' כז, יב.

און דעמולט קומט דער "יום ה' הגדול"[128], והיכף לאח"ז דער ענין פון "שמחת עולם על ראשם", בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט זיין "והיתה לה' המלוכה"[129].

* * *

כג. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה זה היום עשה ה' גו'.

* * *

כד. כמדובר כמ"פ אז יעדער ענין איז בהשגחה פרטית, ועאכו"כ בנוגע צו ענינים פון תומ"צ און מנהגי ישראל.

און ס'איז אויך ידוע די תורה פון דעם אלטן רבי'ן[130] אז מ'דארף לעבן מיט דער צייט, ווי מ'האט דאס דערנאך מסביר געווען, אז דאס מיינט אז מ'דארף לעבן מיט דער פרשת השבוע וועלכע מ'לייענט אין דער וואך. וואס די סדרה פון דער וואך איז פ' בלק.

וואס אין פ' בלק שטייט דער ענין הגאולה בגילוי - אין פרשה בלעם שבפרשת בלק, אין נבואה בלעם.

וואס דארטן איז דא א גאנצע נבואה וואס הויבט זיך אן מיט דער הקדמה אז ער גייט זאגן דאס וואס ס'וועט זיין "באחרית הימים"[131], און דערנאך[132] זאגט ער "אראנו ולא עתה אשורנו ולא קרוב וגו'", מיט די אלע פסוקים שלאח"ז וואס רעדן וועגן דעם ענין הגאולה.

כה. דער ענין הגאולה וואס רעדט זיך אין פ' בלק, איז פארבונדן מיט אלע ענינים של גאולה, עאכו"כ אז ס'איז פארבונדן מיט דער גאולה פון א נשיא בישראל, וואס ער זאגט אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה בי"ב תמוז, כי אם גם את כל מחבבי תורתנו הק', שומרי מצוה, וגם את אשר בשם ישראל יכונה".

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט "ימי צאתך מארץ מצרים", ווארום דער ענין פון יצי"מ האט געפענט דעם צינור הגאולה אויף אלע גאולות שלאח"ז[133].

און ווי דערמאנט פריער (ס"ז) דאס וואס דער מהר"ל בפראג איז מבאר בספרו [ביוסף אויפן מאמר הזהר הידוע[134]], אז לכאו' ווי אזוי זאגט מען אז מ'איז בני חורין, און ס'איז

- "זמן -

---

128) יואל ג, ד. 129) עובדי' א, כא. 130) היום יום ע' קא. סה"ש תש"ב ע' 29 ואילך. 131) פרשתנו כד, יד. 132) שם, יז. 133) ראה ד"ה כימי צאתך תש"ח רפי"ב. 134) ח"ב מ, א.

"זמן חרותנו", ווען מ'איז "אכתי עבדי אחשורוש אנן"[135], עאכו"כ ווען מ'געפינט זיך בגלות המר הזה -

איז ער מבאר אז ווען דער אויבערשטער האט ארויסגענומען אידן פון גלות מצרים, האט ער זיי ארויסגענומען פון דעם גאנצן גדר העבדות, און פון דעמולט אן קענען אידן ניט זיין אין "בית עבדים"; זיי קענען זיך געפינען דארטן, זיי האבן אבער ניט דעם גדר של עבד. און ווי דער דין איז בפשטות אז דער אויבערשטער זאגט "שטרי קודם".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ס'קומט אן ענין של גאולה פון אן ענין פרטי, איז אע"פ אז בחיצוניות איז דאס אן ענין של גאולה אין דעם גלות גופא - האט דאס אבער אין זיך א ניצוץ און א מעין און א דוגמא פון דער גאולה וואס איז געווען אין "ימי צאתך מארץ מצרים", און ס'איז אויך א הקדמה והכנה צו דער גאולה הכללית וואס וועט זיין בביאת משיח צדקנו.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיטן מארז"ל הידוע[136] אז "גואל ראשון הוא גואל אחרון" - וואס "גואל ראשון" גייט דאך אויף משה רבינו, וואס דורך אים איז געווען דער ענין פון יצי"מ, און "גואל אחרון" גייט אויף משיח צדקנו, וואס ער וועט גואל זיין אידן פון דעם גלות האחרון,

ובינתיים, זיינען געווען די גליות פון בבל, מדי, יון און פרס, וואס נאך די גליות איז געווען אן ענין של גאולה, זיי זיינען אבער צווישן די צוויי גאולות כלליות, גאולת מצרים און די גאולה העתידה, וואס ביי גאולת מצרים איז קיין איין איד ניט געבליבן אין גלות, ועד"ז וועט אויך זיין אין דער גאולה עתידה אז קיין איין איד וועט ניט בלייבן אין גלות.

כו. כאמור לעיל אז אין פ' בלק אין נבואת בלעם רעדט זיך וועגן דער גאולה העתידה.

און ווי דער רמב"ם זאגט אין הל' מלכים קרוב לסופו[137], אז דער ענין פון ביאת המשיח איז פון די "דברים המפורשים בתורה", און דער וואס גלויבט ניט אין דעם, איז ניט נאר אז ער איז כופר אין תושבע"פ, און "לא בשאר נביאים בלבד הוא כופר" (וואס אין נביאים זיינען "כל הספרים מלאים בדבר זה" - משא"כ אין תורת משה וואס דארטן איז בעיקר ענינים פון מ"ע און כל"ת), "אלא בתורה ובמשה רבינו", וויבאלד אז אין תורת משה רעדט זיך אויך וועגן ביאת המשיח.

- און -

------------

135) מגילה יד, א. 136) ראה שמו"ר פ"ב, ד. זח"א רנג, א. שה"ש פ' ויחי. תו"א ר"פ משפטים. 137) פי"א ה"א.

און דערנאך איז ער ממשיך "אף בפרשת בלעם נאמר ושם נבא בשני המשיחים, במשיח הראשון שהוא דוד שהושיע את ישראל מיד צריהם, ובמשיח האחרון שעומד מבניו שמושיע את ישראל באחרונה".

[בנוגע צו משה רבינו, "גואל ראשון", געפינט מען ניט דעם ענין המשיחה, ווארום די גאנצע מציאות פון שמן המשחה איז דאך געווען פארבונדן מיטן אויבערשטנ'ס ציווי, און דער ציווי איז געזאגט געווארן ערשט נאך דערויף וואס משה רבינו איז געווארן דער "גואל ראשון" ביי יצי"מ;

משא"כ בנוגע צו דוד המלך, וואס ער איז נמשך געווארן בקרן, און דערפאר איז מלכותו קיימת[138] – ווערט ער אנגערופן אין נביאים וכתובים בכ"מ בשם "משיח"].

און ער טייטשט אפ: "ושם הוא אומר אראנו ולא עתה זה דוד, אשורנו ולא קרוב זה מלך המשיח. דרך כוכב מיעקב זה דוד, וקם שבט מישראל זה מלך המשיח. ומחץ פאתי מואב זה דוד, וכן הוא אומר[139] ויך את מואב וימדדם בחבל, וקרקר כל בני שת זה המלך המשיח שנאמר בו[140] ומשלו מים עד ים. והי' אדום ירשה[141] זה דוד, שנאמר[142] ותהי אדום לדוד עברים וגו', והי' ירשה וגו' זה המלך המשיח שנאמר[143] ועלו מושיעים בהר ציון וגו'".

כז. לכאו' דארף מען האבן א ביאור:

וואס איז דא די הדגשה אויף "פרשת <u>בלעם</u>", דער רמב"ם דארף דאך ניט ברענגען קיין מראה מקום וואו דער פסוק שטייט – מ'געפינט דאך כו"כ פסוקים וואס דער רמב"ם ברענגט בספרו "יד החזקה", און ער צייכנט ניט אן אין וועלכע סדרה דאס שטייט, און נאכמער: ער ברענגט כו"כ פסוקים פון נ"ך, און זאגט אפי' ניט אין וועלכן נביא, אין וועלכע כתובים, אדער אין וועלכן חומש דאס שטייט,

און בנדו"ד, איז נאך דערויף וואס ער זאגט אז דאס שטייט אין תורת משה, איז ער זיך דערמיט ניט מסתפק, נאר ער איז מוסיף אז דאס שטייט אין "פרשת בלעם"?

אויך דארף מען פארשטיין: וואס איז די הדגשה "ושם <u>נבא</u>", אז דאס איז ניט סתם א סיפור, נאר אן ענין של נבואה, אז דאס איז אן ענין וואס "אשר ישים ה' בפי אותו אשמור לדבר"[144]?

- אויך -

------------

138) מגילה שם. 139) ש"ב ח, ב. 140) זכרי' ט, י.
141) פרשתנו שם, יח. 142) ש"ב שם, ו. 143) עובדי' שם.
144) פרשתנו כג, יב.

אויך דארף מען פארשטיין: פארוואס ברענגט דער רמב"ם בפירוש אלע פיר ענינים, און באגנוגנט זיך ניט מיט מוסיף זיין "וגו'" – נאר ער טייטשט אפ בפרטיות אלע פיר ענינים, ווי ס'גייט אויף דוד און אויף משיח?

כח. וי"ל דעם ביאור בזה:

דער רמב"ם איז דא מדגיש אז ניט נאר כללות הענין פון משיח (אז ער וועט גואל זיין אידן פון גלות) איז פון די "דברים המפורשים בתורה", נאר ס'איז אויך מפורש כמה פרטים בנוגע צו ענינו של משיח.

וואס דער רמב"ם רעכנט דאך אויס דערנאך[145] כמה פרטים בנוגע צו משיח: "יעמוד מלך מבית דוד הוגה בתורה ועוסק במצוות כדוד אביו כו', ויכוף כל ישראל לילך בה ולחזק בדקה, וילחם מלחמות ה' כו' ינצח כל האומות שסביביו[146] ובנה מקדש במקומו וקבץ נדחי ישראל כו' ויתקן את העולם כולו לעבוד את ה' ביחד שנאמר[147] כי אז אהפוך אל עמים שפה ברורה גו'" – און אויף דערויף ברענגט דער רמב"ם די אלע פרטים וואס ווערן אויסגערעכנט אין פסוק, וואס זיי זיינען פארבונדן מיט די פרטים וואס ער רעכנט אויס בנוגע צו משיח'ן.

והביאור בזה – ובהקדים:

משיח דארף דאך זיין מזרע דוד, ביז וואנעט אז ס'שטייט[148] "ודוד עבדי נשיא להם לעולם", און די גמרא אין סנהדרין[149] זוכט אויף דערויף א ביאור "כגון קיסר ופלגי קיסר", מיט אלע ביאורים וואס זיינען דא אין דערויף.

וואס דערפאר איז אין דער נבואה וואו ס'רעדט זיך וועגן מלך המשיח, רעדט זיך וועגן "שני המשיחים", דוד און משיח, וויבאלד אז דאס איז כולא חד, ווארום מ'זאגט דאך אז "דוד מלך ישראל חי וקים"[150], עאכו"כ בביאת משיח צדקנו וואס דעמולט וועט דאס זיין אין אן אופן פון "קיסר ופלגי קיסר" (ווי דער ביאור בזה זאל נאר זיין) – שטייען דערפאר ביידע ענינים אין איין פסוק, וואס מחציתו הראשון רעדט וועגן "משיח הראשון שהוא דוד", און מחציתו השני' רעדט וועגן "משיח האחרון".

כט. אין דערויף איז צום אלעם ערשטן דא די עצם המציאות פון משיח – וואס אויף דעם ברענגט ער דעם פסוק "אראנו ולא

- עתה -

---

145) ה"ד. 146) כן הוא בדפוס רומי ר"מ, קושטא רסט. ועוד. 147) צפני' ג, ט. 148) יחזקאל לז, כה. 149) צח, סע"ב. 150) ר"ה כה, א.

עתה אשורנו ולא קרוב", וואס "אראנו ולא עתה זה דוד", און "אשורנו ולא קרוב זה מלך המשיח", וואס דא רעדט זיך מערניס ווי וועגן עצם המציאות פון משיח'ן, אז ער איז אזא וואס איז משוח בשמן המשחה (וואס דערפאר ווערט ער אנגערופן "משיח") - וואס דאס איז דער ערשטער פרט וואס שטייט אין רמב"ם וועגן עצם המציאות פון משיח, אז "יעמוד מלך מבית דוד הוגה בתורה ועוסק במצוות כדוד אביו".

דערנאך קומט דער צווייטער פרט אין משיח - דאס וואס ער איז פארבונדן מיט אידן - וואס כדי ער זאל זיין מרומם ומנושא פון דעם עם, דארף מען אים פארבינדן מיטן עם, וואס דאס איז דער ענין פון "יכוף כל ישראל לילך בה ולחזק בדקה",

און אויף דערויף ברענגט דער רמב"ם דעם המשך הפסוק "דרך כוכב מיעקב וקם שבט מישראל", וואס "דרך כוכב מיעקב זה דוד" און "וקם שבט מישראל זה מלך המשיח" - וואס דא רעדט זיך ווי משיח איז פארבונדן מיט אידן, ווי דער "כוכב" (וואס גייט אויף דוד) איז פארבונדן מיט "יעקב", און ווי דער "שבט" (וואס גייט אויף משיח) איז פארבונדן מיט "ישראל" - וואס דאס גייט אויף אידן ווי זיי שטייען בתכליה השלימות בגלוי, וואס דעמולט הייסן זיי מיטן נאמען "ישראל".

וואס דאס איז דער צווייטער פרט וואס דער רמב"ם זאגט בנוגע צו משיח, אז "יכוף כל ישראל לילך בה ולחזק בדקה" - וואס דא רעדט זיך ווי משיח האט א שייכות מיט אידן, ער ווערט פאר זיי א "כוכב" און א "שבט", אויף "לילך בה ולחזק בדקה".

דערנאך איז ער ממשיך דעם דריטן ענין וואס וועט זיין ביי משיח - "וילחם מלחמות ה'", וואס אויף דערויף ברענגט ער דעם המשך הפסוק "ומחץ פאתי מואב וקרקר כל בני שת", וואס "ומחץ פאתי מואב זה דוד" און "וקרקר כל בני שת זה המלך המשיח".

ל. דערנאך איז דא דער ענין וואס "יתקן את העולם כולו לעבוד את ה' ביחד שנאמר כי אז אהפוך אל עמים שפה ברורה לקרוא כולם בשם ה' ולעבדו שכם אחד" (נאך דערויף וואס "ילחם מלחמות ה'") -

און אויף דערויף ברענגט ער דעם צווייטן פסוק "והי' אדום ירשה והי' ירשה שעיר", וואס "והי' אדום ירשה זה דוד" און "והי' ירשה גו' זה המלך המשיח" - ד.ה. אז נאך דעם ענין פון "ילחם מלחמות ה'", קומט דער ענין פון ירושה, וואס דאס איז בדוגמא ווי מ'געפינט בנוגע צו א"י די צוויי ענינים פון כיבוש און ירושה, איז עד"ז אויך פארשטאנדיק בנוגע לכל העולם כולו, אז ס'איז דא דער ענין פון "ילחם מלחמות ה'", און דערנאך איז דא דער ענין פון ירושה:

- בנוגע -

בנוגע צו א"י געפינט מען צוויי גדרים: דער ענין פון כיבוש הארץ; און נאך לפנ"ז דער ענין פון נחלה וירושה, ד.ה. אז אידן האבן א"י בירושה פון אברהם אבינו, זינט דער אויבערשטער האט געזאגט צו אברהם "לזרעך נתתי את הארץ הזאת"[151], ווי רש"י ברענגט אראפ, ומבואר בארוכה אין ירושלמי[152], אז פון דעמולט האבן אידן א"י בירושה, אפי' אידער מ'איז אריין אין א"י.

וואס דערפאר געפינט מען בנוגע צו חלוקת הארץ, אז די נחלה איז חוזר צו יוצאי מצרים, און ס'איז נחלק געווארן ליוצאי מצרים[153], ווי די דעות בזה אין ב"ב[154], מיט דער גאנצער שקו"ט בזה אין ראשונים ואחרונים[155] - וויבאלד אז נאך קודם כיבוש הארץ געהערט א"י צו אידן בירושה פון אברהם אבינו.

וואס אין דערויף (צי ס'איז אן ענין של כיבוש, אדער ירושה) איז דא א נפק"מ בנוגע לכמה ענינים, ביז ווי דער דין איז בנוגע צו "שדה אחוזה" און "שדה מקנה"[156], וואס אין דערויף זיינען דא פארשידענע דינים, מיט נאך כמה תילוקים וואס זיינען דא צווישן אן ענין וואס מ'האט בירושה, און אן ענין וואס מ'האט מצד כיבוש.

און ס'איז ניט קיין קשיא אז אויב מ'האט דאס שוין פון פריער בירושה, איז ווי קומט דאס אז דערנאך דארף מען אנקומען צו דעם ענין פון כיבוש הארץ - ווארום מ'געפינט אין שו"ע חו"מ[157] אז "מלך אפילו נכרי שכבש איזו מדינה במלחמה קונה אותה", אפי' אויב דער פון וועמען מ'האט כובש געווען האט דאס געהאט בירושה;

און דערנאך ווען מ'איז דאס כובש פון אים אויף צוריק - קען דאס זיין אויף צוויי אופנים: אדער אז דאס איז אן ענין של כיבוש מכאן ולהבא, אדער אז דער כיבוש האט נאר מבטל געווען דעם כיבוש פון דעם "מלך נכרי", און דערנאך קערט זיך דאס אום צום פריערדיקן מעמד ומצב, אז דאס איז אן ענין של ירושה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז נוסף צו דעם ענין פון כיבוש הארץ, איז אויך דא דער גודל הענין פון ירושה - ועד"ז איז אויך בנוגע לכל העולם כולו, אז פריער איז דא דער ענין פון "ילחם מלחמות ה'", וואס דאס איז אן ענין של

- כיבוש -

------------

151) לך לך טו, יח. 152) חלה רפ"ב. 153) פרש"י פינחס כו, נה. 154) קיח, ב ואילך. 155) ראה אנציקלופדי' תלמודית ערך ארץ ישראל בתחלתו. 156) ראה פרש"י בחוקותי כז, כב. 157) לאדה"ז הל' הפקר והשגת גבול רס"ג.

כיבוש, און דערנאך קומט צו די מעלה פון ירושה, "והי׳ אדום ירשה זה דוד" און "והי׳ ירשה גו׳ זה המלך המשיח".

און דאס איז אויך פארבונדן מיט "יבנה ביהמ"ק במקומו":

אויפן פסוק[158] "כי לא באתם עד עתה אל המנוחה ואל הנחלה", זאגט די גמרא[159] "מנוחה זו שילה נחלה זו ירושלים", ד.ה. אז דער ענין פון "נחלה", ירושה, איז פארבונדן מיט דעם ענין פון ביהמ"ק, וואס דאס איז די שייכות צווישן "והי׳ ירשה גו׳" מיט "ויבנה ביהמ"ק במקומו".

וואס דאס איז דער פעדטער ענין וואס דער רמב"ם ברענגט, אז "והי׳ אדום ירשה זה דוד" און "והי׳ ירשה גו׳ זה המלך המשיח, שנאמר ועלו מושיעים בהר ציון וגו׳" – וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס דער רמב"ם פירט אויס אז ענינו של משיח וועט זיין אז "יתקן את העולם כולו לעבוד את ה׳ ביחד"*.

לא. וויבאלד אז אלע ענינים וואס וועלן זיין אין דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, זיינען זיי דא ברוחניות אויך איצטער, ואדרבה, דורך דערויף וואס א איד טוט אין די ענינים בזמן הגלות, איז דאס מחליש און (דערנאך) מבטל דעם ענין פון "מפני חטאינו גלינו מארצנו", ובדרך ממילא ווערט דער "ומיד הן נגאלין"

וואס דאס איז דאך דער ביאור אין דעם וואס דער רמב"ם[160] פסק׳נט אז "הבטיחה תורה שסוף ישראל לעשות תשובה כו׳ ומיד הן נגאלין", וואס דער הכרח אז דאס וועט זיין אין אן אופן פון "מיד", איז פארשטאנדיק בפשטות:

וויבאלד אז דער גאנצער ענין הגלות איז נאר דערפאר וואס "מפני חטאינו גלינו מארצנו", איז פארשטאנדיק, אז ווען ס׳ווערט בטל סיבת הגלות, ווערט בטל בדרך ממילא דער מסובב (דער ענין הגלות);

און דערפאר ווען ישראל עושין תשובה, וואס דעמולט ווערט אויס די מציאות החטאים, עאכו"כ ווען "משיח אתא לאהבא צדיקייא בתיובתא"[161], וואס דעמולט וועט דאך זיין דער

- ענין -

------------

*) לשלימות הענין – ראה גם שיחת מוצאי ש"פ בלק, י"ז בתמוז (נדחה) שנה זו סט"ז ואילך.

------------

158) ראה יב, ט. 159) מגילה י, א. זבחים קיט, א. וראה לקו"ש פקודי תשל"ז הע׳ 21. 160) הל׳ תשובה פ"ז ה"ה. 161) ראה זח"ב קנג, ב.

עניין פון "זדונות נעשו לו כזכיות"[162] - ווערט בטל בדדך ממילא דער מסובב פון די חטאים, דער עניין הגלות, און "מיד הן נגאלין" - וואס דעמולט קערט זיך דאס אום צום פריערדיקן מעמד ומצב, וואס דאס איז דער עניין פון "והי׳ ירשה גו׳", כנ"ל -

איז דערפון פארשטאנדיק, אז די אלע פרטים וואס מ׳האט גערעדט אין רמב"ם בנוגע צו משיח, דארפן זיי אויך זיין ברוחניות אין עבודת האדם.

לב. והביאור בזה:

מ׳האט גערעדט פריער (ס"ד ואילך) אז ס׳דארף זיין דער עניין פון "טוב לשמים וטוב לבדיות"[163], קשוט עצמך און קשוט אחרים - וואס דאס איז בדוגמא ווי ס׳וועט זיין ביי משיח צדקנו, דער עניין פון "הוגה בתורה ועוסק במצוות כדוד אביו", וואס דאס איז דער עניין פון קשוט עצמך, און אויך דער עניין פון קשוט אחרים - "יכוף כל ישראל לילך בה ולחזק בדקה", אז ער וועט זיך עוסק זיין אין הפצת התורה והיהדות.

און ווי דער בעל המאסר והגאולה שרייבט במכתבו וועגן גודל העניין פון הרבצת תורה ברבים, וואס בשעת ער פארנעמט זיך מיט הרבצת התורה מיטן גאנצן קאך ווי עס דארף זיין - ווערט דאס א לימוד שמביא לידי מעשה, אז ביי די אלע רבים מיט וועמען ער לערנט תורה, ווערט דער עניין פון לימוד מביא לידי מעשה, דער עניין פון קיום המצוות בפועל, און ווען דער לימוד התורה איז בהידור - ווערט דער קיום המצוות אויך בהידור ובשלימות.

דערנאך איז דא דער עניין וואס א איד דארף אויפטאן אין חלקו בעולם, און ווי דער רמב"ם[164] פסק׳נט אז איינע פון די חיובים (און זכיות) וואס א איד האט איז, זעהן אז ניט אידן זאלן מקיים זיין די שבע מצוות בני נח, ד.ה. אז צוזאמען מיט די גאנצע תורה וואס משה רבינו האט באקומען, איז אויך דא דער ציווי אז אידן זאלן טאן אין "לתקן עולם במלכות ש-ד-י" בכל מקום שידם מגעת;

בשעת משיח צדקנו וועט קומען, וואס דעמולט וועט זיין יד ישראל תקיפה, וועט זיין דער "ילחם מלחמות ה׳", ביז "ויתקן את העולם כולו לעבוד את ה׳ ביחד שנאמר כי אז אהפוך אל עמים שפה ברורה וגו׳" - אבער אלס הכנה לזה, ליגט א חיוב אויף יעדער אידן אז ער זאל מברר זיין חלקו בעולם,

- וואס -

---

162) יומא פו, ב. 163) ראה קידושין מ, א. 164) הל׳ מלכים פ"ח ה"י.

וואס דאס איז אויך כולל די ניט אידן וועלכע געפינען זיך אין חלקו בעולם.

וואס בנוגע צו בירור חלקו בעולם, איז דאך ידוע תורת הבעש"ט[165] אויף דעם וואס "התורה חסה על ממונן של ישראל"[166],

[וואס די משנה אין נגעים[167] זאגט דאס אפי' בנוגע צו א אידן וואס איז נענש געווארן אויף די ענינים אויף וועלכע ס'קומט דער עונש פון נגעים, איז אפי' ווען עס רעדט זיך וועגן זיינעם א כלי חרס (וואס דאס איז די איינציקע זאך וואס אין לו טהרה במקוה) - זאגט מען אז "חסה התורה על כלי חרסו כו'", און דערפאר דארף זיין "וצוה הכהן ופנו את הבית גו' ולא יטמא כל אשר בבית ואחר כן יבוא הכהן לראות את הבית"[168], וויבאלד אז התורה חסה על ממונן של ישראל, אפילו אויף כלי חרס[169]],

אז דאס איז צוליב די ניצוצי קדושה וואס זיינען דא אין ממונן של ישראל.

וואס דאס איז דער דריטער ענין וואס מ'דארף טאן בזמן הגלות - מברר זיין חלקו בעולם, וואס דאס איז כולל דעם בירור הניצוצות וועלכע זיינען דא אין ממונן של ישראל, און ס'איז אויך כולל דעם בירור הניצוצות פון חלקו בעולם וואס איז פארבונדן מיט ניט אידן, ארויסנעמען זייערע ניצוצי קדושה (ע"ד הענין פון "והיו מלכים אומנים ושרותיהם מניקותיך"[170]).

וואס דער ענין פון בירור חלקו בעולם, איז פארבונדן מיטן דריטן פרט וואס דער רמב"ם זאגט בנוגע צו משיח, אז "ילחם מלחמות ה'", ביז אז "יתקן את העולם כולו לעבוד את ה' ביחד" - וואס אויף דערויף ברענגט ער דעם פסוק "ומחץ פאתי מואב וקרקר כל בני שת":

וויבאלד אז מ'זאגט בכל חודש צו קידוש לבנה "דוד מלך ישראל חי וקים" (וואס אזוי האט געהייסן "תורת אמת" אז מ'זאל זאגן) - שטייט איצטער יעדער איד אלס איינער וואס "דוד מלך ישראל" איז א מלך אויף אים,

וכמדובר כמ"פ[171] אז די גאנצע מציאות פון כל בני המדינה איז - דאס וואס זיי זיינען בטל צום מלך, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מצד דערויף וואס ער איז "עבד

- מלך" -

---

165) כש"ט (הוצאת קה"ת) סרי"ח. 166) ר"ה כז, א. וש"נ. 167) פי"ב מ"ה. 168) מצורע יד, לו. 169) תו"כ ופרש"י עה"פ. נגעים שם. 170) ישעי' מט, כג. 171) לקו"ש ח"ד ע' 1050 ואילך. ועוד.

מלך", אן עבד פון "דוד מלך ישראל", איז ביי אים אויך דא דער ענין פון "ומחץ פאתי מואב זה דוד".

און אזוי ווי יעדער איד האט אין זיך א ניצוץ פון משיח, כמבואר אין מאור עינים[172],

[וכמדובר כמ"פ[173] אז דערמיט ווערט פארענטפערט די סתירה וואס אין ירושלמי[174] טייטשט מען אפ אז "דרך כוכב מיעקב" גייט אויף יעדער איד, און דערנאך זאגט מען אז "דרך כוכב מיעקב" גייט אויף דוד מלך ישראל, ווי דער רמב"ם זאגט, אדער ווי פשטני המקרא[175] זאגן, אז דאס גייט אויף משיח -

ווארוםביידע זאכן זיינען אמת: אלס אן ענין כללי איז דער ענין פון "דרך כוכב מיעקב" מערנים ווי ביי משיח, דערנאך איז אבער דא ביי יעדער אידן (אלס "עולם קטן") א מעין און א ניצוץ פון משיח [וואס דערפאר קען משיח ארויס-נעמען יעדער אידן פון גלות, מצד דערויף וואס ביי יעדער אידן איז דא א ניצוץ פון משיח - ווארום ווען ער וואלט ניט געהאט קיין שייכות צו אים, וואלט ער אים ניט געקענט ארויס-נעמען פון גלות], און דערפאר קען מען זאגן אויף יעדער אידן "דרך כוכב מיעקב"] -

איז ביי אים דא דער ענין פון "וקרקר כל בני שת זה המלך המשיח".

דערנאך איז דא דער ענין פון "והי' אדום ירשה והי' ירשה שעיר", וואס דאס איז אן ענין של ירושה, וואס ע"ד ווי גערעדט פריער (ס"ל) דעם ענין הירושה בנוגע צו א"י, איז עד"ז דא דער ענין הירושה בנוגע צו תורה:

אויף תורה שטייט[176] "תורה צוה לנו משה מורשה קהלת יעקב", ווי די גמרא[177] טייטשט אפ אז "מורשה" איז מל' ירושה.

דערנאך איז דא דער ענין וואס מ'זאגט[178] "התקן עצמך ללמוד תורה שאינה ירושה לך", אז ס'דארף אין דערויף זיין אן ענין של כיבוש, אין אן אופן פון "לא יגעתי ומצאתי אל תאמין", נאר "יגעתי ומצאתי"[179] דוקא,

און דערנאך איז דא דער דריטער ענין וואס איז דא אין תורה - דער ענין פון מתנה, כמבואר בארוכה אין די דרושים פון דעם צ"צ[180].

- וואס -

---

172) ס"פ פינחס. 173) לקו"ש ח"ב ע' 599. 174) מעשר שני פ"ד ה"ו. 175) רמב"ן עה"פ. 176) ברכה לג, ד. 177) ראה סנהדרין נט, א. צא, ב. 178) אבות פ"ב מי"ב. 179) מגילה ו, ב. 180) ראה אוה"ת ראה ע' תשסא ואילך. ועוד. וראה בהנסמן בלקו"ש חי"ג ע' 115 הע' 19.

וואס ס'איז דא א מעלה אין דעם ענין פון מתנה לגבי ירושה, ולאידך איז דא א מעלה אין ירושה לגבי מתנה, וואדוס ירושה אין לה הפסק און מתנה יש לה הפסק - איז בשעת מ'גיט א מתנה דעם וואס איז ראוי לירש, זיינען דאביידע מעלות, סיי די מעלה פון מתנה און סיי די מעלה פון ירושה, כמבואר אין די דרושים בארוכה.

וואס דער ענין הירושה איז פארבונדן דערמיט וואס ס'איז מבואר אין כתבי האריז"ל[182] אז מ'איז יורש די ניצוצי קדושה שנפלו, וואס "מאן דנפיל מדרגי' אקרי מית"[183], און ע"י עבודתו נעמט ער זיי ארויס פון גלות, און איז זיי מעלה, און מאכט דערפון ענינים של קדושה, תורה ומצותי'.

וואס דורך דערויף ווערט דער ענין פון "ועלו מושיעים בהר ציון גו'", ביז צו "והיתה לה' המלוכה", ביז אז "אהפוך אל עמים שפה ברורה גו' לעבדו שכם אחד".

לג. אין דערויף קומט אויך צו די הדגשה אז דאס שטייט "בפרשת בלעס", און דארטן גופא איז דאס אן ענין של נבואה, "וישם נבא":

עס שטייט אין ספרי עה"פ[184] "ולא קם נביא בישראל כמשה", אז "באומות העולם קם ואיזה זה בלעם בן בעור". דערנאך איז ער מוסיף אז "יש הפרש בין נבואתו של משה לנבואתו של בלעם כו' משה לא הי' יודע מתי מדבר עמו עד שנדבר עמו, ובלעם הי' יודע אימתי הי' מדבר שנאמר[185] ויודע דעת עליון, משה לא הי' מדבר עמו עד שהוא עומד כו' ובלעם הי' מדבר עמו כשהוא נופל שנאמר[185] מחזה ש-ד-י יחזה נופל וגלוי עינים".

און דאס איז דער ביאור אין פנימיות הענינים, אז כדי צו אויספירן דעם ענין פון "ומחץ פאתי מואב וקרקר כל בני שת", עאכו"כ דער ענין פון "והי' אדום ירשה והי' ירשה שעיר" - דארף דאס זיין אין אן אופן ווי די גמרא[186] זאגט "מיני ובי' אבא לישדי' בי' נרגא"; וועד זאגט די נבואה בנוגע צו משיח'ן, איז דאס דוקא עובדי', וואס ער איז געווען א גר צדק פון אדום[187].

וואס ע"ד ווי דאס איז אין נביאים, אז דוקא עובדי', א גר צדק פון אדום, זאגט די נבואה בנוגע צו משיח'ן, איז עד"ז אויך אין תורת משה גופא, איז די נבואה פון "ומחץ

- פאתי -

---

181) ב"ב קכט, ב. 182) ראה ל"ת וספר הליקוטים להאריז"ל ס"פ לך לך. ובארוכה - ד"ה אל תצר את מואב לכ"ק אדהאמ"צ. 183) ראה זח"ג קלה, ב. 184) ברכה לד, י. 185) פרשתנו כד, טז. 186) סנהדרין לט, ב. 187) שם.

פאתי מואב וקרקר כל בני שת" וואס דעדט וועגן משיח׳ן - איז דאס א נבואה וואס איז געזאגט געווארן דורך בלעם [וואס ער איז געווען א נביא ביי אוה"ע, ע"ד ווי משה איז געווען א נביא ביי אידן], ווארום "מיני׳ ובי׳ אבא לישדי׳ בי׳ נרגא".

און אין פרשת בלעם גופא שטייט דאס בגילוי, אין אן אופן פון "ושם נבא", אז דאס איז אן ענין "אשר ישים ה׳ בפי", וואס דאס מאכט לייכטער אז דאס זאל אראפקומען בפועל.

לד. ויה"ר אז ס׳זאל זיין דער ענין פון "וישראל עושה חיל" (ווי ער איז מסיים אין דער נבואה) נאך אין די לעצטע טעג פון גלות, סיי דער ענין פון "וישראל עושה חיל" כפשוטו, און אויך "וישראל עושה חיל" עם כל הפירושים שבדבר, ובפרט ווי ער איז דאס מסביר אין זהר בסיום פרשתנו,

און ס׳וועט זיין "וילחם מלחמות ה׳ וינצח", יעדערער וועט מלחמה האבן מיט זיינע ענינים און מיט חלקו בעולם, און וועט דאס טאן מתוך מנוחה ושמחה וטוב לבב - ווארום משיח איז דאך ניט נאר מזרע דוד (וואס האט געהאט כמה קינדער), נאר אין זרע דוד גופא דארף ער זיין "מזרע שלמה דוקא"[188], און ענינו של שלמה איז געווען דער ענין המנוחה וכו׳[189].

און דעמולט וועט מען פארענדיקן דעם גלוה, ווארום ס׳וועט זיין "ישראל עושין תשובה", מ׳וועט אומקערן אלע ניצוצי קדושה למקורם ושרשם, ובמילא איז "מיד הן נגאלין", בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, ובעגלא דידן, ותיכף ומיד, כן תהי׳ לנו, ובשמחה וטוב לבב.

* * *

לה. קודם הסיום דארף מען דערמאנען נאכאמאל וועגן א מצוה שהזמן גרמא - אריינעמען קינדער אין מחנות קיץ הראויים לשמם.

וואס אע"פ אז ס׳זיינען שוין דא כו"כ ילדים, קטנים וקטנות, וועלכע געפינען זיך אין א מחנה קיץ כשר, אדער על טהרת הקודש, אדער קדוש, מיט אלע עילויים ודרגות שבדבר,

אעפ"כ, וויבאלד אז ס׳זיינען נאך דא כו"כ קינדער וואס געפינען זיך נאך ניט אין אזוינע ד׳ אמות - דארף יעדערער טאן כל התלוי בו אויף אריינברענגען זיי אין אזוינע ד׳

- אמות -

------------

188) פיהמ"ש להרמב"ם פ׳ חלק יסוד הי"ב. וראה לקו"ש ח"ח ע׳ 215 הע׳ 53. 189) ראה דה"א כב, ט. סה"מ תרנ"ט ע׳ קסב. ועוד.

אמות וואס דארפן וועס מען אין זיי אריינגעבן א רוח פון
אהבת ה׳ ויראת ה׳, און א רוח פון תורה ומצוותי׳.

און מיטנעמען די התלהבות פון י"ב-י"ג תמוז - דאס
וואס דער בעל המאסר והגאולה האט זיך מוסר נפש געווען
בפועל, אויף צו באווארענען דעם חינוך פון א קינד וואס האט
זיך געפונען אין א פנה נדחת במדינה ההיא,

וואס דאס איז דאך געווען א מדינה קשה און א מלך קשה,
מיט אלע שוועריקייטן וואס זיינען געווען דערמיט פארבונדן
- איז עאכו"כ בנוגע לזמננו, וואס די שוועריקייטן זיינען
שלא בערך קלענער דערפון ווי ס׳איז געווען דעמולט, ביז אז
ס׳איז אינגאנצן נים אין דעם סוג.

און ווי מ׳זעט בפועל אז בשעת מ׳רעדט אין אן אופן פון
דברים היוצאים מן הלב, פועל׳ט מען אז מ׳זאל פארשרייבן און
אריינגעבן דעם קינד וואס איז דערווייל נאך נים געגאנגען
אין א מחנה קיץ - אין א מחנה קיץ ראוי לשמו, בדוגמא ווי
ס׳איז געווען דער מחנה ישראל ווען אידן זיינען געווען אין
"מדבר העמים".

ועד"ז בנוגע צו קינדער וועלכע געפינען זיך אין א
מחנה קיץ בלתי רצוי, איז אע"פ אז ס׳איז לכאו׳ שווערער
פועל׳ן אויף זיי משנה זיין און אריינגעבן זיי אין אן
אנדער מחנה קיץ - איז דאך אבער ידוע אז מ׳טאר זיך נים
כייאש זיין ח"ו פון א אידן, עאכו"כ פון א אידיש קינד;

און אזוי ווי ס׳איז דא רגיל אז מ׳קען משנה זיין פון
איין מחנה קיץ אויף אן אנדער מחנה קיץ אפי׳ באמצע הקיץ,
עאכו"כ ווען ס׳ענדיקט זיך א וואך אדער א הודש, ארער ווי
ס׳איז דא נהוג אז מ׳שיקט דעם קינד אין א מחנה קיץ אויף
דריי וואכן, און דערנאך בלייבן נאך כו"כ שבועות וואס דער
קינד דרייט זיך ארום אן קיין השגחה און אן קיין תוכן -
קען מען זיכער פועל׳ן און אריינברענגען אויך די קינדער
אין א מהנה קיץ הראוי לשמו, וואו זיי וועלן באקומען א
אידישער חינוך.

וכמדובר כמ"פ אז דוקא אין די טעג ווען ס׳איז נישט
קיין חיוב פון לערנען לימודי חול, קען מען אויסנוצן ביט די
קינדער שלא בערך מערער דערפון וואס מ׳קען אויסנוצן בים זיי
במשך השנה, ווען ס׳איז דא דער חיוב (מצד גזירת המדינה,
חוקי המדינה, צי שטויות המדינה) לערנען לימודי חול.

לו. האמור לעיל איז אויך בנוגע צו גדולים וגדולות, וואס
ע"ד הרגיל איז אפי׳ די וואס בכל השנה כולה זיינען זיי
פארקאכט אין מסחר און אנדערע ענינים, איז ווען ס׳קומען
ימי הקיץ, נעמט מען זיך חופש (עכ"פ א חופש חלקי) פון די

- אלע -

אלע ענינים אין וועלכע מ'איז געווען טרוד ומבולבל במשך כל השנה כולה -

דארף מען זעהן אז דער זמן וואס ווערט נתפנה, זאל ניט בלייבן קיין ליידיקער זמן, אן קיין תוכן (ועאכו"כ אז דער זמן זאל ניט זיין ממולא מיט ענינים בלתי רצויים, אפי' ניט מיט דברים בטלים וכיו"ב) - נאר אז מ'זאל אויסנוצן דעם זמן אין אן אופן וואס איז מתאים צו תכלית הכוונה פון בריאת הזמן - אז מ'זאל אים ממלא זיין מיט ענינים פון אידישקייט, תורה ומצוותי', און מיט אלע דברים טובים וקדושים.

סיי ווען ער געפינט זיך מחוץ לביתו, ווי געערדט אין א פריערדיקע ההוועדות[190] אז ווען ער איז גולה כביתו למקום אחר, דארף ער זעהן אז דער ארט וואוהין ער האט גולה געווען זאל ווערן א "מקום הורה", אדער אויסקלייבן מלכהחלה ער זאל גולה זיין "למקום תורה".

עאכו"כ ווען ער געפינט זיך בביתו, און ער האט דארטן די ספרים מן המוכן, מיט אלע באקוועמליכקייטן מן המוכן - איז א זיכערע זאך אז ער דארף ממלא זיין כל רגע פנוי מיט אן ענין של הוכן אמיתי, אן ענין פון תומ"צ, וואס דאס איז חכמתו ורצונו של הקב"ה, וואס ער איז אמיתית המציאות.

לז וכמדובר לעיל אז פונקט אזוי ווי מ'דארף זיך משהדל זיין בנוגע צו עבודתו בעצמו, דארף מען אויך טאן מיטן גאנצן שטורעם בנוגע צו א צווייטן אידן, ווי געערדט פריער (ס"ז) אז דאס איז דער אויפטו פון י"ג תמוז לגבי י"ב תמוז.

וואס דאס דארף זיין מיוסד אויף דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך", אין אן אופן פון "כמוך" ממש, וכמבואר אין ירושלמי[191] דעם ביאור ווי אזוי ס'קען זיין "כמוך" [ניט ווי כמה פשטני המקרא[192] וואס ווילן זאגן אז דאס איז אן ענין וואס מ'קען ניט אויספירן], אז דאס איז בדוגמא ווי צוויי הענט פון דעם זעלבן גוף, וואס דעמולט דארף מען ניט האבן קיין הסברה ווי אזוי עס קען זיין "כמוך", ווארום דאס זיינען צוויי הענט פון דעם זעלבן גוף, מיט אלע ביאורים וואס דער צ"צ איז מבאר אין סהמ"צ שלו[193] אויף מצות אהבת ישראל.

און דער ענין פון אהבת ישראל ברענגט דערנאך צו אלע איבעריקע מבצעים - אז פון "מבצע אהבת ישראל" און "מבצע

- חינוך" -

------------

190) מוצאי ש"פ קרח סי"ט ואילך. 191) נדרים פ"ט ה"ד.
192) ראה ראב"ע עה"פ. 193) דרמ"צ כח, א ואילך.

הינוך", קומט דאס אראפ אין אלע ענינים פון תורה ומצוותי', אין "מבצע תפילין", וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[194], "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה והכמי'",

און די ג' מצוות וואס מ'האט איבערגעגעבן צו נשי ובנות ישראל: "כשרות האכו"ש", און פאר דערויף דער ענין פון "נרות שבת קודש", און נאך דערויף דער ענין פון "טהרת המשפחה".

און דאס וועט ברענגען צו דעם ענין פון "מיד הן נגאלין" - דער מבצע פון דעם אויבערשטן אליין, אז ס'וועט זיין "ואתם תלוקטו לאחד אחד בנ"י", ווי רש"י[195] זאגט אז דער אויבערשטער נעמט יעדער אידן פארן האנט, און נעמט אים ארויס פון דעם גלות צו דער גאולה האמיתית והשלימה,

וואס וויבאלד אז דער אויבערשטער איז למעלה פון דער מדידה והגבלה פון זמן און מקום, איז פארשטאנדיק אז די גאולה איז אין אן אופן פון "<u>מיד</u> הן נגאלין".

וכאמור לעיל אז די אלע ענינים זאלן זיין אין אן אופן פון "וישראל עושה חיל", נאך אין די לעצטע טעג פון גלות.

און ס'זאל זיין דער ענין פון "ושמחת עולם על ראשם", כמבואר אין די דרושים וואו מ'איז מבאר דעם ענין פון "נגילה ונשמחה בך"[196], אין המשך תרע"ב[197], און אין כו"כ דרושים פון רבותינו נשיאינו, אז דאס איז דער ענין פון "ושמחת עולם על ראשם" -

זאל זיין דער ענין פון "ושמחת עולם על ראשם" ווען מ'געפינט זיך נאך אין דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, אזוי ווי ס'איז געווען בשעת אידן זיינען נאך געווען אין מצרים, אז דעמאלט איז "ולכל בנ"י הי' אור במושבותם"[198].

און דערנאך וועט זיין דער "סולו סולו פנו דרך"[199] - וויבאלד אז דער אויבערשטער נעמט יעדער אידן און אלע אידן, און פירט זיי ארויס פון גלות, און ברענגט זיי לארצנו הקדושה, "ארץ טובה ורחבה"[200], "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[201], און מיט דער הדגשה אז "ארץ אשר גו' <u>תמיד</u> עיני ה' אלקיך בה", אפי' אין זמן הגלות, עאכו"כ אין עקבתא דמשיחא וואס דאס איז שוין קרוב צו ביאת משיח צדקנו בפועל.

- זאל -

---

194) קידושין לה, א. 195) עה"פ נצבים ל, ג. 196) שה"ש א, ד. 197) ח"ג ע' א'רסד ואילך. 198) בא י, כג.
199) ישעי' נז, יד. 200) שמות ג, ח. 201) עקב יא, יב.

זאל מען טאן בכל הנ"ל מתוך שמחה וטוב לבב, ובזריזות הכי גדולה, ובמילא וועט זיין דער "מיד הן נגאלין" בפשטות, אז וועט מ'וועט א קוק טאן אויפן זייגער, וועט מען זעהן אז דאס איז תיכף ומיד – ובשמחה וטוב לבב.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי כלאפצי.

* * *

לח. כמדובר כמ"פ אז אין דער התוועדות פון י"ב-י"ג תמוז איז מען רגיל מאכן א מגבית פאר די וואס לערנען תורה לשמה.

וועט מען מסתמא פאנאנדערטיילן צעטלען, און די וואס ווילן אז מ'זאל דערמאנען שמם ושם אמם על הציון פון בעל המאסר והגאולה, קענען זיי צולייגן א צעטל מיט שמם ושם אמם.

און דער עיקר איז – אז די התנדבות זאל זיין מתוך שמחה וטוב לבב, וואס דעמולט וועט דאס זיין א התנדבות גדולה, וויבאלד אז "שמחה פורץ גדר".

און ס'איז זיכער אז דער אויבערשטער וועט ממלא זיין הבטחתו אז וועט ס'וועט זיין "חמישית לפרעה" וועט זיין "ארבע הידות יהי' לכם"[202], אז ער וועט געבן לכה"פ פיר מאל אזויפיל וויפל מ'האט מנדב געווען, וכל המוסיף מוסיפין לו.

און דעמולט וועט מען האבן ברכת ה' במשך כל השנה כולה: אין אן אופן פון "וארבע הידות יהי' לכם" אויף יעדער דבר טוב וואס מ'טוט, וואס דאס איז אין אן אופן פון מדידה והגבלה, ווי משה רבינו זאגט, אבער דער אויבערשטער אליין איז "יברך אתכם כאשר דבר לכם"[203], ער וועט געבן נאכמער און נאכמער, ביז אין אן אופן פון "עד בלי די"[204],

ביז אין אן אופן אז ס'וועט זיין "ומלאה הארץ דעה את ה'"[205], ובמילא וועט אויך זיין "ומלאה הארץ ברכת ה'", וויבאלד אז דאס קומט צוזאמען מיט "דעה את ה'".

און "טועמי' חיים זכו"[206] נאך אין די לעצטע טעג פון גלות, ועאכו"כ אז דאס וועט נאכמער מזרז זיין דעם "אחישנה" אין דעם "אחישנה"[207] – ביאת משיח צדקנו בקרוב ממש.

– צוה –

------------

202) ויגש מז, כד. ודאה לקו"ת שה"ש ו, ד ואילך. 203) דברים א, יא ובפרש"י. 204) מלאכי ג, י. 205) ישעי' יא, ט. 206) ראה לקו"ש וישלח – י"ט כסלו תשל"ז ס"ב. וש"נ. 207) ראה סנהדרין צח, א.

צוה לנגן עוצו עצה ותופר. הושיעה את עמך. פרזות תשב ירושלים. ופרצת.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

*　　　　*

*

בס"ד. שיחה מוצאי ש"פ בלק, שבעה עשר בתמוז (נדחה), ה'תשל"ה.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. די התוועדות איז דאך בהמשך צו דער התוועדות פון י"ב-י"ג תמוז, דער חג הגאולה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, כמפורסם פרשת המאסר והגאולה.

וכמדובר כמ"פ אז יעדער זכרון וואס תורה [אדער "מנהג ישראל" וואס "תורה הוא"[1]] פארלאנגט פון א אידן ער זאל זיך דערמאנען אויף דעם - איז דאס ניט כדי צו דערמאנען זיך אויף א זאך וואס איז געווען "למפרע", מיט יארן און דורות לפנ"ז, און מערניט ווי אלס א סיפור נאה, נאר וויבאלד אז תורה זאגט אז "המעשה הוא העיקר"[2], איז פארשטאנדיק, אז פון דעם סיפור און זכרון, דארף ארויסקומען אן ענין בנוגע למעשה בפועל.

וואס ווי גוט די מעשה איז געווען ביז דעמולט - איז ווען ס'רעדט זיך וועגן ענינים פון טוב וקדושה, תורה ומצוותי', קען מען אלעמאל אויפטאן אין דערויף שלא בערך מערער דערפון וואס מ'האט אויפגעטאן ביז דעמולט.

ווארום תורה ומצוותי' זיינען דאך געגעבן געווארן פון דעם אויבערשטן, און אין אן אופן אז דער אויבערשטער זאגט אז דורך דעם ענין פון תורה איז "אותי אתם לוקחים"[3] - איז דערפון פארשטאנדיק, אז וויבאלד דער אויבערשטער איז א"ס, איז תורה (דורך וועלכע "אותי אתם לוקחים") אויך אין אן אופן פון א"ס, ווארום א דבר מוגבל קען ניט ארייננעמען אין זיך קיין בל"ג, עאכו"כ א"ס האמיתי.

ועד"ז אויך בנוגע צו קיום המצוות:

ביי יעדער מצוה זאגט מען דאך "אשר קדשנו במצותיו וצונו", אז דאס איז א ציווי פון דעם אויבערשטן אליין, און מ'טייטשט אפ בכמה ספרים[4] (אויך אין ספר תניא קדישא[5]), אז מצוה איז מלשון צוותא וחיבור, דאס פארבינדט און איז מחבר דעם וואס זאגט די מצוה מיט דעם וועמען מ'זאגט אן ער זאל מקיים זיין די מצוה.

ד.ה. אפי' אז קודם הציווי איז געווען צווישן זיי א ריחוק גדול ביז אין אן אופן פון אי"ע לגמרי, פונדעסטוועגן, דורך דער מצוה ווערן זיי אין אן אופן של צוותא וחיבור,

- וויבאלד -

------------

1) הוד"ה נפסל - מנחות כ, ב. 2) אבות פ"א מי"ז. 3) נסמן בלקו"ש תגה"ש תשל"ו הע' 50. 4) לקו"ת בחוקותי מה, ג. ובכ"מ. 5) ראה תניא פכ"ג. פל"ה (מד, ב ואילך).

וויבאלד אז דער מצוה לאזט זיך אראפ און איז מחשיב דעם מצווה (דעם וועמען ער זאגט אן) פאר א מציאוה, וואס דאס גופא וואס ער גיט אים איבער א שליחות און א ציווי אויף מקיים זיין, מאכט דאס אים פאר א מציאות, און ניט סתם א מציאות, נאר א מציאות וואס איז בערך צום מצוה.

ביז וואנעט אז דער אויבערשטער זאגט אז דורך דעם וואס א איד איז מקיים א מצוה, ווערט אויפגעטאן "נחת רוח לפני שאמרתי ונעשה רצוני"[6]; פון דעם "אמרתי" אליין איז נאך ניטא דער נחת רוח, דוקא דורך דעם וואס "נעשה רצוני", אז א איד איז ממלא דעם רצון פון דעם אויבערשטן, ווערט דער "נחת רוח לפני" – וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דורך דעם ווערט ער א מציאות, כביכול, אזוי ווי דער אויבערשטער אליין.

ד.ה. אז דורך קיום המצוה ווערט א איד א מציאות אמיתית, ביז צו אמיתית המציאות, ווי דער רמב"ם איז מבאר בתחלת ספרו "יד החזקה", ביז צו א מציאות וואס מ'האט גאר קיין השגה ניט וואס פאר א מציאות דאס איז – אזא מציאות ווערט יעדער איד וואס איז "נצר מטעי מעשה ידי להתפאר"[7].

[וואס אפי' די וואס זיינען "בשם ישראל יכונה", זאגט מען דאך אויך אז זיי האבן ניט נאר איין מצוה, נאר "מלאין מצוות כרימון"[8], עאכו"כ די וואס שטייען העכער פון "בשם ישראל יכונה" – ביז ווי דאס קומט ארויס בגלוי אויך אין דרגא הכי ההתונה, בנוגע צו די אויף וועלכע מ'זאגט אז זיי זיינען "מלאין מצוות כרימון", אז ביי זיי זיינען אויך דא כו"כ מצוות].

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז דער ענין פון מצווה איז אויך אין אן אופן של א"ס – וויבאלד אז דורך קיום המצוה ווערט ער אין אן אופן פון צוותא ותיבור מיטן אויבערשטן, וואס ער איז א"ס.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווי גוט ס'זיינען געווען די מעשים ביז צו דער התעוררות פון סיפור המאסר והגאולה – קען מען טאן אין דערויף נאכמער, און שטייגן העכער און נאך העכער.

און ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות בארוכה, אז וויפל מ'האט נאר אויפגעטאן ביז איצטער, איז וויבאלד אז דאס איז אלץ אין אן אופן מוגבל, איז ווי גרויס דער גבול

- זאל -

---

6) ספרי ופרש"י עה"פ פינחס כח, ח. 7) ישעי' ס, כא. 8) עירובין יט, א. חגיגה בסופה. 9) שיחת י"ב תמוז סי"ת ואילך.

זאל נאר זיין איז ער באין ערוך צו בל"ג. ד.ה. אז וויפל מ'האט נאר אויפגעטאן ביז איצטער, האט מען בכח וביכולת צו אויפטאן באין ערוך מערער דערפון.

און דורך דעדויף וואס מ'איז זיך מהבונן אין פרשת המאסר והגאולה, איז דאס מעורר ומזרז ומחי' אז מ'זאל טאן אין די אלע עניניס מיט א התלהבות און מיט א זריזות יתירה ונפלאה, מיט אלע לשונות וואס דער אלטער רבי שרייבט אין אגה"ק הידועה סימן כ"א.

ב. האמור לעיל איז שייך לכאו"א, ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס דער בעל הגאולה שרייבט במכתבו[10] אז "לא אותי בלבד גאל הקב"ה בי"ב תמוז, כי אם גם את כל מחבבי תורתנו הק', שומרי מצוה, וגם את אשר בשם ישראל יכונה", און ער זאגט אז דאס איז אלץ געווען אין דער זעלבער גאולה שלו.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אפי' דער וואס שרייט אז ער איז "בשם ישראל יכונה", ער שרייט און טענה'ט אז דער שם "ישראל" איז נים זיין שם האמיתי און שם העצמי, נאר ס'איז מערניט ווי א כינוי - איז דאס מערניט ווי דערפאר וואס "יצרו הוא שתקפו"[11], דער אמת איז אבער אז אין וואס פאר א מעמד ומצב ער זאל נאר זיין, איז זיין עצם המציאות "ישראל", און נים באופן של כינוי - נאר "ישראל הוא"[12].

און דאס קומט ארויס בגילוי - פונקט אזוי ווי ס'איז געווען אין דער גאולה פון בעל המאסר והגאולה, אז "ראו כל אפסי ארץ" אז דאס איז געווען אן ענין של גאולה, וכידוע אז די גאולה איז געקומען דורך התלבשות אין דרכי הטבע, דורך דער השתדלות פון "כל אפסי ארץ" בנוגע צו דער גאולה -

איז עד"ז אויך פארשטאנדיק, אז סוכ"ס וועט נתגלה ווערן ביי יעדער אידן (אפי' ביי דעם וואס האלט אין דער דרגא הכי תחתונה אז "בשם ישראל יכונה") - אז "ישראל הוא", אז זיין אמת'ער נאמען, דער שם העצם, איז "ישראל", און דאס שטייט ביי אים בגילוי, ביז וואנעט אז אפי' נים אידן דערקענען אז זיין נאמען איז "ישראל".

ג. און וויבאלד אז אלע אידן זיינען ווי איין גוף[13] [וואס אע"פ אז אין א גוף זיינען דא רמ"ח אברים ושס"ה גידים, וואס דערפאר זיינען אויך דא כמה דרגות אין בנ"י - זיינען זיי אבער אלע ווי איין גוף];

- און -

------------

10) נדפס בסה"מ הרפ"ח ע' קמו ואילך. תש"ח ע' 263 ואילך.
11) רמב"ם הל' גירושין ספ"ב. 12) סנהדרין מד, רע"א.
13) ראה לקו"ת ר"פ נצבים. דרמ"צ מצות אהבת ישראל (כח, א ואילך).

און מ'זעט אז בשעת טיילן פון דעם גוף הויבן זיך אויף העכער און העכער, הויבן זיך אויף צוזאמען מיט זיי כל אברי הגוף, אפי' די אברים וואס זיינען למטה מהם, און אפי' די אברים וואס זיינען אין אן אופן פון תחתון שאין תחתון למטה הימנו, ווארום זיי זיינען א טייל פון דעם גוף, האבן זיי ניט קיין ברירה, און זיי מוזן זיך אויך אויפהויבן -

איז דערפון פארשטאנדיק, אז בשעת עס ווערט א עילוי אין א טייל פון אידן, פועל'ט דאס אויך אויף אלע אידן, ביז אפי' אויף די וואס "בשם ישראל יכונה", אז עס ווערט ביי זיי בכל דער ענין וואס "יצרו הוא שתקפו", און זיי טועך אויך די אלע ענינים אויף צו אויפהויבן זיך, ביז אין אן אופן אז ס'ווערט "שלהבת עולה מאלי'"[14].

ד. עס קומט נאך צו א הדגשה מיוחדת בנוגע לשנה זו:

נוסף אויף דעם וואס מ'האט גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[15], אז דאס איז די התחלה פון דעם יובל השני פון דער גאולה, וואס יעדער יובל שליסט אפ א תקופה זמן וועלכע איז כולל כל כשך הזמן כולו, ווארום "יובל" ווערט דאך אנגערופן בשם "עולם"[16], וואס דאס האט דעם אפטייטש פון "אייביקייט", וויבאלד אז דאס איז כולל את כל משך הזמן,

און וויבאלד אז אין זמנים גופא קען דאך זיין אן ענין של עלי', ביז צו אן עלי' וואס איז שלא בערך, איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז ווען ס'רעדט זיך וועגן א צווייטן "יובל", דארף די עלי' זיין ביתר שאת וביתר עז -

קומט נאך צו א הדגשה מיוחדת בנוגע לקביעות שנה זו, אז דאס איז אזוי ווי ס'איז געווען די קביעות אין דעם יאר וואס דער בעל המאסר והגאולה איז געבארן געווארן - וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט דער גאולה פון י"ב תמוז, וועלכע איז געווען אין זיין יום ההולדה, וואס דעמולט איז "מזלו גובר"[17].

ווי דער בעל המאסר והגאולה האט דערציילט[18] אז דעמולט איז געווען די קביעות (אזוי ווי בש.ז.) אז שבעה עשר בתמוז איז געווען בשבת, און דער תענית פון י"ז בתמוז איז געווען א נדחה.

וואס י"ז בתמוז איז דאך צווישן די שמונה ימים שבין

- יום -

---

14) שבת כא, א. פרש"י ר"פ בהעלותך. 15) שיחת י"ב תמוז כי"ד ואילך. 16) מכילתא ופרש"י עה"פ משפטים כא, ו. 17) ראה קה"ע לירושלמי ר"ה פ"ג ה"ה. 18) סה"ש ה'ש"ת ע' 157.

יום ההולדת ליום המילה [וואס "תחלת כניסת נפש זו הקדושה היא כו׳ במצות מילה"[19], ד.ה. אז דעמולט איז דער סיום פון "תחלה כניסת נפש זו הקדושה"] – איז דעמולט געווען די קביעות אז מ׳האט דוחה געווען דעם תענית פון י"ז בתמוז צוליב דעם ענין פון שבת.

וואס בשעת אז די דחי׳ איז דורך דעם ענין השבת, קומט דאס אן ניט דורך עמל ויגיעה, ווארום דער ענין פון שבת איז "וקראת לשבת עונג"[20], קומט אויס אז אויך דער ענין פון דחיית התענית איז דורך דעם ענין התענוג, ואין ענין יוצא מידי פשוטו.

ד.ה. אז מצד דערויף וואס יעדער איד איז בן אברהם יצחק ויעקב, און בת שרה רבקה רחל ולאה, ער האט אין זיך דעם תוקף פון "מראש צורים אראנו ומגבעות אשורנו"[21], האט ער בכח צו אויפטאן אין אן אופן פון תענוג,

[ווי מ׳זאגט אין פרשת השבוע[22] "ולא ראה עמל בישראל", אז ס׳איז ניטא קיין ענין של עמל, וויבאלד אז ס׳רעדט זיך וועגן א אידן, וואס יעדער איד איז בדוגמה הענין פון שבת לגבי דער גאנצער וועלט, כמבואר בכ"מ[23]],

אז מ׳זאל דוחה זיין דעם ענין פון י"ז תמוז, די התחלה פון די ג׳ שבועות, ביז אין אן אופן ווי דער בעל הגאולה האט דערציילט, אז מ׳האט דעמולט געזאגט "הלואי ער זאל נדחה ווערן באמת" (ווארום "הואיל ונדחה ידחה"[24]).

וואס דאס איז מערניט ווי התחלת הגאולה; דער הכלית אבער איז ניט נאר מ׳זאל דוחה זיין דעם ענין, נאר גלייך נאך דעם וואס מ׳איז דאס דוחה, פועל׳ט מען אז ס׳זאל זיין "והפכתי אבלם לששון"[25], אז ס׳ווערט "אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא".

וכן תהי׳ לנו בקרוב ממש, אז ס׳וועט נתהפך ווערן דער חושך המר פון דעם גלות פון עקבתא דמשיחא, אין אן אופן פון עונג, אן יגיעה ועמל, נאר מהוך תענוג אמיתי, במנוחת הנפש ומנוחת הגוף,

און ס׳וועט זיין "אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא" מן הקצה אל הקצה, ביז אין אן אופן וואס איז נאך העכער פון דעם גאנצן גדר פון קצוות – אז ס׳וועט זיין אין אן אופן פון "ופרצת", העכער פון אלע מדידות והגבלות, און העכער

- פון -

---

19) שו"ע אדה"ז או"ח מהדו"ב סוס"ד. 20) ישעי׳ נח, יג. 21) פרשתנו כג, ט ובפרש"י. 22) שם, כא. 23) ראה זח"ג כט, א. 24) מגילה ה, ריש ע"ב. 25) ירמי׳ לא, יב.



הנחת הה׳ בלתי מוגה

פון דעם ענין פון קצווח (וואס איז אויך א הגבלה).

און ס'וועט זיין בקרוב ממש - ווען "יעלה הפורץ לפנינו"[26], און ס'וועט זיין "יהפכו ימים אלו לששון ולשמחה ולמועדים טובים"[27], בעגלא דידן, למטה מעשרה טפחים, און אין אן אופן פון תענוג, "ושמחת עולם על ראשם"[28].

* * *

ה. מ'האט דאך גערעדט כמ"פ וועגן די תורה פון דעם אלטן רבי'ן[29] אז מ'דארף לעבן מיט דער צייט, מיט די ענינים וועגן וועלכע ס'רעדט זיך אין פרשת השבוע.

וואס בנוגע צו י"ב-י"ג תמוז, און דער שבת וואס במוצאי שבת זה קומט פאר די התוועדות - איז פרשת השבוע פרשת בלק.

וואס דארטן זיינען דא כמה נבואות וואס בלעם האט געזאגט, ביז צום סיום וחותם פון די נבואות, וואס דארטן זאגט ער דאס וואס ס'וועט זיין "באחרית הימים"[30], וואס דארטן רעדט זיך וועגן דער גאולה העתידה ע"י משיח בן דוד, כמבואר אין כפרשי התורה, אויך אין פשטני המפרשים.

ביז וואנעט אז דאס ברענגט זיך אראפ אין ספר "יד החזקה" פון דעם רמב"ם אלס פס"ד להלכה [ווי דער רמב"ם שרייבט אין דער הקדמה אז דער גאנצער ספר איז "הלכות הלכות"] - ווי דער רמב"ם[31] זאגט אז דער ענין פון ביאת משיח צדקנו איז פון די "דברים המפורשים בהורה" [ניט נאר אין תושבע"פ, און ניט נאר אין נ"ך וואס "כל הספרים (פון "דברי הנביאים") מלאים בדבר זה"[32], נאר אויך אין תורת משה],

און ער זאגט: "אף בפרשת בלעם נאמר, ושם נבא בשני המשיחים", און ער ברענגט אויף דערויף דעם פסוק[33] "אראנו ולא עתה אשורנו ולא קרוב", וואס "אראנו ולא עתה זה דוד" און "אשורנו ולא קרוב זה המלך המשיח", מיט אלע איבעריקע פרטים וואס שטייען אין די פסוקים, ווי דער רמב"ם טייטשט אפ אז דאס גייט אויף דוד און אויף מלך המשיח.

וואס דער רמב"ם באגנוגנט זיך ניט דערמיט וואס ער ברענגט פריער דעם פסוק[34] "ושב ה' אלקיך את שבותך וגו'",

- נאר -

---

26) מיכה ב, יג. וראה ב"ר פפ"ה, יד. 27) ע"פ זכרי' ס, יח. 28) ישעי' לה, י. נא, יא. 29) היום יום ע' קא. סה"ש תש"ב ע' 29 ואילך. 30) פרשתנו כד, יד. 31) הל' מלכים פי"א ה"א. 32) שם ה"ב. 33) פרשתנו שם, יז. 34) נצבים ל, ג.

נאר ער ברענגט אויך די פסוקים פון "פרשת בלעם", מיט אלע פרטים וואס ער רעכנט אויס דארטן -

וואס דער ביאור בזה בפשטות איז - ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[35] בארוכה, אז דער רמב"ם באגנוגנט זיך ניט מיט דער הודעה כללית אז אין תושב"כ (תורת משה) ווערט דערמאנט בכללות דער ענין פון ביאת משיח צדקנו, נאר ער זאגט אז אין דער פרשה ווערן אויסגערעכנט כמה פרטים וועגן ביאת משיח צדקנו, און ער ברענגט די פיר ענינים, וואס זיי זיינען פיר ענינים און תקופות אין ביאת משיח צדקנו, ווי גערעדט פריער בארוכה.

און דער רמב"ם זאגט אז אין פרשת בלעם שטייט דאס אין אן אופן פון נבואה ("ושם נבא") - אז דאס האט אין זיך דעם תוקף פון א נבואה; ווארום א הבטחה וואס שטייט אין תורה ניט בלשון נבואה, קען אין דערויף זיין א שינוי מצד שמא[36] יגרום החטא וכיו"ב, משא"כ א הבטחה וואס שטייט בלשון של נבואה, און א הבטחה לטובה, איז דעמולט "אינו חוזר", ווי דער רמב"ם פסק'נט אין הל' יסוה"ת[37] - און דערפאר איז דער רמב"ם מוסיף "ושם נבא", אז דאס האט דעם תוקף פון נבואה.

ו. אין דערויף איז דא א תוספה הדגשה בנוגע לקביעות שנה זו, און בנוגע לתקופה זו בכלל:

כמדובר כמ"פ בנוגע צו כללות תקופה זו, אז לויט אלע סימנים וואס שטייען אין סוף מסכת סוטה, איז דאס דער זמן פון עקבתא דמשיחא.

ואין ענין יוצא מידי פשוטו - מ'האלט שוין אין סוף הגלות, אט אט גייט מען ארייך אין א"י.

וואס דאס איז ע"ד דער מעמד ומצב פון אידן ווי עס ווערט דערציילט אין פרשת בלק - אז דאס איז געווען בסיום פון די ארבעים שנה וואס ס'איז נגזר געווארן אז זיי זאלן זיין אין מדבר, ביז צום סיום הפרשה וואס דארטן ווערט דערציילט אז פינחס האט שוין געטאן די פעולה פון "בקנאו את קנאתי"[38], ד.ה. אז פינחס, וואס "פינחס הוא אלי'"[39], און אלי' איז דער מבשר הגאולה[40] - איז ער שוין געבארן געווארן און אויסגעוואקסן און האט אנגעהויבן זיין פעולה פון "בקנאו את קנאתי".

- וואס -

------------

35) שיחת י"ב תמוז סכ"ו ואילך. 36) ראה ברכות ד, א. פרש"י וישלח לב, כא. 37) פ"י ה"ד. 38) פינחס כה, יא. 39) נסמן בלקו"ש ח"ד ע' 1071 הע' 8. ח"ח ע' 170 הע' 59. 40) נסמן בלקו"ש ח"ח שם הע' 58.

וואס ענינו של אלי׳ הנביא איז פארבונדן במיוחד מיט מוצאי שבת, כידוע דער מנהג ישראל בכמה קהילות צו דערמאנען במוצאי שבת אלי׳ הנביא כו"כ פעמים ביז צו א ריבוי פעמים, "אלי׳ הנביא אלי׳ התשבי אלי׳ הגלעדי" וכו׳.

וואס דאס איז תלוי אין "מנהגי ישראל"; ס׳זיינען דא ערטער וואו מ׳זאגט דאס בדיבור, ס׳זיינען דא ערטער וואו מ׳זאגט דאס במחשבה, און ס׳זיינען דא ערטער וואו מ׳ווייסט אז דער דין איז אזוי וכיו"ב;

דערנאך איז אבער דא דער ענין פון סעודת מלוה מלכה, וואס דאס איז דאך א דין אין שו"ע[41] השוה לכל נפש, וואס די סעודה ווערט אנגערופן "סעודתא דדוד מלכא משיחא"[42], די סעודה פון דוד ווי ער איז מלכא משיחא.

ז. דער ענין פון "דוד מלכא משיחא" איז אויך מודגש אין דעם וואס דער רמב"ם זאגט אז אין פרשת בלעם רעדט זיך וועגן "שני המשיחים", במשיח ראשון שהוא דוד כו׳ ובמשיח האחרון שעומד מבניו", ועד"ז אין די פסוקים וואס ער ברענגט, באגנוגנט ער זיך ניט מיט ברענגען איין פרט וועגן דוד, נאר אין יעדער ענין וואס ער ברענגט, ברענגט ער ביידע פרטים, סיי דעם חלק וואס רעדט וועגן דוד, און סיי דעם חלק וואס רעדט וועגן משיח.

וואס דער ביאור בזה איז - אז דאס איז ע"ד ווי די גמרא[43] זאגט "מאי דהוה הוה", ד.ה. אז א זאך וואס איז שוין געווען בעבר, לייגט זיך אין שכל בקלות יותר אז ס׳וועט זיין נאכאמאל, וויבאלד אז ס׳איז שוין געווען דער "פתח"[44], משא"כ אן ענין וואס איז ניט געווען, וואס דעמולט קען מען פרעגן שאלות היתכן אז ס׳וועט זיין אזא זאך וכו׳, און מ׳דארף אנקומען צו אמונה -

און דערפאר איז אויף יעדער פרט ותקופה וואס דער רמב"ם זאגט בנוגע צו משיח ברענגט ער אויך ווי דער ענין איז געווען ביי דוד (ביי "משיח הראשון שהוא דוד") - וואס דורך דערויף וואס מ׳ווייסט אז דאס איז אן ענין וואס איז שוין געווען, ווערט נקלט דער ענין פון "אני מאמין בביאה המשיח" בקלות יותר ובזריזות יותר.

און אזוי ווי מ׳וויל דאך אז די גאולה האמיתיה והשלימה זאל זיין מיט א רגע אחד קודם, ווארום וויבאלד אז מ׳דארף

- ארויסנעמען -

---

41) שו"ע אדה"ז או"ח רס"ש. וש"נ. 42) סידור האריז"ל (להר"ש מרשקוב) במקומו. 43) יומא ה, ב. ובכ"מ. 44) ראה סה"מ תרע"ח ע׳ רפג. הרפ"ח ע׳ קב.

ארויסנעמען שכינתא פון גלות, און ארויסנעמען יעדער אידן און אלע אידן פון גלות, איז דאך יעדער רגע וואס מ׳געפינט זיך נאך אין גלות איז א געוואלדיקע אריכות הזמן, וואס דערפאר דארף מען זעהן אז די גאולה זאל זיין מיט א רגע אחד קודם -

איז דורך דערויף וואס ביי אידן ווערט נקבע די אמונה און בטחון אין ביאת משיח צדקנו, ביז צו א בטחון הכי חזק שאין שייך בזה כל ספק, וויבאלד אז דאס איז א דבר המפורש בתורה וואס אפי׳ הצדוקים מודים בזה (ווי די גמרא זאגט אין סנהדרין[45], און דאס ווערט אראפגעבראכט אין רמב"ם[46] און נאך פוסקים); און מיט דער הוספה אז דאס איז אן ענין וואס איז שוין געווען ביי דוד -

איז דאס מקדים די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, מיט א רגע פריער אין דעם בעגלא דידן.

ח. און ע"פ המדובר כמ"פ אז אפי׳ ווען ס׳רעדט זיך וועגן א ברכה וואס דער אויבערשטער גיט מצ"ע, וואס ער איז דער עצם הטוב און טבע הטוב להטיב[47], איז כדי צו אויפנעמען די ברכה, און אין אן אופן אז די ברכה זאל נתקבל ווערן און כ׳זאל פון איר האבן די פולסטע מאס וואס מ׳קען האבן - דארף מען מאכן א כלי וואס איז עכ"פ א מעין פון דער ברכה,

איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד אז די ברכה איז דער ענין פון "יעלה הפורץ לפנינו", אז דער אויבערשטער איז מבטל אלע מדידות והגבלות, און ברענגט גלייך אראפ די גאולה האמיתית והשלימה - דארף יעדער איד און אלע אידן מאכן א כלי לזה, מבטל זיין זייערע מדידות והגבלות בנוגע צו די ענינים וואס זיינען שייך צו ג-טליכקייט, צום אויבערשטנ׳ס תורה און מצוות.

ד.ה. אז סיי ווען ס׳רעדט זיך וועגן לימוד התורה און קיום המצוות בנוגע לעצמו, און סיי ווען ס׳רעדט זיך וועגן דער הפצה פון לימוד התורה וקיום המצוות ביז צו א פנה נדחה בעולם - איז ביי אים ניטא קיינע מדידות והגבלות, קיינע ענינים וואס קענען אים אפהאלטן פון טאן אין דערויף, און ער טוט דאס אין אן אופן פון "ופרצת".

וכמדובר לעיל (ס"א) אז דער לימוד פון י"ב-י"ג תמוז דארף אראפקומען און ווירקן ביז אין מעשה בפועל - אז די אלע מעשים וואס מ׳האט געטאן ביז איצטער, זאל מען טאן אין

- זיי -

---

45) לג, ב. 46) הל׳ סנהדרין פ"י ה"ט. 47) ראה עבה"כ שער שעשועי המלך רפ"א. שעהיוה"א רפ"ד.

זיי ביתר שאת וביתר עז, אין אן אופן אז מ׳זאל זיך ניט רעכענען מיט קיינע מדידות והגבלות, מניעות ועיכובים.

וואס דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס די עבודה דארף זיין אין אן אופן של שמחה, ווארום "שמחה פורץ גדר"[48].

וואס דורך דעם איז מען מקדים נאכמער און נאכמער דעם "אחישנה" אין דעם "בעתה"[49], און דעם "אחישנה" אין דעם בעגלא דידן, אז ס׳זאל זיין מיט א רגע פריער און מיט א טאג פריער, למטה מעשרה טפחים, און אין אן אופן פון עונג.

ט. און דעמולט האט מען די הבטחה, אז ס׳וועט זיין אזוי ווי ס׳איז געווען דעמולט, אז "ויהפוך ה׳ אלקיך לך את הקללה לברכה"[50], אז דאס וואס בלעם האט געוואלט אז ס׳זאל זיין אן ענין הפכי, איז נתהפך געווארן צו אן ענין של ברכה.

ביז וואנעט אז התחלת התפלה הויבט זיך אן מיט "מה טובו אוהליך יעקב משכנותיך ישראל"[51], וואס דאס איז א חלק פון נבואת בלעם; ועד"ז אויך דער ענין פון "אחרית הימים", ביאה משיח צדקנו, איז דאס מרומז ומפורש אין פרשת בלעם.

און ווי מ׳זעט אז ווען בלעם האט געפרואווט (אויף אלע וועגן) ברענגען אויף אידן אן ענין פון היפך הברכה, ביז אז ער האט געזוכט אזוינע אידן וואס מערניט ווי "בשם ישראל יכונה", וואס זיי געפינען זיך מחוץ לענני הכבוד,

[ווי ער טייטשט אפ אין תרגום יונתן דאס וואס ס׳שטייט[52] "וירא משם קצה העם", אז ער האט געזען די אידן וואס האבן זיך געפונען מחוץ לענני הכבוד (ווארום אזוי האבן ענני הכבוד צוגעדעקט גאנץ מחנה ישראל),

און ווי רש"י ברייננגט דעם פירוש התרגום אויף "וישת אל המדבר פניו"[53], אז ער האט דערמאנט דעם חטא העגל, אויף וועלכן ס׳שטייט[54] "וביום פקדי ופקדתי", ער האט געזוכט ביי אידן זייער שייכות צו "וביום פקדי ופקדתי"] -

האבן די אלע זאכן אים ניט געהאלפן, ואדרבה, דערפון איז גאר צוגעקומען ביי אידן אן ענין של ברכה, ביז וואנעט אז די אלע ברכות וועלכע זיינען פארבונדן מיט "אחרית הימים", זיינען זיי געקומען נאך דערויף וואס "וישת אל המדבר פניו" - נאך דערויף זיינען געזאגט געווארן די אלע פרטים בנוגע צו ביאת משיח צדקנו.

- וואס -

------------

48) ראה ד"ה שכח תשמח ע׳ 49 ואילך. 49) ישעי׳ ס, כב. וראה סנהדרין צח, א. 50) תצא כג, ו. 51) פרשהנו שם, ה. 52) שם כב, מא. 53) שם כד, א. 54) תשא לב, לד.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אפילו ווען ס׳רעדט זיך וועגן א אידן וואס מסיבה שונה ומשונה האט ער אמאל געהאט א שייכות צו "וביום פקדי ופקדתי" - איז ווען מ׳קומט צו פרשת בלק און נבואת בלעם, זעט מען אז "ולא אבה ה׳ אלקיך לשמוע אל בלעם"[50], דער אויבערשטער וויל מלכתחלה ניט הערן די אלע טענות והסברות וכו׳,

און נאכמער: עס ווערט דערפון גלייך אן ענין של ברכה, און א ברכה עצומה, ווי דער אלטער רבי טייטשט אפ[55] אז דאס קומט פון די ע"ס שבמאציל עצמו, ובפשטות - א ברכה וואס איז למעלה מכל מדידה והגבלה (כנ"ל ס"ח),

ביז וואנעט אז אפי׳ ביי א אידן וואס "בשם ישראל יכונה" לייגט זיך אפ בפשטות אז אט אט קומט משיח צדקנו (כנ"ל ס"ז).

אבער כאמור לעיל (ס"ז) אז יעדער רגע איז טייער - איז בשעת אז יעדערער וועט טאן כל התלוי בו אויף ניט רעכענען זיך מיט די מדידות והגבלות [וואס באמת האבן זיי גאר קיין מציאות ניט, ס׳איז מערניט אויף צו אויספרואוון א אידן, אז ער זאל באווייזן אז ער זעט דעם אמת אז "אמת ה׳ לעולם"[56]] -

וועט זיין מיט א רגע פריער דער ענין הגאולה, סיי בנוגע צו דער שכינה, און סיי בנוגע צו "ישראל עם קרובו".

י. דובר אודות המצב באה"ק וכו׳.

* * *

יא. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה כי מראש צורים אראנו וגו׳.

* * *

יב. כרגיל אין א התוועדות פון שבת אדער מוצאי שבת אפלערנען א פסוק אין חומש פון פרשת השבוע מיט פרש"י - וועט מען דאס אויך פארבינדן מיט דעם ענין הגאולה.

ובפרט לויט ווי גערעדט פריער (ס"ד) אז די קביעות פון ש.ז. איז אין אן אופן אז גלייך אין דער התחלה פון די ג׳ שבועות, איז מען דוחה דעם תענית פון שבעה עשר בתמוז, און מ׳מאכט דערפון א טאג פון "וקראת לשבת עונג",

און דאס ווערט נמשך אויך אין מוצאי שבת, וויבאלד אז דעמולט איז מען מלוה את המלך, ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ בשו"ע שלו[57] בנוגע צו מוצאי שבת און מלוה מלכה - וואס וויבאלד אז דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיטן מלך,

- איז -

---

55) לקו"ת תצא לט, ג ואילך. 56) ל׳ הכתוב - תהלים קיז, ב. 57) ס"ש ס"ב.

איז דאך "באור פני מלך חיים"[58], ביז אין אן אופן של הענוג.

דער ענין פון ביאת משיח צדקנו איז דאך פארבונדן מיט דעם ענין פון "תמחה"[59] און "מחה אמחה"[60] "זכר עמלק" ("זכר" בסגול, אדער "זכר" בצירי) - וואס דאס איז אויך אן ענין וואס איז בעזאגט געווארן אין דער נבואה פון היינטיקער סדרה, "ראשית גוים עמלק ואחריתו עדי אובד"[61], אז וויבאלד אז עמלק "קדם את כולם להלחם בישראל" דערפאר איז "אחריתו להאבד בידם"[62].

שטעלט זיך רש"י אויף "וירא את עמלק", און טייטשט אפ: "נסתכל בפורענותו של עמלק". ועד"ז טייטשט ער אפ אויף "וירא את הקיני"[63] - "לפי שהי' קיני תקוע אצל עמלק כו' הזכירו אחר עמלק, נסתכל בגדולתם של בני יתרו כו'".

ד.ה. אז דער פירוש פון "<u>וירא</u> את עמלק" און "<u>וירא</u> את הקיני", איז <u>ניט</u> ע"ד ווי ס'שטייט[64] "<u>וירא</u> את ישראל שוכן לשבטיו", ועד"ז "<u>וירא</u> בלק בן צפור"[65] וכיו"ב, אז דאס מיינט ראי' כפשוטה - נאר דאס איז א ראי' שכלית; "וירא את עמלק", ער האט זיך מתבונן געווען "בפורענותו של עמלק", ועד"ז "וירא את הקיני", ער האט זיך מתבונן געווען "בגדולתם של בני יתרו".

וואס לכאו' איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק: פארוואס זאל מען דאס ארויסנעמען פון פשוטם של כתובים, און זאגן אז דאס וואס ס'שטייט "וירא את עמלק" און "וירא את הקיני", איז ניט קיין ראי' כפשוטה (אזוי ווי מ'האט פריער געלערנט "וירא את ישראל גו'" וכיו"ב), נאר ראי' שכלית, לכאו' איז דאס ניט פשוטו של מקרא?

און ווי מ'זעט טאקע אין אנדערע פשטני המקרא (דער רשב"ם און דער רמב"ן וכיו"ב) אז זיי טייטשן אפ "וירא את עמלק" כפשוטו, אז פון דעם ארט וואו ער איז געווען האט ער דערזעהן עמלק'ן - איז פארוואס וויל דאס רש"י ניט אפטייטשן כפשוטו?

יג. עד"ז איז דא א קלאץ קשיא אין דער סדרה, א קשיא וואס ווארפט זיך אין די אויגן, און רש"י באווארענט דאס ניט -

וכמדובר כמ"פ אז וויבאלד רש"י זאגט אז ער טייטשט אפ פשוטם של כתובים, איז ווען א בן חמש למקרא לערנט פשוטם של

- כתובים -

------------

58) משלי טז, טו. 59) תצא כה, יט. 60) בשלח יז, יד. 61) פרשתנו שם, כ. 62) פרש"י עה"פ. 63) שם, כא. 64) שם, ב. 65) ריש פרשתנו.

כתובים מיט פרש"י, דארף ביי אים ניט בלייבן קיין דבר בלתי מובן.

וואס די הוכחה לזה איז, דערפון וואס ווען ס'איז דא א זאך וועלכע מ'קען ניט מפרש זיין אין פשוטם של כתובים (אע"פ אז ע"ד הדרוש והרמז איז דא א פירוש אויף דעם, ווי מ'געפינט אין מדרז"ל), זאגט רש"י בפירוש אז "לא ידעתי"[66], אין דעם ארט אין הורה ווייסט ער ניט ווי אזוי כ'קען דאס מפרש זיין לויט פשוטם של כתובים - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דארטן וואו רש"י זאגט ניט "לא ידעתי", דארף דאס זיין פארשטאנדיק אין פשוטו של מקרא.

וכאמור, אז אין דער סדרה איז דא א קשיא וואס ווארפט זיך אין די אויגן:

בשעה בלעם האט געדארפט זאגן א נבואה, איז געווען דער סדר אז ער האט געזאגט צו בלק "בנה לי בזה שבעה מזבחות והכן לי בזה שבעה פרים ושבעה אילים"[67], און דערנאך האט בלעם געזאגט צום אויבערשטן "את שבעת המזבחות ערכתי ואעל פר ואיל במזבח"[68], און דעמולט האט ער באקומען א נבואה, "וישם ה' דבר בפי בלעם"[69], און "וישא משלו ויאמר"[70], ער האט איבערגעזאגט די נבואה.

וואס אזוי געפינט מען ביי אלע דריי נבואות הראשונות, אז פאר יעדער נבואה איז געווען די הכנה פון בויען מזבחות און מקריב זיין אויף זיי קרבנות.

וואס דאס איז אן ענין וואס דער בן חמש למקרא פארשטייט בפשטות - ווארום בשעת בלעם וויל קומען צום אויבערשטן און וויסן "דעת עליון"[71], האט ער געמאכט די הקדמה אז ער האט אויפגעשטעלט מזבחות און האט מקריב געווען קרבנות - ווי מ'האט שוין געלערנט אין גאנץ ספר ויקרא, אז דער ענין פון קרבנות איז "ריח ניחוח לה'", ס'איז אן ענין של נחת רוח למעלה, ועד"ז האט מען שוין אויך געלערנט אין ספר בראשית[72] אז ביי נח איז געווען דער "וירח ה' את ריח הניחוח", און דורך דעם איז געווען ביטול הגזירה, און ס'זיינען נמשך געווארן אלע ברכות.

ווען ס'קומט אבער צו דער נבואה הרביעית (ווי דער רמב"ן[73] רופט דאס אן), וואס די איז א נבואה ארוכה ביותר, ס'רעדט זיך דארטן וועגן דעם וואס וועט זיין "באחרית הימים",

- אנהויבנדיק -

-----------

66) ראה לקו"ש ח"ה ע' 1 הע' 3 ובשוה"ג שם. 67) פרשתנו כג, א. שם, יד. שם, כט. 68) שם, ד. 69) שם, ה. 70) שם, ז. 71) שם כד, טז. 72) נח ח, כא. 73) עה"פ פרשתנו שם, יד.

אנהויבנדיק פון "אראנו ולא עתה גו' דרך כוכב מיעקב גו'", און דערנאך "וירא את עמלק", און "וירא את הקיני", און א נבואה וועגן אשור[74] - געפינט מען נים אז לפנ"ז זאל זיין בנין מזבח און הקרבת קרבנות.

איז נים פארשטאנדיק: אויב אזא נבואה ארוכה, מים אזוי פיל פרטים (א נבואה וואס איז פארבונדן מים אידן וואס ביי זיי וועט זיין "באחרית הימים", א נבואה וועגן עמלק, א נבואה וועגן קיני, און א נבואה וועגן אשור), האט געקענט זיין אן קיין מזבח און אן קרבנות - איז ווי קומט דאס אז ביי אלע פריערדיקע דריי נבואות, האט נים געקענט זיין דער ענין הנבואה סיידן דורך בויען מזבחות און מקריב זיין קרבנות?!

וכאמור לעיל אז דאס איז נים קיין קשיא ע"ד הדרוש - דאס איז א קשיא אין פשוטם של כתובים, במילא מוז דאס רש"י באווארענען, ולכאו', געפינט מען נים אז רש"י זאל דאס באווארענען.

מים נאך כמה דיוקים - וכפי שיתבאר לקמן.

יד. בנוגע צו פרקי אבות - וויל מען דאס אויך פארבינדן מים דעם ענין הגאולה, וויבאלד אז די קביעות פון ש.ז. איז אז י"ז בתמוז איז נדחה, און "הואיל ונדחה ידחה" - געפינט מען אין פרק ששי אן ענין וואס איז פארבונדן מים גאולה,

וואס דאס איז אין פרק ששי סוף משנה ששית (לויט חלוקת המשניות פון דעם אלטן רבי'ן), וואס דארטן שטייט: "הא למדת, כל האומר דבר בשם אומרו מביא גאולה לעולם, שנאמר[75] ותאמר אסתר למלך בשם מרדכי". וואס דאס קומט בהמשך צו דעם וואס די משנה זאגט אז "ההורה נקניח בארבעים ושמונה דברים", וואס אייגע פון זיי איז "האומר דבר בשם אומרו", און אויף דערויף זאגט די משנה אז "כל האומר דבר בשם אומרו מביא גאולה לעולם".

וואס מ'האט זיך שוין אמאל געשטעלט און מבאר געווען די משנה - ס'איז אבער דא אן ענין וואס מ'האט נאך נים מבאר געווען, אז לכאו' איז דא אין דער משנה א פליאה:

אין תורה איז דאך דער סדר אויך א הוראה און בדיוק[76], עאכו"כ בנוגע צו א משנה, וואס דער רמב"ם[77] איז מבאר אז די משנה איז געשריבן געווארן בלשון קצרה, און אין דעם לשון

- קצרה -

---

74) שם, כד. 75) אסתר ב, כב. 76) ראה לקו"ש ח"ב ע' 551. ועוד. 77) בהקדמתו לפיהמ"ש ד"ה ואחר כן.

קצרה איז דא א ריבוי עצום, איז פארשטאנדיק אז דארטן איז
דער סדר נאכמער בדיוק ווי אין גמרא וכיו"ב.

איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס איז די מעלה <u>האחרונה</u>
פון די "ארבעים ושמונה דברים" שהתורה נקנית בהם - "האומר
דבר בשם אומרו", לכאו׳, איז דאס ניט קיין מעלה וואס קומט
ערשט נאך דערויף וואס ער האט אלע אנדערע 47 מעלות, און
אים פעלט מערניט ווי דער ענין פון "האומר דבר בשם אומרו",

אדרבה, דער ענין פון "האומר דבר בשם אומרו" איז נוגע
גלייך ווי <u>מ׳הויבט אן</u> לערנען תורה, ווארום תחלת הלימוד
איז ניט אין אן אופן וואס ער זאגט זיינע <u>אייגענע</u> סברות,
נאר ער הערט אלץ וואס זיין מלמד זאגט אים, במילא דארף ער
דאס איבערזאגן "בשם אומרו",

[ביז וואנעט אז דער מג"א[78] זאגט אז "כל שאינו אומר
דבר בשם אומרו עובר בלאו" - וואס עפ"ז דארף מען האבן נאך
א הסברה: וואס פאר א שייכות האט דאס צו "מילי דחסידותא"[79]?],

- וועגן ס׳רעדט זיך וועגן דער מעלה פון "פלפול
התלמידים", איז דאס ניט קיין ענין וואס איז שייך גלייך
בהתחלת הלימוד, ווארום וועגן דער קינד הויבט אן לערנען
"בראשית ברא אלקים", איז ער נאך ניט שייך צו "פלפול
התלמידים", משא"כ דער ענין פון "האומר דבר בשם אומרו",
וואס דאס איז שייך גלייך <u>בהתחלת</u> הלימוד;

איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס האט מען אריינגעשטעלט
<u>בסוף</u> כל המעלות דעם ענין פון "האומר דבר בשם אומרו", לכאו׳
איז דאס נוגע צו <u>תחלת</u> כל המעלות?

מיט נאך כמה דיוקים - וכפי שיתבאר לקמן.

טו. בנוגע צו די הערות אויפן זהר - אויך אן ענין וואס
איז פארבונדן מיט דער גאולה:

אין די הערות[80] שטעלט זיך דער טאטע אויף דעם וואס
ס׳שטייט אין זהר[81] "ר׳ חזקי׳ פתח כה אמר ה׳ שמרו משפט ועשו
צדקה כי קרובה ישועתי לבוא וצדקתי להגלות"[82] (ווי דערמאנט
אויך אין דעם מאמר) [וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט משיח,
ווי די גמרא[83] זאגט "ביקש הקב"ה לעשות חזקיהו משיח"].

און ער איז מבאר[84] די שייכות פון די צוויי ענינים

- "שמרו" -

------------

78) או"ח סקנ"ו סק"ב (קרוב לתחלתו). 79) ראה ב"ק ל, א.
80) לקוטי לוי"צ לזח"ג ע׳ תא. 81) ח"ג קצח, א. 82) ישעי׳
נו, א. 83) סנהדרין צד, א. 84) שם ע׳ תד.

"שמרו משפט ועשו צדקה" מיט "קרובה ישועתי לבוא וצדקתי להגלות" - אז די צוויי ענינים וואס דער איד טוט, "שמרו משפט ועשו צדקה", זיינען פארבונדן מיט די צוויי ענינים פון "קרובה ישועתי לבוא וצדקתי להגלות".

און ער איז מבאר[85] די שייכות דערפון צו נבואת בלעם, וואס דערפאר ווערט דאס געבראכט אין פרשת בלק - וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט בנין המלכות, און בלעם איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין המלכות, דער ענין פון "כה", וואס דאס איז ספירת המלכות.

ובדוגמא ווי גערעדט פריער אין דעם מאמר אז דאס איז דער ענין פון "אושיט פסיעה לבר"[86], ווי ספירת המלכות שטייט בפ"ע, אין אן אופן פון "כה".

וואס דערפאר דארף מען אנקומען צו דעם ענין פון "ישועתי (לבוא) וצדקתי (להגלות)", און דאס קומט אין אן אופן פון "קרובה ישועתי לבוא וצדקתי להגלות" - דורך דעם ענין פון "שמרו משפט ועשו צדקה", וואס דאס איז בדוגמת הענין פון "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה"[87], די צוויי ענינים פון תורה[88] און צדקה.

וכפי שיתבאר לקמן די שייכות דערפון צו "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה", דלכאו', ער טייטשט דאך אפ אז "משפט" איז דער ענין פון דינים, דער ענין פון גבורות וואס פון זיי איז נבנה ספירת המלכות; משא"כ דער ענין פון "ציון במשפט תפדה", איז דאך דער ענין התורה. וכפי שיתבאר לקמן.

טז. בהמשך להמדובר אין דער פריערדיקער התוועדות[89] וועגן דעם רמב"ם[90], וואס דארטן רעדט זיך אויך וועגן דעם ענין הגאולה - זיינען דא אין דערויף נאך כמה פרטים:

מ'האט מבאר געווען בארוכה, אז דער רמב"ם ברענגט אלע פרטים וואס שטייען אין פרשת בלעם בנוגע צו "שני המשיחים", ביז צו "והי' אדום ירשה זה דוד", און "והי' ירשה גו'[91] זה המלך המשיח".

איז ניט פארשטאנדיק: בשעת דער רמב"ם ברענגט די ערשטע האלב פון פסוק, זאגט ער "והי' אדום ירשה זה דוד, שנאמר[92] ותהי אדום לדוד לעבדים וגו'", משא"כ ווען ער ברענגט די צווייטע האלב פון פסוק, זאגט ער "והי' ירשה וגו' זה המלך

- המשיח -

---

85) שם ע' תה. 86) זהר שם רג, ב. 87) ישעי' א, כז.
88) לקו"ת ר"פ דברים. 89) שיחת י"ב תמוז סב"ו ואילך.
90) הל' מלכים פי"א ה"א. 91) פרשתנו שם, יח. 92) ש"ב ח, ו.



הנחת הת' בלתי מוגה

המשיח שנאמר[93] ועלו מושיעים בהר ציון וגו'" - איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס ברענגט ער ניט פון פסוק דעם ווארט "(והי' ירשה) שעיר", נאר ער זאגט "והי' ירשה וגו'"?

- דאס וואס ער זאגט "שנאמר ועלו מושיעים בהר ציון וגו'", און ער ברענגט ניט דעם סיום הפסוק "לשפוט את הר עשו", איז פארשטאנדיק, ווארום וויבאלד אז דאס איז א גאנצע אריכות, "לשפוט את הר עשו", פיר ווערטער, זאגט ער נאר "וגו'"; אבער אין דעם פסוק "והי' ירשה" דארף ער מוסיף זיין מערניט ווי איין ווארט - "שעיר", איז אנשטאט זאגן "והי' ירשה וגו'", האט ער געקענט זאגן "והי' ירשה שעיר"?

ביז וואנעט אז ס'האט זיך געלייגט אז דאס איז א טעות המעתיק - האב איך געזוכט און געפונען אז אין דפוס רומי[94] שטייט טאקע "והי' ירשה שעיר" (און ניט "והי' ירשה וגו'").

יז. נאך אן ענין אין רמב"ם וואס איז דורש ביאור:

ס'איז ידוע אז חלוקת ההלכות אין רמב"ם איז אויך בדיוק, ביז וואנעט אז מ'לערנט אפ כמה ענינים דערפון וואס דער רמב"ם שטעלט אריין צוויי ענינים אין איין הלכה, אדער אז ער טיילט דאס פאנאנדער אויף צוויי הלכות.

ובנוגע לעניננו: נאך דערויף וואס דער רמב"ם זאגט אין הלכה א' אז דער ענין פון ביאת משיח איז מפורש אין תורת משה, און "אף בפרשת בלעם נאמר ושם נבא וכו'", איז ער ממשיך אין הלכה ב': "אף בערי מקלט הוא אומר[95] אם ירחיב ה' אלקיך את גבולך ויספת לך עוד שלש ערים וגו' ומעולם לא הי' דבר זה, ולא צוה הקב"ה לתוהו" - וואס דערפון איז די הוכחה אז ס'וועט זיין דער ענין פון ביאת משיח, און דעמולט וועט זיין דער "ירחיב ה' אלקיך את גבולך וגו'".

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: דאס איז דאך נאך א ראי' אז דער ענין פון ביאת משיח שטייט מפורש אין תורת משה, און דאס קומט בהמשך צו דעם וואס דער רמב"ם האט געבראכט אין הלכה א' דעם פסוק[96] "ושב ה' אלקיך את שבותך וגו'", און די פסוקים פון "פרשת בלעם", וואס בהמשך לזה איז ער מוסיף נאך א ראי', פון "ערי מקלט" - האט דאך דער רמב"ם געדארפט אריינשטעלן אלע דריי ראיות אין דער זעלבער הלכה;

און אויב ער וויל זיי פאנאנדערטיילן אין באזונדערע הלכות, האט ער געדארפט ברענגען די ראי' פון "ושב ה' אלקיך

- את -

---

93) עובדי' א, כא. 94) ר"מ. וכ"ה גם בדפוס קושטא רס"ט. 95) שופטים יט, ח-ט. 96) נצבים ל, ג.

את שבותך וגו׳" אין איין הלכה, די ראי׳ פון "פרשת בלעם"
אין א צווייטע הלכה, און די ראי׳ פון "ערי מקלט" אין א
דריטע הלכה - איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס האט ער איינ-
געשטעלט די ראי׳ פון "ערי מקלט" אין א באזונדערע הלכה,
ניט צוזאמען מיט די פריערדיקע צוויי ראיות?

יח. איז דער ביאור בזה:

דאס וואס דער רמב"ם זאגט אין הלכה ב׳ "אף בערי מקלט
הוא אומר אם ירחיב ה׳ אלקיך את גבולך . . ומעולם לא הי׳
דבר זה, ולא צוה הקב"ה לתוהו" - איז ניט נאר בהמשך
להמדובר אין הלכה א׳ אז דער ענין פון ביאת משיח איז פון
די "דברים המפורשים בתורה", נאר ס׳איז אויך א הקדמה צו
הלכה ג׳:

אין הלכה ג׳ זאגט דער רמב"ם: "ואל יעלה על דעתך
שהמלך המשיח צריך לעשות אותות ומופתים ומחדש דברים בעולם
או מחי׳ מתים וכיוצא בדברים אלו, אין הדבר כך, שהרי רבי
עקיבא חכם גדול מחכמי המשנה הי׳, והוא הי׳ נושא כליו של
בן כוזיבא המלך, והוא הי׳ אומר עליו שהוא המלך המשיח,
ודימה הוא וכל חכמי דורו שהוא המלך המשיח . . ולא שאלו
ממנו חכמים לא אות ולא מופת".

וואס דער רמב"ם גייט לשיטתו אז "אין בין העוה"ז
לימות המשיח אלא שעבוד מלכיות בלבד"[97], און אז בימות המשיח
וועט זיין "עולם כמנהגו נוהג"[98] - וכמדובר כמ"פ[99] אז לדעת
הרמב"ם וועלן זיין צוויי תקופות אין ימות המשיח; אין דער
ערשטער תקופה וועט זיין "עולם כמנהגו נוהג", און אין דער
צווייטער תקופה וועלן זיין ענינים פון אותות ומופתים וכו׳,
ווי עס ווערט דערציילט באריכות אין דברי הנביאים.

און וויבאלד אז דער רמב"ם האלט אז ס׳וועט זיין "עולם
כמנהגו נוהג" (עכ"פ אין דער ערשטער תקופה) - איז דערפון
פארשטאנדיק, אז דער מלך המשיח דארף ניט מאכן קיין "אותות
ומופתים ומחדש דברים בעולם" *,

נאר דער סימן אויף משיח׳ן איז[100] - אז "יכוף כל ישראל

- לילך -

---

*) שיטת הרמב"ם נ"ל: מאחר דבימוה"מ עולם כמנהגו נוהג,
א"כ אין לומר דבחינתו דמשיח - באם הוא ההיפך מזה!!
(ולהעיר מערכין ספ"ג).

---

97) בהל׳ מלכים פי"ב ה"ב. 98) שם ה"א. 99) ראה לקו"ש
עשרה בטבת ש.ז. סי"א ובהנסמן שם בהע׳ 51. 100) שם פי"א ה"ד.

לילך בה ולחזק בדקה", ער וועט זיך ניט רעכענען מיט קיין אפשטימונג, און וועט ביי קיינעם ניט פרעגן קיין דעות, ער וועט זאגן אז וויבאלד "תורה אמת" הייסט סאך אזוי, דארף זיך יעדער איד פירן באופן כזה, און "וילחם מלחמות ה' וינצח כו' ובנה מקדש במקומו וקבץ נדחי ישראל הרי זה משיח בודאי", אפי' איידער ער באווייזט אותות ומופתים (דערנאך וועט קומען די צווייטע תקופה פון ימות המשיח, וואס דעמולט וועלן זיין אותות ומופתים וכו').

און אלס הקדמה צו דער הלכה, ברענגט דער רמב"ם אין הלכה ב' "אף בערי מקלט הוא אומר כו'", וואס דערפון איז מוכח אז בימות המשיח וועט זיין "עולם כמנהגו נוהג" (כדלקמן סי"ס), ובמילא איז דערפון אויך א ראי' צו דעם וואס ער זאגט אין הלכה ג' אז משיח דארף ניט באווייזן קיין אותות ומופתים ומחדש דברים בעולם".

יט. והביאור בזה:

דער רמב"ם ברענגט א הוכחה דערפון וואס ס'שטייט "ואם ירחיב ה' אלקיך את גבולך גו' ויספת לך עוד שלש ערים וגו'", אז וויבאלד "מעולם לא הי' דבר זה" אז מ'זאל מוסיף זיין נאך דריי ערי מקלט, און "לא צוה הקב"ה לתוהו", איז דערפון א הוכחה אז דאס גייט אויפן זמן פון ביאת המשיח, וואס דעמולט וועט זיין דער "ירחיב ה' אלקיך את גבולך", און דעמולט וועט מען מוסיף זיין נאך דריי ערי מקלט.

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק:

דער ענין פון ערי מקלט איז דאך פארבונדן מיט א הורג נפש בשגגה, און ס'איז ניט דער טייטש אז דאס האט ניט קיין שייכות צו אים, נאר ווי רש"י איז מפרש אויפן פסוק[101] "והאלקים אנה לידו", אז דאס קומט מיט א גאנצער סדר השתלשלות וכו'.

ובפרט לויטן פס"ד[102] אז אויף אן ענין של שוגג דארף מען אויך האבן א כפרה, ווארום ווען ער וואלט זיך געפירט כדבעי, וואלט ער ניט צוגעקומען צו דעם ענין אפי' בשוגג, ווארום "לא יאונה לצדיק כל און"[103] - און דערפאר דארף ער ברענגען אויף אן ענין של שוגג א קרבן חטאת.

איז לכאו', ווען ס'וועט זיין דער ענין פון "ירחיב ה' אלקיך את גבולך", וואס דאס גייט (ניט אויף דעם זמן פון

- דוד -

------------

101) משפטים כא, יג. 102) פרש"י ד"ה תולה - שבועות ב, א. 103) משלי יב, כא.

דוד אדער שלמה (ווארום דעמולט זיינען געווען גענוג שש ערי מקלט), נאר) אויף דעם זמן פון ביאת המשיח - ווערט א שאלה: ווען משיח וועט קומען, איז ווי איז שייך דער ענין פון הורג נפש בשגגה, דעמולט וועט דאך זיין "את רוח הטומאה אעביר מן הארץ"[104], ביז אז אפי' ביי אוה"ע וועט זיין דער ענין פון "אהפוך אל עמים שפה ברורה גו' לעבדו שכם אחד"[105] - איז ווי איז שייך דעמולט די גאנצע מציאות פון הורג נפש בשגגה?!

איז דערפון פארשטאנדיק, אז בביאת משיח וועט זיין "עולם כמנהגו נוהג", במילא וועט קענען זיין דער ענין פון הורג נפש בשגגה, ווארום אע"פ אז ס'וועט זיין "יכוף כל ישראל לילך בה ולחזק בדקה", אעפ"כ, וויבאלד אז דאס איז מערניט ווי אין אן אופן פון "יכוף", וועט נאך קענען זיין א מציאות פון הורג נפש בשגגה עכ"פ,

ביז וואנעט אז דעמולט וועלן ניט זיין גענוג די שש ערי מקלט וואס זיינען געווען פון פריער, ווארום וויבאלד אז ס'וועט זיין "ירחיב ה' אלקיך את גבולך", ס'וועט צוקומען נאך א שטח פון קיני קניזי וקדמוני[106], וועט מען דארפן מוסיף זיין נאך דריי ערי מקלט.

אין כתבי האריז"ל[107] (געבראכט אין תו"ח[108]), איז דא א דרוש וואס איז מבאר פארוואס וועט מען דארפן האבן לע"ל ערי מקלט, אז דאס איז פארבונדן מיט די נשמות פון הבל וכו'; דא רעדט מען אבער ווי דאס איז ע"ד ההלכה, אז נאך ביאת משיח, וואס דעמולט וועט זיין דער "ירחיב ה' אלקיך את גבולך", ס'וועט צוקומען דער שטח פון קיני קניזי וקדמוני, וועט מען דארפן מוסיף זיין נאך דריי ערי מקלט - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז לע"ל וועט זיין "עולם כמנהגו נוהג", ביז אז ס'וועט קענען זיין די מציאות פון א הורג נפש בשגגה.

ועפ"ז איז פארשטאנדיק פארוואס האט דער רמב"ם אריינגעשטעלט דעם ענין פון "ערי מקלט" אין א הלכה בפ"ע - ווארום דאס איז ניט נאר א ראי' להמדובר אין הלכה א', אז דער ענין פון ביאת משיח איז פון די "דברים המפורשים בתורה", נאר ס'איז אויך א ראי' להמדובר אין הלכה ג', אז לע"ל וועט זיין "עולם כמנהגו נוהג", און דערפאר דארף משיח ניט באווייזן קיין "אותות ומופתים ומחדש דברים בעולם" - וואס דערפאר שטעלט ער דאס אין א הלכה בפ"ע, וויבאלד אז דאס איז א ממוצע צווישן הלכה א' מיט הלכה ג'.

- עפ"ז -

---

104) זכרי' יג, ב. 105) צפני' ג, ט. 106) ספרי ופרש"י שופטים שם, ח. 107) ל"ת להאריז"ל עה"פ שם. וראה גם ספרי דבי רב על הספרי שם. 108) שמות תב, ב ואילך.

כ. עפ"ז ווערט אבער א קשיא לאידך גיסא:

אויב פון ערי מקלט איז א ראי' אז לע"ל איז "עולם כמנהגו נוהג", ובמילא איז פארשטאנדיק אז משיח דארף ניט באווייזן קיין "אותות ומופתים ומחדש דברים בעולם" - איז ניט פארשטאנדיק: צוליב וואס דארף דער רמב"ם ברענגען א ראי' אז משיח דארף ניט באווייזן קיין אותות ומופתים דערפון וואס ר' עקיבא וכל חכמי דורו האבן געמיינט אז בן כוזיבא המלך איז מלך המשיח אע"פ אז ער האט ניט באוויזן קיין אות ומופת - ער קען דאך ברענגען א ראי' פון דער תורה, דערפון וואס מ'זעט אז לע"ל וועט זיין דער ענין פון "ערי מקלט", וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז לע"ל איז "עולם כמנהגו נוהג", און אז משיח דארף ניט באווייזן קיין אותות ומופתים, וואס דער ערשטער מופת דארף דאך זיין אז "את רוח הטומאה אעביר מן הארץ"?

וואס די ראי' פון "ערי מקלט" איז דאך א שטארקערע ראי' ווי די ראי' דערפון וואס ר"ע וחכמי דורו האבן געמיינט אז בן כוזיבא המלך איז מלך המשיח - ווארום דעמולט זיינען דאך געווען חכמים וואס האבן געזאגט אז ער איז ניט מלך המשיח, ווי די גמרא[109] דערציילט "אמרו לי' במשיח כתיב[110] דמורח ודאין נחזי אנן אי מורח ודאין, כיון דחזיוהו דלא מורח ודאין קטלוהו" -

וואס עפ"ז ווערט דאך א קשיא ווי אזוי האבן טאקע ר"ע וחכמי דורו א טעות געהאט און געמיינט אז ער איז משיח בשעת ער איז ניט קיין "מורח ודאין"? - און מ'פארענטפערט אז דאס איז געווען נאך קודם בירור ההלכה; משא"כ די ראי' דערפון וואס לע"ל וועט מען דארפן האבן "ערי מקלט" איז א שטארקערע ראי' - האט דאך דער רמב"ם געקענט ברענגען די ראי' פון "ערי מקלט" אנשטאט ברענגען א ראי' דערפון וואס ר"ע ותכמי דורו האבן געמיינט אז בן כוזיבא המלך איז מלך המשיח?

כא. איז דער ביאור בזה:

דערפון וואס לע"ל וועט מען דארפן מוסיף זיין נאך דריי ערי מקלט, איז ניט קיין ראי' מוכרחת אז ס'וועט זיין "עולם כמנהגו נוהג", און דעמולט וועט קענען זיין די מציאות פון א הורג נפש בשגגה - ווארום מ'קען זאגן אז די "ערי מקלט" וועט מען דארפן האבן צוליב אן אנדער סיבה (ניט רערפאר וואס דעמולט וועט קענען זיין די מציאות פון א הורג נפש בשגגה):

- ע"ד -

---

109) סנהדרין צג, ב. 110) ישעי' יא, ג.

ע"ד ווי די גמרא[111] דערציילט ווען ר' ישמעאל אז ווען ס'איז געווען "קרא והטה" בשוגג, איז "כתב על פנקסו כו' לכשיבנה ביהמ"ק אביא חטאת שמנה", קען מען אויך זאגן עד"ז בנוגע צו "ערי מקלט" - אז א הורג נפש בשגגה בזמן הגלות (ווען ס'איז ניטא דער ענין פון ערי מקלט), איז לע"ל ווען ער גולה זיין אין די "ערי מקלט", ע"ד ווי ר"י האט געזאגט אז "לכשיבנה ביהמ"ק אביא חטאת שמנה".

און די שייכות דערפון מיט "ירחיב ה' אלקיך את גבולך", אז ס'וועט צוקומען אויך קיני קניזי וקדמוני - איז אויך פארשטאנדיק:

אע"פ אז איידער "ירחיב ה' אלקיך את גבולך" האבן אידן ניט געהאט קיני קניזי וקדמוני, איז דאך אבער ניט דער טייטש אז אידן האבן דארטן ניט געקענט לעבן; אידן האבן געמעגט לעבן דארטן, און זיי האבן טאקע געלעבט דארטן,

ווארום קיני קניזי וקדמוני זיינען (לויט איין דעה[112]) אדום מואב ועמון - האבן דאך אידן געלעבט דארטן, און האבן דארטן געהאט שדות וכרמים (און ס'איז אויך געווען דער ענין פון תרומות ומעשרות[113]),

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת קיני קניזי וקדמוני וועלן נצטרף ווערן צו א"י - וועט מען דארפן דארטן מוסיף זיין נאך דריי ערך מקלט, כדי אז מ'זאל קענען איינ-עמען אויך די אידן וואס בזמן הגלות האבן זיי הורג געווען נפש בשגגה אין קיני קניזי וקדמוני.

וואס עפ"ז קומט אויס אז ס'איז אינגאנצן ניט קיין ראי' אז לע"ל איז "עולם כמנהגו נוהג", ווארום דאס וואס מ'דארף האבן די ערי מקלט, איז ניט דערפאר וואס לע"ל וועט זיין די מציאות פון א הורג נפש בשגגה, נאר כדי אז דער הורג נפש בשגגה בזמן הגלות זאל קענען גיין אין די ערי מקלט.

כב. האמור לעיל (אז מ'קען זאגן אז די הוספה פון די דריי ערי מקלט איז פארבונדן מיט דעם הורג נפש בשגגה בזמן הגלות, וואס וועט דארפן גולה זיין אין די ערי מקלט, ע"ד ווי ר"י האט געזאגט אז "לכשיבנה ביהמ"ק אביא חטאת שמנה") איז אבער ניט אויסגעהאלטן:

צוליב די אידן וואס האבן גע'הרג'ט בשוגג בזמן הגלות אין אדום מואב ועמון, דארף מען ניט מוסיף זיין נאך דריי

- ערי -

------------

111) שבת יב, ב. 112) ב"ב נו, א. וראה גם אנציק' תלמודית ערך א"י ע' רה. 113) ראה רמב"ם הל' תרומות רפ"א ובנ"כ שם.

ערי מקלט, ווארום אויך בזמן שביהמ"ק הי׳ קיים האבן אידן געלעבט אין אדום מואב ועמון - מוז מען דאך זאגן אז די דריי ערי מקלט וואס געפינען זיך אין עבר הירדן, זיינען מספיק אויך פאר די אידן וואס לעבן אין אדום מואב ועמון, און מ׳דארף ניט מוסיף זיין נאך דריי ערי מקלט.

און בפשטות איז מעד מסתבר צו זאגן אז דאס וואס מ׳וועט דארפן מוסיף זיין נאך דריי ערי מקלט, איז דאס דערפאר וואס לע"ל וועט אויך קענען זיין די מציאות פון א הורג נפש בשגגה, וואס דערפאר איז ווען ס׳וועט זיין "ירחיב ה׳ אלקיך את גבולך", ס׳וועט צוקומען אויך קיני קניזי וקדמוני, וועט נתרחב ווערן דער ישוב פון בנ"י דארטן (מערער ווי ס׳איז געווען לפנ"ז), און ס׳וועט זיין אזוי ווי אין אה"ק - וועט מען דארפן מוסיף זיין דארטן נאך דריי ערי מקלט. ובמילא איז דערפון א ראי׳ אז לע"ל איז "עולם כמנהגו נוהג".

נאך אן ענין וואס מ׳קען זאגן אז אין דערויף איז תלוי צי ס׳איז דא א ראי׳ פון ערי מקלט אז לע"ל איז "עולם כמנהגו נוהג" אדער ניט:

אויב מ׳זאגט אז דער ענין פון גואל הדם איז א מצוה[114], איז אפי׳ נאך דערויף וואס ס׳וועט זיין "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ", וועט מען אויך דארפן האבן די ערי מקלט צוליב דעם וואס איז געטאן געווארן בזמן הגלות - און דעמולט איז ניטא קיין ראי׳ פון ערי מקלט אז לע"ל איז "עולם כמנהגו נוהג", ווארום די ערי מקלט זיינען צוליב די זאכן וואס זיינען געווען בזמן הגלות;

משא"כ אויב דער ענין פון גואל הדם איז ניט קיין מצוה - קען מען ניט זאגן אז לע"ל וועט מען דארפן האבן די ערי מקלט צוליב דעם וואס איז געווען בזמן הגלות, ווארום ס׳איז ניט קיין מצוה גיין אין די ערי מקלט - מוז מען זאגן אז מ׳וועט דאס דארפן האבן דערפאר וואס דעמולט וועט אויך קענען זיין די מציאות פון א הורג נפש בשגגה, ובמילא איז דערפון א ראי׳ אז לע"ל איז "עולם כמנהגו נוהג".

און וויבאלד אז בנוגע צו "ערי מקלט" איז דא א שקו"ט צי מ׳קען דערפון ברענגען א ראי׳ אז לע"ל איז "עולם כמנהגו נוהג" - דערפאר ברענגט ניט דער רמב"ם די ראי׳ בפירוש, וויבאלד אז ס׳איז ניט קיין ראי׳ מוכרחת;

אבער אעפ"כ, שטעלט ער דאס אריין אין א הלכה בפ"ע -

- ווארום -

------------

114) מכות יב, א.

ווארום דאס איז פארבונדן ניט נאר דערמיט וואס ער זאגט אין הלכה א׳ אז דער ענין פון ביאת משיח איז פון די "דברים המפורשים בתורה", נאר דאס איז אויך א הקדמה צו דעם וואס ער זאגט אין הלכה ג׳, אז משיח דארף ניט באווייזן קיין "אותות ומופתים ומחדש דברים בעולם", ווארום מ׳קען דערפון ברענגען א ראי׳ אז לע"ל איז "עולם כמנהגו נוהג".

כג. פון דעם רמב"ם האט מען אויך א פס"ד ברור בנוגע צו דעם אופן הגאולה - כמדובר כמ"פ אז ס׳זיינען דא מדרשות חלוקות בנוגע צום אופן הגאולה:

אין שהש"ר[115] און אין ירושלמי[116] שטייט אז די גאולה וועט זיין אין אן אופן פון "אילת השחר", אז ס׳וועט ניט זיין מיטאמאל, נאר ס׳וועט זיין ביסלאך-ווייז, אזוי ווי דער "שחר" וואס קומט ביסלאך-ווייז; דערנאך איז אבער דא דער מדרש[117] אז ס׳וועט זיין אין אן אופן פון "פתאום יבוא אל היכלו האדון".

וואס בכלל זאגט מען דאך אז "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[118] - דאס איז אבער איידער ס׳איז נפסק געווארן די הלכה, וואס דעמולט פירן זיך ב"ש לויט זייער שיטה און ב"ה לויט זייער שיטה, און "האמת והשלום אהבו"[119], ביידע האבן זיך געיאגט נאכן אמת, און זיך געפירט אין אן אופן של אהבה, ד.ה. אז מצד דערויף וואס למעלה זיינען דא ביידע דעות[120], איז אויך למטה דער אמת סיי ווי ב"ש און סיי ווי ב"ה;

משא"כ אבער נאך דערויף וואס ס׳איז געקומען די צייט און ס׳איז אפגעפסק׳נט געווארן (למעלה און דערפאר אויך למטה) אז די הלכה איז כב"ה, ביז אז "ב"ש במקום ב"ה אינה משנה"[121], מוז מען זיך פירן אזוי ווי ב"ה, ביז וואנעט אז בשעת ר׳ טרפון האט זיך געפירט אזוי ווי ב"ש, האט מען אים געזאגט "כדאי היית לחוב בעצמך שעברת על דברי ב"ה"[122].

ועד"ז בנוגע לעניננו: איידער ס׳איז נפסק געווארן די הלכה, קען מען זאגן אז די גאולה וועט זיין אין אן אופן פון "אילת השחר", און מ׳קען זאגן אז די גאולה וועט זיין מיטאמאל, אז משיח צדקנו וועט קומען און וועט מקבץ זיין נדחי ישראל, און דעמולט וועט זיין די גאולה האמיתית והשלימה -

- עס -

------------

115) פ"ו, י. 116) ברכות פ"א ה"א. 117) ראה מלאכי ג, א ובמצו"ד שם. במדב"ר פס"ז, יא. 118) עירובין יג, ב. 119) זכרי׳ ח, יט. יבמות יד, ב. 120) ראה לקו"ה קרח נד, סע"ב ואילך. 121) עירובין שם. 122) ברכות י, סע"ב במשנה.

עס איז אבער דא דער פס"ד ברור אין רמב"ם ווי אזוי די גאולה וועט זיין [ניט ווי די פרטים וואס ער רעכנט אויס אין דעם פרק שלאח"ז, וואס אויף זיי זאגט ער[123] אז "כל אלו הדברים וכיוצא בהן לא ידע אדם איך יהיו עד שיהיו, שדברים סתומין הן אצל הנביאים כו׳ ולעולם לא יתעסק אדם בדברי ההגדות, ולא יאריך במדרשות האמורים בענינים אלו" - נאר ס׳זיינען דא פרטים וואס דער רמב"ם זאגט באופן ברור אז אזוי וועט דאס זיין]:

דער רמב"ם פסק׳נט (און ברענגט אויף דעם ראיות פון די פסוקים פון "פרשת בלעם") אז "יעמוד מלך מבית דוד הוגה בתורה ועוסק במצוות כדוד אביו כו׳, ויכוף כל ישראל לילך בה ולחזק בדקה וילחם מלחמות ה׳", וואס דעמולט איז נאך ניט ברור אז דאס איז "משיח בודאי", ווי דער רמב"ם איז ממשיך (אין דעם שטיקל וואס רער צענזור האט ארויסגענומען) אז ס׳קען זיין אז ער איז "ככל מלכי בית דוד השלמים והכשרים שמתו, ולא העמידו הקב"ה אלא לנסות בו רבים וכו׳";

דוקא "אם עשה והצליח ונצח כל האומות שסביביו ובנה מקדש במקומו וקבץ נדחי ישראל", ערשט דעמולט ווייסט מען אז ער איז "משיח בודאי" - און ערשט דעמולט קומט די גאולה האמיתית והשלימה - וואס דערפון זעט מען אז דער רמב"ם פסק׳נט אז די גאולה וועט קומען מיטאמאל; נאך דערויף וואס ער וועט טאן די אלע ענינים הנ"ל, ביז צו "קבץ נדחי ישראל", וועט מען ערשט וויסן אז ער איז "משיח בודאי", און <u>דעמולט</u> וועט זיין די גאולה האמיתית והשלימה.

וכמדובר כמ"פ אז ס׳איז דא דער כלל אין כללי הרמב"ם[124], אז בשעת מפרשי הרמב"ם, דער רדב"ז, דער ב"י דער לחם משנה וכו׳, קריגן ניט אויף זייך פס"ד, איז דאס גופא די הוכחה אז זיי פסק׳נן ווי דער רמב"ם - איז דא א פס"ד ברור פון רמב"ם מיט אלע מפרשי הרמב"ם (די פוסקי הדור דעמולט, און אויף אלע דורות), ווי אזוי ס׳וועט זיין די גאולה:

אין דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, וועט זיין "יעמוד מלך מבית דוד וכו׳ ויכוף כל ישראל כו׳ וילחם מלחמות ה׳", וואס דעמולט איז נאך אלץ ניט זיכער אז דאס איז משיח; ס׳קען זיין אז ער איז "ככל מלכי בית דוד כו׳ ולא העמידו הקב"ה אלא לנסות בו רבים" - דוקא ווען ס׳וועט זיין "בנה ביהמ"ק במקומו וקבץ נדחי ישראל", דעמולט וועט מען וויסן אז ער איז "משיח בודאי".

וואס דערפון האט מען אויך א ביאור בנוגע צו דעם וואס

- דער -

------------

123) פי"ב ה"ב. 124) ראה מל"מ הל׳ כלאים פ"ט הי"א. ס׳ שנסמנו בשד"ח כללי הפוסקים ס"ו סק"א.

דער רמב"ם ברענגט א "קץ" אין אגרת הרמב"ם[125], וואס דער קץ איז בערך בזמן הרמב"ם - און אעפ"כ זעט מען אז ס'איז שוין דורכגעגאנגען אזוי פיל צייט זינט דעמולט, און משיח איז נאך ניט געקומען?

האט דאס דער רמב"ם שוין באווארנט: אפי' אויב איינער האט די ערשטע סימנים פון משיח'ן, ער איז "מבית דוד הוגה בתורה ועוסק במצוות כדוד אביו", מיט נאך כמה פרטים וואס דער רמב"ם רעכנט אויס - קען אבער זיין אז ס'איז נאך ניט געקומען די צייט אויף דער גאולה מצד סיבות שונות ומשונות.

וואס דערפאר איז דאס וואס דער רמב"ם האט געשריבן א "קץ" אין זיין אגרת - איז לולי אז ס'וואלטן זיך אריינגעמישט אין דערויף אנדערע ענינים, וואלט טאקע דעמולט געווען דער "קץ".

ועד"ז אויך בנוגע צו דעם "קץ" פון רס"ג[126], ועד"ז נאך כמה קיצים פון גדולי ישראל, ווי זיי זיינען צוזאמענגעקליבן אין כמה ספרים, ביז צו דעם "קץ" פון דעם אלטן רבי'ן [אין שנת תר"ג, צי תר"ח - ווי דער חשבון בזה, און ווי ער האט אויסגעפירט[127], וואס אין כאן המקום להאריך בזה] - אז מצד סיבות שונות ומשונות איז דעמולט נאך ניט געקומען די צייט אויף דער גאולה.

משא"כ אבער איצטער, ווען מ'זעט בעיני בשר די אלע סימנים וואס ווערן געבראכט אין סוף מסכת סוטה [וואס אין דעם זמן פון דעם אלטן רבי'ן האט מען אויך געזעהן די סימנים, עכ"פ די התחלה בזה בדקות דדקות - משא"כ איצטער וואס מ'זעט דאס בעיני בשר] - איז א זיכערע זאך אז ס'איז שוין "כלו כל הקיצין ואין הדבר תלוי אלא בתשובה"[128],

וכמדובר כמ"פ[129] דעם פתגם פון כ"ק אדמו"ר מהר"ש אז ווען א איד גיט א קרעכץ איז דאס אן ענין פון תשובה שלימה,

און דעמולט איז "מיד הן נגאלין"[130], בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

* * *

כד. דער ביאור אין פרש"י:

אויפן פסוק[131] "ועתה הנני הולך לעמי" זאגט רש"י:

- "מעתה" -

---

125) אגרת תימן ספ"ג. 126) בספר האמונות והדעות מאמר ח'. 127) ראה סה"ש תו"ש ע' 237. 128) סנהדרין צז, ב. 129) לקו"ש ח"א ע' 132. 130) רמב"ם הל' תשובה פ"ז. 131) פרשתנו כד, יד.

"מעתה הריני כשאר עמי שנסתלק הקב"ה מעלי" (וואס דערפאר[132] שטייט "הנני הולך לעמי", און ניט "למקומי" וכיו"ב, ווארום די כוונה בזה איז, אז "מעתה הריני כשאר עמי כו׳").

דערפון איז פארשטאנדיק פארוואס האט בלעם ניט געזאגט צו בלק ער זאל מאכן נאך מזבחות און מקריב זיין קרבנות - ווארום וויבאלד אז "נסתלק הקב"ה מעלי", וועט דער מזבח מיט די קרבנות גארניט אויפטאן אז ער זאל האבן א נבואה.

עפ"ז ווערט אבער א שאלה: וויבאלד אז "הריני כשאר עמי שנסתלק הקב"ה מעלי", ער איז געווארן אויס נביא, איז ווי האט דערנאך געקענט זיין "וישא משלו ויאמר"?

איז דאס ניט קיין קשיא ביים בן חמש למקרא - והביאור בזה:

רש"י האט שוין געזאגט אין פ׳ יתרו[133] שבחו של משה רבינו אז "לא הי׳ פונה לעסקיו אלא מן ההר אל העם", ד.ה. אז ווי ער האט געהערט דבר ה׳, האט ער דאס גלייך איבער-געזאגט צו אידן.

און וויבאלד אז מ׳זאגט דאס אלס א שבח פון משה רבינו, איז דערפון פארשטאנדיק אז ס׳איז ניט קיין הכרח אז ס׳זאל זיין אין אזא אופן (ווארום אויב ס׳איז א הכרח אז ס׳זאל זיין באופן כזה, איז דאס ניט קיין שבח פון משה רבינו, אנדערש קען דאס ניט זיין) - נאר עס קען זיין אין אן אופן אז פריער הערט ער די נבואה, און דערנאך גיט ער דאס איבער.

און פון פשטות הכתובים בפרשתנו איז משמע אז ביי בלעם איז דער סדר געווען אז פריער האט ער געהערט די נבואה, און ערשט דערנאך האט ער דאס איבערגעזאגט צו בלק. ווארום דער סדר איז דאך געווען אז פריער האט מען געבויט די מזבחות און מ׳האט מקריב געווען די קרבנות, און דערנאך זיינען בלק ושריו געבליבן ביים מזבח, און בלעם איז אוועקגעגאנגען אין אן אנדער ארט, און דארטן האט ער באקומען די נבואה, און דערנאך איז ער געקומען צוריק צו בלק, און האט איבערגעזאגט די נבואה.

- אין פשש"מ שטייט ניט צי דאס איז געווען אין דעם זעלבן טאג, צי אויף מארגן, צי אין א שעה ארום וכיו"ב; אין פשש"מ שטייט נאר אז ער האט דאס ניט איבערגעזאגט גלייך ווי ער האט דאס געהערט, ווארום ער איז געווען אין אן אנדער ארט, און דערנאך איז ער געקומען צו בלק ושריו (וואס זיינען געשטאנען לעבן דעם מזבח), און ער האט זיי איבערגעזאגט די נבואה.

- וואס -

---

132) שפ"ח עה"פ. 133) יט, יד.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק[134], אז אע"פ אז בלעם האט געזאגט אז "נסתלק הקב"ה מעלי", אעפ"כ האט געקענט זיין "וישא משלו ויאמר", וויבאלד אז די נבואה האט ער געהערט פריער, ס'איז מערניס וואס ער האט דאס איבערגעזאגט שפעטער - ווארום בלק האט אים מפסיק געווען אינמיטן, און האט אים געפרעגט א שאלה, און האט זיך גע'טענה'ט מיט אים, און דערנאך האט ער ממשיך געווען די נבואה וואס ער האט באקומען פריער.

כה. וויבאלד אז "נסתלק הקב"ה" פון אים און ער איז געווארן אוים נביא, וואס דערפאר מוז מען זאגן אז דער "וישא משלו ויאמר" איז געווען א נבואה וואס ער האט געהערט פריער איידער אז "נסתלק הקב"ה" פון אים - איז פארשטאנדיק פארוואס מ'קען ניט טייטשן אז "וירא את עמלק" און "וירא את הקיני" מיינט א ראי' כפשוטה:

מ'קען ניט זאגן אז "וירא את עמלק" איז א מאורע חדש וואס איז איצטער געווען, אז וויבאלד אז ער האט דערזעהן עמלק'ן, האט דאס אים מעורר געווען אויף א נבואה און "וישא משלו" - ווארום ער האט דאך געזאגט אז "נסתלק הקב"ה מעלי" און מער האט ער ניט געהאט קיין נבואה;

מוז מען דאך זאגן אז דאס איז ניט קיין מאורע חדש וואס איז געווען איצטער, אז ער האט דערזעהן עמלק'ן כפשוטו - נאר דאס מיינט א ראי' שכלית, "נסתכל בפורענותו של עמלק", ועד"ז בנוגע צו "וירא את הקיני", אז "נסתכל בגדולתם של בני יתרו" (ניט קיין ראי' בעיני בשר וואס האט מעורר געווען אויף נאך א נבואה, ווארום "נסתלק הקב"ה מעלי").

און דאס וואס אין פסוק שטייט דאס אלס א באזונדער זאך, איז דאס דערפאר וואס דער "וישא משלו" איז פארבונדן דערמיט וואס "נסתכל בפורענותו של עמלק", אבער ניט דערפאר וואס ער האט איצטער דערזעהן עמלק'ן, כנ"ל בארוכה.

ועפ"ז ווערן פארענטפערט נאך כמה דיוקים אין פרש"י, וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

כו. דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר:

בנוגע צו דעם וואס ער הויבן אן "פתח ר' חזקי' [וואס "בקש הקב"ה לעשות חזקיהו משיח"] כה אמר ה' שמרו משפט ועשו צדקה וגו'", וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "ציון במשפט תפדה וגו'", דער ענין התורה, און דא טייטשט

- ער -

---

134) ראה לבוש האורה עה"פ.



הנחת הת' בלתי מוגה

ער אפ אז "משפט" איז פארבונדן מיט דעם ענין הדינים וואס פון זיי ווערט בנין המלכות -

איז דאס פארשטאנדיק ע"פ המבואר לעיל אין דעם מאמר, דאס וואס ס'שטייט[135] "ועוז מלך משפט אהב אתה כוננת מישרים משפט וצדקה ביעקב אתה עשית", אז דער צ"צ[136] טייטשט אפ אז ס'זיינען דא ב' לבושים, דער לבוש הפנימי, וואס דאס איז דער ענין פון תורה, און דער לבוש החיצון, דער ענין פון מלכות; און אין דעם זעלבן ארט[137] איז ער מבאר אז דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון "מלך במשפט יעמיד ארץ"[138], אז דער כללות הענין פון בנין המלכות איז פארבונדן מיט דעם ענין המשפט.

וואס דער ביאור בזה איז - אז אע"פ אז תורה ווערט אנגערופן "תורת חסד"[139], און מקומה איז אין קו האמצעי, דער ענין הרחמים, אעפ"כ, זיינען דא אין תורה גופא ענינים פון דינים, און ווי ס'שטייט אין מדרש[140] אז ווען ס'וואלט געווען נאר דער ענין הרחמים, וואלט געוועון "חטאין סגיאין".

וכמבואר בארוכה אין המשך תער"ב[141] דעם ענין הצמצום, ווי קומט דאס אז דער אויבערשטער, וואס "חפץ חסד הוא"[142], האט ער געוואלט באשאפן די וועלט במדת הדין, ווארום מ'מוז האבן דעם ענין פון מדידה והגבלה - וואס דערפון קומט אויך אראפ דעם ענין פון מדידה והגבלה אין תורה.

וואס דאס איז אלץ ווען ס'רעדט זיך וועגן ניט אידן, ווי דער צ"צ[143] ברענגט אראפ פון מדרש[144] אז בשעת דער אויבערשטער איז דן די אוה"ע, איז ער "מדקדק בדין ומאריך בדין", משא"כ ווען ער איז דן די אידן, איז ער "מקצר בדין ומפשר בדין", אין אן אופן פון "מישרים", אן ענין של פשרה[145].

וכמבואר אין די דרושים פון "כה תברכו"[146] [וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט "אקרה כה"[147]] דאס וואס די גמרא[148] זאגט "וכי לא אשא פנים לישראל שכתבתי להם בתורה[149] ואכלת ושבעת גו' והם מדקדקים על עצמם עד כזית ועד כביצה", ד.ה. אז וויבאלד אידן פירן זיך אין אן אופן פון לפנים משורת הדין, גיט זיי דער אויבערשטער אויך אין אן אופן פון לפנים משורת הדין, נאר דאס איז כמה פעמים ככה,

- וכידוע -

---

135) תהלים צט, ד. 136) יהל אור ע' שסז (אות ח').
137) שם אות ו'. 138) משלי כט, ד. 139) שם לא, כו. וראה סוכה מט, סע"ב. 140) ב"ר פי"ב, טו. 141) ח"ב ע' א'ב ואילך. 142) מיכה ז, יח. 143) שם אות ח'. 144) ב"ר פפ"ב, ח. 145) פרש"י עה"פ. 146) לקו"ת נשא כו, א ואילך. 147) פרשתנו כג, טו. 148) ברכות כ, ב. 149) עקב ח, י.

וכידוע דער משל וואס דער אלטער רבי ברענגט אין אגה"ת[150] "כמשל הילוך והעתקה הצל בארץ טפח לפי הילוך השמש ברקיע אלפים מילין" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת א איד איז מדקדק אין א מצוה, ער ווארט ניט מיט ברכת המזון ביז ס'וועט זיין "ואכלת ושבעת", נאר ער איז מדקדק על עצמו עד כזית ועד כביצה, גיט אים דער אויבערשטער מלא חפניו של הקב"ה, כמה פעמים ככה דערפון וואס ער טוט לפנים משורת הדין.

און דאס איז דער ענין וואס מ'זאגט "אתה כוננת מישרים משפט וצדקה ביעקב אתה עשית" - אז וויבאלד אז יעקב טוט סיי אין דעם ענין פון "משפט" און סיי אין דעם ענין פון "צדקה", וואס דאס איז דער ענין פון "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה" - פירט זיך דער אויבערשטער אויך באופן כזה, "אתה כוננת מישרים משפט וצדקה ביעקב אתה עשית",

און ער ברענגט גלייך אראפ דעם זמן וואס דעמולט וועט זיין "ישר יחזו פנימו"[151], און "עין בעין יראו בשוב ה' ציון"[152], בקרוב ממש, ע"י משיח צדקנו.

כז. דער ביאור אין דער משנה:

נאך דערויף וואס די משנה רעכנט אויס אלע 47 מעלות שהתורה נקנית בהם, זאגט די משנה אז ס'איז דא נאך א מעלה וואס איז כולל כל ענין התורה - וואס דאס איז דער ענין פון "האומר דבר בשם אומרו". והביאור בזה:

כללות ענין התורה איז - דער ענין פון "נר מצוה ותורה אור"[153], ד.ה. אז לולי ענין התורה איז מען אין אן אופן פון "הכסיל בחושך הולך"[154], און בשעת מ'האט דעם ענין התורה, מאכט דאס ליכטיק און מ'ווייסט וואס מ'מעג טאן און וואס מ'טאר ניט טאן, וואס איז גוט און וואס איז ניט גוט.

וואס דאס איז דאך דער ענין התורה בפשטות, אז דאס איז מלשון הוראה[155], אז מ'זאל וויסן "את המעשה אשר יעשון"[156] און "אשר לא תעשינה"[157].

וואס אן דעם ענין התורה, איז אויך דא דער ענין אז דאס איז א גוטע זאך און דאס איז ניט קיין גוטע זאך - אבער דעמולט איז דאס אין אן אופן פון העלם והסתר, ער זעט ניט אז דאס איז ניט קיין גוטע זאך, ער קען עסן א דבר בלתי

- רצוי -

------------

150) פי"ב. 151) תהלים יא, ז. 152) ישעי' נב, ח. 153) משלי ו, כג. 154) קהלת ב, יד. וראה דב"ר פ"ד, ד. ועוד. 155) זח"ג נג, ב. 156) משפטים יט, כ. 157) ויקרא ד, ב. ועוד

רצוי, ניט וויסנדיק אז דאס איז היפך רצון הבורא, און וויבאלד אז דאס איז ניט מתאים מיט תכלית בריאת האדם, וועט דאס אים פארשאטן רח"ל, ד.ה. אז אע"פ אז דאס איז בעצם ניט קיין גוטע זאך, איז אן דעם ענין התורה זעט ער דאס ניט.

דער אויפטו פון תורה איז, אז מ'זאגט א אידן "ראה נתתי לפניך היום את החיים ואת הטוב"[158], און מ'זאגט אים "ובחרת בחיים"[159], אז ווען ער וועט זיך פירן באופן כזה, וועט זיין "למען תחי' אתה וזרעך"[159], אין אן אופן פון "ירבו ימיכם וימי בניכם גו' כימי השמים על הארץ"[160].

ד.ה. אז תורה איז מגלה א אידן דעם אויבערשטנ'ס רצון, ס'איז מגלה דעם אויבערשטן ווי ער שטייט אין וועלט, אז דאס איז א זאך וואס דורך דערויף פירט זיך אוים דעם אויבערשטנ'ס רצון, און דאס איז א זאך וואס איז א העלם והסתר אויף אידישקייט, אויף ג-טליכקייט, אויף כל דבר טוב וקדוש.

וכמובן בפשטות אז וויבאלד דער אויבערשטער האט באשאפן די גאנצע וועלט, ווי ס'שטייט[161] "בדבר ה' שמים נעשו וברוח פיו כל צבאם" - איז יעדער זאך וואס איז דא אין וועלט מוז דאס זיין אין איינעם פון די צוויי אופנים: אדער אן ענין פון "כל מעשיך יהיו לשם שמים", אדער אן ענין וואס מ'דארף ניט טאן (מצד הדין אדער לפניך משורת הדין).

כח. און כדי אז מ'זאל פאלגן דאס וואס ס'שטייט אין תורה - איז דאס דוקא דורך דעם וואס ער איז "אומר דבר בשם אומרו", ער ווייסט אז דאס איז דבר ה':

בשעת ער זאגט אז דאס איז א שכל פון בני אדם, קענען קומען אנדערע און זאגן אז אמאל איז דאס געווען צוגעפאסט, משא"כ איצטער דארף דאס זיין באופן אחר, מ'דארף ווערן רעפארמער, אדער קאנסערוואטיווער רח"ל, מיט די אלע ענינים בלתי רצויים.

ער זאגט אז בזמן משה רבינו האט מען זיך טאקע געפירט באופן כזה, אבער אעפ"כ, איצטער דארף מען זיך פירן באופן אחר - וואס דאס איז דערפאר וואס ער זאגט דאס ניט "בשם אומרו", ער זאגט ניט אז אזוי האט געהייסן דער אויבערשטער; ער זאגט אז אזוי האט געזאגט משה רבינו, וואס ער איז טאקע געווען א גרויסער איד, א רועה ישראל, א רועה נאמן, א גרויסער חכם וכו', ער איז אבער פארבונדן מיט זמן ומקום, במילא קען מען זאגן אז איצטער דארף מען זיך פירן באופן אחר;

- ווען -

------------

158) נצבים שם, טו. 159) שם, יט. 160) עקב יא, כא. 161) תהלים לג, ו.

ווען ער וואלט דאס אבער געזאגט "בשם אומרו", אז אזוי האט געהייסן דער אויבערשטער, ווארום דבר ה' איז געווען בפיו, "שכינה מדברת מתוך גרונו של משה"[162] - וואלט קיינעם ניט איינגעפאלן אז א בן אדם קען זאגן באופן אחר פון דעם אויבערשטן!

כט. ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו תורה, איז אזוי אויך בנוגע וועלט:

ער קען טענה'ן אז ער איז א מענטש פאר זיך, א בריאה פאר זיך, און די וועלט איז א מציאות פאר זיך, ס'איז עולם כמנהגו נוהג - איז אז ער וויל טוט עד לויט ווי ס'געפעלט דעם אויבערשטן, און אז ער וויל טוט ער לויט ווי ס'געפעלט וועלט'שקייט, ווי ס'געפעלט דעם "א-ל זר אשר בקרבך"[163].

זאגט מען אים אז ס'דארף זיין "אומר דבר בשם אומרו" - ווען ער דערזעט זיך, דארף ער וויסן אז דער אויבערשטער זאגט אז דאס איז "נעשה אדם בצלמנו כדמותינו"[164], און אז "נשמה שנתת בי טהורה היא" און "אתה משמרה בקרבי" - וואס דעמולט וועט ער זיך ניט גיין דינגען מיט דעם וואס "משמרה בקרבי", ווייסנדיק אז ער האט אים געגעבן דעם "חלק אלוקה ממעל ממש"[165], און האט אים אויך געגעבן דעם נה"ב.

ווען ער זאגט דאס אבער ניט "בשם אומרו", ער זאגט אז ווייבאלד ער איז געבארן געווארן ביי א אידישן פאטער, און דער עיקר - ביי א אידישע מוטער, האט ער א אידישע נשמה, דערנאך ווערט ער אבער א בעה"ב פאר זיך, און ער טוט לויט ווי ביי אים קומט אויס,

זיין מוטער איז א אידישע, די באבע איז א אידישע - ווייטער גייט ער אבער ניט, ער זאגט דאס ניט "בשם אומרו", אז דאס שטאמט אלץ פון דעם דריטן שותף, פון דעם אויבערשטן[166] - ער ווערט א בעה"ב אויף זיך, במילא איז אע"פ אז ס'זיינען געווען כו"כ דורות וואס האבן זיך געפירט באופן זה, און ער האט באקומען זיין נשמה פון דארטן, וועט עד דאס איבערמאכן.

וואס דאס איז כללות הענין וואס "אין אדם עובר עבירה אא"כ נכנס בו רוח שטות"[167], ער פארגעסט אז ער איז "יציר כפיו של הקב"ה" אזוי ווי אדה"ר[168] - און דערפאר איז אזוי נוגע דער ענין פון "אומר דבד בשם אומרו".

- ל. -

---

162) נסמן בלקו"ש ח"ד ע' 1087 הע' 5. 163) ראה שבת קה, ב. 164) בראשית א, כו. 165) תניא רפ"ב. 166) ראה קידושין ל, סע"ב. ועוד. 167) סוטה ג, א. 168) קה"ד פ"ג, יא (ב).

ל. און דערפאר איז דער סך-הכל פון אלע ארבעים ושמונה דברים שהתורה נקנית בהם, איז דער ענין פון "אומר דבר בשם אומרו":

ווען האט מען "קנין תורה" בעצם - דוקא ווען ער פארבינדט דאס און זאגט דאס "בשם אומרו", ער פארבינדט די תורה מיטן אויבערשטן, דעמולט ווערט דאס "תורתו", אז "נקראת על שמו"[169], וויבאלד אז ער פארבינדט דאס מיט מקור התורה, דער נותן התורה, ער זאגט דאס "בשם אומרו" - דערפאר קען אים דער אויבערשטער געבן די תורה אין אן אופן אז ס'זאל ווערן "תורתו", "נקראת על שמו".

משא"כ ווען דער לימוד התורה איז אין אן אופן אז "לא ברכו בתורה תחלה"[170] - איז ווי קען ער ווערן בעה"ב אויף תורה, תורה איז דאך חכמתו ורצונו של הקב"ה, במילא קען ער דארפן ניט פאריאדקעווען! ער קען ניט מוחל זיין אויף אן ענין של תורה, וואס דאס איז דערפאר וואס דער אופן הלימוד שלו איז אז ער לערנט דאס ווי מ'לערנט אן אנדער חכמה להבדיל.

און דערפאר זאגט מען אז נוסף לזה וואס ווען מ'זאגט איבער אן ענין ניט "בשם אומרו" איז דאס אן ענין וואס מ'איז עובר בלאו, ווי געבראכט פריער (סי"ר) אז דער מג"א זאגט אז "כל שאינו אומר דבר בשם אומרו עובר בלאו", און ווי ס'שטייט אין מדרש[171] אז "כל שאינו אומר דבר בשם אומרו עליו הכתוב[172] אומר אל תגזול דל וגו'", וויבאלד אז ער האט דאס געהערט פון אביי אדער פון רבא וכו', דארף ער דאס איבערזאגן "בשם אומרו" - וואס דאס איז ניט קיין ענין פון "מילי דחסידותא" - איז נוסף לזה איז דא נאך אן ענין עיקרי אין דעם אופן פון לימוד התורה:

נאך דערויף וואס ער ווייסט וועגן אלע 47 דברים שהתורה נקנית בהם, דבוק חברים, פלפול התלמידים, שואל ומשיב וכו' - איז מען מוסיף אז ס'איז דא נאך א מעלה עיקרית, "האומר דבר בשם אומרו", אז ער פארבינדט די תורה מיטן נותן התורה, ער זאגט דאס "בשם אומרו".

לא. דערנאך איז די משנה ממשיך "הא למדת כל האומר דבר בשם אומרו מביא גאולה לעולם" - די זעלבע זאך איז אויך בנוגע צו דער גאנצער וועלט:

די וועלט איז באשאפן געווארן אין אן אופן פון "נעשה"

- לשון -

------------

169) ראה קידושין לב, ריש ע"ב. 170) ב"מ פה, ריש ע"ב. נדרים פא, א. וראה לקו"ת ראה כט, א. 171) תנחומא במדבר כב. 172) משלי כב, כב.

לשון רבים, און "הרוצה לטעות יטעה"[173], ס'איז אבער ניט דער טייטש אז וויבאלד ס'שטייט "נעשה" לשון רבים איז דער אמת אזוי - דאס איז א טעות.

ווי אזוי איז מען מגלה דעם טעות און מ'קומט צום אמת - איז דאס דורך דעם וואס מ'נעמט אראפ דעם שאלאכץ, דעם העלם והסתר וואס פארדעקט דעם כח הפועל בנפעל, דעם דבר ה' וואס איז מהווה די נבראים,

ווי דער בעש"ט טייטשט אפ[173] דאס וואס ס'שטייט[174] "לעולם ה' דברך נצב בשמים", אז "דברך שאמרת יהי רקיע בתוך המים", זיינען די תיבות ואותיות מהווה דעם רקיע בכל רגע מאין ליש, ועד"ז בנוגע צו אלע איבעריקע נבראים, אז דער אויבערשטער איז "מחדש בכל יום תמיד מעשה בראשית", פונקט אזוי ווי ס'איז געווען אין דער ערשטער רגע פון זייער התהוות מאין ליש.

איז בשעת ער איז "אומר דבר בשם אומרו", ווען ער דערזעט א דבר בעולם, דערזעט ער גלייך דעם "אומרו", ער זעט דעם כח הפועל בנפעל, אז "בדבר ה' שמים נעשו וברוח פיו כל צבאם" - דעמולט איז ער "מביא גאולה לעולם", ער איז גואל די וועלט פון איר העלם והסתר, און ס'ווערט א וועלט וואס איז א דירה לו ית' בתחתונים.

לב. עס ווערט אבער א שאלה: צוליב וואס דארף מען מלכתחלה האבן דעם ענין פון העלם והסתר, ביז אז ס'קומען די שבעים אוה"ע און זיינען מיצר לישראל, און דערנאך דארפן דאס אידן איבערמאכן?

איז די משנה ממשיך: "שנאמר ותאמר אסתר למלך בשם מרדכי" - דאס איז שוין אן ענין וואס כבר הי' לעולמים - "ותאמר אסתר למלך בשם מרדכי":

דער ענין פון "אסתר" איז - ווי די גמרא[175] זאגט "אסתר מן התורה מנין, ואנכי הסתר אסתיר"[176]; ווי אזוי קען זיין א מציאות פון "אסתר", אן ענין פון העלם והסתר, איז דאס דוקא אויב דער ענין איז דא פריער אין תורה, ס'קען ניט זיין קיין מציאות וואס איז ניטא פריער אין תורה, ווארום "אסתכל באורייתא וברא עלמא"[177], ס'קען ניט זיין קיין מציאות אין וועלט אויב דאס איז פריער ניטא אין תורה.

וויבאלד אז ס'שטייט אין תורה[178] "המן העץ הזה", קען

- ווערן -

---

173) ב"ר פ"ח, ח. *173) שעהיוה"א פ"א. 174) תהלים קיט, פט. 175) חולין קלט, ב. 176) וילך לא, יח. 177) זח"ב קסא, ב. 178) בראשית ג, יא.

ווערן די מציאות פון "המן", ווי די גמרא[179] זאגט "המן מן התורה מנין המן העץ", ווארום ווען ס'וואלט ניט געווען אין תורה, וואלט ניט געקענט זיין די מציאות פון "המן".

בשעת אז ס'שטייט אין תורה "המן העץ הזה" - וואס תורה האט געמיינט דערמיט אן ענין טוב, באווארענען ארה"ר פון עסן פון עה"ד, פונדעסטוועגן, וויבאלד אז מ'האט געגעבן בחירה, "ובחרת בחיים", איז אנשטאט דעם "המן העץ הזה", קען ער דערפון מאכן אז ס'זאל זיין "תיסרך רעתך"[180], אז דערפון זאל ווערן די מציאות פון "המן" אין די דורות שלאח"ז.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער כללות הענין פון העלם והסתר העולם, נעמט זיך דערפון וואס ס'שטייט אין תורה "ואנכי הסתר אסתיר פני" - ווארום ס'איז ניטא קיין זאך וואס קען מסתיר זיין אויף די מציאות פון דעם אויבערשטן, סיידן אויב דער אויבערשטער אליין וויל אזוי, ווערט דאס אזוי, ווייל ער איז "כל יכול", און דערפאר איז וויבאלד אז דער אויבערשטער זאגט "ואנכי הסתר אסתיר פני", ווערט א מציאות וואס פארדעקט אויף ג-טליכקייט.

מאכט ער א שטורעם, היתכן, פארוואס וויל ניט דער אויבערשטער אזוי אין גוטע זאכן?! - זאגט מען אז דאס איז "בשם מרדכי", ווי די גמרא[181] זאגט "מרדכי מן התורה מנין דכתיב[182] מר דרור ומתרגמינן מירא דכיא".

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס דארף מען האבן א ראי' פון תורה אויף "מרדכי", בשלמא אויף ניט קיין גוטע זאכן דארף מען האבן א מקור אין תורה, ווען ס'רעדט זיך אבער וועגן גוטע זאכן, האט דאך דאס גלייך א מקור ביים אויבערשטן אליין?

זאגט אבער תורה אז יעדער זאך דארף זיין אין תורה, א גוטע זאך דארף אויך דורכגיין דורך תורה.

וואס דערפאר זעט מען אז אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן משה רבינו, זאגט די גמרא[183] "משה מן התורה מנין כו'"; ער איז טאקע דער מקבל התורה, און "מסר נפשו עלי'"[184], אבער אעפ"כ דארף מען האבן א ראי' פון תורה אויף משה רבינו.

וואס דאס איז בנוגע צו משה רבינו, וואס בזמנו זיינען אידן געווען אין מדבר, און האבן דארטן געהאט מן, ענני הכבוד, און בארה של מרים, מיט אלע גוטע זאכן;

- דערנאך -

------------

179) שם. 180) ירמי' ב, יט. 181) שם. 182) תשא ל, כג. 183) שם. 184) ראה שמו"ר פ"ל, ד. וש"נ.

דערנאך איז אבער דא ווי די וועלט שטייט אין אן אופן פון העלם והסתר, ע"ד ווי ס'איז געווען בזמנו של אחשורוש, ווי ס'שטייט אין מדרש[185] אז ער ווערט אנגערופן "אחשורוש" דערפאר וואס "השחיר פניהם של ישראל כשולי קדירה", ס'איז דער שווערסטער גלות,

דער גלות איז אין אן אופן פון "הסתר אסתיר", צוויי מאל אן ענין של הסתר, ווי דער בעש"ט טייטשט אפ[186] אז דער הסתר איז אזוי גרוים ביז וואנעט אז דער הסתר גופא איז באהאלטן, עס ווייזט זיך אוים אז ס'איז אן ענין של גילוי -

זאגט מען אז דאס נעמט זיך דערפון וואס "ואנכי הסתר אסתיר פני", און די כוונה בזה איז, אז אידן זאלן אראפנעמען דעם העלם והסתר און זעהן דעם אמת.

לג. דובר אודות המצב באה"ק וכו'.

לד. און דאס איז די משנה מסיים אז ס'דארף זיין "האומר דבר בשם אומרו", וכאמור לעיל (ס"ל) אז דא רעדט זיך ניט וועגן דעם ענין פון גזל (אז ער זאגט דאס איבער ניט "בשם אומרו"), נאר דא מיינט מען א פנימיות'דיקערע זאך: בשעת ער זאגט אן ענין פון תורה, דארף ער דאס זאגן "בשם אומרו", ער דארף דאס פארבינדן מיטן "נותן התורה", אין אן אופן פון "ברכו בתורה תחלה".

און בשעה מ'לערנט תורה אין דעם אופן, קומט דערפון ארויס "הא למדת כו'", אז אויך ווען אידן געפינען זיך בזמן הגלות, אין אן אופן פון "השחיר פניהם של ישראל כשולי קדירה" - איז "ותאמר אסתר למלך בשם מרדכי";

עס קומט צוגיין א אידישע פרוי, וואס איז געשטאנען אין א מעמד ומצב איום ונורא, ס'איז ניטא קיין גרעסערע יסורים פאר אסתר הצדקנית מערער דערפון וואס זי דארף האבן צוטאן מיט אחשורוש'ן, אפי' ווען זי דארף מגין זיין על ישראל - און אעפ"כ, איז "ותאמר אסתר", ווי זי ווערט אנגערופן "אסהר", רעדט זי מיטן גוי, און שעמט זיך ניט זאגן אים אז ס'איז דא א איד וואס הייסט "מרדכי",

און זי זאגט זיין אידישן נאמען, ניט אז ער הייסט "דזשאזעף", אדער "מארדעקיי", מיט אלע צרות צרורות וואס ווערט דערפון וואס מ'איז משנה שמם ולבושם - נאר זי זאגט "בשם מרדכי".

- און -

---

185) אסת"ר רפ"א. וראה מגילה יא, א. 186) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות לב.

און דעמולט ווערט דער ענין פון "מירא דכיא", וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין הקטורת, וואס קטורת ווערט פון אלע י"א סממנים דוקא, כמבואר אין חסידות בארוכה[187] דער ענין בזה.

לה. און בשעת דער לימוד התורה איז אין אזא אופן - איז וויבאלד אז תורה איז בעה"ב אויף וועלט, ווערט אזוי אויפגע-טאן אויך אין וועלט, אז יעדער זאך וואס א איד דערזעט אין וועלט, דערזעט ער אין דערויף דעם "שם אומרו", אז דאס איז אן ענין וואס "בדבר ה׳ שמים נעשו וברוח פיו כל צבאם"; צי דאס איז א איד, אדער (להבדיל) א ניט איד, צי דאס איז א גוטע זאך, אדער ניט קיין גוטע זאך, איז דאס אלץ אן ענין וואס איז באשאפן געווארן "בדבר ה׳", במילא קען ער דאס גלייך מהפך זיין פון חשוכא לנהורא און פון מרירו למיתקא.

און דעמולט איז ער "מביא גאולה לעולם", אז אפי׳ ווען דער עולם שטייט אין אן אופן פון העלם והסתר[188], אפי׳ ווי ס׳איז געווען בזמן אחשורוש - איז ער "מביא גאולה לעולם",

וכפס"ד הרמב"ם[189] "צריך כל אדם שיראה עצמו כו׳ כאילו חציו זכאי וחציו חייב, וכן כל העולם חציו זכאי והציו חייב כו׳ עשה מצוה אחת הרי הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות וגרם לו ולהם תשועה והצלה".

וואס דאס איז אן ענין וואס שטייט אין תושב"כ (וואס אפי׳ הצדוקים מודים בזה), און ס׳שטייט ניט אלס א הלכה נאר אלס "מעשה רב"[190], א מעשה בפועל - "ותאמר אסתר למלך בשם מרדכי", וואס אין דערויף זיינען דא ביידע פרטים: סיי אז א איד האט דעם כח דורכפירן דעם ענין, און סיי אז דער גוי דערהערט אז דאס איז "בשם מרדכי",

ד.ה. אז אפי׳ ווען דער "מלך" בגלוי איז "אחשורוש", און מ׳געפינט זיך אין א מעמד ומצב פון "אכתי עבדי אחשורוש אנן"[191] - פונדעסטוועגן, בשעת ער זאגט באופן גלוי אז דאס איז "בשם מרדכי", איז ער "מביא גאולה לעולם", נאך זייענדיק אין דעם מעמד ומצב פון די לעצטע רגעים פון גלות, ווען מ׳איז נאך "עבדי אחשורוש".

"וכיד הן נגאלין" - אין דער גאולה האמיתית והשלימה

- ע"י -

------------

187) ראה תו"א מג"א צב, א. אוה"ת מג"א ע׳ ב׳תטו. המשך תער"ב ח"א ע׳ תכד ואילך. סה"מ תש"ב ע׳ 82. ועוד.
188) ראה לקו"ת שלח לז, ד. ובכ"מ. 189) הל׳ תשובה פ"ג ה"ד. 190) שבת כא, א. וש"נ. וראה ב"ב קל, ב. 191) מגילה יד, א.

ע"י משיח צדקנו, און "יהפכו ימים אלו לששון ולשמחה ולמועדים ולימים טובים", "ושמחת עולם על ראשם".

צוה לנגן הושיעה את עמך. עוצו עצה ותופר. פרזות תשב ירושלים. ופרצת.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

בס"ד. קטע משיחת מוצאי ש"פ בלק,
שבעה עשר בתמוז (נדחה) ה'תשל"ח.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. מ'האט דערמאנט פריער[1] אז איצטער געפינט מען זיך אין דעם זעלבן מעמד ומצב פון די אידן וועגן וועלכע ס'רעדט זיך אין פ' בלק, אז מ'איז שוין געשטאנען אויפן ברעג פון דעם ירדן, און מ'האט נאר געדאַרפט אריבערגיין דעם ירדן און אריינגיין אין א"י - ועד"ז אויך איצטער, אז מ'האלט אין די לעצטע רגעים פון גלות, און אט אט הויבט זיך שוין אן אתחלתא דגאולה.

מ'דארף נאר האבן ביי זיך די שטארקייט אז זייענדיק אין די לעצטע רגעים פון גלות, זאל מען ניט נתפעל ווערן פון די פיתויים און טענות שונות ומשונות פון ניט אידן, און אויך פון אידן וואס מסיבה שונה ומשונה האבן זיי נאך ניט דערהערט דעם אמת אז גאנץ א"י לגבולותי' געהערט צו יעדער אידן און צו אלע אידן, און אפי' לויטן חוק פון אוה"ע איז קיינער ניט קיין בעה"ב און קיינער האט ניט קיין יכולת און רשות אפגעבן א טייל פון א"י.

און אז ער רעכנט אז אויב ער וועט מעלים זיין דעם אמת וועט ער איימיצן אפנארן - איז חוץ פון זיך אליין נארט ער קיינעם ניט אפ, ווארום זינט נבואת בלעם ווייסן שוין אוה"ע אז "באחרית הימים" וועט א"י געהערן צו אידן, און זיי זעהן ללא כל ספק אז דאס איז שוין "אחרית הימים".

ב. און ווי מ'האט געזעהן אין די נסים גלויים וואס דער אויבערשטער האט באוויזן אין ארצנו הקדושה, אז ס'איז געווען "זה היום עשה ה'"[2] - וואס אילו זכינו וואלט זיך דעמולט געענדיקט דער גלות, און ס'וואלט זיך אנגעהויבן די אתחלתא דגאולה, און צוזאמען דערמיט אויך די גאולה האמיתית והשלימה;

אבער אזוי ווי לא זכינו - זיינען געקומען אנשים מוגי לב, פחדנים, וואס פאלן ביי זיך אראפ פאר גוי'שקייט, און האבן גלייך געשיקט א שליח מודיע זיין אז מ'וויל דאס אפגעבן צוריק, מ'וויל זיך ניט פארטשעפען מיט א גוי, מ'וויל ביי אים נושא חן זיין - און דאס האט מעכב געווען די גאולה, און דער ווייטע ציט זיך דער חושך כפול ומכופל פון גלות, איבער די עטליכע מוגי לב וואס האבן ביי זיך ניט געהאט די שטארקייט צו האלטן זיך אין דער מתנה גלוי' וואס

- דער -

------------

1) בהשיחה ס"ו. 2) ל' הכתוב - תהלים קיח, כד.

דער אויבערשטער האט זיי געגעבן, נאר זיי האבן געהאט ביי זיך די שטארקייט צו פועל'ן דעם "ירך לבב אחיו כלבבו"[3],

– וכמדובר כמ"פ אז דער אויבערשטער גיט א אידן אלע כחות וואס זיינען דא, ער גיט אים אבער אויך די בחירה ווי אזוי ער זאל זיי נוצן; איז אנשטאט נוצן די שטארקייט וואס דער אויבערשטער האט געגעבן, אז ס'זאל זיין "אל יבוש מפני בנ"א המלעיגים"[4], אפי' צווישן אידן, ועאכו"כ אז "אל יבוש" דערפון וואס "רגשו גוים ולאומים יהגו" וואס דאס איז אלץ "ריק"[5], נוצט מען די שטארקייט און חוזק אויף צו אפשוואכן אנדערע אידן.

און מ'זעט בפועל אז דורך דעם האט מען פארצויגן דעם גלות המר און דעם חושך כפול ומכופל אויף כו"כ שנים!

ג. ויה"ר אז מ'זאל יוצא זיין מיט דעם ביטערן טעות וואס מ'האט אפגעטאן דעמולט, וואס איצטער זיינען נאך דא אזוינע וואס האלטן זיך אן אין דערויף מיט די לעצטע כחות פון די לעצטע רגעים פון גלות, אויף ניט באווייזן די שטאלצקייט וואס מ'האט, אז מ'האט דעם "גאון יעקב"[6], און מ'איז "ישראל עם קרובו"[7], וואס "אתה בחרתנו מכל העמים" –

וואס אוה"ע ווייסן דערפון פון לאנג, און אידן ווייסן אויך דערפון, נאר ס'זיינען דא געציילטע אידן וואס שעמען זיך דערמיט וואס "אתה בחרתנו מכל העמים" (צוליב סיבות שונות ומשונות), און זיי דערשרעקן זיך ווען מ'רעדט וועגן דעם הויכערהייד.

– ס'איז פאר קיינעם ניט קיין סוד, און מ'קען דאס פון קיינעם ניט באהאלטן, ווארום אויף דערויף האט מען ניט קיין בחירה, דער אויבערשטער האט אליין אויסגעקליבן יעדער אידן און אלע אידן, און זיי אויך בכלל – נאר זיי שפארן זיך אויף דערויף מיט זייער עצם און זייער מציאות, מפני סיבות שונות ומשונות.

וכמדובר אז מ'זעט שוין בעיני בשר אז מ'שטייט אין עבר הירדן מזרחה, און אפי' די וואס געפינען זיך שוין אין אה"ק – האבן זיי מורא שטיין אין א מעמד ומצב של קדושה, און זיי יאגן זיך אפשר וועלן זיי קענען אריינברענגען א גוי און שרייבן אויף אים אז ער איז א "יהודי" אע"פ אז ס'איז שלא

– כהלכה –

------------

3) שופטים כ, ח. וראה קטע משיחה מוצאי ש"פ צו ס"א ואילך. 4) טושו"ע (ואדה"ז) בהחלתו. 5) תהלים ב, א. 6) ל' הכתוב – תהלים מז, ה. 7) ל' הכתוב – שם קמח, יד.

כהלכה, און אפשר וועלן זיי זיך קענען איינרעדן אז "ככל הגוים ביה ישראל"[8], אז זיי זיינען ניט קיין עם קדוש ומובדל (וואס דער פירוש הפשוט פון "קדוש" איז - מובדל),

זיי ווילן מעלים זיין פון זייערע קינדער, אנהויבנדיק פון זיך אליין, אז יעדערער פון זיי איז פון דעם פאלק וואס "אתה בחרתנו מכל העמים" - אבי אז מ׳זאל נושא חן זיין ביים גוי, וואס אלע זיינען מודה אז ער איז א גוי, און ער אליין זאגט אז ער איז א גוי - און א גוי וואס איז ניט קיין אוהב ישראל, זיי ווילן זיך אבער איינרעדן אז ס׳איז ניט אזוי, עס וועט זיין אנדערש, און "אל תתגרה בגוי קטן"[9], כיט אלע פיתויים וטעמים שאין בהם כל שכל וממש כלל.

ד. און דער עיקר איז - כמדובר כמ"פ אז מ׳האט שוין געפרואווט גיין מיט דער צוגאנג כו"כ פעמים, און מ׳איז אלעמאל דורכגעפאלן; זאל מען אויספרואוון אן איין און איינציקן מאל גיין לויטן דרך פון "הורת חיים", וואס זי ווערט אנגערופן "תורת חיים" דערפאר וואס זי איז א הוראה בחיים, און צוזאמען דערמיט איז זי אויך "הורת אמת", די ברענגט ארויס דעם אמת, וואס סוכ"ס איז "אמת מארץ תצמח"[10], פון א"י וועט ארויסשפראצן דער אמת, צי די עטליכע מוגי לב וועלן מסכים זיין צי ניט, וועט אבער דער אמת מנצח זיין!

און מ׳וועט זעהן אז א"י געהערט צו עם ישראל, אין אן אופן אז דאס איז "נחלת עולם", ווארום דאס איז געגעבן געווארן - דורך דער תורה - פון "אלקי עולם", פון דעם אויבערשטן וואס ער איז מלך הארץ, וואס דערפאר קען מען דאס ניט משנה זיין;

מ׳האט נאר געגעבן א אידן בחירה - און אז ער וויל קען ער זיך האלטן אין גלות, און דורך דעריויף האלטן רח"ל נאך א אידן, און אויך שכינתא - בגלותא, אין גלות ביי גוי׳שקייט, און דורך דעריויף אויך אין גלות ביי גוים, ביי אוה"ע כפשוטו.

ה. ויה"ר אז ס׳זאל זיין "יערה עליהם רוח ממרום"[11], און אז מ׳זאל דערזעהן דעם אמת אז מ׳האלט שוין אין דעם סיום וחותם פון פרשה בלק, וואס דארטן איז שוין נהכפר געווארן דער חטא וואס ס׳האט געטאן זמרי, א נשיא בישראל, און ס׳איז שוין געווען דער "בקנאו את קנאתי"[12] דורך פינחס - און מ׳דארף מערניט נעמען נקמה רח"ל פון אידן, ווארום אלע אידן

- זיינען -

------------

8) ראה עזרא כה, ח. 9) ראה פסחים קיג, א. ועוד. 10) תהלים פה, יב. 11) ראה ישעי׳ לב, טו. 12) פינחס כה, יא.

זיינען שוין "שלמים ועומדים להכנס לארץ"[13], זיי קענען שוין גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו.

מ'דארף נאר האבן לרגע אחד די החלטה אז א"י איז "נחלת עולם" וואס איז געגעבן געווארן צום "עם עולם", אין אן אופן פון "ברית עולם", דורך "אלקי העולם" -

וואס דאס איז דער ענין וואס ישראל עושין תשובה "ומיד הן נגאלין"[14], אז תיכף ומיד קומט אלי' הנביא אלי' התשבי אלי' הגלעדי, און ער איז מבשר דעם ענין פון ביאת משיח צדקנו, וואס ער קומט באלד און נעמט אדוים יעדער אידן און אלע אידן פון גלות, צו דער גאולה האמיתית והשלימה,

דורך דערויף וואס זייענדיק אין דעם לעצטן רגע, די לעצטע צוויי אדער דריי רגעים, פון גלות, איז מען מכריז ומודיע, און מ'טוט במעשה בפועל (וואס "אין אחר מעשה כלום"[15]), אז מ'באזעצט די גבולות פון גאנץ א"י, דורך "ישראל עם קרובו", וואס "אתה בחרתנו מכל העמים",

און דעמולט פירט מען אוים אז נאך אין די לעצטע רגעים פון גלות ווערט דער ענין פון "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך"[16].

און דאס ווערט אין אן אופן ווי ס'איז געווען גלייך נאכן סיום ותותם פון פרשת בלק, אז דער אויבערשטער האט געזאגט "הנני נותן לו את בריתי שלום" - אז דאס ווערט אין אן אופן של "ברית", אן ענין נצחי, וואס קיינע טענות קענען דאס ניט אפשוואכן.

און מ'וועט זיין "ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד"[18], ביז וואנעט אז אפי' חרב של שלום איז אויך "לא תעבור בארצכם"[19], און אידן וועלן האבן גאנץ א"י לגבולותי', אין אן אופן פון "ואולך אתכם קוממיות"[20], אז יעדער איד און אלע אידן וועלן שטיין "בקומה זקופה"[21],

און מ'וועט גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, "ושמחת עולם על ראשם"[22], ובמהרה בימינו ממש.

* * *

ו. (בהמשך להענין ד"הסתר אסתיר" אמר:) האומרים לחושך אור - אויף אן ענין של העלם והסתר זאגט מען אז דאס איז

- זעלבסטשטענדיקייט; -

------------

13) פרש"י חקה כ, כב. 14) רמב"ם הל' תשובה פ"ז ה"ה. 15) ראה ב"מ יז, סע"א. 16) ישעי' מט, כג. 17) פינחס שם, יב. 18) בחוקותי כו, ו. 19) שם. תענית כב, ב. 20) בחוקותי שם, יג. 21) פרש"י עה"פ. 22) ישעי' לה, י. נא, יא.

זעלבסטשטענדיקייט; מ'האט צרות צרורות פון הונדערט מיליאן אראבער רח"ל [נאר אזוי ווי "לא ינום ולא יישן שומר ישראל"[23], היט ער זיי למעלה מדרך הטבע] - קומט מען און מ'טענה'ט אז דער הסתר איז זעלבסטשטענדיקייט, דאס איז "אור" - וואס דאס מיינט אז דער הסתר גופא איז באהאלטן, מ'מיינט אז ס'איז "אור"!

וואס דאס איז אלץ כדי אז א איד - וואס יעדער איד איז "בנים אתם לה' אלקיכם"[24] - זאל באווייזן אז ער איז א בן חכם, און ער זאל אנהויבן שרייען אז דאס איז גלות, ס'איז היפך פון עצמאות, ווארום מ'דארף רח"ל אנקומען צו בעטן זיך ביי דעם און ביי יענעם אויף ענינים של טבע!

- בנוגע צו ענינים פון אידישקייט, איז די נשמה קיינמאל ניט געגאנגען אין גלות, ניט אין גלות בבל, ניט אין גלות מדי, ניט ביי גלות פרס, און ניט ביי גלות אדום - ווי דער בעל הגאולה האט געזאגט[25] נאך איידער מ'האט אים באפרייט בי"ב-י"ג תמוז, אז די נשמה איז קיינמאל ניט געגאנגען אין גלות, און ווען ער מאכט פון דער נשמה אן עיקר, נעמט ער ארויס פון גלות אויך דעם גוף;

נאר אזוי ווי דער אויבערשטער וויל אז אין עניני הטבע זאל מען זיך פירן אין אן אופן אז "אין סומכין על הנס"[26], זעט ער אז א גוי זאל אים ארויסהעלפן -

ווען ס'קומט אבער צו אן ענין פון אפגעבן א שטיקל פון אה"ק, וואס דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ פון אייך אידן, עאכו"כ פון כו"כ אידן כ"י - איז וואס איז שייך ער זאל זיך דינגען מיט איימיצן, א איד אדער ניט קיין איד, ווען אן ענין פון פקו"נ, בשעת אז תורה זאגט אז גאנץ תורה ווערט אויפגעגעבן כדי צו מציל זיין איין אידן!

ז. און דאס וואס ער טענה'ט אז ער שעמט זיך פון דעם גוי - וואס הייסט שעמען זיך פון א גוי וויסנדיק אז ער איז פון דעם פאלק וואס "אתה בחרתנו מכל העמים"; אויב שעמען זיך - דארפסטו זיך שעמען פאר דיין אראפגעפאלנקייט פארן גוי - בשעת דער אויבערשטער האט דיר געגעבן אברהם יצחק ויעקב און שרה רבקה רחל ולאה פאר עלטערן, און בשעת אז דייערע עלטערן האבן געגעסן מענטשן-פלייש, האבן אידן שוין געהאט די עשה"ד און די גאנצע תורה, און האבן שוין געהאט אן אויסגעשטעלטן סדר חיים מיט אלע פרטים, וואס איצטער איז "הלכו גוים לאורך"[27]!

- קומט -

------------

23) תהלים קכא, ד. 24) ראה יד, א. 25) לקו"ד (כרך ד) חרצב, א. 26) ראה פסחים סד, ב. ועוד. 27) ישעי' ס, ג.

קומט ער אבער צוגיין צו אט-דעם "קאניבאל", וואס פון אים איז אויסגעוואקסן דער אייניקל און אור-אייניקל - און ער שרייט אז יענעם'ס "קולטור" איז אן ענין, און זיין תורה איז מערנים ווי אן ענין פרטי, אבער ח"ו אז דערמיט זאל מען פירן א גאנצן קיבוץ פון אידן; ווען מ'לעבט אין א וועלט וואו ס'איז דא גויים וואס האבן אן אנדער "קולטור", דארף מען זיי נאכגעבן, וואָרום "אתם המעט מכל העמים"[28].

- ווען איז שייך זאגן אז וויבאלד אידן זיינען "המעט מכל העמים", דארפן זיי בטל ווערן ברוב - איז דאס אויב ס'וואלט געקענט זיין א מציאות אז א איד זאל זיך אויסמישן צוזאמען מיט גויים; ווי דער דין איז אז ביטול ברוב איז שייך דוקא אויב די צוויי זאכן מישן זיך צוזאמען, אבער בשעת אז דער מיעוט איז א מציאות בפ"ע, ער מישט זיך ניט צוזאמען מיטן רוב, איז ניט שייך דער ענין פון ביטול ברוב;

ווען ס'רעדט זיך וועגן כמות, ניט וועגן איכות, איז א קליינע כמות ווען ס'מישט זיך צוזאמען מיט א ריבוי כמות, ווערט דאס בטל ברוב - משא"כ אבער ווען ס'רעדט זיך וועגן אידן, איז ניט שייך צו זאגן אז א איד ווערט בטל לגבי א גוי.

בשעת ער מישט זיך צוזאמען מיטן רוב, און וויל געפעלן דעם רוב, און וויל אז דער רוב זאל אים פאטשן אויפן פלייצע און זאגן אים אז ער איז א גוטער מענטש, דערפאר וואס ער טאנצט נאך עשו'ן און עמלק'ן און טאנצט נאך פב"פ - קען ער טאקע בטל ווערן ביי זיך, אבער די נה"א איז "גם בשעת החטא היתה באמנה אתו"[29], זי מישט זיך ניט צוזאמען מיט גויים, זי איז "באמנה אתו", צוזאמען מיטן אויבערשטן, און דערפאר איז אזוי ווי דער אויבערשטער קען ניט בטל ווערן ח"ו, איז אזוי אויך בנוגע צו א אידן, אז ער קען ניט בטל ווערן.

און כדי צו אראפנעמען דעם "הסתר אסתיר" - דארף זיין די התחלה בזה אז מ'זאל וויסן אז דאס איז אן ענין של הסתר, ס'איז ניט קיין געוואלדיקער טוב, ס'איז פונקט דער היפך דערפון, ס'איז א נסיון גדול,

מ'האט אבער אויך די אפשריות, און די מעגליכקייט אויף איבערמאכן דעם הסתר - דורך דעם וואס ישראל עושין תשובה, וואס דעמולט איז "מיד הן נגאלין".

ח. וכמדובר כמ"פ אז בשעת מ'וועט באזעצן די גבולים פון א"י, וועט גלייך בה בשעה בטל ווערן דער לחץ, וואָרום

- מ'וועט -

---

28) ואתחנן ז, ז. 29) הניא ספכ"ד.

מ'ווּעט זעהן אז ס'איז ניטא וואס צו לוחץ זיין, וויבאלד אז ס'איז שוין לאחר המעשה -

און אעפ"כ, שפארט מען זיך אין דער נקודה, און מ'וויל ניט באזעצן די גבולים, זעהנדיק אז דורך דעם קומט צו מידי יום ביומו א נייער לחץ און א נייע תביעה, מיט אלע ענינים וואס אין כאן המקום להאריך בדבר המצער.

*　　　*

*

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ פינחס, מבה"ח מנחם אב ה'תשל"ח.

הנחת הה' בלתי מוגה

א. ס'איז דאך א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט שבת מברכים מנחם אב,

וכמדובר כמ"פ אז מנהג ישראל [וואס "מנהג ישראל תורה הוא"[1]] איז - אנרופן דעם חודש "מנחם אב",

וואס אע"פ אז בזמן שביהמ"ק הי' קיים געפינט מען אז דער שם החודש איז געווען "אב", ווי מ'זעט דאס אין תרגום אויף נ"ך[2], און אויך אין משנה[3] און אין גמרא[4] [וואס דאס איז נאך אלץ שיריים פון דעם זמן שביהמ"ק הי' קיים[5]] - אעפ"כ איז דער "מנהג ישראל" איצטער אז מ'רופט דעם חודש "מנחם אב".

ביז אז ס'ברענגט זיך אראפ בכ"מ[6] אז ס'זיינען דא אזוינע וואס פירן זיך אנרופן דעם חודש מיטן נאמען "מנחם" אליין.

וואס דאס איז דאך אויך נוגע להלכה בפועל - בנוגע צו א גט וכו', וואס דארפן דארף מען מדייק זיין אין כתיבת שמות החדשים, זיינען דא דעות[7] אז אויב מ'האט געשריבן דעם נאמען פון דעם חודש "מנחם", איז עס כשר.

ב. האמור לעיל (אז דער שם החודש איז "מנחם אב") איז מדגיש אז נאך דערויף וואס ס'איז געווען דער ענין פון "ותותר - בימי רבי"[8], איז נאכמער מודגש אז ס'ווערט נענטער דער זמן הגאולה, ביז וואנעט אז מ'דארף דאס זאגן בדיבור - אז מ'איז מגלה און מכריז און מודיע בכל מקום, אז איצטער איז די צייט וואס עס הויבט זיך אן דער ענין פון "מנחם".

ועאכו"כ ע"פ המדובר כמ"פ אז לויט אלע סימנים פון סוף מסכת סוטה, איז א זיכערע זאך אז מ'האלט שוין אין דעם זמן פון עקבתא דמשיחא, און אין עקבתא דמשיחא גופא - אין דעם סיום פון דעם זמן, אין עקבהא דעקבתא דמשיחא.

ד.ה. אז גלייך ווי ס'קומט די התחלה פון חודש אב, זאגט מען אז ענינו איז דער ענין פון "מנחם" - אז אע"פ אז דאס איז א חודש וואס בהחלתו איז ער שלא כדבעי (ווי ער זאגט אין זהר[9]) - איז אנשטאט דעם וואס "עלה ארי' מסובכו"[10],

- וואס -

---

1) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב. 2) תיב"ע עה"פ שלח יג, כה, תרגום שני עה"פ אסתר ג, ז. 3) תענית פ"ד מ"ה-ו. ועוד. 4) ר"ה ב, ב. תענית כט, א. ועוד. 5) ראה שבת קיג, ב. 6) ראה גם פשוט סקכ"ו סקל"ה. 7) שם. פתחי תשובה לשו"ע אה"ע סקכ"ו סקי"ב. כנה"ג שם סקמ"א. 8) שבת שם. 9) ח"ב עח, ב. 10) ירמי' ד, ז.

וואס דאס גייט אויף לעו"ז[11], אויף נבוכדנאצר[12], וואס דאס איז פארבונדן מיט חודש אב וואס מזלו איז "ארי׳" - ווערט דער ענין פון "ארי׳ שאג מי לא יירא"[13],

אז ס׳קומט דער "ארי׳" - דער אויבערשטער[14], און אין אן אופן פון "ארי׳ שאג", און אין אן אופן אז "מי לא יירא", עס קען ניט זיין קיין מציאות אויף וועמען דאס וועט ניט אנווארפן א יראה אמיתית (אזא יראה וואס "תורת אמת" זאגט אז דאס איז א יראה אמיתית), מיט אלע תוצאות וואס קומען ארויס דערפון.

ג. ובפרט ווען ס׳רעדט זיך וועגן שבת מברכים פון חודש "מנחם אב", וואס דעמולט איז מען מברך דעם חודש - ברכה מלשון המשכה[15], מ׳בענטשט דעם חודש און מ׳איז ממשיך אין אים פון זיין מקור ווי ער שטייט למעלה,

וואס למעלה איז מען שוין זיכער מסכים און מרוצה און מ׳איז מחליט אז ס׳מוז שוין זיין דער "מיד הן נגאלין"[16] -

איז מען דאס ממשיך דא למטה, מיט די אלע זעקס לשונות של ברכה וואס מ׳זאגט אין ברכת החודש - אז ס׳זאל זיין אין דעם חודש ממש,

און וויבאלד אז בשבת שלפני ר"ח איז מען שוין מכריז וועגן דער התחלה פון דעם חודש - קען שוין זיין דער ענין פון "מיד הן נגאלין" נאך אין די טעג שלפני ר"ח מנחם אב.

ד. אין דערויף קומט נאך צו א הדגשה מיוחדת מצד קביעות השנה:

די קביעות פון שנה זו איז - אז דער ענין פון שבעה עשר בתמוז (ועד"ז אויך דער ענין פון תשעה באב) איז אין אן אופן פון "נדחה" (וואס דעמולט זאגט מען "הואיל ונדחה ידחה"[17]).

ד.ה. אז ווען ס׳קומט דער זמן פון שבעה עשר בתמוז, ועד"ז דער זמן פון תשעה באב - איז דעמולט גאר דא דער ענין פון "וקראת לשבת עונג"[18], ניט נאר אז "לא יוסיף עצב עמה"[19], נאר אדרבה, "וקראת לשבת עונג".

- ביז -

------------

11) אוה"ת נ"ך (כרך ב) ע׳ א׳נו ואילך. 12) יל"ש ירמי׳ רמז רנט. 13) עמוס ג, ח. 14) יל"ש שם. 15) תו"א מקץ לז, ג. ועוד. 16) רמב"ם הל׳ תשובה פ"ז ה"ה. 17) מגילה ה, ריש ע"ב. וראה סה"ש ה׳ש"ת ע׳ 157. 18) ישעי׳ נח, יג. 19) ל׳ הכתוב - משלי י, כב. וראה תוד"ה מד"א - מו"ק כג, ב. מירושלמי ברכות פ"ב ה"ז.

ביז וואנעס אז דער "עונג" איז נאך גרעסער פון דעם עונג שבכל שבת - ווי מ'ברענגט אויף דערויף[20] דעם משל פון א בן מלך, וואס בשעת אז ער געפינט זיך אלעמאל אין היכל המלך, איז דער תענוג המלך ניט אויף אזויפיל, משא"כ אויב דער בן מלך איז געווען א משך זמן ארוך בשבי', און א סותן בבית האסורים, און דערנאך איז "יצא לחפשי אל בית אביו המלך" - איז דעמולט דא א הענוג גדול ביותר, וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק[21], אז דער "עונג" אין דעם שבת פון שבעה עשר בתמוז (ועד"ז השעה באב) איז גרעסער פון דעם עונג שבכל שבת.

וואס אין די שבתות פון בין המצרים בכלל, סארך דאך ניט זיין קיינע ענינים וואס זיינען היפך ענין התענוג - עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן דער קביעות פון שנה זו, אז די התחלה פון בין המצרים הויבט זיך אן מיט א "מרחב", און א מרחב וואס נעמט זיך פון "עונג", דער עונג פון מלך מלכי המלכים, ביז צום עונג העצמי.

ה   אין דערויף קומט צו נאך א הדגשה מיוחדת בנוגע לש.ז. (נוסף על האמור לעיל אז י"ז בתמוז און ת"ב איז אין אן אופן פון "נדחהו") - אז דאס איז שנת העיבור:

דורך יעדער פעולה וואס א איד טוט בזמן הגלות אויף צו ממעט זיין דעם ענין פון "חטאינו", סיי דורך תשובה אויף ענינים בלהי רצויים, און סיי דורך דעם ענין פון "ועשה טוב", דער ענין פון לימוד התורה וקיום המצוות - איז ער דוחה דעם ענין הגלות, ווארום דורך דעם וואס מ'איז דוחה ומבטל סיבת הגלות, דעם ענין פון "חטאינו", ווערט בטל בדרך ממילא דער מסובב דערפון - דאס וואס "גלינו מארצנו".

און דורך דערויף ווערט דער ענין פון "והפכתי אבלם לששון"[22], און "יהפכו ימים אלו לששון ולשמחה ולמועדים טובים"[23] - וואס דאס וועט זיין בביאת משיח צדקנו; אבער די סיבה לזה אז אזוי וועט זיין בביאת משיח צדקנו (און אויך דער דיחוי בפועל, וואס דאס איז שוין דא גלייך על אתר) - איז דורך דער עבודה פון אידן בזמן הגלות.

וואס פון ר"ה (וואס ער איז כולל אין זיך כל ימות השנה[24]) איז רא א באשטימטער מספר פון ימים ושעות, וואס אין זיי קען מען טאן אין די ענינים וואס זיינען דוחה און מבטל דעם גלות, און זיינען מקרב די גאולה;

- איז -

---

20) ד"ה ציון במשפט הפדה תשל"ה פ"ה (קונטרס מאמרים ע' קנ). וש"נ. 21) ראה גם לקו"ש ח"ד ע' 1091. 22) ירמי' לא, יב. 23) ע"פ זכרי' ח, ס. 24) ראה לקו"ת תבוא מא, ג. עס"ר בתחלתו.

איז ווען ס׳קומט א שנת העיבור (אזוי ווי ש.ז.) - איז מען מוסיף נאך א חודש שלם אויף צו טאן אין די ענינים וואס ברענגען דעם ענין פון "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות"[25] - וואס חודש העיבור איז דאך פאר חודש ניסן, "חודש של גאולה"[26] - אז ס׳זאל זיין די גאולה פון דעם איצטיקן גלות, אין אן אופן פון "כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות".

וואס דאס איז דער אויפטו וואס איז דא אין שנת העיבור - אז ס׳קומט צו נאך א חודש אין וועלכן אידן טוען אין "סור מרע ועשה טוב"[27], וואס דורך יעדער מעשה, יעדער דיבור, און אפי׳ יעדער מחשבה טובה, איז מען דוחה און מחליש און מבטל דעם ענין פון "חטאינו", ובדרך ממילא איז מען דורך דערויף דוחה און מחליש און מבטל דאס וואס "מפני חטאינו גלינו מארצנו".

ו. און בשעת אז מ׳איז מכריז און מ׳איז מדגיש דעם ענין, און מ׳איז זיך מתבונן אין דערויף - קומט צו חיות אויף צו טאן בכיוון האמור,

ווארום ער ווייסט אז אין דערויף איז תלוי דער ענין הגאולה, און ניט נאר זיין גאולה, "לא אותי בלבד גאל הקב"ה"[28], נאר אין דערויף איז תלוי די גאולה פון "שכינהא בגלותא"[29], און די גאולה פון יעדער אידן און אלע אידן, סיי "מחבבי תורתנו", סיי "שומרי מצוה", ביז צו "כל אשר בשם ישראל יכונה".

און דעמולט איז א זיכערע זאך אז ער טוט בכל הנ"ל מיט חיות און לעבעדיקייט,

וואס אע"פ אז אין דעם זמן פון בין המצרים זיינען די ענינים של שמחה ווייניקער - איז דאך אבער דא דער ענין השמחה וואס איז פארבונדן מיט לימוד התורה וקיום המצוות, וואס אויף דערויף זאגט מען[30] "פיקודי ה׳ ישרים משמחי לב", וואס די שמחה איז ניט נאר וואס מ׳מעג איר האבן, נאר אדרבה, ס׳איז א שמחה וואס מוז זיין.

ובפרט לויט דער הדגשה אז דער ענין הגאולה - וואס אויף דערויף דארף מען הארעווען נאכמער אין דעם זמן פון בין המצרים - איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "ציון במשפט

- תפדה -

------------

25) מיכה ז, טו. 26) שמו"ר פט"ו, יא. 27) תהלים לד, טו. 28) ל׳ כ"ק מו"ח אדמו"ר במכתבו לחגיגת י"ב תמוז בפעם הראשונה (נדפסה בסה"מ תרפ"ח ע׳ קכו ואילך. חש"ת ע׳ 263 ואילך). 29) ראה מגילה כט, א. ועוד. 30) תהלים יט, ט.

תפדה ושבי׳ בצדקה"31, דער ענין פון לימוד ההורה32, און דער ענין הצדקה וואס איז כולל כל המצוות כולן33, וואס די צוויי ענינים דארפן געטאן ווערן מתוך שמחה,

וואס נוסף אויפן ציווי אז מ׳דארף טאן אין די צוויי ענינים (לימוד התורה - "משפט", און קיום המצוות - "צדקה") במשך כל השנה כולה, דארף מען טאן אין דערויף ביתר שאת וביתר עז אין דעם זמן פון בין המצרים, כדי צו מקדים זיין און מזרז זיין דעם ענין פון "והפכתי אבלם לששון", און דעם ענין וואס "יהפכו ימים אלו לששון ולשמחה ולמועדים טובים", בביאת משיח צדקנו.

ז. און וויבאלד אז יעדער איד איז בחזקת כשרות34, און אויף יעדער אידן זאגט מען35 אז "הקב"ה עוזרו" - איז א זיכערע זאך אז יעדער איד וועט טאן אין די אלע ענינים האמורים לעיל.

ובפרט ווען מ׳קומט פון שבת מברכים החודש, וואס דעמולט איז דער ציבור (בכל מקום וואו ס׳איז דא א ציבור) מכריז אז אין דעם חודש וועלן זיין אלע ששה לשונות של ברכה וואס מ׳רעכנט אויס אין ברכת החודש, און אין אן אופן פון "ונאמר אמן" - און ס׳הויבט זיך שוין אן פון שבת מברכים.

און די עבודה בזה וועט זיין מתוך תענוג - ובפרט אז די התוועדות איז אין דעם זמן וואס מ׳פראוועט "סעודתא דדוד מלכא משיחא"36, ווי ס׳שטייט אין שו"ע37 אז מ׳דארף מאכן א סעודה אזוי ווי סעודת שבת, וואס סעודת שבת איז דאך פארבונדן מיט דעם ענין פון "וקראת לשבת <u>ענג</u>" (כנ"ל ס"ד).

וכאמור אז מ׳וועט טאן בכל הנ"ל מתוך תענוג, און אזא תענוג וואס מ׳איז ממשיך פון מרחב העצמי, וואס דאס ברענגט אויך צו דעם ענין השמחה.

וואס דאס ווערט דורך דער הוספה אין לימוד התורה, ווי דערמאנט פריער (ס"ו) אז אויף תורה זאגט מען "פיקודי ה׳ ישרים משמחי לב", און רער לימוד איז מביא לידי מעשה38, צו קיום המצוות, וואס קיום המצוות דארף דאך אויך זיין אין אן אופן של שמחה,

ווי דער רמב"ם פסק׳נט אפ אין סוף הל׳ לולב, נאך

- דערויף -

---

31) ישעי׳ א, כז. 32) לקו"ת ר"פ דברים. 33) ראה תניא פל"ז (מח, ב). אגה"ק סל"ב (קכג, רע"א). 34) רמב"ם הל׳ קדה"ת פ"ב ה"ב. 35) קידושין ל, ב. סוכה נב, ריש ע"ב. 36) סידור האריז"ל (להר"ש מרשקוב) במקומו. 37) ארה"ז או"ח ס"ש. וש"נ. 38) קידושין מ, ב.

דערויף וואס ער איז מבאר דעם גודל השמחה וואס איז געווען אין שמחת בית השואבה, ביז ווי די משנה[39] זאגט אז "מי שלא ראה שמחת בית השואבה לא ראה שמחה מימיו", איז ער מוסיף ומבאר בארוכה אז ס'איז דא די "עבודה גדולה" אז יעדער מצוה זאל געטאן ווערן אין אן אופן של שמחה, ביז צו א שמחה וואס ווערט דערפילט אויך אין די פיס, ווי ער ברענגט אראפ דעם לשון הכתוב[40] "מפזז ומכרכר לפני ה'".

ח. וכן תהי' לנו - אז מתוך הרחבה וועט מען מוסיף זיין אין "משפט", דער ענין פון לימוד התורה, און אין "צדקה", קיום כל המצוות, אין אן אופן פון הולך ומוסיף ואור,

ביז אז מ'וועט מהפך זיין דעם חושך הגלות - וואס ער איז א חושך כפול ומכופל - צו אן אור כפול ומכופל, נאך העכער פון מדידה והגבלה, ביז העכער פון מדידה והגבלה וואס ווערט אנגערופן "כפול ומכופל", ווי דער צ"צ איז מבאר בכ"מ[41].

און ס'זאל זיין למטה מעשרה טפחים, און מ'זאל דאס זעהן בעיני בשר, בביאת משיח צדקנו בעגלא דידן - אז מ'וועט גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו במהרה בימינו ממש, און "יהפכו ימים אלו לששון ולשמחה ולמועדים טובים".

* * *

ט. מ'האט גערעדט פריער (ס"ו) וועגן דעם ענין פון "פיקודי ה' ישרים משמחי לב" - וואס דאס גייט דאך אויף <u>אלע</u> ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט לימוד התורה.

אין דערויף גופא זיינען אבער דא ענינים אין וועלכע דער ענין השמחה שטייט מערער בהדגשה ובגילוי.

וואס אע"פ אז לויטן טעם הנ"ל וואס דער רמב"ם איז מבאר בנוגע צו דעם ענין פון שמחה של מצוה, איז פארשטאנדיק אז דאס איז ביי אלע מצוות בשוה, און ווי דער נוסח פון ברכת המצוות, "אשר קדשנו במצותיו וצונו", וואס אין דערויף גלייכן זיך אוים אלע מצוות, אז זיי זיינען דער רצון העליון [ביז וואנעס אז ס'איז מבואר בכ"מ[42] אז אין דעם ענין הרצון, איז יעדער פרט אזוי ווי דער גאנצער רצון],

פונדעסטוועגן, וויבאלד אז די שמחה דארף אראפקומען בכל חלקי הגוף, ביז צו די רגלים וואס דאס איז דער חלק התחתון שבגוף, ווי געבראכט פריער (ס"ז) אז די שמחה דארף

- זיין -

---

39) סוכה נא, סע"א. 40) ש"ב ו, טז. 41) ראה אוה"ת חיי שרה קיח, סע"א ואילך. 42) המשך תרס"ו ע' תקכב. וראה לקו"ש חי"ג ע' 67 ואילך. סה"מ קונטרסים ח"ב שיא, ב.

זיין אין אן אופן פון "מפזז ומכרכר לפני ה׳", ועאכו"כ אז דאס דארף דורכנעמען די כחות הפנימיים וועלכע געפינען זיך אין דעם מוח און אין דעם לב, שכל און מדות -

איז כדי אז דער שכל זאל זיין דורכגענומען און פארכאפט ווערן אין דעם ענין השמחה, ביז אז ס׳זאל זיין שמחה און עונג אמיתיים, איז אע"פ אז פאר א שכל פון א אידן איז גענוג דאס וואס ער ווייסט אז "קדשנו במצותיו וצונו" אז ס׳זאל זיין דער ענין השמחה - אעפ"כ, ווען ס׳קומט נאך צו אין דערויף אן ענין שכלי (פארוואס ער דארף זיין שמח, נוסף לזה וואס "קדשנו במצותיו וצונו"), איז דעמולט די שמחה א גרעסערע.

ביז וואנעט אז אפי׳ ווען ס׳רעדט זיך וועגן א מצוה וואס עניינה איז דער ענין השמחה - "מועדים לשמחה", אעפ"כ, פארבינדט מען דאס אויך מיט דעם ענין פון בשר ויין[43], וואס דאס איז אן ענין וואס איז משמח אויך בפשטות (לולא הציווי פון "מועדים לשמחה").

וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע לענינינו - אע"פ אז אויף כל עניני התורה זאגט מען אז "פיקודי ה׳ ישרים משמחי לב", זיינען אבער דא ענינים אין תורה וואס דארטן איז דער ענין השמחה מער בגלוי ובהדגשה.

י. אין דערויף גופא (ענינים אין תורה וואו דער ענין השמחה שטייט בגלוי ובהדגשה) זיינען אויך דא כו"כ ענינים - ס׳איז אבער דא דער ענין המתאים במיוחד לימים אלו, די טעג פון בין המצרים, וואס דאס זיינען די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט דעם ענין הגאולה, און די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט בנין ביהמ"ק (וויבאלד אז בין המצרים איז פארבונדן מיטן חורבן פון ביהמ"ק).

און ווי גערעדט אין די פריערדיקע יארן, אז בימים אלו דארף מען מוסיף זיין אין לימוד התורה, ובמיוחד - אין די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט דעם ענין הגאולה און בנין ביהמ"ק.

וואס אין דעם ענין פון בנין ביהמ"ק ווערט נכלל גאנץ "הר הבית" - כפשטות הפירוש פון "הר הבית", אז דער "הר" ווערט אנגערופן ע"ש דעם "בית", דער ביהמ"ק.

ביז וואנעט אז ס׳איז אויך כולל כל ירושלים כולה, ווארום גאנץ ירושלים איז אויך פארבונדן מיטן ביהמ"ק,

- כמבואר -

---

43) ראה פסחים קט, א.

כמבואר אין מכילתא[44] אז פריער זיינען כל הארצות געווען ראוי אז דארטן זאל זיין דער ענין השכינה בגלוי, און דערנאך ווען דער אויבערשטער האט בוחר געווען אין א"י, איז דער ענין בטל געווארן פון כל הארצות,

איז עד"ז אויך בנוגע צו א"י עצמה, ווי דער רמב"ם זאגט אין אנהויב פון הל׳ ביהב"ח[45], אז "כיון שנבנה המקדש בירושלים נאסרו כל המקומות כולן לבנות בהן בית לה׳" - וואס דערפון זעט מען די שייכות פון דעם ביהמ"ק צו ירושלים.

ובפרט לויט ווי דער ענין הגאולה שטייט אין דעם פסוק "ציון במשפט תפדה ושבי׳ בצדקה", וואס [נוסף צו די ביאורים אין דעם ענין פון "ציון" ווי ראס איז אין נפש האדם[46], איז דאך דא דער כלל[47] אז "אין מקרא יוצא מידי פשוטו", וואס] דער פירוש הפשוט פון "ציון" איז - אז דאס גייט אויף ירושלים עיר הבירה כפשוטו.

וואס דורך דעם וואס מ׳לערנט די ענינים וואס זיינען פארבונדן (מיט בנין ביהמ"ק, און) אויך מיט גאנץ ירושלים - איז מען מבטל ניט נאר דעם ענין פון תשעה באב וואס איז פארבונדן מיטן חורבן ביהמ"ק, נאר מ׳איז אויך מבטל דעם ענין פון שבעה עשר בתמוז, וואס איז פארבונדן מיט "הובקעה העיר"[48], וואס דאס גייט אויף ירושלים.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז כדי צו פועל׳ן דעם ענין אז "יהפכו ימים אלו לששון ולשמחה ולמועדים טובים" - דארף מען מוסיף זיין אין לימוד התורה, ובמיוחד אין די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט בנין ביהמ"ק און גאנץ ירושלים.

יא. וכמדובר כמ"פ אז אן ענין וועגן וועלכן מ׳רעדט אין א באשטימטן יאר - איז שלא כדעת הטועים אז דאס איז שייך מערנים ווי צו דער יאר (וויבאלד אז אין דעם יאר האט מען דאס דערמאנט, און אין א צווייטן יאר האט מען דאס ניט דערמאנט) - ווארום וויבאלד אז דאס ווערט געזאגט צוזאמען מיטן טעם שבזה, איז מעצמו מובן אז דער זעלבער טעם איז דא אויך אין די שנים שלאח"ז.

ובנדו"ד: דאס וואס מ׳האט גערעדט אין די פריערדיקע יארן, אז אין דעם זמן פון בין המצרים דארף מען מוסיף זיין אין לימוד התורה, ובמיוחד אין די ענינים וואס זיינען

- פארבונדן -

------------

44) בהחלתו. 45) פ"א ה"ג. 46) ראה ד"ה ציון במשפט הנ"ל. וש"נ. 47) שבת סג, א. 48) ראה לקו"ש י"ב-י"ג תמוז ש.ז. ס"א ובהערה שם. וש"נ.



הנחה הח׳ בלתי מוגה

פארבונדן מיט הלכות ביהב"ח וכו׳, ועד"ז בנוגע צו שאר ההצעות וואס מ׳האט מציע געווען אין די פריערדיקע יארן בנוגע צו דעם זמן פון בין המצרים - זיינען זיי עומדים במקומם ובתקפם,

ואדרבה, ביתר שאת וביתר עז, וויבאלד אז ש.ז. איז שנת העיבור, און ווי גערעדט בתחלת השנה[49] אז דאס איז דער סיום פון א מחזור קטן, וואס דעמולט איז מען משלים דעם חסרון וואס איז געווען בשנים שעברו אין מנין הלבנה לגבי מנין החמה -

און וויבאלד אז דאס וואס דער ענין איז אזוי בפשטות ובגשמיות, איז דאס דערפאר וואס "נשתלשלו מהן"[50], וויבאלד אז אזוי זיינען די ענינים ברוחניות, איז פארשטאנדיק, אז דאס איז א יאר וואס מ׳קען (און וויבאלד מ׳קען - מוז מען) משלים זיין (און זיכער איז מען משלים, וויבאלד אז אלע אידן זיינען בחזקת כשרות) ניט נאר דאס וואס מ׳דארף משלים זיין בנוגע לש.ז., נאר אויך דאס וואס מ׳דארף משלים זיין בנוגע צו שנים שעברו,

אזוי אז ס׳זאל זיך ענדיקן דער מחזור אין אן אופן פון שלימות, מיטביידע אפטייטשן וואס זיינען דא אין דעם ענין השלימות, סיי אז עס פעלט גארניט, און סיי אז ס׳קומט צו אן ענין של שלימות, נאר העכער פון פריער, ע"ד הענין פון "שנה תמימה"[51] וואס איז נאך העכער פון שנה שלימה סתם, כמדובר בארוכה אין תחלת השנה.

יב. האמור לעיל איז פארבונדן במיוחד מיט פרשת השבוע, פרשת פינחס, וואס דארטן[52] שטייט: "וידבר ה׳ אל משה לאמר לאלה תחלה הארץ . . אך בגורל יחלק את הארץ", אז מ׳זאל פאנאנדערטיילן א"י לכל שבטי ישראל.

וואס בשעת מ׳רעדט וועגן פאנאנדערטיילן א"י - איז פארשטאנדיק, אז מ׳דארף שוין ניט רעדן וועגן כובש זיין גאנץ א"י לגבולותי׳, דאס האט זיך שוין אפגעטאן פריער, און איצטער רעדט מען וועגן פאנאנדערטיילן א"י, אז מ׳זאל וויסן וועלכער חלק געהערט צו וועלכן אידן.

וואס אע"פ אז דעמולט איז מען נאך געווען אין מדבר, און ס׳איז געווען <u>פאר</u> די שבע שכבשו - איז לכאו׳, ווי אזוי קען מען שוין רעדן וועגן "אך בגורל <u>יחלק</u> את הארץ"?

איז דאך דער ביאור בזה - אז דאס איז דערפאר וואס

- "דיבורו" -

------------

49) מכתב כללי דוא"ו תשרי ש.ז. ועוד. 50) ע"ד ל׳ התניא רפ"ג. 51) ראה ערכין לא, א במשנה. 52) כו, נב ואילך.

 הנחת הת׳ בלתי מוגה

"דיבורו של הקב"ה חשיב מעשה"[53], ביז אין אן אופן אז אויך ביי משה רבינו איז דאס שוין געווען אין אן אופן של מעשה,

ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס דער אויבערשטער האט באוויזן משה רבינו גאנץ א"י, "עד הים האחרון"[54], וואס בפשטות איז דאס געווען א ראי' כפשוטה ממש, ווארום אויב ס'רעדט זיך וועגן א ראי' רוחנית, דארף מען ניט האבן די הקדמה פון "עלה אל הר העברים הזה גו'"[55], ווארום אויף צו זעהן מיט א ראי' רוחנית, דארף ער ניט ארויפגיין אין א מקום גבוה -

מוז מען דאך זאגן אז ווען דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה רבינו "עלה אל הר העברים הזה וראה את הארץ אשר נתתי לבני ישראל", האט משה רבינו געזעהן א"י מיט א ראי' כפשוטה, ער האט געזעהן גאנץ א"י לגבולותי',

און ער האט אויך געזעהן ווי א"י שטייט במוצאי שבת קודש פ' פינחס פון שנת תשל"ח, ווי ער טייטשט אפ אין ספרי אויפן פסוק "עד הים האחרון" אז דאס מיינט אויך "עד <u>היום</u> האחרון", ביז דעם לעצטן טאג פון גאנץ סדר השתלשלות הזמנים, עאכו"כ אינמיטן השתלשלות הזמנים, במוצאי שבת קודש זה.

וכמבואר אין חסידות[56] [ביז אז דער ראגאטשאווער[57] ברענגט דאס אראפ בנוגע להלכה] אז די ראי' פון משה רבינו איז ניט געווען סתם א ראי' וואס איז נוגע צו אים אליין, נאר די ראי' האט גע'פועל'ט אין א"י, אז אפי' ווען ס'איז געווען פאר די שבע שכבשו (עאכו"כ פאר די שבע שחלקו), איז שוין געווארן א שינוי אין א"י, אז דערנאך ווען ס'וועט זיין דער כבשו וחלקו, וועט דאס באקומען די הלכות ודינים באופן מסוים.

יג. ועאכו"כ ווען מ'האלט שוין נאך די שבע שכבשו און שבע שחלקו אין כיבוש יהושע, און ס'איז שוין נאך כיבוש עזרא - וואס "קדושה ראשונה קידשה לשעתה וקידשה לע"ל"[58], ווארום שכינה אינה בטלה"[59],

און עאכו"כ אז מ'האלט שוין נאך די אלע ענינים בלתי רצויים וואס אידן זיינען דורכגעגאנגען במשך דעם גלות המר, ביז צו דורנו זה וואס קיינמאל זיינען ניט געווען אזוינע ענינים,

- [וואס -

------------

53) ראה ב"ר פמ"ד, כב. 54) ברכה לד, ב. 55) פרשתנו כז, יב. 56) ראה לקו"ת ר"פ ואתחנן ואילך. אוה"ת ואתחנן ס"ע נב ואילך. 57) צפע"נ עה"ת עה"פ שם. ברכה שם, א. 58) רמב"ם הל' ביהב"ח פ"ו הט"ו. 59) שם הט"ז.

וואס ס'איז צע"ג ווי אזוי צו פארענטפערן דעם ענין, לויט דעם וואס דער מיטעלער רבי שרייבט אין שערי השובה[60], אז נאך די ענינים וואס זיינען געווען אין ימי הביניים, וועלן מערנים זיין אזוינע ענינים רח"ל היל"ת - וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק, ווי אזוי שטימט דאס דערמיט וואס דורנו זה איז דורכגעגאנגען.

אבער ח"ו אז די קשיא ושאלה זאל ממעט זיין דעם בטחון אין דעם אויבערשטן, וואס "לא ינום ולא יישן שומר ישראל"[61] -

איז א זיכערע זאך אז וויבאלד מ'האלט שוין נאך כיבוש יהושע, און נאך כיבוש עזרא - געהערט גאנץ א"י לגבולותי' צו יעדער אידן און צו אלע אידן, און דערנאך וועט קומען משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט יעדערער באקומען חלקו בארץ כפשוטו.

און דורך דעם ענין פון לימוד התורה און קיום המצוות, מתוך בטחון עצום אין דעם אויבערשטן - איז מען ממהר דעם "אחישנה"[62] גופא, עאכו"כ אז מ'האלט שוין ביי "בעתה", וויבאלד אז "כלו כל הקיצין"[63].

וואס דעמולט וועט מען זעהן בעיני בשר ווי אזוי ס'וועט זיין "יחלק את הארץ" -

וואס דאס ווערט אויך דורך דערויף וואס מ'לערנט די פסוקים בתורה וואס רעדן וועגן דעם ענין פון חלוקת הארץ, און אויך די מדרשי רז"ל אויף די פסוקים - ובפרט אז די פסוקים האט מען געלייענט אין דעם שבת מברכים מנחם אב, אין אן אופן פון א ברכה לפני' ולאחרי'.

און מ'וועט זעהן בנחמת ציון וירושלים אין אן אופן פון "מיד", ביז אז ס'וועט זיין דער ענין פון "והפכתי אבלם לששון", די אלע טעג פון בין המצרים, ועאכו"כ די תשעה ימים, ביז אז ס'וועט זיין "יהפכו ימים אלו לששון ולשמחה ולמועדים טובים", נאך גרעסערע ימים טובים ווי אלע איבעריקע ימים טובים, כמבואר אין מדרז"ל[64],

בעגלא דידן, למטה מעשרה טפחים, ומתוך שמחה וטוב לבב, בביאת משיח צדקנו.

* * *

יד. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה וידבר גו' לאלה תחלק גו' אך בגורל גו'.

* * *

- סו. -

---

60) ח"א ה, ב. 61) תהלים קכא, ד. 62) ישעי' ס, כב. וראה סנהדרין צח, א. 63) סנהדרין צז, ב. 64) ראה לקו"ש שם ס"ד ובהערה 44 שם.



הנחת הת' בלתי מוגה

סו. כרגיל אפלערנען א פסוק אין פרשת השבוע מיט פרש"י, און אויך א משנה אין פרקי אבות (וואס דער פרק פון שבת זו איז פרק ראשון), און אויך אן ענין אין די הערות פון טאטן אויפן זהר פון פרשה זו.

בנוגע צו פרש"י: אין קאפיטל כז פסוק ב ווערט דערציילט אז בנות צלפחד זיינען געקומען "לפני משה ולפני אלעזר הכהן ולפני הנשיאים וכל העדה פתח אוהל מועד", און זיי האבן געבעטן אז זיי ווילן יורש זיין נחלת צלפחד.

שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער "לפני משה", און זאגט: "ואחר כך לפני אלעזר, אפשר אם משה לא ידע אלעזר יודע"? - וואס דערפאר דארף מען זאגן "אלא סרס את המקרא ודרשהו, דברי רבי יאשי'". דערנאך ברענגט רש"י א צווייטן פירוש: "אבא חנן משום רבי אליעזר אומר בבית המדרש היו יושבים ועמדו לפני כולם" (ובמילא איז פארשטאנדיק אז דער פסוק מוז אויסרעכענען פריער משה און דערנאך אלעזר, מפני כבודו של משה). וואס דער מקור פון דעם פרש"י איז פון ספרי[65], און אויך אין ב"ב[66].

וואס אין דעם פרש"י זיינען דא כמה דיוקים על אתר, און נאך כמה דיוקים - ווען מ'פארגלייכט דאס מיט פרש"י אין פסוקים שלפנ"ז, כדלקמן.

סז. די דיוקים אין פרש"י על אתר:

א) דער דיוק הידוע - צוליב וואס דארף רש"י ברענגען צוויי פירושים?

ב) בשעת רש"י ברענגט צוויי פירושים, איז דאך דער סדר בזה אז צום אלעם ערשטן ברענגט ער דעם פירוש וואס איז נענטער צו פשוטו של מקרא - איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס ברענגט רש"י דעם פירוש פון "סרס את המקרא ודרשהו" אלס פירוש ראשון, דאס איז דאך ניט פשוטו של מקרא, ווארום מ'זאגט דאך "סרס את המקרא ודרשהו", דאס איז א דרש?

ובפשטות לייגט זיך אין שכל צו זאגן אזוי ווי דער צווייטער פירוש שבפרש"י, אז "בבית המדרש היו יושבים ועמדו לפני כולם" - ווי דער בן חמש למקרא ווייסט אז דארטן וואו ס'איז דא א ב"ד-שטיבל, גייט מען אין דעם ב"ד-שטיבל, און דארטן פרעגט מען די שאלה, במילא פארשטייט דער בן חמש למקרא אז בשעת בנות צלפחד האבן געוואלט פרעגן א שאלה ביי משה רבינו, זיינען זיי געגאנגען אין "בית המדרש" -

- איז -

------------

65) עה"פ. 66) קיט, ב.

איז דאך אינגאנצן ניט פארשטאנדיק דער סדר אין פרש"י: פארוואס ברענגט ער דעם פירוש "סרס את המקרא ודרשהו" אלס פירוש ראשון, און דעם פירוש "בביה המדרש היו יושבים כו'", וואס איז נענטער צו פשש"מ - אלס פירוש שני?

ג) דער דיוק הידוע - פארוואס ברענגט רש"י דעם נאמען פון בעל המאמר, און ווי מ'זעט בכמה מקומות אז רש"י ברענגט כמה פירושים און דערמאנט ניט דעם נאמען פון בעל המאמר - וואס דערפון גופא איז פארשטאנדיק, אז דארטן וואו רש"י דערמאנט דעם נאמען פון בעל המאמר, קען דאס מוסיף זיין ביאור אין פשש"מ פאר א תלמיד וואס לייגט זיך ארייך אין דעם ענין - דארף מען פארשטיין וואס קומט צו אין פשש"מ וויסנדיק אז די צוויי פירושים זיינען פון ר' יאשי' און פון אבא חנן משום ר' אליעזר?

יז. וויבאלד אז מ'רעדט שוין וועגן פרש"י אויף דעם פסוק - וועט מען זיך אויך אפשטעלן אויף דעם ד"ה שלפנ"ז, וואס רש"י שטעלט זיך אויף "לפני משה ולפני אלעזר", און זאגט: "מגיד שלא עמדו לפניהם אלא בשנת הארבעים אחר שמת אהרן".

וואס דא זעט מען אויף וויפל פרש"י איז מדויק:

רש"י זאגט ניט "ללמדך" וכיו"ב, נאר "מגיד וכו'" - וואס דער חילוק צווישן ביידע לשונות איז: בשעת מ'זאגט "ללמדך", מיינט דאס אז דער ענין שטייט אין פסוק מערניט כדי "ללמדך" דעם און דעם ענין, און לולא זאת וואלט דאס ניט געשטאנען אין פסוק; משא"כ ווען מ'זאגט "מגיד", איז ניט דער טייטש אז צוליב דערויף שטייט דאס אין פסוק - דאס שטייט צוליב אן אנדער טעם, נאר דערפון ווייסט מען אויך נאך אן ענין, "מגיד שלא עמדו לפניהם אלא בשנת הארבעים אחר שמת אהרן".

עס איז אבער ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז מ'דארף אנקומען צו א לימוד אז "לא עמדו לפניהם אלא בשנת הארבעים כו'", איז פארשטאנדיק, אז לולא זאת וואלט מען געזאגט אז זיי זיינען געקומען לפנ"ז -

וואס לכאו' איז דאס היפך פשוטם של כתובים: פריער ווערן דערציילט כמה סיפורים וואס האבן געטראפן בשנת הארבעים, כולל אויך מיתת אהרן - איז ווען מ'קומט צו דעם פסוק, דארף מען באוואדענען אז מ'זאל ניט מיינען אז ס'איז געוועז פריער, נאר מ'זאל וויסן אז דאס האט געטראפן "בשנת הארבעים" - וואס דארף מען מיטאמאל באווארענען, ס'איז פארשטאנדיק פון פשטות הכתובים אז וויבאלד דאס ווערט דערציילט דא, האט דאס געטראפן "בשנת הארבעים"?

וכפי שיתבאר לקמן.

- יח. -



הנחת הת' בלתי מוגה

יח. בשעת מ'פארגלייכט דעם פרש"י בפרשתנו מיט פרש"י אין פריערדיקע ערטער - קומען צו נאך כמה דיוקים:

אין פ' בהעלותך[67] ווערט דערציילט אז ס'זיינען געווען "אנשים אשר היו טמאים גו' ויקרבו לפני משה ולפני אהרן", און זיי האבן גע'טענה'ט[68] "למה נגרע לבלתי הקריב גו'" [ע"ד ווי בנות צלפחד האבן גע'טענה'ט[69] "למה יגרע שם אבינו גו'"] - שטעלט זיך רש"י אויף די ווערטער "לפני משה ולפני אהרן", און זאגט: "כששניהם יושבין בבית המדרש באו ושאלום, ולא יתכן לומר זה אחר זה, שאם משה לא הי' יודע אהרן מנין לו".

וואס דא זעט מען אז רש"י ברענגט מערניט ווי איין פירוש, און מערניט ווי דעם צווייטן פירוש שבפרשתנו (אז מ'האט געפרעגט ביי ביידן ווען זיי זיינען געווען אין בית המדרש), און ער ברענגט אויך ניט דעם נאמען פון בעל המאמר - איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס ברענגט רש"י בפרשתנו צוויי פירושים, און מיטן סדר אז צום אלעם ערשטן ברענגט ער דעם פירוש "סרס את המקרא ודרשהו", און ברענגט אויך די נעמען פון בעלי המאמר?

די קשיא איז נאך גרעסער: אז מ'גיט א קוק אין ספרי, זעט מען אז די צוויי דעות פון ר' יאשי' און אבא חנן משום ר"א, צי מ'זאגט "סרס את המקרא ודרשהו", אדער מ'זאגט אז מ'האט דאס געפרעגט ביי ביידן ווען זיי זיינען געווען אין "בית המדרש", ברענגען זיך אראפ סיי אין פ' בהעלותך און סיי אין פ' פינחס -

איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס אין פ' בהעלותך ברענגט רש"י מערניט ווי דעם צווייטן פירוש, און אין פרשתנו ברענגט ער ביידע פירושים?!

אויך דארף מען פארשטיין:

אין פ' שלח[70] ווערט דערציילט אויך עד"ז - "ויקריבו אותו המוצאים אותו מקושש עצים אל משה ואל אהרן ואל כל העדה" (אויך מיטן סדר אז פריער שטייט משה און דערנאך אהרן וכו') - און רש"י שטעלט זיך גארניט אפ אויף דערויף?

[בדוחק וואלט מען געקענט זאגן אז אין פ' שלח פארלאזט ער זיך אויף דעם וואס ער האט שוין מפרש געווען אין פ' בהעלותך, וויבאלד אז מ'האט דאס ערשט געלערנט מיט איין פ' לפנ"ז, משא"כ ווען ס'קומט צו פ' פינחס, וואס איז כמה פרשיות לאח"ז, דארף דאס רש"י באווארענען נאכאמאל.

- ס'איז -

------------

67) ט, ו. 68) שם, ז. 69) פרשתנו שם, ד. 70) טו, לג.

 הנחה הת' בלתי מוגה

ס'איז אבער פארשטאנדיק אז דאס איז א דוחק, וויבאלד אז פ' שלח איז א באזונדער סדרה (ניט פ' בהעלותך), האט דאס רש"י געדארפט באווארענען.

די קשיא איז נאך גרעסער: אין ספרי ברענגען זיך אראפ די צוויי דעות פון ר' יאשי' און ר"א אויך אין פ' שלח (סיי בפרשתנו, סיי אין פ' בהעלותך, און סיי אין פ' שלח) - און אעפ"כ שטעלט זיך רש"י אינגאנצן ניט אויף דערויף?

מיט נאך כמה דיוקים - וכפי שיתבאר לקמן.

יט. בנוגע צו פרקי אבות - וועט מען זיך אפשטעלן אויף א משנה וואס מ'האט שוין אמאל גערעדט וועגן איר, אבער ניט וועגן די פרטים דלקמן:

אין סיום פון פרק ראשון שטייט: "רבן שמעון בן גמליאל אומר על שלשה דברים העולם קיים, על הדין, ועל האמת, ועל השלום, שנאמר[71] אמת ומשפט שלום שפטו בשעריכם".

שטעלן זיך אויף דערויף מפרשים[72], און זיינען מבאר וואס איז דער חילוק צווישן דער משנה מיט דער משנה וואס שטייט בתחלת הפרק "על שלשה דברים העולם עומד, על התורה ועל העבודה ועל גמילות חסדים" - וואס בפשטות דארף מען דאך זאגן אז דאס זיינען צוויי באזונדערע ענינים (וויבאלד אז ס'שטייען אנדערע ווערטער וכו').

און אין דערויף זיינען דא כמה גירסאות: אויך אין סיום הפרק איז דער לשון "העולם <u>עומד</u>"[73], אין דער ערשטער משנה איז דער לשון "העולם <u>נברא</u>"[74], און די גירסא[75] וואס דער אלטער רבי איז קובע בסידורו, אז בתחלת הפרק שטייט "העולם <u>עומד</u>", און בסיום הפרק שטייט "העולם <u>קיים</u>" - דארף מען פארשטיין וואס איז דער חילוק צווישן ביידע ענינים.

אין דער משנה גופא דארף מען פארשטיין:

א) דער סדר אין משנה איז ראך מיט א געוואלדיקן דיוק (נאכמער ווי אין גמרא) - איז לכאורה ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז מ'ברענגט די ראי' דערפון וואס ס'שטייט "אמת ומשפט שלום שפטו בשעריכם", האט די משנה געדארפט זאגן די "שלשה דברים" כיטן זעלבן סדר ווי זיי שטייען אין פסוק, "על האמת, ועל הדין (דער ענין פון "משפט"), ועל השלום" - פארוואס איז די משנה כהפך דעם סדר און שרייבט "על הדין, ועל האמת, ועל השלום"?

- ב) אז -

------------

71) זכרי' שם, טז. 72) נאספו במד"ש כאן. 73) רע"ב כאן. 74) מד"ש כאן בתחלתו. 75) ד"ח (הובא בתוי"ט כאן).

ב) אז מ׳גיט א קוק אין דעם פסוק אין זכרי׳, זעט מען אז פאר דערויף שטייט נאך אן ענין: "דברו אמת איש את רעהו", וואס עפ"ז קומט אויס אין אז דעם פסוק זיינען דא פיר ענינים, איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס איז די משנה משמיט דעם ערשטן טייל פון פסוק, און זאגט אז "על שלשה דברים העולם קיים"?

וכפי שיתבאר לקמן.

כ. בנוגע צו די הערות פון טאטן אויפן זהר פון פרשה זו:

אין די הערות[76] שטעלט ער זיך אויף דעם וואס ס׳שטייט אין זהר[77] "כל מאן דאמר תהלה לדוד בכל יום תלת זמנין איהו בר עלמא דאתי", און ער איז מבאר אז רי "ג"פ תהלה לדוד שצריך לומר הם . . כמו הג׳ תפלות שאבות חג"ת תקנום". וואס דאס איז מתאים מיט פרש"י אין ברכות[78].

וואס אין דעם ענין איז דא א גאנצע אריכות ע"פ נגלה אין די רשימות פון רעם צ"צ אויף תהלים[79], וואס דארטן פרעגט ער: ווי קען מען זאגן אז די ג"פ תהלה לדוד זיינען כנגד די ג׳ תפלות, אין תפלת ערבית זאגט מען דאך ניט קיין אשרי?

און ער ברענגט דארטן אז ס׳זיינען דא אזוינע[80] וואס ווילן דאס פארענטפערן דערמיט וואס אין תפלת שחרית זאגט מען צוויי מאל תהלה לדוד, און ער איז ממשיך אז ס׳איז א דוחק צו ענטפערן אזוי, ווארום אויב דאס איז כנגד תפלת ערבית, האט מען דאס געדארפט זאגן אין תפלת ערבית עצמה.

און ער פארענטפערט דאס ע"פ נגלה - אז דאס גייט לויט דער דעה[81] אז תפלת ערבית איז חובה, וואס לדעה זו דארף מען טאקע זאגן תהלה לדוד ביי תפלת ערבית, משא"כ לויט דער דעה אז תפלת ערבית איז רשות, דארף מען ניט זאגן תהלה לדוד ביי תפלת ערבית. און וויבאלד אז דער דין איז[82] אז תפלת ערבית איז רשות, דערפאר זאגט מען ניט תהלה לדוד ביי תפלת ערבית.

וואס עפ"ז דארף מען האבן א ביאור, וואס איז רער ענין וואס מ׳זאגט ג"פ תהלה לדוד, צוויי מאל ביי תפלת שחרית, און איין מאל ביי תפלת מנחה?

איז דער ביאור בזה פארשטאנדיק דערפון וואס ער איז מבאר אין זהר, אז אזוי ווי ס׳דארף זיין דער ענין פון

- "פרנסה -

-----------

76) לקוטי לוי"צ לזח"ג ע׳ תמר. 77) ח"ג רכו, א. 78) ר, ב ד"ה שלש פעמים. 79) יהל אור מילואים ע׳ תרעב ואילך. 80) תשובות הריב"ש סק"מ. 81) רעה ר"ג בברכות כז, ב. 82) רמב"ם הל׳ תפלה פ"א ה"ו. טואו"ח ר"ס רלה. ועוד.

"פרנסה ומזונא דכל עלמין תרין זבנין אינון בכל יומא, בצפרא ובפנייא, דכתיב[83] בתת ה׳ לכם בערב בשר וגו׳", איז כנגד די "ב"פ מזונות בכל יום, בערב ובבקר", זאגט מען תהלה לדוד ביי שחרית און מנחה, וואס דארטן שטייט דער פסוק "פותח את ידך גו׳", וואס דאס גייט אויף דעם עניין המזונות.

און דאס וואס מ׳זאגט תהלה לדוד אין פסוקי דזמרה (דעם ערשטן מאל אין תפלת שחרית), איז דאס ניט קיין עניין וואס איז פארבונדן מיט בקשת מזונות, נאר דאס איז "בגין שבחא גו תושבחן דזמירות דדוד מלכא", דאס איז א שבח צום אויבערשטן אויף דעם וואס ער גיט מזונות.

וואס עפ"ז קומט אבער אויס אז די ג"פ תהלה לדוד זיינען ניט אין אלע דריי תפלות, נאר צוויי פון זיי זיינען אין תפלת שחרית, און די דריטע איז צו תפלת מנחה – וואס עפ"ז דארף מען האבן א ביאור ווי אזוי שטימט דאס דערמיט וואס ער איז מבאר אין דער הערה אז דאס איז כנגד די "ג׳ תפלות שאבות הג"ת תקנום"?

וכמדובר כמ"פ אז דער טאטע האט ניט מאריך געווען אין דברים פשוטים – וכפי שיתבאר לקמן וואס מ׳קען זאגן אין דעם.

כא. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

* * *

כב. דער * ביאור אין פרש"י:

אין פ׳ בהעלותך טייטשט אפ רש"י בפשטות "כששניהם יושבין בבית המדרש באו ושאלום" (און זאגט ניט "סרס את המקרא ודרשהו") – וויבאלד אז אין פסוק שטייט "ויקרבו לפני משה ולפני אהרן" ותו לא, לייגט זיך בפשטות זאגן אז וואו האט מען געטראפן משה ואהרן צוזאמען – איז דאס געווען "בבית המדרש" (ווארום אזוי איז דאך משה געווען אין זיין אוהל, און אהרן אין זיין אוהל; און וואו האט מען זיי געקענט טרעפןביידן צוזאמען – איז דאס אין "בית המדרש").

משא"כ בפרשתנו וואס ס׳שטייט "ותעמודנה לפני משה ולפני אלעזר הכהן ולפני הנשיאים וכל העדה פתח אוהל מועד" – איז בשלמא בנוגע צו משה ואלעזר און די נשיאים, קען מען זאגן אז זיי זיינען געווען אין "בית המדרש", ווי קען אבער

- זיין -

*) מכאן ועד סו"ס כו – הוגה ע"י כ"ק אדמו"ר שליט"א.

83) בשלח טז, ח.

זיין אז "כל העדה" זאל זיין אין "בית המדרש" (מ׳געפינט ניט אזא גרויסער "בית המדרש" וואו "כל העדה" קען ארייג-גיין) - ובפרט אז אין פסוק שטייט "פתח אוהל מועד", און ניט אין "בית המדרש" - און דערפאר קען דא רש"י ניט זאגן בפשטות אזוי ווי אין פ׳ בהעלותך אז דאס איז געווען אין "בית המדרש".

און דערפאר זאגט רש"י אין דעם ערשטן פירוש "סרס את המקרא ודרשהו" - אז דאס איז פונקט ווי ס׳שטייט פריער "לפני אלעזר" און דערנאך "לפני משה".

ומובן בפשטות אז כוונת הפסוק איז - ניט אז בנות צלפחד זיינען געקומען פרעגן א דין אויך (די נשיאים און) כל העדה - פס"ד געהערט ניט צו כל העדה (ובנדו"ד ביותר - ווי קומט ראס אז "חכמניות"[84] זאלן גיין פרעגן א שאלה ביי "חוטב עציך גו׳"?!), נאר זיי זיינען געקומען פרעגן ביי משה און אלעזר (און "סרס את המקרא ודרשהו" - פריער "לפני אלעזר" און דערנאך "לפני משה"), און אפשר אויך בא די נשיאים; און (די נשיאים און) "כל העדה" זיינען געווען דערביי, כדי צו מפרסם זיין דעם ענין, וויבאלד אז ס׳איז נוגע לכולם,

וואס מקום אסיפת כל העדה איז אל פתח אוה"מ[85], אדער - אז כל העדה האט זיך דערוואוסט פון בנות צלפחד וואס זיי גייען פרעגן האבן זיי זיך אלע צוזאמען געקליבן הערן דעם פס"ד וויבאלד ס׳איז נוגע לכולם (משא"כ בבהעלותך) *.

כג. וויבאלד אבער אז מ׳דארף זאגן "סרס את המקרא ודרשהו", וואס דאס איז ניט פשוטו של מקרא - דערפאר ברענגט רש"י א צווייטן פירוש: "בבית המדרש היו יושבים ועמדו לפני כולם", וואס לויט דעם פירוש דארף מען ניט זאגן "סרס את המקרא ודרשהו".

- דער -

------------

*) דהרי אסיפת כל העדה אל פתח אוה"מ הו"ע יוצא מן הרגיל לגמרי, כי ישנו מחנה ישראל, ובמרחק רב מזה - דלוים, ובמרחק רב מזה - דשכינה, וצריך לקבצם משטח והילוך של ג׳ פרס[86],

ומשה, ענינו ומקומו - לימוד התורה (ביהמ"ד) ומשפט (ב"ד), ואלעזר ענינו ומקומו - לימוד התורה (ביהמ"ד) או בעבודתו שהיא בתוך אוה"מ,

וצ"ל סיבה מיוחדה שיתקבצו (כולם) יחד.

------------

84) פרש"י פרשתנו שם, ד. 85) בהעלותך י, ג.
86) ברכות נר, ב.

דער פירוש איז אבער נאך ווייטער פון פשש"מ ווי דער ערשטער פירוש - ווארום: נוסף לזה וואס כ'דארף פאנאנדער-טיילן דעם פסוק און זאגן אז "לפני משה ולפני אלעזר הכהן (ולפני הנשיאים)" מיינט אז מ'איז געקומען פרעגן ביי זיי, און "(ולפני הנשיאים) וכל העדה" מיינט אז זיי זיינען דארטן געווען כדי לפרסם הדבר (וואס דאס איז אויך לויטן ערשטן פירוש), קומט צו נאך א שוועריקייט:

"לפני משה ולפני אלעזר הכהן (ולפני הנשיאים)" איז געווען אין "בית המדרש" וואס דער "בית המדרש" איז געווען בסמיכות צו "אוהל מועד", וואס "אוהל מועד" איז געווען דער ארט וואס פון דארטן האט משה רבינו געהערט פון דעם אויבערשטן אלע ציוויים והלכות, ועוד ועיקר: ביהמ"ד דמשה הי' אצל אוה"מ[87], וואס אהינצו זיינען זיי געקומען פרעגן זייער שאלה; און "(לפני הנשיאים ו)כל העדה" איז געווען "פתח אוהל מועד" און אויף לפרסם, וואס דאס איז א דוחק גדול.

און דערפאר זאגט רש"י אין דעם ערשטן פירוש "סרס את המקרא ודרשהו", אע"פ אז דאס איז אויך ניט פשש"מ - ווארום לויט דעם פירוש איז דאס אלץ געווען אין איין ארט, "פתח אוהל מועד", און צוליב איין כוונה פרעגן (און כל העדה - מיינט מען (בעיקר) די אלע שרים בא וועלכע מ'דארף אנהייבן פרעגן א דין - 78600[88]);

משא"כ לויטן צווייטן פירוש, אז "לפני משה ולפני אלעזר" איז געווען אין "בית המדרש", און "לפני הנשיאים וכל העדה" איז געווען "פתח אוהל מועד" - וואס דאס איז נאך ווייטער פון פשש"מ דערפון וואס מ'זאגט "סרס את המקרא ודרשהו".

כד. דער ביאור פארוואס שטעלט זיך ניט רש"י אין פ' שלח אויף דעם וואס ס'שטייט "ויקריבו אותו גו' אל משה ואל אהרן ואל כל העדה":

דארטן שטייט ניט אז מ'איז געקומען פרעגן א דין - וואס דעמולט ווערט די קשיא: ווי קומט דאס אז מ'פרעגט פריער ביי משה, און דערנאך ביי אהרן - דארטן שטייט נאר "ויקריבו אותו המוצאים אותו מקושש עצים גו'", אז מ'האט אים געבראכט און דערציילט אז ער איז געווען "מקושש עצים", און אפגעגעבן עם ברשות הציבור - און דער ציבור דארף טאן אין דעם ווי בשאר צרכי ציבור.

און מ'מוז זאגן אז דארטן איז מען ניט געקומען פרעגן

- א דין -

------------

87) פרש"י ר"פ משפטים. 88) פרש"י יתרו יח, כא.

א דין - ווארום דארטן שטייט אויך "ואל כל העדה", איז דאך זיכער אז מ'איז ניט געקומען פרעגן א דין ביי "כל העדה".

און דאס וואס דער "ויקריבו אותו" גופא איז געווען ניט נאר "אל משה" נאר אויך "אל אהרן ואל כל העדה" - איז דער ביאור בזה:

מ'האט שוין געלערנט אין פ' יתרו אז יתרו האט געזאגט צו משה רבינו, אז ס'איז ניט קיין סדר אז ער זאל זיך אליין פארנעמען מיט אלע ענינים, ווארום "נבול תבול גם אתה וגו'"[89], און דערפאר האט משה רבינו ממנה געווען "שרי אלפים שרי מאות שרי חמשים ושרי עשרות"[90].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'איז ניט לפי כבודו של משה אז מ'זאל אים ברענגען "אל משה" אליין; ולאידך, ברענגען אים פאר אנדערע און אויסמיידן משה'ן, איז אויך ניט לפי כבודו של משה - דערפאר האט מען אים געבראכט "אל משה ואל אהרן ואל כל העדה".

כה. דאס וואס רש"י שטעלט זיך ניט אויף דעם וואס ס'שטייט אין פ' מטות[91] "ויבואו בני גד ובני ראובן ויאמרו אל משה ואל אלעזר הכהן ואל נשיאי העדה", ועד"ז שטעלט ער זיך ניט אויף דעם וואס ס'שטייט אין פ' מסעי[92] "ויקרבו ראשי האבות גו' וידברו לפני משה ולפני הנשיאים" - איז דער ביאור בזה:

א) עס איז שוין ערקלערט ב(פרש"י - ערשט ב)פינחס.

ב) אין די צוויי ערטער איז דאס ניט קיין שאלה אין הלכה לחוד, נאר - אין דעם ערשטן ענין, איז דאס אויך נוגע צום צבא פון די אנדערע שבטים וואס וועלן דארפן כובש זיין א"י אן זיי.

אויך - זיי האבן דאך געבעטן אז מען זאל געבן נאר זיי גאנץ עבר הירדן, האטש דאס איז געווען שלל מלחמה אשר הכה ה' לפני ערת ישראל[93] פון אלע שבטים.

ו(גם ע"פ ההלכה) צ"ע ובירור איך ולמה נתנו להם חנם בלי שומא חלק שאר השבטים. ובפרט ע"פ פרש"י לך יד, כד.

ואולי תירצו זה בעצמם באמרם "כי לא ננחל אתם גו' באה נחלתנו גו'"[94] - הילוף.

ועפ"ז תומתק כוונת הפסוק דלכאורה מאי קמ"ל. וראה אוה"ח ועוד.

- און -

------------

89) יח, יח. 90) שם, כה. 91) לב, ב. 92) לו, א.
93) מטוה שם, ד. 94) שם, יט.

און אין דעם צווייטן פסוק איז דאס אן ענין וואס איז נוגע אויך צו די נשיאים, וויבאלד אז ס׳רעדט זיך וועגן העברת נחלה פון איין שבט צום צווייטן, ובמילא איז פארשטאנ-דיק פארוואס מ׳איז געקומען צו משה, אלעזר הכהן און די נשיאים.

ועפ"ז וועלן פארענטפערט נאך כמה דיוקים.

מ׳דארף נאך אבער פארשטיין פארוואס ברענגט רש"י די נעמען פון בעל המאמר, אז דעם ערשטן פירוש האט געזאגט ר׳ יאשי׳, און דעם צווייטן פירוש האט געזאגט אבא חנן משום ר"א.

כו. דער ביאור אין דעם:

דער בן חמש למקרא פרעגט א שאלה: וויבאלד אז סיי אין דעם ערשטן פירוש איז דא א שווערקייט (וואס מ׳דארף זאגן "סרס את המקרא ודרשהו"), און סיי אין דעם צווייטן פירוש איז דא א שוועריקייט (אז "לפני משה ולפני אלעזר (ולפני הנשיאים)" איז געווען אין "בית המדרש", און "(לפני הנשיאים) וכל העדה" איז געווען "פתח אוהל מועד") - איז פארוואס האט איינער אויסגעקליבן דעם פירוש דוקא, און דער צווייטער - דעם צווייטן פירוש דוקא?

אויף דערויף זאגט רש"י אז דעם ערשטן פירוש זאגט ר׳ יאשי׳, און דעם צווייטן פירוש זאגט אבא חנן משום ר"א:

מ׳געפינט בכ"מ אז די שיטה פון ר׳ יאשי׳ בכל כיו"ב איז, אז מ׳זאגט "סרס את המקרא ודרשהו", ד.ה. אז דאס וואס אין פסוק שטייט דאס אין דעם סדר איז ניט בהכרח, נאר מ׳קען זאגן "סרס את המקרא ודרשהו", ע"ד ווי מ׳זאגט אז "אין מוקדם ומאוחר בהורה"[95] - ווי מ׳געפינט דאס אין ספרי סיי אין פ׳ בהעלותך, סיי אין פ׳ שלח, און סיי בפרשתנו, ועד"ז געפינט מען אין מדרש תהלים[96] אויפן פסוק[97] "צדקתך כהררי א-ל משפטיך תהום רבה", אז "ר׳ יאשי׳ הגדול אומר כו׳ סרס הכתוב";

משא"כ די שיטה פון אבא חנן משום ר"א איז - אז מ׳זאגט ניט "סרס את המקרא ודרשהו", ווי מ׳געפינט דאס אין די מקומות הנ"ל - ובמילא, איז פארשטאנדיק אז שיטתו איז אויב מ׳קען נאר אויסמיידען דאס, זאגט מען ניט "סרס את המקרא ודרשהו", און בעסער פאנאנדערטיילן דעם פסוק און זאגן אז "לפני משה ולפני אלעזר" איז געווען אין "בית המדרש", און "(לפני הנשיאים) וכל העדה" איז געווען "פתח אוהל מועד".

- כז. -

------------

95) פסחים ו, ב. פרש"י בהעלותך ט, א. ועוד.
96) הוצאת באבער מזמור לו (ה). 97) תהלים לו, ז.

כז. דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר:

אין זהר איז מבואר אז דאס וואס מ'זאגט תהלה לדוד ביי שחרית און ביי מנחה, איז פארבונדן מיט דעם ענין פון פרנסה און מזונות וואס מ'דארף האבן ביום ובלילה, און דערפאר זאגט מען תהלה לדוד בשחרית לאחרי התפלה, וויבאלד אז "פרנסה לא חזי למשאל אלא צלותא ופרנסה דמארי', מלכא ייכול בקדמיתא ולבתר ייכלון עבדוי", און ער ברענגט אויף דערויף דעם פסוק[98] "אכלתי יערי עם דבשי", וואס דאס גייט אויף דעם ענין פון ק"ש און תפלה, און ערשט דערנאך קומט דער ענין פון "אכלו דודים", און דערפאר זאגט מען תהלה לדוד לאחרי התפלה.

וואס עפ"ז איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: פארוואס ביי תפלת מנחה זאגט מען תהלה לדוד קודם התפלה, לכאו' דארף דאך פריער זיין דער ענין פון מזון המלך, ווארום דער ענין פון "קרבני לחמי לאשי"[99] דארף זיין סיי בבוקר און סיי בין הערבים?

איז ער מבאר בזה, אז לאחרי תפלת מנחה איז "דינא שריא ותלי על עלמא", איז דעמולט ניט קיין צייט אויף בעטן מזונות, און דערפאר דארף מען זאגן תהלה לדוד קודם תפלת מנחה, "בעוד דאנפין דמלכא נהירין".

עס ווערט אבער די שאלה: מיט וואס פאר א כח קען מען זאגן תהלה לדוד קודם תפלת מנחה?

איז דער ביאור בזה, אז ס'בלייבט דער רושם פון תפלת שחרית, ובכח זה קען מען זאגן תהלה לדוד קודם תפלת מנחה. אדער אז דער כח אויף דערויף איז דערפון גופא וואס ער ווייסט אז דערנאך וועט ער מתפלל זיין תפלת מנחה.

משא"כ בנוגע צו תפלת ערבית, וואס תפלת ערבית איז רשות - ווי ער צייכנט אן[100] צו דעם זהר אין פ' חיי[101] וואס דארטן איז ער מבאר דעם טעם אויף דעם וואס תפלת ערביה איז רשות, "דכיון דאתיהיבת בין תרין דרועי" (ווי ער ברענגט[102] אויף דעם ענין פון "ימינא ושמאלא ובינייהו כלה"), וואס דאס איז תפלת שחרית און מנחה, "אזי היחוד שהוא ההמשכה מקו האמצעי, יומשך ממילא . . לכן תפלת ערבית רשות ועד"ז א"צ לומר אשרי ותהלה לדוד בתפלת ערבית . . שזה ודאי יומשך מאליו".

כח. ע"פ האמור לעיל איז פארשטאנדיק, אז עיקר ענין היחוד

- ווערט -

---

98) שה"ש ה, א. 99) פינחס כח, ב. 100) ביהל אור שם ס"ע חדעג. 101) קלג, א. 102) יהל אור ע' תקמא.

ווערט אויפגעטאן אין תפלת ערבית, און דער ענין פון תפלת ערבית און מנחה (ימינא ושמאלא) איז מערניט ווי א הכנה דערצו [וואס דערפאר ווערט יעקב (וואס ענינו איז תפלת ערבית) אנגערופן דער "בחיר שבאבות"[103], און דערפאר זאגט מען "ליעקב אשר פדה את אברהם"[104], און יעקב איז ענינו קו האמצעי וכו'[105]]. ועפ"ז ווערט די שאלה: וואו זעט מען די פירות וואס ווערן אויפגעטאן אין תפלת ערבית?

איז דער ביאור בזה: דאס וואס מ'האט דעם ענין פון מזונות ביום, איז דאס א המשך און איינער פון די פעולות און א מסובב פון דעם יחוד וואס טוט זיך אויף אין תפלת ערבית, וואס פון דעם יחוד ווערט דערנאך א הולדה, וואס דאס איז פארבונדן מיט כח הא"ס וכו' מיט אלע פרטים שבזה[106], און דערנאך פועל'ט דאס (ניט נאר בלילה, נאר) אויך ביום, ובעיקר - ביום.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו תהלה לדוד וואס מ'זאגט אין תפלת שחרית קודם התפלה, וואס דאס איז (ניט דער ענין פון בקשת מזונות, נאר) דער ענין פון תהלות ותשבחות להקב"ה (כנ"ל ס"כ) - וואס לכאו', וויבאלד אז מ'האלט אין התחלת התפלה, אין פסוד"ז, איז ווי האט ער דעם כח מהלל זיין און משבח זיין דעם אויבערשטן (ביז צו אויפטאן דעם ענין פון "פרנסה דמארי'")?

איז דער ביאור בזה, אז דעם כח אויף דערויף נעמט מען פון דעם יחוד וואס ווערט אויפגעטאן אין תפלת ערבית.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס מ'זאגט תהלה לדוד בתפלת שחרית אין פסוד"ז, אלס תהלות ותשבחות צום אויבערשטן (ווארום דער ענין פון בקשת הפרנסה איז ערשט לאחרי התפלה), איז פארבונדן מיט תפלת ערבית, ווארום פון תפלת ערבית (דער יחוד וואס ווערט דעמולט אויפגעטאן) נעמט מען דעם כח אויף דעם ענין פון תהלה לדוד פון פסוד"ז, מהלל זיין און משבח זיין דעם אויבערשטן.

כט. עפ"ז קען מען מתווך זיין (עכ"פ בדא"פ) צווישן די צוויי דעות:

וואס אין חסידות איז מבואר בארוכה אז דאס וואס "כל האומר תהלה לדוד ג"פ בכל יום מובטח לו שהוא בן עוה"ב" איז כנגד די ג' תפלות;

- און -

------------

103) שה"פ להאדיז"ל עה"פ תולדות כז, כה. וראה ב"ר פע"ו, א. ועוד. 104) ישעי' כט, כב. 105) ראה לקו"ת ואתחנן ה, ב. ועוד. 106) ראה לקו"ת שה"ש מ, רע"א. ועוד.

און ע"פ נגלה קומט אויס אז דאס איז נאר לויט דער דעה אז תפלת ערבית איז חובה, משא"כ לויט דער הלכה אז תפלת ערבית איז רשות, זאגט מען ניט תהלה לדוד ביי תפלת ערבית,

[ביז אז דער אלטער רבי פסק'נט אפ אין שו"ע [107] אז "כשמתפלל מנחה שתים או ערבית שהיס", אלס תשלומין, איז "הזוהר הזהיר שלא לומר מזמור תהלה לדוד אחר מנחה או אחר ערבית" - וואס דערפון זעט מען אז ביי תפלת ערבית (און אפי' אחר תפלת מנחה) איז ניטא דער ענין פון אמירת תהלה לדוד] -

איז ע"פ האמור לעיל קען מען מתווך זיין צווישן די צוויי דעות: דאס וואס מ'זאגט תהלה לדוד אין תפלת שחרית אלס תהלות ותשבחות צום אויבערשטן, איז דאס פארבונדן מיט תפלת ערבית, וויבאלד אז דעם כח אויף דערויף נעמט מען פון דעם יחוד וואס ווערט אויפגעטאן אין תפלת ערבית.

וואס בפשטות ע"פ נגלה קען מען אזוי ניט ענטפערן, ווארום וויבאלד אז מ'האט מתקן געווען זאגן תהלה לדוד ג"פ כנגד די ג' תפלות, דארף מען דאס זאגן בכל תפלה - אבער אעפ"כ, אין פנימיות העניינים קען מען זאגן (עכ"פ בדא"פ און אלס תירוץ) אז אמירת תהלה לדוד שבפסוד"ז איז פארבונדן מיט תפלת ערבית, וויבאלד דאס קומט אלס תוצאה פון דעם יחוד וואס האט זיך אויפגעטאן אין תפלת ערבית.

וואס בלאה"כ דארף מען דאך אויך זאגן אז ס'זיינען דא כמה תוצאות וואס קומען ארויס פון תפלת ערבית (כנ"ל סכ"ז), ביז וואנעט אז דער עיקר היחוד ווערט אויפגעטאן אין תפלת ערבית.

ל. דער ביאור אין דער משנה אין פרקי אבות:

די גירסא וואס דער אלטער רבי האט קובע געווען איז - אז בתחלת הפרק שטייט "על שלשה דברים העולם <u>עומד</u>", און בסיום הפרק - "על שלשה דברים העולם <u>קיים</u>".

וואס דער חילוק צווישן די צוויי ענינים, "העולם עומד" און "העולם קיים" - איז: בשעת מ'זאגט "העולם <u>עומד</u>", קען דאס זיין אין אן אופן ווי ס'שטייט בנוגע צו ר"ע ותלמידיו אז דעמולט איז געווען "העולם <u>שמם</u>" [108]; און דערנאך איז דא דער אופן אז עמידת העולם איז אין אן אופן אז "העולם <u>קיים</u>" (ניט "שמם").

וואס כדי אז ס'זאל זיין "העולם <u>עומד</u>", אפי' אויב דאס איז אין אן אופן פון "העולם שמם", מוז מען האבן די "שלשה

- <u>עמודים</u>" -

------------

107) או"ח סק"ח ס"ה. 108) יבמות סב, ב. ועוד.

עמודים" אויף וועלכע "העולם עומד", וואס די "שלשה עמודים" זיינען "תורה עבודה וגמילות חסדים".

וואס אין דער משנה שטייט ניט אז יעדערער מוז האבן די "שלשה עמודים" פון "תורה עבודה וגמילות חסדים" - עס שטייט נאר אז כדי ס'זאל זיין "העולם עומד", דארפן זיין אין וועלט די "שלשה עמודים"[109];

אויב דאס טוט זיך אויף דורך כל ישראל, איז זיכער גוט, און אויב עס טוט זיך אויף דורך רוב ישראל, איז דאס אויך גענוג אז ס'זאל זיין "העולם עומד",

און אפי' אויב דאס איז מחצה על מחצה - זאגט דאך דער רמב"ם[110] אז בשעת איין איד איז מוסיף א מעשה אחד וכו', איז "הכריע את עצמו ואת כל העולם כולו לכף זכות וכו'",

ביז ווי ס'שטייט אין תקו"ז[111], אז דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ אין בונה ירושלים[112], אז ס'קען זיין א מציאות פון א צדיק אחד, "צדיק יסוד עולם"[113], וואס טוט אויך זאך כרבעי, און דעמולט קומט משיח צדקנו, כידוע דער ביאור בזה, וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

דערנאך איז די משנה מוסיף אין סיום הפרק נאך אן ענין: "על שלשה דברים העולם קיים":

כדי אז די וועלט זאל האבן א קיום, די זאל ניט זיין אין אן אופן פון "העולם שמם", ווארום "לא לתוהו בראה לשבת יצרה"[114] - איז דער טייל פון עולם וואס וויל האבן א קיום, דארף ער זיך פירן לויט די "שלשה דברים", "על הדין, ועל האמת, ועל השלום".

לא. דער ביאור אויף דעם וואס די משנה ברענגט ניט התחלת הפסוק "דברו אמת איש את רעהו":

וויבאלד אז די משנה רעדט וועגן "העולם קיים", עס רעדט זיך וועגן אן ענין פון "עולם" (אפי' ניט די גאנצע וועלט, אבער עכ"פ א טייל פון דעם "עולם", וואס קען אויך אנגערופן ווערן בשם "עולם") - האט דא קיין שייכות ניט דאס וואס ס'שטייט אין התחלת הפסוק "דברו אמת איש את רעהו", ווארום דאס איז (ניט קיין ענין וואס איז פארבונדן מיטן "עולם", דאס איז) פארבונדן מיט צוויי מענטשן, וואס צוויי מענטשן קענען ניט אנגערופן ווערן בשם "עולם".

- איין -

---

109) ראה תויו"ט כאן. 110) הל' תשובה פ"ג ה"ד.
111) ראה זוהר חדש ס"פ נח. 112) סי' פד.
113) משלי י, כה. 114) ישעי' מה, יח.



הנחת הת' בלתי מוגה

- איין מענטש קען אנגערופן ווערן בשם "עולם", אבער "עולם קטן"[115]; צוויי מענטשן ווערן אנגערופן "רבים", ווארום מיעוט רבים שנים, אבער ניט "עולם".

און וויבאלד אז דער ענין פון "דברו אמת איש את רעהו" איז נוגע צום יחס פון "איש את רעהו", אז מ'זאל זיין אין אן אופן וואס זאל ממשיך זיין ברכת ה' (וואס דערפאר דארף זיין "דברו אמת גו'"), און ס'איז ניט נוגע צום "עולם", דערפאר ברענגט מען דאס ניט צוזאמען מיט די דברים שעליהם "העולם קיים".

און אויף דערויף ברענגט די משנה דעם המשך הפסוק "אמת ומשפט שלום שפטו בשעריכם": וויבאלד אז דא רעדט זיך וועגן "שעריכם", באווייזט דאס אז מ'האט צוטאן מיט א גאנצע קבוצה פון מענטשן, א גאנצע שטאט וכיו"ב [ווי מ'געפינט כמה פסוקים אין תורה וואו עס ווערט דערמאנט דער ענין פון "שערים", "שופטים ושוטרים תתן לך בכל שעריך"[116], "והוצאתם את שניהם אל שער העיר"[117] וכיו"ב - וואס דאס איז פארבונדן מיט א ישוב פון א גאנצע שטאט], וואס קען אנגערופן ווערן בשם "עולם".

און אויף דערויף זאגט די משנה, אז כדי ס'זאל זיין דער ענין פון "העולם קיים", אז די גאנצע וועלט, אדער עכ"פ א קבוצה און א טייל פון וועלט, זאל זיין אין אן אופן פון "העולם קיים", מוזן זיי זיך פירן מיט א סדר מסודר,

[ווארום אויב ניט, וועט דאך זיין דער ענין פון "איש את רעהו חיים בלעו"[118], וואס דאס איז פונקט דער היפך פון "העולם קיים"; ער בלייבט א מציאות, ס'איז דא דער "איש" און ס'איז דא "רעהו", און ס'איז אין אן אופן פון "חיים" - אבער "בלעו", ער שלינגט אים איין אין זיין מציאות[119], במילא ווערט דאס אן "עולם שמם", ס'איז דא מערניט ווי איין מציאות] -

במילא דארף זיין דער ענין פון "אמת ומשפט שלום שפטו בשעריכם", וואס דוקא דעמולט קען זיין דער ענין פון "העולם קיים".

לב. דער ביאור פארוואס איז דער סדר אין משנה "על הדין, ועל האמת, ועל השלום", און ניט ווי ס'שטייט אין פסוק "אמת ומשפט שלום שפטו בשעריכם":

- בשעת -

---

115) ראה תקו"ז תס"ט (קיז, ב). אדר"נ ספל"א. 116) ר"פ שופטים. 117) תצא כב, כד. 118) אבות פ"ג מ"ב. 119) ראה שיחת ש"פ שלח תשל"ה - נדפסה בלקו"ש (בלתי מוגה).

בשעת דער נביא זאגט (אין פסוק) "אמת ומשפט שלום שפטו בשעריכם", איז פארשטאנדיק ווי אזוי ער ווייסט וואס איז דער "אמת", ווארום דער נביא זאגט דאס וואס דער אויבערשטער זאגט אים, ובמילא איז דאס "אמת";

וועך מ'קומט אבער צו "מילי דחסידותא"[120] פון פרקי אבות, און די משנה פארלאנגט פון א מענטשן (א בו"ד) ער זאל זיך פירן אין אן אופן פון "אמת ומשפט שלום שפטו בשעריכם" - פרעגט ער א שאלה: ווי אזוי וועט ער וויסן וואס איז דער "אמת"?

און דערפאר זאגט די משנה (מיט אן אנדער סדר ווי עס שטייט אין פסוק) "על הדין, ועל האמת, ועל השלום":

די ערשטע זאך דארף ביי אים זיין דער "דין" פון תורה, וואס דורך דעם וועט ער וויסן וואס איז דער "אמת" - און דערפאר איז דער סדר אין משנה "על הדין, ועל האמת", ווארום דורך דעם "דין" פון תורה ווייסט ער דעם "אמת",

און דעמולט ברענגט דאס אויך דעם ענין פון "ועל השלום" - אז סיי דער "דין" און סיי דער "אמת" זאלן זיין אין אן אופן של "שלום". און דורך די אלע דריי ענינים איז "העולם קיים".

לג. מ'דארף נאך אבער פארשטיין: וויבאלד אז ס'רעדט זיך וועגן "העולם קיים", איז דאס לכאו', ניט קיין ענין פון "מילי דחסידותא", לפנים משורת הדין?

איז דער ביאור אין דעם:

מ'קען ניט זאגן אז ע"פ שו"ע איז יעדערער מחוייב טאן אין דעם ענין פון "דין", און אויסגעפינען וואס איז "משפט שלום" און וואס איז ניט "משפט שלום" - ווארום ניט יעדערער איז מסוגל זיין א פוסק, און ניט יעדערער איז מחוייב זיין א פוסק;

אבער מצד דעם ענין פון "מילי דחסידותא", זאגט מען אז וויבאלד ס'דארף זיין "הוכח תוכיח את עמיתך"[121], און ס'דארף זיין "ואהבת לרעך כמוך"[122], און ס'דארף זיין "צדק צדק תרדוף"[123], איז אע"פ אז ער לעבט אין א סביבה וואו ס'איז דא א דיין און א רב און א מורה הוראה, מדריכים און משפיעים מיט אלע גוטע זאכן - מאנט מען פון אים ער זאל זיין (ניט נאר א מקבל, נאר) אויך א משפיע.

- וואס -

---

120) ראה ב"ק ל, א. 121) קדושים יט, יז. 122) שם, יח. 123) שופטים שם, כ.

וואס אפי׳ אויב ער איז א תלמיד קטן היושב לפני רבו - דארף ער אויך זוכן א געלעגנהייט ער זאל אויך קענען זיין א משפיע, ניט נאר דורך דעם ענין פון צדקה בגשמיות, וואס דאס איז דאך א דין אין שו"ע, נאר אויך דורך צדקה ברוחניות - הפצת התורה והיהדות.

און דער סדר בזה איז - אז פריער דארף זיין דער ענין פון "דין", ער דארף זאגן ווי דער ענין איז ע"פ תורה, און דערנאך קומט אויך דער ענין פון "על האמת, ועל השלום", אז ס׳ווערט "אמת ומשפט שלום שפטו בשעריכם", וואס דעמולט ווערט דאס ניט סתם "שערים", נאר "שעריכם", דאס׳ זיינען זיינע שערים, ער ווערט א בעה"ב אויף דעם.

לד. האמור לעיל קומט בהמשך להמדובר כמ"פ אז מ׳זאל מוסיף זיין אין הפצת התורה והיהדות, ובפרט איצטער - אין צוזאמענהאנג מיט די ג׳ שבועות.

וואס לכאו׳, קען ער טענה׳ן, אז ער איז א תלמיד היושב לפני רבו, איז וואס מאנט מען פון אים ער זאל זיך עוסק זיין אין "העולם קיים" - איס איז גענוג ער זאל זיך עוסק זיין אין "העולם עומד", דורך דעם וואס ער וועט טאן אין "תורה, עבודה וגמילות חסדים",

ער האט זיינע שיעורים אין תורה, ער דאווענט ג"פ בכל יום מיט כוונה און מיט אלע עניני התפלה, און ער האט אויך דעם ענין פון גמילות חסדים, דורך דעם וואס ער גיט צדקה קודם התפלה, בא "ויברך דוד" (כידוע די מנהגים שבזה[124]) -

זאגט מען איס אז דאס איז נאך ניט מספיק, ס׳דארף זיין די הנהגה אין אן אופן פון לפנים משורת הדין, "מילי דחסידותא", וואס מצד דער הנהגה פון "מילי דחסידותא" קען יעדערער זיין א משפיע, און טאן אין "העולם קיים", ווארום וויבאלד אז רבותינו נשיאינו האבן דאס געמאנט, איז א הוכחה אז מ׳קען דאס מאנען, און אז יעדערער האט בכח צו דורכפירן דעם ענין.

וואס דורך דעם ענין פון "אמת ומשפט שלום שפטו בשעריכם", איז מען מקרב דעם ענין פון "ואשיבה שופטיך כבראשונה"[125], וואס דאס גייט אויף די סנהדרין, וואס "בסבריא עתידין לתזור תחלה ומשם נעתקין למקדש"[126], אין ביהמ"ק השלישי,

בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

- לה. -

---

124) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סו"ס צב. אדה"ז סנ"א סי"א.
125) ישעי׳ א, כו. 126) רמב"ם הל׳ סנהדרין פי"ד הי"ב.

לה. כאן המקום פארענטפערן (עכ"פ בקיצור) דאס וואס מ'האט געפרעגט בנוגע צו דעם וואס ס'האט זיך גערעדט[127] וועגן דעם ענין פון "ערי מקלט":

בנוגע צו דעם ענין פון "ערי מקלט", שטייט דאך אז ווען ס'וועט זיין "ירחיב ה' אלקיך את גבולך גו' ויספת לך עוד שלש ערים"[128].

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז ס'רעדט זיך וועגן דעם זמן פון ביאת משיח צדקנו,

נאך דערויף וואס "ילחם מלחמות ה'"[129], נאך דעם נצחון וואס ער וועט האבן אין אלע מלחמות, און נאך דערויף וואס ס'וועט זיין "ובנה מקדש במקומו" - וואס דעמולט וועט זיין דער ענין פון "ונתתי שלום בארץ"[130], און "לא ישא גוי אל גוי חרב"[131], ווארום ס'וועט זיין "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ"[132] -

איז צוליב וואס וועט מען דעמולט דארפן האבן די "ערי מקלט", אפי' די שש ערי מקלט וואס זיינען געווען לפנ"ז, ועאכו"כ - מוסיף זיין נאך "שלש ערים"?

און מ'האט מבאר געווען, אז וויבאלד אז לשיטת הרמב"ם[133] וועט לע"ל זיין "עולם כמנהגו נוהג" - איז פארשטאנדיק, אז דעמולט וועט נאך קענען זיין די מציאות פון א הורג נפש בשגגה, און דערפאר דארף מען האבן די "ערי מקלט".

ועפ"ז האט מען מבאר געווען דאס וואס דער רמב"ם[134] זאגט "אף בערי מקלט הוא אומר אם ירחיב ה' אלקיך את גבולך . . ומעולם לא הי' דבר זה כו'" אלס הלכה בפ"ע, אע"פ אז דאס קומט בהמשך להאמור אין הלכה א' אז דער ענין פון ביאת משיח איז פון די "דברים המפורשים בתורה" (האט ער דאס לכאו' געדארפט ארייננשטעלן אין דער זעלבער הלכה) -

איז דער ביאור בזה - אז דאס האט א שייכות ניט נאר צו הלכה א', נאר דאס איז אויך א הקדמה צו הלכה ג':

אין הלכה ג' זאגט דער רמב"ם: "אל יעלה על דעתך שהמלך המשיח צריך לעשות אותות ומופתים ומחדש דברים בעולם וכו'" - וואס אויף דערויף איז דא א ראי' פון דעם ענין פון "ערי מקלט" וואס וועלן זיין לע"ל:

אויב מ'וועט זאגן אז משיח דארף באווייזן אותות - ומופתים -

---

127) מוצאי ש"פ בלק סי"ט ואילך. 128) שופטים יט, ח-ט.
129) רמב"ם הל' מלכים ספי"א. 130) בחוקותי כו, ו.
131) ישעי' ב, ד. 132) זכרי' יג, ב. 133) שם רפי"ב.
134) שם פי"א ה"ב.

ומופתים, איז ראך דער טייטש אז דער אויפטו פון משיח איז, אז מ'וועט ניט זיין "עולם כמנהגו נוהג", עס וועט זיך בייטן דער טבע העולם,

[וואָרום מ'רעדט דאך ניט וועגן אזוינע אותות ומופתים ע"ד ווי מ'האט געזעהן בזמן שביהמ"ק הי' קיים, ועד"ז אויך בזמן הגלות - די אותות ומופתים וואס זיינען פארבונדן מיט צדיקים (כמבואר אין שעהיוה"א[135], ביז צום אות ומופת וואס מ'האט געזעהן ביי נשיא דורנו כ"ק מו"ח אדמו"ר - וואס דארטן איז ניט דער טייטש אז מ'האט זיך געביטן טבע העולם,

נאר עס רעדט זיך וועגן אזוינע אותות ומופתים מיט וועלכע מ'דארף בוחן זיין משיח'ן (צי ער איז משיח אדער ניט) - וואס אויב מ'זאגט אז מ'דארף אויספרואוון משיח'ן מיט אותות ומופתים, איז דער טייטש אז דער אויפטו פון משיח איז, איז ס'וועט זיך בייטן דער טבע העולם],

איז דאך פארשטאנדיק, אז דעמולט וועט זיין "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ" (וואָרום ס'וועט זיך בייטן דער "עולם כמנהגו נוהג") - איז ניט פארשטאנדיק: ווי קומט לע"ל די גאנצע מציאות פון "ערי מקלט"?

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז פון דעם ענין פון "ערי מקלט" (וואס וועלן זיין לע"ל) איז א הוכחה אז דעמולט וועט זיין "עולם כמנהגו נוהג" - ובמילא איז דערפון אויך א הוכחה אז משיח דארף ניט באווייזן אותות ומופתים כדי אז מ'זאל וויסן אז ער איז משיח:

לויט שיטת הרמב"ם אז לע"ל איז "עולם כמנהגו נוהג", נאר אין דערויף גופא (אין טבע העולם) וועט זיין דער ענין פון "וגר זאב עם כבש"[136], ווי דער רמב"ם[137] זאגט "שיהיו ישראל יושבין לבטח עם רשעי עכו"ם כו'", ד.ה. אז אין "עולם כמנהגו נוהג" גופא, וועט דאס זיין בתכלית השלימות -

קען מען ניט זאגן אז די בחינה ווי מ'איז בודק משיח'ן איז - דורך דעם וואס ער וועט באווייזן אותות ומופתים, וואָרום דער ענין פון אותות ומופתים, שינוי טבע העולם, איז דער היפך פון משיח'ס אויפטו; משיח'ס אויפטו איז, אז "עולם כמנהגו נוהג" וועט זיין אין אן אופן טוב בתכלית השלימות;

איז ווי אזוי קען מען אויספרואוון משיח'ן - דורך דעם וואס מ'זעט אז זיין הנהגה איז אין אן אופן טוב בתכלית השלימות (וויבאלד אז דאס איז דער אויפטו פון משיח, און ניט דער ענין פון אותות ומופתים, שינוי טבע העולם) -

- און -

---

135) רפ"ה. 136) ישעי' יא, ו. 137) שם רפי"ב.

און דאס איז וואס דער רמב"ם[138] זאגט אז ווי אזוי ווייסט מען ווער איז משיח - ווען "יעמוד מלך מבית דוד הוגה בתורה ועוסק במצוות כדוד אביו כו', ויכוף כל ישראל לילך בה ולחזק בדקה, וילחם מלחמות ה' . . ונצח כל האומות שסביביו[139] ובנה מקדש במקומו וקבץ נדחי ישראל", וואס די נקודה אין די אלע ענינים איז - אז דאס זיינען ענינים און מנהגים טובים, ביז צו תכלית השלימות, און אין דערויף איז מען בוחן צי ער איז משיח - מתאים צום אויפטו פון משיח'ן אז ס'וועט זיין "עולם כמנהגו נוהג" נאר בתכלית השלימות.

נאכמער: אפי' אז משיח וועט באווייזן א נס, איז דאס ניט כדי אז מ'זאל גלויבן אז ער איז משיח -

נאר ע"ד ווי ס'איז געווען ביי משה רבינו, ווי דער רמב"ם זאגט אין הל' יסודי התורה[140] אז "משה רבינו לא האמינו בו ישראל מפני האותות שעשה . . ובמה האמינו בו במעמד הר סיני שעינינו ראו ולא זר ואזנינו שמעו ולא אחר . . ואנו שומעים משה משה לך אמור להן כך וכך"; און דאס וואס ער האט געמאכט אותות ומופתים, איז דאס געווען דערפאר וואס ס'איז געווען "לפי הצורך"; "צרכנו למזון הוריד לנו את המן", מ'האט געדארפט האבן דעם נס פון "נחש נחושת", ועד"ז בנוגע צו אלע אותות ומופתים וואס משה רבינו האט באוויזן,

איז עד"ז אויך בנוגע צו משיח צדקנו: ס'וועלן זיין נסים גלויים, ביז אין אן אופן פון "אראנו נפלאות"[141] - ס'איז אבער ניט דער אויספרואוו צי ער איז משיח; דער אויספרואוו אז ער איז משיח איז - אז דער טבע פון "עולם כמנהגו נוהג" וועט זיין בתכלית השלימות.

און בנוגע צו דער קשיא וואס דארף מען האבן לע"ל "עדי מקלט", עס וועט דאך זיין דער ענין פון "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ" - קען מען זאגן בפשטות, אז דער ענין פון "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ" וועט ערשט זיין אין דער צווייטער תקופה פון ביאת משיח צדקנו, ווי גערעדט כמ"פ[142] אז אין ימות המשיח וועלן זיין צוויי תקופות.

לה. א צווייטן ביאור קען מען זאגן אויף דעם וואס מ'וועט דארפן האבן "ערי מקלט" לע"ל - וואס דערפולט וועט ניט זיין קיין דאי' דערפון אז לע"ל איז "עולם כמנהגו נוהג":

- אזוי -

---

138) שם פי"א ה"ד. 139) כ"ה בדפוס רומי ר"מ, קושטא רסט. ועוד. 140) דפ"ח. 141) מיכה ז, טו. 142) ראה לקו"ש עשרה בטבת ש.ז. ובהנסמן שם בהע' 51.

אזוי ווי בזמן הגלות זיינען געווען אידן אויך אין ארץ קיני קנזי וקדמוני (ועד"ז אין שאר המקומות), און ס'איז דארטן געווען פאלן פון הורג נפש בשגגה - איז לע"ל, וועט דער הורג נפש בשגגה דארפן גיין אין די "ערי מקלט", ע"ד ווי די גמרא[143] דערציילט וועגן ר"י אז "כתב על פנקסו כו' לכשיבנה ביהמ"ק אביא חטאת שמנה" - און דערפאר וועט מען דארפן האבן לע"ל "ערי מקלט".

וואס אויף דערויף האט מען געפרעגט, אז לכאו', איז דער ענין פון "אביא חטאת שמנה" ניט בדומה צום חיוב פון ערי מקלט, ווארום ברענגען א קרבן חטאת איז א חיוב וואס ליגט אויפן יחיד, במילא איז פארשטאנדיק אז לע"ל וועט ער דארפן ברענגען חטאת שמנה; אבער דער ענין פון ערי מקלט איז דאך א חיוב אויף ב"ד צו אפשיידן די ערי מקלט[144], און ב"ד האט אויך די מצוה צו זעהן אז דער הורג נפש, סיי במזיד און סיי בשוגג, זאל אנטלויפן אין די ערי מקלט, ביז עס וועט זיין דער דין[145] - איז לכאו', ניט שייך צו זאגן ער זאל שרייבן על פנקסו אז לע"ל וועט ער גיין אין די ערי מקלט, ווארום דער חיוב ליגט ניט אויף אים (נאר אויף ב"ד)?

איז דער ביאור בזה:

מ'קען ניט זאגן אז די מצוה פון ערי מקלט איז נאר א מצוה אויף ב"ד זיי זאלן שיקן דעם מכה נפש בשגגה אין ערי מקלט, און אויף אים אליין איז ניטא קיין חיוב - ווארום ער דארף דאך האבן א כפרה, און די כפרה ווערט דורך דעם וואס ער איז גולה אין די ערי מקלט[146], איז א חיוב אויף אים ער זאל גיין אין די ערי מקלט כדי ער זאל האבן א כפרה.

נאכמער: ס'איז א דבר הפשוט אז ער איז מחוייב אין "ונשמרתם מאד לנפשותיכם"[147], איז וויבאלד ער שטייט אין סכנת נפשות, ווארום דער גואל הדם קען קומען און אים הרג'ענן - מוז ער אנטלויפן אין די ערי מקלט כדי ער זאל ניט גע'הרג'ט ווערן, און אויך כדי צו באווארענען דעם גואל הדם ער זאל אים ניט הרג'ענען ווען מ'דארף אים ניט הרג'ענען.

און דערפאר זעט מען טאקע אז דער חינוך[148] זאגט "וגם המכה גם הוא בכלל מ"ע זו שנאמר עליו[149] כי בעיר מקלטו ישב גו'" - ווארום עס האט ניט קיין ארט אין שכל (ס'איז היפך השכל) צו זאגן אז ס'איז נאר א מצוה אויף "ב"ד של ישראל

- לשלוח -

------------

143) שבת יב, ב. 144) סהמ"צ להרמב"ם מ"ע רכה. ועוד. 145) מכות ט, ב במשנה. רמב"ם הל' רוצח ושמירת נפש פ"ה ה"ז. 146) ראה סנהדרין לז, ב. 147) ואתחנן ד, טו. 148) מצוה ת"י. 149) מסעי לה, כח.

לשלות מכה נפש בשגגה מעירו ולהושיבו בערי מקלט"[150], און אויף אים אליין איז גאר קיין מצוה ניטא.

און דאס וואס דער חינוך דארף דאס שרייבן בפירוש, אע"פ אז לכאו׳ איז דאס אן ענין וואס איז פארשטאנדיק בפשטות - איז דער ביאור בזה:

ס׳איז א דבר הפשוט אז דער מכה נפש דארף גיין אין די ערי מקלט מצד דעם חיוב פון "ונשמרתם מאד לנפשותיכם", אז דער גואל הדם זאל אים ניט הרג׳נן, פונקט ווי ס׳איז דא דער חיוב "ועשית מעקה לגגך גו׳ כי יפול הנופל ממנו"[151], עד"ז איז פארשטאנדיק בפשטות אז דער מכה נפש דארף גיין אין די ערי מקלט כדי ער זאל האבן א כפרה, ער דארף ניט ווארטן ביז אז ב"ד וועט אים מכריח זיין, נאר ער דארף אליין זעהן ער זאל האבן א כפרה;

דער חינוך איז מוסיף נאך אן ענין: אויך אין דער מצוה וואס ליגט אויף "ב"ד של ישראל לשלוח מכה נפש בשגגה מעירו ולהושיבו בערי מקלט", גייט אריין דער מכה נפש אליין "בכלל מ"ע זו" - נוסף לזה וואס ער מוז אנטלויפן אהינצו כדי אז דער גואל הדם זאל אים ניט הרג׳נן, און ער זאל האבן א כפרה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס׳ליגט א חיוב אויף דעם מכה נפש עד זאל גיין אין די ערי מקלט, ובמילא איז פונקט ווי מ׳זאגט אז לע"ל וועט ער דארפן ברענגען א חטאת שמנה, איז עד"ז פארשטאנדיק אז ער וועט דארפן גולה זיין אין ערי מקלט.

לז. עד"ז האט מען געפרעגט נאך א שאלה:

דער דין איז דאך אז דער מכה נפש בשגגה דארף זיין אין די ערי מקלט "עד מות הכהן הגדול"[152]. דערנאך זאגט די משנה אז דאס איז אלץ אויב דער כה"ג האט געלעבט ווען ס׳איז[153] געווען דער גמר דין, אבער אויב "נגמר דינו בלא כה"ג", איז "אינו יוצא משם לעולם".

און ס׳זיינען דא דעות[154] אז ס׳איז ניט גענוג אז דער כה"ג זאל זיין בשעת גמר דין, נאר מ׳דארף האבן ער זאל אויך זיין בשעת ההריגה - און אויב ער איז ניט געווען סיי בשעת ההריגה און סיי בשעת גמר דין, גייט ער ניט ארויס מעיר מקלטו לעולם.

וואס עפ"ז איז ניט פארשטאנדיק: ע"פ האמור אז מ׳וועט

- דארפן -

---

150) ל׳ החינוך שם. 151) תצא כב, ח. 152) מסעי שם.
153) מכות יא, ב. 154) ריטב"א ומאירי למכות שם.

דארפן האבן די ערי מקלט פאר דעם מכה נפש בשגגה בזמן הגלות - איז וויבאלד אז בשעת ההריגה (אין זמן הגלות) איז ניט געווען קיין כה"ג, איז אפי' אז ווען ס'וועט זיין גמר דינו לע"ל ווען ס'וועט זיין א כה"ג, וועט ער דארפן זיצן אין די ערי מקלט כל ימי חייו, וויבאלד אז בשעת ההריגה איז ניט געווען קיין כה"ג (עכ"פ לויט די דעות הנ"ל)?

וואס באמת איז די קשיא אויך בנוגע צו די שבעים שנה פון גלות בבל:

אין די שבעים שנה וואס מ'איז געווען אין גלות בבל, איז ניט געווען קיין כה"ג, ובפשטות זיינען דעמולט געווען פאלן פון הורג נפש בשגגה (ווארום ס'איז היפך הטבע צו זאגן אז במשך די גאנצע שבעים שנה, איז ניט געווען קיין איין פאל פון א הורג נפש בשגגה) - איז דאך דא די זעלבע קשיא: לויט די דעות אז דער כה"ג דארף זיין אויך בשעת ההריגה, וועט אויסקומען אז דער הורג נפש בשגגה וועט דארפן זיצן אין די ערי מקלט כל ימי חייו, וויבאלד אז בשעת ההריגה איז דער כה"ג ניט געווען?

איז אויב ס'איז ניטא קיין אנדער ברירה, און ס'איז ניטא קיין תירוץ בנוגע צו די שבעים שנה פון גלות בבל, און מ'וועט מוזן זאגן אז ער וועט דארפן זיצן דארטן כל ימי חייו, איז עד"ז בנוגע צו גאנץ זמן הגלות.

אבער באמת איז דאס ניט קיין קשיא: רוב הפוסקים האלטן אז דער כה"ג דארף זיין נאר בשעת התחלת הדין אדער בשעת גמר הדין, און ניט בשעת ההריגה, ובמילא איז פארשטאנדיק, אז בשעת ס'איז ניטא קיין סנהדרין איז ניט שייך דער גאנצער ענין פון דין;

און לע"ל, ווען ס'וועט זיין "ואשיבה שופטיך כבראשונה", און זיי וועלן זיצן אין לשכת הגזית [ווארום אויף דן זיין דיני נפשות (מכה נפש) דארפן זיי זיצן אין לשכת הגזית דוקא[155]], נאך דערויף וואס "בסבריא עתידין לחזור תחלה ומשם נעתקין למקדש" - וועט דעמולט אויך זיין דער כה"ג, ווארום ס'וועט זיין "אהרן ומשה עמהם"[156] (ווארום מ'וועט דאך דארפן וויסן ווי אזוי צו מקריב זיין די קרבנות אין ביהמ"ק), קומט דאך אויס אז גלייך בהתחלת הדין וועט שוין זיין דער כה"ג (ובמילא וועט ער ניט דארפן זיצן אין די ערי מקלט כל ימי חייו).

- און -

---

155) ע"ז ח, סע"ב. וש"נ. רמב"ם הל' סנהדרין פי"ד הי"א-יג. 156) יומא ה, ב. וראה תוד"ה אחד - פסחים קיד, סע"ב.

און אפי' לויט די דעות אז דער כה"ג דארף זיין בשעת ההריגה – קען מען דאס אויך פארענטפערן:

ווען איז שייך צו זאגן אז אויב דער כה"ג איז ניט געווען בשעת ההריגה, דארף דער מכה נפש זיין אין די ערי מקלט כל ימי חייו – דוקא אויב ס'איז געווען שייך אז דער כה"ג זאל קענען זיין בשעת ההריגה, משא"כ בנדו"ד, אז ס'רעדט זיך וועגן זמן הגלות, איז וויבאלד אז ס'איז ניט געווען שייך כלל אז דער כה"ג זאל קענען זיין בשעת ההריגה – זאגט מען ניט אז וויבאלד דער כה"ג איז ניט געווען, דארף ער זיצן דארטן כל ימי חייו, ווארום דער כה"ג האט ניט געקענט זיין בשעת ההריגה.

וכמובן פון דעם מארז"ל[157] "כל הראוי לבילה אין בילה מעכבת בו" – אז די שייכות איז דער עיקר, ד.ה. אז מצד דערויף וואס דאס האט א שייכות צו "בילה", איז דאס שוין גענוג אז ס'זאל זיין "אין בילה מעכבת בו".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ווען ס'ווערט בטל די אפשריות פון דער שייכות (אז דער כה"ג זאל קענען זיין בשעת ההריגה – ווארום ס'איז זמן הגלות) – ווערט בטל דער גאנצער ענין (אז ער דארף זיין בשעת ההריגה). וע"ד מארז"ל[158] "דלאו מינה לא מחריב בה" – וויבאלד אז ס'איז ניט בגדר מחשבה דשלא לשמה וכו'.

לה. עד"ז האט מען געפרעגט דערפון וואס דער מנחת חינוך[159] שרייבט אז דאס וואס מ'דארף מוסיף זיין לע"ל נאך דריי ערי מקלט איז אן ענין פון א גזירת הכתוב – איז דער ביאור בזה:

דער הכרח פון דעם מנחת חינוך אז דאס איז אן ענין פון גזה"כ איז – דערפון וואס מ'זאגט אז משיח וועט כובש זיין גאנץ א"י (ניט נאר קיני קנידי וקדמוני), און אידן וועלן זיין בכל העולם כולו (און דערצו וועט נאך זיין דער ענין פון תחיית המתים) – און אעפ"כ זאגט מען אז מ'דארף מוסיף זיין מערניט ווי נאך דריי ערי מקלט, לכאו' ווי וועט דאס זיין גענוג פאר אלעמען, ובפרט אז אן עיר מקלט טאר ניט זיין קיין עיר גדולה[160]?

וואס דערפאר זאגט ער אז דאס איז א גזה"כ – און דערנאך איז ער אויך מוסיף, אז "מצד הסברא לא יצטרכו לערי מקלט לע"ל כי רק שלום ואמת וטוב יהי' בימי המלך המקוה" – נאר דאס איז א גזה"כ אז ס'זאל דעמולט זיין ערי מקלט, און אז ס'זאלן זיין מערניט ווי תשעה ערי מקלט.

- והעיקר: -

---

157) יבמות קר, ב. וש"נ. 158) זבחים ג, א. 159) מצוה תק"כ. 160) מכות י, א. רמב"ם הל' רוצח ושמירת נפש פ"ח ה"ח.

והעיקר: וויבאלד אז ראשונים ואחרונים, קבלה און חסידות, פארענטפערן די שאלה הנ"ל, צוליב וואס וועט מען דארפן האבן לע"ל די ערי מקלט - איז פארשטאנדיק אז זיי האלטן אז דאס איז <u>ניט</u> קיין גזה"כ.

ובכלל, זאגן אויף דעם ענין פון ערי מקלט אז דאס איז א גזה"כ, איז א חידוש גדול ביותר - ווארום מ'געפינט ניט קיין מצוה בתורה אויף וועלכע ס'זאל שטיין אין תושב"כ א טעם אויף אלע אירע פרטים, אזוי ווי די מצוה פון ערי מקלט:

אין תושב"כ זיינען דא מצוות וואס זיינען חוקים, און ס'זיינען דא מצוות וואס זיינען עדות, "זכר ליציאת מצרים" וכיו"ב; ביי ערי מקלט געפינט מען אבער אז אויף יעדער פרט שטייט א טעם:

דער טעם אויף כללות הענין פון ערי מקלט איז - "והיו לכם הערים למקלט מגואל ולא ימות הרוצח גו'"[161], "פן ירדוף גואל הדם אחרי הרוצח כי יחם לבבו גו' והכהו נפש"[162], וואס דערפאר דארף זיין "תכין לך הדרך"[163], און ס'זאל ניט זיין ווייט צו אנקומען אהינצו, וואס דערפאר איז "את שלש הערים תתנו מעבר לירדן ואת שלש הערים תתנו בארץ כנען"[164] - איז וויבאלד אז ס'שטייען אזויפיל פרטים אויף צו באווארענען דעם מכה נפש פון דעם גואל הדם, איז פארשטאנדיק אז דער גאנצער ענין פון ערי מקלט איז מובן בשכל הפשוט.

ובמילא, לייגט זיך ניט צו זאגן אז אלע פרטים ופרטי פרטים וואס שטייען אין תושב"כ (ועד"ז די פרטים וואס קומען צו אין תושבע"פ) זיינען מובן ע"פ שכל - און נאר דער פרט וואס מ'וועט דארפן האבן די ערי מקלט אויך לע"ל, איז אן ענין של גזה"כ - עס לייגט זיך לגמרי ניט צו זאגן אזוי.

וכאמור אז דערפון וואס מ'זעט אז מ'געפינט כמה תירוצים אויף דער קשיא, סיי ע"פ נגלה און סיי ע"פ חסידות, איז פארשטאנדיק, אז אלע נעמען אן אז דאס איז ניט קיין גזה"כ, נאר אן ענין וואס איז פארשטאנדיק ע"פ שכל.

לט. בנוגע להמדובר צי פון דעם ענין פון "ערי מקלט" איז דא א ראי' לשיטת הרמב"ם אז לע"ל וועט זיין "עולם כמנהגו נוהג" אדער ניט - האט מען אויך מבאר געווען אז דאס איז תלוי אין דער פלוגתא פון ר' עקיבא און ר' יוסי הגלילי[165] צי דער ענין פון גואל הדם איז א מצוה, אדער אז ס'איז אן ענין של רשות:

- אויב -

------------

161) מסעי שם, יב. 162) שופטים יט, ו. 163) שם, ג. 164) מסעי שם, יד. 165) מכות יב, א.

אויב דער ענין פון גואל הדם איז א מצוה, איז פארשטאנדיק אז אויך נאך דערויף וואס ס׳וועט זיין "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ", וועט אים דער גואל הדם רודף זיין, דארף ער אנטלויפן אין די ערי מקלט - ובמילא איז ניט קיין ראי׳ אז לע"ל איז "עולם כמנהגו נוהג", ווארום די ערי מקלט זיינען פארבונדן דערמיט וואס איז געווען בזמן הגלות;

משא"כ אויב מ׳זאגט אז דער ענין פון גואל הדם איז רשות, איז ווען ס׳וועט זיין "ואת רוח הטומאה אעביר מן הארץ", וועט אים דער גואל הדם ניט רודף זיין, במילא וועט ער ניט דארפן אנטלויפן אין די ערי מקלט,

- און אויב מצד דעם ענין פון כפרה, זיינען גענוג די ערי מקלט וואס זיינען געווען פון פריער, אפי׳ אויב זיי זיינען בריחוק מקום פון קיני קניזי וקדמוני, ווארום עס רעדט זיך ניט וועגן אנטלויפן פון דעם גואל הדם וואס אויף דערויף דארף מען האבן אז דער עיר מקלט זאל זיין במקום קרוב, און צוליב דערויף דארף מען ניט מוסיף זיין נאך דריי ערי מקלט -

מוז מען זאגן אז דאס וואס מ׳איז מוסיף נאך דריי ערי מקלט, איז (ניט צוליב דעם וואס איז געווען בזמן הגלות, נאר) דערפאר וואס לע"ל וועט נאך קענען זיין די מציאות פון מכה נפש בשגגה - איז דעמולט דא א ראי׳ אז לע"ל איז "עולם כמנהגו נוהג".

מ. דער ביאור אין דעם וואס רש"י זאגט "מגיד שלא עמדו לפניהם אלא בשנת הארבעים אחר שמת אהרן" - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז לולא זאת וואלט מען געקענט זאגן אז זיי זיינען געקומען פריער (אע"פ אז דאס ווערט דערציילט בפרשתנו):

בנוגע צו דעם חטא פון צלפחד, ברענגט רש"י[166] צוויי דעות: "ר"ע אומר מקושש עצים הי׳, ור"ש אומר מן המעפילים הי׳".

וואס לויט דער דעה אז ער איז געווען "מקושש עצים", קומט אוים אז בשנה הראשונה לצאתם מארץ מצרים איז ער שוין ניט געווען, ווארום די מעשה פון "מקושש עצים" איז געווען גלייך בשנה הראשונה לצאתם מארם"צ[167]. און לויט דער דעה אז ער איז געווען "מן המעפילים", קומט אוים אז בשנה השני׳ (וואס דעמולט איז געווען דער ענין המרגלים) איז שוין צלפחד ניט געווען.

- ווערט -

---

166) פרשהנו כז, ג. 167) ראה פרש"י שלח טו, לב.

ווערט א שאלה אין פשש"מ: ווי קומט דאס אז בנות צלפחר האבן געווארט מיט זייער שאלה ביז צו שנת הארבעים (געווארט 39 אדער 38 יאר) - וויבאלד אז "חבבו את הארץ"[168] איז גלייך נאך דערויף וואס מ'האט גע'הרג'ט צלפחד'ן (וואס דעמולט האט מען געוואוסט אז ער וועט ניט האבן קיין בנים), האבן זיי געדארפט קומען און בעטן אז זיי ווילן באקומען נחלת צלפחד - איז ווי קומט דאס אז זיי האבן געווארט מיט דער טענה ביז צו שנת הארבעים?!

און מ'קען ניט פארענטפערן אז זיי זיינען ניט געקומען פריער, דערפאר וואס זיי האבן געוואוסט אז מ'וועט דארפן זיין אין מדבר ארבעים שנה - ווארום לויט דער דעה אז צלפחר איז געווען דער "מקושש עצים", איז דאך דאס געווען קודם הגזירה, און דעמולט האט מען דאך גערעכנט אז במשך פון דריי טעג וועט מען אריינגיין אין א"י[169] - איז ווינסדיק אז אין דריי טעג ארום וועט מען אריינגיין אין א"י, האבן זיי גלייך געדארפט קומען און בעטן א נחלה בארץ (ווארום דאס וואס א בן איז יורש את אביו, האבן אלע געוואוסט, וויבאלד אז אזוי איז געווען ביי אברהם, יצחק און יעקב, משא"כ בנוגע צו בנות, וואס מ'האט ניט געוואוסט צי זיי זיינען יורש במקום וואו ס'איז ניטא קיין בן).

און אפי' לויט דער דעה אז ער איז געווען "מן המעפילים" - איז[a] אידער ס'איז נתפרסם געווארן די גזירה אז מ'וועט דארפן זיין במדבר 40 שנה, האבן זיי געדארפט קומען און בעטן אז זיי ווילן א נחלה בארץ - איז ווי קומט דאס אז זיי האבן געווארט ביז שנת הארבעים?

איז ווינסדיק רעם כלל אז "אין מוקדם ומאוחר בתורה", וואלט דער בן חמש למקרא געזאגט אז זיי זיינען טאקע געקומען מיט זייער טענה גלייך נאך רעם וואס צלפחד איז גע'הרג'ט געווארן, און ניט געווארט ביז שנת הארבעים - ווארום וויבאלד זיי זיינען געווען חכמניות און צדקניות, און "ראתה עינן (אז "כתובה פרשה זו לפני במרום") מה שלא ראתה עינו של משה"[170], לייגט זיך ניט צו זאגן אז זיי האבן געווארט ביז שנת הארבעים -

און דערפאר זאגט רש"י "מגיד שלא עמדו לפניהם אלא בשנת הארבעים". און ווי געזאגט פריער (סי"ז) אז דער לשון "מגיד כו'" מיינט ניט אז דאס שטייט כדי צו זאגן דעם חידוש - שטייט דאס צוליב אן אנדער סיבה, נאר דערווייילע

- איז -

------------

168) פרש"י פרשתנו שם, א. 169) ספרי הובא בפרש"י עה"פ בהעלותך י, כט. 170) פרש"י פרשתנו שם, ז.

איז "מגיד כו׳" אויך דעם חידוש אז "לא עמדו לפניהם אלא בשנת הארבעים".

מא. ויה"ר אז פון דעם רעדן וועגן נחלת הארץ, זאל מען בקרוב ממש זוכה זיין צו נחלת הארץ לע"ל, ווי די גמרא זאגט אין ב"ב[171] אז "לא כחלוקה של עוה"ז חלוקה של עוה"ב", נאר לע"ל וועט די חלוקה זיין אין אן אופן אז "הקב"ה מחלק להן בעצמו", ווי ער זאגט אין נבואת יחזקאל[172],

בביאת משיח צדקנו, וואס דעמולט וועט דאס זיין א "נחלה בלי מצרים"[173], אדער ווי דער לשון אין גמרא[174] "אין לך כל אחד ואחד שאין לו בהר ובשפלה ובעמק", און אויך "שדה לבן" און "שדה פרדס", ווארום די חלוקה וועט זיין ע"י הקב"ה בעצמו, צוזאמען מיטן ענין הגורל, כמבואר אין די מאמרים[175],

בקדוב ממש, למטה מעשרה טפחים, ומתוך שמחה וטוב לבב.

צוה לנגן הושיעה את עמך. פרזות תשב ירושלים. ופרצת. אני מאמין.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן זיכער מאכן א ברכה אחדונה.

טרם צאתו התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

* * *

------------

171) קכב, א. 172) מח, לא. 173) שבת קיח, ב.
174) ב"ב שם. 175) אוה"ת חקת ע׳ א׳סד ואילך. סה"מ תרכ"ו ע׳ קצח ואילך.

בס"ד. קטע משיחת מוצאי ש"פ פינחס, מבה"ח מנחם אב ה'תשל"ח.

הנחת הת' בלתי מוגה

א. בהמשך לזה וואס מ'האט גערעדט פריער[1] בנוגע צו לימוד עניני גאולה, וואס דער זמן לזה במיוחד איז - אין די טעג וואס בקרוב "יהפכו לששון ולשמחה ולמועדים טובים"[2], דורך דערויף וואס ס'וועט זיין די גאולה למטה מעשרה טפחים ע"י משיח צדקנו, וואס ער וועט פארענדיקן דעם גלות, און וועט אנהויבן די אתחלתא דגאולה, ויבנה מקדש במקומו, ויקבץ נדחי ישראל, מיט אלע פרטים וואס דער רמב"ם[3] רעכנט אויס - איז אויך דא דער חידוש וואס איז צוגעקומען לאחרונה בנוגע צו דעם ענין פון "שלימות העם":

מפני טעמים שונים ומשונים, האט מען געוואלט אז דאס זאל אנגענומען ווערן במקום פלוני און ע"י פלוני וכו', און מ'האט געזאגט אז ס'קען ניט זיין קיין מציאות אז מ'זאל האבן א רוב וואס זאל וועלן אז וועגן דעם ענין פון "מיהו יהודי" זאל מען שרייבן ווי דער אמת איז, אז א "יהודי" איז דוקא דער וואס איז נתגייר געווארן כהלכה.

האט מען געזעהן בפועל בשבוע זה, אז ס'איז געווען אן אפשטימונג אין כנסת, און ברוב גדול האט מען מחליט געווען אז מ'זאל משנה זיין דעם חוק, און צושרייבן אז א "יהודי" איז דוקא דער וואס נולד לאם יהודי' אדער דער וואס איז נתגייר געווארן כהלכה.

דאס איז טאקע געווען מערניט ווי א התחלה, און דערנאך דארף מען דאס ליינען דריי מאל וכו' (מיט אלע אופנים שונים ומשונים) - אבער דאס גופא וואס מ'האט מכריז געווען באופן גלוי, אז רוב אנשי הממשלה, און א רוב גָדול (סיידן די וואס זיינען במציאות ניט געווען דארטן), האלטן אז גיור דארף זיין כהלכה דוקא - איז דאס דער עדשטער דורכבראך בנוגע צו דעם ענין פון שלימות העם, וואס דאס איז פארבונדן מיט שלימות הארץ, וואס דאס איז פארבונדן מיט שלימות התורה - דער ענין פון הלכה.

ב. איינער פון די לימודים דערפון איז:

מ'האט דאך גע'טענה'ט אז לויט ווי שכל פון בנ"א שאצט אפ - ובפרט אז ער איז דער הויפט פון בעלי חשבון, בעלי פאליטיקע וכו' - איז דאס אן ענין פון דברים בטלים, ס'איז

- ניטא -

------------

1) בהשיחה ס"י ואילך. 2) ע"פ זכרי' ח, ט. 3) הל' מלכים ספי"א.

ניטא וואס צו רעדן וועגן דערויף, ווארום מ'וועט קיינמאל ניט קענען האבן קיין רוב וואס זאל מסכים זיין אז מ'זאל מתקן זיין דעם חוק און שרייבן אז גיור מוז זיין כהלכה.

האט מען אבער געזעהן בפועל, אז בשעת א איד איז מחליט וועגן דעם באמת, און איז מחליט ניט נאר בנוגע צו אן ענין וואס דארף זיך אפטאן אין ביהכ"נ און ביהמ"ד, נאר וועגן אן ענין וואס טוט זיך אפ אין אן ארט וואס מ'וויל מכריז זיין רח"ל אז מ'רעכנט זיך ניט מיט הלכה, נאר לויט ווי מ'הויבט אויף די הענט!

וואס דעמולט איז דא א האנט פון א נוצרי, א האנט פון א מוסלמי, א האנט פון א קאמוניסט - וואס "אע"פ שחטא ישראל הוא"[4], און א האנט פון א שומר תומ"צ - און מ'זאגט אז יעדערער פון זיי איז ניט מער פון איינער און ניט ווייניקער פון איינער.

עס רעדט זיך וועגן אן ענין פון תורת משה, וואס "משה קבל תורה מסיני ומסרה כו'"[5] עד סוף כל הדורות, דאס איז דעם אויבערשטנ'ס א ווארט - איז וואס האט צוטאן דארטן א נוצרי אדער א מוסלמי?!

אז מ'וועט זאגן דעם נוצרי מיטן מוסלמי אז דאס איז דעם אויבערשטנ'ס א ווארט - וועט ער ניט וועלן שטימען אנטקעגן דעם אויבערשטן, ווי מ'זעט דאס בפועל; וועט מ'זאגט אים אבער אז דאס איז אן ענין וואס הייבט אפ אין דעת בני אדם, און מ'דארף ציילן הענט, און ס'איז קיין נפק"מ ניט צי דאס איז "הידים ידי עשו"[6], אדער אז דאס איז א יד המחלקת צדקה לעניים, וואס זי ווערט א מרכבה צום אויבערשטן[7] - איז בשעת מ'איז מבטל די מחיצה, קומט ארויס דער מצב משונה, אז ווען מ'דארף וויסן ווי אזוי קען ווערן פון א נוצרי א איד, פרעגט מען דעם נוצרי און מ'בעט ביי אים א הסכמה אויף דעם!

ס'איז דאך א שטות שאין כמוהו!

בשעת ס'רעדט זיך ווי אזוי קען מען ווערן א נוצרי - זאגט דער איד אז ער קען זיך ניט מישן אין דערויף, ער מישט זיך ניט אין יענעמ'ס אמונה, וויבאלד אז דאס האט ניט קיין שייכות צו אים;

ווען ס'רעדט זיך אבער וועגן אן ענין וואס איז שייך צו אה"ק, "ארץ אשר גו' תמיד עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[8], אן ענין וואס איז נוגע צום בטחון פון

- יעדער -

------------

4) סנהדרין מד, רע"א. 5) אבות רפ"א. 6) תולדות כז, כב. 7) תניא פכ"ג (כח, ב). 8) עקב יא, יב.

יעדער איד און אלע אידן וואס לעבן דארטן - האט מען זיך איינגערערט אז די זעלבע דעה וואס עס האט א רב בישראל, האט אויך א קאמוניסט, און נאכמער: דער קאמוניסט איז לכה"פ "ישראל הוא", זאגט מען אז ס'איז ניט קיין נפק"מ, די זעלבע דעה האט אויך א נוצרי און א מוסלמי. און ס'איז ניט קיין ענין וואס בלייבט אין א חשבון שכלי, נאר אזוי ציילט מען איבער די דעות בפועל!

ווען מ'האט געמאכט די אפשטימונג בנוגע צו דעם ענין פון "מיהו יהודי", ווייס איך ניט וויפל נוצרים, וויפל מוסלמים, וויפל קאמוניסטן זיינען דארטן געווען - אבער אויב איינער פון זיי איז געווען דארטן, האט זיין האנט און זיין קול געהאט דעם <u>זעלבן</u> תוקף אזוי ווי אלע איבעריקע.

זעט מען אבער בפועל - אז בשעת א איד האט מחליט געווען באמת, האט מען געזעהן אז ס'איז געווען א רוב גדול וואס האט געזאגט אז גיור מוז זיין כהלכה דוקא.

ג. און דא דארף מען זיך אפלערנען פון די וואס ווילן מלחמה האבן מיט הלכה - ווי מגידים פלעגן אמאל טייטשן דאס וואס ס'שטייט[9]"קרבו רודפי זמה מתורתך רחקו", אז ווען ס'רעדט זיך וועגן "רודפי זמה", די וואס ווילן מלחמה האבן מיט הלכה, איז "קרבו", זיי שטייען בקירוב ובהתאחדות, ווען ס'רעדט זיך אבער וועגן די וואס זיינען שייך צו "תורתך", דארף מען האבן א השתדלות מיוחדה אז ביי זיי זאל ניט זיין "רחקו", נאר זיי זאלן גיין אלע צוזאמען, אויף "לעשות רצונך בלבב שלם":

מ'האט שוין מכריז געווען א מלחמה גלוי', און מכל הצדדים, פון לינקס, פון אינמיטן וכו', כולל אויך די פארשטייער פון דער מאכט פון רוסלאנד וואס זיצן אין כנסת, ביי זיי איז גלייך געווארן "קרבו", און אין אן אופן פון בתרועה ובקול גדול, און מ'זאגט אז מ'זאל וויסן אז זיי וועלן מלחמה האבן אנטקעגן דער הוספה פון דעם ווארט "כהלכה", מ'שעמט זיך ניט און מ'גייט אדוים רח"ל היל"ת על ה' ועל תורתו!

זאל מען זיך אפלערנען דערפון וואס "<u>קרבו</u> רודפי זמה", אפי' די וואס זיינען זוממ מחשבות נגד ה' נגד תורתו ונגד ההלכה היל"ת - איז עאכו"כ אז די וואס זיינען שייך צו "תורתך", דאדפן זיכער שטיין אין אן אופן פון שלום, ווי דער סיום פון פרק ראשון פון פרקי אבות (וואס דאס איז דער פרק פון היינטיקן שבת) "על הדין, ועל האמת, ועל <u>השלום</u>".

- .ד -

------------

9) תהלים קיט, קנ.



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

ד. און דעמולט וועט זיין "העולם קיים", ד.ה. ניט נאר אז ס׳וועט שטיין א וועלט, און ס׳וועט שטיין א"י ("העולם עומד"), נאר ס׳וועט זיין אין אן אופן פון "העולם קיים", דאס וועט שטיין אין אן אופן של קיום.

וואס דאס איז פארבונדן מיט "על האמת" - וואס בשעת אז ס׳איז דא דער ענין פון "אמת", וועלן די אלע משפטים און חוקים זיין ווי ס׳דארף צו זיין;

מ׳וועט ניט זאגן אז גיור שלא כהלכה קען אנגערופן ווערן בשם גיור, ווארום דאס איז א שקר מוחלט; דער גאנצער ענין פון גיור איז שייך דוקא אויב דאס איז כהלכה, און אויב ס׳איז ניט כהלכה, איז ניטא דער גאנצער מושג פון גיור, מ׳קען דאס אנרופן מיט אלע-ערליי ווילדע נעמען, אבער ניט מיטן נאמען וואס הלכה האט געגעבן.

און דאס איז די איינציקע וועג וואס וועט ברענגען דעם ענין פון שלום צווישן יעדער אידן מיט אלע אידן -

ניט ווי די דעה פון די וואס ווילן אפנארן זיך און אנדערע אז דאס וועט ברענגען צו פירוד, און דאס וועט ברענגען צו הבדלה בין ישראל לעמים - וואס דאס איז סיי-ווי דא, מ׳וויל אבער גיין מיט פארמאכטע אויגן און איינרעדן זיך אז ס׳איז ניטא -

זעט מען אז ס׳איז פונקט להיפך: אז מ׳וויל נושא חן זיין ביים גוי, און מ׳חנפ׳ט זיך צו אים, גיט אים דער גוי א פאטש אין פנים פאר דער חניפה, און ער זאגט אז ער האט ביי אים ניט קיין תפיסת מקום.

ווי מ׳האט געזעהן בפועל דעם פסק וואס עס האבן געהאט די אלע וואס האבן זיך גע׳חנפ׳ט צו ניט אידן אויפן חשבון פון שלימות התורה, שלימות הארץ און שלימות העם - אז פאר יעדער חניפה האט מען באקומען א פאטש אין פנים. און פון טאג צו טאג זעט מען דאס קלארער און באופן בולט יותר.

ועאכו"כ אז ביז איצטער האט מען דערמיט גארניט אויסגעפירט - ווארום מ׳קען ניט אויספירן דורך א וועג וואס איז אנטקעגן "תורת אמת", תורת ה׳, וואס ער איז דער בורא העולם ומנהיגו, און דער מנהיג פון יעדער מענטש, כולל אויך ניט אידן,

ס׳איז מערניט וואס ער האט געגעבן א בחירה חפשית צו א אידן, אז ס׳זאל זיין "ובחרת בחיים"[10], דורך דערויף וואס ער

- וועט -

------------

10) נצבים ל, יט.

וועט זיך פירן לויט "תורת חיים", אדער עד זאל ווערן א מזיק רח"ל פאר זיך, פאר דער משפחה, און פאר אלע הנמצאים בסביבתו, וואס אין כאן המקום להאריך בדברים המצערים.

ה. ויה"ר אז פון דער אומדערוואַרטער זאך לגמרי וואס האט געטראפן און מ'האט געזעהן בעיני בשר מיט עטליכע טעג צוריק - זאלן זעהן כל מחבבי תורה, שומרי מצוה, און כל אשר בשם ישראל יכונה, דעם אמת'ן אמת, אז "משה אמת ותורתו אמת"[11], ווארום דאס איז געגעבן געווארן פון "ה' אלקים אמת"[12].

און ס'וועט זיין דער "אמת ה' לעולם"[13] - ס'איז א זיכערע זאך אז דעם אויבערשטנ'ס אמת וועט אראפקומען אין דעם "עולם", אע"פ אז דער אויבערשטער האט באשאפן די וועלט אין אן אופן אז עולם איז מלשון העלם והסתר[14], און ס'איז דא א מקום א טעות האבן און זאגן אז אויב מ'וויל נושא חן זיין ביים גוי, דארף מען פארבויגן אויף אן ענין פון תורה און יהדות וכו', און דאס וועט ברענגען א הישג רח"ל פאר אים, און א הישג פון א צווייטן אידן - וועט מען וויסן זיין אז דאס איז א שקר מוחלט.

וואס דאס איז דאך ניט קיין ענין אויף וועלכן מ'דארף אנקומען צו אמונה - מ'קען זיך צוקוקן (אדער נאכפרעגן זיך ביי א צווייטן) צו דעם וואס האט געטראפן מיט אידן מיט א טאג, א יאר, און א דור לפנ"ז:

וואס איז געווארן פון די אידן וואס האבן מותר געווען אויף תומ"צ כדי צו נושא חן זיין ביי ניט אידן; און וואס איז געווארן פון די אידן וואס זיינען געשטאנען מיטן "גאון יעקב"[15], בקומה זקופה, און נאך דערצו אין ארץ מצרים זיינען זיי געשטאנען אין אן אופן פון "ביד רמה"[16], צוזאמען מיט משה רבינו, וואס ער איז געקומען מיטן אויבערשטנ'ס שליחות און געזאגט צו פרעה'ן "שלח את עמי ויעבדוני"[17],

- ניט ווי דער טעות פון די וואס ברענגען נאר די ערשטע דריי ווערטער, "שלח את עמי", און ווילן משמיט זיין רח"ל דעם פערטן ווארט "ויעבדוני"; "שלח את עמי" גייט צוזאמען מיט "ויעבדוני".

וואס דעמולט פירט מען אויס דאס וואס מ'וויל אויספירן, און ס'ווערט אויפגעטאן אין אן אופן פון טוב הנראה והנגלה

- אז -

---

11) תנחומא קרח יא. וראה ב"ב עד, א. 12) ירמי' י, י.
13) תהלים קיז, ב. 14) לקו"ת שלח לז, ד. ובכ"מ.
15) תהלים מז, ה. 16) בשלח יד, ח. 17) וארא ז, כו.

יעדן ערב שבת און יו"ט, וואָס דורך דערויף פירן זיי אריין (אין הויז) די הייליקייט פון שבת און יו"ט —

האָט מען די הבטחה אַז דער אויבערשטער וועט ליכטיק מאַכן דעם מזל פון יעדער קינד און פון אַלע קינדער, פון יעדער ערוואַקסענעם און פון אַלע ערוואַקסענע, פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק,

ביז אין אַן אופן פון „קיימא סיהרא באשלמותא", אַז דער גאַנצער אידישער פאָלק וועט זיין ליכטיק, און ער וועט לייכטן אַרום זיך, ביז אַז דאָס וועט ליכטיק מאַכן די גאַנצע וועלט אַז ס'וועט זיין „והלכו גוים לאורך" [46].

און דאָס וועט ברענגען צום קיום היעוד [47] „אני מראה לכם נרות של ציון", אַז בקרוב ממש וועט מען זען ווי משה [47*] ואהרן [48] פירן אידן צום ביהמ"ק, און דאָרטן וועט מען אָנצינדן די מנורה, און מ'וועט לערנען תורה [49].

און דאָס הייבט אָן פון „בהעלותך", ווי דער אויבערשטער זאָגט צו אהרן און דורך אים צו אַלע אידן: „בהעלותך את הנרות". מען זאָל אָנצינדן די מנורה, אזוי אַז די ליכט פון דער מנורה וועט פאַרלייכטן די גאַנצע וועלט.

און דאָס הייבט אָן (כאמור) אין דער צוגרייטונג פון „כצאן עמך", די אידישע שאָף, וואָס בעיקר גייט דאָס אויף אידישע קינדערלעך — אַז זיי זאָלן לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, און ליכטיק מאַכן די גאַנצע וועלט (וואָס דאָס איז פאַרבונדן מיט דעם ענין פון „משה ואהרן", כנ"ל).

ובקרוב ממש וועט מען זוכה זיין קומען אין „ביתך ובשעריך" [50] (ווי מ'זאָגט אין היינטיקער סדרה נאָך „ושננתם לבניך") — אין די הייזער און אין די טויערן פון ירושלים עיה"ק און פון גאַנץ א"י, אַז יעדער איד וועט דאָרטן האָבן זיין הויז,

בביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש.

• • •

יא. אַזוי ווי מ'גייט דאָך אַריין אין די טעג פון „נחמתא", פריילעכע טעג — איז פּאַסענד אַז מ'זאָל פאַרענדיקן דעם צוזאַמענקומען זיך מיט אַ ניגון של שמחה (ווי גערעדט אויך פאַריאָרן).

---

46) ישעי' ס, ג. יל"ש שבהע' הבאה: האומות עתידין להיות מהלכין לאורכם שנאמר והלכו גוים כו' וכ"כ למה בזכות הנרות שהן מדליקין בשבת.

47) יל"ש ר"פ בהעלותך.

47*) גואל ראשון — הוא גואל אחרון (ראה שמו"ר פ"ב, ד. זח"א רנג, א. שה"פ פ' ויחי. תו"א ר"פ משפטים).

48) ראה יומא ה, ב: אהרן ומשה עמהם. תוד"ה אחד — פסחים קיד, סע"ב.

49) שהרי מקום סנהדרי גדולה שהם עיקר תורה שבע"פ והם עמודי ההוראה ומהם חק ומשפט יוצא לכל ישראל (רמב"ם ריש הל' ממרים) היא סמוך למזבח בלשכת הגזית (ירושלמי מכות פ"ב ה"ו. מכילתא כ"פ יתרו. משפטים כא, יד. פרש"י ר"פ משפטים. מדות פ"ה מ"ד. סנהדרין פו, ב (במשנה). רמב"ם הל' סנהדרין פי"ד הי"ב).

50) פרשתנו שם, ט.

און אַזוי ווי מ'דאַרף צום אַלעם ערשטן מבטל זיין די אַלע עצות וואָס קומען פון דעם יצה"ר, אַדער פון ניט קיין גוטע מענטשן וואָס ווילן שטערן אַ אידישן קינד פון לערנען תורה און מקיים זיין מצוות —

וועט יעדערער פון אייך, און איר אַלע צוזאַמען, און אַלע אידישע קינדער, צוזאַמען מיטן גאַנצן אידישן פאָלק — באַשליסן אַז „עוצו עצה ותופר", אַז די אַלע ניט גוטע עצות וועלן צושטערט ווערן און בטל ווערן, וויבאַלד אַז „כי עמנו א־ל", דער אויבערשטער געפינט זיך, איז צוזאַמען מיט אונז,

אַז מ'וועט באַשליסן ניט פאָלגן דעם יצה"ר, וועט מען זיכער מצליח זיין אין דערויף, און מ'וועט זיך פירן לויט ווי דער אויבערשטער וויל.

און דערפאַר — וועט דער ערשטער ניגון זיין (אויפן פסוק [51]) „עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום כי עמנו א־ל".

[ניגנו את הניגון עוצו עצה ותופר].

• • •

יב. וויבאַלד אַז אידן האָבן באַשלאָסן ניט צוהערן זיך און צושטערן די רייד פון דעם יצה"ר — איז אַ זיכערע זאַך אַז דער אויבערשטער וועט מקיים זיין ובשמחה זיין הבטחה „הושיעה את עמך וברך את נחלתך ורעם ונשאם עד העולם".

— וועט מען מסיים זיין מיטן ניגון (אויפן פסוק [52]) „הושיעה את עמך וברך את נחלתך ורעם ונשאם עד העולם".

[ניגנו את הניגון הושיעה את עמך].

יג. כ"ק אדמו"ר שליט"א צוה לומר (עוה"פ) את הפסוק [53] „תורה צוה גו'".

אח"כ נתן להמדריכים שיחיו מטבעות של עשר סענט לחלק להילדים והילדות שיחיו, שתי מטבעות לכ"א: א' לתת לצדקה, והב' — לעשות בה כטוב בעיניהם.

---

51) ישעי' ח, י.

52) תהלים כח, ט.

53) ברכה לג, ד.

- אז קיין איין און איינציקער איד בלייבט ניט אין גלות, און אז נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות, שטייט מען אין אן אופן פון "ולכל בנ"י הי' אור במושבותם"[18].

וואס אין מצרים זיינען אויך געווען אידן וואס האבן ניט געוואלט הערן וועגן דער שלימות פון משה רבינו פון "שלח את עמי ויעבדוני", זיי האבן מוותר געווען אויפן "שלח את עמי" און געוואלט בלייבן אין מצרים היל"ת[19] - זאגט אבער דער אויבערשטער אז מ'וועט דאס ניט אויספירן, דער אויבערשטער וועט זיי ארויסנעמען פון גלות, אין אן אופן פון "אם לא ביד חזקה גו' אמלוך עליכם"[20],

וואס דאס איז דאך א נבואה, וואס איז געדרוקט און איבערגעזעצט אויף די לשונות פון די שבעים אוה"ע - אז ס'זיינען געווען אידן וואס האבן געזאגט אז "ככל הגוים בית ישראל"[21], און דער אויבערשטער האט זיי מבטיח געווען אז "ביד חזקה גו' אמלוך עליכם", און אז "ה' מלכנו"[22] -

איז א זיכערע זאך אז ווען מ'וועט דערהערן וועגן דער נבואה, וועט דאס מעורר זיין צו א תשובה אמיתית, בשעתא חדא וברגע חדא[23] - אז יעדער איד און אלע אידן וועלן אנערקענען דעם אמת, אז א איד איז א איד און א ניט איד איז ניט קיין איד,

און ווען משיח צדקנו וועט קומען, וואס דעמולט וועט ווערן א שינוי אויך ביי ניט אידן, ביז צו א שינוי עיקרי, אז ס'וועט זיין "אז <u>אהפוך</u> אל עמים שפה ברורה גו' לעבדו שכם אחד"[24], עס וועט איבערגעקערט ווערן זייער מעמד ומצב - וועלן זיי אויך בלייבן ניט קיין אידן, און אידן וועלן זיין בפ"ע.

ז. און בשעת אז מ'וועט זיך האלטן שטארק, ובפרט נאך דעם וואס מ'האט דורכגעבראכן - וועט דאס זיכער פועל'ן אז ס'זאל זיין "אמת ומשפט שלום שפטו בשעריכם"[25], אז מ'וועט גיין בדרך האמת, מ'וועט ניט אפנארן די גויים אז דורך א גיור שלא כהלכה ווערן זיי נשתנה, און מ'וועט ניט אפנארן אידן אז גיור שלא כהלכה קען עפעס אויפטאן.

וואס דער וואס מאכט דעם גיור שלא כהלכה, און באקומט דערפאר געלט - נעמט ער געלט פאר אפנארן א צווייטן מענטשן,

- און -

---

18) בא י, כג. 19) ראה שמו"ר פי"ד, ג. פרש"י עה"פ שם, כב. 20) יחזקאל כ, לג. וראה בארוכה לקו"ש חי"א ע' 1 ואילך. וש"נ. 21) ראה יחזקאל כה, ח. 22) ישעי' לג, כב. 23) ראה זח"א קכט, סע"א. 24) צפני' ג, ט. 25) זכרי' שם, טז.

 

און דער וואס באקומט דערפאר כבוד - באקומט ער כבוד פאר אפנארן א צווייטן מענטשן,

וכמדובר כמ"פ אז מ'נארט אפ אים און דורותיו אחריו, ער נארט אפ אים, און נארט אפ די קינדער וואס וועלן דערנאך געבארן ווערן - און דערנאך ווערט דאס אן עניין פון היפך הבדכה עד סוף כל הדורות - צוליב די איינגעשפארטקייט פון דעם וואס האט גענומען איינטייל אין דעם גיור שלא כהלכה, אדער דער וואס זאגט אז דאס האט עפעס א ממשות, אויסער דעם וואס דאס איז א דבר המזיק!

וכמדובר כמ"פ אז דאס איז א דבר המזיק סיי פאר אידן און סיי פאר ניט אידן, עאכו"כ דעם גוי ווענען מ'נארט אפ - וואס ער אליין ווערט דערנאך דער אויב וצורר, דערפאר וואס מ'האט אפגענארט אים וכל הבאים אחריו.

ז. און די וואס ווילן איינרעדן אז מ'טוט דאס דערפאר וואס מ'איז רודפי שלום, רודפי פאליטיקע וכו', און אנדערע טראכטן אז וויבאלד ס'זיינען רא אידן וואס זאגן אז גיור שלא כהלכה האט א ממשות, איז דאס א סימן אז הלא דבר הוא -

האט מען שוין געזעהן אז ווען ס'איז געווען דער עגל הזהב אין מדבר, זיינען אויך געווען אידן וואס האבן געוואלט איינרעדן אז "אלה אלקיך ישראל אשר העלוך מארץ מצרים"[26]!

ס'איז געווען אהרן, און ס"ר מישראל, מיט זייערע פרויען און קינדער, וואס זיי האבן אליין געזעהן דעם נס פון קרי"ס, און זיי האבן געזעהן די "עשרה נסים" אין מצרים און די עשרה נסים על הים[27], און האבן געזעהן די אותות ומופתים וואס משה רבינו האט באוויזן מיטן מטה - און אעפ"כ, זעט מען דעם כח פון שקר, און די השפעה פון דעם עגל הזהב, אז ס'זיינען געווען אזוינע וואס האבן געהאט די חוצפה אוועקשטעלן זיך קבל עם ועדה, און זאגן "אלה אלקיך ישראל אשר העלוך מארץ מצרים"!

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'איז ניטא וואס צו נתפעל ווערן דערפון וואס מ'זעט אז ס'זיינען דא אזוינע אידן וואס זאגן אז גיור שלא כהלכה האט עפעס א ממשות (וואס לכאו', איז דערפון א ראי' אז הלא דבר הוא) - ווארום דאס קומט ניט צום שקר מוחלט (ניט נאר א מילתא דעבידא לאגלויי) וואס איז געווען ביים ערשטן חטא לאחרי מ"ת, דער חטא פון עגל הזהב, וואס איז געטאן געווארן בפני כל עם ועדה.

- וואס -

-------------

26) תשא לב, ד. 27) אבות פ"ה מ"ד.

וואס לכאו׳, צוליב וואס דערציילט אונז די תורה דעם גאנצן ענין, ח"ו צו זאגן אז מ׳וויל דערציילן בגנותם של ישראל - נאר דערפון איז דא א לימוד (נוסף אויף כל שאר הלימודים העיקריים וההלכות וואס מ׳לערנט אפ דערפון):

ווען ס׳קומט א איד (אדער א ניט איד) און זאגט א ווילדע זאך - א זאך וואס איז היפך התורה, היפך ההלכה און היפך ענין המצוות, וואס ס׳איז ניטא קיין ווילדערע זאך דערפון;

ווען ס׳רעדט זיך וועגן אן ענין וואס איז פארבונדן מיט חוקי הטבע, און מ׳טוט דעם היפך דערפון, איז דאס ווילד בערך צו חוקי הטבע - אבער איידער ס׳איז געווארן דער ענין פון חוקי הטבע, איז דאס געווען בשוה צו דעם צווייטן אופן ההנהגה,

בשעה מ׳פירט זיך אבער באופן הפכי פון רצון הבורא, איז דאס אינגאנצן שלא בדרי דאונא, ס׳איז ניט נאר דער פשט אז דא טוט ער א מצוה און דא טוט ער אן עבירה, דער עיקר איז - צי ער טוט דאס וואס דער אויבערשטער וויל, אדער אז ער נוצט אויס די בחירה וואס דער אויבערשטער האט אים געגעבן אויף צו טאן דעם היפך פון דעם אויבערשטנ׳ס רצון - וואס ס׳איז ניטא קיין ווילדערע זאך דערפון!

וכמדובר כמ"פ די ראי׳ לזה אין הלכה: דער דין איז[28], אז ווען א ציג שפרינגט אין פייער, איז א סימן אז ס׳איז א משוגע׳נע ציג, ווארום א נארמאלע ציג וועט ניט שפרינגען אין פייער.

וואס דאס רעדט זיך וועגן א פייער וואס איז מערניט ווי לשעה, משא"כ ווען מ׳רעדט וועגן עובר זיין אויפן אויבערשטנ׳ס רצון - איז דאס א פייער עולמי!

און אויב ער שפרינגט אריין אין דעם פייער, איז דאס ניט נאר ווילד, דאס איז משוגע! ער איז ניט קיין נארמאלער מענטש.

דער אויבערשטער האט געוואלט אז דער "עם חכם ונבון" זאל באווייזן זיין בחירה, אז אע"פ אז ער לעבט אין אן ארט וואס ארום אים זיינען דא ניט קיין נארמאלע, זאל ער זיי ניט וועלן נאכטאן,

טענה׳ט ער: ער געפינט זיך אין א חדר וואס דארטן

- געפינען -

------------

28) רשב"ם בתוד"ה והי׳ - ב"ק כב, ב. טור חו"מ סו"ס תיח.
29) ואתחנן ד, ו.

געפינען זיך צוויי מענטשן ניט קיין נארמאלע, איז וויבאלד אז אין דעם חדר געפינען זיך מערניט ווי דריי מענטשן, און צוויי פון זיי פירן זיך ווי משוגעים, דארף ער גיין אחרי הרוב, און פירן זיך ווי די משוגעים פירן זיך!

זאגט מען אים אז ער דארף ארויסגיין מבחוץ פון דעם חדר, און א קוק טאן וואס איז אנגעשריבן אויף דעם חדר - און אויב דארטן איז אנגעשריבן אז ס'איז א משוגעים-הויז, דארף ער ניט גיין נאכן רוב.

און ווער שרייבט אן צי דאס איז א משוגעים-הויז צי ניט - סוף דאס "ויכתוב משה", משה רבינו האט אנגעשריבן בתורתו וועלכער חדר איז א נארמאלער און וועלכער איז ניט קיין נארמאלער, און דעמולט ווייסט ער ווי אזוי ער דארף זיך פירן, צי ווי די הנהגה פון די וואס געפינען זיך אין דער נארמאלער הויז, אדער להיפך.

וואס דער אויבערשטער האט געוואלט אז בעולמו זאל אויך זיין א משוגעים-הויז רח"ל, און מ'זעט בעיני בשר (מ'דארף דערצו ניט האבן קיין אמונה) אז א משוגע'נער זאגט אז ער איז דער נארמאלער, און די גאנצע וועלט ארום אים זיינען משוגעים, ובפרט ווען ער האט נאך צו זיך נאך צוויי, דריי אדער פיר וואס זאגן אזוי ווי ער זאגט ווער רעדט נאך ווען ס'איז פארבונדן מיט אן ענין פון כבוד אדער געלט וכיו"ב - ווייסט אבער יעדערער אז מ'דארף זיך ניט פירן ווי ס'פירן זיך די וואס געפינען זיך אין א משוגעים-הויז.

און ס'דארף זיין די הנהגה פון "אל יבוש מפני בנ"א המלעיגים"[30], ווארום אויב ער שעמט זיך פאר דעם מלעיג, פאר א ניט אידן וכיו"ב, איז דעמולט אין לדבר סוף, און דערנאך לאזט ער זיך ניט איינרעדן אז ס'איז פארבונדן מיט "השוחד יעור"[31].

ח. ויה"ר אז אזוי ווי מ'געפינט זיך אין די טעג וואס "יהפכו ימים אלו לששון ולשמחה ולמועדים טובים", וואס מ'האט דאך אויף דערויף די הבטחה פון די נביאים, וואס דבר ה' איז געווען בפיהם, און "גלה סודו אל עבדיו הנביאים"[32] -

זאל מען זעהן נאך אין די לעצטע טעג פון גלות אז ס'וועט נהפך ווערן לבבם אויף אנערקענען דאס וואס ס'איז טוב פאר יעדערן און פאר אלע פון זיי, אז מ'זאל זיך האלטן אין "משה אמת ותורתו אמת",

- און -

------------

30) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח בתחלתו. 31) משפטים כג, ח. שופטים טז, יט. 32) עמוס ג, ז.

און מ'וועט זיך פירן לויט דער הלכה ברורה וחזקה וואס איז אפגע'פסק'נט געווארן אז ס'דארף זיין "המבדיל בין ישראל לעמים", אז ס'וועט זיין גיור כהלכה דוקא, וואס דורך דעם וועט מען האבן שלימות העם, אז קיין איין און איינציקער איד וועט ניט בלייבן מחוץ לגבול ישראל - מחוץ פון אידישקייט.

ס. ועד"ז אויך בנוגע צו דעם ענין פון שלימות הארץ - אז קיין איין שעל וועט ניט בלייבן מחוץ לגבולות א"י.

וכמדובר כמ"פ אז איצטער איז דאס אן ענין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ ממש, ומיום ליום זעט מען דאס מערער בעיני בשר.

ביז ווי מ'האט געזעהן אז דער עומר בראש פון מצרים האט מכריז געווען אז דאס וואס מ'האט אפגערעדט און געשריבן און גע'חתמ'ט (און ארה"ב האט מסכים געווען אויף דעם) אז מ'וועט האלטן אין סיני א מספר מסוים של אנשי צבא - וועלן זיי דארטן אוועקשטעלן צוויי מאל אזויפיל אנשי צבא.

וואס דאס זאגט מען בגלוי - עאכו"כ דאס וואס מ'איז מרמז שלא בגלוי.

וואס פון סיני ביז (רח"ל) ירושלים עיה"ק, ועד"ז אנדערע שטעט אין א"י, איז ניטא קיין מרחק עצום - ס'איז א מרחק עצום אין רוחניות, ביז אין אן אופן פון אין ערוך, אבער די וואס מאכן חשבונות ע"פ חומריות דוקא (אפי' ניט ע"פ גשמיות) - איז דאס א מקום קרוב (ניט נאר אויף ענינים של רשות, נאר) אויך אויף ענינים וואס זיינען היפך קיום העם רח"ל, היפך קיום הארץ, און היפך הבטחון כפשוטו.

ויש להאריך בזה, אבער אין הזמן מתאים לזה כלל, און ס'איז א שאד די צייט רעדן וועגן דעם.

י. האמור לעיל איז אויף צו מחזק זיין אז מ'זאל אפלערנען פון די מאורעות הכי אחרונים אז מ'דארף ניט נתפעל ווערן פון די מלעיגים וואס האבן געזאגט אז מ'וועט ניט קענען באקומען א רוב וואס זאל זאגן אז ס'דארף זיין גיור כהלכה.

און ניט קוקנדיק אויף דעם וואס די קאמוניסטן, די נוצרים, די מוסלמים, און די וואס נארן אפ זיך און אנדערע, האבן זיך פאראייניקט, און זיי זאגן אז זיי וועלן רח"ל ניט לאזן אז דער ענין זאל גיין ווייטער -

איז "עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום כי עמנו א-ל"[33],

- דער -

---

33) ישעי' ח, י.

דער איבערשטער געפינט זיך צוזאמען מיט אונז, דורך דערויף וואס "משה אמת ותורתו אמת", די תורה איז מיט אונז, און ס'איז א זיכערע זאך אז "הקב"ה עוזרו"[34], אז מ'וועט פטור ווערן פון דעם חושך פון דעם ענין, און צוזאמען דערמיט וועט מען בקרוב ממש פטור ווערן פון חושך הגלות בכלל.

און נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות וועט מען שטיין בקומה זקופה, אזוי ווי ס'איז געווען אין "ימי צאתך מארץ מצרים", אז "ובנ"י יוצאים ביד רמה", און נאך פאר דערויף איז "ולכל בנ"י הי' אור במושבותם", אז נאך זייענדיק אין מצרים איז מען שוין געשטאנען "ביד רמה",

וועט אזוי זיין אויך איצטער, אז אלע אידן, הגדולים עם הקטנים, "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותנו"[35], וועלן ארויסגיין בקומה זקופה מקבל זיין פני משיח צדקנו, אין אן אופן פון "אראנו נפלאות"[36].

יא. און מ'וועט זעהן אז ביז די לעצטע רגעים איז ראס אן ענין של חושך הגלות - ח"ו צו זאגן אויף דערויף אז דאס איז אתחלתא דגאולה.

ווי מ'זעט דאס אויך פון דער אפשטימונג - אז תמורת זה וואס מ'האט געדארפט זעהן אין דערויף דעם יד ה', אז סוכ"ם הויבט זיך שוין אן דער "אמת מארץ תצמח"[37], איז די וואס זיינען לוחם רח"ל מיטן איבערשטן און מיט דער תורה, האבן זיך אוועקגעשטעלט און געזאגט אז זיי וועלן ניט צולאזן אז מ'זאל דאס דורכפירן.

וואס זיי שטעלן זיך אויך אנטקעגן דעם ענין פון שלימות הארץ, אנטקעגן דעם בטחון פון אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק, "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה", וואס דער בטחון הארץ הייננט אפ אין דעם איבערשטן, וואס ער איז "לא ינום ולא יישן שומר ישראל"[38], ער איז מגין על כל אחד ואחת פון די אידן וואס געפינען זיך אין אה"ק -

איז ע"ד ווי עס ווערט דערציילט[39] בנוגע צו אחז, אז בשעת ישעי' הנביא האט אים מציע געווען צו מאכן אן ענין של נס (בנוגע לכמה ענינים, כולל אויך אנטקעגן סנחריב), האט אחז געזאגט אז ער וויל ניט האבן דעם נס, כדי אז דערפון זאל ניט זיין קיין קידוש שם שמים[40] - איז עד"ז אויך בנוגע צו זיי:

- ביי -

---

34) קידושין ל, ב. סוכה נב, ריש ע"ב. 35) בא י, ט.
36) מיכה ז, טו. 37) תהלים פה, יב. 38) שם קכא, ד.
39) ישעי' ז, יא-יב. 40) פרש"י שם, יב.

ביי זיי איז רעכט איינשטעלן אין סכנה דעם בטחון פון העכער דריי מיליאן אידן (און אויך דער בטחון פון די ניט אידן וואס לעבן דארטן) - אבי אויספירן די אייגענע נצחנות, פאר אן ענין של שקר, היפך השלום, היפך האמת, היפך התקוה פון כל ענינים טובים, אבי צו באווייזן אז ער האט אויסגעפירט!

און מ׳סוף דאס נאך אן אין א זיידענע זשופיצע - אז דאס וועט ברענגען שלום, דאס וועט ברענגען בטחון, און דאס וועט ברענגען נאך מענטשן אז זיי וועלן ווערן אידן - בשעת אז ס׳איז פונקט דער היפך דערפון.

וכאמור לעיל (ס"ד) אז דאס איז ניט קיין זאך וואס מ׳דארף האבן אמונה אין דעם - אין יעדער תקופה פון דברי ימי ישראל זעט מען אז וואו מ׳איז נאר געגאנגען מיט דער שיטה אז מ׳דארף נאכגעבן אויף ענינים פון אידישקייט כדי צו געפעלן דעם גוי, האט מען באקומען א רדיפה נוספת, א לחץ נוסף, און סוכ"ס - א פאטש נוסף.

ובלשון הגמרא[41] "סהדי שקרי אאוגרייהו זילי" אז אן עד שקר ווערט נבזה ומבוזה ביי דעם וואס האט אים געדונגען אויף צו זאגן די עדות שקר:

בשעת מ׳לויפט נאך א גוי, און מ׳בעט זיך ביי אים ער זאל מסכים זיין אז מ׳זאל אויף אים שרייבן אז ער איז א יהודי, און מ׳גיט אים נאך אלץ וואס ער וויל, אבי אז ס׳זאל צוקומען נאך א פאפירל און ער וועט זיין דער חותם אדער מטייע בזה - ווערט מען נבזה ומבוזה ביי דעם גוי וועמען מ׳לויפט נאך!

יב. ויה"ר אז בקרוב ממש זאל מען זוכה זיין צום קיום הנבואה וואס שטייט אין דעם סיום פון דער הפטרה פון היינטיקע סדרה[42] - "זכרתי לך חסד נעוריך אהבת כלולותיך לכתך אחרי במדבר בארץ לא זרועה", וואס דאס איז געווען אין "ימי צאתך מארץ מצרים",

וועט מען זעהן בקרוב ממש ובעיני בשר דעם "סולו סולו פנו דרך במדבר"[43], אין "מדבר העמים",

און מ׳וועט גיין כולם ביחד, בשמחה וטוב לבב, ומתוך הרחבה, צוזאמען מיט "כספם וזהבם אתם"[44], אין אה"ק, "ארץ אשר גו׳ תמיד עיני ה׳ אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה",

און מ׳וועט געפינען דארטן שלימות הארץ לגבולותי׳, צוזאמען מיט שלימות התורה בכל הענינים, צוזאמען מיט דער שלימות פון "ונגלה כבוד ה׳ וראו כל בשר יחדיו כי פי הוי׳ דיבר"[45].

* * *

---

41) סנהדרין כט, א. 42) ירמי׳ ב, ב. 43) ישעי׳ נז, יד. 44) שם ס, ט. 45) ישעי׳ מ, ה.

## שיחה לילדי מחנות קיץ יומיים שיחיו

### – בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה –

### יום ב׳ פ׳ ואתחנן, י״א מנחם־אב, ה׳תשל״ח.

א. [אמרו את הי״ב פסוקים ומאמרז״ל [1]].

ב. ווען אידן (ערוואַקסענע אָדער קליינע) קלייבן זיך צוזאַמען — דאַרף מען דאָס, צום אַלעם ערשטן, פאַרבינדן מיט אַן ענין פון תורה און אידישקייט (אַזוי ווי אַלע אַנדערע זאַכן [2]), אַזוי אויך בנוגע צום היינטיקן צוזאַמענקלייבן זיך.

אַ צוזאַמענקלייבן זיך קומט פאָר אין אַ באַשטימטן טאָג (וואָס טיילט זיך אויס [3] פון די פריערדיקע און פון די שפּעטערדיקע טעג) — היינטיגער טאָג איז אויף מאָרגן פון דעם תענית פון תשעה באב.

דערפון איז פאַרשטאַנדיק, אַז דאָס דאַרף דערמאָנען אויף דעם תענית פון תשעה באב (און די סיבה פאַרוואָס איז דאָ דער תענית): און אויך — אַז מ׳האַלט שוין נאָך דעם תענית.

וואָס אין דיביידע ענינים איז דאָ אַן אָנווייזונג און אַן אָפּלערנונג [4] פאַר יעדער אידן, סיי אַן ערוואַקסענעם און סיי אַ קינד.

און וויבאַלד אַז „המעשה הוא העיקר״ [5] — איז פאַרשטאַנדיק, אַז די אָנווייזונג דאַרף אַראָפּקומען ביז אין מעשה בפועל.

ג. דער תענית פון תשעה באב [אַ תענית וואָס מ׳פאַסט און מ׳עסט ניט אַ גאַנצן מעת־לעת [5*] — אויך ביינאַכטן] דערמאַנט אונז די סיבה פון תענית — דער חורבן פון ביהמ״ק.

וואָס די סיבה פון חורבן פון ביהמ״ק איז — „מפני חטאינו גלינו מארצנו״ [6]: עס האָט געפעלט [7] אין קיום המצוות, און נאָכמער — מ׳האָט זיך געפירט אין אַ פאַרקערטן וועג („חטאינו״), האָט דאָס געבראַכט צו דעם חורבן פון בית מקדשנו, און צו דעם וואָס מ׳איז געגאַנגען אין גלות.

---

1) נדפסו בחוברת „י״ב פסוקים ומרז״ל״ (ברוקלין, ה׳תשל״ז).

2) כתאים להפס״ד בשו״ע (או״ח סרל״א) כל מעשיך יהיו לשם שמים.

3) ובלשון הזהר (ח״ג צד, ב) כל יומא ויומא עביד עבידתי׳.

4) ובפרט ע״פ תורת הבעש״ט אשר כל דבר ודבר אשר האדם רואה ושומע הוא הוראה בעבודת השם (כש״ט הוספות אות קכז־קכב. וש״נ).

5) אבות פ״א מי״ז.

5*) היינו שבשפיע ישנה את כל פרטי הנהגתו, הן בעניני יום והן בעניני לילה.

6) כיסף דיו״ט.

7) ד״חטא״ היא גם בלשון חסרון — בפירש״י עה״פ ב״א א, כא. וראה לקו״ת מסות פב, א. ובארוכה — ד״ה על כן יאמרו המושלים תרצ״א (סה״מ קונטרסים ח״א קצא, ע״ב ואילך).

און דעריבער איז יעדער יאָר ווען ס'קומט דער טאָג פון תשעה באב [סיידן ווען די קביעות איז, ווי בשנה זו, אז תשעה באב פאַלט אויס ביום השבת, וואָס דעמולט טאָר מען ניט פאַסטן — איז מען דאָס דוחה[8] אויף מאָרגן, לאחרי השבת], דערמאַנט מען זיך אויף דער סיבה וואָס האָט גע־בראַכט (צום חורבן און) צום תענית,

וואָס די כוונה בזה (אין דעם זכרון) איז — ווי געזאָגט פריער אַז „המעשה הוא העיקר" — אַז מ'זאָל אַלץ קלענער מאַכן די סיבה וואָס האָט געבראַכט צום חורבן און גלות, ביז אַז מ'וועט אינגאַנצן מבטל זיין זי און דעם ענין הגלות, און קומען צו דער גאולה.

דאָס איז די אָפּלערנונג פון דעם טאָג וואָס איז אויף מאָרגן פון דעם תענית —

אַזוי ווי מ'האָט שוין געפאַסט, און מ'האָט אָנגענומען גוטע החלטות (באַשלוסן), וואָס דורך דערויף וועט מען מער ניט קומען צו „חטאינו" — דאַרף מען זיך שוין גרייטן צו דער גאולה פון דעם גלות, בקרוב ממש, דורך משיח צדקנו.

ד. האמור לעיל האָט אַ ספּעציעלע פאַרבינדונג מיט אידישע קינדער:

אין גמרא און מדרשים שטייען פילע סיבות צוליב וועלכע ס'איז געווען דער חורבן פון ביהמ"ק וירושלים, איז פאַרשטאַנדיק אַז יעדער סיבה פאַר זיך איז גענוג אויף צו ברענגען דעם חורבן.

איינע פון די סיבות וואָס מ'רעכנט אויס, האָט אַ ספּעציעלע פאַרבינדונג מיט אידישע קינדער — ווי די גמרא[9] זאָגט אַז די סיבה פון דעם חורבן איז, „בשביל שביטלו בה תינוקות של בית רבן", דערפאַר וואָס מ'האָט מבטל געווען אידישע קינדער פון לימוד התורה.

וואָס דאָס אונטערשטרייכט נאָכמער די העכסטע וויכטיקייט וואָס איז דאָ אין דעם לימוד התורה פון אידישע קינדער, און (וויבאַלד אַז „גדול תלמוד שמביא לידי מעשה"[10] — ) אין זייער קיום המצוות — וויבאַלד אַז פון דעם הייגנט אָפּ דער צושטאַנד פון די קינדער, פון זייערע עלטערן, פון זייער גאַנצער שטאָט, ביז — דער צושטאַנד פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק,

ביז אַז פון דעם הייגנט אָפּ אַז ס'זאָל צוריק אויפגעבויט ווערן דער ביהמ"ק, און ס'זאָל קומען די גאולה השלימה.

וואָס אע"פ אַז דאָס הייגנט אָפּ פון די עלטערן פון די קינדער — אַז די־ עלטערן זאָלן ברענגען די קינדער אין אַן אָרט וואו מ'וועט מיט זיי לערנען

---

8) להעיר, אשר בקביעות ש.ז. שת"ב „נדחה", ישנה נתינת כח מיוחדת לפעול שת"ב ידחה לגמרי (לקו"ש ח"ח ע' 355. ושי"נ).

9) שבת קי"ט, ב.

10) קידושין מ, ב.

תורה און אידישקייט, און ס'הייגגט אָפּ פון די מלמדים מורים ומדריכים פון די קינדער —

איז דאָך אָבער דער עיקר (ניט דאָס וואָס הייגגט אָפּ פון די עלטערן, און פון די מלמדים מורים ומדריכים, נאָר) דאָס וואָס הייגגט אָפּ פון די קינדער אַליין, אַז דער קינד זאָל לערנען תורה, און לערנען מיט וואַרעמקייט, לעבעדיקייט און פרייליכקייט [11], וואָס דעמולט לערנט ער מיט מער הצלחה.

וואָס דורך דעם פאַרשנעלערט מען דעם סיום הגלות, אַז מ'זאָל אַרויס־גיין פון דעם תענית (פון תשעה באב), און אַריינגיין אין די טעג שלאח״ז, וואָס זיי ווערן אָנגערופן די טעג פון „נחמתא", טרייסט־טעג —

וויבאַלד אַז יעדערער גרייט זיך צו און טוט אַלץ וואָס הייגגט אָפּ פון אים אויף צו מקרב זיין די גאולה, דורך לערנען תורה און מקיים זיין אירע מצוות.

ה. דאָס קומט אויך אין פאַרבינדונג דערמיט וואָס מ'האָט גערעדט פאַראַיאָרן [12] בנוגע למעשה בפועל (מסתמא געדיינקט מען דאָס, וואָס דער־פאַר דאַרף מען דאָס ניט איבער'חזר'ן נאָכאַמאָל, מערניט ווי דערמאָנען בקיצור):

אַז יעדערער פון די קינדער (סיי אינגעלעך און סיי מיידעלעך [13]) זאָל האָבן אַן אייגענעם סידור, וואָס אין צוגאָב צו די תפלות וואָס זיינען דאָ אין דעם סידור, זיינען דאָרטן אויך דאָ ענינים פון תורה: און אויך האָבן אַן אייגענע צדקה פושקע.

וואָס דורך די צוויי זאַכן, לימוד התורה [וואָס דאָס איז פאַרבונדן מיטן סידור, וויבאַלד אַז דאָרטן זיינען דאָ ענינים פון תורה [14]], און קיום (המצוות, וואָס איינע פון די הויפּט מצוות איז) מצות הצדקה [15] — שוואַכט מען אָפּ די סיבה וועלכע האָט־געבראַכט צום תענית פון תשעה באב [16], און מ'גייט אַריין אין די טעג פון „נחמתא", די טרייסט־טעג, וועלכע קומען גלייך נאָך דערויף.

וכאמור — אין גאָר אַ גרויסער מאָס הייגגט דאָס אָפּ פון יעדן אידישן קינד און פון אַלע אידישע קינדער, סיי אינגעלעך און סיי מיידעלעך,

דורך דערויף וואָס זיי וועלן לערנען תורה און מקיים זיין מצוות, מיט אַ לעבעדיקייט און מיט אַ פרייליכקייט.

---

11) ראה רמב״ם סוף הל׳ לולב. תניא פכ״ו.

12) בשיחה לילדי מחנות קיץ יומיים שיחי׳ — כ׳ אלול התשל״ז ס״ה (נדפס לקמן ע׳ 276).

13) דהרי נהוג ונתקבל בכ״מ דגם בנות מתפללות. וראה שו״ע אדה״ז או״ח סק״ו ס״ב. שם סי״ס פ״ח. כף החיים ריש סי׳ ע׳. סי״ס פ״ח. ושי״נ.

14) יתרה ע״ז: ברכות התורה — שהן ברכות דלי״ת דכל היום כולו — ולימוד תורה שבכתב ושבע״פ לאח״ז.

15) שסקולה צדקה כנגד כל המצוות (ב״ב ט, א. וראה ירושלמי פאה פ״א ה״א), ועד ש„בכל תלמוד ירושלמי היא נק׳ בשם מצוה סתם" (תניא פל״ז (מח, ב)).

16) כמש״נ (ישע׳ א, כז) „ציון במשפט (תורה — לקו״ת ר״פ דברים) תפדה ושבי׳ בצדקה".

ביז אז זיי וועלן אויך ווירקן אויף אלע זייערע חברים און חבר׳טעס אז זיי זאלן זיך אויך פירן אזוי — לויט דעם אנזאג פון „ואהבת לרעך כמוך״[17].

• • •

וא״ו. ס׳איז באוואוסט די תורה פון דעם אלטן רבי׳ן[18] אז אויף יעדער ענין דארף מען זוכן אן אפלערנונג און אן אנווייזונג פון דער סדרה פון דער וואך.

די סדרה פון דער וואך ווערט פאנאנדערגעטיילט אויף זיבן פרשיות — איז דא דער חלק פון דער סדרה וואס איז פארבונדן מיטן היינטיקן טאג, יום שני, וואס פון עם האט מען אן אפלערנונג בנוגע צו דער וויכטיקייט פון דער אויפפירונג פון יעדן אידישן קינד און פון אלע אידישע קינדער:

אין דער סדרה ווערט דערציילט, אז ווען דער אויבערשטער האט ער־קלערט וואס דער ענין פון „מתן תורה״ וועט אויפטאן — איז ער מסיים[19] „ואת בניהם ילמדון״, אז אידן וועלן לערנען די תורה מיט זייערע קינדער, עד סוף כל הדורות.

ד.ה. אז נאך א סאך יארן פאר דעם חורבן, א סאך יארן איידער אידן זיינען אריינגעגאנגען אין א״י צום ערשטן מאל, נאך איידער אידן זיינען גע־ווארן א פאלק (דורך מ״ת) — האט דער אויבערשטער אונטערשטראכן אז „ואת בניהם ילמדון״, אז די עלטערן וועלן לערנען תורה מיט זייערע קינדער, וואס דוקא דורך דערויף וועט זיך אויפטאן דער ענין פון מ״ת בשלימות.

נאכמער ווערט דאס אונטערשטראכן אין תושבע״פ — וואס דארטן[20] ווערט דערציילט אז אידן האבן געזאגט צום אויבערשטן „בנינו עורבים אותנו״, אז די קינדער וועלן זיין די „ערבים״ אז אידן וועלן מקיים זיין די תורה — ד.ה. אז דער אויבערשטער האט געגעבן תורה צום גאנצן אידישן פאלק, דערפאר וואס „ואת בניהם ילמדון״, אז זיי וועלן לערנען תורה מיט זייערע קינדער, אין אן אופן אז דאס (תורה) וועט פאר זיי זיין אן אנווייזונג[21] — זיי וועלן זיך פירן לויט ווי ס׳שטייט אין דער תורה.

ז. מ׳האט דערמאנט פריער (ס״ד) אז אין דעם טאג אויף מארגן פון דעם תענית פון תשעה באב, גייט מען אריין אין די טעג פון „נחמתא״, די טרייסט־טעג.

צווישן די טרייסט־טעג גופא, איז דא אין היינטיקער וואך דער טאג פון ט״ו באב, וואס אויף עם ווערט דערציילט אז, בזמן שביהמ״ק הי׳ קיים, איז

---

17) קדושים יט, יח. יראה תו״כ ופרש״י עה״פ.

18) כה״ש תש״ב ע׳ 29 ואילך.

19) פרשתנו ד, י.

20) שהש״ר פ״א, ד.

21) דתורה מלשון הוראה — זח״ג נג, ב.

דאָס געווען איינער פון די גרעסטע ימים טובים, „לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב כו'" [22].

וואָס דאָס איז אויך פאַרבונדן [23] דערמיט וואָס אין דעם פופצענטר טאָג אין חודש איז „קיימא סיהרא באשלמותא" [24], עס לייכט דער פולער פנים פון דער לבנה.

[די גאַנצע לבנה איז דאָ אַלע טעג פון דעם חודש, די גאַנצע לבנה לייכט אָבער ניט אַלע טעג פון דעם חודש, ביז אַז ס'זיינען דאָ טעג אין חודש וואָס דעמולט איז דער גרעסטער טייל פון לבנה טונקל, ווען ס'קומט אָבער דער פופצענטר טאָג פון דעם חודש, לייכט דעמולט די גאַנצע לבנה].

וואָס דערפון איז דאָ אַן אָפּלערנונג פאַר יעדער אידן, קליין און גרויס:

אידן זיינען „מונין ללבנה" [25], זיי ציילן די טעג לויטן לוח (קאַלענדער) פון דער לבנה — איז ווען ס'קומט דער טאָג וואָס „קיימא סיהרא באשל־מותא", דערמאָנט דאָס אַ אידן אַז דער אויבערשטער האָט אים געגעבן אַ גוף מיט אַ נשמה, און ער דאַרף זען אַז זיי זאָלן שיינען און (אויך) מאַכן ליכטיק אַרום זיך.

און אין אַן אופן אַז ס'זאָל לייכטן ניט נאָר אַ טייל פון זיי, האַלב צי דריי־פערטל אָדער מער, נאָר אַז ס'זאָל זיין „קיימא סיהרא באשלמותא":

אין אַלע זיינע זאַכן, סיי אין זיינע טראַכטן, עאכו"כ אין זיין רעדן, און נאָכמער אין זיין טאָן — זאָל יעדער מחשבה דיבור ומעשה זיין אַ ליכטיקע און אַ שיינענדיקע, אַז דאָס וועט מאַכן ליכטיק אויך אַרום זיך, אין זיין הויז, אין זיין בית־ספר, אין זיין גאַנצער שטאָט, ביז אַז דאָס וועט ליכטיק מאַכן די גאַנצע וועלט.

ח. ווי געזאָגט פריער (ס"ו) אַז מ'דאַרף פאַרבינדן יעדער זאַך מיט דער סדרה פון דער וואָך — איז דער חלק הסדרה פון ט"ו באב, אויך פאַרבונדן במיוחד מיט אידישע קינדער:

אין דעם חלק הסדרה פון ט"ו באב שטייט [דער פסוק [26] וואָס מ'האָט ערשט געזאָגט צווישן די י"ב פסוקים ומארז"ל] „ושננתם לבניך":

נאָך איידער [27] אידן זיינען אָנגעזאָגט געוואָרן (אין דעם פסוק) אַז ס'זאָל זיין „ודברת בם", וואָס דאָס איז דער חיוב [28] אַז מ'דאַרף רעדן (לערנען)

---

22) תענית כו, ב במשנה. וראה בגמרא שם ל, ב ואילך. ב"ב קכא, א ואילך. וראה חדא"ג מהרש"א לתענית שם: שטעמי שמחתו תלויים בבנין המקדש.

23) אוה"ת נ"ך כרך ב' ע' א'צ. רד"ה נחבי עת"ר (סה"מ עת"ר ע' רכא).

24) זח"א קנ, רע"א. ח"ב פה, א.

25) סוכה כט, א.

26) פרשתנו ו, ז.

27) ראה לקו"ש ואתחנן ש.ז. ס"ח ס"א ובהע' 24 שם.

28) דבדברי תורה הכתיב מדבר — יומא יט, ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ג ה"ב. וראה לקו"ש הנ"ל הע' 16. — וראה פיהמ"ש להרמב"ם אבות פ"א מי"ז. שערי תשובה לר"י ש"ג אות יז — שלמדו מ"ע דלימוד התורה מ„ודברת בם". וראה לקו"ש הנ"ל.

דברי תורה — זיינען זיי אנגעזאגט געווארן עס זאל זיין „ושננתם לבניך", לערנען תורה מיט די קינדער.

און ווי רש"י [29] טייטשט אפ „לבניך — אלו התלמידים", וואס דאס גייט אויף יעדער קינד צו וועלכן ער קען צוקומען און לערנען מיט אים תורה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז קינדער קענען אויך מקיים זיין דעם ציווי פון „ושננתם לבניך" — דורך דערויף וואס איין קינד לערנט מיטן צווייטן קינד א זאך וואס ער ווייסט שוין און דער צווייטער ווייסט נאך ניט [30].

און דאס דארף זיין אין אן אופן פון „ושננתם", ניט סתם לערנען, נאר „שיהיו מחודדים בפיך" [31], אז דער ענין וואס ער לערנט זאל ביי אים זיין קלאר, און אז דאס זאל ביי אים לייכטן אין א קלארן אופן אין זיין מחשבה דיבור ומעשה.

ט. און דערפאר, ווען ס'קומט דער טאג וואס איז נאך דעם תענית פון תשעה באב, דערמאנט מען זיך אז אט קומט אן דער טאג פון חמשה עשר באב [32], וואס אין דעם חלק הסדרה פון ט"ו באב (היי יאר) ווערט אונטערשטראכן „ושננתם לבניך" —

און דאס איז מעורר אז מ'זאל זיך דערצו צוגרייטן באופן המתאים — אז אין די טעג שלפנ"ז (און אין די טעג שלאח"ז [33]) זאל שוין (אויך) יעדער קינד מקיים זיין דעם ענין פון „ושננתם", בנוגע צו זיך אליין [34], אז ער לערנט תורה, און אויך דעם ענין פון „ושננתם לבניך", אז ער לערנט מיט זיין חבר (אדער חבר'טע) אן ענין פון תורה ומצוותי'.

וואס דורך דערויף איז מען זוכה צו דער גאולה — וואס דעמולט וועט מען פראווען דעם יו"ט פון חמשה עשר באב אויפן גרעסטן און פרייליכסטן אופן [35] — ווי געבראכט פריער (ס"ז) אז „לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב כו'" (אין צוגאב דערצו וואס מען זאגט ניט (אויך איצטער) קיין תחנון בט"ו באב [36], און מ'דערמאנט זיך אויף די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט ט"ו באב).

---

29) עה"פ — מספרי. רמב"ם הל' ת"ת פ"א ה"ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"א ה"ח.

30) להעיר מאיפכא „בעשי חילא" (כתובות קג, ב. ב"מ פה, ב) דלכל חד וחד אמרי לי' אתני מידי לחברך.

31) קידושין ל, סע"א. ספרי ופרש"י שם. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ב ה"ג.

32) להעיר מפשטות אשר גודל העילוי דט"ו באב — מתאים לגודל הירידה דת"ב (ד"ה נחמו עת"ר הנ"ל (שם ס"ע רכט ואילך)).

33) ובפרט ע"פ מארז"ל (תענית בסופה) „מכאן ואילך דמוסיף יוסיף", ובפרש"י: מחמשה עשר באב ואילך דמוסיף לילות על הימים לעסוק בתורה יוסיף חיים על חייו.

34) דב„ושננתם" נכלל גם החיוב „ללמוד" בעצמו — ראה לקו"ש שם.

35) ראה ד"ה נחמו עת"ר הנ"ל (שם ע' רכא), שחמשה עשר באב הוא „יו"ט ביותר משאר מועדים, דהיינו אפילו מפסח וסוכות".

36) שו"ע או"ח סקל"א ס"ו. אדה"ז בסידורו קודם „ובא לציון". השלמה לשו"ע רז"ל סקל"א ס"ח.

יו״ד. ווייבאלד אז מ׳האט די הבטחה אז די גאולה העתידה וואס וועט זיין בקרוב ממש, וועט זיין „כימי צאתך מארץ מצרים״ [37], אין דעם זעלבן אופן ווי אידן זיינען ארויסגעגאנגען פון מצרים,

וואס בנוגע צו יצי״מ זאגט דוד המלך אז דאס איז געווען אין אן אופן אז „נחית כצאן עמך ביד משה ואהרן״ [38], דער אויבערשטער האט געפירט אידן ווי א פאסטעך וואס פירט זיינע שעפעלעך:

אזוי ווי א פאסטעך שטעלט צו זיינע שעפעלעך אלץ וואס זיי דארפן האבן: ער קלייבט אויס פאר זיי אן ארט וואו ס׳איז דא גוטע פאשע, און פירט צו יעדערן צום ארט וואס איז פאר אים צוגעפאסט [39] — אזוי האט אויך דער אויבערשטער צוגעשטעלט אידן אלץ וואס זיי דארפן האבן, דורך „(נחית כצאן עמך ביד) משה ואהרן״:

משה [40] איז געווען (בעיקר) — לערנען תורה מיט אידן; און אהרן איז געווען (בעיקר) דאס וואס ער האט געבענטשט אידן (און עס איז מקויים געווארן) — ווי מ׳זאגט אין ברכת כהנים [41] „יברכך ה׳ וישמרך, יאר ה׳ פניו אליך ויחונך, ישא ה׳ פניו אליך וישם לך שלום״ — ממשיך זיין, אראפ־ברענגען ביי אידן שלום [42] און אלע ברכות,

ביז צו דער הויפט ברכה — אז ער האט אנגעצונדן דעם „נר ה׳ נשמת אדם״ [43] וואס איז דא אין יעדער אידן, וואס דאס איז דער תוכן המצוה פון „בהעלותך את הנרות״ [44] [וואס בשעת דער ביהמ״ק וועט אויפגעבויט ווערן, וועט מען אויפלעבן פון דאס־ניי די מצוה פון „בהעלותך את הנרות״ כפשוטה, אז די כהנים וועלן אנצינדן די מנורה אין ביהמ״ק השלישי].

ווייבאלד אז די גאולה העתידה וועט זיין „כימי צאתך מארץ מצרים״ (וואס דעמולט איז געווען „נחית כצאן עמך ביד משה ואהרן״) — איז פאר־שטאנדיק, אז דורך דערויף וואס יעדער קינד און אלע קינדער („כצאן עמך״) וועלן ליכטיק מאכן זייער נשמה, דעם „נר ה׳ נשמת אדם״ (ענינו של אהרן), דורך דערויף וואס זיי וועלן לערנען דעם אויבערשטנ׳ס תורה און מקיים זיין אירע מצוות (ענינו של משה), אויף וועלכע ס׳שטייט [45] „כי נר מצוה ותורה אור״,

כולל ובפרט דורך דערויף וואס אידישע מיידעלעך וועלן אנצינדן ליכט

---

37) מיכה ז, טו.

38) תהלים עז, כא.

39) ראה שמו״ר פ״ב, ב.

40) כמ״ש (מלאכי ג, כב) „זכרו תורת משה עבדי״. וראה שמו״ר פ״ל, ד. ושי״נ.

41) נשא ו, כד־כו.

42) ראה אבות פ״א מי״ב. אדר״נ פי״ב בתחלתו.

43) ר״פ בהעלותך. וראה לקו״ת ר״פ בהעלותך. ועוד.

44) משלי כ, כז.

45) משלי ו, כג.

בס"ד. שיחת אור ליום ועש"ק פ׳ ואתחנן, ט"ו באב ה׳תשל"ה.

הנחת הת׳ בלתי מוגה

א. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה ושננתם לבניך.

* * *

ב. בנוגע צו חמשה עשר באב זאגט די גמרא אין דעם סיום פון מסכת תענית[1]: "מכאן ואילך דמוסיף יוסיף", און ווי רש"י טייטשט אפ: "מחמשה עשר באב ואילך דמוסיף לילוה על הימים לעסוק בתורה, יוסיף חיים על חייו".

וואס דער ביאור בזה בפשטות איז[3] - וויבאלד אז פון חמשה עשר באב ווערן די נעכט לייגנער, און "לא איברא ליליא אלא לגירסא"[4] - דארף מען מוסיף זיין אין לימוד התורה.

אין אויף דערויף זאגט מען "דמוסיף יוסיף", אז דער וואס איז מוסיף אין לימוד התורה, איז "יוסיף חיים על חייו".

ג. אין דערויף איז דא דער דיוק "יוסיף חיים על חייו" - ד.ה. ס׳איז דא (פון פריער) דער ענין פון "חייו", און דער אויבערשטער איז "יוסיף חיים על חייו".

וע"ד ווי דאס איז אין דעם ענין פון לימוד התורה, אז "תן לחכם ויחכם עוד"[5]. און "יהב חכמתא לחכימין"[6]: ער לערנט תורה און איז מצליח אין דערויף, און דערנאך איז דא די הצלחה אין אן אופן פון "יגעתי ומצאתי"[7], אז זיין הצלחה איז אין אן אופן של מציאה[8], וואס "מציאה" איז אן ענין וואס איז שלא בערך - ווארום די טרחא וואס ער האט אין אויפהויבן די מציאה און איר קונה זיין, איז שלא בערך צו דעם וואס ער באקומט דורך דעם,

ביז אז מ׳זאגט אז דער ענין פון "מציאה" קומט "בהיסח הדעת"[9] - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז דאס איז אן ענין וואס איז שלא בערך, ווארום ער האט זיך אינגאנצן ניט געריכט אויף דעם.

ביז וואנעט אז דאס איז איינע פון די ג׳ דברים וואס "באין בהיסח הדעת" - וואס צווישן זיי איז אויך דער ענין

\- פון -

\-------------

1) לא, א. וראה גם ב"ב קכא, ב. 2) ד"ה מכאן ואילך. 3) רשב"ם ד"ה מט"ו באב - ב"ב שם. 4) עירובין סה, א. טואו"ח סרל"ח. 5) משלי ט, ט. 6) דניאל ב, כב. 7) מגילה ו. ב. 8) ראה לקו"ש ח"ג ע׳ 810. ח"ד ע׳ 1127. ע׳ 1165. חי"ג ע׳ 117. חקה השל"ו ס"ה. 9) סנהדרין צז, סע"א. וראה לקו"ש שם.

פון "משיח"[10], ווי ס'שטייט[11] "מצאתי דוד עבדי",

וכמבואר אין די דרושים (און ס'איז אויך פארשטאנדיק בפשטות) אז ענינו של משיח איז אין אן אופן וואס איז שלא בערך - ווארום נאך די אלע הכנות דערצו [דאס וואס "אחכה לו בכל יום שיבוא", ביז צו כללות העבודה פון זמן הגלות, וואס ענינה איז מחליש זיין און מבטל זיין סיבת הגלות, "חטאינו", וואס דעמולט ווערט בטל בדרך ממילא דער מסובב, "גלינו מארצנו"[12] - איז דער ענין פון ביאת משיח אן ענין וואס איז שלא בערך, ביז אז דאס ווערט אנגערופן בשם "מציאה" (אע"פ וואס מ'דארף האבן די פעולה פון אידן - ע"ד ווי מ'דארף האבן עפעס א פעולה כדי אז די מציאה זאל ווערן זיינע).

איז עד"ז אויך בנוגע צו דעם ענין פון "יוסיף חיים על חייו" - אז דאס וואס דער אויבערשטער איז מוסיף חיים על חייו, איז אין אן אופן פון "תוספתו של הקב"ה", וואס דאס איז א סאך מער פון אלף פעמים,

כמבואר אין מדרש[13] אויף דעם וואס ס'שטייט[14] "ה' אלקי אבותיכם יוסף עליכם ככם אלף פעמים ויברך אתכם כאשר דבר לכם", אז משה רבינו האט געזאגט צו אידן "מה שברכתי אתכם ("אלף פעמים") משלי ברכתי, כשיבוא הקב"ה יברך אתכם כאשר דבר לכם" -

איז דער ענין וואס "יוסיף חיים על חייו" אין אן אופן פון "תוספתו של הקב"ה (וואס זי איז) מרובה על העיקר"[15] - וואס דאס איז אן ענין וואס איז שלא בערך.

ע"ד ווי כללות הענין פון ביאת משיח צדקנו, אז דאס איז אין אן אופן פון "מציאה" - אז דער אויבערשטער געפינט יעדער אידן אין אן אופן של מציאה, און ברענגט דעם אידן צו א מעמד ומצב אז ביי אים זאל ווערן "אני חלקך ונחלתך"[16], אז ער ווערט - בגלוי - איין זאך מיטן אויבערשטן.

ד. און דאס איז דער כללות הענין פון "דמוסיף יוסיף", אז ס'דארף זיין די הוספה אין לימוד התורה.

ביז ווי ס'ווערט אראפגעבראכט אין אחרונים[17] אלס פס"ד,

- וכידוע -

------------

10) סנהדרין שם. 11) תהלים פט, כא. וראה לקו"ש ח"ד ע' 1165. 12) מוסף דשבת ויו"ט. 13) דב"ר פ"א, יג. ועוד. פרש"י דברים א, יא. - נת' בלקו"ש דברים תשל"ו. 14) דברים שם. 15) ב"ר פס"א, ד. וראה גם דב"ר שם. וראה לקו"ש ח"ה ע' 423 הע' 10. ע' 428 הע' 13. 16) קרח יח, כ. וראה רמב"ם סוף הל' שמיטה ויובל. 17) פרישה יו"ד סרמ"ו סקנ"א. רמ"א שם סכ"ג. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ד ס"ת.

וכידוע דער סימן[18] פון שכבי עד קומי און קומי עד שכבי, וואס אע"פ אז דאס הויבט זיך אן גלייך פון תשעה באב (וואס דעמולט זאגט מען "קומי[19]"), אעפ"כ, קומט דאס ארויס בפועל אנהויבנדיק פון חמשה עשר באב[20], כמדובר אמאל בארוכה.

ואין ענין יוצא מידי פשוטו, "והמעשה הוא העיקר"[21] – אויף מעורר זיין און מזרז זיין ביתר שאת וביתר עז, אז מ'זאל נאכמער מוסיף זיין אין לימוד התורה,

אז ס'זאל זיין דער ענין פון "ולמדתם אותם"[22], וואס דאס איז כולל אלע-ערליי אופנים פון לימוד התורה[23], ביז אין אן אופן (וואס איז אן עיקר אין התחלת הלימוד) פון "לאסוקי שמעתא אליבא דהלכתא"[24], אז ער זאל וויסן "את המעשה אשר יעשון"[25] און "אשר לא תעשינה"[26],

און דער לימוד זאל זיין אין אן אופן פון "ושננתם"[27], ווי רש"י[28] ברענגט אראפ פון מדרז"ל[29] אז "ושננתם" איז "לשון חידוד הוא, שיהיו מחודדים בפיך, שאם ישאלך אדם דבר לא תהא צריך לגמגם בו אלא אמור לו מיד", אז ווען א צווייטער וועט ביי אים פרעגן וואס מ'דארף טאן, זאל ער אים גלייך קענען זאגן די מסקנא בנוגע לפועל[30], בכדי אז יענער זאל דאס גלייך קענען מקיים זיין, און טאן אין אן אופן פון "כמצות רצונך".

ה. און די הוספה אין לימוד התורה דארף זיין סיי בנוגע צו לימוד התורה בעצמו, און סיי בנוגע צו לימוד התורה מיט א צווייטן אידן, אז ס'זאל אויך זיין "ושננתם לבניך – אלו התלמידים"[31], ביז ווי דער אלטער רבי ברענגט אין הל' ת"ת שלו[32] אז "על כל חכם ותכם מישראל ללמד את כל התלמידים אע"פ שאינן יוצאי ירכו", וואס דאס איז כולל יעדערן וואס ער קען מיט אים לערנען און יענער קען זיין זיינער א תלמיד.

און ע"ד ווי דאס איז אין דעם ענין הצדקה, אז יעדער איד איז מחוייב געבן צדקה, "אפילו עני המתפרנס מן הצדקה חייב ליתן ממה שיתנו לו"[33], וואס דערפון גופא וואס מ'זאגט

- אז -

---

18) ב"ח או"ח סרל"ת. מג"א שם. 19) איכה ב, יט.
20) מג"א שם. 21) אבות פ"א מי"ז. 22) עקב יא, יט.
23) כנ"ל בהמאמר סוס"א. 24) יומא כו, א. 25) ל' הכתוב – יתרו יח, כ. 26) ל' הכתוב – ויקרא ד, ב. ועוד.
27) פרשתנו ו, ז. 28) עה"פ. 29) קידושין ל, סע"א. ספרי עה"פ. 30) ראה פרש"י ד"ה אמור – קידושין שם, ריש ע"ב. תוד"ה אלא – שם, סע"א. הל' ת"ת לאדה"ז פ"ב ס"ג. 31) ספרי ופרש"י עה"פ שם. רמב"ם הל' ת"ת פ"א ה"ב. הל' ת"ת לאדה"ז פ"א ס"ח. 32) שם. מרמב"ם שם. 33) טושו"ע יו"ד ר"ס רמח.

אז ער איז מחוייב געבן צדקה, איז פארשטאנדיק אז ער האט די יכולת (ער האט מיט וואס) צו מקיים זיין מצות הצדקה, ואין הדבר תלוי אלא ברצונו -

איז עד"ז אויך בנוגע צו דעם ענין פון לימוד התורה, ביז צו כללות הענין פון הפצת היהדות, וואס דאס איז אן ענין של צדקה רוחנית - אז אין וואס פאר א מעמד ומצב א איד זאל נאר זיין, איז א זיכערע זאך אז דער אויבערשטער האט אים געגעבן ענינים מיט וועלכע ער קען ארויסהעלפן א צווייטן אידן, סיי בנוגע צו דעם ענין פון לימוד התורה, און סיי בנוגע צו עניני יהדות בכלל.

און דער סדר בזה איז, אז פריער הויבט ער אן מיט אן ענין של לימוד והוראה - ער לערנט מיטן צווייטן און זאגט אים ווי אזוי מ'דארף מקיים זיין די מצוה, און דערנאך קומט דאס אראפ אין מעשה בפועל.

ו. וויבאלד אז מ'זאגט "דמוסיף יוסיף", איז פארשטאנדיק, אז מ'דארף אין דערויף מוסיף זיין אלץ מערער און מערער.

וכמדובר כמ"פ אז אויב ער טוט אין דעם זעלבן אופן ווי ער האט געטאן מיט א טאג פריער, איז דאס ניט קיין הוספה; א הוספה מיינט אז דאס איז מערער לגבי ווי ס'איז געווען בעבר, אפי' אויב בעבר איז דאס ביי אים געווען בתכלית השלימות.

און בשעת ס'איז דא דער ענין פון "דמוסיף יוסיף", אז דער אויבערשטער איז מוסיף <u>חיים</u> על חייו - איז דאס גופא א הוכחה אז ער דארף נאכמער מוסיף זיין אין לימוד התורה, וואס "הם <u>חיינו</u> ואורך ימינו", סיי בנוגע לעצמו, און סיי בנוגע צו "ושננתם לבניך - אלו התלמידים".

ז. און דאס איז כללות ההוראה און נתינת כח וואס מ'האט פון חמשה עשר באב - אז מ'דארף זיין א הוספה אין לימוד התורה, "מבצע תורה", און דער לימוד התורה זאל זיין אין אן אופן פון "ושננתם", "שיהיו מחודדים בפיך", ווי ס'שטייט אין רעם חלק הסדרה פון ט"ו באב.

[ועד"ז בנוגע צו לימוד התורה מיטן צווייטן אידן, אז ס'דארף זיין אין אן אופן פון "ואלה המשפטים אשר תשים לפניהם"[34] - "כשולחן הערוך"[35], וואס דעמולט פועל'ט ער אז דער לימוד פון דעם צווייטן אידן זאל אויך זיין אין אן אופן פון "ושננתם"].

און פון "מבצע תורה" קומט דאס אראפ אין "מבצע תפילין",

- און -

---

34) ר"פ משפטים. 35) פרש"י עה"פ.

און אין "מבצע מזוזה", ווי ס'שטייט אין דעם חלק הסדרה פון ט"ו באב סיי "וקשרתם לאות על ידך גו'"[36] און סיי "וכתבתם על מזוזת ביתך ובשעריך"[37] - ועד"ז אין די איבעריקע מבצעים וואס מ'געפינט זיי אויך בפרשתנו (בגילוי, אדער דורך א דרוש)[38].

וכמדובר כמ"פ אז יעדער זמן האט זיין מבצע עיקרי (וואס ער איז כולל אין זיך אלע איבעריקע מבצעים) - איז דער מבצע העיקרי וואס איז פארבונדן מיט חמשה עשר באב, "מבצע תורה".

ח. און די הוספה אין לימוד התורה (סיי בעצמו און סיי מיט א צווייטן) בדענגט אויך די הוספה ביתר שאת וביתר עז (סיי ביי זיך און סיי באם צווייטן) אין דעם ענין פון "וקשרתם גו'", דער ענין פון מצות תפילין, וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[39], וואס "כל התורה כולה" דא מיינט דעם ענין המצוות[40].

און דערנאך קומט דאס אראפ אין דעם ענין פון "וכתבתם על מזוזת ביתך ובשעריך", די מצוה פון מזוזה,

ביז אז בקרוב ממש וועט מען זוכה זיין מקיים זיין די מצוה פון "וכתבתם על מזוזת ביתך ובשעריך" - אין אה"ק,

און ווי גערעדט אין די פריערדיקע רייד[41] אז אמיתית הענין פון "ביתך" פון א אידן איז - אין אה"ק,

און ווי מ'זעט דאס אויך דערפון וואס ס'זיינען דא חילוקים בנוגע צו קיום מצות מזוזה צווישן א בית וואס געפינט זיך אין חו"ל מיט א בית וואס געפינט זיך אין אה"ק[42], וויבאלד אז דארטן איז אמיתית הענין פון "בֵיתך".

און דערנאך איז דא דער ענין פון "בשעריך" - וואס דאס איז פארבונדן במיוחד מיטן ביהמ"ק:

דער ביהמ"ק השלישי וועט דאך אויפגעבויט ווערן בתכלית הזריזות, בשעתא חדא וברגע חדא, און צוזאמען דערמיט וועט דאס אויך זיין פארבונדן מיט א בנין פון בני אדם[43] -

זיינען אחרונים[44] מבאר, אז דורך דערויף וואס אידן

- וועלן -

---

36) פרשתנו שם, ח. 37) שם, ט. 38) ראה שיחת ש"פ ואתחנן, ט"ו באב ה'תשל"ז סכ"ב. 39) קידושין לה, א. 40) ראה גם לקו"ש ח"ו ע' 277 בהערה. 41) בהשיחה לילדי מחנות קיץ יומיים שיחיו - י"א מנ"א סוס"י. 42) טושו"ע יו"ד סרפ"ו סכ"ב ובנ"כ שם. 43) ראה לקו"ש חי"א ע' 158. וש"נ. 44) ראה שערי זהר לסוכה שם. לקו"ש שם ע' 98 הע' 61.

וועלן צושטעלן צום ביהמ"ק השלישי די "שערים" [וואס די "שערים" זיינען געבליבן בשלימותם, נאר "טבעו בארץ שערי׳"[45], ווערט דאס פארדעכנט אזוי ווי אידן האבן געבויט דעם גאנצן ביהמ"ק, ווי דער דין[46] איז, אז דורך דעם וואס מ׳שטעלט צו די "שערים" איז מען קונה דעם גאנצן בית. וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז "ובשעריך" האט א שייכות מיוחדת צום ביהמ"ק השלישי.

און דאס אלץ זאל זיין בקרוב ממש ובעגלא דידן, בביאת משיח צדקנו, בגאולה האמיתית והשלימה, ומתוך שמחה וטוב לבב.

* * *

ט. אין די דרושים וואס זיינען מבאר דעם ענין פון "ושננתם לבניך" (און דעם חילוק צווישן דעם סדר פון פרשה ראשונה מיטן סדר פון פרשה שני׳), איז מען אויך מבאר[47] אז אלס הקדמה צו כל ענינים אלו דארף זיין דער ענין פון "ואהבת את ה׳ אלקיך"[48], וואס דאס איז דער ענין פון עבודת התפלה, וואס "לית פולחנא כפולחנא דרחימותא"[49], און ווי די גמרא[50] זאגט "איזוהי עבודה שבלב ("בכל לבבך" - אין פרשה ראשונה, און "בכל לבבכם" - אין פרשה שני׳) זו תפלה".

און אלס הקדמה צו עבודת התפלה, דארף זיין דער ענין פון "שמע ישראל ה׳ אלקינו ה׳ אחד"[51] - דער ענין האמונה.

און דערפאר איז דער סדר פון עבודת היום אין אן אופן אז התחלת היום הויבט זיך אן מיט עבודת התפלה, און דערנאך גייט ער "מבית הכנסת לבית המדרש"[52] - און ווי דער אלטער רבי איז מבאר בארוכה[53] דעם מאמר רז"ל[54] "שתהא תפלתי סמוכה למטתי", אז תכלית השלימות אין לימוד התורה איז דוקא ווען דאס קומט לאחרי הקדמת עבודת התפלה.

י. האמור לעיל איז אויך פארבונדן דערמיט וואס מ׳האט געדעדט אין די פריערדיקע רייד צו קטנים בשנים[55] - אז יעדער קינד זאל האבן אן אייגענעם סידור, וואס אין דעם סידור

- זיינען -

---

45) איכה ב, ט. וראה במדב"ר פט"ו, יג. איכ"ר פ"ב, יג. זח"א ג, א. 46) ראה ב"ב נג, ב. רמב"ם הל׳ זכי׳ ומתנה פ"ב ה"ט. - נתבאר בארוכה בשיחת עד"ח מנ"א תשל"ו. 47) אוה"ת פרשתנו ע׳ נא ואילך. ע׳ רמד. כ"ה ע׳ ב׳ב ואילך. 48) פרשתנו שם, ה. 49) ראה זח"ב נה, ב. ח"ג רסז, א. 50) תענית ב, סע"א. וראה גם ספרי עה"פ עקב יא, יג. 51) פרשתנו שם, ד. 52) ברכות בסופה. וראה שו"ע ארה"ז או"ח סקנ"ה. 53) לקו"ת ברכה צו, ב. 54) שם ה, ב. 55) שיחה הנ"ל ס"ה. וראה גם שיחה לילדי מחנות קיץ יומיים - ב׳ אלול תשל"ז ס"ה.

זיינען אויך דא ענינים פון תורה, און אויך האבן אן אייגענע צדקה פושקע, וואס דער ענין הצדקה איז כולל כל ענין המצוות[56] - וואס דורך דעם וועט זיין דער ענין פון "ציון במשפט (דער ענין פון תורה[57]) תפדה ושבי' בצדקה"[58].

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז דער קשר פון א "סידור" מיט דעם ענין פון "תודה"?

אמת טאקע אז אין סידור זיינען דא כמה פסוקים פון תושב"כ, און אויך ענינים פון תושבע"פ (סיי פון משנה, סיי פון ברייתא, און סיי פון גמרא) - ווערט דאך דאס אבער אנגערופן בשם "סידור", דערפאר וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון תפלה, ניט דער ענין פון תורה?

איז דאס פארשטאנדיק ע"פ האמור לעיל, אז אלס הקדמה צו לימוד התורה דארף זיין דער ענין פון עבודת התפלה, וואס דוקא דעמולט איז דער לימוד התורה בתכלית השלימות - וואס דערפון איז פארשטאנדיק די שייכות פון ענין הסידור צו לימוד התורה.

יא. אין דערויף קומט נאך צו א הדגשה נוספת[59]:

פאר דעם לימוד התורה שבכל היום כולו, דארף זיין דער ענין פון "ברכת התורה", ווי דער דין איז אין שו"ע[60] אז קודם ברכת התורה טאר ניט זיין דער ענין פון לימוד התורה.

וכידוע די שקו"ט אין אחרונים[61] צי ברכת התורה איז א הוספה אויף לימוד התורה, אז נוסף לזה וואס ער האט דעם לימוד התורה, האט ער אויך אן ענין פון ברכת התורה, אדער אז דורך ברכת התורה ווערט דער עצם הלימוד אין אן אנדער אופן (ס'איז ניט קיין דבר נוסף אויף דעם לימוד, נאר דאס פועל'ט אין עצם הלימוד), וואס דעמולט איז אויב ס'פעלט דער ענין פון ברכת התורה, פעלט אין דעם ענין פון לימוד התורה.

און וואו שטייט "ברכת התורה" - אין סידור דוקא (ניט אין תורה, סיי תושב"כ און סיי תושבע"פ).

[ס'איז דא אמאל וואס מ'דרוקט ברכת התורה אין די חומשים - איז אבער די כוונה בזה, כדי אז דער עולה לתורה זאל וויסן די צווייטע ברכה וואס איז פארבונדן מיט עלי' לתורה, און ניט צוליב די ערשטע ברכה, וואס איז פארבונדן

- מיט -

---

56) ראה ב"ב ט, א. וראה ירושלמי פאה פ"א ה"א. תניא פל"ז (מח, ב). וראה אגה"ק סל"ב (קנג, רע"א). 57) לקו"ת ר"פ דברים. 58) ישעי' א, כז. 59) ראה שיחה הנ"ל דש.ז. הע' 14. 60) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סמ"ז. 61) ראה אנציק' תלמודית בערכו.

מיט דעם לימוד התורה וואס איז במשך כל היום כולו - וואס דאס שטייט אין סידור.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון לימוד התורה איז פארבונדן מיטן סידור - ווארום דער לימוד התורה כדבעי איז פארבונדן מיט "ברכו בתורה תחלה"[62], וואס "ברכת התורה" שטייט אין סידור.

ואדרבה, אין סידור איז דא דער ענין פון לימוד התורה ווי דאס איז בתכלית השלימות: פריער מאכט מען "ברכת התורה", און גלייך נאך דערויף[63] לערנט מען אן ענין אין תושב"כ, און דערנאך אן ענין אין תושבע"פ, און ערשט דערנאך קומט דער לימוד התורה במשך כל היום כולו, וואס אויף אים מאכט מען ניט ברכת התורה נאכאמאל, דערפאר וואס מ'האט שוין געמאכט "ברכת התורה" בהתחלת היום.

און דערפאר, ווען ס'רעדט זיך וועגן דעם חינוך פון א קינד - דארף מען אים מחנך זיין אין אן אופן אז לכשיגדיל זאל ער וויסן ווי אזוי מ'דארף לערנען תורה, איז גלייך ביי דער ערשטער געלעגנהייט (ווען ער איז שייך צו הבנה בזה[64]) איז מען אים מחנך אז לימוד התורה דארף זיין בהקדמת "ברכת התורה".

יב. מ'האט גערעדט פריער (ס"ט) אז אלס הקדמה צו דעם ענין פון "ושננתם לבניך" (און אויך צו "ולמדתם אותם את בניכם" וואס שטייט אין פרשה שני' פון ק"ש) - דארף זיין דער ענין פון "ואהבת את ה' אלקיך", דער ענין פון עבודת התפלה, און לפנ"ז - דער ענין פון "שמע ישראל ה' אלקינו ה' אחד", דער ענין פון אמונה.

וואס דער ענין האמונה איז דער יסוד צו כללות עבודת האדם[65], סיי צום ענין פון לימוד התורה, סיי צום ענין פון קיום המצוות, און אויך צום ענין פון עבודת התפלה - ביז אז מ'זאגט[66] "בא חבקוק והעמידן על אחת כו'", דער ענין פון אמונה[67].

און דערפאר איז דער סדר העבודה בכל יום - אז צום אלעם ערשטן איז דא דער ענין האמונה, ווי מ'זאגט "מודה אני לפניך כו' רבה אמונתך", און דערנאך איז דא דער ענין פון

- עבודת -

---

62) נדרים פא, א. ב"מ פה, ריש ע"ב. וראה ד"ה שלום רב דמוצאי ש"פ וישב ש.ז. 63) ראה רמב"ם הל' תפלה פ"ז הי"א ובכ"מ שם. טושו"ע (ואדה"ז) שם ובנ"כ. 64) ראה שו"ע אדה"ז או"ח כשמ"ג ס"ג. 65) ראה אגה"ק ס"א. 66) מכות כד, א. 67) וראה שער האמונה בתחלתו.

עבודת התפלה, און דערנאך קומט דער ענין פון לימוד התורה, "מבית הכנסת לבית המדרש", און ערשט דערנאך קומט דער ענין פון "הנהג בהם מנהג דרך ארץ"[68], וואס דאס גייט אויף קיום המצוות און כללות עבודת האדם במשך כל היום כולו.

און אזוי איז אויך אין כללות עבודת האדם במשך כל ימי חייו:

לכל לראש איז דא דער ענין וואס אידן זיינען "מאמינים בני מאמינים"[69], וואס דאס איז שוין תיכף משנולד,

און דערנאך קומט ארויס דער ענין האמונה אין ענינים פרטיים - וואס דעמולט איז דער סדר אז פריער איז דא דער ענין פון לימוד התורה, און דערנאך דער ענין פון קיום המצוות,

כמובן בפשטות אז כדי דער קטן זאל קענען מקיים זיין א מצוה בפועל - דארף מען אים מחנך זיין און לערנען מיט אים ווי אזוי צו מקיים זיין די מצוה, ד.ה. אז פריער איז דא דער ענין פון לימוד התורה, און דערנאך קומט דער קיום המצוה בפועל.

און דערנאך ווען ער ווערט גרויס, איז ביי אים דער סדר העבודה אויך באופן כזה - כאמור לעיל אז אזוי איז דער סדר בכל יום ויום, ובכללות חיי האדם.

יג. וויבאלד אז דער "עולם קטן"[70] איז בדוגמא צום "גוף גדול"[71] - איז פארשטאנדיק, אז דער סדר העבודה ביי יעדער אידן בפרטיות (סיי בכל יום, און סיי אין כללות חיי האדם) איז בדוגמא ווי דער סדר איז געווען בנוגע צו כללות עם ישראל:

עם ישראל האט זיך אנגעהויבן פון "אחד הי' אברהם"[72], וואס ער איז געווען דער ערשטער איד, און פון אים איז ארויסגעקומען גאנץ עם ישראל - וואס ענינו של אברהם אבינו איז געווען "ראש אמנה"[73], דער ראש למאמינים[74].

און דערנאך איז ביי אים געווען דער "אשר <u>יצוה</u> את בניו ואת ביתו אחריו"[75] - דער ענין פון לימוד התורה, און "<u>לעשות</u> צדקה ומשפט" - דער ענין פון עשי', וואס בכללות איז דאס מעשה המצוות.

- און -

------------

68) ברכות לה, ב. וראה שו"ע אדה"ז או"ח סקנ"ה.
69) שבת צז, א. 70) ראה תקו"ז תס"ט קרוב לתחלתו (קיז, ב). וראה גם אדר"נ פל"א. קה"ר פ"א, ד. זח"א קלד, ב. מו"נ ח"א פע"ב. לקו"ת במדבר ה, סע"א ואילך. 71) מו"נ שם. ומובן גם ממ"ש במקומות שבהערה הקודמת. 72) יחזקאל לג, כד.
73) שה"ש ד, ח. וראה שמו"ר פכ"ג, ה. שהש"ר עה"פ (ב-ג).
74) סד"ה תשורי מראש אמנה תרפ"ט (סה"מ קונטרסים ח"א נד, ב). 75) וירא יח, יט.

און דאס איז געקומען נאך דער הקדמה פון "לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך אל הארץ אשר אראך"[76], און דורך דעם עניין פון "ויבן שם מזבח"[77] - דער עניין פון עבודת התפלה[78].

און דערנאך באקומען אלע אידן די "ירושה לנו מאבותינו"[79] - אין דעם זעלבן אופן ווי ס'איז געווען ביי אברהם אבינו.

יד. דערפון איז אויך פארשטאנדיק דער סדר העבודה ווי אזוי מ'דארף טאן מיט א צווייטן אידן:

ס'איז דא אמאל ווען ס'איז אין אן אופן היוצא מהכלל, וואס דעמולט דארף מען צום אלעם ערשטן באווארענען אז מ'זאל אים צוציען ער זאל אנהויבן מקיים זיין אפי' איין און איינציקע מצוה, וואס דורך דעם וועט דערנאך זיין "מצוה[80] גוררת מצוה"[81];

אבער דער סדר הרגיל בזה, דארף זיין אין אן אופן אז פריער איז מען ביי אים מעורר די נקודת היהדות, וואס דאס איז דער כח האמונה,

און דערנאך קומט דער עניין וואס מ'פארבינדט אים מיט מקור מחצבתו, וואס דאס איז דער עניין פון עבודת התפלה, וואס "תפלה" איז מלשון חיבור כמו "נפתולי אלקים נפתלתי"[82], ובלשון המשנה[83] "התופל כלי חרס", שמתחברים במקורם שבעולם האצילות[84],

און דערנאך קומט דער עניין פון לימוד התורה, אן עניין של הוראה[85] ולימוד, וואס דאס ברענגט אים צו מקיים זיין א מצוה (איזה מצוה שתהי'), און דערנאך איז "מצוה גוררת מצוה", אין אן אופן פון הולך ומוסיף ואור.

טו. האמור לעיל האט אויך א שייכות צו חמשה עשר באב:

דער כללות העניין פון חודש "אב" איז פארבונדן מיט די "אבות" בכלל, ובמיוחד מיט "אחד הי' אברהם", וואס ער איז דער ערשטער און כללות האבות[86], און עניינו איז "ראש אמנה", דער עניין פון אמונה.

וואס דאס איז פארבונדן מיט התחלת חודש אב:

ווען מ'שטייט אין התחלת חודש אב, אין דעם זמן פון

- "בין" -

------------

76) ר"פ לך לך. 77) שם יב, ז-ח. 78) ראה ג"כ ד"ה בחודש השלישי תש"ב פ"ד. 79) תניא רפי"ח. ועוד. 80) אבות פ"ד מ"ב. 81) ראה גם שיחת עשרה בטבת ש.ז. סי"א-יב ובהערות שם. 82) ויצא ל, ח. 83) כלים פ"ג מ"ה. 84) תו"א תרומה עט, סע"ד. 85) ראה זח"ג נג, ב. 86) ב"ר פנ"ט, ו.

"בין המצרים", ביז אז די לבנה שטייט אין אן אופן של נקודה בעלמא - דארף מען אנקומען צו דעם ענין האמונה, וואס דורך דערויף ווערט מען ניט נתפעל פאר דעם גודל החושך פון גלות.

וואס ווי אזוי פועל'ט מען אז מ'זאל ניט פארפאלן ווערן ח"ו אין גלות, און מ'זאל אפי' ניט קומען צו אן ענין של יאוש - איז דאס דורך דעם ענין התפלה:

דורך דעם וואס ער איז זיך מתחבר מיט שרשו ומקורו, דורך דעם "חלק אלוקה ממעל ממש"[87], וואס "גם בשעת החטא היתה באמנה אתו"[88], און זי איז מלכתחלה ניט געגאנגען אין גלות[89] - פועל'ט ער אויך אויפן גוף ער זאל ניט נתפעל ווערן פון דעם גלות[90] -

וכידוע דער סיפור פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, אז ווען מ'איז פארבונדן אויבן פאלט מען ניט אונטן, ועד"ז איז בענינינו, אז ווען מ'איז פארבונדן אויבן, וואס דער "אויבן" איז בנפשו פנימה, דער "חלק אלוקה ממעל ממש" - פאלט מען ניט אונטן, מ'האלט דעם גוף און מ'לאזט אים ניט פאלן, ביז אז מ'נעמט אים אויך ארויס פון גלות,

וואס די יציאה פון דעם גלות ווערט דורך דעם ענין פון תורה און מצוות - ווי ס'שטייט "ציון במשפט (דער ענין פון <u>תורה</u>) תפדה ושבי' <u>בצדקה</u>".

וואס דאס איז נוי די אלע פרטים הנ"ל שטייען בפרטיות אין די טעג פון חודש אב - ביז אז מ'קומט צו חמשה עשר באב, וואס דעמולט איז "קיימא סיהרא באשלמותא"[91] כפשוטו, ביז צו דעם ענין פון "קיימא סיהרא באשלמותא" ווי דאס איז בפנימיות הענינים - בדוגמא ווי ס'איז געווען בזמן (דוד ו)שלמה, כמבואר אין מדרש[92] אז אין דעם דור פון (דוד ו)שלמה, וואס דאס איז דער דור (הי"ד[93] ו)ט"ו פון אברהם אבינו, איז געווען דער ענין פון "קיימא סיהרא באשלמותא".

טז. וכן תהי' לנו, בביאת משיח צדקנו בקרוב ממש.

וואס דעמולט וועט דער אור הלבנה זיין בשלימות, ביז אז "והי' אור הלבנה כאור החמה ואור החמה יהי' שבעתיים"[94], כמבואר אין לקו"ת[95] -

- זאל -

------------

87) תניא רפ"ב. 88) שם ספכ"ד. 89) סה"מ קונטרסים שם קעה, ב. לקו"ד כרך ד' תרצב, א. 90) ראה בארוכה ד"ה אך בגודל תשל"ה פ"ז. 91) זח"א קנ, רע"א. ח"ב פה, א. 92) שמו"ר פט"ו כו. 93) ראה לקו"ש ח"ח ע' 24 הע' 26. 94) ישעי' ל, כו. 95) צו ט, ב ואילך. ועוד.

זאל דאס זיין למטה מעשרה טפחים, ובשעתא חדא וברגע חדא.

ובפרט לויט דער קביעות פון שנה זו אז חמשה עשר באב איז חל ביום הששי, ערב שבת קודש - וואס דעמולט איז "והכינו את אשר יביאו והי׳ משנה"[96], אז מ׳האט שוין דאס וואס מ׳וועט דערנאך עסן בביאת משיח צדקנו -

ווארום ע"י מעשינו ועבודתנו במשך זמן הגלות[97], עאכו"כ דורך דער עבודה אין דעם זמן פון עקבתא דמשיחא, אז מ׳ווערט ניט נתפעל פון די מלעיגים[98] און מ׳טוט די אלע ענינים וואס מ׳קען טאן (און מ׳טוט און מ׳טוט אויף) - ווערט דער ענין פון אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא,

ביז אז ס׳ווערט "קיימא סיהרא באשלמותא" בגלוי, אז אידן, וואס "מונין ללבנה"[99] און "דומין ללבנה", שטייען אין אן אופן פון "באשלמותא",

און דעמולט וועט זיין (כאמור) "והי׳ אור הלבנה כאור החמה ואור החמה יהי׳ שבעתיים", בקרוב ממש, בגאולה האמיתית והשלימה.

* * *

יז. האמור לעיל (ס"ט) (וועגן סדר העבורה אז פריער דארף זיין דער ענין פון תפלה און דערנאך דער ענין פון תורה) איז אויך פארבונדן מיט פרשת השבוע, פרשת ואתחנן:

שוין גערעדט פיל מאל אז דער שם הפרשה איז כולל און גיט ארויס די נקודה פון דער גאנצע פרשה, כמובן פון תורת הבעש"ט[100] אז "שמו אשר יקראו לו בלה"ק" איז מהוה די זאך און גיט ארויס איר תוכן - וואס דער שם הפרשה איז "ואתחנן".

דער ענין פון "ואהחנן" איז (צום אלעם ערשטן) פארבונדן מיט דעם ענין התפלה, ווי ס׳שטייט אין מדרש[101] אז ס׳זיינען דא צען לשונות אויף דעם ענין התפלה, און איינע פון זיי איז - "ואתחנן".

און דער ענין פון "ואתחנן" איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון תורה:

אויף "ואתתנן" טייטשט אפ רש"י אז דאס איז מלשון "מתנת חנם" - וואס דער ענין פון "מתנה" גייט אויף כללות-

- ענין -

------------

96) בשלח טז, ה. 97) ראה תניא רפל"ז. 98) ראה סה"מ קונטרסים שם נג, סע"ב ואילך. סה"מ אידיש ס"ע 5 ואילך. ד"ה אני ישנה תש"ט. ועוד. 99) סוכה כט, א. ב"ר פ"ו, ג. 100) שעהיוה"א בתחלתו. 101) דב"ר פ"ב, א.

ענין התורה וואס איז געגעבן געווארן במתנה[102], ביז אז דאס איז די גרעסטע מתנה וואס דער אויבערשטער האט געגעבן אידן - די "חמדה גנוזה"[103].

און דערפאר איז דער ענין פון "ואתחנן" פארבונדן מיט משה רבינו - וואס כללות ענינו איז דער ענין התורה, ווי ס'שטייט[104] "זכרו תורת משה עבדי", און "לפי שמסר נפשו עלי' נקראת על שמו"[105], ביז אז כל ענינו של משה איז געווען דער ענין פון תורה, ובלשון הידוע[106] "משה אמת ותורתו אמת".

יח. דער ענין פון "ואתחנן" איז אויך פארבונדן מיט כללות הענין פון "שבת נחמו", און חמשה עשר באב - וואס דערפאר זעט מען אז אין די דרושים פון נחמו און אין די דרושים פון חמשה עשר באב, ברענגט זיך אויך אראפ דער ענין פון "ואתחנן". והביאור בזה:

דער ענין פון "ואתחנן" בפשטות - איז די תפלה פון משה רבינו (תפלתם של צדיקים) אז ס'זאל זיין "אעברה נא ואראה את הארץ הטובה גו'"[107].

[וואס אע"פ אז די בקשה פון "אעברה נא גו'" איז ניט נתקיים געווארן - האט אבער די ראי' וואס משה האט געזעהן א"י גע'פועל'ט אין אוירה של א"י, ווי דער ראגאטשאווער[108] איז מאריך בזה וואס איז די פעולה וואס האט זיך אויפגעטאן אין א"י ע"י ראייתו של משה.

ובפרט ע"פ המבואר אין חסידות[109] אז בקשת משה "אעברה נא ואראה את הארץ" איז, אז ער האט געוואלט אויפטאן ביי אידן אז זייער עבודה זאל זיין אין אן אופן של ראי' - וואס אע"פ אז ער האט דאס ניט אויפגעטאן ביי אלע אידן, האט ער דאס אבער אויפגעטאן ביי יחידי סגולה[110], וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז ער האט דאס אויפגעטאן ביי יעדער אידן - אין דעם ענין פון "יחידי סגולה" שבו].

און וויבאלד אז פ' ואתחנן קומט גלייך נאך תשעה באב [וואדום "שבת חזון" איז דאך אלעמאל דער שבת שלפני התענית דת"ב. און גלייך נאך דערויף הויבט זיך שוין אן פרשת - ואתחנן] -

---

102) ברכות ה, א. ב"ר שם, ה. וראה המשך וככה תרל"ז פס"ח ואילך. לקו"ש חי"ג ע' 115 ואילך. וש"נ. 103) שבת פח, א. 104) מלאכי ג, כב. 105) שמו"ר פ"ל, ד. וש"נ. 106) תנחומא קרח יא. וראה ב"ב עד, א. 107) פרשתנו ג, כה. 108) צפע"נ עה"ת פינחס כז, יב. ברכה לד, א. 109) לקו"ת פרשתנו ב, ד. ג, ג. ועוד. 110) ראה אוה"ת פרשתנו ע' עד.

ואתחנן, איז פארשטאנדיק, אז דער עילוי שלאחרי ת"ב (פרשה ואתחנן) איז לפ"ע גודל הירידה פון ת"ב;

אז פון דער ירידה וואס איז געווען בת"ב די בכי' לשעה און די בכי' לדורות[111] - ווערט דער "הזורעים בדמעה ברנה יקצורו"[112] - אז ס'ווערט מקויים די בקשה פון "ואתחנן", אז ס'זאל זיין "אעברה נא ואראה את הארץ גו'".

און ווען ווערט דאס מקויים - גלייך נאך ת"ב, ווארום דעמולט איז שוין די וואך פון פרשת ואתחנן.

און ס'ווערט אויפגעטאן דער "אעברה נא ואראה את הארץ גו'" - אז נוסף צו דעם וואס חסידות טייטשט אפ אז די כוונה בזה איז, ס'זאל זיין די עבודה אין אן אופן פון ראי' וואס דערפאר האט משה רבינו געוואלט אריינגיין אין א"י, כדי אז די מצוות זאלן נתקיים ווערן "על ידי"[113] - ווארום דורך דעם וועט דער קיום המצוות פון יעדער איד און אלע אידן זיין אין דעם זעלבן אופן ווי ביי משה רבינו, וועט דאס אויך מקויים ווערן כפשוטו, וואס "אין מקרא יוצא מידי פשוטו"[114]:

אזוי ווי מ'האלט שוין נאך די ניין טעג פון חודש אב און לויט דער קביעות פון שנה זו - נאך דעם צענטן טאג פון אב, וואס דעמולט איז געווען דער תענית פון ת"ב, דערפאר וואס מ'האט דאס דוחה געווען צו עשירי באב - וועט דער אויבערשטער מקיים זיין די תפלה (דורך דער עבודה אין ימי הגלות), ביז אין אן אופן אז נוסף ע"ז וואס "תפלה עושה מחצה"[115], וועט אויך זיין "תפלה עושה כולה"[115], אז ס'וועט זיין דער קיום הבקשה בתכלית השלימות (ע"ד תכלית השלימות וואס וועט זיין לע"ל אין קיום המצוות - "כמצות רצונך"[116]) -

אז בקרוב ממש וועט מקויים ווערן דער ענין פון "אעברה נא ואראה את הארץ גו'" כפשוטו, בנוגע לכל אחד ואחת מישראל, און אהרן ומשה עמהם[117].

יט. דובר אודות המצב באה"ק.

צוה לנגן לכתחילה אריבער. עוצו עצה ותופר. הושיעה את עמך. פרזות תשב ירושלים. ופרצת.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

* * *

- כ. -

------------

111) תענית כט, א. ועוד. 112) תהלים קכו, ה.
113) סוטה יד, א. 114) שבת סג, א. וש"נ. 115) ויק"ר פ"י, ה. 116) ראה תו"א ר"פ ויחי. ובארוכה - המשך וככה הנ"ל פי"ז ואילך. 117) ראה יומא ה, ב. תוד"ה אחד - פסחים קיד, סע"ב.

כ. אזוי ווי די קביעות פון חמשה עשר באב איז בערב שבת קודש - איז נוסף לזה וואס חמשה עשר באב איז מעורר אויף א הוספה אין "מבצע תורה", אין אן אופן פון "מאן דמוסיף יוסיף" (כנ"ל בארוכה) - איז דאס אויך פארבונדן מיט א הוספה אין "מבצע נרות שבת קודש", וויבאלד אז ס'איז ערב שבת קודש.

און אלס הקדמה לזה - דער ענין פון "מבצע תפלה", און דערנאך קומט דאס אראפ אין אלע מבצעים: "מבצע אהבת ישראל", "מבצע חינוך", "מבצע תפילין" (דער ענין פון "וקשרתם גו'"), "מבצע מזוזה" ("וכתבתם על מזוזת גו'"), "מבצע צדקה" (ווי ס'שטייט בפרשתנו[118] "וצדקה תהי' לנו גו'"), "מבצע נרות שבת קודש" (ווי דערמאנט פריער), "מבצע כשרות האכו"ש", "מבצע טהרת המשפחה", און "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", און "מבצע מיהו יהודי" - און כללות כל המבצעים,

וואס נקודתם איז - אז "יהפכו ימים אלו לששון ולשמחה ולמועדים טובים"[119], דורך דעם מבצע הגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

את"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, ווען זיכער מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

------------

118) ו, כה. 119) ע"פ זכרי' ח, ט. ודאה ד"ה ציון במשפט תפדה תשל"ה הע' 42.

בס"ד. קטע משיחה אור ליום ועש"ק פ׳ ואתחנן,
ט"ו באב ה׳תשל"ח.

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

א. אזוי ווי ס׳איז רא דער גאנצער טומל וואס איז געווארן לאחרונה, און מ׳קוקט אוים וואס וועל איך זאגן בנוגע צו די לעצטע מאורעות, צו די לעצטע צייטונגען, צו דעם טומל און צו יענעם טומל, צו דער צרה און צו יענער צרה - איז א שאד די צייט רעדן וועגן דעם.

און אזוי ווי בפועל וועט דאס ערשט זיין אין דריי וואכן ארום - איז א זיכערע זאך אז בינתיים וועלן זיין כמה שינויים שונים ומשונים.

ביז אז מ׳זעט שוין איין שינוי לטובה:

איצטער שרייט מען שוין ככרוכיא, אז ס׳איז א שאד וואס מ׳האט נים אפגעטאן דעם גאנצן ענין פון באזעצן די שטחים מיט א זמן לפנ"ז - ווארום דעמולט וואלט מען נים געהאט די צרות צרורות וואס מ׳האט איצטער, מ׳וואלט זיך נים געדארפט פארענטפערן און חרטה האבן, מאכן א החלטה אהין אדער אהער, און מזמין זיין אויף זיך א לחץ וכו׳.

אבער אזוי ווי "היפלא מה׳ דבר"[1], איז די אידן וואס קענען טאן אין דעם, איז בשעתא חדא וברגעא חדא וועט זיין "יערה עליהם רוח ממרום"[2], און יעדערער פון זיי וועט טאן דאס וואס מ׳דארף טאן;

מקיים זיין דעם פס"ד ברור אין שו"ע או"ח הל׳ שבת[3] (וועגן וועלכן מ׳האט שוין גערעדט כמ"פ) - באזעצן די אלע גבולות, כדי שלא יכנס צר ח"ו, אפי׳ נים "על עסקי תבן וקש",

און ס׳זאל זיין בעגלא דידן, ובדרכי נועם ודרכי שלום, ובשמחה וטוב לבב, און ס׳זאל קיינעם נים שאטן, ווארום "ה׳ ילחם לכם ואתם תחרישון"[4] - למטה מעשרה טפחים, ובעגלא דידן.

און מ׳זאל זיך נים טומל׳ן מיט עניני פאליטיקע - סיי די וואס קענען גארנים אויפטאן אין דעם, און די וואס קענען אויפטאן, זאלן זיך אויך נים טומל׳ן, נאר טאן במעשה בפועל, וואס "המעשה הוא העיקר"[5].

און בשעת אז מ׳שפרינגט אריין און מ׳טוט אפ די מעשה בפועל - איז "אין אחר מעשה כלום"[6], און אזוי בלייבט דאס בפועל.

- ובפרט -

------------

1) וירא יח, יד. 2) ראה ישעי׳ לב, טו. 3) סשכ"ט ס"ו.
4) יד, יד. 5) אבות פ"א מי"ז. 6) ראה ב"מ יז, סע"א.

ובפרט אז דאס איז מיוסד אויף דיבורו של הקב"ה [ו]וואס "דיבורו של הקב"ה חשיב מעשה"[7] אין ברית בין הבתרים אז "לזרעך נתתי את הארץ הזאת"[8], אז גאנץ ארץ ישראל לגבולותי' איז די נחלה פון יעדער אידן און פון אלע אידן, כמדובר כמ"פ.

ס'איז מערניס וואס מ'דארף זיך אפשעמען און זאגן אז אזוי איז דאס - און דערמיט איז ער גארניט מחדש, ווארום יעדע ווייסן דערפון בלאה"כ, נאר מ'רעכנט אז אפשר וועט מען זיך דערשרעקן פון די גוי'שקייט וואס איז דא ביי א אידן[9], וואס דאס ברענגט צו דערשרעקן זיך פון די גוי'שקייט וואס געפינט זיך אין וועלט - וועט זיין דער "אל יבוש מפני בנ"א המלעיגים"[10].

און דאס איז ניט אזא שווערע זאך - מ'דארף נאר ווייסן דאס וואס ס'שטייט אין שו"ע לפנ"ז אז "שויתי ה' לנגדי תמיד"[11], ובפרט נאך ווי דאס איז מבואר אין צוואת הריב"ש (די צוואה פון דעם בעש"ט), וואס דאס הויבט זיך אן מיט דעם ענין פון "שויתי ה' לנגדי תמיד", מיט אלע פירושים וואס ער זאגט אויף דערויף.

ב. און דעמולט איז א זיכערע זאך אז "מימיני בל אמוט"[11], און אז ס'וועט זיין "ה' צלך על יד ימינך יומם השמש לא יככה וירח בלילה"[12], און "יפול מצדך אלף ורבבה מימינך"[13], ביז "ה' רועי לא אחסר"[14].

און ס'וועט זיין "אתה הא-ל עושה פלא"[15], פונקט ווי ס'איז געווען אין "ימי צאתך מארץ מצרים"[16], וואס דעמולט איז געווען "גאלת בזרוע עמך"[17], און "נחית כצאן עמך ביד משה ואהרן"[18] -

כן תהי' לנו, דורך דערויף וואס מ'וועט טאן אין די אלע ענינים פון תפלה, תורה און צדקה (וואס צדקה איז כולל כל המצוות כולם[19]), מיוסד אויף דעם ענין האמונה.

וואס בשעת מ'וועט טאן אין דערויף עכ"פ באצבע קטנה

- און -

------------

7) ראה ב"ר פמ"ד, כב. 8) לך לך טו, יח. וראה פרש"י עה"פ. ירושלמי חלה פ"ב ה"א. ב"ר שם. 9) ראה שבת קה, ב. 10) טושו"ע (וארה"ז) או"ח בתחלתו. 11) ל' הכתוב - תהלים טז, ח. 12) תהלים קכא, ה-ו. 13) שם צא, ז. 14) שם כג, א. 15) שם עז, טו. 16) מיכה ז, טו. וראה יל"ש לתהלים עז. 17) תהלים שם, טז. 18) שם, כא. 19) ראה תניא פל"ד (מח, ב). אגה"ק סל"ב (קנג, רע"א).

און אפי' נאך ווייניקער - איז וויבאלד אז דאס איז אן עניין וואס עס טוט בנו יחידו של מלך מלכי המלכים הקב"ה, ווערט גלייך נתגלה די אהבה רבה פון דעם אב, ביז וואנעס אז ס'ווערט "מנחם אב", אז ס'ווערט "מנחם" בגלוי, למטה מעשרה טפחים.

און מ'וועט גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו בקרוב ממש ובעגלא דידן, למטה מעשרה טפחים, ביז אז קיין איין און איינציקער איד וועט ניט בלייבן אין גלות הפנימי והרוחני[20], ובמילא וועט ער אויך ניט בלייבן אין דעם גלות כפשוטו[21] - און מ'וועט מקבל זיין פני משיח צדקנו בשמחה וטוב לבב.

* * *

------------

20) ראה אגה"ק ס"ד בתחלתו. 21) ראה לקו"ש חי"א ע' 1 ואילך. וש"נ.

בס"ד. שיחת כ"ף מנחם אב ה'תשל"ח. <u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. מ'האט שוין געערדט כמ"פ וועגן דעם גודל המעלה וואס איז דא אין יעדער התוועדות - ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס דער אלטער רבי ברענגט אין אגה"ק[1] אז "שמעתי מרבותי (דער מעזריטשער מגיד און דער בעש"ט[2]) כי אילו נמצא מלאך אחד עומד במעמד עשרה מישראל אף שאינם מדברים בדברי תורה, תפול עליו אימתה ופחד משכינתא דשריא עלייהו עד שהי' מתבטל ממציאותו לגמרי",

ועאכו"כ וועז ס'זיינען דא כמ"פ ככה פון "עשרה מישראל", און דערצו חזר'ט מען א ווארט פון תורה, תושב"כ און תושבע"פ, נגלה דתורה און פנימיות התורה - איז דאך פארשטאנדיק דער גודל העילוי פון אזא מעמד ומצב.

אבער ע"פ דברי חכמים במשנתם אז "המעשה הוא העיקר"[3], איז פארשטאנדיק, אז יעדער מענטש, ובפרט א איד, דארף זעהן אז פון יעדער ענין (ווי גרויס ער זאל נאר זיין מצ"ע) זאל ארויסקומען א "בכך" און אן ענין פון מעשה בפועל - ווארום ווי גרויס דער ענין זאל נאר זיין מצ"ע, איז דאס נאך ניט דער תכלית השלימות וואס ווערט פון אים ערווארטעט, נאר מ'דארף זעהן אז דערפון זאל ארויסקומען אן ענין פון מעשה בפועל.

ובנוגע צו דער התוועדות - אז בהמשך ובסמיכות צו דער התוועדות, אדער תיכף ומיד נאך דער התוועדות, דארף ארויס-קומען אן ענין פון מעשה בפועל, בנוגע צו די ענינים וועגן וועלכע ס'רעדט זיך אין דער התוועדות.

ב. בשעת מ'איז זיך מתבונן און מ'טראכט זיך אריין אין דער סיבה פון דער התוועדות - איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז יעדער דבר טוב איז א דבר טוב, ובפרט ווען דאס קומט ארויס אין מעשה בפועל, איז אבער הקרוב קרוב יותר אז דאס זאל זיין פארבונדן מיט דער סיבה פון דער התוועדות.

וואס יעדער התוועדות האט איר מסובב הכי ראשון - אע"פ אז דערנאך זיינען דא כמה ענינים ופרטים וואס ווערן דערפון נסתעף, ביז וואנעט אז ס'קען זיין א צד השוה צווישן א התוועדות וואס איז צוליב איין סיבה מיט א התוועדות וואס איז צוליב אן אנדער סיבה - איז אבער לכל לדאש דא די סיבה הראשונה צו דער התוועדות.

ובדוגמא ווי דאס איז אין די רגלים שבתורה, אז ס'איז

- דא -

------------

1) סכ"ג (קלו, ב). 2) סה"ש תש"ד ע' 97 ואילך. תש"ה ע' 59. 74. 3) אבות פ"א מי"ז.

דא דער צד השוה אין אלע רגלים - דער ענין פון "ושמחת בחגך"⁴ [וכמבואר בכ"מ⁵ אז די שמחה דארף זיין ניט אין אן אופן של התבודדות וביחיד, נאר אדרבה, "אתה ובנך ובתך ועבדך ואמתך והלוי והגר והיתום והאלמנה אשר בשעריך"], אבער צוס אלעם ערשטן איז דא דער ענין המיוחד וואס איז דא בכל רגל בפ"ע:

חג המצות איז "זמן חרותנו", חג השבועות איז "זמן מתן תורתנו", און חג הסוכות איז "זמן שמחתנו", וואס דאס איז דער ענין המיוחד וואס איז דא בכל רגל בפ"ע - און דערנאך קומען ארויס די ענינים המשותפים בכל הרגלים, דאס וואס אלע רגלים זיינען "מועדים לשמחה" וכיו"ב.

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו א התוועדות וואס אידן קלייבן זיך צוזאמען, "אתה ובנך וגו'" ביז "והגר גו' אשר בשעריך", כולל אויך די נלווים עליהם אפי' אז זיי זיינען ניט קיין אידן נאר פון חסידי אוה"ע, וואס זיי ווילן אויך וויסן וועגן וואס ס'רעדט זיך און וואס זיי קענען דערפון נעמען וכיו"ב -

אז לכל לראש איז דא דער ענין וואס איז פארבונדן מיט דער סיבה פון דער התוועדות - און דערנאך קומען דערפון ארויס כמה פרטים וסעיפים, כיד ה' הטובה על כאו"א לפום שיעורא דילי', דאס וואס ער קען דערפון ארויסנעמען.

ג. די התוועדות איז פארבונדן מיט א הסתלקות ופטירה פון א אידן וואס האט זיך מוסר נפש געווען אויף הפצת התורה ומצוותי' אין די תנאים הכי קשים,

ביז וואנעט אז די סיבה - בדרך הטבע - אויף דעם וואס ער האט ניט געלעבט כו"כ שנים מערער - איז געווען פארבונדן מיט יסורי המאסר, און דערנאך אויך יסורי הגלות, וואס דער ענין הגלות איז דער שטארקסטער אופן וואס קען זיין אין יסורים, ביז אז דאס ווערט פארגליכן צו היפך החיים, כמבואר אין חינוך⁶.

וואס דערפון דארף ארויסקומען די הוראה בנוגע למעשה בפועל - אז מ'זאל זיך ניט רעכנען מיט קיינע שוועריקייטן און מיט די מניעות ועיכובים וואס זיינען דא אויף דעם ענין פון הפצת היהדות, תורה ומצוותי'.

ועד"ז אויך בנוגע צו חסידי אוה"ע - בנוגע צו זייערע

- שבע -

------------

4) ראה טז, יד. 5) ראה רמב"ם הל' יו"ט פ"ו הי"ח. טושו"ע (ואדה"ז) או"ה סתקכ"ט ס"ב (סי"א). סדה"י סוף הל' פורים. וראה סידור שער הסוכות רנז, רע"ג. 6) מצוה ה"י.

שבע מצוות ב"נ מיט אלע הסתעפויות וואס קומען ארויס דערפון, וואס זיי זיינען אין דערויף מחוייב ניט דערפאר וואס אזוי זאגט חכמה און שכל, נאר דערפאר וואס אזוי האט משה רבינו געהערט מפי הגבורה אין מעמד הר סיני, על מנת אז דאס זאל איבערגעגעבן ווערן און אנקומען אויך צו אוה"ע, ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם לשון הרמב"ם אין זיינע פסקי דינים[7].

וואס דאס איז די הוראה בנוגע לפועל וואס דארף ארויס-קומען פון דער התוועדות - אז מ'זאל טאן אין אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט הפצת הטוב והיושר (ווי ס'שטייט ביי אברהם אבינו[8] "אשר יצוה את בניו ואת ביתו אחריו גו' לעשות צדקה ומשפט"), ניט קוקנדיק אויף דעם וואס עס ווייזט זיך אויס אז ס'זיינען דא שוועריקייטן, אדער אפי' ווען ס'זיינען טאקע דא שוועריקייטן (ביז אז "תורת אמת" זאגט אז דאס זיינען מניעות אמיתיים) -

ווי מ'זעט במעשה בפועל פון דער הנהגה פון דעם בעל ההילולא (וואס דאס איז די סיבה צוליב וועלכע מ'האט זיך צוזאמענגעקליבן), אז בשעת ס'איז דא א החלטה תקיפה און באמיתיות אז מ'זאל זיך ניט רעכנען מיט קיינע שוועריקייטן, איז מען סוכ"ס מצליח אין דעם.

ביז וואנעט אז משנה לשנה ווערט נתוסף אין דעם נצחון פון דעם בעל ההילולא אויף די שוועריקייטן און די מניעות ועיכובים וואס ער האט געהאט אויף פארשפרייטן יהדות און עניני טוב וצדק בכל מקום שידו מגעת, ד.ה. אז נוסף צו זיין נצחון בזמן ההוא (ווי מ'האט דאס געזעהן דעמולט אין זיינע פעולות), איז משנה לשנה קומען צו נאך פעולות און נאך פעולות, אין אן אופן פון מוסיף והולך ואור.

ד. האמור לעיל (אז משנה לשנה קומט נאך צו אין דעם ענין) איז פארבונדן מיט דעם ענין פון נצחיות הנפש (וואס מ'איז ניט משים לב לזה ככל הדרוש), כדלקמן (ס"ה):

בשעת ס'פעלט זיך א מענטש, איז ח"ו צו זאגן אז ס'איז גארניט געבליבן פון אים - ווארום די נפש איז דאך א נצחית.

ובפרט לויט ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ק סי' ז"ך וביאורו, אז די פעולות פון דעם צדיק זיינען דערנאך מאיר דא למטה, ומשנה לשנה ומזמן לזמן קומט נאך צו אין דעם - ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דער אגרת אז אזוי איז דאס בנוגע צו יעדערן וואס בחיים חייתו בעלמא דין האט ער זיך פארנומען מיט הפצת התורה והיהדות.

- וואס -

---

7) הל' מלכים פ"ח ה"י-יא. 8) וירא יח, יט.

וואס דער ענין פון נצחיות הנפש איז אן ענין וואס איז שוין נתקבל געווארן מיט הונדערטער יארן צוריק אויך ביי אוה"ע, אפי' ביי די וואס טענה'ן אז זיי האלטן זיך ניט ביי די שבע מצוות ב"נ וכיו"ב – ועאכו"כ אז ס'איז אנגענומען געווארן ביי יעדער איד און ביי אלע אידן, וואס יעדער איד איז א "מאמין בן מאמין"[9] [אפי' דער וואס וויל זיך איינרעדן אז ביי אים איז דער ענין האמונה ניט בגילוי – ווי דער רמב"ם[10] זאגט אז דער אמת איז אז ס'איז מערניט ווי "יצרו הוא שתקפו"].

ביז אז דער ענין פון נצחיות הנפש איז פארשטאנדיק בפשטות, און מיט א הסברה הכי פשוטה:

עס האט ניט קיין ארט אין שכל צו זאגן אז מצד דערויף וואס ס'האט געפעלט אין אכילה ושתי' און אין בריאות הגוף, זאל דאס אנרירן דעם קיום הנפש; אין שכל לייגט זיך אז העדר אכילה ושתי' (וואס דערפון ווערט דם ובשר כבשרו[11]) קען אנרירן אין דעם בשר, אז ער ווערט אפגעשוואכט וכו', ביז אז ס'קען אויך אנרירן דעם קישור הנפש בגוף (וואס דאס איז אלץ אן ענין וואס איז פארבונדן מיטן גוף) – ס'איז אבער היפך השכל הפשוט צו זאגן אז דאס קען אנרירן אין דעם קיום הנפש מצ"ע.

ה. אין דערויף קומט נאך צו דאס וואס <u>תורה</u> איז מדגיש (ובפרט ע"פ המבואר אין פנימיות התורה – אבער דאס קומט אויך אראפ אין מנהגי ישראל):

ניט נאר אז די נשמה איז א נצחית, נאר דורך דעם וואס ירדה למטה ונתלבשה בגוף, קומט נאך צו אן עלי' אין דער נשמה, און דערנאך קומט אין איר צו אן עלי' משנה לשנה, אז די איז הולך "מחיל אל חיל"[12].

וואס דאס איז דער טעם הפשוט אויף דעם מנהג ישראל (וואס איז אנגענומען בכל המקומות ובכל הקהילות) אז מידי שנה בשנה ווען ס'קומט דער טאג פון דעם יארצייט, זאגט מען דעמולט א תפלה מיוחדת, און מ'טוט ענינים מיוחדים פון טוב וצדק לעילוי הנשמה, אע"פ אז מ'האט דאס שוין געטאן פאר-א-יארן און פאר צוויי יארן וכו' –

וואס די הסברה בזה בפשטות איז[13] – וויבאלד אז די נשמה

- איז -

------------

9) ראה שבת צז, א. 10) הל' גירושין ספ"ב. 11) ראה תניא פ"ה (ט, סע"ב ואילך). 12) ל' הכתוב – תהלים פד, ח. וראה ברכות בסופה. 13) ראה גם לקו"ש ח"י ע' 213 ובהנסמן בהע' 5 שם.

איז עולה "מחיל אל חיל", דארף מען מוסיף זיין אין די ענינים וואס מ'האט געטאן לעילוי הנשמה בשנה שעברה, אז ס'זאל צוקומען נאך א מעשה טוב, א דיבור טוב, און א מחשבה טובה, לזכות הנשמה,

אדער – ווי דער לשון הידוע[14] – אז ניט זיי דארפן אנקומען צו אונז, נאר מיר דארפן אנקומען צו זיי, וואס דערפאר זאגט מען "זכותו יגן עלינו".

וואס דאס איז די הדגשה מיוחדת וואס איז דא אין דעם ענין פון נצחיות הנשמה, אז ע"י ירידתה למטה אין דעם גוף, איז ניט נאר אז זי איז א נצחיות און שטייט אין דעם זעלבן מעמד ומצב, נאר זי גייט "מחיל אל חיל",

וואס די הליכה "מחיל אל חיל" איז אויך במשך כל השנה כולה, נאר דעמולט איז דאס א הליכה וואס איז בערך – משא"כ ווען ס'הויבט זיך אן א נייער יאר, איז די הליכה אין אן אופן וואס איז שלא בערך (וואס דערפאר זיינען דעמולט דא מנהגים מיוחדים און פעולות מיוחדות).

ו. און דאס איז די הוראה וואס דארף ארויסקומען פון דער התוועדות בנוגע צו "המעשה הוא העיקר" – אז ס'זאל צוקומען א הוספה, אין אן אופן וואס איז שלא בערך, אין די אלע ענינים אין וועלכע דער בעל ההילולא האט געלעבט און האט זיך מוסר נפש געווען –

ובפרט בנדו"ד, אז דאס איז געווען די סיבה (בדרך הטבע) וואס האט געבראכט צו דעם ענין המאסר, ולאח"ז – צום ענין הגלות, ולאח"ז – צו דער הסתלקות.

און ס'זאל זיין דער ענין פון "והחי יתן אל לבו"[15], און אין אן אופן פון שמחה וטוב לבב, אזוי ווי ס'דארף זיין דער קיום פון אלע מצוות[16], אפי' בנוגע צו די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט "והחי יתן אל לבו" (כמדובר כמ"פ ווי אזוי ס'איז ניט קיין סתירה, אע"פ אז לכאו' איז דאס א דבר והיפוכו), אז ס'ווערט דער "והחי יתן אל לבו", אין אן אופן אז ער איז "חי" און שטייט אין א מעמד ומצב פון חיות.

און פון דעם "יתן אל לבו" זאל דערנאָך זיין דער "ליבא פליג לכל שייפין"[17], אז דאס ווערט ארויסקומען אין מעשה בפועל, דורך אלע רמ"ח אברים ושס"ה גידים שלו.

וואס דורך דעם ווערט מען מוסיף זיין אור בעולם – און

- דאס -

---

14) ראה לקו"ד כרך א' ם, א ואילך. 15) קהלת ז, ב.
16) ראה רמב"ם סוף הל' לולב. 17) ראה זח"ג קכא, ב.

דאס וועס מזרז זיין און ממהר זיין דעם קיום היעוד פון "ומחה ה' דמעה מעל כל פנים"[18], "והקיצו ורננו שוכני עפר"[19] והוא בתוכם,

בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

ז. מ'האס דערמאנט (ס"ב-ג) במיוחד אויך וועגן חסידי אוה"ע (וואס דורך זיי קומט דאס אויך אן לכל עמי הארץ) - וויבאלד אז דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם מאסר פון בעל ההילולא (און עד"ז געפינט מען אויך ביי דעם מאסר וואס איז געווען ביי כ"ק מו"ח אדמו"ר):

ביי כו"כ גדולי ישראל וואס האבן זיך פארנומען מיט הפצת היהדות, תורה ומצוותי', איז געווען אן ענין של מאסר. ובפרט ביי נשיאי חב"ד, אנהויבנדיק פון דעם אלטן רבי'ן, און דערנאך אויך ביים מיטעלן רבי'ן, און דערנאך אויך ביים צמח צדק.

אבער ביי זיי איז דער מאסר געווען אין אן אופן אז זיי זיינען געווען בפ"ע, אדער ווי ס'איז געווען ביים מיטעלן רבי'ן, אז צוזאמען מיט אים זיינען געזעסן נאך אידן[20]. און אפי' ביים מאסר פון דעם צ"צ, איז ער אויך געווען בפ"ע בחדר שלו, ווי דערציילט אין די זכרונות פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, און אפי' דער מאסר וואס איז דעמולט געווען בשעת האסיפה, איז דאס אלץ געווען במעמד פון אידן, און די ניט אידן זיינען געווען די וואס האבן ארעסטירט[21].

משא"כ ביי דעם מאסר פון כ"ק מו"ח אדמו"ר[22], ועד"ז דערנאך ביי דעם מאסר וואס איז געווען ביים טאטן[23] - האבן ביידע מדגיש געווען און דערציילט אז בחדר שלהם זיינען אויך געווען אינם יהודים.

ח. יעדער ענין איז דאך בהשגחה פרטית, עאכו"כ אן ענין וואס איז פארבונדן מיט א מאורע וואס האט דערנאך געהאט שטארקע און גרויסע און פארצווייגטע תוצאות - וואס דעמולט איז א זיכערע זאך אז מ'דארף זיך אויך מתבונן זיין אין

- פרטי -

---

18) ישעי' כה, ח. 19) שם כו, יט. 20) ראה "התמים" חוברת ב ע' פא ואילך. מבוא ל"בד קודש" ע' 7-8. ובארוכה - בספר ההולדות אדהאמ"צ ע' 105 ואילך. 21) ראה "התמים" חוברת ו ע' מח. 22) ראה ספר התולדות אדמו"ר מהוריי"ץ ע' 180. 23) ראה ספר "תולדות לוי יצחק" ע' 178 ואילך.

פרטי הדבר, און פון דער התבוננות דארף אויך צוקומען אין די תוצאות וועלכע מ׳נעמט ארויס פון דער התבוננות, ביז אז ס׳זאל אראפקומען אין מעשה בפועל.

וואס דא זעט מען אז ביי ביידן (ביי כ"ק מו"ח אדמו"ר, און ביים סאטן) איז געווען דער ענין אז צוזאמען מיט די אידן וואס זיינען געווען מיט זיי, זיינען דארטן אויך געווען ניט אידן.

וואס לכאו׳ איז דאס א דבר פלא: דער מאסר איז געווען איבער הפצת התורה והיהדות - איז וואו איז דא דער צד השוה צווישן א אידן מיט ניט קיין איד, וואס דערפאר זיינען ביידע געזעסן באותו החדר?!

ובפרט אז דאס איז ניט געווען באופן עראי, נאר אויף א משך זמן, און ס׳איז אויך ידוע אז זיי האבן גערעדט צווישן זיך אין געוויסע ענינים, וואס דאס גופא שאפט א שייכות צווישן זיי.

און וויבאלד אז יעדער ענין דארף אראפקומען במעשה בפועל - זעט מען סאקע אז ביי די וואס האבן זיך געפונען אין מאסר צוזאמען מיט זיי, איז דערנאך געווארן א שינוי ביי זיי (מ׳האט ניט געהערט די פרטי הדברים אין וואס זיי זיינען נשתנה געווארן בחייהם, אדער דאס גופא וואס מ׳האט דערציילט וועגן זיי, איז א הוכחה אז ביי זיי איז געווארן א שינוי בנוגע לפועל).

איז דאך פארשטאנדיק, אז ווען ס׳דארף זיין דער "והחי יתן אל לבו", דארף זיין א הוראה בנוגע למעשה בפועל, אויך פון דעם ענין:

מ׳דארף זיך ניט באגנוגענען מיט דעם ענין פון הפצת היהדות, תורה ומצוותי׳, צווישן אידן, נאר מ׳דארף אויך פועל׳ן אויף די ניט אידן וואס געפינען זיך בסביבתו, בנוגע צו אלע ענינים פון טוב וצדק ויושר, ביז אז מ׳זאל אויף זיי פועל׳ן אז אויך ווען זיי גייען אוועק אין אנדערע ד׳ אמות, זאלן זיי דארטן אויך טאן אין הפצת הטוב והצדק והיושר, מיוסד אויף דעם וואס דער אויבערשטער האט אנגעזאגט אין מעמד הר סיני וועגן אלע שבע מצוות ב"נ, מיט אלע זייערע סעיפים והסתעפויות.

וואס דער ענין איז מודגש במיוחד אין דעם מאסר וגלות וואס איז פארבונדן מיט כ"ף אב, ועד"ז איז דאס אויך מודגש אין דעם ענין פון י"ב-י"ג תמוז, ועאכו"כ אין מאורעות דומים של שמחה.

- ס. -

הנחת הת׳ בלתי מוגה

ס. און "שמחה פורץ גדר"[24] - אז צוזאמען דעדמיט וואס ס'זיינען דא שבעים אומות, און ס'איז דא דער "עם לבדד ישכון"[25], און "ודתיהם שונות מכל עם"[26] - איז דאס אבער אין אן אופן אז מ'האט השפעה אויף די אוה"ע, כולל אויך דעם ענין פון "ודרשו את שלום העיר גו' והתפללו בעדה"[27],

וואס די תפלה ברענגט אויך צו מעשים, אז מ'זאל טאן אין ענינים וואס זיינען פאדבונדן מיט טובת העיר והמדינה, עאכו"כ זעהן בעסער מאכן די עסקני העיר והמדינה - ע"י השפעה מתאימה - אז זיי זאלן ממלא זיין תפקידם בשלימות.

און דעמולט ווערט דאס א פעולה נמשכת, און ס'איז אין אן אופן פון הולך ומוסיף - אזוי ווי אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט מצוות, כולל אויך די מצוה פון מפיץ זיין דעם קיום פון די שבע מצוות ב"נ.

און דאס איז ממהר און מזרז דעם קיום היעוד "אז אהפוך אל עמים שפה בדורה גו' לעבדו שכם אחד"[28], ביז אז "והיתה לה' המלוכה"[29], אז מלכות ה' וועט שטיין בגלוי בכל העולם כולו - בעגלא דידן, ומתוך שמחה וטוב לבב.

וואס יעדער מעשה טוב, יעדער פעולה אין דער ריכטונג, איז נאכמער ממהר ומקדים את הדבר -

ביז אז ס'וועט זיין "מיד הן נגאלין" (בלשון הרמב"ם[30]), בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

* * *

י. מ'האט גערעדט פריער (ס"ו) אז ס'דארף זיין דער "והחי יתן אל לבו" - אז מ'זאל זיך מתבונן זיין אין די ענינים וואס האבן געבראכט צום מאסר און צום גלות, ביז צו דער הסתלקות. וואס לכל לראש איז דאס געווען דער ענין החינוך.

דער ענין החינוך איז כולל סיי דעם חינוך צו גדולים בשנים וקטנים בידיעות, און סיי דעם חינוך צו קטנים כפשוטו - סיי בשנים און סיי בידיעות. און דער עיקר הגזירה איז געווען בנוגע צו דעם חינוך פון קטנים כפשוטו (וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס איז די סיבה (בדרך הטבע) וואס האט געבראכט צו די אלע ענינים פון דעם מאסר וכו').

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז פון די ענינים עיקריים וועלכע מ'דארף ארויסנעמען פון דעם "והחי יתן אל לבו" -

---

24) ראה ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ע' 49 ואילך. 25) בלק כג, ט. 26) אסתר ג, ח. 27) ירמי' כט, ז. 28) צפני' ג, ט. 29) עובדי' א, כא. 30) הל' תשובה פ"ז ה"ה.

לבו" - איז, אז מ'זאל מוסיף זיין אין די פעולות וואס זיינען פארבונדן מיט דעם חיזוק וביסוס פון דעם ענין החינוך פון קטנים וקטנות.

ביז אז ס'זיינען דא ערטער וואו מ'דארף אנהויבן טאן אין דערויף פון אנהויב, ניט נאר אן ענין פון חיזוק וביסוס פון א דבר הקיים כבר (אז ס'איז שוין דא דער ענין החינוך, און מ'פארגרעסערט דאס), נאר מייסד זיין דעם ענין החינוך מחדש.

יא. כדי צו פארבינדן דאס גלייך מיט א פעולה בנוגע לפועל (וואס דורך דעם וועט דערנאך זיין לייכטער דער המשך לאח"ז) - איז אזוי ווי ס'געפינען זיך דא קטנים און קטנות, און מסתמא ווייסן זיי די י"ב פסוקים ומארז"ל - איז כפי הנהוג אין די התוועדויות בפעמים האחרונות, זאלן זיי באווייזן אז זיי זיינען שוין מחונכים און זאגן די י"ב פסוקים ומארז"ל, און די גדולים וועלן זיי נאכזאגן - אין א סדר הפוך.

און דאס וועט מהפך זיין דעם חושך הגלות, אז ס'וועט זיין "לילה כיום יאיר"[31], און אתהפכא חשוכא לנהורא ומרירו למיתקא[32], בקרוב ממש.

און "בנערינו ובזקנינו גו' בבנינו ובבנותנו"[33] וועט מען גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, און באווייזן - ראה גידולים שגידלנו.

[אמרו את הי"ב פסוקים ומארז"ל.

אח"כ צוה כ"ק אדמו"ר שליט"א לנגן עוצו עצה ותופר].

* * *

יב. בהמשך להמדובר לעיל וועגן חינוך הקטנים והקטנות, סיי די וואס זיינען קטנים וקטנות בפשטות - אין יארן, און סיי די וואס זיינען קטנים וקטנות אין ידיעות און הבנה והשגה, אדער אפי' ווען ער האט שוין די ידיעה, ער פארשטייט אבער ניט די חשיבות הענין און די שטארקייט און הארבקייט פון דער זאך, וואס דעמולט פעלט ביי אים די נקודה העיקרית, דאס וואס לימוד איז מביא לידי מעשה[34] - וואס דערפאר דארף מען זעהן אז דער חינוך זאל זיין א חינוך הראוי, אז דאס זאל ביי אים אראפקומען אין מעשה בפועל.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק בנוגע לענינינו, אז ס'איז

- ניט -

---

31) תהלים קלט, יב. 32) זח"א ד, א. 33) בא י, ט.
34) קידושין מ, ב.

ניט געגנוג דער אופן החינוך וואס מ׳גיט איבער דעם מחונך א סכום גדול פון ידיעות שונות בכל השטחים, נאר דער עיקר איז, אז ס׳זאל זיין א חינוך וואס זאל אראפקומען אין מעשה בפועל, אז דער מחונך זאל וויסן "את המעשה אשר יעשון"[35] און "אשר לא תעשינה"[36].

יג. וואס אויף דערויף איז ניט גענוג שכל אליין - כידוע דאס וואס ס׳איז מבואר אין מו"נ[37] (און פארשטאנדיק אויך בפשטות), אז מצד השכל קען מען נאר וויסן וואס איז אמת און וואס איז היפך האמת, אבער שכל איז ניט מחייב ער זאל זיך פירן אין א געווויסן אופן, ווארום שכל זאגט ניט וואס איז טוב און וואס איז רע.

דער שכל קען אים נאר זאגן אז אויב ער וועט טאן באופן כזה וועלן די תוצאות זיין באופן כזה, און אויב ער וועט טאן באופן הפכי וועלן די תוצאות זיין הפכיות - אבער ווי אזוי ער דארף טאן און ווי ער זאל טאן, היינגט דאס אפ אין אים, און דער שכל זאגט אים ניט וואס ער זאל טאן און וואס ער זאל ניט טאן.

דער שכל זאגט אים אז צוויי מאל צוויי איז פיר, און אויב מ׳זאגט אז דאס איז פינף, איז דאס היפך המציאות, היפך האמת און היפך השכל; ווען ס׳רעדט זיך אבער וועגן אן ענין וואס קען ברענגען צו חיים אדער צו היפך החיים, וועט אים דער שכל ניט זאגן צי ער דארף טאן דעם ענין וואס ברענגט צו חיים אדער ער דארף טאן דעם ענין וואס ברענגט צו היפך החיים (אפי׳ ווען ס׳איז א דבר ברור וואס די תוצאות וועלן זיין), ווארום שכל זאגט נאר אז דאס איז א מעמד ומצב פון חיים און דאס איז א מעמד ומצב פון היפך החיים, אבער שכל זאגט ניט אז חיים איז טוב און היפך החיים איז היפך הטוב.

יד. ובדוגמא ווי דאס איז אויך אין שכל התורה:

דער מעמד ומצב פון הסתלקות של צדיקים (וואס דערמיט איז פארבונדן די התוועדות), איז אן ענין בלתי רצוי, און ווי רש"י ברענגט אראפ אין דעם שיעור חומש פון היינטיקן טאג[38] אז "קשה מיתתן של צדיקים לפני הקב"ה כיום שנשתברו בו הלוחות" - און צוזאמען דערמיט זאגט כען אז דאס איז אן ענין של כפרה[39], ד.ה. אז אין דערויף איז אויך דא דער חלק הטוב.

- און -

------------

35) ל׳ הכתוב - יתרו יח, כ. 36) ל׳ הכתוב - ויקרא ד, ב. ועוד. 37) ח"א פ"ב. 38) עקב י, ז. 39) מו"ק כח, רע"א. הובא בפרש"י חקת כ, א.

און ווי מ'זעט דאס אויך בנוגע צו דער הנהגה פון בעל ההילולא:

צוליב מפיץ זיין דעם ענין החינוך פון טוב ויושר, און חינוך פון הפצת התורה, האט ער זיך איינגעשטעלט און געטאן אין ר'עדויף, וויסנדיק אז בדרך הטבע (און "אין סומכין על הנס"[40]) וועט דאס ברענגען צו אן ענין פון היפך החיים, אדער צו אן ענין של יסורים (וואס "מה לי קטלה כולה מה לי קטלה פלגא"[41]), וואס דאס איז אן ענין פון היפך הטוב - ווארום ע"פ התורה האט מכריע געווען די התעסקות אין הפצת התורה, אע"פ אז ע"פ דרך הטבע קען דאס ברענגען צו ענינים וואס זיינען היפך הטוב.

וואס דערפון זעט מען (כאמור לעיל) אז שכל (אויב דאס איז א שכל אמיתי) קען נאר זאגן אז אויב ער וועט טאן די פעולה וועט זיין דער מסובב וכו', אבער שכל איז נים מחייב ווי אזוי ער זאל זיך פירן בפועל.

טו. און דאס איז דער כללות החילוק צווישן "חכמה" מיט "תורה" - און דערפאר זאגט מען[42] "יש חכמה בגוים תאמין כו' יש תורה בגוים אל תאמין":

"יש חכמה בגוים תאמין", ווארום אויף דערויף דארף מען נים אנקומען צו דעם ענין פון מעמד הר סיני, דער אויבערשטער האט איינגעגעבן אין דעם טבע פון א בעל שכל, אז אויב ער וועט נאר נים זיין משוחד, וועט ער צוקומען צו ידיעת החכמה.

אבער "יש תורה בגוים אל תאמין" - אן ענין של הוראה[63], אז מ'זאל וויסן ווי אזוי מ'דארף זיך פירן, דאס קען קומען נאר מצד א כח עליון וואס איז למעלה מן האדם, וואס דערפאר דארף מען אנקומען צו דעם ענין פון מעמד הר סיני כדי אז ס'זאל זיין דער ענין פון "תורה" - הוראה.

טז. און ווי מ'האט געזעהן בפועל בדורנו זה - אז דער פאלק וואס ביי אים איז געווען דער ענין החכמה בהתפתחות גדולה, ביי זיי איז געווען "חכמה בגוים", איז נים נאר אז זיי האבן דערפון נים ארויסגענומען הוראות אמיתיות ווי אזוי מ'זאל זיך פירן כדי אז ס'זאל זיין דער ישוב העולם, "לשבת יצרה"[44], נאר דאס האט געבראכט צו "תוהו", צו אן ענין של הרס וחורבן וכו', אויסנוצנדיק אויף דעם די ידיעות וואס זיי האבן געהאט פון זייער חכמה.

- וואס -

---

40) ראה פסחים סד, ב. 41) ב"ק סה, א. 42) איכ"ר פ"ב, יג. 43) ראה זח"ג נג, ב. 44) ל' הכתוב - ישעי' מה, יח. וראה לקו"ש ח"ה ע' 159 הע' 63.

וואס דאס איז ניט דערפאר וואס זייער חכמה איז געווען באופן הפכי, אז זייער שכל האט געזאגט אז צוויי מאל צוויי איז פינף - נאר דערפאר וואס זיי האבן אויסגענוצט זייער חכמה אויף ענינים הפכיים, ובלשון הכתוב[45] "חכמים הכה להרע".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער עצם ואמיתית ענין החינוך (אויב ס'איז א חינוך הראוי לשמו) דארף זיין אין אן אופן, אז נוסף צו די אלע ידיעות וואס מ'דארף געבן די מחונכים, איז דער יסוד ועיקר החינוך - דער ענין האמונה אין דעם בורא העולם ומנהיגו, אז ס'איז ניט קיין הפקר נאר "יש בעה"ב לבירה זו"[46], און ער איז דער איינציקער בעה"ב וואס פירט אן מיט דער גאנצער וועלט, בכל מקום ובכל פנה.

יז. האמור לעיל קומט בהמשך צו דער התעוררות וואס איז געווען מיט עטליכע חדשים צוריק, וואס די ממשלה פון מדינה זו האט קובע געווען א יום בשנה וואס זאל זיין פארבונדן מיט דעם ענין החינוך - כדי ארויסברענגען מיט א הדגשה די וויכטיקייט פון דעם ענין החינוך, ניט נאר התחלת החינוך, דאס וואס מ'גיט דעם מחונך די ידיעות, נאר צוזאמען מיט דער הוראה ווי אזוי מ'זאל זיך פירן אין מעשה בפועל בחיי יום יום.

ובהמשך צו דער התוועדות - איז די הצעה אז דערפון זאלן ארויסקומען די זעלבע תוצאות בנוגע לכל המקומות.

אזוי ווי מ'איז איינגעוואוינט אויסטייטשן יעדער זאך וואס מ'מיינט דערמיט (ווארום אויב ניט, חזר'ט מען דאס און מ'פארשרייבט דאס, און מ'בינדט דאס איין, און מ'שטעלט דאס אוועק אויף דער פאליצע עד לשנה הבאה) - איז די כוונה בזה בפשטות:

מ'זאל דורכפירן אז די מוסדות המחוקקים זאלן קובע זיין א הדגשה אויף דעם ענין החינוך, באופן המתאים למדינה זו, לפלך זה, אדער לעיר זו, און מדגיש זיין די חשיבות פון ענין החינוך דורך דעם וואס מ'וועט קובע זיין א יום מיוחד בשנה וואס איז דערמיט פארבונדן, אדער דורך אנדערע פעולות.

און מאכן דערפון דעם פרסום המתאים, כדי אז דאס זאל אנקומען צו די עלטערן פון די קינדער, אז זיי זאלן נאכאמאל איבערקוקן און איבערטראכטן וואס איז זייער יחס בנוגע צו דעם חינוך פון זייערע קינדער, צי זיי האבן אלץ געטאן כדי אז די קינדער זאלן באקומען דעם חינוך הכי טוב,

ד.ה. אז די עלטערן זאלן זיך ניט באגנוגענען דערמיט

- וואס -

---

45) ירמי' ד, כב. 46) ראה ב"ר דפל"ט.

וואס זיי גיבן זייערע קינדער א חינוך באופן ממוצע אדער וויניקער דערפון, נאר געבן זיי דעם חינוך הכי טוב - און ווי מ׳זעט בפשטות אז ווען ס׳רעדט זיך וועגן די גשמיות פון די קינדער, ווילן די עלטערן אז די קינדער זאלן האבן דעם טוב ביותר, זיי באגנוגענען זיך ניט מיט טוב סתם, נאר זיי ווילן דעם טוב ביותר, און מ׳רעכנט זיך ניט מיט קיינע שוועריקייטן - איז עד"ז דארף אויך זיין בנוגע צו דעם ענין החינוך.

וואס כדי אז דאס זאל אנקומען צו די עלטערן פון די קינדער, ניט נאר אלס ידיעה בעלמא, נאר מיט דער הדגשה אז ס׳זאל זיין דער "יתן אל לבו", אז זיי זאלן דאס איבערטראכטן, און גלייך ארויסנעמען דערפון די מסקנות בנוגע לפועל - דארף מען האבן אז דאס זאל דורכגעפירט ווערן דורך די מוסדות המחוקקים, די מוסדות וואס פירן אן מיט דער מדינה, מיט דעם פלך, מיט דער שטאט, און מיט דער שכונה,

דורך דערויף וואס זיי וועלן מאכן אן אסיפה מיוחדת, און מחליט זיין וועגן קובע זיין א יום מיוחד, אדער טאן א פעולה מיוחדת וואס איז פארבונדן מיט דער הדגשה אויף גודל ענין החינוך,

און צוזאמען דערמיט זאל מען אויך אפדרוקן ענינים וואס מ׳וועט זיי קענען מיטנעמען און ליינען אויף מארגן נאך דעם טאג פון דער פעולה, און זיך מתבונן זיין נאכאמאל אין דעם וואס ער (דער פאטער) אדער זי (די מוטער) דארף טאן בנוגע צו דעם חינוך פון זייער זון אדער טאכטער.

יח. ובנוגע לפועל:

די אלע וואס הערן דאס וואס מ׳רעדט, און די וואס וועלן דאס דערהערן און זיך מתבונן זיין בזה, און צוקומען צו דער החלטה - איז די וואס קענען האבן א השפעה אין די מוסדות פון כל המדינה, אדער פון דעם פלך, פון דער שטאט, אדער פון דער שכונה, זאלן זיי משפיע זיין און אראפברענגען לפועל, אז דער מוסד המחוקק והמבצע (די וואס דארפן מאכן די הוראה און דערנאך זעהן אז די הוראה זאל דורכגעפירט ווערן), זאלן זיך צוזאמענקלייבן און מאכן אן אסיפה מיוחדת און החלטות מיוחדות בנוגע צו דעם ענין החינוך, צוזאמען מיט חומר הנדפס וואס מ׳וועט מפיץ זיין און מפרסם זיין אויף מארגן און איבערמארגן, ויש מחר לאחר זמן[47].

און דער צוזאמענקלייבן זיך וכו׳ זאל פארקומען נאך

- איידער -

---

47) פרש"י עה"פ בא יג, יד. ועוד.

איידער ס'הויבט זיך אן די שנה הלימודים, ווארום ס'איז לייכטער ווען מ'שטעלט אוועק מלכתחלה אז דער חינוך זאל זיין באופן כזה, משא"כ ווען מ'דארף דאס דערנאך משנה זיין.

וכאמור, אז ס'זאל זיין מודגש דער כללות ענין החינוך, און אז עיקר החינוך באשטייט ניט נאר אין די ידיעות וואס מ'גיט דעם תלמיד אדער די תלמידה - דאס איז מערניט ווי א הכנה והקדמה, און דער עיקר החינוך איז - מחנך זיין זיי זאלן זיך פירן אין אן אופן פון "לשבת יצרה",

און ניט רעכנען זיך מיט קיינע שוועריקייטן, ביז אז מ'וועט זיך ניט רעכנען מיט די תנאים הקיימים, נאר מ'וועט זעהן אז זיי זאלן ווערן בעסער - ביז וואנעט אז יעדער קינד וועט באקומען דעם תכלית הטוב וואס איז דא אין דעם ענין החינוך.

יט. און דערנאך וועלן נצטרף ווערן די פעולות פון איין שכונה מיט דער צווייטער שכונה, פון איין שטאט מיט דער צווייטער שטאט, פון איין פלך מיטן צווייטן פלך, און פון איין מדינה מיט דער צווייטער מדינה,

ובפרט אז איצטער איז געווארן לייכטער דורכפירן דעם ענין - ווארום מ'קען ברענגען א ביישפיל דערפון וואס א מדינה הכי אדירה (וואס ווערט אנגערופן בפי כל עמי הארץ "סופער פאוער") האט דאס מחליט געווען און ארויסגעגעבן און אפגעדרוקט און מפרסם געווען בפומבי - איז לייכטער פועל'ן אז אנדערע מדינות זאלן אויך אזוי טאן (אדער טאן על דעת עצמם, אבי אז דער ענין זאל זיך אפטאן).

און דעמולט האט מען די הבטחה אז דורך דעם חינוך הטוב מאכט מען פון דעם מחונך אז ער זאל אויך ווערן א פעיל, ער זאל אנהויבן טאן אין דער ריכטונג, און ער העלפט אויך דורכפירן די אלע ענינים.

און דורך דעם ווערט קלענער דער העלם והסתר פון דעם עולם (מלשון העלם והסתר[48]), און ס'ווערט א דירה לו ית' בתחתונים, דורך דערויף וואס "תרבה הדעה והחכמה" (בלשון הרמב"ם[49]), וואס "חכמה ודעת" מיינט ניט נאר ידיעת הדברים, נאר אז די ידיעה ולימוד זאל זיין אין אן אופן וואס איז מביא לידי מעשה.

און דעמולט וועט מען אויפשטעלן דורות וואס וועלן גיין בדרך הטוב והישר - אז ס'וועט זיין דער ענין פון "ועשית הישר והטוב בעיני ה' אלקיך"[50].

* * *

- כ. -

------------

48) לקו"ת שלח לז, ד. ובכ"מ. 49) הל' תשובה פ"ט ה"ב.
50) ל' הכתוב - ואתחנן ו, יח.

כ. פרשת השבוע ווערט דאך פאנאנדערגעטיילט אויף שבעה חלקים, כנגד שבעת ימי השבוע - איז דא דער חלק הסדרה וואס איז פארבונדן מיט יום הרביעי, וואס דערפון דארף אויך זיין א לימוד והוראה.

אין דעם חלק הסדרה פון יום הרביעי, רעדט זיך וועגן דער הסתלקות פון אהרן, און רש"י איז מפרש אז "קשה מיתתן של צדיקים וכו׳" (ווי דערמאנט פריער (סי"ד)).

[וואס דערמיט טייטשט אפ רש"י די שייכות פון הסתלקות אהרן צו דעם וואס ס׳שטייט פריער[51] "פסל לך שני לוחות אבנים כראשונים",

[וואס די לוחות האחרונות זיינען געווען פארבונדן דערמיט וואס מיט אידן האט געטראפן אן ענין בלהי רצוי, ביז צו דעם חסרון הכי גדול, אויף וועלכן מ׳זאגט "וביום פקדי ופקדתי"[52] - האט אבער דער אויבערשטער גלייך געזאגט צו משה רבינו "פסל לך גו׳", אז ער גייט אים געבן לוחות אחרונות פאר די אידן וואס האבן געטאן דעם און דעם ענין],

וואס לכאו׳, הסתלקות אהרן איז דאך געווען 40 יאר נאך דעם ענין פון לוחות אחרונות, איז פאדוואס שטייט דער ענין פון הסתלקות אהרן בסמיכות צו שבירת הלוחות און לוחות שניות?

און וויבאלד אז "תורה אמת" שטעלט דאס צוזאמען, איז דאך פארשטאנדיק אז ס׳איז דא א שייכות צווישן די צוויי ענינים - וואס אויף דערויף זאגט רש"י "סמך משה הוכחה זו לשבירת הלוחות, לומר שקשה מיתתן של צדיקים לפני הקב"ה כיום שנשתברו בו הלוחות"].

וואס בנוגע צו הסתלקות אהרן שטייט[53] "ויבכו את אהרן גו׳ כל בית ישראל" (נאכמער ווי ס׳איז געווען ביי משה רבינו, וואס ביי אים שטייט[54] "ויבכו בני ישראל"), "האנשים והנשים, לפי שהי׳ אהרן רודף שלום ומטיל אהבה בין בעלי מריבה ובין איש לאשתו"[55].

וואס דאס איז געווען ענינו של אהרן, "אוהב שלום ורודף שלום", ביז "אוהב את הבריות"[56] - ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין ספר הניא קדישא[57], אז אפי׳ די וואס די איינציקע מעלה וואס מ׳קען זאגן אויף זיי איז מערניט דאס וואס זיי זיינען "בריות", זיי זיינען באשאפן געווארן דורך

- דעם -

---

51) פרשתנו י, א. 52) תשא לב, לד. וראה פרש"י עה"פ. סנהדרין קב, א. 53) חקת שם, כט. 54) ברכה לד, ח. 55) פרש"י עה"פ. וראה אדר"נ פי"ב בהחלתו. 56) אבות פ"א מי"ב. 57) פל"ב (מא, ב).

דעס אויבערשטן (קיין אנדער מעלה האבן זיי ניט) - איז ניט נאר אז ער האט זיי ניט אנגערירט, און האט זיי געגעבן דאס וואס זיי דארפן האבן, נאר ער האט דאס געטאן אין אן אופן פון "אוהב את הבריות", מתוך אהבה (וכמובן אז דאס איז ניט געווען קיין געמאכטע אהבה ח"ו, נאר אן אהבה אמיתית).

כא. די הוראה דערפון:

די אלע ענינים האמורים לעיל, אז מ'דארף טאן אין הפצת היהדות בסביבתו הקרובה ביז אויך בסביבתו הרחוקה - דארפן געטאן ווערן מתוך אהבה, ביז אין אן אופן פון "אוהב את הבריות", וואס די מעלה פון "בריות" האט ראך יערערער, ווארום ער איז באשאפן געווארן ע"י הקב"ה.

און ווי די גמרא[58] דערציילט אז בשעת מ'האט אנגעוויזן אויף געוויסע חסרונות, האט יענער געזאגט "לך ואמור לאומן שעשאני כו'", אז דאס האט ניט צוטאן מיט אים, נאר מיטן "אומן שעשאני", מיט דעם וואס האט אים באשאפן.

און בשעת ער וועט זיך דערמאנען מיטן "אומן שעשאני", איז פארשטאנדיק וואס פאר אן אהבה וועט דאס ביי אים ארויס-רופן צו א צווייטן אידן, און מיט וואס פאר א פארנעם וועלן געטאן ווערן זיינע פעולות.

וואס דאס איז די הוראה וואס מ'נעמט פון הסתלקותו של אהרן - אז מ'זאל זיך מתבונן זיין אין דער הנהגה פון אהרן, ובלשון המשנה[56] "הוי (א לשון של ציווי) מתלמידיו של אהרן כו'".

וואס אע"פ אז דאס איז אן ענין פון "מילי דחסידותא"[59] - איז נאך דערויף וואס דאס איז ארייננגעשטעלט געווארן אין משנה, איז דא דער כלל[60] אז "טעה בדבר משנה חוזר", דאס איז מלכתחלה ניט קיין טעות, ווארום ס'איז גאר ניט שייך די גאנצע מציאות פון א טעות.

און וויבאלד אז מ'זאגט יעדערן "הוי מתלמידיו של אהרן", איז א זיכערע זאך אז מ'האט אים געגעבן דעם כח אז ער זאל קענען מקיים זיין דעם ציווי המשנה.

און בשעת ער פירט זיך אין דעם אופן ההנהגה ווי ס'איז געווען ביי אהרן, "אוהב שלום ורודף שלום אוהב את הבריות" - איז ער מצליח אין דערויף און פירט דורך דעם ענין פון "מקרבן לתורה".

- כב. -

------------

58) תענית כ, ריש ע"ב. 59) ראה ב"ק ל, א. 60) כתובות פד, ב. טושו"ע חו"מ רסכ"ה.

כב. און דעמולט ווערט אויפגעטאן ברכתו של אהרן - ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[61] אז דער תפקיד פון אהרן הכהן איז, ממשיך זיין ברכת ה' צו יעדער אידן און צו אלע אידן,

און מיט דער הדגשה "לברך את עמו ישראל באהבה", ביז וואנעט אז ס'איז מבואר אין פוסקים[62] אז אויב עד וויל ארוים-נעמען א אידן פון דער ברכה, איז ניטא ח"ו דער גאנצער ענין הברכה, וכמבואר אין זהר[63] אויף וויפל ס'איז נוגע דער ענין פון אהבה אין ברכת כהנים.

און דעמולט איז דער אויבערשטער מקיים די אלע ברכות, אין אן אופן פון "עד מהרה ירוץ דברו"[64], אז קיינע מניעות ועיכובים קענען ניט אפהאלטן די ברכות,

און ס'ווערט "יברכך ה' וישמרך"[65], מיט אלע פירושים שבדבר, סיי בנוגע צו השפעות רוחניות און סיי בנוגע צו השפעות גשמיות, ביז ווי רש"י[66] טייטשט אפ (מיוסד אויף דעם וואס ס'שטייט אין תושבע"פ[67] אויף די פסוקים) אז דאס איז פארבונדן מיט א ברכה בנוגע צו ממון כפשוטו,

און דערנאך קומט דער המשך הברכה - "יאר ה' פניו אליך ויחנך", און "ישא ה' פניו אליך וישם לך שלום"[68],

און ס'ווערט דער "ואני אברכם"[69], אז דער אויבערשטער איז נאך מוסיף אויף די ברכות פון די כהנים - נוסף אויף דעדויף וואס ער איז מברך די כהנים (ווי די צוויי פירושים פון ר"ע און ר"י[70]).

און וויבאלד ס'ווערט דער "וישם לך שלום", זיינען דא אלע ברכות, ווארום "שלום שקול כנגד הכל"[71] - אז ס'ווערט דער "ונתתי שלום בארץ"[72], און שלום בכל מקום ומקום, ביז בכל העולם כולו,

און דאס איז דער ענין וואס איז דער "כלי מחזיק ברכה לישראל", ווי ס'שטייט אין דעם סיום פון תושבע"פ[73] (דער סיום פון ששה סדרי משנה) "לא מצא הקב"ה כלי מחזיק ברכה לישראל אלא השלום", וויבאלד אז דאס איז א שלום וואס איז פארבונדן און מיוסד אויף תורה.

- וכן -

------------

61) לילדי מחנות קיץ יומיים - י"א מנ"א ס"י. 62) שו"ע אדה"ז או"ח סקכ"ח סי"ט. וראה לקו"ש חי"ג ע' 137 הע' 17. 63) ח"ג קמז, ב. 64) ל' הכתוב - תהלים קמז, טו. וראה לקו"ת קרח נה, ד. 65) נשא ו, כד. 66) עה"פ שם. 67) ספרי עה"פ. במדב"ר פי"א, ה. 68) נשא שם כה-כו. 69) שם, כז. 70) חולין מט, א. הובא בפרש"י עה"פ שם. 71) פרש"י בחוקותי כו, ו. במדב"ר שם, ז. 72) בחוקותי שם. 73) עוקצין בסופה.

וכן תהי' לנו, למטה מעשרה טפחים, ובקרוב ממש, "ושמחת עולם על ראשם"[74].

* * *

כג. ס'איז דאך רגיל אין א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט א הסתלקות - פארבינדן דאס מיט א סיום אויף א מסכת.

ווען מען מאכן א סיום אויף מסכת תענית - וויבאלד אז מ'האט דערמאנט פריער (ס"כ) אז אין דעם שיעור חומש פון היינטיקן טאג רעדט זיך וועגן די לוחות אחרונות, וואס זיי זיינען געגעבן געווארן "ביום חתונתו זה מתן תורה", ווי די משנה זאגט בסוף תענית[75], וואס דאס גייט אויף "יום הכיפורים שנתנו בו לוחות האחרונות"[76].

און דאס קומט אויך בהמשך צו חמשה עשר באב, וואס חמשה עשר באב האט א צד השוה מיט יוהכ"פ, ווי די משנה זאגט דארטן "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב וכיום הכיפורים".

און דאס האט אויך א שייכות מיוחדת צום טאג פון כ"ף אב, ווארום אין דעם סיום פון מסכת תענית[77] געפינט מען אן ענין מיוחד וואס איז געווען בעשרים באב, אז דעמולט איז געווען דער קרבן העצים פון "בני פחת מואב בן יהודה". [ווי די גמרא[78] ברענגט אויף דערויף צוויי דעות, צי זיי זיינען געווען "בני דוד בן יהודה", אדער אז זיי זיינען געווען "בני יואב בן צרוי'"].

און ווי גערעדט אמאל בארוכה (און שוין אויך אפגעדרוקט[79]) די הוראה בזה:

דער קשר און דער צד השוה צווישן דוד מיט יואב איז געווען, אז דורך דערויף וואס דוד האט געלערנט תורה האט יואב מנצח געווען אין די מלחמות, און דורך דערויף וואס יואב האט אנגעפירט מיט די מלחמות האט דוד געקענט עוסק זיין בתורה[80], ביז אין אן אופן אז "ידי מלוכלכות בדם ובשפיר ובשליא כדי לטהר אשה לבעלה"[81], און ווי חסידות טייטשט אפ דעם פירוש הפנימי בזה, אז דאס מיינט מטהר זיין כנסת ישראל לבעלה - צום אויבערשטן.

און ווי גערעדט דעמולט די הוראה דערפון - אז בכללות

- זיינען -

------------

74) ישעי' לה, י. 75) כו, ב. 76) פרש"י שם ד"ה זה מ"ת. 77) שם, א. 78) שם כח, א. וראה לקו"ש ח"ד ע' 1103 ואילך. ח"ט ע' 86 ואילך. 79) לקו"ש ח"ד ע' 1105. 80) סנהדרין מט, א. 81) ברכות ד, א.

זיינען דאס די צוויי תנועות אין עבודת ה׳, דער ענין פון "במשפט תפדה", דער ענין פון תורה[82], און דער ענין פון "ושבי׳ בצדקה"[83] - אויפטאן אין וועלט אז די זאל ארויס-גענומען ווערן פון איר שבי׳, וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון צדקה, וואס צדקה עשה הקב"ה עם עולמו אז ער האט געגעבן ענינים אויף צו מתקן זיין די וועלט, וואס דערצו דארף מען האבן די מלחמה מיטן העלם והסתר פון עולם (עולם - מלשון העלם והסתר, כנ"ל סי"ט) - וואס דאס זיינען די צוויי אופני העבודה פון דוד און יואב, דער ענין פון לימוד התורה, און דער ענין פון מלחמה.

און ווי גערעדט דעמולט באריכה ווי דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון קרבן העצים וכו׳.

כד. דער סיום פון מסכת תענית האט נאך א קשר מיוחד מיט דעם ענין פון הסתלקות:

אין דעם סיום פון מסכת תענית שטייט: "עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים והוא יושב ביניהם בגן עדן, וכל אחד ואחד מראה באצבעו שנאמר[84] ואמר ביום ההוא גו׳", ד.ה. אז לאחר ירידת הנשמה למטה ועלייתה למעלה, איז איידער ס׳קומט דער זמן פון תחיית המתים, איז מקומה פון דער נשמה אין ג"ע, און אויף דערויף זאגט די גמרא "עתיד הקב"ה לעשות מחול לצדיקים והוא יושב ביניהם בג"ע וכו׳".

וכמדובר אמאל באריכה[85] אז "מחול" איז דער ענין העיגול, וואס דאס באווייזט אויף אן ענין של בל"ג, ווי רבינו בחיי[86] טייטשט אפ אז בשעת מ׳וויל באווייזן א דוגמא אין וועלט (וואס איז מוגבל) אויף אן ענין של בל"ג, איז די דוגמא אויף דערויף דער ציור פון אן עיגול,

ווארום בשעת מ׳הויבט אן פון א נקודה אין דעם עיגול, און מ׳גייט ארום דעם גאנצן עיגול - איז דאס ניט אזוי ווי אין א קו וואס ער ענדיקט זיך, נאר ער גייט דורך דעם עיגול נאכאמאל, און דערנאך גייט ער דאס דורך א דריטן מאל, עד אין סוף.

נאך א נקודה איז דא אין דעם ענין העיגול (כמבואר אויך אין מפרשי הש"ס[87]):

- בשעת -

---

82) לקו"ת ר"פ דברים. 83) ישעי׳ א, כז. 84) שם כה, ט.
85) כ"ף מנ"א השל"ה. וראה לקו"ש כ׳ כף-חשון תשל"ו הע׳ 44.
86) עה"פ הרומה כה, לא (הוצאת שעוועל ע׳ רפג). בחוקותי כו, ט (שם ע׳ תקעד). שולחן של ארבע שער ר׳ (הוצאה הנ"ל ע׳ תקס). וראה גם עבוה"ק חלק העבודה פמ"ג (נז, רע"ג).
87) ראה באר הגולה (למהר"ל) באר ד׳ (ע׳ עו).

בשעת די צדיקים שטייען אין אן עיגול ("מחול") און דער אויבערשטער געפינט זיך ביניהם, אין דער נקודה המרכזיה פון דעם עיגול, איז פארשטאנדיק אז די אלע וואס געפינען זיך אין דעם עיגול, זיינען במרחק שוה פון דעם אויבערשטן וואס געפינט זיך במרכז העיגול - ווארום די עצם מציאות פון אן עיגול איז, אז אלע זיינע נקודות זיינען במרחק שוה פון דער נקודה המרכזית.

וואס לכאו׳, איז ניט פארשטאנדיק: ווי קען מען זאגן אז אלע צדיקים וואס געפינען זיך אין דעם עיגול זיינען במרחק שוה פון דעם אויבערשטן וואס געפינט זיך במרכז העיגול, ס׳איז דאך "אין דעותיהן שוות"[88]?

ביז ווי די גמרא[89] זאגט אז "כל אחד ואחד (פון די צדיקים) נכוה מחופתו של חבירו" - וואס דאס באווייזט אז ער האט א שייכות צו "חופתו של חבירו", ווארום אויב ער וואלט דערצו ניט געהאט קיין שייכות, וואלט ער זיך דערפון ניט אפגעבריט (ווארום פון א זאך וואס געפינט זיך ניט אין זיינע ד׳ אמות, בריט מען זיך ניט אפ) - ער קען דאס אבער ניט פארנעמען, וויבאלד אז "אין דעותיהן שוות".

מ׳זאגט טאקע אז "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[90], אבער אעפ"כ, בשעת ב"ה זיינען מתירין, לייגט זיך ביי ב"ש אז ח"ו צו זאגן אז דאס איז מותר, נאר ב"ש אוסרין -

איז לכאו׳, ווי קען מען זאגן אז אלע צדיקים וואס שטייען אין דעם עיגול זיינען במרחק שוה פון דעם אויבערשטן - ס׳איז דאך "אין דעותיהן שוות"?

איז דער ביאור בזה:

ס׳איז דא דער אופן וואס מ׳נעמט אלקות אין אן אופן אז ס׳הויבט זיך אן "מחופתו של חבירו", און דערנאך קומט דערפון אראפ א המשכה והשפעה, וואס אין דערויף זיינען טאקע דא חילוקים;

ס׳איז אבער דא דער אופן וואס מ׳נעמט אלקות אין א העכערע דרגא, ביז אין אן אופן וואס איז העכער פון הבנה והשגה; פריער איז ביי אים דא ידיעות החיוב און ידיעות השלילה, מיט נאך כו"כ ידיעות "גבוה מעל גבוה", ביז וואנעט אז ער קומט צו תכלית הידיעה שלא נדעך[91], און נאך העכער דערפון, וואס דעם ענין נעמט מען מערניט ווי מיט אמונה.

- און -

------------

88) ראה ברכות נח, א. במדב"ר פכ"א, ב. ועוד. 89) ב"ב עה, א. 90) עירובין יג, ב. 91) ראה בחינות עולם ח"ח פ"ב. עיקרים מ"ב פ"ל. של"ה קצא, ב.

און בשעת מ׳נעמט אלקות מיט דעם ענין פון אמונה - איז דעמולט דא א מרחק שוה צווישן די אלע וואס געפינען זיך אין דעם עיגול, מיט דער נקודה המרכזית פון דעם עיגול, דער אויבערשטער, וואס מ׳נעמט אים אין אן אופן פון תכלית הידיעה שלא נדעך, און נאך העכער דערפון.

און דערפאר איז דאס מערניט ווי א נקודה (וויבאלד אז ס׳איז פארבונדן מיט דעם ענין פון אמונה) - דאס איז אבער א נקודה אויף וועלכע ס׳האלט זיך און פון וועלכע ס׳ווערט באשאפן דער גאנצער עיגול,

ווי דער ענין פון אן עיגול בפשטות - אז דורך דערויף וואס מ׳איז זיך סומך אויף דער נקודה המרכזית, ווערט אויפ-געטאן די גאנצע מציאות פון דעם עיגול, כמבואר אין חוקרים, ועד"ז איז פארשטאנדיק ווי דער ענין איז אין קבלה.

און דערנאך ווערט נמשך פון דעם עיגול אן ענין של קו, ווי ער ברענגט דעם פסוק "זה ה׳ קוינו לו", מלשון קו,

ביז אז דאס קומט אראפ אין פשוטם של כתובים, אז דאס איז מעורר דעם ענין הבטחון (וואס דאס איז דער פירוש הפשוט פון "זה ה׳ קוינו לו"), ד.ה. אז די אמונה בלייבט ניט אין אן אופן של עיגול, מקיף וסובב, נאר דאס קומט אראפ ביז אין אן אופן פון "מראה באצבעו ואומר זה", ביז אין אן אופן פון ב"פ זה, "הנה אלקינו זה קוינו לו ויושיענו זה ה׳ קוינו לו . גו׳"[92], און ער גייט ארויס פון אלע ענינים של העלמות והסתרים און מצרים וגבולים, ביז אז ער שטעלט זיך אוועק אין דעם מרחב העצמי.

כה. כאמור לעיל (סכ"ג) אז עשרים באב קומט בהמשך צו חמשה עשר באב - וואס בנוגע צו חמשה עשר באב זיינען דא אין גמרא[93] זעקס טעמים [און אין פרע"ח[94] איז ער מוסיף נאך א זיבעטן טעם, בנוגע צו ערלה, וואס אין כאן המקום להאריך בזה], וואס איינער פון די טעמים איז אז פון דעמולט "לא היו כורתין עצים למערכה כו׳", ביז אז מ׳האט אנגערופן דעם טאג "יום תבר מגל" - וואס דאס איז דאך פארבונדן מיט דעם ענין פון קרבן העצים.

וואס דערפאר איז דער כללות הענין פון חמשה עשר באב פארבונדן מיטן זמן שביהמ"ק הי׳ קיים, כמבואר אין דער השלמה פון ר׳ נחמי׳ דובראוונער צום אלטן רבי׳נס שו"ע[95].

- כו. -

---

92) ראה שמו"ר ספכ"ג. 93) תענית ל, סע"ב ואילך. ב"ב קכא, א ואילך. 94) שכ"ג בסופו. 95) או"ח סקל"א ס"ח.

כו. דאס קומט אויך בהמשך המדובר אין דער פריערדיקער התוועדות[96] אז מ'זאל לערנען ענינים פון הל' ביהב"ח - וואס צווישן די ענינים וואס מ'רעכנט אויס אין דעם סיום פון מסכת תענית, זיינען דא ענינים וואס זיינען פארבונדן מיטן ביהמ"ק הראשון און מיטן ביהמ"ק השני.

ביז אז דארטן זיינען אויך דא ענינים וואס זיינען געווען פאר דעם ביהמ"ק הראשון - דאס וואס "כלו בו מתי מדבר", וואס דאס איז געווען ווען אידן זיינען נאך געווען במדבר; און אויך ענינים וואס זיינען געווען נאך דעם ביהמ"ק השני - דאס וואס "נתנו הרוגי ביתר לקבורה".

וואס דער כללות הענין פון ביהמ"ק הראשון און ביהמ"ק השני, איז פארבונדן מיט די קדושה ראשונה און קדושה שני':

דער ביהמ"ק הראשון איז פארבונדן מיט דער קדושה ראשונה וואס איז געווען ביי כיבוש יהושע (נאך דערויף וואס "כלו מתי מדבר", און ס'איז געקומען דער דור שנכנסו לארץ, און האבן כובש געווען א"י, און דורך דעם האבן זיי אויפ-געטאן די קדושה ראשונה), ווארום נאך דערויף וואס נכנסו לארץ האט זיך אנגעהויבן דער חיוב פון מחיית עמלק, און דערנאך - בנין בית הבחירה[97]; און דערנאך איז געווען די קדושה שני', קדושת עזרא, וואס דאס איז פארבונדן מיטן ביהמ"ק השני.

כז. בנוגע צו דעם ענין פון קדושה ראשונה און קדושה שני' זאגט דער רמב"ם אין הל' ביהב"ח[98] אז די קדושה ראשונה "לא קדשה לעתיד לבוא", און די קדושה שני', ווי ער טייטשט אפ אז דאס איז "קדושת עזרא" [וואס אין דערויף זיינען דא כמה פירושים[99] וואס איז קדושה ראשונה און קדושה שני' - אבער דער רמב"ם פסק'נט אפ, אז קדושה ראשונה איז דער ענין פון כיבוש יהושע, וואס דערנאך איז געווארן דער ביהמ"ק הראשון, און די קדושה שני' איז "קדושת עזרא"], איז אויך "מקודש היום".

און ער איז מבאר דעם טעם החילוק צווישן קדושה ראשונה מיט קדושה שני': "חיוב הארץ בשביעית ובמעשרות אינו אלא מפני שהוא כיבוש רבים, וכיון שנלקחה הארץ מידיהם בטל הכיבוש, ונפטרה מן התורה ממעשרות ומשביעית שהרי אינה מן

- א"י -

------------

96) שיחת מוצאי ש"פ פינחס ס"י ואילך. 97) ספרי עה"פ ראה יב, י. סנהדרין כ, ב. רמב"ם ריש הל' מלכים. 98) פ"ו הט"ז. 99) ראה אנציקלופדי' תלמודית כרך ב' ערך ארץ ישראל דיד, סע"ב. וש"נ.

א"י, וכיון שעלה עזרא וקדשה, לא קדשה בכיבוש אלא בחזקה שהחזיקו בה, ולפיכך כל מקום שהחזיקו בה עולי בבל ונתקדש בקדושת עזרא השני' הוא מקודש היום, ואע"פ שנלקח הארץ ממנו כו'".

און פאר דערויף איז ער מקדים, אז ס'איז דא די קדושה פון "מקדש וירושלים", וואס די קדושה איז "קדשה לעתיד לבוא" ביי קדושה ראשונה, "לפי שקדושת המקדש וירושלים מפני השכינה, ושכינה אינה בטלה", און דערפאר איז אפי' נאך דערויף וואס דער ביהמ"ק איז חרב געווארן, איז "אע"פ ששוממין בקדושתן הן עומדים".

כח. אין דערויף ווערט גלייך א שאלה:

ע"ד ווי ס'שטייט[100] בנוגע צו דער קדושה פון דעם ביהמ"ק "ומקדשי תיראו", און מ'איז מוסיף[101] "לא מהמקדש אתה מתירא אלא ממי שהזהיר על המקדש" - איז עד"ז אויך בנוגע צו די קדושה פון א"י (סיי די קדושה וואס איז געווארן דורך כיבוש יהושע, און סיי "קדושת עזרא"), אז דאס איז אויך פארבונדן מיט קדושת השכינה,

האט דאס לכאו' געדארפט זיין אין דעם זעלבן אופן ווי קדושת המקדש וירושלים, אז ס'זאל קיינמאל ניט בטל ווערן, איז פארוואס זאגט מען אז "כיון שנלקחה הארץ מידיהם בטל הכיבוש כו'", און ס'ווערט בטל די קדושה?

איז דער ביאור בזה:

די קדושה פון דעם ביהמ"ק איז פארבונדן דערמיט וואס דארטן איז געשטאנען די שכינה בגילוי, ווי ס'שטייט[102] "בנה בניתי בית זבול לך מכון לשבתך עולמים", און "הן השמים ושמי השמים לא יכלכלוך ואף כי הבית הזה"[103] - בניחותא[104], דארטן איז געווען די שכינה בגילוי, און ווי מ'זאגט[105] "כדרך שבא לראות כך בא לראות", מ'איז אהינצו געקומען זעהן "את פני האדון ה' גו'"[106].

משא"כ די קדושה פון גאנץ א"י, איז דאס טאקע מיוסד און פארבונדן מיט קדושת השכינה, אבער דארטן איז די שכינה ניט בגילוי אזוי ווי אין ביהמ"ק, נאר דאס קומט בהתלבשות אין אנדערע ענינים, אין תרומות ומעשרות וכו' (ע"ד ווי די שכינה קומט בהתלבשות אין מצות תפילין (וואס "הוקשה כל

- התורה -

------------

100) קדושים יט, ל. 101) יבמות ו, ריש ע"ב. רמב"ם הל' ביהב"ח רפ"ז. 102) מ"א ח, יג. 103) שם, כז. 104) ראה לקו"ש ח"ג ע' 894. 105) חגיגה ב, א. 106) ל' הכתוב - תשא לד, כג.

התורה כולה לתפילין"[107]), ועד"ז בכל עניני התורה ומצוותי׳).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין דעם ארט וואו די שכינה איז בגילוי, איז "שכינה אינה בטלה", און דערפאר זאגט מען בנוגע צום מקדש וירושלים אז "קדושה ראשונה קדשה לעתיד לבוא"; משא"כ אין אן ארט וואו די שכינה קומט אין אן אופן של התלבשות, קען זיין אז דער פארשטעל זאל זיין אין אן אופן אז מ׳וועט אינגאנצן ניט זעהן דעם ענין השכינה, און דערפאר קען בטל ווערן די קדושה פון א"י (וויבאלד אז "נלקחה הארץ מידיהם").

כט. בנוגע צו דעם חילוק צווישן קדושה ראשונה מיט קדושה שני׳ - איז דא די קושיא וואס מפרשי הרמב"ם[108] פרעגן:

א) מיט וואס איז דער כח פון חזקה גרעסער פון דעם כח פון כיבוש - אזוי ווי בנוגע צו כיבוש זאגט מען אז "כיון שנלקחה הארץ מידיהם בטל הכיבוש", קען מען זאגן עד"ז אויך בנוגע צו חזקה?

ב) ווען ס׳איז געווען די קדושה ראשונה ביי כיבוש יהושע, איז דאך אויך געווען אן ענין של חזקה, ווארום נאך דעם כיבוש איז דאך געווארן דער ישוב פון א"י, מ׳האט געבויט הייזער און חורש געווען שדות וכו׳, וואס דאס זיינען ענינים של חזקה, איז צי דערפאר וואס ביי קדושה ראשונה איז געווען <u>אויך</u> דער ענין פון כיבוש (סיי כיבוש און סיי חזקה) איז דאס שוואכער פון קדושה שני׳ וואס דארט איז געווען מערניט ווי חזקה אליין?

עס זיינען דא מפרשים[109] וואס ווילן מבאר זיין אז די נפק"מ צווישן קדושה ראשונה מיט קדושה שני׳ איז, אז "לא קדשוה בפה אלא בימי עזרא".

מ׳קען אבער אזוי ניט זאגן, ווארום: א) מ׳געפינט ניט אז ס׳זאל זיין מרומז אין תושב"כ אדער אין תושבע"פ אז "לא קדשוה בפה אלא בימי עזרא", ב) דער ביאור שטייט ניט אין רמב"ם (אפי׳ ניט ברמז), ווארום דער רמב"ם זאגט אז דאס וואס די קדושה שני׳ ווערט ניט בטל, איז דערפאר וואס "לא קדשה בכיבוש אלא <u>בחזקה</u>" (און ניט דערפאר וואס קדשוה בפה).

ל. זיינען דא מפרשים[110] וואס פארענטפערן די קושיא הנ"ל אויפן רמב"ם, אז די חזקה וואס איז געווען ביי עזרא איז

- געווען -

------------

107) קידושין לה, א. 108) כס"מ. 109) רדב"ז לרמב"ם הל׳ תרומות פ"א ה"ה. 110) תויו"ט עדיות פ"ח מ"ו. מלא הרועים ערך קדושה ראשונה אות ס.

געוועז ניט איז אן אופן של כיבוש (אזוי ווי ביי יהושע), נאר אין אן אופן של מתנה, ווי עס ווערט דערציילט אין כתובים[111] אז כורש מלך פרס האט מכריז געווען אז די וואס ווילן גיין אין א"י, איז ניט נאר אז ער גיט זיי דעם רשיון, נאר ער וועט זיי אויך מסייע זיין[112].

און וויבאלד אז ביי יהושע איז דאס געווען אין אן אופן של כיבוש, ס'איז געווען היפך הרצון פון די שבעה אומות וועלכע מ'האט כובש געווען, איז דער כיבוש הנכרים שלאח"ז מבטל דעם כיבוש פון אידן; משא"כ די חזקה פון עזרא וואס איז געווען "מדעת הנותן", ווארום אוה"ע האבן געזאגט "מי בכם מכל עמו גו' ויעל"[113], איז דער כיבוש נכרים ניט מבטל די חזקה וואס איז געווען מדעת הנותן.

אבער דער תירוץ איז אויך ניט פארשטאנדיק:

ביי כיבוש יהושע געפינט מען אז די גבעונים האבן איבערגעגעבן זייערע שטעט צו אידן (ניט דורך א מלחמה), און זיי זיינען געווארן "חוטבי עצים ושואבי מים"[114], ד.ה. אז דארטן איז די חזקה פון אידן געווען מדעת הנותן;

און אעפ"כ, ווען מ'זאגט אז די קדושה ראשונה וואס איז געווען ביי כיבוש יהושע איז בטל געווארן (דערפאר וואס "נלקחה הארץ מידיהם"), איז דאס געזאגט געווארן בנוגע צו גאנץ א"י, כולל אויך דער חלק פון א"י וואס איז פריער געווען ביי די גבעונים, וואס דארטן האבן אידן מחזיק געווען מדעת הנותן (ועד"ז בנוגע צו די אנדערע ערטער וואו די אומות האבן מסכים געווען צאלן מס (אע"פ אז זיי זיינען טאקע געווען "לצנינים בצידיכם"[115] פאר אידן), ועאכו"כ אז זיי האבן מסכים געווען צו דער חזקה פון אידן) -

און ע"פ הנ"ל אז די קדושה שני' ווערט ניט בטל דערפאר וואס דעמולט איז די חזקה געווען מדעת הנותן - האט געדארפט אויסקומען אז אין די ערטער וואס מ'האט מחזיק געווען מדעת הנותן ביי קדושה ראשונה (אזוי ווי די ארץ פון די גבעונים), זאל די קדושה ראשונה ניט בטל ווערן

מוז מען זאגן אז ביי קדושה שני' איז געווען אן ענין מיוחד (וואס איז מבואר אין תורה) וואס דער ענין איז ניט געווען ביי קדושה ראשונה פון כיבוש יהושע - און דערפאר איז די קדושה שני' אין אן אופן אז דאס ווערט ניט בטל.

- לא. -

---

111) עזרא א, א-ג. דה"ב לו, כב-כג. 112) עזרא שם, ד.
113) ל' הכתוב - שם, ג. דה"ב שם, כג. 114) יהושע ט, כא.
115) מסעי לג, נה. וראה גם יהושע כג, יג.

לא. והביאור בזה:

אין תושב"כ[116] (ועאכו"כ אין תושבע"פ[117]) זיינען דא כמה נבואות וואס דארפן שטיים בפירוש אז נאך דערויף וואס ס'וועלן זיך ענדיקן די שבעים שנה פון גלות בבל, וועט זיין די פקידה און די גאולה פון גלות בבל, און מ'וועט קומען צוריק אין א"י, לויט דעם מאמר וציווי פון דעם אויבערשטן וואס "גלה סודו אל עבדיו הנביאים"[118], ביז וואנעט אז די לויים וואס האבן ניט געוואלט עולה זיין אין א"י, האבן באקומען אן עונש אויף דערויף, כמבואר אין מדרשי חז"ל[119].

וואס אע"פ אז אויך ביי יהושע איז געווען א ציווי פון דעם אויבערשטן אז מ'זאל גיין כובש זיין א"י, ווי דערציילט באריכות אין פרשת המרגלים[120] - איז אבער דא א נפק"מ צווישן דעם ציווי פון דעם אויבערשטן בנוגע צו כיבוש יהושע, און דער ציווי פון דעם אויבערשטן אז נאך גלות בבל זאל מען קומען צוריק אין א"י:

ביי כיבוש יהושע האט דער אויבערשטער געהייסן אז מ'זאל <u>כובש</u> זיין א"י דורך <u>מלחמה</u>, וואס דאס איז געווען פארבונדן מיט "ואתם תעברו <u>חמושים</u> לפני אחיכם כל גבורי חיל"[121], ד.ה. אז דעד ציווי איז געווען אז ס'זאל זיין א כיבוש דורך אן ענין של מלחמה, אז ס'זאל זיין "וטרף זרוע אף קדקוד"[122], מיט אלע פרטים וואס ווערן אויסגערעכנט ווי אזוי ס'איז געווען כיבוש יהושע - וואס ווייבאלד אז יהושע איז געווען "משרת משה"[123], איז פארשטאנדיק אז יעדער ענין וואס ער האט געטאן איז געווען לויט דעם ציווי פון משה.

איז ווייבאלד אז דער ציווי פון דעם אויבערשטן איז מלכתחלה געווען אין אן אופן אז מ'זאל דאס איינעמען אין אן אופן של כיבוש דורך א מלחמה - האט דאס אויף זיך די הגבלות וואס זיינען דא אין דעם ענין פון כיבוש; און דערפאר איז בשעת אז "נלקחה הארץ מידיהם" דורך דעם כיבוש הנכרים, איז בטל געווארן דער כיבוש פון אידן.

משא"כ אבער בנוגע צו עליית עזרא ונחמי' - איז דער ציווי געווען אז ס'זאל זיין פארבונדן (ניט מיט כיבוש, נאר) מיט חזקה, ובמילא איז דארטן ניטא די הגבלות און גדרים פון כיבוש, מ'דארף נאר האבן אז מ'זאל מאכן א חזקה וואס ווערט אנגערופן "חזקה" ע"פ תורה.

- וואס -

---

116) ירמי' כט, י. וראה גם דניאל ט, ב. 117) ראה מגילה יא, ב ואילך. ועוד. 118) עמוס ג, ז. 119) יבמות פו, ב. ועוד. רמב"ם הל' מעשר פ"א ה"ד. 120) יהושע קאפיטל ב. 121) שם א, יד. 122) ברכה לג, כ. 123) בהעלותך יא, כח.

וואס דערמיט איז פארשטאנדיק דער חילוק צווישן די תזקה וואס איז געווען ביי עזרא מיט די חזקה וואס איז געווען ביי יהושע (אפי׳ ביי די גבעונים, וואס דארפן איז די חזקה געווען מדעת הנותן, ווארום אע"פ אז דאס איז געווען באונס, איז דאך אבער דער דין[124] אז "תליוהו וזבין זביני׳ זביני"):

ביי יהושע איז דער ציווי געווען אז מ׳זאל כובש זיין א"י אין אן אופן של מלחמה, ובמילא זיינען דארפן דא די גדרים פון כיבוש, משא"כ בנוגע צו עזרא, וואס דארפן איז געווען דער ציווי אז ס׳זאל נאר זיין אן ענין של חזקה[124*].

לב. בנוגע צו כללות הענין פון ארץ ישראל - איז אע"פ אז בפשטות איז קדושה ראשונה פארבונדן מיט כיבוש יהושע, וואס דאס האט זיך אנגעהויבן זינט יהושע האט כובש געווען א"י, עאכו"כ בנוגע צו קדושה שני׳ וואס זי איז פארבונדן מיט קדושת עזרא, האט זיך דאס אנגעהויבן זינט עזרא האט עולה געווען פון בבל אין א"י,

פונדעסטוועגן, איז דאס נאר ווען ס׳רעדט זיך וועגן קיום המצוות התלויות בארץ, בנוגע צו תרומות ומעשרות וכיו"ב, ווי ס׳ווערט אויסגערעכנט אין רמב"ם און נאך פוסקים:

אבער בנוגע צו בעה"ב׳שקייט אויף ארץ ישראל - שטייט[125] "ונתתי אותה לכם מורשה אני ה׳", "ירושה היא לכם מאבותיכם"[126].

און ווי ער זאגט אין ירושלמי[127] "אם מתנה למה ירושה ואם ירושה למה מתנה, אלא מאחר שנתנה להן לשום מתנה חזר ונתנה להן לשום ירושה", ד.ה. אז אידן האבן באקומען א"י סיי אין אן אופן פון מתנה און סיי אין אן אופן פון ירושה.

וואס די מעלה פון ירושה איז - ווי די גמרא[128] פסק׳נט אפ אז "ירושה אין לה הפסק", און ווי דער ראגאטשאווער[129] איז מבאר אז "אין לה הפסק" מיינט אז אין דערויף קענען ניט זיין קיינע שינויים, ווארום דאס איז פארבונדן מיט "עצם המוריש";

און די מעלה פון מתנה איז - אז "כל הנותן בעין יפה נותן"[130], ובפרט לויט ווי דער צ"צ[131] איז מבאר בארוכה דעם ענין פון "יהונתן", וואס "נתן" איז דער ענין פון "מתנה" -

- אבער -

---

124) ב"ב מח, ב. *124) לשלימות הענין - ראה שיחת מוצאי ש"פ ראה סכ"ה ואילך. 125) וארא ו, ח. 126) ב"ב קיט, ב. 127) שם פ"ח ה"ב. 128) ב"ב קכט, ב. 129) צפע"נ מילואים פ"ג, א. 130) ראה ב"ב נג, א. 131) אוה"ת בראשית יא, א ואילך. וראה גם אוה"ת ראה ע׳ תשסא ואילך.

אבער ביי מתנה איז ניטא די מעלה אז "אין לה הפסק";

בשעה מ׳גיט אבער א מתנה צו דעם וואס איז ראוי ליורשו - איז דא סיי די מעלה פון מתנה, און סיי די מעלה פון ירושה.

וואס דער ענין אז א"י געהערט צו אידן האט זיך אנגעהויבן פון אברהם אבינו - ובפרט לויט ווי רש"י [132] ברענגט אראפ דרשת המדרש [133] עה"פ [134] "לזרעך נתתי את הארץ הזאת", אז ס׳שטייט "נתתי" לשון עבר - "כבר נתתי" [135].

און דאס איז ניט אין אן אופן פון חכירה (פארדינגען) ח"ו, אדער אז דאס איז פארבונדן מיט געוויסע תנאים - ח"ו וח"ו אז ס׳זאל זיין אזא קס"ד, דערמיט איז מען מעדער רח"ל דעם גאנצן ענין פון ירושת הארץ.

ביז וואנעט אז ס׳איז דא דער פס"ד בדור אין משנה און אין גמרא און אין פוסקים, אז "בנות צלפחד נטלו ג׳ חלקים בנחלה, חלק אביהן שהי׳ עם יוצאי מצרים, וחלקו עם אחיו בנכסי חפר, ושהי׳ בכור נוטל שני חלקים" [136], אע"פ אז "אין הבכור נוטל בראוי כבמוחזק", ווארום "ארץ ישראל מוחזקת היא" [137], ס׳איז ניט נאר "ראוי", נאר ס׳איז שוין "מוחזק", נאך איידער אידן זיינען אריינגעגאנגען אין א"י.

לג. און אע"פ אז ס׳איז דא דער מארז"ל הידוע [138] אז א"י ניתנה בתנאי, אז ס׳דארף זיין דער קיום פון די מצוות התלויות בארץ - איז דאס נאר בנוגע צו קדושת הארץ, אבער בנוגע צו דער בעה"ב׳שקייט אויף א"י, זאגט מען אז "כח מעשיו הגיד לעמו לתת להם נחלת גוים" [139], אז "ברצונו נטלה מהם ונתנה לנו" [140], וואס דאס האט זיך אויפגעטאן בזמן אברהם אבינו, ווי געבראכט פריער (סל"ב) אז ס׳שטייט "לזרעך נתתי", "כבר נתתי".

און פון דעמולט איז "ארץ ישראל מוחזקת היא", ביז בנוגע לפס"ד בפועל, אז די בכורים האבן גענומען פי שנים.

און ווי מ׳האט גע׳טענה׳ט צו עכן [141] אז ער זאל ניט מטיל זיין קיינע ספיקות אין דעם ענין פון חלוקת הארץ - דערפאר וואס דאס איז נוגע צו דעם גאנצן ענין פון ארץ ישראל, תורת ישראל, און ה׳ אלקי ישראל, וואס "כולא חד".

- און -

---

132) עה"פ לך לך טו, יח. 133) ב"ר פמ"ד, כב. 134) לך לך שם. 135) ירושלמי חלה פ"ב ה"א. 136) ב"ב קטז, סע"ב במשנה. 137) שם קיט, א. 138) מכילתא עה"פ יתרו יח, כז. מדרש תהלים עה"פ קלב, א. יל"ש תהלים רמז תתפא בסופו. 139) תהלים קיא, ו. 140) פרש"י ר"פ בראשית. 141) סנהדרין מג, ב.

און ווי ס'שטייט אין מכילתא[142] אז דער אויבערשטער האט בוחר געווען אין א"י מכל הארצות, און ער האט דאס אנגערופן בשם "ארצי"[143] [ווי ס'ברענגט זיך אראפ אין פוסקים[144] אז א"י ווערט אנגערופן ארצו של הקב"ה] - און ער האט אפגעגעבן דיין ארץ צו אידן, אין אן אופן פון "נחלת עולם", אן קיינע תנאים.

און דאס וואס ס'איז פארבונדן מיט קיום המצוות התלויות בארץ - איז דאס נאר בנוגע צי מ'געפינט זיך אין א"י, אז בשעת ס'איז דא דער קיום המצוות התלויות בארץ, געפינען זיך אידן אין א"י, און אויב ס'איז ניטא דער קיום המצוות התלויות בארץ, ווערט דער ענין פון "גלינו מארצנו";

אבער אפי' ווען אידן געפינען זיך אין גלות, איז דאס אויך "ארצנו", ביז אז ס'איז דא דער פס"ד ברור[145] בנוגע צו פרוזבול און הרשאה וכו', אז אויך איצטער האט יעדער איד א נחלה אין א"י.

און מ'דארף גאר ניט אנקומען צו ראיות פון תשובות הגאונים וכיו"ב - ס'איז א פס"ד ברור אין משנה (סיי אין בבלי און סיי אין ירושלמי[146]) אז בנות צלפחד האבן באקומען נחלת צלפחד אויך אלס בכור, וויבאלד אז "ארץ ישראל מוחזקת היא", פון די צייטן פון אברהם אבינו [אע"פ אז צווישן איד געווען דער חטא העגל, חטא המרגלים, און דאס וואס אידן זיינען געווען ארבעים שנה במדבר - האט דאס אבער ניט אנגערירט דאס וואס "ארץ ישראל מוחזקה היא" בא יעדער איד און ביי אלע אידן].

און די אלע ענינים וואס מ'זאגט אז קדשה לשעתה און ניט לעתיד לבוא וכו' - איז דאס מערניט ווי בנוגע צו דעם עניין פון קיום המצוות ההלויות בארץ[147], אדער ווי אנדערע מפרשים[148] זיינען מסביר אז דאס איז פארבונדן מיט קדושת הארץ;

דאס האט אבער ניט קיין שייכות צו דער בעלות פון יעדער אידן און אלע אידן אויף גאנץ ארץ ישראל לגבולותי' - וויבאלד אז דער אויבערשטער האט אפגעגעבן גאנץ א"י צו אברהם אבינו, אין אן אופן פון "כבר נתתי", און פון אברהם איז דאס אנגעקומען צו יצחק, און פון יצחק צו יעקב, און

- דערנאך -

---

142) בהחלתו. 143) יואל ד, ב. 144) ראה אנציקלופדי' תלמודית כרך ב ערך א"י ס"ע ריג. וש"נ. 145) שו"ת מהר"ם ב"ר ברוך סתק"ל. ס' השטרות לר"י ברצלוני ע' 43. אוצה"ג קידושין סקמ"ו-קנא. וראה שיחת מוצאי ש"פ לך לך ש.ז. הע' 69. 146) ב"ב שם. 147) ראה אנציקלופדי' שם ע' ריד קרוב לסופו. וש"נ. 148) ראה בהנסמן שם ע' ריח הע' 129.

דערנאך צו די שבעים נפש, און צו די ששים רבוא אידן, און דערנאך צו יוצאי חלציהם עד סוף כל הדורות.

און קיינער קען ניט אנדירן די שייכות און די בעה"ב׳-שקייט פון אידן אויף גאנץ א"י, ועד"ז קען קיינער ניט מוותר זיין אויף א טייל פון א"י, דאס זיינען דברים בטלים ומבוטלים, ווייבאלד אז א"י איז געגעבן געווארן צו אידן פון דעם אויבערשטן אליין, אין אן אופן פון "כבר נתתי".

דאס האט ניט קיין שייכות צו די ג׳ שבועות[149], וואס דארפן רעדט זיך ווי אזוי מ׳גייט ארויס פון גלות; ס׳האט ניט קיין שייכות צו דעם ענין פון "לא תחנם"[150], צי געבן שטחים אדער ניט געבן שטחים, ווארום דאס איז א באזונדער דין פרטי בנוגע צו א שטח פרטי אין א"י, דאס האט אבער ניט קיין שייכות צו דער בעלות פון אירן אויף גאנץ א"י, וואס זייער בעלות איז געווען במשך כל הדורות (אפי׳ אין דעם דור וואס איז געווען דער חטא העגל און חטא המרגלים, ועד"ז שאר הדורות), און זיי זיינען מוחזקים אין גאנץ א"י, און אזוי בלייבט דאס אין אן אופן בל ישונה.

לד. דובר אורות המצב באה"ק.

* * *

לה. ווייבאלד אז די ענינים האמורים לעיל, סיי דאס וואס מ׳האט גערעדט וועגן דעם ענין החינוך, און סיי דאס וואס מ׳האט גערעדט וועגן דעם מצב פון אה"ק, זיינען פארשטאנדיק בפשטות - איז פארוואס דארף מען אזוי פיל רעדן וועגן דערויף?

בשעת ס׳רעדט זיך וועגן א דבר הקשה וואס מ׳דארף אויף דערויף האבן א גרויסע שקו"ט וכו׳ - דארף מען דעמולט אויס-נוצן דעם שכל אז מ׳זאל זיך קענען פאנאנדערקלייבן אין א דבר הקשה, און אן ענין וואס איז ניט קלאר;

ווען ס׳רעדט זיך אבער וועגן אן ענין וואס איז בלאה"כ קלאר און פארשטאנדיק בפשטות, און מ׳דארף גארניט אויפטאן אין דעם, און באווייזן המצאות שכליות וכו׳, ווארום ס׳איז א דבר הפשוט - האט דאס דער אויבערשטער מלכתחלה ניט געדארפט ארייננשטעלן אין א שקו"ט פון שכל, און אז מ׳זאל רעדן וועגן דעם אין אן אופן של הסברה שכלית; ער האט נאר געדארפט מאכן א מעמד ומצב אז מ׳זאל אזוי טאן בדרך ממילא?!

- לו. -

---

149) כתובה קיא, רע"א. 150) ל׳ הכתוב - ואתחנן ז, ב. וראה פרש"י עה"פ. ע"ז כ, ריש ע"ב. רמב"ם הל׳ עכו"ם פ"י ה"ג-ד. ועוד.

לו. קען מען דאס פארבינדן (עכ"פ בדא"פ) דעדמיט וואס ס'איז מבואר אין די הערות פון דעם בעל ההילולא (פון דעם טאטן) אויפן זהר פון היינטיקער סדרה, פ' עקב:

אין די הערות[151] ברענגט ער אראפ די דריי לשונות פון זהר[152] "לארקא ולאמשכא ולאנהרא", און ער איז מבאר אז דאס גייט אויף דעם ענין פון חכמה, וואס דאס איז אות יו"ד, און אין אות יו"ד זיינען דא ג' אותיות (י', ו', ד'), וואס י' איז דער ענין החכמה, ו' איז דער ענין הדעה (וויבאלד אז דעת איז מפתחא דכליל שית[153]), און ד' איז דער ענין פון בינה (התרחבות און אורך ורוחב, וואס דאס איז התחלת ענין השטח).

וואס דאס איז פארבונדן עם האמור לעיל:

בשעת ס'רעדט זיך וועגן א מענטש (אדער אן ענין) וואס זיין עצם איז דער ענין השכל - איז ניט גענוג דאס וואס דער מוח שבראש איז דורכגענומען מיטן שכל, נאר אפי' דער עקב שברגל דארף אויך דורכגענומען ווערן מיטן שכל.

ובלשון הרמב"ם[154] אז א חכם איז ניכר ניט נאר אין זיין שכל ושקו"ט (אין לימוד התורה, אדער (להבדיל) אין אנדערע חכמות), נאר ער איז ניכר במאכלו ובמשקהו כו' ובמשאו ובמתנו וכו', ד.ה. אז יעדער פעולה וואס ער טוט איז דורכ-גענומען מיט חכמה ושכל, וויבאלד אז זיין עצם המציאות איז דער ענין פון חכמה.

ועד"ז וועגן ס'רעדט זיך וועגן הורה, וואס ענינה איז אז "היא חכמתכם ובינתכם"[155] - וויל תורה אז יעדער ענין (וועגן וועלכן הורה רעדט) זאל זיין דורכגענומען מיט הבנה והשגה און שכל התורה, אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן א דבר הכי פשוט, וואס אויף דערויף דארף מען ניט האבן קיין שקו"ט בשכל, ס'איז גענוג רגש שבלב, ס'איז גענוג אפי' א החלטה אין עקב שברגל - אעפ"כ, וויבאלד אז ער איז א חכם, דארפן אלע זיינע ענינים דורכגענומען ווערן מיט חכמה, אפי' א תנועה פון דעם עקב שברגל.

וכידוע דער פתגם פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[156], אויף "עקב אשר שמע אברהם"[157], אז די "פיאטע" ("עקב") איז אויך געווען דורכגענומען דערמיט, ס'איז געווען א חסידישע פיאטע. וואס א פיאטע האט לכאו' קיין שייכות ניט צו שכל

- שבראש -

---

151) לקוטי לוי"צ לזח"ג ע' תנה. 152) פרשתנו רעא, א. 153) לקו"ת ואתחנן ו, ריש ע"ד ואילך. וש"נ. 154) הל' דעות רפ"ה. 155) ואתחנן ד, ו. 156) סה"מ תש"ח ס"ע 253. התמים חוברת ו ע' נב. 157) תולדות כו, ה.

שבראש, און אפי׳ ניט צו רגש שבלב, דאס איז דער חלק התחתון
פון דעם אבר הכי תחתון שבאדם - און אעפ"כ זאגט מען אז די
פיאטע דארף אויך דורכגענומען ווערן מיטן שכל שבראש.

וואס דאס איז וואס ער איז מבאר אין דער הערה אז
ס׳איז ניט גענוג דער ענין החכמה ווי זי איז בפ"ע, נאר
ס׳דארף אראפקומען אין בינה און אין דעת וכו׳.

לז. ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע לעניננו:

בשעת מ׳וויל אז אן ענין מסוים זאל נתקבל ווערן ביי
די מחוקקי המדינה, און די באי-כח המדינה (צי פון דעם פלך
אדער עיר), אז זיי זאלן דאס טאן, און טאן מיט א חיות,
וואס דעמולט וועלן זיי דאס טאן בשלימות, ובמילא אויך
בהצלחה -

איז ניט גענוג דאס וואס ביי זיך איז דאס א דבר הפשוט,
און מ׳דארף ניט האבן קיין שקו"ט אין דעם - נאר מ׳דארף דאס
אראפברענגען צו יענעם, אז ס׳זאל נתקבל ווערן בשכלו
ובהבנתו ובהשגתו, וואס דעמולט וועט דאס ווערן זיין הבנה
והשגה, זיין שכל און זיין החלטה.

און בשעת מ׳איז מחליט צו פירן זיך אין דעם אופן -
איז דער אויבערשטער מצליח און שטעלט צו פון די מנהיגי
המדינה (והפלך והעיר) אזוינע וואס זיינען מסוגל און ווילן
פארשטיין די זאך לאמיתתה - און בשעת אז מ׳איז זיי דאס
מסביר בדרכי נועם ובדרכי שלום, ווערט ביי זיי נקלט ווי
דער ענין איז לאמיתתו.

און דעמולט וועלן זיי קומען צו דער החלטה על דעת
עצמם, ניט דערפאר וואס זיי ווילן נושא חן זיין ביי א
צווייטן, אדער צוליב א לחץ פון א צווייטן, און אפי׳ ניט
צוליב א בקשה פון א צווייטן - נאר דאס ווערט זיין אייגענע
מיינונג, ובמילא טוט ער אין דעם מיטן גאנצן שטורעם, מיט
דער גאנצער חיות און מיט דער גאנצער שטארקייט, און דעמולט
איז ער מצליח בזה בהקדם, און די הצלחה איז בשלימות.

לח. ובנוגע לפועל:

מ׳זאל טאן במרץ המתאים אין מדגיש זיין גודל ענין
החינוך, און אין אן אופן אז דאס זאל אנקומען צו דער הכרה
פון יעדער פאטער און יעדער מוטער, אז זיי זאלן דערהערן
דעם גודל החשיבות און די ערנסטקייט און די וויכטיקייט פון
ענין החינוך, אז יעדער קינד און אלע קינדער זאלן באקומען
דעם מאקסימום פון חינוך הכי גדול וטוב, סיי בכמות און סיי
באיכות.

- ועד"ז -

ועד"ז אויך בנוגע צו דעם מעמד ומצב פון אה"ק.

ועד"ז אויך בנוגע צו פרטי הנהגת המדינה, הנהגת הפלך, הנהגת העיר והשכונה, סיי בנוגע צו אידן און סיי בנוגע צו ניט אידן, און אויך בנוגע צו דעם אופן ווי אידן לעבן צוזאמען מיט ניט אידן, אין אן אופן פון דרכי נועם, און אין אן אופן פון "לא לתהו בראה לשבת יצרה", און ווי די גמרא[158] רופט דאס אן "דרכי שלום", וואס דאס איז א פס"ד אין תורתנו "תורת אמת" און "תורת חיים" - א הוראה בחיים.

און מ'איז דאס מסביר אויך צו ניט אידן, און דאס ווערט ביי זיי נתקבל - ביז אז זיי טוען אין דעם, און טוען אין דעם בהצלחה.

און דעמולט ווערט דער ענין פון "לתקן עולם", אז מ'איז מתקן דעם העלם והסתר וואס איז דא (דערווייליע) אין וועלט - אז ס'זאל ווערן קלארער און ברור און ליכטיק, אז מ'וועט וויסן אז "יש בעה"ב לבירה זו", אז דער אויבערשטער איז דער בעה"ב אויף יעדער לאנד און אויף אלע לענדער, בכל זמן ובכל מקום, און ער וויל אז ס'זאל זיין צדק ויושר ושלום וכו', ווי אויסגערעכנט בכ"מ אין דברי הנביאים, וואס "גלה סודו אל עבדיו הנביאים".

און דורך דעם גרייט מען צו יעדער חלק פון דער וועלט, און די גאנצע וועלט - אויף אויפנעמען און אראפברענגען משיח צדקנו, בקרוב ממש ובעגלא דידן, למטה מעשרה טפחים, "ושמחת עולם על ראשם".

צוה לנגן אני מאמין.

* * *

לט. ס'איז אויך רגיל אין דער התוועדות אז יעדערער איז זיך מתנדב כיד ה' הטובה עליו וברוח נדיבה, אויפן קרן וואס איז אויפן נאמען פון בעל ההילולא, דורך וועלכן מ'העלפט ארויס די לומדי תורה, כמדובר בארוכה אין די שנים שעברו.

און די וואס ווילן קענען אויך אנצייכענען שמם ושם אמם, כדי להזכירם להמצטרך להם.

ויה"ר אז דאס זאל נאכמער מזרז זיין דעם "אחישנה" אין דעם "אחישנה"[159] פון די לעצטע רגעים פון גלות, און דאס וועט מקרב זיין און אראפברענגען משיח צדקנו בגלוי, למטה מעשרה טפחים.

- אח"כ -

---

158) גיטין סא, א. 159) ל' הכתוב - ישעי' ס, כב. וראה סנהדרין צח, א.

אח"כ אמר: מסתמא וועט מען געבן די צעטלאך, און אויך זינגען דעם ניגון הושיעה את עמך - וויבאלד אז "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה".

צוה לנגן פרזות תשב ירושלים. ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית - פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי. לכתחילה אריבער.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

*　　　　*

*

בס"ד. קטע משיחת כ"ף מנחם אב ה'תשל"ח. הנחת הה' בלהי מוגה

א. מ'האט געהערט פריערדיגע פריער'ווועגן דער שייכות פון א"י צו אידן - וכמדובר כמ"פ אז אין דעם איצטיקן מצב קומט נאך צו אן ענין וואס האט ניט קיין שייכות צו בעה"ב'שקייט אויף א"י, נאר ס'איז א שאלה פשוטה בנוגע צו דעם ענין פון פקו"נ.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די ערנסטקייט מיט דער התבוננות וואס דארף זיין אין דעם באהאנדלען די שאלה, איידער מ'גיט ארויס דעם פס"ד.

ולדעתי - איז דער פס"ד א הלכה ברורה[1]: ווען ס'איז דא אן "עיר הסמוכה לספר", און ס'קומט צוגיין איימיצער אפי' "על עסקי תבן וקש", איז דער דין אז "יוצאים עליהם בכלי זיין", כדי צו מטיל זיין "אימתה ופחד" אויף די וואס ווילן קומען אפי' "על עסקי תבן וקש" - ווארום דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ, און פקו"נ איז דוחה את כל התורה כולה.

און בשעת מ'טוט דאס לויט דעם ציווי ובכח פון ה' אלקי הצבאות, איז מען מצליח אז ס'זאל זיין "הפול עליהם אימתה ופחד בגדול זרועך ידמו כאבן"[3], אז מ'שטייט מיטן נשק מערנים ווי א משך זמן קצר, און מ'דארף אים אפי' ניט נוצן, און דערנאך גייט מען גלייך אוועק לבתיהם בשלום.

ב. כדי צו מאכן קלארער דעם ענין - האט דער אויבערשטער באוויזן אז די וואס זיינען ניט קיין אוהבי ישראל האבן געזאגט בגלוי וואס איז זייער פארלאנג - אז די אידן וואס זיינען געקומען אין א"י לאחרי שנת תש"ח, זאלן זיי נעמען זייערע פעקלעך און ארויספארן פון א"י (יעדערער וואוהין ער וויל), און אויב מ'וועט דאס ניט טאן - זאל מען וויסן אז ס'איז אן ענין של סכנה, ווארום אז מ'וועט זיי איינ'דרוגז'ן, וועלן זיי ניט מאכן קיין שלום, נאר פירן א מלחמה ח"ו.

ד.ה. אז די וואס ווילן ניט פארבינדן דעם איצטיקן בעמד ומצב מיטן קלארער פס"ד הנ"ל (ס"א) פון שו"ע [וואס דאס איז אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן "עסקי תבן וקש" - וואס די טובים שבהם טראכטן וועגן "תבן וקש", אבער אנדערע טראכטן וועגן גאר אנדערע ענינים, און אפי' צווישן די טובים שבהם האט מען שוין אויך געזאגט בפירוש דאס וואס זיי ווילן, און זיי האלטן אין איין רעדן אין דעם נוסח], און זיי זאגן אז צוליב פקו"נ דארף מען נאכגעבן די אלע וואס

- זיינען -

------------

1) בהשיחה סל"ב ואילך. 2) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סשכ"ט ס"ו. 3) בשלח טו, טז.

זיינען היפך פון אוהבי ישראל, כדי ניט איינ׳רוגז׳ן דעם גוי -

גיבן זיי ארויס א הוראה רח"ל אז די אלע אידן וואס זיינען געקומען אין א"י נאך תש"ח (און צווישן זיי אויך א טייל פון די וואס ווילן זאגן אז צוליב פקו"נ דארף מען זיי נאכגעבן), זאלן זיי פאקן זייערע פעקלעך און ארויספארן פון א"י רח"ל הילי"ת, און זוכן ערגעץ-וואו אן עיר מקלט!

ווארום תורה איז "תורת אמת", מ׳קען ניט מאכן קיין פשרות אין תורה, און אז מ׳פסק׳ט א דין, דארף מען פסק׳נען באופן גלוי:

ס׳איז א דבר ברור אז צוליב מרחיב זיין גבול ישראל, אדער צוליב ניט עובר זיין אויפן לאו פון "לא תחנם", טאר מען ניט טאן קיין עניין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ; דא איז אבער פונקט דער היפך, ווארום דורך דעם וואס מ׳גיט זיי נאך, עפענט מען את כל הארץ לפניהם רח"ל, ווארום גאנץ א"י איז אין א מעמד ומצב פון אן "עיר הסמוכה לספר".

ביז וואנעט אז די וואס זיינען מער גלויי לב (די וואס רעדן אפענער), האבן געזאגט בפירוש אז די אידן וואס זיינען געקומען אין א"י נאך תש"ח, געהערט א"י ניט צו זיי, און זיי דארפן אוועקפארן פון דארטן (מ׳וועט זיי ערלויבן נעמען זייערע פעקלעך, אבער זיי דארפן ארויספארן פון א"י),

וואס דאס זאגן שוין די ממוצעים שבהם, ווארום די גרועים שבהם זאגן אז אפי׳ די אידן וואס זיינען געווען אין א"י פאר תש"ח, דארפן זיי אויך ארויספארן פון דארטן - און דאס זאגן די וואס צווישן זיי זיינען דא די וואס האבן "אויל", און א סאך "אויל", און זיי מאכן א לחץ אויף ארה"ב וכו׳.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אויב ער האלט אז צוליב פקו"נ טאר מען ניט איינ׳רוגז׳ן דעם גוי, ובמילא דארף מען זיי נאכגעבן כדי צו מונע זיין א סכנה אויף אידן - דארף ער זיין דער ערשטער וואס זאל נעמען דעם פעקל און אוועקפארן פון א"י (דערפאר וואס אזוי וויל דער גוי)! ווארום די אידן וואס געפינען זיך בסביבתו קוקן אויף אים און דערפאר פארן זיי ניט אוועק פון א"י - וואס דערפאר וועט דער אראבער (אדער דער וואס געפינט זיך אין ליביע וכיו"ב) ווערן ברוגז, און דאס קען ברענגען צו א מלחמה רח"ל (לויט ווי ער טענה׳ט).

- ג. -

---

4) ל׳ הכתוב - ואתחנן ז, ב. וראה פרש"י עה"פ. ע"ז כ, ריש ע"ב. רמב"ם הל׳ עכו"ם פ"י ה"ג-ד. ועוד.

ג. וכאמור אז דער אויבערשטער האט אוועקגעשטעלט דעם מעמד ומצב אין א קלארן אופן:

עם רעדט זיך וועגן אן "עיר הסמוכה לספר", און א טייל פון זיי זאגן אז זיי קומען מערניט ווי "על עסקי תבן וקש" - האט תורה באווארענט מיט הונדערטער יארן צוריק, אז וואו די שאלה זאל נאר זיין, אין א"י אדער אין חו"ל, ביז אין א פנה נדחת בעולם כולו וואו ס'איז דא א ישוב פון בנ"י - איז "יוצאים עליהם בכלי זיין ומחללין עליהם את השבת", און דוקא דורך דעם אופן באשיצט מען די גאנצע לאנד מיט אלע אידן וואס געפינען זיך דארטן, ביז אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ וואס איז דוחה כל התורה כולה.

ובפרט אז אין דעם מעמד ומצב דארף מען גארניט דוחה זיין - מ'דארף נאר אפטייטשן דעם דין וואס שטייט אין הל' שבת כצורתו וכפשוטו וכעניננו, ווארום אין אן ענין פון הלכה גייען ניט אן קיינע פשט'לעך און רמזים; אויב ס'שטייט דארטן וואו ס'שטייען פסקי דינים, דארף מען צום אלעם ערשטן פסק'נען דעם דין לויט ווי ס'שטייט אין די פסקי הלכות,

ס'איז א זיכערע זאך אז ס'האט אין זיך אויך רמז דרוש און סוד, ווארום תורה איז "ארוכה מארץ מדה"[5], און ס'זיינען דא ששים רבוא פירושים סיי ע"ד הרמז, סיי ע"ד הדרוש, סיי ע"ד הסוד און סיי ע"ד הפשט[6] - אבער ח"ו צו זאגן אז מ'זאל ניט מקיים זיין די הלכה ווי זי איז כפשוטה.

ד. ויה"ר אז מ'זאל מער ניט דארפן רעדן וועגן דעם, דערפאר וואס ס'וועט זיין "ונגלה כבוד ה' וראו כל בשר יהדיו"[7] דעם מעמד ומצב ווי ער איז לאמיתתו, און דעמולט איז הבוחר יבחר "ודבר אלקינו יקום לעולם"[8],

און ס'זאל זיין - ווי די קינדער האבן געזונגען בשירה ובניגון - "עוצו עצה ותופר דברו דבר ולא יקום כי עמנו א-ל"[9], אז די אלע אומות וואס רעדוויילע זיינען זיי נאך ניט מסייע אידן, איז "תפול עליהם אימתה ופחד בגדול זרועך ידמו כאבן",

און אידן וועלן יוצא זיין מיטן העדר המנוחה וואס איז געווען ביז איצטער, ומכאן ולהבא וועט זיין "ונתתי שלום בארץ ושכבתם ואין מחריד"[10], און "והייתי לכם לאלקים ואתם תהיו לי לעם"[11].

- ובקרוב -

---

5) איוב יא, ט. 6) שער הגלגולים הקדמה יז. שער רוה"ק קח, ב. לקוטי מהרח"ו שבסוף שער מרד"ל להאריז"ל. 7) ל׳־ הכתוב - ישעי' מ, ה. 8) שם, ח. 9) שם, י. 10) בחוקותי כו, ו. 11) שם, יב.

ובקרוב ממש וועט מען פראווען חמשה עשר באב מיטן גאנצן שטורעם, ועד"ז בנוגע צו יוהכ"פ, רעד יום סליחה ומחילה[12], צוזאמען מיט דער הכנה לזה, אין מיט אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט תשובה מאהבה, ומתוך שמחה וטוב לבב,

און אנהויבן דעם ענין התשובה נאך אין חודש אב, וואס ער איז שוין נתהפך געווארן לטוב, ווארום מ'איז שוין אריין אין די "שבעה דנחמתא" - וועט זיין דער "והפכתי גו' לששון"[13], אז די טעג וועלן זיין ימים טובים און ימי ששון ושמחה, בקרוב ממש.

און גרייטן זיך צום סיום פון חושך הגלות, און נאך דערויף - צו דער אתחלתא דגאולה ע"י משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, אין אן אופן פון "קומה זקופה"[14] נאך זייענדיק אין די לעצטע טעג פון גלות,

למטה מעשרה טפחים, ומתוך שמחה וטוב לבב.

* * *

---

12) תענית ל, ב. 13) ירמי' לא, יב. 14) פרש"י עה"פ בחוקותי שם, יג.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ עקב, מבה"ח אלול ה'תשל"ח.

הנחת הח' בלתי מוגה

א. מ'האט שוין גערעדט כמ"פ אז שבת מברכים פון חודש הבא מוז אויסקומען אין דעם חודש שלפנ"ז. ובנדו"ד - שבת מברכים חודש אלול מוז זיין אין דעם חודש שלפנ"ז, חודש אב.

וואס לכאו', איז נים מוכרח אז ס'מוז זיין א קשר צווישן חודש אב מים חודש אלול, וואס דערפאר בענטשט מען חודש אלול אין חודש אב,

אבער אעפ"כ, וויבאלד אז יעדער ענין איז בהשגחה פרטית, ועוד ועיקר: ס'איז ידוע תורת הבעש"ט (וואס איז שוין געדרוקט בכ"מ[1]) אז פון יעדער ענין דארף מען ארויסנעמען א הוראה (אן אנווייזונג און אן אפלערנונג) אין עבודה האדם לקונו - איז פארשטאנדיק, אז ס'דארף זיין א הודאה אויך דערפון וואס בחודש אב בענטשט מען חודש אלול.

ווארום מה-דאך אז מ'דארף אפלעדנען א הוראה פון מילי דעלמא, איז עאכו"כ אז מ'דארף אפלערנען א הוראה פון מילי דתורה - כולל אויך דער ענין פון סדר החדשים (אז חודש אלול קומט נאך חודש אב), וואס דאס איז אן ענין וואס תורה האט קובע געווען, ועד"ז אויך דער ענין פון בדכה החודש אין שבת מברכים שלפני ר"ח (ובנדו"ד - אז בחודש אב בענטשט מען חודש אלול), וואס דאס איז אויך אן ענין וואס תורה האט קובע געווען.

[אע"פ אז דער ענין פון בדכת החודש קומט אנשטאט דעם ענין פון קידוש החודש אין דעם טאג פון ר"ח - איז דאך אבער געווען די הקנה אז בזמן שאין מקדשין ע"פ הראי', און מ'דארף מפרסם זיין ווען איז ר"ח, זאל מען דאס מפרסם זיין אין יום הכניסה, אין דעם שבת שלפני ר"ח[2].

און ווי געזאגט פריער אז פון יעדער ענין דארף זיין א הוראה אין עבודת ה', ווארום אויף אלע עניניס פון שמים וארץ וכל צבאם זאגט מען אז זיי זיינען באשאפן געווארן "בשביל התורה שנקראת ראשית ובשביל ישראל שנקראו ראשית"[3], ד.ה. אז יעדער ענין אין וועלט, שמים וארץ וכל צבאם [וואס דאס איז כולל אויך שמים וארץ העליונים, ווי דאס איז אין ספירות, ולמעלה מזה (כמבואר אין זהר[4])] - איז דאס פארבונדן דערמיט וואס אידן שטייען צוזאמען און ווערן אייך דאך מיט תורה, ד.ה. ווי א איד טוט אן ענין של תורה, במעשה, בדיבור, אדער במחשבה.

- וואס -

------------

1) כש"ט (הוצאת קה"ה) הוספות אות קכז-קכט. וש"נ.
2) ראה שבה"ל סק"ע. 3) פרש"י ר"פ בראשית. 4) ח"א רנו, ב.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'דארף זיין א הוראה אין עבודת ה' דערפון וואס ברכת החודש פון חודש אלול ווערט אויפגעטאן אין חודש אב.

ב. ענינו של חודש אלול איז - "אני לדודי ודודי לי"[5], ד.ה. אז בחודש אלול דארף זיין דער חשבון אויף דער עבודה וואס איז געווען במשך השנה שעברה, כדי אז ס'זאל זיין די חרטה אויף די ענינים וואס זיינען ניט געווען כדבעי, אדער עכ"פ משלים זיין דאס וואס מ'האט פארפעלט אין דער עבודה פון שנה שעברה, און צוגרייטן זיך און אנעמען החלטות טובות בנוגע צו דער עבודה פון שנה הבאה.

און אויף דערויף זאגט מען אז די ברכה והמשכה און נתינת כח אויף דער עבודה פון חודש אלול (אז די עבודה זאל זיין בהצלחה, מיט אלע ששה לשונות וואס מ'זאגט אין ברכת החודש, נאך דערויף וואס מ'איז מכריז ווען איז ר"ח) - נעמט זיך פון חודש אב שלפנ"ז, וואס דערפאר בענטשט מען חודש אלול אין חודש אב.

וואס נוסף לזה וואס מ'דארף האבן א הסברה בנוגע צו יעדער שבת מברכים החודש, פארוואס נעמט מען די ברכה אויף דעם חודש שלאח"ז פון <u>דעם</u> חודש - איז בנוגע צו ברכת חודש אלול בחודש אב, דארף מען האבן (ניט נאר א הסברה, נאר) א פארענטפערונג, ווי קומט דאס אז די ברכה אויף חודש אלול נעמט זיך פון חודש אב, לכאו' זיינען די צוויי חדשים (אב און אלול) צוויי ענינים הפכיים:

חודש אב, וואס הויבט זיך אן גלייך פון ר"ח אב, איז פארבונדן מיט אן ענין וואס איז היפך ההנהגה הרצוי', וואס דערפאר זיינען דא די אלע דינים מיוחדים אנהויבנדיק פון ר"ח אב (און דערנאך אין די טעג פון התחלת חודש אב); משא"כ חודש אלול, וואס ענינו איז אז מ'שטייט אין א תנועה של תשובה בנוגע לכל עניני תומ"צ, מערער ווי דאס איז בשאר חדשי השנה (כנ"ל) - פונקט דער <u>היפך</u> פון חודש אב.

בשלמא דאס וואס חודש אלול קומט לאחרי חודש אב, איז פארשטאנדיק - וואדום וויבאלד אז בחודש אב איז געווען א ירידה גדולה ביותר, מערער פון שאר חדשי השנה, איז גלייך נאך חודש אב נויטיק דער ענין ועבודת חודש אלול, כדי צו מתקן זיין דעם גודל הירידה פון חודש אב;

ס'איז אבער ניט פארשטאנדיק: ווי אזוי זאגט מען אז די

- ברכה -

------------

5) ל' הכתוב - שה"ש ו, ג. וראה אבודרהם סדר תפלת ר"ה. פע"ח שער ר"ה פ"א. שה"פ להאריז"ל עה"פ. לקו"ת ראה לב, א ואילך.



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

ברכה והמשכה אויף דער עבודה פון חודש אלול, נעמט זיך פון חודש אב; דא איז דאך דער טייטש ניט אז חודש אלול איז מתקן חודש אב, נאר אדרבה - חודש אב איז מתקן חודש אלול, ווארום מ'זאגט אז כדי אז די עבודה פון חודש אלול זאל זיין כדבעי, דארף מען אים בענטשן אין די טעג פון חודש אב דוקא - איז ניט פארשטאנדיק: ווי קען מען זאגן אז די ברכה והמשכה אויף חודש אלול, ווערט נמשך פון חודש אב?

ג. לכאו' וואלט מען געקענט זאגן, אז די הסברה בזה איז ע"ד המבואר אין תניא[6] פארוואס דורך תשובה מאהבה ווערט דער ענין פון "זדונות נעשו לו כזכיות"[7]:

דורך דער נפילה אין די זדונות, און דורך דעם וואס ער געפינט זיך אין אן "ארץ צי' וצלמות", ווערט ביי אים א צמאון און א תשוקה און א אהבה רבה לדבקה בו ית', און דערפאר זאגט מען אז "זדונות נעשו לו כזכיות", "הואיל ועי"ז בא לאהבה רבה זו".

ועד"ז וואלט מען געקענט זאגן אז מצד דעם גודל הירידה פון חודש אב, איז די עבודה פון חודש אלול מיט א צמאון גדול וכו'.

מ'קען אבער אזוי ניט זאגן - ווארום דאס וואס "זדונות נעשו לו כזכיות", איז ניט אין אן אופן פון נתינת הברכה (אז פון די "זדונות" באקומט מען אן ענין של ברכה אז מ'זאל קומען צו א תשובה מאהבה), נאר אדרבה: דער <u>היפך</u> הברכה וואס איז דא אין די זדונות איז מעורר דעם עצם הנפש, ער זאל זיך כאפן ווי אזוי ער איז אראפגעפאלן, און אנטלויפן פון דארטן צום ענין הקדושה מיט א תשוקה הכי גדולה;

משא"כ בנוגע צו ברכת החודש, זאגט מען (ניט אז ס'איז דא אן ענין הפכי וואס איז אים מעורר וכו', נאר מ'זאגט) בפשטות, אז דער ענין פון חודש אב <u>בענטשט</u> א איד ער זאל טאן די עבודה פון חודש אלול בתכלית השלימות.

ד. איז דער ביאור בזה:

ס'איז ידוע תורת הבעש"ט[8] אז שמו אשר יקראו לו בלה"ק גיט ארויס דעם תוכן פון דעם ענין, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער תוכן פון כל עניני חודש אב, ווערט ארויסגעגעבן אין דעם נאמען פון דעם חודש, חודש "אב".

איז ידוע די שאלה וואס מ'פרעגט בכ"מ, אויף אין

- חסידות -

---

6) פ"ז (יב, א). 7) יומא פו, ב. 8) שעהיוה"א בתחלתו.

הסידוה[9]: אין דעם הודש זיינען דאך געווען ענינים בלתי
רצויים, ס'איז געווען דער ענין פון "עלה ארי' בסובכו"[10],
וואס דאס איז געווען אין דעם חודש וואס בזלו איז "ארי'" -
איז וויבאלד אז דאס זיינען ענינים וועלכע קומען (לכאורה)
פון א הנועה וואס איז היפך פון אהבת האב לבנו, איז ווי
קומט דאס אז דוקא דער הודש ווערט אנגערופן בשם "<u>אב</u>"?

איז דער ביאור בזה: דוקא אין די ענינים בלתי רצויים
(וואס לכאו' זיינען זיי אן ענין וואס איז היפך פון אהבת
האב לבנו) דריקט זיך אוים דער גודל האהבה פון דעם אב לבנו,
כמבואר אין אגה"ק[11] אז מצד גודל אהבת האב לבנו, איז ער
"רוחץ בכבודו ובעצמו צואת בנו יחידו", ווי ס'שטייט[12] "אם
רחץ ה' את צואה בנות ציון", וואס דער ענין ווערט אויפגעטאן
מצד גודל אהבת האב לבנו, וויבאלד אז אים איז נוגע כל עניני
הבן.

און ווי מ'זעט בפועל אין דעם אדם התחתון, אז ווען
מ'רעדט זיך וועגן א קינד פון א צווייטן, אפי' ווען דער
צווייטער איז זיין ידיד - וועט ער זיך מאקע משתדל זיין אז
דער קינד זאל באקומען א חינוך כדבעי, ער וועט ארויסהעלפן
אין דעם, ער וועט געבן אן עצה וכו', אבער דער עצם ענין
החינוך (ביז אין אן אופן פון אפוואשן די ענינים בלתי
רצויים פון דעם קינד) - דאס טוט דער אב אליין.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון "כילה
ה' את חמתו"[13], דאס וואס די "חימה" קומט ארויס בפועל (ביז
אז ס'ווערט "<u>כילה</u> גו' חמתו", ס'איז גארניט געבליבן פון
דער חימה, "חצי <u>כלים</u>"[14] אינגאנצן) - איז פארבונדן און נעמט
זיך פון דעם ענין פון "אב", וויבאלד אז דאס קומט מצד גודל
אהבת האב לבנו, אז אים איז נוגע כל עניני הבן, וואס
דערפאר איז ער אליין רוחץ די ענינים בלתי רצויים פון
"בנות ציון".

און דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעה מ'זעט אז ס'איז
דא דער ענין פון "רחץ ה'" די ענינים בלתי רצויים פון "בת
ציון", און דער "אב" שטעלט זיך ניט אפ דערפון וואס דער
קינד וויינט בשעת מעשה - באווייזט דאס אויף דער גודל
האהבה פון דעם אב, אז דער ענין האב שבו שטייט בתוקף הכי

- גדול -

-----------

9) ד"ה נחמו עת"ר פ"י (סה"מ עת"ר ע' רכט). 10) ל'
הכתוב - ירמי' ד, ז. וראה יל"ש ירמי' רמז רנט. 11) סכ"ב
(קלד, ב). 12) ישעי' ד. ד. 13) ל' הכתוב - איכה ד, יד.
וראה איכ"ר פ"ד, יד. מדרש תהלים עה"פ תהלים עט, א.
14) פרש"י עה"פ האזינו לב, כג.

גדול, ביז וואנעט אז ער איז כובש רחמיו און "רחץ ה' גו'" אע"פ אז דער בן וויינט בשעה מעשה, וויבאלד אז אים איז נוגע אז דער בן זאל זיין בשלימותו.

ה. דער גודל האהבה פון דעם אב צום בן, וואס צוליב דערויף איז "רחץ ה' גו'" - באשטייט ניט נאר אין דעם וואס דער אב איז כובש רחמיו און טוט אן ענין וואס בשעת מעשה טוט דאס וויי דעם בן, נאר נאכמער: ער טוט אן ענין וואס בשעת מעשה טוט דאס וויי דעם אב אליין, ובלשון הגמרא[15] אז דער אויבערשטער זאגט "אוי[16] לו לאב שהגלה את בניו ואוי להם לבנים שגלו מעל שולחן אביהם".

וואס בנוגע צו דעם בן, קומט דערפון ארויס א תועלת - אז דערנאך וועט ער זיך אומקערן צו שולחן אביו ניט אין אן אופן פון נהמא דכיסופא, בדרך מתנה, נאר דורך יגיעת עצמו, וואס "אדם רוצה בקב שלו מתשעה קבים של חבירו"[17]; אבער דעם אב קומט ניט דערפון קיין תועלת.

איז לכאו', האט זיך דער אויבערשטער געדארפט רעכנען מיטן "אוי לו לאב", און ניט טאן דעם ענין פון "הגלה את בניו" - וואס דערכולט וועט דער בן אויך האבן אלע ענינים, ס'איז מערניט וואס אים וועט פעלן דער תענוג דערפון וואס דאס איז ניט קיין נהמא דכיסופא.

און אעפ"כ, עד כדי כך איז דער גודל אהבת האב לבנו, ביז אז דער תענוג האב ווערט דער זעלבער תענוג ווי תענוג הבן - אז כדי דער בן זאל האבן דעם תענוג דערפון וואס דאס איז ניט קיין נהמא דכיסופא, איז דער אב כובש את רחמיו, און נאכמער: ער פארשאפט זיך אליין (כביכול) דעם ענין פון "בכל צרתם לו צר"[18] ביז וואנעט אז דער "לו" בוא"ו איז דער "קרי" און גילוי פון דעם "לא" באל"ף, וואס דאס גייט אויפן אויבערשטן ווי ער שטייט אין כתר, מיט אלע פרטים ופירושים שבזה[19] - אבי אז בשעת הזמן זאל דער בן צוקוקען צו אן ענין של שלימות בתכלית האפשריות, כולל אויך אז ביי אים זאל ניט זיין קיין נהמא דכיסופא.

ו. — דערפון איז פארשטאנדיק, אז בר"ה אב, און דערנאך בהתחלת חודש אב. כולל אויך ה"ב (וואס דעמולט זיינען געווען די ענינים פון "רחץ ה' וגו'" - וואס דאס באווייזט

- אויף -

---

15) ברכות ג. סע"א. 16) כ"ה הגירסא בכמה דפוסים - ראה דקדוקי סופרים כאן. 17) ב"מ לח, רע"א. 18) ל' הכתוב - ישעי' סג. ט. 19) יהל אור ע' שסא. וראה לקו"ש אלול ס.ד. כ"ב.

אויף גודל אהבת האב לבנו, כנ"ל ס"ד-ה) - שטייט די פנימיות פון דעם "אב" בגילוי, נאכמער ווי דער אב שטייט בגילוי ווען ער איז משפיע טוב גלוי, כמבואר בכמה מקומות[20] די מעלה פון חסדים המכוסים לגבי חסדים המגולים.

און בשעה אז ס'ווערט נתגלה די דרגא פון דעם "אב", און אין אן אופן אז דאס שטייט בגלוי, ביז וואנעט אז לויט דעם אופן פירט ער זיך בנוגע לפועל - דער גילוי פון דעם "אב" קען מכשיך זיין די ברכה אין חודש אלול,

אז עבודת התשובה פון חודש אלול זאל זיין ניט סתם א תשובה מיראה, און אפי' ניט סתם א תשובה מאהבה, נאר א תשובה מאהבה שלימה בתכלית השלימות, ביז אין אן אופן פון "והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה"[21], אז ער קערט זיך אום לשרשו ומקורו.

וואס כדי אז עבודת התשובה זאל דערגרייכן ביז אין פנימיות העצמות - דארף מען האבן אז מצד דעם "אב" (דער אויבערשטער) זאל שטיין פנימיות העצמות בגילוי, וואס דאס איז דער אויפטו פון חודש "אב" (כנ"ל) - און דערפאר נעמט זיך די ברכה אויף דער עבודה פון חודש אלול - פון חודש אב דוקא.

ז. ע"פ האמור לעיל אז אין חודש "אב" שטייט די פנימיות פון דעם "אב" בגילוי - איז פארשטאנדיק, אז ס'איז ניט שייך צו זאגן דעם ענין פון "מנחם אב", אז ס'איז דא אן ענין של חרטה וכו', ווארום דער "אב" איז געשטאנען די גאנצע צייט בגלוי, ס'איז מערניט וואס דאס איז געווען אין אן אנדער לבוש, אבער אין דעם לבוש איז געווען מלובש דער אב, ואדרבה - די פנימיות פון דעם אב.

אבער אעפ"כ, וויבאלד אז תכלית העבודה איז אז ס'זאל אראפקומען אין מעשה בפועל, אין עולם העשי', וואס דאס איז עולם הפשט[22], ביז צו פשוטו של מקרא - האט מען דערפאר מוסיף געווען אין זמן הגלות דעם ענין פון "מנחם (אב)", ואדרבה, דער ווארט "מנחם" שטייט פאר דעם ווארט "אב".

בדוגמא ווי דאס קומט ארויס אין דער הפטרה - אז די ערשטע הפטרה שלאחרי ת"ב איז "נחמו נחמו"[23], און די אלע שבעה שבועות שלאח"ז (וואס דערנאך קומט ר"ה, און ס'הויבט

- זיך -

------------

20) ראה לקו"ת תבוא מב, רע"ג. סידור רמז, א. 21) ל' הכתוב - קהלת יב, ז. וראה לקו"ת ר"פ האזינו. ובכ"מ. 22) ראה ע"ח (הובא בנו"מ בתחלתו. נהר שלום בהקדמת רחובות הנהר בסופה). מ"ח מס' חיוב הנשמות פ"א מ"ב. 23) ישעי' מ, א.

זיך אן א שנה טובה ומתוקה) ווערן אנגערופן "שבעה דנחמתא", אן ענין של נחמה.

וואס דער ענין פון "נחמו" און "שבעה דנחמתא" איז פארבונדן מיט דער הפטרה דוקא (ניט מיט דער קריאה בתורה), וואס כללות הענין פון הפטרה איז געקומען מצד גזירה המלכות[24] - וואס דאס איז ברוגמת האמור לעיל וועגן דער הוספה פון דעם ווארט "מנחם", אז דאס איז געקומען אין זמן הגלות דוקא (ע"ד ווי די הפטרה וואס איז פארבונדן מיט גזירת המלכות).

ח. וכאמור לעיל, אז דוקא מצד דערויף וואס בחודש אב שטייט בגילוי די פנימיות פון דעם "אב" (ביז וואנעט אז ער פארשאפט זיך אליין (כביכול) דעם "אוי לו לאב", און דאס איז ביי אים ניט תופס מקום - וויבאלד אז ער וויל אז אלע ענינים פון דעם בן זאלן זיין בשלימות, ביז אז ביי אים זאל אפי' ניט זיין קיין נהמא דכיסופא) - האט ער בכח צו בענטשן חודש אלול אז דעמולט זאל זיין די עבודה פון "אני לדודי ודודי לי" בתכלית השלימות.

וואס אע"פ אז כללות העבודה פון חודש אלול איז אין אן אופן פון אתעדל"ת, פריער "אני לדודי" און דערנאך "ודודי לי" - איז אבער מבואר אין די דרושים[25] אז כדי ס'זאל קענען זיין דער ענין פון "אני לדודי", דארף מען האבן אויף דערויף א נתינת כח מלמעלה, וואס דאס איז דער ענין וואס בחודש אלול געפינט זיך דער מלך בשדה, און דאס זיינען די י"ג מדה"ר וואס ווערן נתגלה בחודש אלול[26], וואס זיי גיבן די נתינת כח אויף דער עבודה פון חודש אלול, אז ס'זאל זיין "אני לדודי ודודי לי".

וואס דאס איז פארבונדן דערמיט וואס דער ר"ת פון "אב" איז אל"ף, ווער"ז איז דער ר"ה פון "אלול" אויך אל"ף, וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "אנכי", דער ענין פון "כתר"[27], וואס דער ר"ת פון "אנכי" איז אויך אל"ף -

וואס דער ענין פון "אנכי", כתר, איז פארבונדן מיט כללות עבודת התשובה, וואס תשובה איז נאך העכער פון תורה, וואס דערפאר איז תשובה ממלא די אלע חסרונות אין דער עבודה פון לימוד התורה וקיום מצוותי'[28],

- וואס -

---

24) ב"ח לטואו"ח ר"ס רפד. ט"ז לשו"ע שם. שו"ע אדה"ז שם.
25) ראה לקו"ש אלול השל"ז ס"ב. וש"נ. 26) לקו"ה ראה שם.
27) ראה לקו"ת אמור לד, ד. ועוד. 28) לקו"ה אחרי כו, ב ואילך. דרמ"צ מצות וידוי תשובה. ד"ה נחמו הנ"ל פי"א (סה"מ שם ע' רל).

וואס דערפאר זעט מען אז תורה הויבט זיך אן מיט "בראשית", מיט א בי"ת, און ווי חסידות ברענגט אראפ בכ"מ[29] דעם פירוש וואס ס'שטייט אין כתבי האריז"ל אויף "על תורתך שלמדתנו", אז די תורה [illegible] מיר לערנען ([illegible]) איז אין עולם הבריאה, וואס דערפאר[30] הויבט זי זיך אן מיט א בי"ת - און ערשט דערנאך קומט דער ענין פון "אנכי ה' אלקיך", וואס הויבט זיך אן מיט אן אל"ף, וואס דאס איז פארבונדן מיט עבודת התשובה, כמבואר בכ"מ.

ט. אין דערויף קומט צו נאך אן ענין:

בנוגע להאמור לעיל (ס"ה) אז דער איבערשטער וויל אז ביי א אידן זאל ניט זיין קיין נהמא דכיסופא -

איז ידוע דער ווארט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו, אז יעדער איד ביים אויבערשטן איז בדוגמא צו אן אידעם וואס זיצט אויף קעסט ביי א רייכן שווער,

וואס נוסף דערצו וואס וויבאלד אז דער שווער איז כבטיה געבן אים קעסט, דארף ער געבן הכל כדבעי, און בשעת אז דער שווער איז א רייכער און א בעל נאמנות וכו', פארשטייט מען אין וואס פאר אן אופן שטעלט ער אים צו די קעסט -

איז בשעה אז דער שווער וויל אז דער אידעם זאל עפעס טאן (באיזה סיבה שהי') - איז מצד דערויף וואס דער אידעם איז א מיוחס און איז ניט רגיל לעבודה, איז בשעה ער טוט עפעס-וואס באצבע קטנה, איז וויבאלד אז דאס איז היפך טבעו ורגילותו לגמרי, איז דאס ביי אים בדוגמא צו אן עבודה קשה ביותר, עבודה פרך, וואס איז ביי שאר בני אדם.

[בכובן דערפון וואס די גמרא[31] טייטשט אפ אויף "עבודת פרך", "שהן כהליפין כו' מלאכה נשים לאנשים", וואס אע"פ אז עבודה נשים איז גרינגער פון עבודת אנשים, ווערט דאס אבער אנגערופן "עבודת פרך", דערפאר וואס דאס איז היפך הרגילות]

ועד"ז אויך אין נמשל: די נשמה איז דאך געווען "חצובה מתחת כסא הכבוד"[32], זי האט ניט קיין שייכות צו עוה"ז, זי האט ניט קיין שייכות צו אן ענין של "בירא" בכלל, ועאכו"כ אז זי האט ניט קיין שייכות צו א "בירא עמיקתא"[33], ועאכו"כ אז זי האט ניט קיין שייכות צו עבודות וועלכע זיינען

- פארבונדן -

------------

29) סה"מ ה'ש"ת ע' 68 ובהע' שם. 30) ראה לקו"ש בראשית ש.ז. בהתחלתו. 31) סוטה יא, ריש ע"ב. 32) ראה זח"ג כט, ריש ע"ב. 33) ראה חגיגה ה, ב.

פארבונדן מיט א בור, און א בור עמוק - עמקות שבבור.

און בשעת אז דער אידעם (די נשמה) געפינט זיך בשליחות פון דעם שווער (דער אויבערשטער) אין דער "בירא עמיקתא", דערפאר וואס דער שווער האט אים מכריח געווען ער זאל זיין אין דער "בירא עמיקתא" - איז פארשטאנדיק, אז בשעת דער אידעם גיט א ריר מיט אן אצבע קטנה אין די ענינים פון דער "בירא עמיקתא", איז אין להעריך דעם גודל העבודה פרך שבזה, ועאכו"כ אז ס'איז ניט שייך צו זאגן אז דאס איז נהמא דכיסופא;

ער האט א ריר געטאן מיט אן אצבע קטנה עפעס אן ענין פון דער "בירא עמיקתא" - קומט אים דערפאר ניט נאר ש"י עולמות[34], נאך אלע הר"ך עולמות, מיט אלע ענינים וואס זיינען העכער פון עולמות, ועאכו"כ אז ס'קומט אים בני חיי ומזוני רויחי.

י. דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז אפי' א תנועה קלה וואס דער בן איז גולה מעל שולחן אביו - איז דאס שוין שולל בתכלית דעם גאנצן ענין פון נהמא דכיסופא,

עאכו"כ אז ס'איז געווען דער כילה חמתו בעצים ובאבנים[35], ועאכו"כ אז ס'איז שוין "עבר קציר כלה קיץ ואנחנו לא נושענו"[36], ועאכו"כ אז ס'געפינט זיך אין א חושך כפול ומכופל, און "לא אתנו יודע עד מה"[37] - תורת אמת זאגט אז ס'איז שוין "כלו כל הקיצין ואין הדבר תלוי אלא בתשובה"[38],

און ס'איז דא דער ווארט פון רבותינו נשיאינו[39] (און אויך פון גדולי התורה אין נגלה דתורה), אז בשעת א איד גיט א קרעכץ אויף א דבר בלתי רצוי, איז דאס אן ענין פון תשובה אמיתית - בדוגמא ווי די גמרא[40] פסק'נט אפ בנוגע לפועל, אז "המקדש את האשה ע"מ שאני צדיק אפילו רשע גמור מקודשת שמא הרהר תשובה בדעתו", ד.ה. אז מיט אן איין און איינציקן הרהור תשובה ווערט ער א צדיק גמור[41] (פון דעם מעמד ומצב ההפכי), ווי דער אלטער רבי ברענגט דאס אראפ אין דער הההלה פון ספר תניא קדישא[42].

וואס דערמיט איז מען ניט אויסן צו ברענגען קושיות - ס'איז נאר אויסן ארויסברענגען נאכמאל בגילוי דעם דבר (הפשוט און) הכי פשוט, אין פשט פון עולם העשי', אז ס'איז

- שוין -

---

34) ראה עוקצין בסופה. 35) ראה איכ"ר ובמדרש תהלים שם. 36) ירמי' ח. כ. 37) תהלים עד, ט. 38) סנהדרין צז, סע"ב. 39) לקו"ש ח"א ע' 132. 40) קידושין מט, ב. 41) ראה אור זרוע ס"י קיב. 42) ראה ליקוט פירושים וכו' לתניא פ"א אות כר.

שוין "כלו כל הקיצין", און ס'איז שוין דא דער ענין התשובה - ווארום אלע האבן שוין אפגע'פסק'נט אז דאס איז "תשובה" ע"פ דין תורה,

ווערט זיכער מקויים דער פס"ד הרמב"ם[43] "הבטיחה תורה שסוף ישראל לעשות תשובה בסוף גלותן ומיד הן נגאלין", בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, ובעגלא דידן.

* * *

יא. האמור לעיל קומט בהמשך צו דעם וואס מ'האט גערעדט אין דער ההתוועדות הקודמת[44] בנוגע צו דער עבודה מיוחדת שהזמן גרמא - דער ענין פון חינוך.

וואס במדינה זו, ועד"ז אין די מדינות וואס געפינען זיך אין דעם חצי כדור, הויבט זיך אן שנת הלימודים (לאחרי ההפסק וואס איז געווען אין ימות הקיץ) בסוף חודש אב, אדער בתחלת חודש אלול, עכ"פ קודם תחלת השנה הבאה, פאר ר"ה.

וואס דאס איז דאך דער חצי כדור וואו ס'איז געווען דער ענין פון מ"ת [בידוע דער מכתב פון דעם צ"צ, וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט געשריבן וועגן דעם[45]] - וואס דערפאר דארף מען גיין לויט דעם מעמד ומצב פון דעם חצי כדור, אע"פ וואס אין דעם צווייטן חצי כדור איז דאס מיט אן אנדער סדר, און דארטן דארף מען זיך אפלערנען פון דעם סדר אין דעם חצי כדור, בדוגמא ווי מ'לערנט אפ פון ענינים המפורשים בתורה ווי אזוי עס דארף זיין דער דין אין א מעמד ומצב דומה לזה, אבער ניט דומה לגמרי.

ועד"ז אויך בנוגע צו די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט ימות הקיץ און ימות החורף, (ובלשון הגמרא ימות החמה און ימות הגשמים), וואס ס'זיינען דא כמה דינים (ביז אין שו"ע - בנוגע לפועל) וואס זיינען דערמיט פארבונדן -

זיינען דא כללים אין תורה ווי אזוי מ'לערנט אפ פון דעם מעמד ומצב פון דעם חצי כדור שבו ניתנה התורה לגבי דעם מעמד ומצב פון דעם צווייטן חצי כדור.

וואס די תורה איז דאך בתקפה אויך אין דעם צווייטן חצי כדור, ווארום "זאת התורה לא תהא מוחלפת"[46], סיי אין דעם חצי כדור און סיי אין דעם צווייטן חצי כדור, ביז אין גאנץ סדר השתלשלות - ס'איז מערניט וואס בנוגע לפועל קומט

- דאס -

---

43) הל' תשובה פ"ז ה"ה. 44) שיחת כ"ף מנ"א. 45) סה"מ תש"ה ע' 232. שם ע' 235 ואילך. ודאה שיחת מוצאי ש"פ בשלח - י"ג שבט ש.ז. סכ"ד. 46) עיקר הט' מי"ג עקרים.

דאס ארוים אין זמנים שונים, בדוגמא ווי דער אלטער רבי ברענגט אדאפ בשו"ע שלו[47] (מיוסד אויף די פסקי דינים פון די פוסקים שלפניו) בנוגע צו די זמנים פון חצות, "זמן ק"ש ותפלה וזמן כניסת שבת".

ועד"ז בנוגע לעניננו - אז אין דעם תצי כדור הויבט זיך אן שנת הלימודים קודם ר"ה.

וכמובן בפשטות דער טעם פארוואס דארף זיך שנת הלימודים אנהויבן קודם ר"ה - ווארום מה-דאך אז לפני ר"ה הויבט מען אן טאן אין שאר עניני תורה ומצוותי', כדי אז מ'זאל האבן א כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה (וואס דאס איז כולל דעם ענין פון "תמליכוני עליכם"[48], מיטן גאנצן שטורעם און מיט אלע פרטים שבזה), איז עאכו"כ אז פאר ר"ה דארף זיין אזא ענין עיקרי ווי דער ענין החינוך, אז מ'זאל דעמולט אנהויבן א סדר חדש, מיט א חיות חדש, אין דעם ענין החינוך.

יב. און וויבאלד אז במדינה זו, ועד"ז אין אה"ק, און אין שאר המדינות וואס געפינען זיך אין דעם חצי כדור (וואו ס'געפינט זיך דער רוב מנין ורוב בנין פון בנ"י), איז איינ-געשטעלט דער סדר אז שנת הלימודים הויבט זיך אן בסוף חודש אב, אדער בהחלת חודש אלול -

איז פארשטאנדיק, אז דעמולט דארף מען זיך משהדל זיין ביתר שאת וביתר עז בנוגע צו אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט התחלת שנת הלימודים, סיי בנוגע צו לימוד עם הגדולים, און סיי בנוגע צו לימוד עם הקטנים וקטני קטנים, ביז משהתינוק מתחיל לדבר[49].

וואס אע"פ אז דער חיוב פון "ושננתם לבניך"[50] איז א חיוב תמידי בכל השנה כולה, ביז וואנעט אז מ'זאגט דאס פעמיים בכל יום פון כל ימות השנה - איז ע"ד ווי גערעדט אין דער התוועדות פון י"א ניסן[51] אז אע"פ אז ס'איז דא דער ענין פון מ"ת בכל יום, ווי מ'זאגט אין ברכת התורה "נותן התורה" לשון הווה[52], איז אבער דא א יום (און א זמן) מיוחד בשנה וואס דעמולט שטייט דער ענין פון מ"ת מיט מער שטורעם, וואס דער זמן ווערט אנגערופן "זמן מתן תורתנו", און דאס גיט אריין תיות אין דעם מ"ת שבכל יום - איז עד"ז אויך בנוגע צו התחלת שנת הלימודים, אז דעמולט איז מער בודגש די השתדלות וואס דארף זיין אין דעם ענין החינוך.

- און -

---

47) או"ח מהדו"ה ס"א ס"ח. וש"נ. 48) ר"ה טז, א.
49) ראה סוכה מב, א. 50) ואתחנן ו, ז. 51) סט"ו ואילך.
52) לקו"ה תזריע כג, א. ועוד.

און ווי ס'זעט בפועל אז די ווארעמקייט און צוגעטראגנ-
קייט און פריילעכקייט וואס איז דא אין התחלת שנת הלימודים,
איז מערער ווי דאס איז [illegible] די ימים שלאח"ז, נאך דערויף
וואס דאס ווערט ווי א[illegible]רה ישנה (ובלשון וואס רש"י
ברענגט אראפ פון ספרי [illegible]יוטגבא ישנה").

און דערפאר דארף [illegible] זיין די הכנה צו התחלת שנת הלימודים,
אין אן אופן אז התחלת שנת הלימודים זאל זיין בתכלית
השלימות, סיי בכמות און סיי באיכות, עאכו"כ אז דאס זאל
ארומנעמען כל ילד וילדה בישראל, סיי ילדים בשנים און סיי
ילדים בידיעות.

וואס דער ענין פון ילדים בידיעות איז כולל יעדער
מענטשן - ווארום וויבאלד אז מ'זאגט אין דעם פרק פון
היינטיקן שבת[54] "איזהו חכם הלומד מכל אדם", איז פארשטאנדיק,
אז איידער ער האט געלערנט היינט דעם ענין, איז ער געווען
א קטן בנוגע לידיעה זו.

ביז ווי ר' יוחנן האט געזאגט אז דער וואס ווערט אים
פארענטפערן א געוויסן ענין בתורה, איז "כמובילנא מאני'
אבתרי' לבי מסותא"[55], ער וועט אים משמש זיין מיט א שימוש
וואס ע"פ תורה אמת באווייזט דאס אויף אן ענין של עבודות
(וואס דערפאר דארף [illegible] זיך אויסהיטן פון אזא סארט ארבעט);

וואס דא רעדט [illegible] וועגן ר"ל, זייענדיק אן אמורא, און
דער וואס האט בסדר גמ' [illegible] גאנץ תלמוד ירושלמי[56], מיט דער
גאנצער הפלאה וואס מ'זאגט בנוגע צו ר"י - און אעפ"כ זאגט
ר"י אז צוליב א ביאור און א הסברה אין אן ענין בתורה,
וועט ער זיך אראפלאזן צו טאן אן ענין של עבודות הכי ירודה
ושפלה.

איז דאך עאכו"כ בנוגע לענינינו - אז יעדער מענטש
ווערט אנגערופן בשם קטן לגבי די ענינים צו וועלכע ער קען
צוקומען, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין החינוך
איז נוגע אויך צו אים.

יג. וואס דערפאר וויל מען נאכמאל דערמאנען וועגן דעם
ענין החינוך, כדי צו מעורר זיין שיטה לב הציבור והקהל לזה.

און ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות בארוכה[57],
אז דאס איז נוגע ניט נאר צו בנ"י, נאר אויך צו אינם יהודים

- וויבאלד -

------------

53) עה"פ ואתחנן שם, ו. 54) רפ"ד. 55) עירובין כז, ב.
וש"נ. 56) ראה תולדות הו"א (היימן) ע' 653. 57) שיחת
כ"ף מנ"א ס"ה. סי"ח ואילך.

– וויבאלד אז דער רמב"ם פסק'נט אפ אין הל' מלכים[58] אז ס'איז דא א חיוב אויף אידן צו זעהן אז בני נח (וואס דאס איז כולל כל העולם כולו) זאלן זיך פירן אין אן אופן פון "לשבת יצרה"[59], וואס אויף דערויף ראדף מען האבן דעם ענין הדינים[60], און דאס איז אויך כולל דעם ענין החינוך כדבעי, מיוסד אויף אמונה אין בורא העולם ומנהיגו, וואס דערפאר דארף מען זיי מחנך זיין באופן המתאים. ועאכו"כ ניט לאזן זיי ווילדעווען אין רח"ר.

וואס דערפאר איז א דבר הכי נכון והכי טוב והכי נחוץ – אז איידער ס'הויבט זיך אן שנת הלימודים החדשה, זאל מען זיך דערצו גרייטן באופן המתאים, ובפרט – מעורר זיין די וואס זיינען פארבונדן מיט שלטון המדינה (והמלך, העיר והשכונה) אז זיי זאלן מדגיש זיין דעם גודל ענין החינוך.

וואס איינע פון די איינפאכסטע אופנים ווי מ'איז רגיל צו מדגיש זיין די חשיבות פון אן ענין, איז – דורך דעם וואס מ'איז מכריז אז מ'קלייבט אויס דעם און דעם טאג (מאיזה טעם שיהי') אלס "יום החינוך", און מ'איז דאס מפרסם באופן המתאים, מיט א הסברה עכ"פ בקיצור, און דערנאך איז דאס יעדערער ממשיך בסביבתו מיט דער אריכות הדרושה.

יד. און צום אלעם ערשטן דארף מען באווארענען אז מ'זאל ניט ווערן קיין "קדרא דבי שותפי"[61]. אז יעדערער וועט זאגן אז ער וועט זיך פארלאזן אויפן צווייטן (און ער וועט זיך טאקע פארלאזן אויפן צווייטן) – אדער אז רבים וועלן טאן אין דערויף, אבער יעדערער וועט טאן בדרכו און וועט זיך ניט רעכנען מיט א צווייטן, וואס דעמולט וועלן מסתמא ארויסקומען בלבולים;

ליגט דער חיוב בזה אויף די שבעה טובי העיר, ווי ס'ברענגט זיך אראפ אין שו"ע[62] בנוגע לענינים כיו"ב.

און דער ענין גופא, מברר זיין ווער זיינען די שבעה טובי העיר (מיט אלע ענינים וואס זיינען דערמיט פארבונדן. וואס אין כאן המקום להאריך בזה) – ליגט דאס אויפן מרא דאתרא, ער זאל זעהן אז דער ענין זאל אפגעטאן ווערן ע"י פלוני אדער דורך עטליכע מענטשן וכיו"ב.

– און –

------------

58) פ"ה ה"י. 59) ל' הכתוב – ישעי' מה, יח. וראה לקו"ש ח"ה ע' 159 הע' 63. 60) ראה סנהדרין נו, סע"א ואילך. וראה רמב"ן עה"פ וישלח לד, יג. ובארוכה לקו"ש שם ע' 158 ואילך. 61) עירובין ג, סע"א. ב"ב כד, ב. 62) אדה"ז חו"מ הל' נזקי גוף ונפש סט"ו ואילך. וש"נ.

און כדי אז דער מרא דאתרא זאל ניט האבן די הסברה אז וויבאלד אז כל מילי דמהא עלי׳, איז ווער ווייסט ווען ער וועט האבן צייט צו טאן אין דעם ענין - איז ע"פ האמור לעיל אז דאס איז אן ענין שהזמן גרמא, איז א זיכערע זאך אז בשעת ער וועט זיך מתבונן זיין אין דערויף, אפי׳ בהתבוננות הכי קלה, וועט ער גלייך נאך דערויף זיך מתבונן זיין מיט וועמען דארף מען רעדן וועגן דעם, און וועמען דארף מען מזרז זיין אויף צו טאן אין דעם, און ווי אזוי די התעסקות בזה זאל זיין אין אן אופן פון "איש את רעהו יעזרו"[63], און ניט אז יעדערער זאל טאן ע"פ דרכו, וואס דעמולט ווייסט מען ניט אין וואס פאר אן אופן דאס וועט אויסקומען וכו׳.

און מ׳איז מדגיש אז ס׳איז ניט דער טייטש אז מ׳באפרייט די שבעה טובי העיר פון דעם חיוב (וואס באמת איז דאס א זכות הכי גדול) - נאר מ׳זאגט אז ס׳איז דא נאך איינער (דער מרא דאתרא) וואס דארף אויך טראגן בעול, און אויף אים ליגט אויך די אחריות אויף דעם ענין.

טו. און וויבאלד אז מ׳האט גערעדט בשנה שעברה[64] וועגן דעם ענין פון משפיעים,

[וואס לצערי הכי גדול זעט מען ניט (עכ"פ בעיני בשר) אז ס׳איז געווארן א שינוי אין גאט דורך דער פעולה פון די משפיעים,

ס׳איז קיין נפק"מ ניט צי דער חסרון איז אין די משפיעים אדער דער חסרון איז אין די מושפעים, ווארום דא איז ניט נוגע מאשים זיין איימיצען ח"ו - דער עיקר איז אז ס׳דארף זיין "סאפארו דאפלאחו", און וויבאלד אז ס׳איז ניטא קיין קשר ביניהם, איז "ראַבאטו ניע ווידאט", ס׳זעט זיך ניט אן די ארבעט.

אזוי ווי מ׳קומט אבער צו חודש אלול - איז התקוה חזקה אז די מושפעים וועלן ניט לאזן שלאפן די משפיעים, און די משפיעים וועלן ניט לאזן שלאפן די מושפעים, ביז אז ס׳וועט זיין "מאיר עיני שניהם ה׳"[65], און הלואי זאל בייביידע זיין דער "עורו ישנים כו׳ מתרדמתכם"[66], און דער מושפע זאל טאן דאס וואס ער דארף טאן, און דער משפיע זאל טאן דאס וואס ער דארף טאן] -

- זיינען -

------------

63) ל׳ הכתוב - ישעי׳ מא, ו. 64) שיחת כ׳ כסלו תשל"ז סכ"ט ואילך. וראה הוספות לקונטרס אהבת ישראל הוצאה מיוחדה למשפיעים. ועוד. 65) משלי כט, יג. וראה תמורה טז, א. 66) רמב"ם הל׳ תשובה פ"ג ה"ד.

זיינען די משפיעים אויך בעובי הקורה בנוגע צו דער התעסקות אין דעם ענין החינוך.

צי זיי דארפן טאן אין דערויף מיט זייערע רמ"ח אברים, אדער זיי דארפן אויפוועקן דעם רב, אדער אויפוועקן די שבעה טובי העיר וכיו"ב - דער עיקר איז אבער אז סוכ"ס זאל מען זעהן בעיני בשר אז לב ישראל ער הוא להקב"ה לתורתו ולמצוותיו.

וכאמור, אז וויבאלד ס'דארף זיין "ודרשו את שלום העיר גו'"[67] - דארף מען זעהן אז דאס ווערט געטאן באופן הכי רחב ומפורסם, וואס דורך דערויף וועט ווערן דער ענין פון "לשבת יצרה" אין כללות המדינה, הפלך, העיר והשכונה.

און איך רעכן אז מ'איז יוצא דערמיט וואס מ'רעדט וועגן דערויף בדיבור.

טז. כדי צו מזרז זיין את הדבר - איז הצעתי ובקשתי (מיט אלע לשונות של בקשה), אז גלייך נאך דעם רעדן, זאל זיך יעדערער מתבונן זיין בזה, און דערנאך זאל יעדערער געפינען א פאר מינוט אויף אנשרייבן (על שמי) א פאר שורות, אז ער האט אפגעטאן עכ"פ התחלת הפעולה בזה.

און מ'זאל ניט ווארטן ביז וואנעט אז "מזכירות" וועט אים דערמאנען וועגן דעם - וואס אויף דערויף דארף מען אוועקשטעלן משפיעים מיוחדים אז זיי זאלן משפיע זיין אויף מזכירות, וואס אויף דערויף איז ניטא קיין צייט (אפי' אויב זיי וועלן וועלן מקבל זיין די השפעה);

דער עיקר איז אבער אז מ'דארף דערצו ניט אנקומען, ווארום מ'האט שוין געהערט די אלע פרטים וואס מ'דארף רעדן וועגן דעם ענין.

און מ'זאל אנשרייבן מלכתחלה אויף דער מעטפה אז דאס רעדט זיך וועגן חינוך (כדי אז ס'זאל ניט אריינגיין צווישן די אנדערע ענינים) - וואס בשעת אויף דער מעטפה וועט שטיין "חינוך", וועט דאס האבן א באזונדער דין קדימה.

און בשעת אז פון איינעם וועט ניט אנקומען דער בריוו - איז מלכתחלה דער פירוש הדבר, אז ער האט ניט וואס צו מודיע זיין!

וואס דעמולט איז אפי' את"ל אז ער איז געווען אן אנוס, און אן אנוס ע"פ תורת אמת (מיט אלע ענינים של הצדקה) - איז דאך אבער דא דער פס"ד[68] אז כמאן דעביד לא אמרינן,

- ובפרט -

---

67) ירמי' כט, ז. 68) ירושלמי גיטין פ"ז ה"ו. קידושין פ"ג ה"ב. ב"ח חו"מ רסכ"א. ש"ך שם סק"ג.

ובפרט אז דא רעדט זיך וועגן דעם חינוך פון א צווייטן (נוסף לזה וואס ער דארף זיך מחנך זיין), וואס דעמולט איז א זיכערע זאך אז כמאן דעבי״ [illegible] אבריגן, ווארום יענער איז געבליבן אין דעם זעלבן מעמד ומצב ווי ער איז געווען מיט א טאג פריער.

יז. און מ׳האט ניט וואס [illegible] א בעדפרעגן הוראה, אז מ׳זאל אים זאגן צי מ׳מיינט באופן כך אדער באופן כך, און מ׳זאל ניט פטר׳ן קיין געלט און צייט און מרץ וכו׳ אויף צו שרייבן בריוולאך מיט שאלות שונות ומשונות - נאר "המעשה הוא העיקר"[69].

וכאמור אז לכל לראש ליגט דער חיוב אויף די שבעה טובי העיר, כולל אויך די וואס האבן זיך ממנה געווען פאר שבעה טובי העיר,

וואס מצד די ענינים פון רה"ר איז צוגעקומען א מציאות חדשה: ס׳זיינען דא די שבעה טובי העיר ע"פ שו"ע, און דערנאך מצד דעם חושך כפול ומכופל פון גלות, איז געווארן א מציאות אז ער איז זיך אליין ממנה פאר טובי העיר, און ניט פון די שבעה טובי העיר. נאר ער איז דער יחיד שבהם;

איז בנוגע צו דעם ענין החינוך - איז יבוא הנס מכל מקום: זאל ער מקבל׳ן דעם ברא דאהרא מיטן משפיע ביז די שבעה טובי העיר, און די אלע וואס זיינען שייך צו טאן אין דערויף, אז מ׳זאל טאן בנוגע לפועל.

וכאמור, אז מ׳זאל ניט פרעגן קיינע שאלה, ווארום די אלע פרטים וואס מ׳דארף זאגן זיינען שוין געזאגט געווארן, און די איבעריקע פרטים, צי רעדן על ימין אדער על שמאל, צי רעדן אין אזא נוסח אדער אין אן אנדער נוסח - דארף מען דאס אליין באטראכטן לפי תנאי המקום והזמן והישוב וכו׳.

און דער עיקר איז - מ׳דארף וויסן אז ס׳זיינען געבליבן געציילטע טעג צו התחלה שנה הלימודים,

ועוד - וגם זה עיקר: אט אט קומט צוגיין משיח צדקנו, און ער וועט א פרעג טאן וואו זיינען די גידולים שגדלתם!

און ער וועט זיך ניט פארלאזן אויף אן ענטפער - ער וועט זיין דער "מראה באצבעו ואומר זה" - אט איז דער אינגעלע אדער די מיידעלע וועלכע מ׳האט צוגעגרייט אז זיי זאלן זאגן "זה א-לי ואנוהו"[70], בדוגמא ווי ס׳איז געווען

- אין -

---

69) אבות פ"א מי"ז. 70) ל׳ הכתוב - בשלח טו, ב. וראה פרש"י עה"פ. שמו"ר ספכ"ג. וראה גם פרש"י ד"ה מראה באצבעו - תענית בסופה.

איך "ימי צאתך מארץ מצרים"[71] אז "הם הכירוהו תחלה"[72].

און בשעת מ'וועט גלייך אנהויבן טאן אין דערויף, איז א זיכערע זאך אז מ'וועט מצליח זיין, ויה"ר אז כל הנ"ל זאל זיין בהצלחה רבה ומופלגה.

יח. וכאמור, מ'זאל אויפהערן פרעגן נאכאמאל שאלות, וואס בעיקרם וברובם זיינען זיי שונות ומשונות, ס'איז מערניט וואס מ'וויל דאס דערווייל אפלייגן אויף נאך א טאג און נאך א טאג, דערפאר וואס "יצרו הוא שתקפו"[73], און געפינען א תירוץ פארוואס ער האט זיך נאך ניט איינגעווארפן צו טאן אין דעם ענין.

וכאמור, אז כ'מיינט ניט אז יעדערער זאל טאן אין דערויף לויט ווי ביי אים קומט אויס, איש כל הישר בעיניו יעשה - ווארום ניט יעדערער איז שייך און ניט יעדערער האט די אלע ידיעות אויף צו וויסן ווי אזוי איז דער דרך הטובה צו דורכפירן דעם ענין.

דאס וואס אלע קענען גלייך טאן איז - גיין צום מרא דאתרא, צום משפיע, צו די שבעה טובי העיר, און מאנען בהוקף (אבער בדרך כבוד, בדרכי נועם ובדרכי שלום, כמו אלע באווארעניש) אז כ'וויל גלייך אנהויבן טאן בזה בכרץ הכי גדול.

און זאגן זיי, אז כ'האב אפגערעדט במוצאי ש"פ והי' עקב תשמעון, אז אויב ס'קומט ניט אן קיין ידיעה אז ער האט אנגעהויבן טאן אין דערויף, און אויף איבערמארגן - א ידיעה אז ער האט שוין אויפגעטאן, און דערנאך "מחר לאחר זמן"[74] - א ידיעה אז די זאך איז שוין דורכגעפירט געווארן כדבעי - איז העדר ההודעה א דבר ברור אז ער האט ניט געטאן אין דערויף!

ווארום איצטער איז שוין ניטא די הסברה אז כ'קען ניט אויפטאן - ווי כ'האט געזעהן נאך דערויף וואס כ'האט דאס דורכגעפירט אין ארה"ב, אז בשעת מ'שטעלט זיך אוועק מיט א תוקף, און מ'זשאלעוועט ניט קיין טרחא - איז מען מצליח אין דערויף ובאופן הכי טוב.

וכמדובר לעיל[75] אז מ'קען דאס נוצן בכל מקום - דורך דעם וואס מ'וועט מסביר זיין אז וויבאלד אז ארה"ב האט דאס געטאן ברוב פרסום, מ'האט דאס אפגעדרוקט, און אין אן אופן

- של -

---

71) מיכה ז, טו. 72) סוטה יא, ב. 73) רמב"ם הל' גירושין ספ"ב. 74) פרש"י עה"פ בא יג, יד. ועוד. 75) שיחת כ"ף בנ"א ס"כ.

של חוק וכו׳ [וואס יעדערער קען דאך האבן דעם העהק דערפון, כדי ער זאל דאס קענען באווייזן דעם מרא דאהרא, כיטן משפיע, מיט די ז׳ טובי העיר, און צו גדולי המדינה, הפלך, העיר והשכונה], איז א זיכערע זאך אז נאך דערויף וואס ס׳איז געווען די פתיחה בזה, און א פתיחה גדולה, קען מען דאס דורכפירן בכל מקום, ובאופן המתאים.

ויה"ר אז לאחרי כל המדובר לעיל - וואס דאס איז מערנים ווי א הכנה און א כלי - זאל קומען דער עיקר הענין, אז יעדער ילד וילדה זאלן ווערן מחונכים אין דרך הצדק והטוב והישר, און בנוגע צו בני ובנות ישראל - אין דרך התורה, תורת אמת און תורת חיים, און ס׳זאל אפגעטאן ווערן בתכלית השלימות,

און מ׳וועט גיין "בנערינו ובזקנינו גו׳ בבנינו ובבנותנו"[76], "קהל גדול ישובו הנה"[77] - אין ביהמ"ק השלישי, בקרוב ממש, ע"י משיח צדקנו.

* * *

יט. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה והי׳ עקב תשמעון גו׳.

* * *

כ. כרגיל אפלערנען א פסוק אין פרשת השבוע מיט פרש"י, און אויך א משנה אין פרקי אבות, און אויך אן ענין אין די הערות פון טאטן אויפן זהר פון פרשת השבוע.

בנוגע צו פרש"י - איז בהמשך להמדובר אין דער התוועדות שלפנ"ז[78] אז אין דעם שיעור חומש פון יום הרביעי רעדט זיך וועגן סילוקן של צדיקים, וועט מען זיך שטעלן אויף דעם פרש"י.

רש"י[79] זאגט: "וסמך משה תוכחה זו לשבירת הלוחות (אע"פ אז שבירת הלוחות איז געווען בשנה הראשונה לצאתם ממצרים, און מיתת אהרן איז געווען בשנת הארבעים), לומר שקשה מיתתן של צדיקים לפני הקב"ה כיום שנשתברו בו הלוחות".

דער מקור פון פרש"י איז פון ירושלמי אין יומא[80] און פון ויק"ר[81]. אבער רש"י איז משנה און שרייבט באופן אחר דערפון ווי ס׳שטייט דארטן, דארף מען האבן א הסברה פארוואס איז רש"י משנה און שרייבט באופן אחר, ובעיקר - ווי דאס איז פארבונדן מיט פשוטם של כתובים:

- א) רש"י -

---

76) בא י, ט. 77) ירמי׳ לא, ח. 78) כ"ף מנ"א סכ"א. 79) פרשתנו י, ז. 80) פ"א קרוב לתחלתו. 81) ספ"כ.

א) רש"י זאגט "וסמך <u>משה</u> כו׳", משא"כ אין יומא און אין ויק"ר וואס דארטן שטייט דער ענין הסמיכות סתם, ניט "סמך <u>משה</u>"?

ב) רש"י זאגט "קשה מיתתן של צדיקים כו׳ <u>כיום</u> שנשתברו בו הלוחות", משא"כ דארטן שטייט "כשבירת הלוחות"?

ג) אויך דארף מען פארשטיין: וואס איז נוגע אין <u>פשש"מ</u> צו זאגן אז "קשה מיתתן של צדיקים <u>לפני הקב"ה</u> כו׳", לכאורה האט רש"י געקענט זאגן סתם אז "קשה מיתתן של צדיקים כיום שנשתברו בו הלוחות",

ע"ר ווי רש"י[82] זאגט בנוגע צו מיתת מרים, "למה נסמכה מיתת מרים לפרשת פרה אדומה, לומר לך מה קרבנות מכפרין אף מיתת צדיקים מכפרת", ד.ה. אז וויבאלד "נסמכה מיתת מרים לפרשת פרה אדומה", באווייזט דאס אויף די שייכות שביניהם - האט ער אויך געדארפט זאגן בפרשתנו, אז וויבאלר "סמך משה תוכחה זו לשבירת הלוחות", באווייזט דאס אויף די שייכות שביניהם, אז מיתת אהרן איז "קשה כיום שנשתברו בו הלוחות", פארוואס איז רש"י מוסיף אז דאס איז "קשה מיתתן של צדיקים <u>לפני הקב"ה</u> כו׳"?

כא. דערנאך איז רש"י מוסיף נאך אן ענין (וואס שטייט ניט אין ירושלמי אין יומא, און ניט אין ויק"ר): "ולהודיעך שהוקשה לו מה שאמרו נתנה ראש לפרוש ממנו כיום שעשו בו את העגל".

וואס דא זעט מען אויך אז רש"י איז מדגיש: א) "שהוקשה <u>לו</u>", ע"ד ווי ער האט געזאגט פריער "קשה כו׳ <u>לפני הקב"ה</u> כו׳", ב) "<u>כיום</u> שעשו בו את העגל", ניט כעשיית העגל סתם, ע"ד ווי ער האט געזאגט פריער "<u>כיום</u> שנשתברו בו הלוחות" - דארף מען פארשטיין וואס איז רש"י אויסן מיט די דיוקים.

אויך דארף מען פארשטיין: אין דעם ערשטן ענין זאגט רש"י "<u>לומר</u> כו׳", און אין דעם צווייטן ענין זאגט ער "<u>להודיעך</u> כו׳" - וואס אויב אומעטום איז לשון רש"י בדיוק (כמבואר בכ"מ רער דיוק פון לשון רש"י), איז עאכו"כ ווען ס׳רעדט זיך וועגן דעם זעלבן ד"ה, אז פריער זאגט ער "לומר", און רערנאך איז ער משנה און זאגט "להודיעך"?

מיט נאך כמה דיוקים - וכפי שיתבאר לקמן.

כב. בנוגע צו פרקי אבות - איז אזוי ווי פאר א יארן[83] האט

- מען -

------------

82) עה"פ חקת כ, א. ממו"ק כח, א. ירושלמי שם. 83) ש"פ עקב תשל"ד (וראה שם רסל"ה).

 <u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

מען גערעדט לויט דער שיטה[84] אז מ'לערנט פרקי אבות אויך אין דעם שבת שחל בו ה"ב, וועט מען דעם יאר רעדן לויט דער שיטה[84] אז מ'זאגט ניט פרקי אבות אין דעם שבת שחל בו ה"ב – וואס עפ"ז קומט אויס אז היינטיקן שבת זאגט מען פרק רביעי.

אין משנה יא (לויט דער חלוקה פון דעם אלטן רבי'ן בסידורו) שטייט: "רבי אליעזר בן יעקב אומר, העושה מצוה אחת קונה לו פרקליט אחד, והעובר עבירה אחת קונה לו קטיגור אחד, תשובה ומעשים טובים כתריס בפני הפורענות. רבי יוחנן הסנדלר אומר, כל כנסי' שהיא לשם שמים סופה להתקיים, ושאינה לשם שמים אין סופה להתקיים".

וואס לכאו', שטייען אין דער משנה צוויי באזונדערע ענינים: פריער שטייט "העושה מצוה אחת וכו'", און דערנאך שטייט אן אנדער ענין "כל כנסי' שהיא לשם שמים וכו'" – און אעפ"כ שטעלט מען דאס ארייך אין <u>איין</u> משנה.

וכמדובר כמ"פ אז אין תורה איז יעדער פרט בדיוק, עאכו"כ אין משנה, וואס דארטן איז דער דיוק נאכמער ווי אין גמרא, איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס מ'האט ארייגעשטעלט די צוויי ענינים אין איין משנה, איז אויך בדיוק.

ביז וואנעט אז דאס איז אויך נוגע אין הלכה בפועל – כמדובר כמ"פ[85] בנוגע צו "המקדש את האשה ע"מ שאני יודע לשנות"[86], אז לדעה אחת[87] דארף ער ניט זיין קיין בקי אזוי ווי שמעון בן עזאי[88], נאר ס'איז גענוג אז ער איז בקי אין ב' משניות – איז דעמולט נוגע צי די צוויי ענינים וואס שטייען אין דער משנה ווערן פארעכנט אלס איין משנה אדער אלס צוויי משניות.

דארף מען פארשטיין: וויבאלד אז בפשטות זיינען דאס צוויי באזונדערע ענינים, וואס האבן ניט קיין קשר צווישן זיך, איז פארוואס האט מען זיי ארייגעשטעלט אין איין משנה?

כג. בנוגע צו די פרטים וואס שטייען אין דער משנה גופא – דארף מען פארשטיין:

א) בנוגע צו "העושה מצוה אחת קונה לו פרקליט אחד", שטייט "העושה מצוה אחת" סתם, און קיין תנאי אז ס'דארף זיין לשמה וכו', וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אפי' ווען ער טוט א מצוה שלא לשמה, איז ער אויך "קונה לו פרקליט אחד",

- [ס']איז -

------------

84) נסמן בלקו"ש ואתחנן ח.ז. הע' 53. 85) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1175 בהערה. 86) טושו"ע אה"ע סל"ח סכ"ו. 87) חלקת מחוקק שם סק"ב. 88) ראה קידושין מט, ריש ע"ב ובפרש"י שם ד"ה בן עזאי.

[ס'איז מערניט וואס רעמולט איז דער "פרקליט" א קאליקער, כמבואר בכ"מ, וכידוע דער מארז"ל[89] "ישראל קדושים הן, יש רוצה ואין לו, ויש שיש לו ואינו רוצה כו'" – וואס דעמולט האט ער א פרקליט וואס האט מערניט ווי א נשמה, אדער מערניט ווי א גוף; ועד"ז ווען ער טוט א מצוה שלא לשמה, אדער אז אין דעם לשמה איז אויך ארייגעמישט שלא לשמה, איז ער טאקע "קונה לו פרקליט אחד", אבער דער פרקליט איז א בעל מום וכו']:

משא"כ אין דעם צווייטן ענין, איז מען מדגיש "כל כנסי' שהיא <u>לשם שמים</u> סופה להתקיים וכו'", און ווי מפרשי המשנה[90] זיינען מדייק אז "אע"פ שהכנסי' היא לדבר מצוה, כל שיש בה מחשבה פוסלת כמו יוהרא וגאוה כו' הוי שאינה לשם שמים", ד.ה. אז דא איז מען מדגיש אז ס'דארף זיין "לשם שמים" (און ס'זאל ניט זיין שלא לשמה כו').

דארף מען פארשטיין: פארוואס בנוגע צו "העושה מצוה אחת" זאגט מען (ניט אז דאס דארף זיין לשמה דוקא, וואס דערפון איז פארשטאנדיק) אז אפי' ווען ס'איז שלא לשמה איז ער אויך "קונה לו פרקליט אחד" – משא"כ אין דעם צווייטן ענין איז מען מדגיש אז ס'דארף זיין "לשם שמים" דוקא?

ב) וויבאלד אז די משנה זאגט "העושה מצוה אחת קונה לו פרקליט אחד", און דערנאך שטייט אז "תשובה ומעשים טובים כתריס בפני הפורענות", און ס'שטייט ניט בהמשך אחד, אז "העושה מצוה אחת קונה לו פרקליט אחד" און דאס איז "כתריס בפני הפורענות" – איז פארשטאנדיק, אז דאס זיינען צוויי באזונדערע ענינים:

דורך דעם וואס ער טוט א "מצוה אחת" איז ער "קונה לו פרקליט אחד", אבער כדי אז ס'זאל זיין דער ענין פון "תריס בפני הפורענות", איז ניט גענוג "מצוה אחת", נאר ס'דארף האבן "תשובה <u>ומעשים</u> טובים" –

דארף מען פארשטיין: פארוואס איז "מצוה אחת" ניט גענוג אז ס'זאל זיין "תריס בפני הפורענות", נאר ס'מוז אנקומען צו "תשובה <u>ומעשים</u> טובים"?

ג) וואס איז דער חילוק צווישן דעם וואס די משנה זאגט "כל <u>כנסי'</u> שהיא לשם שמים סופה להתקיים, ושאינה לשם שמים אין סופה להתקיים", מיט דעם וואס די משנה[91] זאגט "כל <u>מחלוקת</u> שהיא לשם שמים סופה להתקיים, ושאינה לשם שמים אין סופה להתקיים"?

- כיב -

------------

89) חולין ז. ב. 90) מדרש שמואל הובא בתויו"ט כאן.
91) פ"ה מי"ז.

מיט נאך כמה דיוקים - וכפי שיתבאר לקמן.

כד. אין די הערות אויפן זהר[92] שטעלט ער זיך אויף דעם וואס ס'שטייט אין זהר פרשתנו[93] "ברוך דא רזא דמקורא עלאה מכלא לארקא ולאמשכא ולאנהרא כל בוצינין", און ער איז מבאר די דריי לשונות "לארקא ולאמשכא ולאנהרא".

וכמדובר כמ"פ אז ער איז מבאר נאר די ענינים הכי מוכרחים, און בנוגע צו די איבעריקע ענינים פארלאזט ער זיך אז מ'וועט זיך אליין כאפן אויף זיי -

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: אין א שורה לפנ"ז שטייט אין זהר דער לשון "כל שרגין", איז פארוואס איז ער משנה און שרייבט דעם לשון "כל בוצינין" (וואס סיי "שרגין" און סיי "בוצינין" איז דער אפטייטש פון "נרות")?

וכידוע דאס וואס דער מיטעלער רבי שרייבט אין זיין הקדמה צום ביאורי הזהר[94] אז אין זהר איז יעדער ווארט בדיוק - עאכו"כ וועט מ'זעט א שינוי פון איין שורה צו דער צווייטער, אז פריער שרייבט ער דעם לשון "שרגין", און דערנאך איז ער משנה און שרייבט "בוצינין".

בנוגע צו די דריי לשונות "לארקא ולאמשכא ולאנהרא", איז ער מבאר אין די הערות, אז דאס גייט אויף חכמה, דעת און בינה; "לארקא" איז פארבונדן מיט חכמה, "לאמשכא" איז פארבונדן מיט דעת, און "לאנהרא" איז פארבונדן מיט בינה.

וואס בנוגע צו דעם ענין ההמשכה פון די ג' בחי' חב"ד, זיינען דא כמה תוארים - דארף מען פארשטיין: פארוואס קלייבט ער אויס דוקא די לשונות פון "לארקא ולאמשכא ולאנהרא", בנוגע צו חכמה - "לארקא", בנוגע צו דעת - "לאמשכא", און בנוגע צו בינה - "לאנהרא".

ובפרט אז מ'געפינט בכ"מ[95] אז מ'נוצט דעם לשון פון "אור" ("לאנהרא") בנוגע צו חכמה, וואס חכמה איז תחלת האור והגילוי[96], און דעם לשון "לאמשכא" נוצט מען בנוגע צו בינה אדער דעת - און דא נוצט ער דעם לשון פון "לאנהרא" בנוגע צו בינה דוקא?

מיט נאך כמה דיוקים, וואס זיינען אויך פארשטאנדיק בפשטות, וואס דערפאר שטעלט ער זיך ניט אויף דערויף - וכפי שיתבאר לקמן.

- כה. -

------------

92) לקוטי לוי"צ לזח"ג ע' תנח. 93) רעא, א.
94) בתחלתה. 95) תו"א מקץ לט, א-ב. ועוד. 96) אוה"ת שמות ס"ע כה ואילך. ועוד.

כה. בהמשך להמדובר לעיל (סי"א ואילך) - איז כאן המקום מוסיף זיין נאך אן ענין (וואס מ'האט דאס ניט געוואלט רעדן בבת אחת, וויבאלד אז דער ענין (וואס מ'גייט רעדן) איז מער נוגע צו דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה"):

שוין גערעדט כמ"פ במשך השנה[97] אז דער יאר איז א שנת העיבור, וואס דער ענין פון שנת העיבור איז - משלים זיין די חסרונות (אדער מוסיף זיין שלימות) בנוגע צו די ענינים וואס מ'האט געדארפט טאן אין דעם יאר, און אויך אין די שנים שלפנ"ז.

עס קומט נאך צו אין שנת העיבור פון שנה זו, אז דאס איז דער סיום פון א גאנצן מחזור (מחזור קטן - י"ט שנה), וואס דעמולט איז מען משלים דעם גאנצן מחזור בשלימות, אז שנת הלבנה זאל זיך אויסגלייכן מיט שנת החמה, אין אן אופן אז ס'זאל ניט זיין קיין חילוק אפי' אין שעות ורגעים.

[אין שנת העיבור סתם, גלייכט זיך אויך אויס שנת הלבנה מיט שנת החמה אין אן אופן אז ס'איז ניטא קיין חילוק פון א גאנצן חודש אדער א פאר וואכן, עס בלייבט אבער א חילוק פון כמה שעות - משא"כ בסיום המחזור, וואס דעמולט גלייכט זיך אויס שנת הלבנה מיט שנת החמה, אין אן אופן אז ס'איז ניטא קיין חילוק אפי' פון שעות ורגעים].

ביז וואנעט אז אע"פ אז דער רמב"ם[98] זאגט אז ס'בלייבט א חילוק פון א'תפה (א שעה מיט 485 חלקים) - איז כמדובר כמ"פ[99] אז לפי חשבון רב אדא איז "לא המצא תוספת במחזור של י"ט שנה כלל"[100] - וואס בשנה זו איז דער סיום פון א גאנצן מחזור.

וואס דערפאר איז דאס נאכמער מעורר אז מ'זאל ארייננכאפן און משלים זיין די אלע ענינים וואס האבן פריער געפעלט.

כו. און וויבאלד אז מ'וועדט נענטער צו ח"י אלול, וואס ח"י אלול איז א יום מיוחד וואס איז פארבונדן מיט הפצת המעיינות חוצה, וואס דער ענין פון הפצה המעיינות הויבט זיך אן מיט תושב"כ פון חסידות, דער ספר התניא[101] -

איז אזוי ווי ס'זיינען דא מדינות וואס דארטן האט מען

- דערוויילע -

---

97) בכתב וא"ו תשרי ש.ז. שיחת מוצאי ש"פ נח ש.ז. סי"ב ואילך. ועוד. 98) הל' קדה"ח פ"ו ה"י. ודאה פירוש שם לפ"ט ה"ג. 99) מכתב הנ"ל בהעדה (לקו"ש מכתבים כלליים לר"ה ש.ז. ס"ע 8). 100) רמב"ם שם רפ"י. 101) קצוה"ע להניא ע' קיח. סה"ש תש"ה ע' 110. ועוד.

דערווײלע נאך ניט אפגעדרוקט דעם תניא (באיזה סיבה שתהי׳) - איז די בקשה צו אנ"ש וואס געפינען זיך במדינות ההם, אז מ׳זאל זיך גלייך נעמען צו הדפסת התניא אין די מדינות, אין אן אופן אז צו ח"י אלול זאל דאס שוין זיין פארטיק, און מ׳וועט שוין קענען לערנען אין דעם (וואס דערפאר רעדט מען וועגן דעם איצטער, און מ׳לייגט דאס ניט אפ אפי׳ אויף ר"ח אלול - כדי מ׳זאל זיין נאך א וואך אויף צו טאן אין דעם).

וואס איצטער איז דאך דער ענין ההדפסה אויף א לייכטן אופן, ווארום מ׳קען דאס אפ-פאטאגראפירן פון דעם תניא וואס איז שוין געדרוקט (בכילא נעמט דאס א סאך ווייניקער צייט), אין דערנאך גלייך אפדרוקן כו"כ טופסים, לכה"פ אלף טופסים (און אין דעם ענין איז דאס גענוג).

כז. און כדי אז מ׳זאל זיין אן ענין של הוספה ושלימות - איז אזוי ווי בכ"מ האט מען געוואלט האבן א לוח פון די ר"ת, און מ׳האט דאס שוין צוזאמענגעשטעלט און אויך אפגעדרוקט - זאל מען דאס אויך אפדרוקן (וכאמור, אז מ׳דארף דאס נאר אפ-פאטאגראפירן).

ובל"נ וועט מען אויך מאכן א כללות׳דיקן לוח התיקון צו די דפוסי התניא, כדי אז מ׳זאל דאס קענען אפדרוקן אין דעם תניא וואס מ׳וועט איצטער אפדרוקן - וועט דאס זיין אן ענין בשלימות.

וכמדובר כמ"פ אויף וויפל ס׳איז דער הארץ-ווייטיק פון העדר השימה לב:

אזוי ווי ס׳איז דא דער לוח ההיקון צום תניא, איז בשעת מ׳האט אפגעדרוקט דעם תניא (נאך דעם וואס ס׳איז געווארן דער לוח ההיקון), זיינען דא כמה תיקונים וואס מ׳האט מתקן געווען אין פנים התניא, ובכילא האט מען דאס ארויסגענומען פון דעם לוח התיקון.

בשעת מ׳האט אבער געדארפט אפדרוקן דעם תניא נאכאמאל - איז ניט געווען קיין צייט, און דער עיקר איז אז ס׳איז ניט געווען קיין שימה לב, נאכקוקן צי מ׳מאכט די פאטאגראפיע פון דעם תניא וואס מ׳האט שוין מתקן געווען בפנים, אדער פון א פריערדיקן תניא - איז געווארן דער אמת׳ער בלבול:

ס׳זיינען דא תניא׳ס וואו ס׳זיינען געבליבן די אלטע גרייזן (דערפאר וואס מ׳האט זיי געדרוקט ניט פון דעם תניא וואס מ׳האט פאראכטן בפנים) און זיי זיינען ניט אנגעוויזן אין דעם לוח ההיקון (כנ"ל, אז די גרייזן וואס מ׳האט מתקן געווען בפנים, האט מען ארויסגענומען פון דעם לוח התיקון); און ס׳זיינען דא תניא׳ס וואו מ׳האט פאראכטן בפנים פון דעם תניא, מ׳האט אבער אפגעדרוקט דעם לוח ההיקון פון א תניא

- וואס -

וואס איז ניט פאראכטן געווארן בפנים. ועד"ז נאך כו"כ בלבולים.

און לויט דעם מצב פון דעם חושך כפול ומכופל פון עקבתא דמשיחא - איז די איינציקע עצה: מ'זאל מאכן א לוח התיקון וואס איז כולל אלע תיקונים וואס מ'דארף האבן אין אלע הוצאות פון דעם תניא, און ס'איז אן אחריות אז דארטן וועלן אויך זיין תיקונים וואס מ'האט זיי פאראכטן אין פנים התניא, נאר מ'זאל מאכן א הערה כללית צום לוח התיקון, אז כמה פון די טעויות הדפוס זיינען שוין פאראכטן בפנים. וואס דעמולט וועט זיין א זיכערע זאך אז אלע תיקונים וואס מ'דארף האבן (די אלע תיקונים אויף וועלכע מ'האט זיך געכאפט), זיינען נכלל אין דעם לוח התיקון.

כה. און אזוי ווי ס'איז ניטא קיין צייט, און ס'איז ניטא דער וואס זאל זיך אפגעבן מיט שרייבן און מעורר זיין יעדערן באזונדער, און דערנאך מינטערן אים, און שרייבן אים א בריוו און פרעגן וואס מאכט ער און וואס מאכן זיינע בני בית, און צושרייבן בסוף המכתב צי ער האט שוין עפעס געטאן וועגן איבערדרוקן דעם תניא -

איז איצטער די פני' און די ווענדונג צו די אלע וואס הערן דאס בשעת מעשה, און אויך צו די וואס מ'וועט זיי דאס איבערגעבן - אז וויבאלד אין זייער מדינה האט מען נאך ניט אפגעדרוקט דעם תניא (באיזה סיבה שהי'). זאל מען איצטער אפדרוקן דעם תניא.

און מ'זאל ניט מאכן קיין אייגענע תיקונים וכו', נאר איבערדרוקן דעם תניא כמו שהוא, מערניט מ'שנה זיין אין צושטעלן דעם נאמען פון דער שטאט אדער פון דער מדינה וואו דאס ווערט איבערגעדרוקט, און אוכעטום זאל שטיין אז דאס דרוקט אפ דער סניף פון קה"ת וואס געפינט זיך במדינה ההיא.

און בנוגע צו די הוצאות וואס זיינען דערמיט פארבונדן (וואס מסתמא וועט מען הם זיין אויך אויפן מכון פון מזכירות) - האט מען צוויי ברירות:

מ'זאל אליין געבן די געלט אויף הדפסת התניא, און דערנאך זאל מען דאס אליין פארקויפן, און נוצן די רווחים - נאך דעריוף וואס מ'וועט דעקן די הוצאות - אויף די ענינים פון הפצת המעיינות חוצה:

אדער מ'זאל צושיקן אהערצו א חשבון פון די הוצאות, און מ'וועט זיי אלץ באצאלן (די הוצאות פון דער הדפסה, ביז דער כריכה, און די הפצה) - אבער דעמולט געהערן די רווחים פון דעם פארקויפן, און די הקדשות וכו', צו דעם ארט פון וואנעט מ'האט באצאלט דעם מטבע.

- כב. -

כט. והמעשה הוא העיקר - אז היינט ביינאכט אדער מארגן אינדערפרי, זאלן די וואס זיינען זיך עוסק אין הדפסה און הפצה בכל מדינה ומדינה, א קוק טאן אדער פאנאנדערפרעגן זיך צי במדינה ההיא האט זיך שוין אפגעדרוקט דער תניא,

און אויב מ'האט דאס נאך ניט געטאן (ס'איז קיין נפק"מ ניט וואס איז געווען די סיבה) - זאל מען זיך גלייך צוזאמענרעדן מיט א מדפיס, און מיט דעם וואס דארף מאכן דעם צילום (די פאטאגראפיע), און מיט דעם וואס דארף כורך זיין, און טאן בכל ההשתדלות האפשרית אז צו ח"י אלול זאל מען שוין קענען לערנען בפועל ממש אין דעם תניא במדינה ההיא.

ומה טוב, אז פאר ח"י אלול, אדער עכ"פ ח"י אלול אינדערפרי, זאל אנקומען עכ"פ א טופס אחד פון דער ניי-געדרוקטע תניא, אין דעם ארט וואו כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט געדאווענט און געלערנט במשך פון עשר שנים בחיים חיותו בעלמא דין.

וכמדובר לעיל, אז מ'זאל ניט ווארטן אויף קיין בריוו און אויף התעוררות וכו', ובפרט אז מ'האט שוין באווארענט די אלע פרטים בנוגע צו די הוצאות וכו', און בנוגע צום נוסח פון דעם שער בלעטל, זאל מען נעמען דעם נוסח פון דעם תניא וואס איז געדרוקט אין שנת תשל"ח, אין דער מו"ל זאל זיין דער סניף פון קה"ת וואס געפינט זיך במדינה ההיא (און אויב ביז איצטער איז דארטן ניט געווען קיין-סניף פון קה"ת - זאל דאס זיין די התחלה פון דעם סניף), און ס'זאל שטיין אז דאס איז געדרוקט געווארן במדינה ההיא.

און אזוי ווי מ'דארף באווארענען אויך וועגן דעם פרייז פון דעם תניא - זאל דאס זיין ע"ד הממוצע, און טאמער ס'איז דא א ספק, זאל מען דאס פארקויפן פאר וויניקער געלט, אבי מיט מער חיות.

ויה"ר אז דער ענין זאל זיך אויך אפטאן בזריזות - און דאס וואס מ'זאגט אז ס'זאל זיין פארטיק צו ח"י אלול, מיינט מען ניט ח"ו אז עס טאר ניט זיין פריער - עס מעג זיין אויך פריער, אבי אז ס'זאל ארויסקומען בתכלית ההידור, ובלשון הגמרא[102] "זה א-לי ואנוהו - התנאה לפניו במצוה", אז ס'זאל זיין א קלף נאה און דיו נאה, און אלע ענינים וואס זיינען דערמיט פארבונדן - בתכלית השלימות.

ל. ויה"ר אז מ'זאל יוצא זיין דערמיט וואס מ'האט געטאן ביז איצטער אין דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה",

- עאכו"כ -

---

102) שבת קלג, ב. וש"נ.

עאכו"כ בצירוף פון די החלטות טובות בנוגע לכל האמור לעיל.

און משיח צדקנו זאל ניט ווארטן אויף ח"י אלול, און אויפן איבערדרוקן דעם תניא, און אפי' ניט ווארטן אויפן לערנען דעם תניא וואס איז שוין געדרוקט -

נאר ס'זאל זיין דער "ומיד הן נגאלין", למטה מעשרה טפחים, "ושמחת עולם על ראשם"[103], און אין אן אופן פון "מיד", ווי "מיד" איז ע"פ ההלכה, באותו יום עצמו, "היום", אן קיינע תנאים, ובשמחה וטוב לבב.

* * *

לא. דער ביאור אין פרש"י:

אין פשש"מ קען רש"י ניט זאגן בפשטות אזוי ווי ס'שטייט אין ירושלמי און אין ויק"ר אז מיתת צדיקים איז קשה אזוי ווי דער ענין פון שבירת הלוחות - ווארום:

בנוגע צו מיתת מרים האט שוין רש"י געזאגט "למה נסמכה מיתת מרים לפרשת פרה אדומה, לומר לך מה קרבנות מכפרין אף מיתת צדיקים מכפרת" - קען מען דאך ניט זאגן אז מיתת צדיקים איז אזוי ווי (מעשה העגל און) שבירת הלוחות, ווארום ח"ו צו זאגן אז (מעשה העגל און) שבירת הלוחות איז אן ענין של כפרה, אדרבה, נאך (מעשה העגל און) שבירת הלוחות איז געווען די גזירה הכי גדולה, און מ'האט אויף דערויף געדארפט האבן די תפלה פון משה רבינו אין די ארבעים יום, און א צווייטן מאל ארבעים יום וכו' (ווי דערציילט אין אונזער סדרה[104] "ואתנפל לפני ה' כראשונה ארבעים יום גו'").

און דערפאר באווארענט רש"י אז "קשה מיתתן של צדיקים <u>לפני הקב"ה</u> כו'", ר.ה. אז דאס וואס מ'פארגלייכט מיתת צדיקים אז דאס איז אן ענין קשה אזוי ווי שבירת הלוחות, איז דאס נאר "לפני הקב"ה", משא"כ אבער בנוגע צו אידן, איז דא אין דעם ענין פון מיתת צדיקים אן ענין של כפרה;

בנוגע צום אויבערשטן ("לפני הקב"ה") איז דאס מערניט ווי "קשה" (אין דערויף איז <u>ניטא</u> קיין ענין טוב), ווארום דער ענין פון כפרה קען זיין אין אן אנדער אופן (ניט דורך מיתת צדיקים) - בדוגמא ווי ס'איז געווען דער "סלחתי כדבדך"[105] נאך חטא העגל און שבירת הלוחות אן מיתת צדיקים, און דערפאר איז רש"י מדייק "קשה מיתתן של צדיקים <u>לפני הקב"ה</u> כו'".

- לב. -

---

103) ישעי' לה, י. 104) ט, יח ובפרש"י. 105) ל' הכתוב - שלח יד, כ. וראה פרש"י עה"פ תשא לג, יא.

לב. דערמיט וועט מען אויך פארשטיין דעם קשר פון מיתת אהרן צו שבירת הלוחות דוקא, און ניט צו מעשה העגל:

בנוגע צו דעם ענין פון שבירת הלוחות, האט רש"י [106] געבראכט א משל "למלך שהלך למדינת הים והניח ארוסתו עם השפחות, מתוך קלקול השפחות יצא עלי' שם רע, עמד שושבינה וקרע כתובתה, אמר אם יאמר המלך להרגה, אומר לו עדיין אינה אשתך כו'", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין פון שבירת הלוחות איז געווען לטובתם של ישראל (אז זיי זאלן האבן א ריין פון א פנוי').

עד"ז האט רש"י [107] מבאר געווען אז משה רבינו האט געזאגט "מה פסח שהוא אחד מן המצוות אמרה תורה כל בן נכר לא יאכל בו, התורה כולה כאן וכל ישראל מומרים, ואתננה להם (בתמי')", וואס דערפאר האט ער צובראכן די לוחות - וואס דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז דער ענין פון שבירת הלוחות איז געווען לטובתם של ישראל, כדי ניט מכשיל זיין אידן אין קבלת התורה זייענדיק "מומרים".

ועפ"ז איז פארשטאנדיק דער קשר פון מיתת אהרן צו שבירת הלוחות דוקא: אזוי ווי אין דעם ענין פון מיתת צדיקים איז דא אן ענין פון טובתן של ישראל, אז דאס איז אן ענין של כפרה, איז עד"ז אויך בנוגע צו שבירת הלוחות, אז אין דערויף איז דא אן ענין פון טובתן של ישראל.

און עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק די הדגשה פון רש"י - "כיום שנשתברו בו הלוחות" (און ניט כשבירת הלוחות סתם):

דער ענין פון שבירת הלוחות איז געווען למחרת פון חטא העגל, ד.ה. אז דער ענין פון חטא העגל (וואס איז געווען מערניט ווי אן ענין בלתי רצוי, און אויף דערויף האט מען בעדארפט אנקומען צו כפרה וכו') איז געווען אין א באזונדער טאג; און אין דעם טאג פון שבירת הלוחות, איז געווען מערניט ווי דער ענין פון שבירת הלוחות (וואס אין דערויף איז געווען אן ענין פון טובתן של ישראל) -

און דערפאר זאגט רש"י "כיום שנשתברו בו הלוחות", וואס דערמיט איז ער מדגיש אז דער ענין פון מיתת צדיקים איז פארבונדן נאר מיט דעם ענין פון שבירת הלוחות (ניט מיט עשיית העגל), "כיום שנשתברו כו'", וואס אין דעם טאג איז געווען נאר דער ענין פון שבירת הלוחות (ניט חטא העגל).

לג. דער ביאור אין דעם וואס רש"י איז מוסיף "וסכך משה הוכחה זו כו'":

- בשעת -

------------

106) עה"פ שם לד, א. 107) עה"פ שם לב, יט.

בשעת מ'לערנט אין ירושלמי אז "סמך הכתוב מיתת אהרן לשיבור הלוחות כו'" (ועד"ז אין ויק"ר - "נסמכה מיתת אהרן לשבירת הלוחות"), קומט אויס אז דער פירוש אין פשוטם של כתובים איז, אז תורה האט דאס געשטעלט צוזאמען, און ניט אז דאס איז א חלק פון הוכחת משה.

און ווי מ'געפינט אז ס'זיינען דא פשטנים וואס לערנען אז די פסוקים "ובנ"י נסעו מבארות בני יעקן . . משם נסעו הגדגדה גו'", זיינען ניט קיין חלק פון תוכחת משה (ניט ווי די ענינים וואס שטייען לפנ"ז, וואס זיי זיינען געווען תוכחת משה), און ווי ס'איז אויך משמע פון דעם לשון "ובנ"י נסעו", "משם נסעו", ניט "נסעתם" וכיו"ב[108] - אז דאס איז ניט פון תוכחה משה, נאר תורה דערציילט דעם מאורע.

וואס בשעת אז תורה דערציילט סיפורים ומאורעות, איז ע"פ פשש"מ שווער צו זאגן אז תורה האט אויסגעשטעלט צוזאמען צוויי מאורעות וואס צווישן זיי זיינען דורכגעגאנ- גען 39 יאר, כדי אז מ'זאל דערפון אפלערנען א רמז (אז "קשה מיתתן של צדיקים וכו'").

וואס דערפאר איז ע"פ פשט"כ מער מסתבר צו זאגן אז דאס איז א חלק פון הוכחה משה, און "סמך משה הוכחה זו לשבירת הלוחות כו'" - ווארום בשעת מ'איז מוכיח, קען מען דערמאנען כמה ענינים וואס האבן א דמיון צווישן זיך, אע"פ אז צווישן זיי איז דורכגעגאנגען 39 יאר, ע"ד ווי מ'האט שוין געלערנט אז משה רבינו האט זיי מוכיח געווען אויף כמה ענינים צוזאמען, "במדבר בערבה מול סוף בין פארן גו' ודי זהב"[109], אע"פ אז די אלע ענינים האבן ניט געטראפן צוזאמען, נאר ס'איז דורכגעגאנגען א משך זמן צווישן זיי.

און דערפאר זאגט רש"י "סמך משה תוכחה זו כו'", ווארום דעמאלט איז פארשטאנדיק דאס וואס מ'שטעלט אריין צוזאמען צוויי ענינים וואס צווישן זיי איז דורכגעגאנגען 39 יאר, וויבאלד אז דאס זאגט דער וואס דארף מוכיח זיין צאן מרעיתו - איז "סמך משה תוכחה זו לשבירה הלוחות" וויבאלד אז זיי האבן צווישן זיך א שייכות, ווייל "קשה מיתתן של צדיקים לפני הקב"ה כיום שנשתברו בו הלוחות".

לד. דערנאך איז רש"י ממשיך: "ולהודיעך שהוקשה לו מה שאמרו נתנה ראש לפרוש ממנו כיום שעשו בו את העגל". והביאור בזה:

בנוגע צו דעם וואס "הוקשה לו מה שאמרו נתנה ראש כו'

- כיוב -

---

108) ראה ג"כ משכיל לדוד כאן. 109) דברים א, א ובפרש"י.



הנחה הת' בלתי מוגה

כיום שעשו בו את העגל", זאגט רש"י "להודיער", און ניט "לומר", ווי ער זאגט בנוגע צו דעם וואס "סמך משה תוכחה זו לשבירת הלוחות" - ווארום:

די תוכחה וואו ס'ווערט דערמאנט דער ענין פון מיתת אהרן, האט משה רבינו געזאגט בסמיכות ובהמשך אחד צו דעם ענין פון שבירת הלוחות - און דערפאר האט זיך איך דערויף גלייך ארויסגעזאגט דער דמיון שביניהם, וואס דאס איז וואס רש"י זאגט "לומר שקשה מיתתן של צדיקים כו' כיום שנשתברו בו הלוחות";

משה רבינו האט דאס אבער ניט געזאגט בהמשך אחד צו מעשה העגל, ווארום וועגן מעשה העגל ווערט דערציילט מיט כו"כ פסוקים לפנ"ז[110] - קען מען אויף דערויף ניט זאגן "לומר", ווארום דעמולט וואלט דאס געדארפט שטיין צוזאמען; אבער אעפ"כ זאגט מען "ולהודיער כו'":

וויבאלד אז מ'רעדט וועגן דעם ענין פון שבירת הלוחות, דערמאנט זיך דער בן חמש למקרא אויף דער סיבה וואס האט געבראכט צו דעם ענין פון שבירת הלוחות, וואס דאס איז דער ענין פון עשיית העגל -

און אויף דערויף זאגט מען "להודיער (דאס ליגט ניט אין די ווערטער וואס משה רבינו האט געזאגט, וואס דערפאר קען מען ניט זאגן "לומר", נאר "להודיער") שהוקשה לו מה שאמרו נתנה ראש לפרוש ממנו כיום שעשו בו את העגל":

אזוי ווי מיתת צדיקים איז פארבונדן מיט דעם ענין פון שבירת הלוחות, איז עד"ז פארשטאנדיק, אז די סיבה פון שבירת הלוחות, דער ענין פון מעשה העגל, איז פארבונדן מיט דעם ענין וואס האט געבראכט צו דעם וואס מ'האט זיך דערמאנט במוסרה אויף מיתתו של אהרן, וואס דאס איז וואס "אמרו נתנה ראש לפרוש ממנו" - און דערפאר איז "הוקשה לו מה שאמרו נתנה ראש לפרוש ממנו כיום שעשו בו את העגל".

און דאס איז וואס רש"י איז מוסיף "נתנה ראש לפרוש ממנו":

דער בן חמש למקרא פרעגט א קשיא: ווי קען מען זאגן אז דאס וואס אידן האבן געזאגט "נתנה ראש ונשובה מצרימה" איז גלייך אזוי ווי עשיית העגל; ס'איז טאקע אן ענין פון כפוי טובה, א קרומע זאך, היפך ציווי ה' וכו' - ווי קען מען דאס אבער פארגלייכן צו מאכן אן עגל און זאגן "אלה אלקיך ישראל אשר העלוך מארץ מצרים"[111]?!

- אויף -

---

110) פרשתנו שם, יב ואילך. 111) תשא שם, ד.

אויף דערויף איז רש"י מוסיף, אז ניט נאר וואס מ'האט געזאגט "נתנה ראש" און מ'וועט גיין אין מצרים, נאר מ'האט געזאגט "נתנה ראש לפרוש ממנו", פורש זיין פון דעם אויבערשטן - ברוגמא צו חטא העגל וואס מ'האט געזאגט "אלה אלקיך ישראל אשר העלוך מארץ מצרים".

לה. בנוגע צו דער הערה אויפן זהר:

אין דער הערה איז ער מבאר די דריי ענינים "לארקא ולאמשכא ולאנהרא" ווי זיי שטייען אין חכמה, וויבאלד אז "חכמה כולל בינה ודעת ג"כ".

וואס דער חילוק צווישן בינה מיט חכמה איז, אז ווי דער ענין שטייט אין בינה זאגט מען אז "אלו ואלו דברי אלקים חיים"[112], משא"כ ווי דער ענין שטייט אין חכמה, וואס אויף דערויף זאגט מען[113] "והוי' עמו - שהלכה כמותו בכל מקום"[114], כמבואר אין די דרושים[115] וואס זיינען מבאר דעם ענין פון אמת און אמת לאמיתו, אז "אלו ואלו דברי אלקים חיים" איז דער ענין פון אמת, און דערנאך איז דא דער ענין פון אמת לאמיתו, וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם פסק הלכה, "וה' עמו - שהלכה כמותו בכל מקום".

וכאמור, אז חכמה איז פארבונדן מיט דעם ענין פון פסק הלכה - ווארום דורך דעם ענין פון ביטול (חכמה), דאס וואס "נוחין ועלובין היו"[116], איז מען מכוון צום פסק הלכה (אמת לאמיתו), וויבאלד אז דאס איז דער כלי אויף צו זעהן ווי דער ענין שטייט אין עצמות, אין רצון העליון (העכער פון דער שקו"ט פון שכל), וואס דארטן איז דער פסק הלכה, כמבואר אין אגה"ק[117] אויפן מארז"ל[118] "כל השונה הלכות בכל יום", אז אין דער הלכה שטייט דער רצון העליון בגלוי.

אין דער הלכה פסוקה ווערט טאקע נכלל די גאנצע שקו"ט, און ס'איז אויך נכלל די הכרעה צווישן איין דעה מיט דער צווייטער דעה (דער ענין פון בינה און דעת) - אבער דאס וואס מ'איז מכוון צום פסק הלכה, איז פארבונדן מיט דעם ענין פון חכמה, דער ענין פון ביטול.

לו. און וויבאלד אז רא רעדט זיך וועגן בינה ודעת ווי זיי זיינען כלול אין חכמה, ד.ה. אז רא איז חכמה דער עיקר

- הענין -

---

112) עירובין יג, ב. 113) סנהדרין צג, ב. 114) סה"מ תרכ"ז ע' רעח ואילך. 115) המשך תרס"ו ע' תלא ואילך. תער"ב ח"ג ע' א'תג. ועוד. 116) עירובין שם. 117) סכ"ט. 118) מגילה כח, סע"ב. נדה בסופה.

העניך (און בינה ודעת זיינען נאר כלול אין חכמה) - איז ער מבאר אז "לארקא" גייט אויף חכמה:

ס'איז מבואר אין ביאוה"ז פון דעם צ"צ[119], אז דער עניך פון "לארקא" איז מלשון המריק מכלי אל כלי, ער נעמט דעם עצם השמן, ארער ווי ער זאגט פריער אין זהר[120] דעם "משחא עלאה", וואס דאס איז דער עניך פון מוחא סתימאה[121] -

און דערפאר גייט דאס אויף דעם עניך פון חכמה, וויבאלד אז דער עיקר פון דעם יו"ד איז דער עניך החכמה, נאר חכמה איז אויך כולל בינה און דעת (דער ו' מיטן ד') - משא"כ ווי בינה שטייט בגלוי בפ"ע, זאגט ער דערנאך אין זהר גופא[122] אז דאס איז דער "קצה השמים" - נאר דא רעדט זיך ווי בינה און דעת שטייען אין חכמה.

און אויף דעם נוצט ער דעם לשון "לאמשכא" - וויבאלד אז דעת איז ממשיך דעם עניך פון "לארקא" כמו שהוא, אז פון "לארקא" קומט דאס אן אין "לאמשכא", וואס דאס איז דער כללות העניך פון קו האמצעי, אז אינו מתעבה, פונקט ווי ער שטייט למעלה מעלה אזוי שטייט ער אויך למטה מטה.

וכמבואר בכ"מ[123], אויך אין די הוספות צום תו"א[124], דאס וואס "אין קישוי אלא לדעת"[125], אז דאס איז דערפאר וואס דאס נעמט זיך פון פנימיות, וואס דערפאר גיט זיך ארויס אין דער טיפה דער עצם פון דעם אב, נאכמער ווי ס'איז דא ביים אב בגילוי, כמבואר אין די דרושים פון ר"ה[126], ד.ה. אז דער "לארקא" קומט אראפ אין אן אופן פון "לאמשכא", ער קומט אראפ כמו שהוא, און אינו מתעבה.

און בנוגע צו בינה שטייט דער לשון "לאנהרא", ווארום ווי בינה שטייט אין חכמה, שטייט זי דארטן ניט אין אן אופן אז ס'איז דא כו"כ סברות, "אלו ואלו דברי אלקים חיים", נאר זי שטייט אין אן אופן פון "אור", ס'איז דארטן ליכטיק, מ'זעט בבירור די הלכה בפועל, ווי אזוי דארף זיין דער "מעשה אשר יעשון"[127], כאמור לעיל אז מצד דעם ביטול פון חכמה, קומט ער צו דעם עניך פון "וה' עמו שהלכה כמותו", אז ס'קומט ארויס די הלכה חתוכה.

לז. דער ביאור אין דער משנה אין פרקי אבות:

- די -

------------

119) ס"ע תקעג. 120) ריש פרשתנו. 121) ביאוה"ז לאדהאמ"צ קיח, ב. 122) וראה גם ביאוה"ז שם קכ, ב. 123) אוה"ת ויחי (כרך ו) התשמה, ב. 124) קה, ג. 125) יבמות נג, סע"ב. 126) סה"מ תרנ"ט ע' ג ואילך. 127) ל' הכתוב - יתרו יח, כ.

די נקודה וואס איז מחבר די צוויי ענינים המבוארים אין דער משנה, "העושה מצוה אחת קונה לו פרקליט אחד כו׳", און "כל כנסי׳ שהיא לשם שמים סופה להתקיים כו׳" - איז:

די משנה זאגט "העושה מצוה אחת קונה לו פרקליט אחד" (ועד"ז אין צד ההפכי - "העובר עבירה אחת קונה לו קטגור אחד"), וואס דאס איז א צד השוה אין אלע מצוות (ועד"ז אין אלע עבירות).

וואס אע"פ אז אין מצוות זיינען דא כו"כ סוגים, מן הקצה אל הקצה, ביז אז ס׳איז דא א מצוה אז עשה דוחה ל"ת, און אז פקו"נ איז דוחה את כל התורה כולה (וואס דאס גופא איז אן ענין של מצוה) -

פונדעסטוועגן זאגט מען אז ס׳איז דא א צד השוה אין אלע מצוות, אז "העושה מצוה אחת קונה לו פרקליט אחד", דורך יעדער מצוה ווערט אויפגעטאן אן ענין של "פרקליט", און נאכמער: "פרקליט <u>אחד</u>", נוסף לזה וואס יעדער מצוה טוט אויף אן ענין של "פרקליט", איז דאס א "פרקליט <u>אחד</u>", דאס איז די זעלבע כוונה און דער זעלבער תכלית מיט שאר המצוות (ועד"ז אין דעם צד ההפכי).

און די זעלבע נקודה (אז ס׳זיינען דא כו"כ פרטים, און אעפ"כ זיינען זיי פארבונדן און האבן א צד השוה צווישן זיך) זעט מען אויך אין דעם ענין פון "כנסי׳ שהיא לשם שמים סופה להתקיים":

דער פירוש הפשוט פון "כנסי׳" (בפרט ווען דאס שטייט אין משנה, איז דאך דאס בתכלית הדיוק, ביז אז ס׳איז נוגע להלכה) איז - אז ס׳קלייבן זיך צוזאמען ריבוי אנשים.

וואס בשעת אז ס׳קלייבן זיך צוזאמען ריבוי אנשים, איז דאך דא דער כלל[128] אז "אין דעותיהן שוות". ביז וואנעט אז בנוגע צו סנהדרין איז דא א דין[129] אז אויב אלע זאגן חייב, איז ער נים חייב, ווארום ס׳קען נים זיין אז אלע זאלן זיין בדעה אחת, אלע זאלן האלטן אז חייב, ווארום "אין דעותיהן שוות".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת ס׳איז דא אן ענין של "כנסי׳" (ס׳קלייבן זיך צוזאמען ריבוי אנשים), איז היפך הטבע אז ס׳זאל זיין אין אן אופן פון "סופה להתקיים", ווארום זיי קענען נים שטיין אין אן אופן של "כנסי׳", וויבאלד אז זיי דארפן שטיין אין אן אופן פון "אין דעותיהן שוות";

- זיי -

---

128) ראה ברכות נה, א. במדב"ר פכ"א, ב. ועוד.
129) סנהדרין יז, סע"א.



<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

זיי קענען זיך צוזאמענקלייבן באופן עראי אויף צו פסק'נען א דין, כדי צו קומען לידי החלטה אין א געוויסער ענין - אבער ס'זאל בלייבן אין אן אופן פון "סופה להתקיים", א קיום תמידי, איז דאס אן ענין וואס איז היפך הטבע, ווארום ס'רעדט זיך וועגן א "כנסי'" וואו ס'זיינען דא אידן פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך ושואב מימיך".

און אויף דערויף זאגט די משנה "כל כנסי' שהיא <u>לשם שמים</u> סופה להתקיים כו'", אז דער ענין וואס די "כנסי'" איז "לשם שמים", פועל'ט דאס אז ס'זאל זיין "סופה להתקיים" (כדלקמן סל"ח) -

און וויבאלד אז דא זעט מען אויך אז ס'זיינען דא ריבוי אנשים, "כנסי'", און אעפ"כ שטייען זיי אין אן אופן אז "סופה להתקיים", זיי האבן צווישן זיך א שייכות און א צד השוה - איז פארשטאנדיק דער קשר דערפון מיט התחלת המשנה "העושה מצוה אחת קונה לו פרקליט אחד", וואס דא זעט מען אויך דעם זעלבן ענין, אז אע"פ אז ס'זיינען דא כו"כ מצוות, אעפ"כ האבן זיי א צד השוה און א שייכות צווישן זיך, אז יעדער מצוה טוט אויף א "פרקליט אחד".

לח. כדי אז די "כנסי'" זאל זיין אין אן אופן פון "סופה להתקיים", דארף מען האבן אן ענין וואס איז העכער פון "דעותיהן", וואס דער ענין זאל גובר זיין און מכריע זיין אז ס'זאלן ניט קומען קיין תוצאות בלתי רצויות דערפון וואס ע"פ דין איז "אין דעותיהן שוות" -

און אויף דערויף זאגט די משנה "כל כנסי' שהיא <u>לשם שמים</u> סופה להתקיים": דער ענין וואס די "כנסי'" איז "לשם שמים", וואס דאס איז אן ענין וואס איז העכער פון "דעותיהן", איז <u>מאחד</u> די אלע וואס געפינען זיך אין דער "כנסי'", און דערפאר איז די "כנסי'" אין אן אופן פון "סופה להתקיים".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק פארוואס איז דא נוגע דער ענין אז ס'זאל זיין "לשם שמים", ביז אז אין דערויף זאלן זיך ניט אריינמישן קיין אנדערע כוונות (נוסף צום "לשם שמים") - ווארום אויב ס'איז "לשם שמים" און אויך צוליב אן אנדער זאך, איז מצד דעם וואס דאס איז "לשם שמים" וואלט דאס טאקע געדארפט זיין אין אן אופן פון "סופה להתקיים", ס'איז אבער דא די צווייטע כוונה בזה, וואס אין דערויף זיינען זיי (די וואס געפינען זיך אין דער "כנסי'") <u>אנדערש</u> איינער פון דעם צווייטן (ניט ווי אין דעם ענין פון "לשם שמים", וואס דאס איז <u>מאחד</u> די אלע וואס געפינען זיך אין דער "כנסי'"), וואס די כוונה איז מבלבל אז די "כנסי'" זאל ניט קענען זיין אין אן אופן פון "סופה להתקיים".

- משא"כ -

משא"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן "העושה מצוה אחת קונה לו פרקליט אחד", איז ניט אזוי נוגע די הדגשה אז ס'מוז זיין לשמה, ווארום אפי' אויב איך דערויף איז אריינגעמישט אן ענין פון שלא לשמה, אדער אפי' אז דאס איז נאר שלא לשמה, אעפ"כ איז "קונה לו פרקליט אחד" -

ווארום בשעת ער טוט א מצוה, ער איז מקיים מצות צדקה וכיו"ב, וואס דערמיט טוט ער אויף דעם "נפשו של עני כו' החיית"[130], איז אפי' אז ער טוט דאס שלא לשמה[131] (כדי להתייהר וכיו"ב), האט ער דאך אבער דערווייליע אויפגעטאן דעם "החיית" פון נפש העני, און דערפאר איז "קונה לו פרקליט אחד".

אבער בנוגע צו דער "כנסי'", איז וויבאלד אז מ'וויל אז ס'זאל זיין אין אן אופן פון "סופה להתקיים", מוז דאס זיין "לשם שמים", ווארום דאס איז די זאך וועלכע איז די מאחד צוזאמען, אז ס'זאל קענען זיין א "כנסי'" וואס "סופה להתקיים".

לט. עפ"ז איז אויך פארשטאנדיק, דער חילוק צווישן דער משנה "כל כנסי' שהיא לשם שמים סופה להתקיים כו'", מיט דער משנה "כל מחלוקת שהיא לשם שמים סופה להתקיים כו'":

אין דער משנה "כל מחלוקת שהיא לשם שמים סופה להתקיים", רעדט זיך וועגן אן ענין אין וועלכן מ'איז מהולק, ביי איינעם קומט אויס כדעת ב"ש, און ביים צווייטן כדעת ב"ה - און אויף דערויף זאגט די משנה (ניט אז זייער "כנסי'" בלייבט קיים, וויבאלד אז "האמת והשלום אהבו"[132], נאר) אז די מחלוקת גופא, וויבאלד אז די איז "לשם שמים", איז "סופה להתקיים": ס'איז דא אן ארט וואס דארפן האלט אוים שיטת ב"ש[133], אדער אז לע"ל וועט די הלכה זיין כב"ש[134], ווי געדעדט כמ"פ[135] די פרטי הביאורים בזה, וואס דערפאר איז די מחלוקת גופא אין אן אופן אז "סופה להתקיים".

און אין דער משנה "כל כנסי' שהיא לשם שמים סופה להתקיים", רעדט זיך וועגן דער "כנסי'" אליין, אז די "כנסי'" איז אין אן אופן וואס "סופה להתקיים", וויבאלד אז דאס איז א "כנסי' שהיא לשם שמים".

מ. דערנאך איז די משנה ממשיך "תשובה ומעשים טובים כתרים בפני הפורענות":

- בשעת -

---

130) תנחומא משפטים טו. 131) ראה ספרי עה"פ תצא כד, יט. 132) זכרי' ח, יט. יבמות יד, ב. 133) לקו"ת קרח נד, רע"ג. 134) לקו"ת שם, סע"ב ואילך. וש"נ. 135) ראה לקו"ש ויצא תשל"ז ס"ג-ד.

בשעת ס'איז דא אן ענין של "פורענות" בעולם (ווי מפרשי המשנה[136] טייטשן אפ), און ער וויל אז צוליב אים זאל מען משנה זיין דעם טבע, אז די "פורענות" זאל אים ניט שאטן,

[וואס דאס איז דער דיוק הלשון "כתריס בפני הפורענות", ד.ה. ניט אז די "פורענות" ווערט אינגאנצן בטל, עס בלייבט בעולם דער ענין הפורענות, נאר ער האט א "תריס בפני הפורענות", און דערפאר רירט דאס אים ניט אן - ווי מ'זעט בפשטות אז בשעת מ'שיסט א חץ וכיו"ב, איז דער וואס האט בשעת מעשה א "תריס", וועט דאס אים ניט שאטן, אבער דער וואס שטייט דעמולט אן א "תריס", קען דאס אים שאטן] -

אויף דערויף איז ניט גענוג "העושה מצוה אחת (וואס דורך דעם איז) קונה לו פרקליט אחד", נאר אויף דערויף דארף מען האבן א גרעסערן ענין - "תשובה ומעשים טובים":

בשעת ס'רעדט זיך וועגן אן ענין של שכר, ער זאל באקומען שכר, אדער ער זאל ניצל ווערן פון אן ענין בלתי רצוי וואס וואלט געדארפט קומען אויף אים - זאגט מען "העושה מצוה אחת קונה לו פרקליט אחד"; אויב ער האט געטאן די מצוה בשלימותה, לשמה, באקומט ער א גרויסן שכר, און אויב ער טוט דאס אויך שלא לשמה, באקומט ער א קלענערן שכר, ועד"ז איז ער "קונה לו פרקליט אחד", וואס דאס איז מגין אויף אים און אויף בני ביתו, אז אויב ס'וואלט געדארפט אנקומען אויף אים אן ענין בלתי רצוי, ווערט ער דערפון ניצל, וויבאלד אז "החיית" נפש העני.

ווען ס'רעדט זיך אבער וועגן א מעמד ומצב וואס ס'איז דא אן ענין של "פורענות" בעולם, אין דער סביבה וכיו"ב, איז כדי ער זאל דערפון ניצל ווערן און דאס זאל אים ניט שאטן, דארף מען האבן א גרעסערן ענין פון "העושה מצוה אחת כו'", נאר מ'דארף האבן "תשובה ומעשים טובים", ווארום מ'דארף פועל'ן אז מ'זאל אים ארויסנעמען פון דער הנהגה כללית וואס איז דא אין דער סביבה וואו ער געפינט זיך (וואס דארטן איז דא אן ענין של "פורענות"), וואס אויף דערויף דארף מען האבן א זכות גדול יותר - "תשובה ומעשים טובים".

וכמבואר בארוכה אין ספרי חקירה, ועאכו"כ אין ספרי חסידות וקבלה, דער חילוק וואס איז דא צווישן אן ענין וואס דארף שולל זיין אן עונש וואס דארף קומען אויף א פרט, מיט אן ענין וואס דארף שולל זיין אז אע"פ אז אין דער סביבה איז דא אן הנהגה מסוימת (אן ענין של "פורענות") זאל דאס

- אים -

------------

136) ראה מד"ש כאן.

איר ניט שאטן, וואס אויף דערויף דארף מען האבן א זכות גדולה יותר -

און דערפאר זאגט מען אז "העושה מצוה אחת קונה לו פרקליט אחד" וואס דאס איז בנוגע צו שולל זיין אן ענין של עונש וואס איז פארבונדן מיטן פרט (אדער געבן אים שכר);
און דערנאך זאגט מען "תשובה ומעשים טובים כתרים בפני הפורענות", אז בשעת מ'וויל שולל זיין אז די "פורענות" וואס איז דא בעולם (אין דער סביבה) זאל אים ניט שאטן, דארף מען האבן א גרעסערן ענין - "תשובה ומעשים טובים".

מא. וכמדובר כמ"פ אז איצטער געפינט מען זיך אין א צייט וואס מ'איז שוין "כלו כל הקיצין", און מ'האט א ריבוי פון תשובה ומעשים טובים,

ובפרט לויט ווי גערעדט בארוכה[137] דער ביאור אין פרש"י פון אונזער סדרה[138] אויף "כל המצוה", אז "אינה נקראת המצוה אלא על שם הגומרה" - אז דורנו זה וואס ער טוט אויף דעם גמר העבודה, ובנוסח פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[139] אז איצטער פוצט מען די קנעפלעך פון דעם מונדיר - איז וויבאלד אז דאס איז דער גמר פון דעם גאנצן מונדיר, איז "נקראת כו' על שם הגומרה", דאס ווערט פאררעכנט פונקט ווי מ'האט אויפ-געטאן דעם גאנצן מונדיר פון דעם חייל און איש צבא פון דעם מלך, וואס דורך דערויף ווערט אויפגעטאן דער ענין פון "ה' מלך גאות לבש"[140], מ'טוט אויף די לבושים פון דעם מלך אליין (אע"פ אז בפועל האט מען געמאכט נאר דעם לעצטן פוץ פון אן איין און איינציקן קנעפל פון דעם לבוש), און מ'באקומט דעם גאנצן שכר אויף דערויף.

און דער שכר קומט ארויס בגילוי, למטה מעשרה טפחים, און אין אן אופן של חסדים המגולים, און דאס איז מבטל די "פורענות" וואס איז דא בכל העולם כולו,

און מ'ברענגט אדאפ בכל העולם כולו שמחה וטוב לבב, בטוב הנראה והנגלה, אין בני חיי ומזוני, ובכולם - רויחי,

און דאס ווערט די הכנה קרובה צום "מבצע" הכי גדול - די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, ובקרוב ממש.

* * *

מב. בנוגע צו דעם וואס מ'האט גערעדט פריער (סכ"ו ואילך) וועגן הדפסת התניא, איז אזוי ווי מ'דארף דאך מפרש זיין

- יעדער -

------------

137) לקו"ש עקב ש.ז. 138) ח, א. 139) שיחת שמח"ת תרפ"ס. 140) ל' הכתוב - תהלים צג, א.

יעדער זאך, און מ'דארף דאך צושרייבן וואס פאר א הוצאה און וואס פאר א דפוס דאס איז - וועט מען דאס צושיקן בל"נ פון מזכירות, כדי אז ס'זאלן ניט זיין קיינע בלבולים.

און בנוגע צו דעם פרייז פון דעם תניא - איז אזוי ווי ברוב המקומות פארקויפט מען שוין דעם תניא וואס איז געדרוקט געווארן במקומות אחרים, האט מען שוין דעם פרייז, ומה טוב - אז מ'זאל במיוחד אראפנעמען דעם פרייז, און מאכן דאס ווייניקער.

וואס אע"פ אז דער תניא איז דאך ווערד שלא בערך מערער פון דעם פרייז - קען מען דאך דאס סיי-ווי ניט אפשאצן אין געלט, אבער לאידך, אן ענין פון תורה ומצוותי' דארף ניט זיין "חנם", נאר א איד דארף זיך לאזן קאסטן - ובשמחה וטוב לבב - בנוגע צו ספרי קודש, און בנוגע צו מצוות וכל עניני קדושה, און דעמולט גיט אים דער אויבערשטער כמ"פ ככה.

ויה"ר אז דאס זאל זיך אפטאן בשמחה וטוב לבב, ובקרוב ממש, בעגלא דידן.

מג. עד"ז דארף מען מוסיף זיין נאך א נקודה בנוגע צו דעם וואס מ'האט גערעדט פריער (סי"א ואילך) וועגן דעם ענין החינוך:

אזוי ווי יעדערער דארף דאך טאן כל התלוי בו אויף מגדיל זיין דעם ענין החינוך, ביז וואנעט אז יעדער קינד, סיי אן אינגעלע און סיי א מיידעלע, זאל באקומען א חינוך הכשר, און נאך בעסער: א חינוך על טהרת הקודש,

וואס אויף דערויף דארף מען דאך האבן מורים ומורות, מדריכים ומדריכות, און אין דערויף גופא דארף מען זעהן אז ס'זאל זיין משופרא דשופרא, וואס בעסערע מורים ומורות, און וואס בעסערע מדריכים ומדריכות.

און וויבאלד אז מ'געפינט זיך אין א צייט וואס ס'זיינען דא דאגות וטרדות הפרנסה, דארף מען דאך זעהן מקטין זיין די דאגות פון די מורים ומורות, עכ"פ כפי האפשרי -

איז הצעתי ובקשתי (מיט אלע לשונות של בקשה), אז אנהויבנדיק פון שנת הלימודים הבאה (ד.ה. נאך אין חודש אלול), זאל מען מוסיף זיין עשרה אחוז (עכ"פ חמשה אחוז) אויף דער משכורת פון די מורים ומורות, מדריכים ומדריכות, ראשי ישיבות און משפיעים (מיט אלע תוארים וואס זיי האבן), און ניט קוקנדיק אויף דעם וואס מ'האט אפשר מוסיף געווען בעבר הקרוב וכיו"ב, זאל מען גלייך מודיע זיין אז מ'רעכנט זיך ניט מיט קיינע חשבונות, און מ'איז זיי מוסיף נאך עשרה

- אחוז -

אתוז פון קופת המוסד, און ס׳איז א זיכערע זאך אז דער אויבערשטער וועט דאס משלים זיין.

וואס נוסף דערצו וואס דאס וועט מקטין זיין זייערע דאגות הפרנסה, ובמילא וועט דאס מוסיף זיין אין זייער שימת לב און אין דעם אפגעבן זיך מיט חינוך התלמידים והתלמידות, האט דאס נאך א מעלה:

דערמיט וועט מען אונטערשטרייכן און באווייזן אז מ׳שאצט אפ זייער ארבעט און זייער התמסרות, והעיקר - אז מ׳שאצט אפ דעם גודל ענין החינוך, עד כדי כך אז מ׳רעכנט זיך ניט מיט פארשידענע שוועריקייטן, און מ׳איז מוסיף אויף זייער משכורת (ניט וואדסנדיק אויף בקשות און לחץ וכו׳, נאר בסבר פנים יפות),

ביז וואנעט אז נאך אידער ס׳האט זיך אנגעהויבן שנת הלימודים, האט מען שוין מחליט געווען און מודיע געווען אז מ׳וועט מוסיף זיין אין זייער משכורת, און ניט אז מ׳וועט אנהויבן באצאלן באופן כך פון חודש תשרי, נאר נאך זייענדיק אין שנת העיבור, וואס דעמולט איז מען משלים (ביז אין אן אופן של שלימות, ווי די צוויי פירושים שבזה) אלע ענינים, כמדובר לעיל (סכ"ד).

מד. און די וואס זיינען געוואלדיקע מרה-שחורה׳ניקעס, און מ׳הויבט אן מאכן חשבונות, מ׳רופט אר״ין דעם "אקאונטענט", און יענער מאכט א געוואלד, היתכן אז מ׳נעמט אויף זיך א נייע מעמסה!

איז ידוע דער ווארט פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו וואס ער פלעגט זאגן בנוגע צו אזא ענין:

אין רוסלאנד איז געווען דער סדר, אז אין א טריין זיינען געווען דריי מחלקות, די ערשטע מחלקה, די צווייטע מחלקה און די דריטע מחלקה - האט כ"ק מו"ח אדמו"ר געזאגט אז אן ארעמען פארט אלעמאל מיטן ערשטן קלאס, ווארום וויבאלד אז ער דארף סיי-ווי לייען פאר דער נסיעה, וועט ער לייען אין אן אופן אז ער זאל לכה"פ פארן בהרחבה; משא"כ דער וואס פארט אויף זיינע אייגענע געלט, מאכט ער א חשבון צי ער קען באצאלן פארן דריטן קלאס, און אויב ער איז א גביר, פארט ער מיטן צווייטן קלאס, אבער אויפן ערשטן קלאס - "לאו כל יומא מתרחיש ניסא"[141].

ועד"ז בעניננו: די אלע חשבונות הנ"ל זיינען שייך

- ווען -

------------

141) ל׳ הש"ס - פסחים נ, ב.

ווען מ׳ארבעט מיט א בודזשעט און מ׳האט מזומן; וויבאלד אבער אז סיי-ווי האט מען א דעפיציט, איז זאל לכה"פ דער מלמד הנאה האבן, ובמילא וועלן אויך די תלמידים הנאה האבן!

וכידוע וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט דערציילט, אז צו פופצן יאר איז ער ארייך אין עסקנות ציבורית, וואס איינער פון די ענינים הכי גדולים בזה, איז געווען דער ענין החינוך, און ער האט געזאגט אז ער האט אלעמאל געארבעט מיט א חסרון אין בודזשעט (ובלשון הפשוט - ס׳איז אלעמאל געווען א דעפיציט), אבער צום סוף יאר האט ער אלעמאל אפגעצאלט דעם דעפיציט פון פאריקן יאר, און לשנה הבאה האט ער געמאכט א גרעסערן דעפיציט, און ער האט געזאגט אז דאס איז דער סימן פון א לעבעדיקע ארבעט!

און אזוי ווי מ׳גייט דאך אויף זיינע פלייצעס - זאל יעדערער טאן באופן כזה אין אלע ענינים פון תורה און קדושה, ועאכו"כ בשטח החינוך.

און מ׳האט די הבטחה פון כ"ק מו"ח אדמו"ר - וואס ער האט דורכגעטראטן די וועג - אז די וואס וועלן זיך פירן באופן כזה, אז מ׳וועט זיך ניט דערשרעקן פאר א דעפיציט, וועט זיי דער אויבערשטער זיכער מצליח זיין אז זיי וועלן באצאלן דעם דעפיציט פון דעם עבר, און גרייסן זיך מוסיף זיין און מעלה זיין בקודש בעתיד הקרוב,

און דעם גרויסן דעפיציט וועט סוכ"ס באצאלן דער גרויסער גביר, דער אויבערשטער, וואס "לי הכסף ולי הזהב אמר ה׳ צבאות"[142],

וואס ער וועט באצאלן סיי אין ענינים כלליים און סיי אין ענינים פרטיים - אבי אז מ׳זאל אים צושטעלן דעם אמת׳ן "רכוש", וואס דאס איז תורה ומצוות און תשובה ומעשים טובים, און צושטעלן אים די גידולים שגדלנו, אז יעדער אידיש קינד באקומט א חינוך על טהרת הקודש (נוסף אויפן חינוך הכשר),

ובקרוב ממש וועט מען גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו.

מה. און ביז דעמולט זאל מען מוסיף זיין כמ"פ ככה אין אלע מבצעים: "מבצע חינוך", "מבצע אהבת ישראל", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה".

ובקרוב ממש וועט מען זעהן בעיני בשר, למטה מעשרה

- טפחים -

------------

142) חגי ב, ח.

ספחים, דעם "מבצע" הכי גדול פון דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס ער וועט פארענדיקן ז'עם גלות, און וועט גלייך ברענגען די אתחלתא דגאולה און די גאולה בשלימותה, "והיתה לה' המלוכה"[143].

צוה לנגן והריקותי לכם ברכה. לכתחילה אריבער. ופרצת.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

דעם סיום בנוגע צו הל' ביהב"ת - וועט זיין בל"נ בהתוועדות הבאה.

ועד"ז דער צווייטער ענין - וואס מ'ווארט אויף נייעס וואס זיינען פארבונדן מיט פאליטיקע - וועט דאם אויך זיין בעתיד הקרוב.

סרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

---

143) עובדי' א, כא.

## שיחה להתלמידות דמחנה קיץ „אמונה״ שתחיינה

## – בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה –

## יום ד׳ פ׳ ראה, ז״ך מנחם־אב ה׳תשל״ח.

א. [אמרו את הי״ב פסוקים ומאמרז״ל [1]].

ב. אין צוגאב דערצו וואס עס האט זיך גערעדט מיט עטלעכע טעג צוריק [2], צו קינדער וואס האבן פארבראכט זומער אין קייטנות (ס׳איז שוין אויך אפגעדרוקט, און מסתמא ווייסט מען דעם אינהאלט דערפון),

— וואס, זעלבסטפארשטענדליך, אז דאס מיינט מען אויך יעדערע פון אייך, און אויך די וואס פארענדיקן די מחנות (קעמפ) אין עטלעכע טעג ארום —

וועט מען איצטער זאגן א פאר ווערטער (אין צוגאב צו דעם וואס האט זיך גערעדט דעמולט) — ספעציעל פאר אידישע טעכטער, אידישע מיידעלעך.

• • •

ג. ס׳איז באוואוסט דער ווארט פון דעם בעש״ט [3] (וואס איז איבערגעזאגט געווארן מערערע מאל דורך כ״ק מו״ח אדמו״ר, נשיא דורנו) — אז יעדע זאך וואס א איד (גרויס אדער קליין) זעט אדער הערט, דארף ער זיך ארייננטראכטן אין דעם, און אפלערנען דערפון אן אנווייזונג וואס איז נוגע אים, ווי אזוי ער זאל לעבן זיין טאג־טעגליכן לעבן — אן אנווייזונג בנוגע צו דער זאך אין וועלכער עס באשטייט דער עיקר פון זיין לעבן — דינען דעם אויבערשטן [4].

וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין האמונה — דאס וואס יעדער איד (גרויס און קליין) גלויבט אין דעם אויבערשטן [5]:

וויבאלד אז יעדער איד גלויבט אז דער אויבערשטער האט באשאפן די וועלט, און פירט מיט איר אן יעדע רגע [6], אויך איצטער — איז פארשטאנדיק, אז יעדע זאך וואס טרעפט און פאסירט יעדע רגע, קומט פון דעם אויבערשטן, איז דאך זיכער אז דאס האט אן אינהאלט און א מיינונג פאר אים ספעציעל, וויבאלד אז ער האט דאס געהערט אדער געזען.

---

1) נדפסו בחוברת „י״ב פסוקים ומרז״ל״ (ברוקלין, ה׳תשל״ו).

2) בהשיחה לילדי מחנות קיץ יומיים — י״א מנחם־אב (נדפס לעיל ע׳ 186).

3) כש״ט (הוצאת קה״ת) הוספות אות קכז־קכט. וש״נ.

4) ד„אני נבראתי לשמש את קוני״ (קידושין בסופה).

5) שהרי ישראל הם „מאמינים בני מאמינים״ (שבת צז, א).

6) ראה שעהיוה״א בתחלתו.

און ס'איז זיכער אַז דאָס איז פאַרבונדן מיט דעם ענין צוליב וועלכן ער איז באַשאַפן געוואָרן — וואָס יעדער איד איז באַשאַפן געוואָרן אַלס „מעשה ידי להתפאר" [7], ער איז דעם אויבערשטנ'ס אַ באַשעפעניש („מעשה ידי"), מיט וועלכן דער אויבערשטער באַרימט זיך („להתפאר") — דורך דערויף וואָס זיין לעבן באַשטייט אין דינען דעם אויבערשטן.

ד. מען זעט אַז ווען אַ קינד איז נאָך קליין, גרייט מען אים צו און מ'ערציט אים ער זאָל וויסן ווי צו פירן זיך ווען ער וועט אויסוואַקסן.

דאָס איז דער אינהאַלט פון „מבצע חינוך": ערציען קינדער אין אַזאַ וועג, אַז ווען זיי וועלן אויסוואַקסן, זאָלן זיי וויסן ווי מ'דאַרף זיך אויפפירן, און אויפפירן זיך בפועל ווי ס'דאַרף צו זיין.

וואָס די ערציאונג פון קינדער הויבט זיך אָן נאָך איידער זיי הויבן אָן גיין אין בית־ספר (אין סקול),

ווי די גמרא [8] זאָגט (און דער אַלטער רבי ברענגט דאָס אַראָפּ אין זיין שו"ע [9]) אַז אַ „תינוק" כש„מתחיל לדבר" איז „אביו מלמדו תורה כו'" [10], גלייך ווען דער קינד הויבט אָן רעדן (וואָס דאָס איז נאָך איידער ער הויבט אָן גיין אין בית־ספר), דאַרף מען אים צוגעוואוינען ער זאָל רעדן ענינים פון תורה און אידישקייט.

אַזוי זעט מען אויך בנוגע צו אידישע מיידעלעך

ה. וואָס לערנט מען זיך אָפּ פון שפּילן זיך פון אידישע מיידעלעך:

ווען זיי זיינען נאָך גאַר קליין, איז איינע פון זייערע הויפט שפּילצייג „טאָי'ס" — דאָס וואָס זיי האָבן „דאָל'ס", זיי האָבן אַ צאַצקע וואָס זעט אויס ווי אַ קינד, און דערמיט שפּילן זיי זיך.

די לערנונג אין דעם איז:

מ'דערמאָנט דער מיידעלע און מ'גרייט איר צו, אַז ווען זי וועט אויסוואַקסן און דער אויבערשטער וועט איר בענטשן אַז זי וועט אָנפירן מיט איר אייגענער הויז — זאָל זי אָנפירן די הויז ווי מ'דאַרף, לויט ווי דער אויבערשטער וויל, און ספּעציעל בנוגע צו די קינדער מיט וועלכע דער אויבערשטער וועט איר בענטשן — זי זאָל זיי ערציען אין דעם וועג וואָס דער אויבערשטער וויל.

ווען זי איז נאָך צו קליין צו ערפילן און מקיים זיין דאָס — גרייט מען איר צו דערצו, דורך האָבן צו טאָן מיט אַ פּלאַסטיק אָדער אַ האָלץ וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין אַ צורה פון אַ קליין קינד,

---

7) ישעי' ס, כא.

8) סוכה מב, א.

9) הל' ת"ת רפ"א.

10) ספרי לעקב יא, יט (הובא בפרש"י שם).

און דערנאָך ווען זי וואַקסט אויס אַ ביסל, הויבט זי אָן העלפן איר מוטער אין דער אַנפירונג פון דער הויז, דורך דעם וואָס זי העלפט איר מאַכן חלה אויף שבת, זי העלפט איר צוגרייטן די הויז אויף שבת, און זי העלפט איר אין דער אַנפירונג פון דער הויז בכלל.

ו. מען זעט אַז דאָס איז איינגעפירט געוואָרן ביי מערערע פעלקער — אַנהויבנדיק פון דעם אידישן פאָלק, וואָס ער האָט באַוויזן דעם וועג פון „מבצע חינוך", אַז מ'זאָל ערציען קינדער פון קליין־וויי־אָן צו אַ גוטער אויפפירונג ווען זיי וועלן אויסוואַקסן.

און בנוגע צו אידישע טעכטער — אַז ווען זיי זיינען נאָך גאָר קליין, ערציט מען זיי ווי צו אויפפירן זיך מיט קינדער, און ווי צו אַנפירן מיט דער הויז,

וואָס דערמיט גרייט מען איר צו צו אויספירן איר ערנסטע און וויכטיקסטע אויפגאַבע ווען זי וועט אויסוואַקסן — דעם „מבצע חינוך" ביי זיך אין הויז,

וואָס דאָס הויבט זיך אָן דורך דעם וואָס זי ערציט זיך אַליין אין דעם פּאַסענדן וועג.

• • •

ז. אין צוזאַמענהאַנג מיט ערציען קינדער און אַנפירן מיט אַ הויז — וואָס דאָס הויבט זי אָן ערשט נאָך דער חתונה,

— איז פאַרשטאַנדיק, אַז וויבאַלד מ'הויבט אָן די ערציאונג דערצו נאָך פון קליין־וויי־אָן, קען דאָס גיין לאַנגזאַם, וויבאַלד אַז מ'האָט אַ סאַך צייט ביז צו דער חתונה —

עס זיינען אָבער דאָ זאַכן וואָס הויבן זיך אָן פאַר דער חתונה — איז די צוגרייטונג דערצו הויבט זיך אָן פריער, און גייט שנעלער.

דאָס איז אויך, וואָס מ'האָט שוין גערעדט מערערע מאָל [11] (און איצטער וויל מען דאָס אונטערשטרייכן נאָכאַמאָל) וועגן דעם ענין פון „נרות שבת קודש ויו"ט":

יעדע אידישע טאָכטער ווען זי ווערט אַ בת־מצוה, האָט זי די מצוה פון אָנצינדן ליכט יעדן ערב שבת און יו"ט (פאַרנאַכט).

און איר ערציאונג דערצו (איידער זי ווערט אַ בת־מצוה) איז די מצוה פון חינוך — אַז גלייך ווען זי איז שייך צו פאַרשטיין [12] די וויכטיקייט און

11) שיחת מוצאי ש"פ בראשית תשל"ה (נדפסה בלקו"ש ח"כ בתחלתו). לקו"ש חיי שרה תשל"ו ס"ו. תזריע תשל"ז ס"א ואילך. ועוד.

12) ראה שו"ע אדה"ז או"ח סשמ"ג ס"ג: ושיעור בחינוך במ"ע הוא בכל תינוק לפי חריפותו וידיעתו בכל דבר לפי ענייניו כו'.

דעם אינהאַלט פון דער ליכטיקער מצוה, זאָל זי אָנהויבן אָנצינדן ליכט יעדן ערב שבת און יו״ט.

וויבאַלד אַז מ׳האָט שוין גערעדט וועגן דעם מערערע מאָל — איז זיכער אַז יעדערע פון אייך ערפילט דאָס און צינדט אַז ליכט יעדן ערב שבת און יו״ט, און דערביי איז זי אויך מקיים (עכ״פ פון ציט צו צייט, און בלי נדר) דעם גוטן מנהג [13] פון געבן צדקה (אַ סענט, אָדער אַ פּאָר סענט [14]) פאַרן אָנצינדן די ליכט.

ח. דאָס אונטערשטרייכט אויך נאָכמער די וויכטיקייט פון דער אויפפירונג פון יעדע אידישע מיידעלע — אַז איר האָט מען איבערגעגעבן אַ שליחות זי זאָל אַריינברענגען די ליכטיקייט פון שבת און יו״ט אין דער גאַנצער הויז, צוזאַמען מיט איר מוטער און די עלטערע שוועסטער.

גלייך ווען זי קומט צום גיל פון חינוך (צו די יאָרן ווען מ׳ערציט איר צו מקיים זיין מצוות) — מאַכט זי אַ ברכה, זי בענטשט דעם אויבערשטן (בכלל, און במיוחד) פאַר דעם וואָס ער האָט איר געגעבן די שליחות [15] צו מקיים זיין די מצוה,

וואָס די מצוה באַשטייט אין אַריינברענגען הייליקע ליכטיקייט אין דער גאַנצער הויז, צוזאַמען מיט איר מוטער און אירע עלטערע שוועסטער —

און דאָס גרייט איר צו אַז ווען זי וועט אויסוואַקסן און וועט חתונה האָבן — זאָל זי אויך ליכטיק מאַכן איר הויז אַלס „עקרת הבית״ (די בעה״ב׳טע פון דער הויז),

און ווען זי וועט געבענטשט ווערן מיט קינדער, און צווישן זיי אויך טעכטער — זאָל זי זיי ערציען אַז זיי זאָלן אויך ליכטיק מאַכן די הויז מיט אידישקייט, ביז אַז די הויז וועט ווערן ליכטיק אויך אין גשמיות כפשוטה,

און דורך דערויף — ליכטיק מאַכן די גאַנצע וועלט.

ט. אַזוי ווי דער שכר וואָס דער אויבערשטער גיט פאַר אַ מצוה איז „מדה כנגד מדה״ [16] (אין דער זעלבער זאַך פון דער מציה) — איז דער שכר אויף דער מצוה פון נרות שבת קודש [17], אויך פאַרבונדן מיט ליכטיקייט:

לויט ווי פאַרשטאַנדיק פון דעם וואָס עס שטייט אין זהר [18], איז דורך דער מצוה פון נרות שבת קודש, ווערט ליכטיקער איר מזל, ס׳ווערט ליכטיקער דער מזל פון דער גאַנצער הויז, בנוגע צו אַ קליינע מיידעלע — ווערט ליכטיק דער מזל פון אירע עלטערן, און פון אירע לערער׳ס און

---

13) קיצור שו״ע סע״ה ס״ב. כף החיים סרס״ג סקל״ד בתחילתו.

14) ראה כף החיים שם: וטוב שתתן קודם פרוטה לצדקה .. וטוב ליתן ג׳ פרוטות לצדקה כו׳.

15) כמרז״ל הוי מכבדין את המצוות שהן שלוחי (תנחומא ויגש ו. וראה לקו״ת ויקרא ב, א).

16) סוכה ח, ב במשנה. פס״ז עה״פ שה״ש ג, י.

17) כולל גם יו״ט דאיקרי שבת. שבתיו ופרש״י. ראב״ע. רמב״ן עה״פ אמור כג, יא. וראה חדא״ג מהרש״א למנחות סה, א).

18) זח״א מח, ב.

לערערין׳ס וואס האבן איר ערצויגן און צוגעגרייט אז זי זאל מקיים זיין (מצוות בכלל, און במיוחד) די מצוה פון נרות שבת ויו״ט,

און דורך דערויף ווערט ליכטיקער דער מזל פון אלע אידן ארום, און אויך דער מזל פון דער גאנצער וועלט.

יו״ד. און דעמולט איז מען זוכה אז ס׳ווערט מקויים אינגיכן דעם אויבערשטן׳ס צוזאג [19] „אם שמרתם נרות שבת אני מראה לכם נרות של ציון״:

דורך דערויף וואס איר וועט אפהיטן די מצוה פון נרות שבת קודש (יעדערע פון אייך, און דורך אייך און אייער השפעה — אויך אייערע חברה׳טעס, און די מיט וועמען איר טרעפט זיך), מקיים זיין די מצוה פון אנצינדן ליכט, וואס זיינען פארבונדן מיט אידישקייט [20] —

וועט מען אינגיכן זוכה זיין זען „נרות של ציון״ — מ׳וועט זען ווי אזוי די כהנים צינדן די נרות פון דער מנורה הקדושה אין בית המקדש השלישי — ווייבאלד אז גאר אינגיכן וועט קומען די גאולה ע״י משיח צדקנו.

די פאסענדע אויפפירונג פון יעדערע פון אייך, און אלע אידישע טעכטער מיט אייך צוזאמען, אין די לעצטע טעג פון גלות, און במיוחד דורך דעם קיום פון דער מצוה פון ליכטיק מאכן די הויז מיט דער ליכטיקייט פון אידישקייט בכלל, און די ליכטיקייט פון נרות שבת פרייטאג פארנאכט, און נרות יו״ט בערב יו״ט, אנהויבנדיק פון דעם יו״ט וואס קומט אינגיכן — ראש השנה,

וועט נאכמער פארשנעלערן די גאולה [21], און יעדערע פון אייך, צוזאמען מיטן גאנצן אידישן פאלק, וועט אינגיכן מקבל זיין פני משיח צדקנו,

און האבן א כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה [22], בגשמיות וברוחניות.

• • •

יא. כ״ק אדמו״ר שליט״א ציוה לומר (עוה״פ) את הפסוק [23] „תורה צוה גו׳״.

אח״כ נתן ובקש — שהמדריכות תחיינה תתנה לכאו״א מהילדות שתחיינה: השיחה לילדי מחנות קיץ יומיים די״א מנ״א (תרגום באנגלית), וכן שתי מטבעות של עשר סענט: א׳ לתת לצדקה, והב׳ — לעשות בה כטוב בעיניהן.

---

19) ילק״ש ר״פ בהעלותך.

20) וכמ״ש (משלי ו, כג) „כי נר מצוה ותורה אור״ — שקאי גם על נרות שבת (ראה פרש״י ד״ה בנ״ב — שבת כג, ב).

21) מכיון ש„אחישנה״ תלוי ב„זכו״ (סנהדרין צח, א).

22) להעיר שיש „נוהגין מיום ט״ו באב יאילך לברך זל״ז בברכת כוח״ט״ (דרכי חיים ושלום סתרפ״ד).

23) ברכה לג, ד.

בס"ד. שיחת מוצאי ש"פ ראה, אדר"ח אלול ה׳תשל"ח.

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

א. ס׳איז דאך מוצאי שבת קודש, וביחד עם זה אויך ראש חודש, און אין ר"ח גופא – ר"ח אלול.

וואס בנוגע צו ר"ח אלול שטייט אין פרדר"א[1], און ס׳ווערט אראפגעבראכט אין טור[2] אין אנהויב פון הל׳ ר"ה [נאך איידער ער הויבט אן רעדן וועגן הל׳ ר"ה, רעדט ער וועגן ר"ח אלול, און דאס שטייט אונטער דעם זעלבן קעפל פון "הלכות ראש השנה"], אז "בר"ח אלול אמר הקב"ה למשה עלה אלי ההרה שאז עלה לקבל לוחות אחרונות כו׳",

און דערפאר איז רישומו ניכר עד היום הזה, בנוגע לכמה מנהגים וואס מ׳טוט אנהויבנדיק פון ר"ח אלול – נוסף אויף כללות הענין אז פון ר"ח אלול הויבט זיך אן עבודת התשובה והרחמים, בדוגמא ווי ס׳איז געווען ביי משה רבינו, אז ע"י עלייתו להר האט ער אויפגעטאן דעם ענין התשובה והרחמים.

ב. אע"פ אז דער ענין התשובה והרחמים האט זיך אויפגעטאן אין די ארבעים יום האמצעיים, וואס סיומם איז <u>פאר</u>[3] ר"ח אלול, און די ארבעים יום האחרונים, פון ר"ח אלול ביז יוהכ"פ, וואס דעמולט איז "עלה לקבל לוחות אחרונות", איז גאר דער ענין פון <u>תורה</u> –

איז אבער פארשטאנדיק פון פשטות הכתובים, אז דער ענין פון "סלחתי כדברך" איז געווען בסיום פון די ארבעים יום האחרונים[4], ווארום "מה הראשונים ברצון אף האחרונים ברצון", משא"כ די ארבעים יום האמצעיים[5] – וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין די ארבעים יום האחרונים, פון ר"ח אלול ביז יוהכ"פ, האט זיך אויפגעטאן דער ענין התשובה והרחמים "ברצון", און ווי רש"י ברענגט אראפ בפירושו עה"ת[6] אז דעמולט איז געווען דער ענין הסליחה אין אן אופן פון "בשמחה ובלב שלם".

און דערפאר ווערט אראפגעבראכט אין אחרונים[7], אז פון ר"ח אלול, ובפרט אין עשי"ת, זיינען אפי׳ תלמידי חכמים מרבה אין דעם ענין פון תשובה ורחמים, און צוליב דעם נעמט מען אראפ פון דעם זמן וואס בכל השנה איז דאס דער זמן פון לימוד התורה.

– וואס –

---

1) פמ"ו. 2) או"ח ר"ס תקפא. 3) פרש"י עקב ט, יח.
4) פרש"י תשא לג, יא. 5) פרש"י תשא ועקב שם. עקב י, י.
6) תשא שם. 7) ברכ"י לשו"ע או"ח סתקפ"א ס"ו. וראה מט"א סתקפ"א סו"ס יא ובאלף למטה שם (סקט"ו).

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: וויבאלד אז אין די ארבעים יום האחרונים איז משה רבינו "עלה לקבל לוחות אחרונות", וואס ביי די לוחות אחרונות האט זיך אויפגעטאן א דיבוי אין תורה, אין אן אופן פון "כפלים לתושי'", ווי ס'שטייט אין מדרש[8] "התחיל (משה) מצטער על שיבור הלוחות, ואמר לו הקב"ה אל תצטער בלוחות הראשונות שלא היו אלא עשרת הדברות לבד, ובלוחות השניים אני נותן לך שיהא בהם הלכות מדרש ואגדות כו' כפלים לתושי'" - האט דעמולט געדארפט זיין עיקר ההדגשה בנוגע צו הוספה אין לימוד התורה?

מוז מען דאך זאגן, אז צוזאמען מיטן אויפטו וואס האט זיך אויפגעטאן אין תורה, האט זיך אויך אויפגעטאן אין דעם ענין התשובה, אז נוסף אויף דעם ענין פון "סלחתי" סתם (וואס דאס איז שוין געווען אין די ארבעים יום האמצעיים, וואס סיומם איז פאר ר"ח אלול), זאל זיין דער ענין פון "סלחתי כדברך", וואס דעמולט איז דאס אין אן אופן פון "בשמחה ובלב שלם".

ג. האמור לעיל (אז בר"ח אלול האט זיך אויפגעטאן סיי אין דעם ענין פון תורה, און סיי אין דעם ענין פון תשובה) איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס מ'זאגט אז פון ר"ח אלול הויבט זיך אן דער ענין פון "אני לדודי ודודי לי"[9]:

נאך "אני לדודי ודודי לי" שטייט "הרועה בשושנים", און אין "הרועה בשושנים" זיינען דא צוויי פירושים: א) "ששונים בתורה"[10], וואס דאס איז פארבונדן מיט די י"ג מדות שהתורה נדרשת בהן, ב) "מה שושנה אית בה תליסר עלין אוף כנס"י אית בה תליסר מכילין דרחמי"[11], וואס דאס זיינען די י"ג מדה"ר, וואס ענינם איז דער ענין התפלה והתשובה, ווי ס'ווערט אראפגעבראכט אין מדרש[12] אז ווען דער אויבערשטער האט געזאגט צו משה רבינו ער זאל זיך איינקוקן און זעהן ווי אזוי דארף זיין "סדר סליחה", איז "ירד הקב"ה מן ערפל שלו כש"ץ שמתעטף בטליתו" און האט געזאגט די י"ג מדה"ר.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בר"ח אלול דארף זיין די עבודה פון רחמים און תשובה, וביחד עם זה דארף אויך זיין דער ענין פון לימוד התורה, וויבאלד אז "שושנים" האט אויך דעם אפטייטש פון "ששונים", דער ענין פון לימוד התורה, דורך די י"ג מדות שהתורה נדרשת בהן.

- ובפרט -

---

8) שמו"ר פמ"ו, א. 9) אבודרהם סדר תפלת ר"ה. פע"ח שער ר"ה פ"א. שה"פ להאריז"ל עה"פ שה"ש ו, ג. 10) זח"ב כ, ב. 11) זח"א בהקדמה א, א. וראה לקו"ת פרשתנו לג, ד. 12) תדבא"ז ספכ"ג. וראה ר"ה יז, ב.

ובפרט ע"פ תורת הה"מ[13] אז די י"ג מדות שהתורה נדרשת בהן זיינען כנגד די י"ג מדה"ר - וואס דערפאר זעט מען אז בשעה משה רבינו האט מתפלל געווען "א-ל נא רפא נא לה"[14] [ווי די גמרא[15] זאגט אז א תפלה קען זיין אפי' א תפלה קצרה, ווי מ'זעט פון תפלת משה "א-ל נא רפא נא לה", וואס דאס איז א תפלה קצרה], האט אים דער אויבערשטער געענטפערט מיט אן ענין פון "קל וחומר"[16], ווארום "א-ל", די מדה הראשונה פון די י"ג מדה"ר, איז פארבונדן מיט דער מדה ראשונה פון די י"ג מדות שהתורה נדרשת בהן, דער ענין פון "קל והומר".

[וואס ביידע ענינים (די ערשטע מדה פון די י"ג מדה"ר, און די ערשטע מדה פון די י"ג מדות שהתורה נדרשת בהן) שטייען אין דעם זעלבן ענין - ע"ד ווי די צוויי פירושים אין "הרועה בשושנים" (דער ענין פון י"ג מדה"ר, און די י"ג מדות שהתורה נדרשת בהן) אז ביידע שטייען אין דעם זעלבן ווארט].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק די הוראה דערפון בנוגע לפועל - אז צוזאמען דערמיט וואס פון ר"ח אלול דארף מען מרבה זיין אין דעם ענין הרחמים והתשובה, וואס דאס איז פארבונדן מיט די י"ג מדה"ר וואס זיינען מאיר בחודש אלול[17] - דארף מען אויך מרבה זיין אין דעם ענין פון לימוד התורה, דורך די י"ג מדות שהתורה נדרשת בהן.

ד. און די שאלה וואס מ'קען פרעגן: ווי אזוי נעמט מען צייט אויף מרבה זיין סיי אין דעם ענין התשובה, און סיי אין דעם ענין פון לימוד התורה - ובפרט לויט ווי געבראכט פריער (ס"ב) פון אחרונים, אז בחודש אלול איז מען ממעט אין לימוד התורה, און מ'גיט אפ דעם זמן אויף דעם ענין פון עבודה התפלה און עבודת התשובה -

איז ע"ד ווי די גמרא[18] זאגט בנוגע צו אכילה בשמית אז "רווחא לבסימא שכיח", אז בשעת דאס איז ביי אים אן ענין פון "לבסימא", ער טוט דאס ברצון ומתוך התענוג, ווערט ביי אים "רווחא", אז ס'ווערט א הרחבה כפשוטו אין כלי העיכול הגשמיים - איז עאכו"כ בנוגע צו ענינים רוחניים, כולל אויך די ענינים רוחניים פון דעם גוף, וואס דאס איז דער ענין פון הבנה והשגה, רער כח השכל.

ובדוגמא ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין דעם דרוש

- פון -

---

13) או"ת מו, ב. וראה ד"ה עשרה שיושבים הרפ"ח ספ"א. 14) בהעלותך יב, יג. 15) ברכות לד, סע"א. 16) ב"ק כה, א. 17) ראה לקו"ת שם לב, א ואילך. 18) עירובין פב, ב. מגילה ז, ב.

פון השמים כסאי[19] (וואס דאס איז התחלה ההפטרה פון שבת ר"ח), אז ס'איז דא דער ענין וואס "נעשה מוחו ולבו זכים אלף פעמים ככה",

וכמדובר כמ"פ[20] אז וויבאלד דער צ"צ[21] ברענגט אראפ אויף דערויף דעם מארז"ל[22] "אלף נכנסים למקרא כו'", איז פארשטאנדיק, אז ער טייטשט אפ "אלף פעמים ככה" כפשוטו, טויזנט מאל אזוי פיל!

וואס אפי' אויב ס'וועט זיין 999 פעמים ככה, וועט מען דאך אויך האבן א הצלחה מרובה אין זמן - אז מ'זאל מצליח זיין אויפטאן אין אן אופן של דיבוי, סיי אין עבודת הרחמים, התשובה והתפלה, און סיי אין דער עבודה פון לימוד התורה, סיי נגלה דתורה, ועאכו"כ פנימיות התורה (וואס איז תורה גופא איז דאס דער חלק וואס פארבינדט תורה מיט תפלה, כמדובר כמ"פ),

און אז מ'וועט דאס אויסנוצן - וועט ווערן פון די 999 פעמים ככה, אלף פעמים ככה, ביז כפשוטו ממש.

ה. ויה"ר אז ס'זאל זיין הצלחה רבה אין אלע עבודות פון חודש אלול, אנהויבנדיק פון ד"ח אלול, וואס ער איז דער ראש פון כל החודש כולו[23], וכאמור, אין אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט חודש אלול, כמדובר כמ"פ[24] די רמזים וואס זיינען דא אויף חודש אלול, בנוגע צו אלע ג' קוין, און אויך דער ענין התשובה. און ס'זאל זיין בהצלחה רבה, למטה מעשרה טפחים, ביז אז מ'וועט דאס זעהן בעיני בשר.

ובקרוב ממש זאל אראפקומען דער ענין פון "סלחתי כדברך" - אין אן אופן ווי ס'איז געווען ביי די לוחות הראשונות (קודם החטא), אז "אין כל אומה ולשון שולטת בהן"[25], און אין דערויף קומט נאך צו דער אויפטו פון די לוחות שניות, אז ס'ווערט "זדונות נעשו לו כזכיות"[26], ניט נאר אז "אין כל אומה ולשון שולטת בהן", נאר אדרבה, זיי זיינען נאך מסייע אידן, בדוגמא ווי די "זדונות" זיינען מסייע און מוסיף אין די "זכיות".

ובקרוב ממש וועט מען מקבל זיין פני משיח צדקנו,

וואס ביי אים זיינען אויך דא די צוויי ענינים:

- א) "משיח -

------------

19) תו"א בראשית א, ב. 20) ראה גם לקו"ש ח"ב ע' 538.
21) אוה"ת בראשית (כרך ו) תתקכו, ב. 22) ויק"ר דפ"ב.
קה"ר פ"ז, כח. 23) ראה עס"ר בחחלתו. לקו"ת תבוא מא, ג.
24) ראה לקו"ש ח"ט ע' 297 ואילך. 25) עירובין נד, א.
26) יומא פו, ב.

א) "משיח אתא לאתבא צדיקייא בתיובתא"[27], דער ענין התפלה והתשובה, ב) דער ענין פון תורתו של משיח, וואס משיח ילמד תורה את כל העם כולו, כולל אויך משה רבינו און די אבות, כמבואר אין די דרושים פון יצי"מ[28].

וכן תהי' לנו בקרוב ממש, אנהויבנדיק פון סעודתא דדוד מלכא משיחא[29] במוצאי שבת קודש זה, וואס דעמולט איז דא דער ענין פון "אל תירא עבדי יעקב"[30], און לויט דעם נוסח פון די וואס זאגן דאס אויך בדיבור - גייט מען דערמיט דורך די אלע כ"ב אותיות התורה,

ביז אז מ'קומט צו "נגילה ונשמחה בך"[31], בך ממש, ע"י עשרים ושנים (ב"ך) אותיות שכתבת לנו בתורה[32], ובעגלא דידן.

* * *

ו. מ'האט גערעדט פריער (ס"ב) אז פון ר"ח אלול הויבן זיך אן די ארבעים יום האחרונים, וואס בסיומם איז געווען די נתינה פון די לוחות האחרונות [ניט נאר לוחות שניות, נאר לוחות האחרונות - בדוגמת הענין פון קדושה שני', וואס קדשה לשעתה וקדשה לעתיד לבוא[33]].

וואס דער ענין ברענגט זיך שוין אראפ אין פסקי הלכות, אנהויבנדיק פון טור, און נאך פאר דערויף אין פדר"א (ווי געבראכט פריער (ס"א)).

און אזוי ווי אין תורה דארף זיין "לאפשא לה"[34], עס דארף צוקומען אין תורה מדור לדור, משנה לשנה, און אפי' מיום ליום - קומט צו דער ענין וואס איז מבואר אין ספרי קבלה[35], אז פון ר"ח אלול זיינען מאיר די י"ג מדה"ר,

און אין דערויף קומט צו דער ביאור וואס דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין לקו"ת פון פרשת ראה[36], נאך דער התחלה אז אני לדודי ודודי לי ר"ת אלול (וואס די התחלה איז דאך אויך פון דעם אלטן רבי'ן)

און דאס איז ארייננגעשטעלט געווארן אין די דרושים

- פון -

---

27) ראה זח"ג קנג, ב. 28) לקו"ת צו יז, א. שער האמונה פנ"ו. רד"ה ונחה עליו תש"ט (סה"מ תש"ט ע' 123).
29) סידור האריז"ל (להר"ש מרשקוב) במקומו. פע"ת סוף שער השבת. 30) ל' הכתוב - ישעי' מד, ב. ירמי' ל, י. ועוד. וראה לקו"ת בלק עב, ב. 31) ל' הכתוב - שה"ש א, ד.
32) שהש"ר פ"א, ד (קרוב לסופו). נתבאר בארוכה בד"ה זה היום די"ב תמוז ש.ז. 33) רמב"ם הל' ביהב"ח פ"ו הט"ו.
34) זח"א יב, ב. 35) ראה מ"ח מס' אלול פ"א מ"ג. פע"ח שכ"ד בתחלתו. 36) לב, ב.

פון פ׳ ראה[37] - וואס דער סדר הדרושים אין לקו"ת איז געמאכט געווארן דורך ממלא מקומו (מיטן גאנצן ביאור וואס איז דא אין דעם תואר "ממלא מקום"[38]), דער צ"צ.

וואס אע"פ אז מ׳ווייסט ניט גענוי ווען דער אלטער רבי האט געזאגט דעם מאמר - איז אבער קרוב לומר אז ער האט דאס געזאגט ווען ס׳זיינען געווען די ביידע זמנים ביחד, דער ענין פון חודש אלול, און דער ענין פון פ׳ ראה -

אז דעמולט געפינט זיך דער מלך בשדה. וואס דורך דעם ביאור ווערט אויפגעטאן א נייער ענין אין דעם כללות הענין פון די י"ג מדה"ר וועלכע זיינען מאיר אין חודש אלול.

ז. וויבאלד אז "המעשה הוא העיקר"[39], ווי גערעדט פריער (ס"ג ואילך) בנוגע לפועל, אז מ׳זאל מרבה זיין סיי אין דעם ענין פון "ששונים בתורה", און סיי אין דעם ענין פון "שושנה אית בה תליסר עלין כו׳", די י"ג מדה"ר, וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין התשובה, "אם יתקע שופר בעיר ועם לא יחרדו"[40], ווי דער טור ברענגט אראפ בנוגע צו התחלת חודש אלול -

איז עד"ז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דער הוספה און (ריכטיקער געזאגט) דער גילוי וואס איז נתגלה געווארן אין פנימיות התורה, אז פון ר"ח אלול הויבט זיך אן די הארה והמשכה והשפעה פון די י"ג מדה"ר, ועד"ז בכל יום פון ימי חודש אלול.

כולל אויך די הסברה בזה פון דעם משל "למלך שקודם בואו לעיר יוצאין אנשי העיר לקראתו ומקבלין פניו בשדה כו׳" - וואס בשעת דער מלך געפינט זיך בשדה, קען יעדערער צוגיין צום מלך, ווארום ס׳זיינען ניטא די שומרי הפתח, עאכו"כ די שומרים פון די פתחים הפנימיים וואס זיינען פאר דעם חדר וואו דער מלך געפינט זיך ווען ער איז בעיר בהיכל מלכותו - און דערפאר איז "רשאין כל מי שרוצה לצאת להקביל פניו".

און וויבאלד אז ס׳זיינען ניטא די אלע סדרים וואס זיינען דא ווען דער מלך געפינט זיך בהיכל מלכותו, איז דער מלך "מקבל את כולם בסבר פנים יפות":

בכלל דארף זיין הנהגת המלך אין אן אופן פון "שום תשים עליך מלך"[41], "שתהא אימתו עליך"[42], און ווי דער רמב"ם

- איז -

---

37) ראה לקו"ש ח"ד ע׳ 1346 הע׳ 23. 38) ראה כתובות קג, ב. רמב"ם הל׳ מלכים פ"א ה"ז. 39) אבות פ"א מי"ז. 40) עמוס ג, ו. 41) שופטים יז, טו. 42) ספרי עה"פ. כתובות יז, א. וש"נ.

איז מבאר אין הל׳ מלכים[43] אז הנהגת המלך דארף זיין אין אן אופן פון רוממות והתנשאות, מיט די אלע פרטים וואס ער רעכנט אוים דארטן; אבער ווען דער מלך געפינט זיך בשדה, איז דער אופן ההנהגה אז ער איז "מקבל אה כולם בסבר פנים יפות".

און די הדגשה איז אז ער איז "מקבל את כולם בסבר פנים יפות", וועגן וועמען ס׳זאל זיך נאר רעדן - וואס אפי׳ ווען ס׳רעדט זיך וועגן א שר, איז פארשטאנדיק, אז הנהגתו בשדה איז ניט בדומה צו הנהגתו ווען ער געפינט זיך אין דעם ארט וואו ער דארף ממלא זיין תפקידו אלס שר, עאכו"כ ווען ס׳רעדט זיך וועגן "אנשי העיר" וואס גייען ארוים אין שדה, ועאכו"כ ווען ס׳רעדט זיך וועגן "אנשי העיר" וואס געפינען זיך אין "שדה" אין אן אופן אז אין זיי איז גארניט ניכר אז זיי זיינען "אנשי העיר" - אעפ"כ, איז דער מלך "מקבל את כולם",

און ער איז "מקבל את כולם בסבר פנים יפות": ניט נאר אז ער איז זיי מקבל אין אן אופן של אימה, "שתהא איכתו עליך", און ניט נאר אז ער איז זיי מקבל אין אן אופן הממוצע (ניט אין אן אופן של אימה, און ניט אין אן אופן של התקרבות יתירה), נאר ער איז זיי מקבל "בסבר פנים יפות", וואס "סבר פנים" באווייזט אויף אן ענין של ההקרבות, און "סבר פנים יפות", באווייזט אויף ההקרבות יתירה.

ביז אז "המעשה הוא העיקר" - ווי ער זאגט אין דעם משל אז "רשאין כל מי שרוצה לצאת להקביל פניו", ובלשון ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו איז מוסיף[44] אין דעם משל, אז "רשאים ויכולים כו׳", כמדובר כמ"פ[45] - און מ׳קען אים דערלאנגען און בעטן ביי אים אלע בקשות.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק דער גודל השינוי - ביז אין אן אופן וואס איז שלא בערך - וואס ווערט אויפגעטאן בר"ח אלול, וואס דעמולט געפינט זיך דער מלך בשדה, וואס דאס הויבט זיך אן בר"ח אלול, און עס ווערט נמשך בכל החודש כולו, כמובן פון דעם דרוש אין לקו"ת.

ח. און אע"פ אז מ׳האט די פארזיכערונג פון "מאן מלכי רבנן"[46] - פון רעם אלטן רבי׳ן, וואס ער האט געזאגט און געהייסן מפרסם זיין און מפיץ זיין, אז דער אויבערשטער וועט זיכער מקבל זיין יעדערן בסבר פנים יפות, און יעדערער קען דערלאנגען בקשות צום מלך וכו׳ -



---

43) פ"ב. 44) סד"ה לך אמר לבי ה׳ש"ת (סה"מ ה׳ש"ת ע׳ 167). 45) שיחת ש"פ נצבים ה׳שי"ת. 46) ראה גיטין סב, סע"א.



הנהה הה׳ בלתי מוגה

איז אבער פארשטאנדיק, אז בשעת מ'פירט זיך ווי ס'דארף צו זיין (עכ"פ ווי ס'דארף זיין "בשדה"), און מ'טוט די עבודה וואס איז פארבונדן מיט חודש אלול - קומט צו א הוספה, ביז צו א הוספה אין אן אופן וואס איז שלא בערך, אין די אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט חודש אלול.

די הוראה דערפון בנוגע לפועל:

ס'איז ניט גענוג דאס וואס ער געפינט זיך בשדה צוזאמען מיטן מלך (און דערמיט זאל ער יוצא זיין), נאר ס'דארף זיין דער ענין פון עבודת התפלה והתשובה, וואס דאס איז פארבונדן מיטן גילוי פון די י"ג מדה"ר, ועד"ז די עבודה פון לימוד התורה, דורך די י"ג מדות שהתורה נדרשת בהן.

ובפרט ע"פ המבואר אין אגה"ת[47] אז דער ענין פון תשו"ע ווערט אויפגעטאן דורך דעם ענין פון לימוד התורה, וואס דורך דעם ווערט דער ענין פון "אתדבקות רוחא ברוחא", "השכל בשכלו וחכמתו ית'", וכמבואר בכ"מ דער קשר צווישן לימוד התורה מיט דעם ענין התשובה (וואס אין כאן המקום להאריך בזה, וויבאלד אז ס'איז א סוגיא עמוקה, און אן ענין בפ"ע).

און דאס איז די הוראה ברורה בנוגע לפועל, אז צוזאמען מיט דער הבטחה אז מ'געפינט זיך בשדה צוזאמען מיטן מלך, און דער מלך איז "מקבל את כולם בסבר פנים יפות", אין וואס פאר א מעמד ומצב דער איש השדה זאל נאר זיין, און יעדערער קען אים דערלאנגען בקשות, און ער נעמט אן די בקשות בסבר פנים יפות,

ביז וואנעט אז "מנהג ישראל" (וואס "תורה הוא"[48]) איז, אז פון ר"ח אלול, איז ווען מ'שרייבט אן אגרת לחבירו, ועגן וואס פאר אן ענין ס'זאל נאר זיין, אפי' וועגן עניני שדה, איז מען מרמז און מ'שרייבט אין דער אגרת דעם ענין פון כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה[49] -

דארף מען אבער אויך האבן די עבודה אין אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט חודש אלול, ווארום ס'איז ניט בדומה צום אויפטו וואס ווערט אויפגעטאן ווען ער מאכט זיך איבער, אז נוסף לזה וואס ער געפינט זיך בשדה און מיטאמאל דערזעט ער דעם מלך, וואס דאס איז א חידוש נפלא איז אן אופן וואס איז שלא בערך, פועל'ט דאס אויך א שינוי אין זיין הנהגה, ביז אין אן אופן אז ער פאסט זיך צו צום מלך, עכ"פ ווי דער מלך געפינט זיך בשדה, ניט מיטן גאנצן שטורעם

- און -

------------

47) פ"ט. 48) תוד"ה נפסל - מנחות כ, ב. 49) מט"א סתקפ"א ס"ט (מלקוטי מהרי"ל).

און גילוי ווי ער געפינט זיך בהיכל מלכותו – וואס דעמולט זיינען אלע ענינים פון חודש אלול אין אן אופן נעלה ביותר, ביז אין אן אופן וואס איז שלא בערך.

ט. האמור לעיל איז פארבונדן במיוחד מיט דעם ענין החינוך:

אויב מ'דארף האבן דעם ענין החינוך ביי יעדער מענטשן ובנוגע לכל עניניו – איז עאכו"כ אז מ'דארף האבן דעם ענין החינוך ווען מ'קומט צו ר"ח אלול, וואס דעמולט ווערט אויפגעטאן אזא שינוי, אז דער מלך געפינט זיך בשדה;

בכל השנה כולה, ביז צו ער"ח אלול, געפינט זיך דער מלך בהיכל מלכותו, ס'איז מערניט וואס בשעת התפלה ווערט דער מלך נתגלה, ווי דער אלטער רבי איז מבאר בארוכה אין אגה"ק[50], אז בשעת התפלה איז "עלה ברצונו להתגלות לכל, והעביר קול בכל מלכותו להקהל ולעמוד לפניו להראותם כבוד מלכותו ויקר תפארת גדולתו", אבער ביז תפלה לתפלה, ווען ס'איז דא דער ענין פון "הנהג בהם מנהג דרך ארץ"[51], און אפי' ווען ער לערנט תורה, געפינט זיך דער מלך בהיכל מלכותו,

ווען ס'קומט אבער דער ערשטער רגע פון ר"ח אלול, דערזעט ער אז דער מלך געפינט זיך (בשדה) על ידו, ביז אז אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן "הנהג בהם מנהג דרך ארץ", און "כל מעשיך יהיו לשם שמים", און "בכל דרכיך דעהו"[52], זעט ער אין די אלע ענינים ווי דער מלך שטייט לעבן אים, און איז "מקבל את כולם בסבר פנים יפות".

וואס דערפון איז דאך פארשטאנדיק, אז ער דארף זיך מחנך זיין צו דעם אופן העבודה ווי דאס איז ווען דער מלך געפינט זיך בשדה, וויבאלד אז ס'ווערט אויפגעטאן א שינוי אין אן אופן וואס איז שלא בערך.

און אפי' די וואס האבן געוואוסט דערפון פון פריער, און האבן זיך מתבונן געווען אין דעם וכו' – איז ווען ס'קומט דער טאג פון ר"ח אלול, דארפן זיי זיך מחנך זיין צו דעם ענין:

ס'שטייט[53] "אל יתהלל חוגר כמפתח", ולדוגמא: ווען מ'לערנט זיך שווימען זייענדיק אויף דער יבשה, איז אפי' אז ער מאכט אלע תנועות מיט די הענט און מיט די פיס, איז דאס שלא בערך צום לערנען זיך שווימען אין וואסער, ועד"ז אויך בנדו"ד:

- ווען -

---

50) סכ"ד (קלז, ב). 51) ברכות לה, ב. 52) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו. וראה רמב"ם הל' דעות ספ"ג. טושו"ע או"ח סרל"א. 53) מ"א כ, יא.

וועז מ'האלט פאר ר"ח אלול, און ער איז זיך מחנך און שטעלט זיך פאר בציורו ווי עס זעט אוים דער מלך בשדה, און דאס איז ביי אים מיט א וודאות גמורה, ווארום ער ווייסט אז אזוי האט געזאגט דער אלטער רבי - איז דאס אבער שלא בערך צום אופן החינוך אין דעם ענין נאך דערויף ווי ס'האבן זיך אנגעהויבן די רגעים פון חודש אלול, וואס דעמולט געפינט זיך דער מלך בשדה, על ידו, צוזאמען מיט אים.

י. און דאס וואס ער מאכט א שטורעם אז בעיני בשר זעט ער דאס ניט און פילט דאס ניט, ער דארף א קוק טאן אין לקו"ת, און ער דארף האבן א ביאור והסברה ע"ז, און ער דארף נוצן דעם כח האמונה וכו' -

איז בנוגע צו אלע ענינים כיו"ב, זאגט די גמרא[54] (און עס ווערט אראפגעבראכט אין ספרי מוסר און ספרי חסידות בנוגע לפועל, ביז אויך אין תניא קדישא[55]) אז "אע"ג דאיהו לא חזי מזלי' חזי", אז דאס איז אין אן אופן של ראי' (עס איז טאקע בלשון תרגום, אבער דאס איז דער תרגום פון ראי').

און דער פירוש פון "מזלי' חזי" איז - ניט אז דאס פועל'ט נאר אין דעם עולם וואו דער "מזל" געפינט זיך, און עס קומט ניט אראפ למטה, אין דעם ראש גוף ורגל, נאר דאס פועל'ט אויך דא למטה, אז "חרדה גדולה נפלה עליהם"[56].

און מה-דאך אז דער ענין פון "מזלייהו חזו" האט גע'פועל'ט אז "חרדה גדולה נופלת עליהם", אפי' וועז ביי זיי איז ניט געווען קיין הסברה וועגן וואס עס רעדט זיך (ווי ס'איז פארשטאנדיק פון פשטות הכתובים והענין), איז דאך עאכו"כ וועז ס'רעדט זיך וועגן אן ענין אויף וועלכן מ'האט א הסברה, און א הסברה אין חסידות חב"ד, וואס די וויל אז מ'זאל אראפטראגן יעדער ענין אין חכמה בינה ודעת, אין הפיסה און הבנה והשגה פון שכל, און מ'האט די הסברה נאך קודם ר"ח אלול - איז א זיכערע זאך אז דאס קומט אראפ בפועל ממש (אע"פ אז בעיני בשר זעט מען דאס ניט),

אז פון דעם "מזלייהו חזו" זאל דאס אראפקומען ניט נאר אין דעם וואס "חרדה גדולה נפלה עליהם", נאר אראפקומען אין מחשבה דיבור ומעשה - וואס דעמולט איז ער זיך מחנך בכל רגע ובכל שעה צו די רגעים ושעות הבאים לאח"ז, אז ער זאל אויפ-נעמען דעם מלך כדבעי, און עכ"פ ווי מ'דארף אויפנעמען דעם מלך וועז ער געפינט זיך בשדה.

- יא. -

------------

54) מגילה ג, א. וש"נ. 55) פכ"ג (כט, א). פכ"ד (ל, ב).
56) דניאל י, ז.

יא. די הצלחה אין דעם ענין פון חינוך עצמו (וואס בר"ח אלול איז א הכרח גמור צו טאן אין חינוך עצמו, וויבאלד אז עס ווערט אזא שינוי במעמדו ומצבו, כמובן פון דעם משל פון דעם אלטן רבי'ן, כנ"ל בארוכה) - איז פארבונדן מיט ברכת ה' (אזוי ווי אלע ענינים של הצלחה), וואס ברכת ה' איז דאך אין אן אופן פון "מדה כנגד מדה"[57], כמרז"ל[58] "נפשו של עני כו' והחיית אותו כו'" -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דורך דעם וואס מ'טוט אין חינוך זולתו, האט מען מער הצלחה אין חינוך עצמו - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'דארף צוקומען יתר שאת ויתר עז אין דעם ענין פון "מבצע חינוך", סיי בנוגע לעצמו, און סיי בנוגע לזולתו.

און וויבאלד אז מ'וויל אז ס'זאל זיין (ניט נאר "אין כל אומה ולשון שולטת בהן", נאר אדרבה) "אהפוך אל עמים שפה ברורה גו' לעבדו שכם אחד"[59], וואס דעמולט קומט דאס גלייך ארוים אין דעם ענין פון "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך"[60], און ווי מ'זאגט אין דער הפטרה פון שבת ר"ח[61] "והביאו את כל אחיכם מכל הגוים מנחה לה' בסוסים וברכב גו' ובכרכרוה גו'", אז אלע שבעים אוה"ע וועלן טראגן יעדער אידן און אלע אידן צו דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בעגלא דידן - דארף מען אויך טאן אין דעם חינוך פון אוה"ע.

ויה"ר אז כל ענינים אלו זאלן זיין למטה מעשרה טפחים, ובקרוב ממש.

יב. און פון "מבצע חינוך" זאל דאס אויך אראפקומען אין שאר המבצעים: "מבצע אהבת ישראל", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'", "מבצע נרות שבת קודש", "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה",

ביז צו דעם מבצע וואס איז כולל אלע מבצעים - אז בקרוב ממש וועט זיין דער קיום היעוד פון דער הפטרה "והביאו את כל אחיכם מכל הגוים גו' בכרכרות", מיט אלע פרטים וואס ער רעכנט אויס אין דער הפטרה, ביז אז ס'וועט זיין "והיו מלכים אומניך ושרותיהם מניקותיך",

- און -

---

57) סוטה ח, ב. ט, ב במשנה. פס"ז עה"פ שמות ג, ו. 58) תנחומא משפטים טו. 59) צפני' ג, ט. 60) ישעי' מט, כג. 61) שם סו, כ.

און מ'וועט גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, במהרה בימינו ממש.

* * *

יג. האמור לעיל וועגן דעם ענין החינוך, קומט אויך בהמשך צו דעם וואס כו"כ האבן זיך שוין אפגערופן, און האבן מודיע געווען וועגן זייערע פעולות אין "מבצע חינוך" אין די ימים שעברו, ובפרט נאך דער התוועדות האחרונה[62] וואס דעמולט האט זיך גערעדט וועגן "מבצע חינוך", אז נוסף אויף חינוך עצמו און חינוך הזולת, זאל מען אויך זעהן אז דאס זאל נתפרסם ווערן בכל המדינה כולה, כולל אויך בכל הפלך כולו, בכל העיר כולה, בכל השכונה כולה, ובכל הבית כולו.

וואס אין דערויף איז דא נאך א נקודה (כאטש מ'האט דאס נים מדגיש געווען אין דער פריערדיקער התוועדות):

אזוי ווי מ'דארף דאך האבן אז ס'זאל דערגרייכן לכל אחד ואחת מבנ"י - איז לע"ע דער מעמד ומצב אז ס'זיינען דא אזוינע אידן וואס אע"פ אז זיי זיינען בני אברהם יצחק ויעקב און בנות שרה רבקה רחל ולאה, איז אבער מאיזה סיבה שתהי' (לפעמים - א סיבה שונה ומשונה) קען אמאל זיין אז די וועג אויף צוקומען צו זיי איז, דורך דערויף וואס ס'וועט זיין א הכרזה ופרסום און א הצעה ובקשה פון הנהלת הנהגת השכונה, העיר, הפלך והמדינה, וואס דוקא דער ענין וועט אויף אים מאכן א רושם, ביז וואנעט אז ביי אים וועט ווערן א שינוי עיקרי בנוגע לפועל.

און אויך - דורך דערויף ווערט די גאנצע וועלט צוגעגרייט צו דעם ענין פון "לתקן עולם במלכות ש-ד-י", וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם וואס אוה"ע זיינען מקיים זייערע שבע מצוות ב"נ - ווי גערעדט אין דער פריעדדיקער התוועדות בארוכה[63], אז דער רמב"ם פסק'נט אין הל' מלכים[64] אז ס'איז דא א חיוב אויף אידן זיי זאלן טאן כל התלוי בהם אז אוה"ע זאלן מקיים זיין שבע מצוות ב"נ, מיט אלע זייערע סעיפים והסתעפויות וכו'.

וואס דערפאר איז מוכרח אז די התעוררות אויף דעם ענין החינוך זאל קומען פון דער הנהגה כללית פון כל המדינה, און דערנאך - כדי ס'זאל זיין מער קרוב צו פועל - דארף דאס קומען פון דער הנהגה כללית פון דעם פלך, און דערנאך פון דער עיר, און דערנאך פון יעדער שכונה.

יד. ובנוגע לפועל:

- מ'דארף -

62) כ"ף מנ"א סי"ח ואילך. 63) שם ס"ג. 64) ספ"ח.

מ׳דארף דאך האבן אז יעדער איד זאל מחנך זיין בניו ובנותיו אין דער וועג פון אידישקייט, וואס "הם חיינו ואורך ימינו", לויט דער וועג פון "תורת אמת", וואס צוזאמען דערמיט איז די אויך "תורת חיים" - בדוגמא וביתר שאת ווי מ׳דארף דאס האבן אויך בנוגע צו דעם ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה", אז בסוף דבר זאל אנקומען צו יעדער אידן אויך די ענינים פון פנימיות התורה, "נשמתא דאורייתא"[65] - דארף מען איצטער טאן אין די אלע ענינים בזריזות הכי גדולה.

און ווי גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[66] דעם פי׳ פון רבותינו נשיאינו אויף "והי׳ עקב תשמעון", אז וויבאלד מ׳האלט שוין אין "עקב", אין אחרית הימים, עקבתא דמשיחא, איז א זיכערע זאך אז ם׳וועט זיין "תשמעון גו׳ ושמרתם ועשיתם", סיי אין מחשבה, סיי אין דיבור, און סיי אין מעשה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויף וויפל ס׳איז נוגע אין דערויף דער ענין הזריזות, מיט אלע לשונות וואס דער אלטער רבי זאגט אויף דערויף אין אגה"ק שלו הידועה סימן כ"א (ווי חסידים זאגן אויף דערויף אז דאס איז די אגה"ק וואס איז "אב טוב לישראל"[67]), ביז וואנעט אז "זריזותי׳ דאברהם אבינו ע"ה היא העומדת לעד לנו כו׳".

טו. און וויבאלד אז אין הזמן גרמא אז מ׳זאל יעדערן באזונדער מאשר זיין און מודיע זיין אז זיין הודעה איז אנגעקומען וכו׳; מ׳דארף דאס אבער טאן כדי אז מ׳זאל ניט לערנען אין דערויף כמה פשטים (און צוליב א געוויסע סיבה האט מען דאס ניט געזאגט אין דער התוועדות הקודמת) -

איז מען איצטער מודיע אז מ׳זאל ניט ווארטן ביז וואנעט מ׳וועט מאשר זיין יעדער הודעה באזונדער, און אפי׳ ניט ווארטן ביז מ׳וועט דאס מאשר זיין באופן כללי.

ובפרט אז מ׳האפט אז דאס וועט געטאן ווערן דורך א ריבוי אנשים ונשים בכמות, נוסף אויף דעם ריבוי באיכות - וואס דעמולט איז נוסף לזה וואס אין הזמן גרמא מאשר זיין יעדערן באזונדער, איז אויך ניט נוגע אז מ׳זאל מאשר זיין, וויבאלד אז די ענינים וועלן געטאן ווערן מיט א ריבוי באיכות.

און דערפאר רעדט מען איצטער וועגן דעם - כדי צו מודיע זיין אז אלע הודעות וועגן די פעולות וכו׳ - זיינען אנגעקומען.

טז. מ׳האט אויך באמערקט אז, ליידער, זיינען נאך דא די

- וואס -

---

65) זח"ג קנב, א. 66) ד"ה והי׳ עקב דמוצאי ש"פ עקב.
67) ל׳ הכתוב - תהלים עג, א.

וואס האבן ניט מודיע געווען וועגן זייערע פעולות -

וואס לכאו׳, קען מען האבן אויף זיי א לימוד זכות, אז זיי זיינען ניט מודיע וועגן זייערע פעולות מצד דעם ענין פון "הצנע לכת עם אלקיך"[68]. וואס לויט דער נבואה פון מיכה איז פארשטאנדיק אז דאס איז אן עיקר אין הנהגת האדם.

ס׳איז אבער פארשטאנדיק בפשטות, אז וויבאלד מ׳שטייט אין דעם זמן פון "והי׳ עקב תשמעון", מ׳געפינט זיך אין עקבתא דמשיחא, און מ׳דארף נאר פארענדיקן פוצן די קנעפלאך (בלשון הידוע פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[69]), און מ׳דארף דאס טאן בזריזות, כדי אז דער ענין פון "אחישנה"[70] (די יציאה פון דעם גלות) זאל זיין בזריזות - איז דעמולט נוגע אז יעדערער זאל מודיע זיין וועגן זיינע פעולות:

מ׳זעט בפועל אז בשעת ער פארבייגט אויף זיין "הצנע לכת", און ער נעמט אויף זיך א התחייבות אז ער מוז מודיע זיין (עכ"פ בחשאי) וועגן זיינע פעולות (ניט ווארטנדיק אויף קיין אישור, און אויף קלאפן אויפן פלייצע און געבן א "מעדאל" וכו׳) - איז דאס אים מזרז אז ער זאל טאן נאכמער ווי ער וואלט געטאן בלאה"כ, ווארום ער ווייסט אז דערנאך וועט ער דאס דארפן אנשרייבן שחור ע"ג לבן, דארף דאס זיין אין אן אופן אז ער זאל זיך ניט שעמען מיט "אבנא דהוא מהגושע"ג, אז בשעה ער וועט מודיע זיין וועגן זיינע פעולות, זאל דאס זיין לפ"ע די יכולת וואס מ׳האט אים געגעבן אויף צו טאן אין דעם:

משא"כ אבער ווען ער טוט מלכתחלה בשלימות און מיטן גאנצן כוכל, ער איז אבער ניט מודיע וועגן דעם - זעט מען בפועל (און ידע איניש בנפשי׳) אז דערנאך ווען ער ווערט צוגעוואוינט בזה, פעלט אים אין ריבוי הזריזות (אדער אז ס׳פעלט אים די זריזות בכלל) אויף צו ממשיך זיין אין די פעולות.

און דאס איז ניט קיין ענין וואס מ׳וויל מעט זיין בדכוהו ח"ו. אדער טשעפען זיך מיט איימיצן - נאר מ׳געפינט דאס אין תורה, כידוע דער מארז"ל[72] הנפלא [וואס וויבאלד אז דאס שטייט אין הורה. עכ"פ אין תושבע"פ, איז דאס אן ענין של הוראה[71]] אז "אלו הי׳ ראובן יודע שהקב"ה מכתיב עליו כו׳ הי׳ טוענו בכתפו ומוליכו אצל אביו".

- וואס -

------------

68) מיכה ו, ח. 69) בשיחה שמח"ת תרפ"ט. 70) ל׳ הכתוב - ישעי׳ ס, כב. וראה סנהדרין צח, א. 71) מדרש תהלים (הוצאת באבער) עה"פ יט, א. 72) ויק"ר פל"ד, ח. רו"ר פ"ה, יד [ו] בסופו. 73) ראה זה"ג נג, ב.

וואס דא רעדט זיך וועגן ראובן בכור יעקב, וואס ער איז געשטאנען אין א מעמד ומצב פון "שקו ותעניתו"[74] - און אעפ"כ זאגט מען אז ס'איז דא א חילוק אין זיין הנהגה ווען מ'מאכט דערפון א פרסום, אדער ווען ס'איז ניטא קיין פרסום -

איז עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן אנשים כערכנו, אין דעם דור פון עקבתא דמשיחא - איז א זיכערע זאך אז בשעת ער נעמט אויף זיך א התחייבות אז מזמן לזמן מוז ער מודיע זיין וואס ער האט אויפגעטאן אין הפצת היהדות והמעיינות, און וואס ער האט אויפגעטאן אין "מבצע חינוך" בפרט,

און דערנאך וועט ער דאך וועלן אז ער זאל נים פארשעמט ווערן בעיני עצמו דערפון וואס די הודעה וואס ער איז מודיע שטעלט זיך אויס מערניט ווי אין איין שורה, צוויי אדער דריי שורות, בשעת ער האט געדארפט האבן שלא בערך מער פעולות -

וועט ער דעמולט אויסנוצן די צייט שלא בערך מער ווי ער וואלט דאס אויסגענוצט נים האבנדיק אויף זיך די ההלטה אז מזמן לזמן מוז ער ארייננשרייבן א דין וחשבון פון די ענינים וואס ער האט אויפגעטאן בפועל.

יז. וכמדובר כמ"פ אז די הצטדקות בזה אז דעמולט וועט זיך ארייננמישן אן ענין פון שלא לשמה וכו' - דארף מען בוהן זיין פון וועלכן צד קומט די טענה. וכידוע דער סיפור מיט ר' נהום סטערנאבעלער, וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט דאס דערציילט און געהייסן אפדרוקן[75], כדי אז מ'זאל זיך דערפון אפלערנען.

און דער עיקר איז: ווען ס'רעדט זיך וועגן טובה הזולת, אז דער צווייטער זאל באקומען א חינוך כדבעי, עאכו"כ ווען מ'קען נאך אויפטאן דעם ענין החינוך פון א גאנצע שכונה, א גאנצע שטאט, א גאנצן פלך, אדער די גאנצע מדינה - איז קיין נפק"מ נים (בנוגע צום זולה) צי ער טוט דאס לשמה אדער שלא לשמה (ובדוגמא צו שאר עניני טוב וואס מ'טוט מיטן זולה, אז אים איז ניט נוגע צי דאס איז געטאן געווארן לשמה אדער שלא לשמה, אבי אז ער האט באקומען די טובה).

וואס דערפאר זאגט מען[76] אז ס'זיינען דא די דריי מצוות הידועות, וואס דארטן איז ניט נוגע צי ס'איז געטאן געווארן לשמה אדער שלא לשמה, ועד"ז בנוגע צו מצוה הצדקה, ווארום לגבי דעם עני איז קיין נפק"מ ניט וואס איז געווען זיין

- כוונה -

---

74) ב"ר פפ"ד, יט. פרש"י עה"פ וישב לז, כט. 75) לקו"ד כרך ג חטז, ריש ע"ב ואילך. 76) שו"ת עונג יו"ט או"ח סי"ט בסופו (הובא בשד"ח מערכת מ' כלל סח).

כוונה, אבי אז די זאך האט זיך אפגעטאן[77];

ואדרבה, בשעת דער נותן וויל האבן דערפאר מער עוה"ב, און דערפאר וויל ער דאס מאכן אין אן אופן של "הצנע לכת" - איז אויב צוליב דערויף וועט סוכ"ס פעלן א פרוטה אין דעם מנה וואס ער גיט דעם עני, פעלט דאך ביים עני די פרוטה!

און ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו א טובה בגשמיות, איז עד"ז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו א טובה ברוחניות, ואדרבה, דארטן איז דאס נאך ביתר שאת וביתר עז.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אויף וויפל ס'איז נוגע אז יעדערער זאל מתליט זיין אז מזמן לזמן מוז ער מודיע זיין וועגן זיינע פעולות.

יח. וכאמור לעיל (סט"ו) אז לכל לראש איז דאס דער אישור און נתינת תודה, מיט א יישר-כח, מיט אלע לשונות ועניינים וואס דארפן זיין אין דערויף - צו די וואס האבן גורם געווען דעם קורת רוח דורך זייער הודעה פון זייערע פעולות ביז איצטער,

בתוספת איחולים וברכות ונתינה כח, מיט אלע עניינים וואס דארפן זיין דערביי - אז ס'זאל זיין "מי שיש לו מנה רוצה מאתים"[78], אז נאך דעם וואס מ'האט געזעהן אז דורך דער השתדלות וואס מ'האט געהאט במשך פון איין טאג אדער צוויי טעג, האט מען שוין דערגרייכט צו א "מנה". זאל מען זיך ניט אפשטעלן, נאר ס'זאל זיין דער "רוצה מאתים", וויסנדיק אז "מי שיש לו מאתים רוצה ד' מאות" וכו'.

ובנוגע לפועל מיינט מען בפשטות - אז כל זמן ס'איז דא אן איין און איינציקער אידיש קינד וואס דערווייילע באקומט ער ניט קיין חינוך על טהרה הקודש, און אפי' ניט קיין חינוך הכשר, איז אויף יעדערן מוטל דער חוב און דער זכות, און מ'גיט יעדערן דעם כח ער זאל טאן ווייטער אין דעם עניין החינוך, כדי אז דער קינד זאל אויך נכלל ווערן אין דעם עניין פון חינוך על טהרת הקודש.

און וויבאלד אז מ'האלט אין "והי' עקב תשמעון", אין עקבתא דמשיחא, און מ'דארף דאך פועל'ן בכל העולם כולו, ביז אז ס'וועט זיין "אהפוך אל עמים שפה ברורה גו' לעבדו שכם אחד" - דארף מען דערצו האבן די התעוררות וועגן דעם עניין החינוך פון כל עמי הארץ בנוגע צו שבע מצוות דידהו (כלשון הגמרא[79]).

- און -

------------

77) ראה לקו"ש חצא תשל"ז ס"ז ובהנסמן שם. 78) ראה קה"ר פ"א, יג. פ"ג, י. בחיי ס"פ חיי שרה. 79) סנהדרין נט, רע"א.

און דעמולט ווערט נצטרף דער מעשה אחד, דיבור אחד און מחשבה אחת, של כל אחד ואחת, און דערפון ווערט א חשבון גדול,

און דאס בדענגט דעם "גדול הוי' ומהולל מאד בעיר אלקינו"[80], בכל העולם כולו, ביז "בעיר אלקינו" כפשוטו - אין ירושלים עיה"ק, בביאת משיח צדקנו, בקרוב ממש.

* * *

יט. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה השמים כסאי גו'.

* * *

כ. כרגיל צו אפלערנען אן ענין אין פרש"י אויף פרשת השבוע, אדער שטעלן זיך אויף אן ענין וואס רש"י איז ניט מבאר - וואס וויבאלד אז רש"י[81] זאגט "אני לא באתי אלא לפשוטו של מקרא", און דארטן וואו רש"י ווייסט ניט דעם פירוש אין פשש"מ, זאגט ער "לא ידעתי"[82] - איז פארשטאנדיק, אז דארטן וואו רש"י זאגט ניט "לא ידעתי" (און ער איז דאס אויך ניט מפרש), דארף מען זאגן אז רש"י באווארענט דאס (אדער על אתר, אדער לפנ"ז), אדער אז לשיטת רש"י איז אין פשש"מ מלכתחלה ניטא די גאנצע שאלה.

אין פרשת שבוע זה איז דא א תמיהה גדולה:

אין דער פרשה[83] איז דא אן אריכות גדולה בנוגע צו די סימני טהרה פון בהמות וחיות, אז ס'דארף זיין "מפרסת פרסה" און "מעלת גרה"[84], ועד"ז בנוגע צו סימני דגים, אז ס'דארף זיין "סנפיר וקשקשת"[85] - ווען מ'קומט אבער צו עופות, שטייט ניט אין פסוק קיינע סימנים.

וואס לכאו', בשעת דער בן חמש למקרא זעט אז אויף אלע זאכן זאגט די תורה סימני טהרה, ווערט ביי אים א קושיא: פארוואס זאגט ניט די תורה סימנים ביי עופות?

עד"ז אין פ' שמיני[86] זאגט די תורה די סימני טהרה פון בהמות וחיות, ועד"ז די סימני טהרה פון דגים[87], ועד"ז די סימני טהרה פון "שרץ העוף ההולך על ארבע"[88] - משא"כ בנוגע צו עופות זאגט ניט די תורה קיינע סימנים.

וואס בשעת מ'האלט אין פ' שמיני, איז די קשיא (פארוואס זאגט ניט די תורה קיין סימני טהרה ביי עופות)

- ניט -

------------

80) תהלים מח, ב. 81) עה"פ בראשית ג, ח. ועוד.
82) ראה בהנסמן בלקו"ש ח"ה ע' 1 שוה"ג הא' להע' 2.
83) יד, ד ואילך. 84) שם, ו. 85) שם, ט. 86) יא, ג ואילך. 87) שם, ט ואילך. 88) שם, כא.

ניט בשלימותה, ווארום מ׳האט נאך ניט געלערנט פ׳ ראה, קען זייך אז דאס וועט נתפרש ווערן אין פ׳ ראה,

[און ווי מ׳זעט טאקע אז אין פ׳ ראה קומט צו א הוספה לגבי פ׳ שמיני, אז אין פ׳ שמיני[89] שטייט "ואת הדאה ואת האי׳ למינה", און אין פ׳ ראה[90] שטייט "והראה ואת האי׳ והדי׳ למינה" - טייטשט אפ רש"י[91] "היא ראה היא אי׳ היא די׳ . . ולמה הזהירך בכל שמותי׳ שלא ליתן פתחון פה לבעל דין לחלוק שלא יהא האוסרה קורא אותה ראה והבא להתיר אומר זו די׳ שמה או אי׳ שמה וזו לא אסר הכתוב", ד.ה. אז אין פ׳ ראה קומט צו א פרט וואס שטייט ניט אין פ׳ שמיני];

ווען מ׳קומט אבער צו פ׳ ראה, און מ׳זעט אז דארטן זאגט אויך ניט תורה סימני טהרה פון עופות, ווערט א קשיא ביים בן חמש למקרא: ווי קומט דאס אז אויף אלע זאכן זאגט תורה סימני טהרה, מ׳זאל וויסן וואס מ׳מעג עסן און וואס מ׳טאר ניט עסן, און ביי עופות זאגט ניט די תורה קיינע סימנים? און רש"י באווארענט ניט די קשיא?

לכאו׳ וואלט מען געקענט זאגן אז אין פשוטם של כתובים זיינען ניטא קיין סימני טהרה ביי עופות (מערניט וואס תורה זאגט אז די עופות טאר מען ניט עסן) -

אבער רש"י ווייסט דאך פון דער משנה אין חולין[92] וואס דארטן שטייט: "סימני העוף לא נאמרו, אבל אמרו חכמים כל עוף הדורס טמא, כל שיש לו אצבע יתירה וזפק וקורקבנו נקלף טהור", ד.ה. אז ביי עוף זיינען אויך דא סימני טהרה, ס׳איז מערניט וואס "לא נאמרו";

איז ע"ד ההלכה איז קיין קשיא ניט פארוואס "סימני העוף לא נאמרו", ווארום ס׳זיינען דא כו"כ ענינים וועלכע שטייען ניט אין תושב"כ נאר זיינען נתפרש געווארן אין תושבע"פ - אבער ווען מ׳לערנט פשוטו של מקרא, ווערט א קשיא: פונקט ווי ס׳זיינען דא סימני טהרה אויף בהמות וחיות וכו׳, דארפן אויך זיין סימני טהרה ביי עופות? דארף דאך רש"י באווארענען די קשיא, ווארום אויב דער בן חמש למקרא וועט פרעגן די קשיא, קען אים רש"י ניט זאגן אז ביי עופות זיינען ניטא קיין סימנים, וויבאלד אז די משנה זאגט אז ס׳זיינען יע דא סימנים ביי עוף.

מוז מען דאך זאגן אז לשיטת רש"י איז דאס מלכתחלה קיין קשיא ניט - וואס לכאו׳ צריך הדבר ביאור.

- כא. -

------------

89) שם, יד. 90) שם, יג. 91) עה"פ ראה שם. מחולין סג, סע"א ואילך. 92) נט, א.

כא. בנוגע צו די הערות פון סאטן אויפן זהר - איז אויף דער סדרה זיינען ניטא קיין הערות.

מ'האט אבער געפרעגט בנוגע צו דעם פירוש וואס האט זיך גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[93] אין די דריי לשונות פון זהר[94] "לארקא ולאמשכא ולאנהרא", וואס דאס גייט אויף די ג' אותיות פון יו"ד (י, ו, ד) - האט מען געפרעגט אויף דערויף בארוכה, אז אין א צווייטער געלעגנהייט איז נתבאר געווארן אז דאס איז ווי זיי שטייען אין אן אופן של גילוי[95], און דא האט זיך גערעדט ווי זיי (בינה ודעת) זיינען כלול אין חכמה.

איז כמדובר כמ"פ אז אויב מ'וואלט ניט געסארט מוסיף זיין אין יעדער התוועדות נאך א פירוש לגבי דעם פירוש וואס האט זיך גערעדט אין א פריערדיקע התוועדות - וואלט מען געדארפט מערנים ווי איבער'חזר'ן די ענינים הישנים,

[און דעמולט וואלט מען געשלאפן נאכמער ווי מ'שלאפט איצטער, ווארום מה-דאך אז מ'שלאפט וועט מ'זאגט א דבר הדש, איז וועט מ'וואלט מערנים ווי איבערגע'חזר'ט דאס וואס מ'האט שוין געזאגט אין א פריערדיקע התוועדות, וואלט די שינה געווען א שינה עמוקה, און א הרדמה הכי גדולה].

און מ'זעט אז דער סדר פון מבאר זיין מערער ווי איין פירוש, איז א סדר וואס איז אנגענומען אין תורה:

ס'איז דא א איד וואס האט געמאכט א ספר "מגלה עמוקות" (וואס ער האט געמאכט עטליכע ספרים וואס הייסן "מגלה עמוקות"), און דארטן זיינען דא רנ"ב אופנים אויף "ואתחנן", און ער האט אויך געשריבן א חיבור וואס איז כולל טויזנט פירושים אויף דעם אל"ף זעירא פון "ויקרא"[96] - ניט קיין צוויי פירושים נאר טויזנט פירושים! און אעפ"כ מאכט קיינער ניט קיין געוואלד דערפון.

וואס ער איז טאקע געווען א "מגלה עמוקות", און דארטן זיינען דא דברים נפלאים מיט א קיצור נמרץ - וואס דערפאר ווערט ער פארעכנט פון די גרויסע מקובלים, און אויך פון די בעלי נגלה וכו', וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

אבער אעפ"כ, דארף מען האבן א ביאור וואס איז דער חילוק צווישן דעם ביאור וואס מ'האט גערעדט אמאל, מיטן ביאור וואס מ'האט גערעדט בשבת שעברה. וכפי שיתבאר לקמן.

- כב. -

------------

93) מוצאי ש"פ עקב סל"ו. 94) ח"ג רעא, א. 95) ראה לקו"ש ח"ט ע' 267. 96) שם הגדולים (להחיד"א) בערכו. סדה"ד בערכו.

כב. בנוגע צו א משנה אין פרקי אבות פון שבת זו - לויט דעם וואס דער אלטער רבי ברענגט אראפ בסידורו אז "יש נוהגין" לערנען פרקי אבות "בכל שבתות הקיץ" - איז דא די משנה[97] "עשרה נסים נעשו לאבותינו בבית המקדש וכו'".

ווען די משנה רעכנט אויס די אלע עשרה נסים, איז די משנה מסיים די לעצטע צוויי נסים: "ולא הזיק נחש ועקרב בירושלים, ולא אמר אדם לחבירו צר לי המקום שאלין בירושלים".

וואס לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: די משנה הויבט אן מיט "עשרה נסים נעשו לאבותינו בבית המקדש", און זי פירט אויס מיט נסים וואס זיינען געווען אין "ירושלים" ("ולא הזיק נחש ועקרב בירושלים, ולא אמר אדם לחבירו צר לי המקום שאלין בירושלים")?

די קשיא פרעגט די גמרא אין יומא[98], וואס דארטן ווערט אראפגעבראכט די משנה, און די גמרא פרעגט: "פתח במקדש וסיים בירושלים"? און די גמרא ענטפערט: "איכא תרתי אחרנייתא במקדש כו'".

וואס בשעת מלמדים לערנען די משנה מיט קינדער, און איינער פון די קינדער פרעגט די קשיא "פתח במקדש וסיים בירושלים" - זאגט אים דער מלמד אז דאס איז א קשיא חזקה, די גמרא פרעגט די קשיא, און די גמרא ענטפערט כך וכך.

באמת איז אבער דער גאנצער צוגאנג צום אופן פון לימוד המשניות ניט קיין ריכטיקער - ווארום:

בשעת ס'איז דא אן ענין וואס איז נוגע אין פירוש פשט המשנה, וואס אנדערש קען מען ניט לערנען די משנה, דארפן דאס מפרשי המשנה באווארענען. וכמדובר כמ"פ בנוגע צו פרש"י עה"ת, אז וויבאלד רש"י איז מפרש פשוטו של מקרא, דארף ער באווארענען אלע ענינים וואס זיינען ניט פארשטאנדיק אין פשש"מ, ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו מפרשי המשנה.

איז בשעת ס'רעדט זיך וועגן א משנה וואס גייט צוזאמען מיט דער גמרא, און די גמרא פרעגט די קשיא אויף דער משנה גלייך על אתר, און פארענטפערט אז "חסורי מחסרא והכי קתני" (אדער ווי בנדו"ד אז "איכא תרתי אחרנייתא במקדש") וכיו"ב, קען מען זאגן אז מפרשי המשנה דארפן דאס ניט באווארענען, ווארום זיי פארלאזן זיך אז גלייך נאך דער משנה וועט מען לערנען דעם ביאור בזה אין דער גמרא;

ווען ס'רעדט זיך אבער וועגן א משנה אין פרקי אבות, וואס אויף דערויף איז ניטא קיין גמרא, און די גמרא וואס

- שטעלט -

------------

97) פ"ה מ"ה. 98) כא, א.

שטעלט זיך אויף דער משנה איז גאר אין מסכת יומא - קען מען ניט זאגן אז מפרשי המשנה (רש"י, רמב"ם, מיט נאך מפרשים וואס ברענגען ניט די קשיא פון די גמרא אין יומא) פארלאזן זיך אז בשעת מ'וועט לערנען די משנה, וועט ביי אים ניט ווערן די קשיא פון "פתח במקדש וסיים בירושלים", אדער אז ער וועט געדיינקען אז די גמרא אין יומא ברענגט אראפ די משנה, און פארענטפערט די קשיא.

וואס דערפאר מוז מען דאך זאגן, אז וויבאלד רוב מפרשי המשנה באווארענען ניט בפירושם די קשיא - איז פארשטאנדיק, אז ווען מ'לערנט די משנה בפשטות (ניט ע"ד ההלכה) איז דאס ניט קיין קשיא.

אויך דארף מען פארשטיין: אפי' נאך דעם תירוץ וואס די גמרא פארענטפערט אז "איכא תרתי אחרנייתא במקדש", איז ניט פארשטאנדיק: פארוואס רעכנט אויס די משנה די צוויי נסים וואס זיינען געווען אין ירושלים - וויבאלד אז די משנה הויבט אן מיט "עשרה נסים נעשו לאבותינו <u>בבית המקדש</u>", האט די משנה געדארפט ברענגען די "תרתי אחרנייתא" וואס זיינען געווען אין ביהמ"ק, און ניט ברענגען מערניט ווי אכט נסים וואס זיינען געווען אין ביהמ"ק, און צוויי נסים וואס זיינען געווען אין ירושלים (און די גמרא זאל זאגן אז ס'זיינען דא "תרתי <u>אחרנייתא</u> במקדש")?

מוז מען דאך זאגן אז אויך לויטן פירוש הגמרא אין יומא אז "איכא תרתי אחרנייתא במקדש", האבן די צוויי נסים וואס זיינען געווען אין ירושלים א שייכות צום ביהמ"ק, ווארום אויב זיי וואלטן ניט געהאט קיין שייכות צום ביהמ"ק, וואלטן זיי ניט געבראכט געווארן אין איין משנה ובהמשך אחד צו די "עשרה נסים" וואס זיינען געווען אין "בית המקדש"; ס'זיינען טאקע דא "תרתי אחרנייתא במקדש", אבער די צוויי נסים שבירושלים וועלכע די משנה ברענגט, האבן אויך א שייכות צום ביהמ"ק.

כג. לכאו' וואלט מען געקענט זאגן אז קושית הגמרא אין יומא, איז מלכתחלה ניט קיין קשיא - ווארום:

דער רמב"ם[99] טייטשט אז דאס וואס די משנה[100] זאגט "יו"ט של ר"ה שחל להיות בשבת <u>במקדש</u> היו תוקעין כו'", מיינט דאס ניט נאר דעם ביהמ"ק, נאר "מקדש תקרא ירושלים כולה" (ועד"ז זאגט ער אויך אויף דער משנה אין סוכה[101] און אין שקלים[102]),

- ד.ה. -

---

99) בפיהמ"ש לר"ה רפ"ד. 100) ר"ה שם. 101) פ"ג מי"ב. 102) פ"א מ"ג.



<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

ד.ה. אז בשעת ס'שטייט אין משנה "מקדש", מיינט דאס גאנץ ירושלים.

און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק פון אונזער סדרה, וואס דארטן שטייט כמ"פ[103] "המקום אשר יבחר ה'", וואס דאס גייט אויפן ביהמ"ק, און אעפ"כ שטייט דארטן ניט "בית המקדש", נאר "המקום (אשר יבחר ה')", ווי רש"י[104] טייטשט אפ אז "המקום" מיינט די שטאט, גאנץ ירושלים [די קרבנות קען מען טאקע מקריב זיין נאר אין ביהמ"ק, אבער דער ביהמ"ק ווערט דא אנגערופן "המקום אשר יבחר ה'", וואס "המקום" גייט ניט נאר אויפן ארט פון דעם ביהמ"ק, נאר אויפן שטאט, אויף גאנץ ירושלים].

וואס אפי' לויט ווי דער רמב"ם[105] פארבינדט דעם ענין פון בנין ביהמ"ק (ניט נאר מיט ירושלים בכלל, נאר) מיט "הר המורי'", "הר הבית", פארבינדט ער דאס אבער ניט מיט א מקום מיוחד אין "הר הבית" גופא, אע"פ אז "הר הבית" איז געווען ת"ק אמה על ת"ק אמה[106], און דער ביהמ"ק האט פארנומען א סאך וויייניקער ארט;

מקריב זיין די קרבנות קען מען טאקע ניט אין גאנץ "הר הבית", מערניט ווי אויפן מזבח אין ביהמ"ק, אבער אעפ"כ, דער תנאי ע"פ תורה איז מערניט אז ס'דארף זיין אין ירושלים און אין "הר המורי'" (און אעפ"כ ברענגט דער רמב"ם א ראי' פון פסוק מערניט ווי אויף ירושלים, און ניט אויפן "הר הבית", ווי גערעדט אמאל[107] בארוכה) - און לויט רש"י'ן איז נאכמער: דער תנאי ע"פ תורה איז מערניט אז ס'דארף זיין אין ירושלים, אפי' ניט אין "הר הבית".

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ס'איז ניט קיין קשיא "פתח במקדש וסיים בירושלים", ווארום דער ביהמ"ק איז פארבונדן מיט גאנץ ירושלים, ובפרט ע"פ האמור לעיל אז דער רמב"ם האלט אז בשעת ס'שטייט אין משנה דער לשון "מקדש", גייט דאס אויף "ירושלים כולה"[108].

באמת קען מען אבער אזוי ניט זאגן, ווארום דאס וואס דער רמב"ם זאגט אז דער לשון המשנה "מקדש" גייט אויף גאנץ ירושלים, איז געזאגט געווארן מערניט דארטן וואו ס'שטייט נאר דער ווארט "מקדש": און אונזער משנה שטייט אבער "בית

- המקדש" -

---

103) פרשתנו יב. ה, יא, יד, יח, כא. שם יד, כד-כה. טו, כ. טז, ו. ז. יא. טו. וראה גם פ׳שהנו יד, כג. טז, טז.
104) שם יב, יא. 105) הל' ביהב"ת פ"א ה"ג. שם רפ"ה.
106) מדות רפ"ב. רמב"ם שם (רפ"ה). 107) לקו"ש פקודי השל"ז הע' 12. 108) ראה ג"כ שיחה ער"ת מנ"א תשל"ו.

המקדש" (ווי די גירסא פון דעם אלטן רבי'ן בסידורו, און אזוי איז אויך גירסת הרמב"ם) - במילא קען מען ניט זאגן אז דאס גייט אויף גאנץ ירושלים.

מוז מען דאך זאגן (ווי געזאגט פריער (סכ"ב)) אז וויבאלד רוב מפרשי המשנה שטעלן זיך ניט אויף דער קשיא, איז פארשטאנדיק, אז ע"ד ההלכה איז דאס טאקע א קשיא, אבער ווען מ'לערנט די משנה בפשטות, איז דאס ניט קיין קשיא (ע"ד ווי מ'זאגט דעם זעלבן חילוק בנוגע צו הושב"כ, אז ס'איז דא אמאל וואס ע"ד ההלכה איז דאס א קשיא, און ע"ד הפשט איז דאס קיין קשיא ניט) -

וכפי שיתבאר לקמן.

כד. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

* * *

כה. מ'האט דאך גערעדט אין דער פריערדיקער התוועדות[109] וועגן הל' ביהב"ח, וואס דאס איז אויך געווען פארבונדן מיטן סיום אויף מסכת תענית.

וואס אין דעם סיום פון מסכת תענית[110] שטייט: "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב וכיום הכפורים", און כמה טעמים בזה[111] זיינען פארבונדן מיטן זמן שביהמ"ק הי' קיים, וואס דערפאר איז דער ענין וואס "לא היו ימים טובים לישראל כחמשה עשר באב וכיום הכפורים" געווען דוקא בזמן שביהמ"ק הי' קיים, ווי געבראכט אין דער השלמה צום שו"ע[112].

בנוגע צו דעם טעם אז דעמולט "פסקו מלכרות עצים למערכה", וואס דערפאר "קרו לי' יום תבר מגל" - איז פארשטאנדיק די שייכות דערפון צום זמן שביהמ"ק הי' קיים, ווארום כ'רעדט וועגן כריתה עצים צום מזבח.

עד"ז בנוגע צו דעם טעם אז דעמולט "כלו מהי מדבר", איז אויך פארשטאנדיק די שייכות דערפון צום זמן שביהמ"ק הי' קיים - ווארום דאס איז געווען דער תנאי אז מ'זאל קענען אריינגיין אין א"י, און בויען דארטן דעם ביהמ"ק.

אבער בנוגע צו דעם טעם אז דעמולט איז "הותרו שבטים לבוא זה בזה" - איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: וואס פאר א שייכות האט דאס מיטן ביהמ"ק, אדער מיט א"י בכלל?

- ואדרבה: -

------------

109) שיחת כ"ף מנ"א סכ"ה ואילך. 110) כו, ב במשנה. 111) הובאו בגמרא שם ל, ב ואילך. 112) סקל"א סוס"ח. וראה חדא"ג מהרש"א לתעניה שם.

ואדרבה: דער דור שנכנסו לארץ האבן ניט געטארט חתונה
האבן זה בזה, ווארום ס'איז געווען דער ציווי פון "ולא
תסוב נחלה ממטה אל מטה גו'"[113], און דאס וואס דערנאך איז
"הותרו שבטים לבוא זה בזה", האט לכאו' קיין שייכות ניט
מיט דער כניסה לארץ?

איז דער ביאור בזה:

מ'האט גערערט פריערד[114] אז אין א"י זיינען דא צוויי
ענינים: דער ענין פון ירושה, און דער ענין פון מתנה. און
ווי געבראכט פון ירושלמי אין ב"ב[115] "אם מתנה למה ירושה
ואם ירושה למה מתנה, אלא מאחר שנתנה להן לשום מתנה חזר
ונתנה להן לשום ירושה".

וואס דער ענין הירושה האט זיך אנגעהויבן פון אברהם
אבינו, און פון אים באקומען דאס אידן אלס ירושה; און
דערנאך איז אויך דא דער ענין וואס א"י איז אן ענין של מתנה.

וואס מצד דעם ענין הירושה וואס איז דא אין א"י, דארפן
די שבטים זיין אסורים לבוא זה בזה, ווארום א"י איז אן ענין
של ירושה, נחלת אבות, וע"ד ווי דאס איז בנוגע צו קבר אבות,
אז אויב מ'גיט דאס איבער צו אן אנדערן וואס איז ניט פון
דער משפחה, איז דאס פוגם אין כבוד המשפחה[116].

דאס איז אבער נאר אויב מ'זאגט אז דאס איז אן ענין של
ירושה, נחלה אבות, משא"כ אויב דאס איז אן ענין של מתנה,
וואס מצד דעדויף קען זיין דער ענין וואס "הותרו שבטים
לבוא זה בזה".

וואס דערמיט איז פארשטאנדיק די שייכות פון דעם טעם
אז "הותרו שבטים לבוא זה בזה" מיט דעם ענין פון א"י
(ובמילא - אויך מיטן ביהמ"ק[117]).

כו. בנוגע צו דעם ענין המתנה וואס איז דא אין א"י,
זיינען דא צוויי ענינים: ס'איז דא דער ענין פון קנין
ממוני, אן ענין של בעלות, און ס'איז דא דער ענין פון קדושה.

וע"ד ווי מ'געפינט בנוגע צו נישואי איש ואשה, אז אין
דערויף זיינען דא צוויי ענינים: דער קנין ממון, אדער
בעלות, און דער ענין פון איסור, "אסר לה אכו"ע כהקדש"[118] -

איז עד"ז אויך בנוגע צו א"י, אז ס'איז דא דער קנין

- ממון -

-------------

113) מסעי לו, ט. 114) שיחה הנ"ל סל"ב. 115) פ"ח ה"ב.
116) ב"ק ק, ב. דמב"ם הל' מכירה ספכ"ר. ועוד. 117) דאה
לקמן סל"ד. 118) קידושין ב, ריש ע"ב.

ממון און בעלות וואס אידן האבן אין א"י, וואס דאס האט זיך אויפגעטאן ביי אברהם אבינו, ווי ס'שטייט[119] "לזרעך נתתי" - "כבר נתתי"[120]; און דערנאך איז דא דער ענין פון קדושת הארץ.

וואס אין דערויף איז אויך דא דער ענין וואס "אסר לה אכו"ע", ווי ער זאגט אין מכילתא בתחלתה אז "עד שלא נבחרה א"י היו כל הארצות כשרות לדברות" וואס דערפאר זעט מען אז ס'איז געווען "ויאמר ה' אל משה ואל אהרן בארץ מצרים"[121], אבער "משנבחרה א"י יצאו כל הארצות", און דער ענין הנבואה קען זיין מערנים ווי אין א"י (סיידן אויב ער האט שוין אמאל געהאט א נבואה זייענדיק אין א"י, ע"ד ווי ס'איז געווען אין נבואת יחזקאל "על נהר כבר"[122], וואס דאס איז געווען רערפאר וואס ער האט שוין געהאט לפנ"ז א נבואה אין א"י, "שהי' כבר"[123]).

וואס דער קנין ממון און די בעלות וואס אידן האבן אין א"י, איז נים פארבונדן מיט דער כניסה לארץ, ווארום דאס האט זיך אנגעהויבן פון אברהם אבינו, וואס איס האט דער אויבערשטער געזאגט "לזרעך נתתי את הארץ הזאת", "כבר נתתי"; אבער דער ענין הקרושה פון א"י, וואס דערמיט זיינען פארבונדן די מצוות התלויות בארץ - איז פארבונרן מיט דער כניסה לארץ, און ראס האט זיך אויפגעטאן ביי כיבוש יהושע (וואס דעמולט איז געווען די קדושה ראשונה).

און בנוגע צו די מצוות התלויות בארץ, וואס זייער חיוב איז תלוי אין דער כניסה לארץ (וואס דעמולט פוט זיך אויף קדושת הארץ) - זיינען דא מצוות אין וועלכע מ'איז נתחייב געווארן ערשט נאך די שבע שכבשו און שבע שחלקו[124], און ס'זיינען דא מצוות, בדוגמא ווי מצות חלה, וואס מ'איז אין איר נתחייב געווארן גלייך ווען מ'איז אריין אין א"י, קודם די שבע שכבשו ושבע שחלקו, ווי ס'שטיים[125] בנוגע צו מצות חלה "בבואכם אל הארץ", וכמאמר רז"ל[126] "משונה ביאה זו מכל ביאות שבתורה, שבכולן נאמר כי תבא כי תבאו . . שאינה אלא לאחר ירושה וישיבה . . אבל זו נאמר בה בבואכם, משנכנסו בה ואכלו מלחמה נתחייבו בחלה".

כז. בנוגע צו ביאור דברי הרמב"ם[127] אין דעם חילוק צווישן קדושה ראשונה און קרושה שני':

- מ'איז -

------------

119) לך לך טו, יח. 120) ירושלמי חלה פ"ב ה"א. 121) בא יב, א. 122) יחזקאל א, א. ובכ"מ. 123) מו"ק כה, א ובפרש"י שם ד"ה שהי' כבר. 124) ראה אנציקלופדי' תלמודית כרך ב ערך א"י ע' ריט. וש"נ. 125) שלח טו, יח. 126) ספרי הובא בפרש"י עה"פ. פרש"י כתובות כה, סע"א ד"ה נתחייבו בחלה. 127) הל' ביהב"ח פ"ו הט"ז.

מ׳איז ניט מחוייב צו זאגן אז דער רמב"ם האלט ווי אלע דעות, דאס איז אן ענין וואס איז אומעגליך, ווארום צווישן די אלע דעות זיינען דאך אויך דא דעות הפכיות, קען מען דאך ניט האלטן ווי יעדע דעות.

וואס דערפאר בשעת מ׳געפינט אז ס׳שטייט אין ירושלמי[128] אז מ׳איז מחוייב אין מצות חלה אויך אויף די תבואה שגדלה קודם שנכנסו לארץ (וואס דעמולט שטימט דאס ניט דערמיט וואס דער רמב"ם זאגט אז "קדושת המקדש וירושלים מפני השכינה ושכינה אינה בטלה", משא"כ "חיוב הארץ בשביעית ובמעשרות אינו אלא מפני שהוא כבוש כו׳" - ווארום מ׳זעט דאך אז דער חיוב פון חלה איז אויך אויף הבואה שגדלה קודם שנכנסו לארץ) -

איז מען ניט מחוייב צו זאגן אז דער רמב"ם האלט אז די דעה וואס זאגט אז מ׳איז געווען מחוייב אין חלה אויך אויף הבואה שגדלה קודם שנכנסו לארץ, איז מתאים מיט דער דעה (לויט וועלכע ער פסק׳נט) אז "קדושת המקדש וירושלים" ווערט ניט בטל דערפאר וואס די איז "מפני השכינה", משא"כ די קדושה ראשונה פון שאר א"י איז געווען נאר לשעתה און ניט לע"ל, ד.ה. אז די איז בטל געווארן, דערפאר וואס דעד "חיוב הארץ בשביעית ובמעשרות אינו אלא מפני שהוא כיבוש וכו׳".

דאס וואס מ׳דארף יע פארענטפערן אין דברי הרמב"ם - איז בנוגע צו ענינים וועלכע זיינען ניט הלוי במחלוקת:

די גמרא[129] זאגט אז בנות צלפחד האבן געגומען אין נחלת צלפחד אויך דעם חלק הבכורה, וואס דאס באווייזט אז דער קנין כמון וואס איז דא אין א"י איז געווען קודם שנכנסו לאדן, וואס דערפאר הייסט דאס ניט "ראוי" נאר "מוחזק", און דערפאר נעמט דער בכור פי שנים -

און דערפאר מוז מען מחלק זיין אז ס׳זיינען דא צוויי ענינים אין א"י: דער קנין ממון און בעלות וואס אידן האבן אין א"י, וואס דאס האט זיך אנגעהויבן איידער אידן זיינען געקומען אין א"י, אנהויבנדיק פון אברהם אבינו (וואס דערפאר האבן בנות צלפחד באקומען אויך דעם חלק הבכורה, וויבאלד אז "ארץ ישראל מוחזקה היא"[129]);

און דערנאך איז דא דער ענין פון קדושה א"י, וואס אין דערויף זיינען הלוי די מצוות התלויות בארץ - וואס דאס האט זיך אנגעהויבן ווען אידן זיינען אריין אין א"י (ווי מ׳געפינט ביי כמה מצוות אז זייער חיוב הויבט זיך אן ערשט "כי תבואו אל הארץ"), וואס דער ענין פון כניסה לארץ איז פארבונדן מיט כיבוש יהושע.

- כה. -

---

128) חלה פ"ב ה"א. 129) ב"ב קיט, א.

כח. בנוגע צו קדושת הארץ וואס האט זיך אויפגעטאן ביי כיבוש יהושע, איז אע"פ אז מ'זעט אז ס'זיינען דא מצוה אין וועלכע מ'איז געווארן מחוייב גלייך ווען מ'איז אריין אין א"י, קודם שבע שכבשו ושבע שחלקו, אזוי ווי מצות חלה, און ס'זיינען דא מצוות אין וועלכע מ'איז געווארן מחוייב ערשט נאך די שבע שכבשו ושבע שחלקו -

לייגט זיך אבער ניט צו זאגן אז אין דער קדושה (וואס איז געווארן דורך כיבוש יהושע) זיינען דא כמה שלבים ודרגות: א) גלייך ווען מ'איז אריין אין א"י, וואס דעמולט איז מען געווארן מחוייב אין מצות חלה וכיו"ב, ב) נאך די שבע שכבשו ושבע שחלקו (אין 14 יאר נאך די כניסה לארץ), וואס דעמולט האט זיך אויפגעטאן נאך אן ענין של קדושה אין א"י, און דערפאר איז מען געווארן מחוייב אין <u>אלע</u> מצווה התלויות בארץ - ווארום מכ"נ: אויב א"י באקומט אן ענין של קדושה, איז ניט שייך זאגן אז דאס איז למחצה לשליש ולרביע.

נאר בפשטות דארף מען זאגן, אז ס'איז געווען א חילוק כללי צווישן קודם שנכנסו לארץ און לאחר שנכנסו לארץ:

קודם שנכנסו לארץ, האבן אידן געהאט אין א"י א קנין ממון, בעלות, ווארום ביי אברהם אבינו איז שוין געווען דער ענין פון "לזרעך <u>נתתי</u> את הארץ הזאת", עכ איז אבער נאך ניט געווען דער ענין פון קדושת הארץ, ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק פון דער מכילתא אז קודם שנכנסו לארץ איז א"י ניט געווען אויסגעטיילט פון שאר הארצות לגבי דעם ענין הנבואה, ועד"ז איז פארשטאנדיק פון נאך כו"כ מדרז"ל, אויך אין ענינים פון נגלה, והעיקר - ס'איז דעמולט ניט געווען דער חיוב פון מצוות התלויות בארץ;

און לאחר שנכנסו לארץ, האט זיך אויפגעטאן דער ענין פון קדושת הארץ, וואס דערפאר איז געווארן דער חיוב פון מצוות התלויות בארץ.

און דאס וואס מ'זעט אז ס'זיינען דא מצוה אין וועלכע מ'איז מחוייב ערשט נאך די שבע שכבשו ושבע שחלקו - איז ניט דער פירוש אז דעמולט קומט צו נאך אן ענין אין קדושה הארץ; קדושת הארץ האט זיך אויפגעטאן ווען מ'איז אריין אין א"י, וואס דעמולט איז גלייך געווארן א חיוב בנוגע צו ככה מצוות, נאר ס'זיינען דא מצוות וואס האבן א <u>תנאי</u> אז זייער חיוב איז ערשט לאחרי ירושה וישיבה (ניט אז דעמולט קומט צו אין קדושת הארץ, נאר ס'איז א <u>תנאי</u> אין דער מצוה).

ע"ד ווי ס'זיינען דא מצוות וואס זיינען פארבונדן מיט כל יושבי' עלי', אזוי ווי דער ענין פון יובל[130] וכיו"ב -

- איז -

---

130) ערכין לב, סע"ב. רמב"ם הל' שמיטה ויובל פ"י ה"ח.



<u>הנחת הה' בלתי מוגה</u>

איז דאך ניט דער טייטש אז ווען ס'איז כל יושבי' עלי' קומט צו אין קדושת הארץ (וואס עפ"ז וועט אויסקומען אז ס'זיינען דא דריי דרגות אין קדושה הארץ: תיכף משנכבשו, לאחר ירושה וישיבה, און ווען כל יושבי' עלי'), נאר ס'איז א תנאי אין דער מצוה. ועי"ד ווי ס'זיינען דא ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט ערים מוקפות חומה, ועד"ז בנוגע צו נאך כמה דינים.

און דאס וואס מ'זאגט אז אין חידושי ר"ח הלוי[131] שטיט באופן אחר - איז כמדובר כמ"פ אז ס'איז דא אמאל וואס מ' איז משנה איין ווארט, און דעמולט ווערט נשתנה דער גאנצער ענין - אדער ווי געשעדט פריער (סכ"א) אז מ'געפינט ביי כמה גדולי ישראל (אויך ביים ראגאטשאווער אין די געדרוקטע ספרים) אז אמאל איז מען מפרש באופן כך און אמאל איז מען מפרש באופן אחר.

ובנוגע לענינינו: וויבאלד אז דער רמב"ם זאגט אז קדושת הארץ איז פארבונדן מיט כיבוש יהושע - איז ניט מסתבר צו זאגן אז ס'זיינען דא צוויי דרגות אין דער קדושה (וואס האט זיך אויפגעטאן ביי כיבוש יהושע), ובפרט אז דעמולט וועט מען דארפן זאגן אז ס'איז דא נאך א דרגא אין דער קדושה - ווען כל יושבי' עלי'.

[און דאס וואס ס'שטייט אין חידושי ר"ח הלוי - איז אדער אז דער ענין איז פארשריבן געווארן באופן לא מדויק, אדער אז אין דערויף זיינען דא סברות לכאן ולכאן, האט ער געזאגט איין סברא, און מ'קען אויך זאגן די סברא באופן אחר].

וואס דערפאר דארף מען זאגן אז קדושת הארץ האט זיך אויפגעטאן גלייך ווען מ'איז אריין אין א"י, וואס דערפאר איז מען גלייך נתחייב געווארן אין כמה מצוות (לכל הדעות), און דעמולט איז שוין א"י אויסגעקליבן געווארן מכל הארצות לגבי דעם ענין הנבואה [וואס גילוי הנבואה איז א קדושה הכי גדולה], אז דאס זאל זיין דוקא אין דער "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[132];

און דערנאך קומט צו א תנאי בנוגע לכמה מצוות אז זייער חיוב איז ערשט לאחר ירושה וישיבה, אדער מצוות וואס האבן א תנאי אז זייער חיוב איז דוקא ווען כל יושבי' עלי', ועד"ז בנוגע צו ערים מוקפות חומה וכו' - דאס מאכט אבער ניט קיין שינוי אין קדושת הארץ.

כט. די קדושה ראשונה פון א"י איז געווען פארבונדן מיט

- דעם -

---

131) הל' שמיטה ויובל פי"ב הט"ז. 132) עקב יא, יב.

דעם ענין פון כיבוש - ווי עס ווערט דערציילט סיי אין חומש[133] און סיי אין יהושע[134], אז דער אויבערשטער האט געהייסן אז מ'זאל אריינגיין אין א"י אין אן אופן של כיבוש ומלחמה, און ס'זאל זיין "חלוצים תעברו גו'"[135].

און וויבאלד אז אידן האבן געטאן לויט ווי יהושע האט זיי געהייסן (וואס יהושע האט דאס געהערט פון משה רבינו, און משה רבינו האט דאס געהערט פון דעם אויבערשטן), און זיי זיינען אריין אין א"י אין אן אופן פון כיבוש ומלחמה - האט זיך אויפגעטאן קדושת הארץ דורך (דער כניסה לארץ אין אן אופן של) כיבוש, און ניט דורך חזקה,

ווארום אע"פ אז זיי האבן אויך געמאכט ענינים של חזקה (דורך חרישה אדער דורך נעל וגדר וכו'[136]), אעפ"כ, וויבאלד אז דער ציווי איז געווען אז די כניסה (וואס טוט אויף די קדושה) זאל זיין פארבונדן מיט כיבוש דוקא, איז די חזקה וואס מ'האט געמאכט ניט פארבונדן מיט דעם אופן הכניסה (וואס פועל'ט די קדושה), וויבאלד אז מ'איז ניט נצטווה געווארן אז די כניסה זאל זיין ע"י חזקה[137].

וע"ד ווי איינער וועט טאן אלע פעולות של חזקה, ער וועט אבער ניט וועלן קונה זיין די שדה, וואס דעמולט איז ער ניט קונה - איז עד"ז בנדו"ד, אז די חזקה איז ניט פארבונדן מיט דעם אופן הכניסה לארץ (וואס פועל'ט די קדושה), וויבאלד אז דער ציווי איז געווען ס'זאל זיין ע"י כיבוש.

דערנאך קומט צו נאך א הסברה:

וויבאלד אז די קדושה פון א"י האט זיך אויפגעטאן דורך דעם ענין פון כיבוש, קען די חזקה ניט מוסיף זיין אין דער קדושה, ווארום די קדושה איז שוין געווארן דורך דעם כיבוש.

וע"ד ווי איינער וועט מאכן פעולות של חזקה אין זיינע נכסים, וואס דורך דעם קומט ביי אים גארניט צו, וויבאלד אז די נכסים זיינען זיינע נאך איידער ער האט געטאן די פעולות.

ל. עס איז אבער נאך אלץ ניט'פארשטאנדיק:

ע"פ האמור אז די קדושה ראשונה איז געווארן דורך כיבוש יהושע - איז לכאו', וויבאלד אז כיבוש יהושע האט

- גענומען -

---

133) מטות לב, כ ואילך. 134) ו, ז, ט, יג. וראה שם ח, א. 135) דברים ג, יח. 136) ב"ב מב, סע"א במשנה. רמב"ם הל' מכירה פ"א ה"ח. 137) ראה ג"כ שו"ת חיים שאל ח"ב סל"ט. צל"ח ברכות ד, א. אבל האזל ריש הל' זכי' ומתנה.

גענומען זיבן יאר, איז ניט פארשטאנדיק, ווי איז געווארן קדושת הארץ (בנוגע צו די מצווה אין וועלכע מ׳איז נתחייב געווארן) גלייך ווען מ׳איז אריין אין א"י, קודם די שבע שכבשו?

איז דער ביאור בזה:

יריחו איז געווען מנעולה של א"י[138], וואס דערפאר איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ׳האט כובש געווען מנעולה של א"י, איז דאס פונקט ווי מ׳האט איינגענומען גאנץ א"י.

וואס דערפאר איז גלייך ווי מ׳האט כובש געווען יריחו און מ׳איז אריין אין א"י, איז געווארן דער ענין פון קדושת הארץ, און מ׳איז גלייך נתחייב געווארן אין כמה מצוות וואס זיינען פארבונדן מיט קדושת הארץ:

ס׳איז מערניט וואס דערנאך האט מען געדארפט האבן די שבע שכבשו ושבע שחלקו, כדי אז מ׳זאל זיך באזעצן אין א"י אין אן אופן של התיישבות, וואס אויף דערויף איז כיבוש אליין אויך ניט מספיק, נאר מ׳דארף האבן אז "שיהא כל אחד ואחד מכיר את חלקו"[139], וואס דוקא דעמולט ווערט דאס אן אמת׳ע התיישבות,

ביז וואנעט אז ס׳זיינען דא כמה מצוות וואס האבן א תנאי אז זייער חיוב איז נאר לאחר ירושה וישיבה (כנ"ל סב"ו): אבער קדושה הארץ האט זיך אויפגעטאן גלייך ווען מ׳האט כובש געווען יריחו און מ׳איז אריין אין א"י.

עפ"ז וועט אויך צוקומען א הסברה בנוגע צו די ארץ פון די גבעונים, וואס מיט זיי האט מען ניט געדארפט האבן קיין ענין של מלחמה, ווארום זיי זיינען געקומען מרצונם און מסכים געווען זיין "חוטבי עצים ושואבי מים"[140] - און אעפ"כ, ווערט בטל די קדושה אויך דארטן, און עס ווערט ניט פאררעכנט פונקט ווי די כניסה אהינצו וואלט געווען דורך חזקה (און ניט דורך כיבוש):

וויבאלד אז "יריחו" איז געווען מנעולה של א"י, און איר האט מען איינגענומען ע"י כיבוש [ס׳איז טאקע געווען דורך די כהנים מיטן ארון הברית, און די תקיעה בשופרות וכו׳[141], אבער נאך דערויף וואס ס׳איז געווען די נפילת החומה, זיינען אריין די אנשי הצבא מיט דעם "חלוץ" וכו׳, און מ׳האט דאס איינגענומען אין אן אופן של כיבוש] אלס "מנעולה"

- פון -

---

138) ראה במדב"ר פס"ו, סו. תנחומא בהעלותך י.
139) הו"כ עה"פ בהר כה, ב. 140) יהושע ט, כא. וראה שם טז, י. 141) שם ו, ד ואילך.

פון גאנץ א"י - איז פארשטאנדיק, אז קדושת הארץ, כולל אויך
די ארץ פון די גבעונים, האט זיך אויפגעטאן ע"י כיבוש,
וויבאלד אז מנעולה של א"י איז איינגענומען געווארן אין אן
אופן של כיבוש.

לא. קדושת עזרא איז אבער געווען אין אן אופן של חזקה,
און דערפאר איז "כל מקום שהחזיקו בה עולי בבל ונתקדש
בקדושה עזרא השני' הוא מקודש היום ואע"פ שנלקח הארץ ממנו
וחייב בשביעית ובמעשרות".

וואס אויך דערויף פרעגט דער כס"מ: "מה כח חזקה גדול
מכח כיבוש"? - איז די הסברה בזה פארשטאנדיק בפשטות:

דער גדר פון כיבוש איז, אז דאס איז נגד הרצון פון
דעם וואס מ'איז פון אים כובש - ע"ד ווי ס'איז געווען אין
יריחו, אז מלך יריחו האט נים געוואלט אז מ'זאל איינעמען
יריחו, און מ'האט געדארפט האבן אז דער צבא זאל דאס כובש
זיין נגד רצונו.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז וויבאלד די קדושה
ראשונה האט זיך אויפגעטאן דורך אן ענין של כיבוש. קען
קומען א צווייטער כיבוש און מבטל זיין דעם פריערדיקן
כיבוש, וויבאלד אז דער גאנצער גדר פון כיבוש איז נגד הרצון,

[ע"ד ווי דאס איז בנוגע צו דעם ענין פון "קרקע אינה
נגזלה"[142], אז דאס איז שייך דוקא ווען ער האט באקומען די
קרקע נים דורך אן ענין של גזילה, אבער אויב ער האט דאס
באקומען ע"י גזילה, זאגט מען נים אז "קרקע אינה נגזלת"
(ווארום דאס איז ע"ד "הפה שאסר הוא הפה שהתיר"[143], אדער
"הפה שהתיר הוא הפה שאסר")].

משא"כ אבער קדושה עזרא וואס די איז געווארן דורך
חזקה, איז וויבאלד אז דער ענין פון חזקה איז נים נגד
הרצון פון דעם ביי וועמען מ'איז מחזיק - קען דאס אן ענין
של כיבוש נים מבטל זיין.

לב. ע"פ האמור לעיל אז קודם כיבוש יהושע איז נים געווען
ער גאנצער ענין פון קדושת הארץ - איז לכאו' נים פארשטאנדיק:

עס שטיים אין מדרש[144] אז דער אויבערשטער האט געזאגט צו
יצחק'ן "גור בארץ הזאת"[145] און ער זאל נים גיין קיין חו"ל,

- דערפאר -

---

142) סוכה ל, ריש ע"ב. וש"נ. 143) כתובות כב, א במשנה.
ועוד. 144) ב"ר פס"ד, ג. וראה גם פרש"י עה"פ תולדות כו,
ב. 145) תולדות שם, ג.

דערפאר וואס ער איז אן עולה תמימה, "מה עולה אם יוצאת חוץ לקלעים נפסלת אף אתה אם יצאת חוץ לארץ נפסלת" - איז דאך דערפון א הוכחה אז דעמולט איז שוין געווען דער ענין פון קדושת הארץ, ווארום דאס וואס אן עולה ווערט נפסל ווען זי גייט ארוים חוץ לקלעים איז פארבונדן (ניט מיט א קנין ממון און בעלות, נאר) מיט אן ענין של קדושה?

איז דער ביאור בזה:

ווי געזאגט פריער (סכ"ז) - איז ניטא קיין הכרח צו זאגן אז דער רמב"ם נעמט אן אז דאס וואס ס׳שטייט אין דעם מדרש איז אן ענין וואס איז פארבונדן און נוגע אין הלכה; און אפי׳ אויב ס׳איז נוגע אין הלכה, איז ניט קיין הכרח צו זאגן אז דאס איז לכל הדעות, אויך לויט דער דעה לויט וועלכע דער רמב"ם פסק׳נט דא אז קדושת הארץ האט זיך אויפ-געטאן ביי כיבוש יהושע.

ועוד, והוא העיקר: דאס וואס יצחק האט ניט געטארט ארויסגיין פון א"י איז איינגאנצן ניט פארבונדן מיט קדושת הארץ:

אזוי ווי אן עולה טאר ניט ארויסגיין "חוץ לקלעים", דערפאר וואס דאס איז דער ארט וואו מ׳האט איר מקריב געווען אלס אן עולה (ניט מצד קדושת הארץ), איז עד"ז אויך בנוגע צו יצחק, אז וויבאלד מ׳האט אים בקריב געווען אלס אן עולה תמימה אין "הר המורי׳", טאר ער ניט ארויסגיין פון דעם ארט, פון דער לאנד, וואו עס געפינט זיך "הר המורי׳" (ע"ד ווי מ׳טאר ניט ארויסנעמען קדשים קלים מחוץ לירושלים), עס האט אבער ניט קיין שייכות צו קדושת א"י.

לג. עד"ז אויך בנוגע צו דעם וואס דער רמב"ן [146] ברענגט אראפ א סברא אז דאס וואס יעקב נשא שתי אחיות, איז דאס דערפאר וואס דאס איז געווען אין חו"ל, משא"כ אין א"י וואס דארטן האט ער מקיים געווען כל התורה כולה, עאכו"כ דעם איסור פון שתי אחיות, און דערפאר האט זיך טאקע רחל געפעלט אײדער ער איז אריין אין א"י; ועד"ז אויך בנוגע צו שאר האבות, אז בהיותם אין אה"ק האבן זיי מקיים געווען כל התורה כולה, משא"כ ווען זיי זיינען געווען אין חו"ל - וואס לכאו׳ זעט מען דערפון אז ס׳איז געווען דער ענין פון קדושת הארץ קודם כיבוש יהושע -

איז דער ביאור בזה: מ׳מוז ניט זאגן אז דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיטן "חפצא" פון א"י, נאר ס׳איז פארבונדן מיטן "גברא" פון די אבות:

- די -

------------

146) עה"פ שם, ה.

די אבות האבן געגומען אויף זיך אזא אופן ההנהגה, אז בשעת זיי וועלן זיך געפינען אין דער לאנד וואו זיי זיינען געבארן געווארן, און דארטן וואו זיי האבן געבויט מזבחות [ווי מ'געפינט כמה מזבחות וואס אברהם אבינו האט געמאכט אין א"י[147], ועד"ז שאר האבות[148]], וועלן זיי מקיים זיין כל התורה כולה; דאס האט אבער ניט קיין שייכות צו דעם ענין פון קדושת הארץ, דאס איז נאר דערפאר וואס דארטן האט מיט זיי געטראפן געוויסע ענינים אלס "גברא".

ובפרט ע"פ המבואר אין חסידות[149] בארוכה, אז דער גאנצער ענין פון "חפצא" האט זיך אויפגעטאן ערשט ביי מ"ת, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז ביי די אבות איז דאס ניט געווען אלס "חפצא", נאר מערניט ווי אלס "גברא".

און אפי' ע"פ נגלה איז אויך ניטא קיין הכרח פארבינדן דאס מיט קדושת הארץ אלס "חפצא", נאר מיט געוויסע ענינים וואס האבן געטראפן מיט זיי אלס "גברא" אין א"י -

ווי געזאגט פריער אז יצחק האט ניט געטארט ארויסגיין פון א"י, דערפאר וואס דאס איז געווען דער ארט וואו מ'האט אים מקריב געווען אלס אן עולה תמימה (ע"ד ווי מ'טאר ניט ארויסנעמען קדשים קלים מחוץ לירושלים),

ועד"ז איז אויך בנוגע צו אברהם אבינו, אז וויבאלד ער האט געבויט אין א"י כמה מזבחות, ועד"ז בנוגע צו יעקב אז אין א"י האט ער מקבל געווען תורתו של שם ועבר, און דארטן האט ער באקומען די ברכות פון יצחק - דערפאר איז ביי זיי געווען דער חילוק צווישן א"י מיט חו"ל, ס'איז אבער ניט דער ענין פון קדושה הארץ אלס "חפצא".

און דער ענין פון קדושת הארץ אלס "חפצא" האט זיך אויפגעטאן ביי כיבוש יהושע, ווען ער האט כובש געווען "מנעולה של א"י", און דעמולט האט זיך אויפגעטאן דער חיוב פון די מצוות התלויות בארץ, נאר ס'זיינען דא מצוות וואס האבן א תנאי אז זייער חיוב איז דוקא לאחרי ירושה וישיבה, ארער ווען כל יושבי' עלי', ווי גערעדט פריער (סכ"ח) בארוכה.

לד. עפ"ז וועט מען אויך פארשטיין די שייכות פון דעם וואס "הוהרו שבטים לבוא זה בזה" מיט דעם ענין פון ביהמ"ק:

בשעת מ'איז אריין אין א"י, איז נאך געווען דער ציווי

- פון -

---

147) לך לך יב, ז-ח. ועוד. 148) תולדות שם, כה (בנוגע ליצחק). וישלח לד, כ (בנוגע ליעקב). ועוד. 149) ראה לקו"ש יתרו השל"ז ס"ד ואילך. וש"נ.

פון "לא הטוב נחלה", וואס דאס איז געווען גלייך בכניסתם לארץ, ווען ס'האט זיך אויפגעטאן דער ענין פון קדושת הארץ;

ווען מ'איז אבער געקומען צו בנין ביהמ"ק, ניט נאר לאחרי די שבע שכבשו ושבע שחלקו, נאר נאך דערויף וואס ס'איז געווען דער ענין פון מינוי מלך, און נאך דערויף וואס "הניח לכם מכל אויביכם מסביב"[150], וואס דאס זיינען די תנאים בנוגע צו דעם ענין פון בנין ביהמ"ק[151] - איז דעמולט געווארן בהדגשה דער ענין המתנה שבא"י - וואס מצד דעם ענין המתנה איז "הותרו שבטים לבוא זה בזה" (כנ"ל סכ"ה).

וואס דער ענין המתנה שבא"י איז אויך כולל די מתנה בנוגע צו דעם ענין הקדושה - "קדושת המקדש וירושלים", וואס זי איז געווען "מפני השכינה", וואס דאס איז די איינציקע קדושה וועלכע דער רמב"ם טיילט אוים פון כללות הענין פון קדושת א"י,

ווי גערעדט פריער (סכ"ח) אז מ'געפינט ניט אז דער רמב"ם זאל מחלק זיין צווישן קדושת א"י גלייך ווען מ'איז אריין אהינצו, מיט דער קדושה וואס איז געווען לאחר ירושה וישיבה, אדער ווען כל יושבי עלי' - משא"כ בנוגע צו "קדושת המקדש וירושלים", איז דער רמב"ם מדגיש בפירוש אז דאס איז א באזונדער ענין אין קדושה, ס'איז פארבונדן מיט קדושת השכינה, וואס דערפאר ווערט די קדושה קיינמאל ניט בטל (משא"כ אין שילה וכו'),

וואס אע"פ אז דאס איז געווען מיט הונדערטער יארן לאחרי שנכנסו לארץ - זאגט אבער דער רמב"ם אז דעמולט איז צוגעקומען א נייער ענין אין קדושה, נוסף אויף קדושת הארץ סתם - אז "קדושת המקדש וירושלים" איז "מפני השכינה".

לה. ויה"ר אז דורך דעם עסק אין הל' ביהב"ח, זאל מקוים ווערן דאס וואס ער זאגט אין הנחומא[152] אז דער אויבערשטער זאגט אז "אני מעלה עליהם כאילו הם עוסקין בבנין הבית",

און דערפון זאל דאס אראפקומען אין אן אופן פון "דיבורו של הקב"ה חשיב מעשה"[153] - בדוגמא ווי כ'זאגט בנוגע צו גאנץ א"י, אז וויבאלד דער אויבערשטער האט געזאגט "לזרעך נתתי את הארץ הזאת", איז "א"י מוחזקת היא" -

אז ס'וועט געבויט ווערן דער ביהב"ח בפועל, למטה מעשרה טפחים, ובעגלא דידן, ושם נעשה לפניך כמצות רצונך.

* * *

- לו. -

---

150) ראה יב, י. 151) ראה ספרי עה"פ שם. סנהדרין כ, ב. רמב"ם הל' מלכים פ"א ה"א-ב. 152) צו יד. וראה גם ויק"ר פ"ז, ג. יל"ש ישעי' רמז שפב. 153) ראה ב"ר פמ"ד, כב.

לו. בהמשך צו דעם וואס מ'האט גערעדט וועגן א"י, איז אזוי ווי ס'זיינען דא אזוינע וואס פארן אוועק (נאך שבת) אין א"י - זאלן זיי מיטנעמען משקה פון דעם פארברייינגען, און מאכן דארטן א התוועדות, און איבערגעבן די נקודות פון דעם וואס מ'האט גערעדט.

אח"כ נתן משקה גם לאלו הנוסעים לשאר מדינות.

* * *

לז. דער ביאור אין פרש"י:

בשעת דער בן חמש למקרא וועט פרעגן: היתכן אז בנוגע צו בהמות וחיות און דגים, זאגט די תורה סימני טהרה, און בנוגע צו עופות זאגט מען ניט קיין סימני טהרה - וועט אים רש"י ענטפערן, אז ביי עופות איז טאקע ניטא קיין סימני טהרה.

און דאס וואס די משנה זאגט אין חולין אז "סימני העוף לא נאמרו אבל אמרו חכמים וכו'", ד.ה. אז ס'זיינען דא פיר סימני טהרה ביי עופות - זאגט דאך די גמרא[154] אז "עוף הבא בסימן <u>אחד</u> טהור", און די אלע עופות וואס ווערן אויסגערעכנט אין תורה אז זיי זיינען אסור באכילה, האבן לכה"פ איין סימן (חוץ פון "נשר" וואס ער האט ניט קיין איין סימן ) - איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז דאס וואס די עופות זיינען אסורים באכילה, איז ניט דערפאר וואס זיי האבן ניט די סימני טהרה (ווארום "עוף הבא בסימן <u>אחד</u> (וואס דאס האבן אלע עופות, חוץ פון נשר) טהור"), נאר ס'איז גזירת הכתוב.

וואס עפ"ז איז פארשטאנדיק, אז בנוגע צו בהמות וחיות און דגים, דארף הורה זאגן די סימני טהרה, וויבאלד אז מ'דארף וויסן אז די וואס האבן ניט די סימני טהרה זיינען אסורים באכילה; משא"כ ביי עופות זאגט ניט די תורה קיין סימני טהרה, ווארום די אלע עופות וואס ווערן אויסגערעכנט אז זיי זיינען אסור באכילה (חוץ פון נשר), האבן יע סימני טהרה, און אעפ"כ זיינען זיי אסור באכילה צוליב גזירה הכתוב.

דער איינציקער עוף ביי וועמען מ'דארף ניט אנקומען צו די גזירת הכתוב, איז "נשר", וואס ער האט ניט קיין סימן טהרה - אבער צוליב דערויף דארף די תורה ניט זאגן די סימני טהרה, ווארום עס רעדט זיך וועגן <u>איין</u> עוף, און די תורה זאגט בפירוש אז ער איז אסור באכילה, איז אין פשוטם של כתובים ניט נוגע צי ער איז אסור באכילה צוליב גזירת הכתוב, אדער דערפאר וואס ער האט ניט קיין סימני טהרה.

לח. דער בן חמש למקרא פרעגט נאך אבער א שאלה:

- מ'דארף -

------------

154) שם סא, א.

מ׳דארף וויסן די סימני טהרה כדי אז מ׳זאל וויסן וועלכע עופות מעג מען עסן - די וואס האבן די סימני טהרה (אויסער די וואס תורה רעכנט אויס בפירוש אז זיי זיינען אסורים באכילה כאטש זיי האבן די סימני טהרה)?

האט דאס שוין רש"י באווארענט:

רש"י[155] זאגט: "בעופות פרט לך את הטמאים, ללמד דהעופות טהורים מרובים על הטמאים, לפיכך פרט את המועט", ד.ה. אז <u>אלע</u> עופות זיינען מותרים, אויסער די וואס תורה זאגט אז זיי זיינען אסורים - וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז מ׳דארף ניט זאגן די סימני טהרה פון עופות;

משא"כ בנוגע צו בהמות וחיות, וואס דארטן איז "טמאה מרובה מן הטהורה"[156] - רעכנט אויס תורה די וואס מ׳מעג עסן, און די זאגט אויך דעם טעם, אז דאס איז דערפאר וואס זיי האבן די סימני טהרה. ועד"ז אויך בנוגע צו דגים (וואס דארטן ווערן אינגאנצן ניט אויסגערעכנט קיינע נעמען, מערניט ווי סימני טהרה).

משא"כ בנוגע צו עופות, רעכנט מען אויס די וואס זיינען אסור באכילה (און אלע איבעריקע זיינען מותר), און מ׳זאגט ניט קיין סימני טהרה, וויבאלד אז די סיבה אויף דעם וואס זיי זיינען אסור באכילה איז ניט צוליב העדר סימני טהרה, נאר צוליב גזירת הכתוב (כנ"ל סל"ז).

לט. און דאס וואס ישאל השיאל אז מ׳דארף האבן די סימני טהרה כדי צו וויסן וועלכע עופה מעג מען מקריב זיין אלס קרבן, ווארום אויף אכילה איז גענוג מערניט ווי איין סימן, און דאס וואס מ׳דארף האבן פיר סימנים, איז נאר כדי אויף צו מקריב זיין לקרבן[157] - איז דער ביאור בזה:

סיי אין פ׳ שמיני און סיי אין פ׳ ראה, רעדט זיך וועגן דעם ענין פון אכילה, און ניט וועגן דעם ענין פון מקריב זיין לקרבן - און בשעה ס׳רעדט זיך וועגן הקרבת קרבנות, דארף רש"י ניט מבאר זיין אז מ׳איז דאס מקריב דערפאר וואס ער האט פיר סימנים, פונקט ווי ער דארף ניט מבאר זיין פארוואס מ׳איז מקריב א שור אדער א כבש וכיו"ב.

נאכמער: פון-גמרא איז משמע אַז ס׳איז ניט דער טייטש אז אויסער תור און בן יונה זיינען ניטא קיין עופות וואס האבן אלע פיר סימני טהרה, ווארום תרנגולים וכיו"ב האבן

- אויך -

------------

155) עה"פ פרשתנו יד, יג. 156) פרש"י עה"פ שם, ה.
157) ראה חולין שם, סע"ב.

אויך אלע פיר סימני טהרה, און אעפ"כ קען מען זיי ניט מקריב זיין אלס קרבן[158] -

איז דאך דערפון פארשטאנדיק, אז דאס וואס מ'איז זיי מקריב אלס קרבן, איז ניט דערפאר וואס זיי האבן די פיר סימני טהרה; דאס איז א תנאי וואס איז נוגע אז מ'זאל זיי קענען מקריב זיין, אבער צווישן די מינים (וואס האבן די פיר סימנים) גופא, קען מען ניט מקריב זיין אלע מינים, מערנים ווי תור און בן יונה (און אין דערויף גופא איז דוקא א תור, ווען ער איז א זקן (ניט קיין בן תור), און א בן יונה דוקא, א צעיר, איידער ער ווערט א יונה סתם).

מ. דער ביאור אין די צוויי פירושים וואס זיינען דא אין "לארקא ולאמשכא ולאנהרא":

אין דער הערה רעדט ער וועגן דעם אות יו"ד, מיטן מילוי פון דעם יו"ד, וואס דאס זיינען די אותיות וא"ו און דל"ת.

וואס בנוגע צו דעם ענין פון מילויים, געפינט מען צוויי אופנים, כמבואר אין די דרושים פון ר"ה אין סידור[159]:

דארטן רעדט זיך וועגן דעם ענין פון "אד' שפתי תפתח"[160], אז דער אות אל"ף איז פארבונדן מיט דעם קול השופר, וויבאלד אז די הברה פון א' איז א קול פשוט.

וואס אע"פ אז אין אל"ף איז דא דער מילוי פון ל' און ף' (ניט נאר די הברה פון דעם א') - איז אבער א נפק"מ צי מ'זאגט דעם ווארט אל"ף בגילוי ובפ"ע, וואס דעמולט שטייט דער מילוי פון דעם ל' מיטן ף' מערער בגילוי; דערנאך איז אבער דא ווי דער אות א' שטייט אין דעם ווארט "אמר", וואס דעמולט זאגט מען די הברה פון דעם א' אן דעם מילוי פון ל' און ף' - ס'איז טאקע אן אות וואס האט דעם מילוי פון ל' און ף', אבער דער מילוי שטייט אין אן אופן של העלם.

און דאס זיינען די צוויי פירושים וואס זיינען דא אין "לארקא ולאמשכא ולאנהרא": איין פירוש איז ווי דער אות יו"ד שטייט אלס הכרה פון י', וואס דארטן איז טאקע אויך דא דער מילוי פון דעם ו' מיטן ד', דאס איז אבער מער בהעלם (וואס דאס איז דער ביאור וואס האט זיך גערעדט בשבת שעברה); און דער צווייטער ביאור איז ווי דער אות יו"ד שטייט בגילוי ובפ"ע, וואס דעמולט שטייט דער מילוי פון דעם ו' מיטן ד'

- כ'ער -

---

158) ראה פרש"י ד"ה לקרבן - חולין שם. 159) רלו, רע"ג ואילך. 160) ל' הכתוב - תהלים נא, יז.



הנחת הת' בלתי מוגה

מער בגילוי (וואס דאס איז דער ביאור וואס האט זיך גערעדט א פריערדיקן מאל).

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו יסו"א (וואס וועגן דעדויף רעדט זיך אין דער הערה), אז ס'איז דא ווי יסו"א שטייט אין אבא, און ס'איז דא דער ענין וואס איז מבואר אין חסידות[161] בנוגע צום ווארט "יהי" פון "המגביהי", אז דאס גייט אויך אויף יסו"א, אבער דאס איז ווי ער שטייט בגלוי אין אן אנדער אופן.

און דא דארף מען געפינען דעם ביאור וואס איז דער חילוק צווישן יסו"א ווי ער שטייט אין אבא, אדער ווי ער שטייט אין יסוד ז"א, וואס אין כאן המקום להאריך בזה (ובפרט אז איך האב נאך ניט געפונען דעם ביאור בזה אין ספרי קבלה וחסידות).

מא. דער ביאור אין דער משנה:

וויבאלד אז די משנה הויבט אן מיט "עשרה נסים נעשו לאבותינו בבית המקדש", און זי איז מסיים מיט נסים וואס זיינען געווען אין ירושלים, איז פארשטאנדיק, אז די נסים וואס זיינען געווען אין ירושלים, האבן א שייכות צום ביהמ"ק (כנ"ל סכ"ב).

אנהויבנדיק פון דעם ערשטן נס "לא הפילה אשה מריח בשר הקודש", וואס דאס איז א נס וואס האט זיך אנגעהויבן פון ביהמ"ק, נאר דאס האט געהאט השפעה אויף גאנץ ירושלים:

אפי' ווען מ'האט ארויסגענומען דעם "בשר הקודש" מחוץ לביהמ"ק (אויב ס'איז קדשים קלים), איז מצד דערויף וואס דאס איז געווען "בשר הקודש", א קרבן וואס מ'האט מקריב געווען אין ביהמ"ק, איז געווען דער נס אז "לא הפילה אשה מריח בשר הקודש", ד.ה. אז דער נס האט זיך אנגעהויבן פון ביהמ"ק, ער איז אבער נמשך געווארן אין גאנץ ירושלים.

עד"ז אויך בנוגע צום נס אז "לא הסריח בשר הקודש מעולם": ניט נאר ווען דער "בשר הקודש" איז געווען אין ביהמ"ק איז "לא הסריח", נאר אפי' ווען מ'האט אים ארויסגענומען פון ביהמ"ק אין ירושלים (ביי קדשים קלים), איז מצד דערויף וואס דאס איז געווען "בשר הקודש" איז "לא הסריח", ד.ה. אז דער נס האט זיך גענומען פון ביהמ"ק, ער איז אבער נמשך געווארן אין גאנץ ירושלים.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו די צוויי נסים

- וואס -

---

161) תו"א מקץ מ, א.

וואס זיינען געווען אין ירושלים, "לא הזיק נחש ועקרב בירושלים" און "לא אמר אדם לחבירו צר לי המקום שאלין בירושלים" - אז די התחלה פון די נסים האט זיך אנגעהויבן פון "בית המקדש" (כדלקמן סמ"ב-ד).

ועפ"ז איז פארשטאנדיק דאס וואס די משנה רעכנט ניט אויס נאך נסים וואס זיינען געווען אין ירושלים (ווי די גמרא דערמאנט אין יומא ובכ"מ) - ווארום די משנה רעכנט אויס אזוינע נסים וואס האבן זיך גענומען און זיינען געווען פארבונדן מיט קדושת המקדש;

נאר אין דערויף גופא זיינען דא נסים וואס האט געטראפן אין ביהמ"ק, און נסים וואס האבן דערגרייכט נאך ווייטער, ד.ה. אז קדושת המקדש איז געווען עד כדי כך אז דאס האט אויפגעטאן אן ענין של נס אויך מחוץ לביהמ"ק (אין ירושלים); משא"כ די נסים וואס זיינען געווען אין ירושלים אבער זיי זיינען ניט געווען פארבונדן מיט קדושת המקדש - רעכנט זיי ניט די משנה.

און קושית הגמרא "פתח במקדש וסיים בירושלים" - איז אויף סגנון הלשון, אז וויבאלד די משנה הויבט אן מיטן "בית המקדש", האט זי אויך געדארפט מסיים זיין מיטן "בית המקדש" - אז די נסים זיינען געווען "בירושלים מפני קדושה המקדש" וכיו"ב;

אבער מצד דעם תוכן המשנה [ובפרט לויט ווי דער רמב"ם[162] איז מבאר אז די משנה איז געשריבן געווארן בלשון קצרה, און ס'איז א מועט המחזיק את המרובה], איז פארשטאנדיק אז מפרשי המשנה דארפן ניט באווארענען קושיה הגמרא, ווארום מ'קען זאגן בפשטות אז דער נס האט זיך אנגעהויבן פון דעם ביהמ"ק, און ער איז נמשך געווארן אין גאנץ ירושלים.

מב. דער ביאור אין דעם נס וואס "לא אמר אדם לחבירו צר לי המקום שאלין בירושלים" - אז דאס איז פארבונדן מיטן ביהמ"ק:

וויבאלד אז די משנה זאגט "לא אמר אדם לחבירו כו'", און מאכט ניט אין דעדויף קיינע חילוקים, איז פארשטאנדיק, אז אפי' ווען אין ירושלים איז געווען דער מספר הכי גדול פון בנ"א, איז אויך געווען דער נס אז "לא אמר אדם לחבירו צר לי המקום שאלין בירושלים".

ווען איז געווען אין ירושלים דער מספר הכי גדול פון בנ"א - איז פארשטאנדיק אז דאס איז געווען ווען מ'איז

- געקומען -

---

162) בהקדמתו לפיהמ"ש ד"ה אח"כ ראה.

געקומען עולה לרגל זיין, וואס דער ענין פון עלי׳ לרגל איז פארבונדן מיטן ביהמ"ק.

און דאס וואס "לא אמר אדם לחבירו צר לי המקום שאלין בירושלים", איז פארבונדן מיטן נס וואס איז געווען אין ביהמ"ק, אז "עומדים צפופים ומשתחוים רוחים":

די קדושה פון ביהמ"ק האט גע׳פועל׳ט אז דארטן זאל זיין דער נס פון "עומדים צפופים ומשתחוים רוחים", ד.ה. אז דער מקום זאל ניט בלייבן אין זיין הגבלה, נאר ער זאל ווערן גרעסער - און דער נס האט געהאט השפעה אויף גאנץ ירושלים בנוגע צו דעם ענין המקום, אז "לא אמר אדם לחבירו צר לי המקום שאלין בירושלים".

ד.ה. וויבאלד אז דער ביהמ"ק האט גע׳פועל׳ט א שינוי אין מקום - האט דאס אויך גע׳פועל׳ט א שינוי אין דעם מקום מיט וועלכן דער ביהמ"ק איז פארבונדן, וואס דאס איז גאנץ ירושלים [ווי געבראכט פריער (סכ"ג) אז אין אונזער סדרה ווערט דער ביהמ"ק אנגערופן מיט א לשון וואס גייט אויף גאנץ ירושלים].

מג. בנוגע צו דעם נס "לא אמר אדם לחבירו צר לי המקום שאלין בירושלים" - איז לכאו׳ ניט פארשטאנדיק:

די משנה האט געדארפט זאגן א גרעסערן נס, אז אין ירושלים איז דער מקום ניט געווען צר - פארוואס זאגט די משנה "לא אמר אדם לחבירו צר לי המקום", וואס דערפון איז משמע אז בפועל איז דער מקום געווען צר, נאר דער נס איז געווען אז "לא <u>אמר</u> אדם לחבירו צר לי המקום"?

וועט מען דאס פארשטיין - בהקדים:

די זעלבע קשיא איז אויך דא בנוגע צו דעם נס פון "עומדים צפופים ומשתחוים רוחים": וויבאלד אז ס׳איז געווען דער נס פון "משתחוים רוחים", איז פארוואס איז געווען "עומדים צפופים", לכאו׳ האט געדארפט זיין דער נס אז ס׳זאל אויך זיין "עומדים רוחים"?

מוז מען זאגן אז "לא עביד קוב"ה ניסא למגנא"[163], און דערפאר וויבאלד ס׳איז ניט געווען מוכרח אז ס׳זאל זיין א נס פון "עומדים רוחים", איז טאקע געווען "עומדים צפופים";

ווען ס׳איז אבער געקומען צו "משתחוים", וואס דעמולט איז געווען א הכרח אז ס׳זאל זיין א נס פון "משתחוים

- רוחים" -

------------

163) ראה דרשות הר"ן דרוש ח׳.

רוחים", ווי מפרשי המשנה זיינען מסביר אז דער הכרח בזה איז געווען כדי אז איינער זאל ניט הערן דעם וידוי פון דעם צווייטן - איז געווען דער נס פון "משתחוים רותים".

ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צום נס פון "לא אמר אדם לחבירו צר לי המקום":

ס'איז פארשטאנדיק בפשטות, אז בשעת אידן זיינען געקומען אין ירושלים עולה לרגל זיין, איז געווען אין ירושלים א מורא'דיקער עולם, און ע"פ טבע האט דארטן געדארפט זיין ענג, ווארום ס'איז ניט געווען וואו צו א קער טאן זיך.

איז בשעת א איד איז געקומען אין ירושלים, אין "עיר שחוברה לה יחדיו"[165], האט ביי אים געדארפט זיין א חביבות הכי גדולה בנוגע צו ירושלים, ווארום דאס איז די שטאט וועלכע דער אויבערשטער האט בוחר געווען אין דער ארץ וועלכע דער אויבערשטער האט בוחר געווען.

און ע"פ טבע האט געדארפט זיין אז אים זאל זיין ענג און ניט געשמאק, דערפאר וואס דארטן זיינען געווען אזוי פיל מענטשן (אין דעם שטח מסוים פון ירושלים), ובפרט אז ס'זיינען דא ענינים וואס א מענטש וויל זיי טאן בצנעה (ע"ד ווי דער דין איז[166] בנוגע צו סוכות, אז בשעת אשתו עמו, דעמולט איז ער מצטער מן הסוכה, ובמילא דארף ער זיין בביתו)

און אין דערויף איז באשטאנען דער נס, אז די חביבות פון ירושלים איז געווען אויף אזוי פיל, ביז אז "לא אמר אדם לחבירו צר לי המקום"; דאס וואס בפועל איז דארטן געווען ענג, האט דאס ניט געשטערט צו דער חביבות פון ירושלים.

וואס דאס איז בדוגמא צום נס וואס איז געווען אין ביהמ"ק אז "עומדים צפופים ומשתחוים רוחים" (וואס דערפון האט זיך גענומען דער נס אין ירושלים אז "לא אמר אדם לחבירו צר לי המקום" (כנ"ל סמ"ב)):

בשעת ס'איז ניט געווען קיין הכרח צו מאכן אן ענין של נס, איז טאקע געווען "עומדים צפופים", ווען ס'איז אבער געווארן א הכרח מאכן אן ענין של נס, כדי אז דער צווייטער זאל ניט הערן זיין וידוי, איז געווארן דער נס אז "משתחוים רותים".

ועד"ז בנדו"ד: בשעת מ'דארף האבן אז ירושלים זאל זיין - חביב -

---

164) פרש"י, מחז"ו, רע"ב, מד"ש - לאבות כאן. 165) ל' הכתוב - תהלים קכב, ג. 166) שו"ע אדה"ז או"ח סתרל"ט ס"ט.

חביב ביי א אידן, איז ניטא קיין הכרח צו מאכן א נס אז ס'זאל ניט זיין צר בפועל, דער הכרח איז נאר אז דער איד זאל צונעמען די ענגקייט מיט א חביבות - און אין דערויף איז באשטאנען דער נס אז "לא אמר אדם לחבירו צר לי המקום": בפועל איז טאקע געווען ענג, ער האט אבער ניט געזאגט לחבירו "צר לי המקום", וויבאלד אז ביי אים איז ירושלים געווען חביב.

וואס אע"פ אז בפועל איז טאקע געווען ענג, ווארום מה-דאך אז אין ביהמ"ק איז געווען "עומדים צפופים" - וואס אין ביהמ"ק האבן ניט געדארפט אריינגיין אלע אידן צוזאמען, ווארום איינער האט געקענט מקריב זיין דעם קרבן פריער, און דער צווייטער שפעטער וכו', און אעפ"כ איז דארטן געווען "עומדים צפופים";

איז עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן "<u>אלין</u> בירושלים", וואס <u>אלע</u> אידן וואס האבן מקריב געווען עולת ראי' במשך היום, האבן געדארפט בלייבן נעכטיקן אין ירושלים - איז פארשטאנדיק אז דארטן איז מען אויך געווען "צפופים".

ווארום אע"פ אז דער שטח פון גאנץ ירושלים איז א סאך גרעסער פון דעם שטח פון ביהמ"ק - איז אבער פארשטאנדיק אז ווען ס'האט זיך גערעדט וועגן "<u>אלין</u> בירושלים", איז דער מספר האנשים געווען גדול ביותר, כולל אויך די קטנים וואס זיינען געקומען אין ירושלים, צוזאמען מיט "אשה בעלה משמחה"[167] וואס זיי זיינען געקומען צוזאמען מיט די קטנים [ווי גערעדט בארוכה אין א פריערדיקע התוועדות[168] בנוגע צו א קטן ביז שש שנים וואס ער איז "צריך לאמו"[169], אז הגם אז "אינו יכול לאחוז בידו של אביו ולעלות מירושלים להר הבית", קומט ער אבער צוזאמען מיט אמו אין ירושלים[170]] -

איז דאך פארשטאנדיק, אז אויב אין ביהמ"ק איז געווען "עומדים צפופים", אע"פ אז מ'האט דארטן ניט געדארפט אריינ-גיין אלע צוזאמען, איז עאכו"כ אז ווען ס'איז געווען "<u>אלין</u> בירושלים", איז מען געשטאנען אין אן אופן פון "צפופים" - און אעפ"כ איז "לא אמר אדם לחבירו צר לי המקום", מצד גודל החביבות פון ירושלים.

און דאס איז דער דיוק "לא אמר <u>אדם לחבירו</u> כו'":

עס רעדט זיך וועגן אן "אדם", וואס דאס איז תכלית

- השלימות -

------------

167) ר"ה ו, סע"ב. קידושין לד, ב. 168) ראה לקו"ש קדושים ש.ז. ס"ו. וש"נ. 169) ראה עירובין פב, סע"א. סוכה כח, ב. 170) חגיגה ו, רע"א.

השלימות צווישן די פיר תוארים אדם גבר איש אנוש, כמבואר בכ"מ[171], און דער "אדם" רעדט מיט "חבירו", ד.ה. אז יענער איז אין זיין דרגא.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אפי' אויב ער וועט אים זאגן אז אין ירושלים איז געווען "צר לי המקום", איז ניטא וואס צו מורא האבן אז ער וועט האבן ניט קיין גוטן יחס צו ירושלים (ווארום עס רעדט זיך וועגן "אדם לתבירו") -

און אעפ"כ איז געווען דער נס אז "לא אמר אדם לחבירו צר לי המקום", וויבאלד אז ירושלים איז געווען ביי אים אויף אזוי פיל חביב, ביז אז "לא אמר אדם לחבירו צר לי המקום".

מד. דער ביאור אין דעם נס "לא הזיק נחש ועקרב בירושלים" - ווי דאס איז פארבונדן און נעמט זיך פון קדושת ביהמ"ק:

דער ענין פון "נחש" באווייזט אויף היפך השלום והאחדות, ווי ס'שטייט[172] "ואיבה אשית בינך ובין האשה", און דער ענין פון לשון הרע איז פארבונדן מיטן "נחש"[173].

און דער ענין פון ירושלים איז "עיר שחוברה לה יחדיו", ווי די גמרא זאגט "עיר שהיא עושה כל ישראל לחברים", וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון עלי' לרגל (ווי די גמרא זאגט דארטן "ובלבד בשעה ששם עלו שבטים", וואס דאס מיינט בשעת הרגל[175]), וואס עלי' לרגל איז פארבונדן מיטן ביהמ"ק.

וואס דערפאר זאגט מען אז בשעת הרגל זיינען אלע אידן, אפי' ע"ה, נאמנים על הטהרות ועל התרומה - אע"פ אז לאחרי הרגל "מטבילין את הכלים שהיו במקדש"[176], ביז וואנעט אז מ'פלעגט זאגן די ע"ה "הזהרו שלא תגעו בשולחן"[177] - וויבאלד אז ירושלים איז "עיר שחוברה לה יחדיו", "עיר שהיא עושה כל ישראל לחברים"[178].

און דערפאר איז "לא הזיק נחש ועקרב בירושלים": ס'איז געווען די מציאות פון א נחש, ער האט אבער ניט מזיק געווען, ווארום דער היזק פון א נחש באשטייט אין דעם ענין פון "איבה אשיה", דער ענין פון לשון הרע, "הולך רכיל"[179] "משלה

- מרנים" -

---

171) דאה ספר הערכים - חב"ד כרך א ערך אדם ס"ה-ס (ע' קמח ואילך). וש"נ. 172) בראשית ג, טו. 173) דאה מד"ש לאבות כאן. 174) ירושלמי חגיגה פ"ג ה"ו. 175) פנ"מ וקה"ע לירושלמי שם. 176) ירושלמי שם ה"ח. 177) פנ"מ וקה"ע לירושלמי שם. 178) דאה גם מד"ש לאבות כאן. 179) ל' הכתוב - משלי יא, יג. כ. יט.

מרנים"[180], היפך הענין פון אחדות און אהבת ישראל - און דער היזק האט נים געקענט זיין אין ירושלים, ווארום ירושלים איז אן "עיר שהיא עושה כל ישראל לחברים", האט דאס מבטל געווען דעם היזק פון נחש.

און דאס איז א נס וואס הויבט זיך אן און איז פארבונדן מיטן ביהמ"ק, ווארום דאס וואס ירושלים איז אן "עיר שהיא עושה כל ישראל לחברים", איז פארבונדן מיט דעם ענין פון עליי׳ לרגל (כנ"ל), וואס עליי׳ לרגל איז פארבונדן מיטן ביהמ"ק - און פון דעם ביהמ"ק איז דאס נתפשט געווארן אין גאנץ ירושלים.

עד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו "עקרב":

נחש און עקרב זיינען א דבר והיפוכו: נחש איז פארבונדן מיט חמימות, זיין ארס איז שורף אזוי ווי אש, ווי מ׳געפינט בנוגע צו די "נחשים השרפים"[181] - משא"כ עקרב איז ענינו קרירות, ווי די גמרא[182] זאגט בנוגע צו "כימה" וואס דאס איז עקרב[183], ד.ה. אז ער גיט ארייך אזוי פיל קרירות ביז וואנעט אז דאס פועל׳ט דעם היפך החיים.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז פונקט ווי אין ירושלים קען נים מזיק זיין דער תוקף החמימות, דער ענין פון נחש, אזוי קען אויך נים מזיק זיין דער קצה ההפכי דערפון - דער תוקף הקרירות, דער ענין פון עקרב.

מה. ע"פ האמור לעיל אז אין דער משנה זעט מען ווי ירושלים איז פארבונדן מיט דער קדושה פון ביהמ"ק - איז פארשטאנדיק, אז אזוי ווי קדושת המקדש וואס איז "מפני השכינה" ווערט קיינמאל נים בטל, איז עד"ז אויך בנוגע צו גאנץ ירושלים, אז עס ווערט קיינמאל נים בטל, ווי דער רמב"ם זאגט אז "קדושת המקדש <u>וירושלים</u> מפני השכינה ושכינה אינה בטלה".

ביז וואנעט אז ס׳איז דא א גירסא אין דער משנה "ולא הזיק נחש ועקרב בירושלים <u>מעולם</u>", און ווי מפרשים[184] זיינען מסביר אז דאס איז אפי׳ לאחרי חורבן ביהמ"ק - ווארום די קדושה וואס האט זיך אויפגעטאן אין ירושלים דורך דעם ביהמ"ק, איז אין אן אופן נצחי, און דערפאר איז דאס אויך "מעולם".

און אפי׳ לויט דער גירסא פון דעם אלטן רבי׳ן אז

- ס׳שטייט -

---

180) ל׳ הכתוב - שם ו, יט. וראה פרש"י עה"פ קדושים יט, טז. 181) חקת כא, ו ובפרש"י. 182) ברכות נח, ב. 183) פרש"י ד"ה עקרב - ברכות שם. 184) מד"ש ותפא"י לאבות כאן.

מ׳שטייט ניט "מעולם" (נאר דאס איז געווען מערניט ווי בזמן שביהמ"ק הי׳ קיים) - איז אבער פארשטאנדיק אז וויבאלד אין ביהמ"ק איז דא דער ענין הנצחיות, פועל׳ט דאס אויך אויף גאנץ ירושלים, ווארום די קדושה איז "מפני השכינה ושכינה אינה בטלה".

מו. ויה"ר אז מ׳זאל זעהן בפועל די נצחיות וואס איז דא אין ירושלים, צוזאמען מיט דער נצחיות וואס איז דא אין ביהמ"ק, ווארום די קדושה איז "מפני השכינה ושכינה אינה בטלה".

און אזוי ווי אין אלע ענינים, אז פריער זעט מען דאס אין עבודה רוחנית פון אידן, און דערנאך קומט דאס אראפ בפועל, למטה מעשרה טפחים, אין גשמיות הענינים,

[בדוגמא ווי מ׳זאגט אז דורך דערויף וואס מ׳איז זיך עוסק אין "הליכות עולם"[185], מ׳לערנט די הלכות פון ביהב"ח, און דורך דעם וואס מ׳איז מתפלל, וואס "תפלות כנגד תמידין תקנום"[186] - איז דאס מזרז און ברענגט אראפ דעם "ושם נעשה לפניך כמצות רצונך"] -

זאל אזוי אויך זיין אין דעם ענין - אז מ׳זאל זעהן בפועל ביי יעדער אידן, ובפרט ביי די אידן וואס געפינען זיך אין ירושלים עיה"ק, אז אין זייער עבודה הרוחנית זאל זיך אנזעהן בגילוי אז זיי זעהן אז דאס איז דער "מקום אשר יבחר ה׳ אלקיכם בו לשכן שמו שם"[187] - וואס דעמולט וועט זייער הנהגה זיין באופן המתאים לזה - ווי איינער וואס געפינט זיך אין "פלטרין של מלך", און זעט אז "שויתי ה׳ לנגדי תמיד"[188] (וואס דאס איז די התחלה פון דעם ערשטן סעיף אין דעם ערשטן סימן אין דעם ערשטן חלק פון שו"ע).

און בקרוב ממש ובעגלא דידן וועט דאס אויך אראפברענגען די ענינים ווי זיי זיינען בגשמיות כפשוטם - די גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, וואס "ילחם מלחמות ה׳ וינצח", "ויבנה מקדש במקומו ויקבץ נדחי ישראל"[189], "והיתה לה׳ המלוכה"[190], בעגלא דידן ממש.

צוה לנגן לכתחילה אריבער. עוצו עצה ותופר.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניקאווא.

* * *

- מז. -

---

185) ראה מגילה כח, סע"ב. 186) ברכות כו, ב.
187) פרשתנו יב, יא. 188) ל׳ הכתוב - תהלים טז, ח.
189) רמב"ם הל׳ מלכים ספי"א. 190) עובדי׳ א, כא.

מז. פארן סיום וויל מען דערמאנען נאכאמאל בנוגע צו "מבצע חינוך" - אנהויבנדיק פון חינוך עצמו, און דערנאך אויך טאן כל האפשרי בנוגע צו מכריז זיין ומדגיש זיין דעם גודל ענין החינוך, דורך דער הכרזה פון "יום החינוך" בכל המדינות, בכל הפלכים, בכל העיירות והשכונות, ובכל מקום שהיד מגעת,

ביז אז ס׳וועט זיין אין אן אופן פון "ומלאה הארץ דעה את ה׳"[191], אז יעדער אידישער קינד, סיי קליין און סיי גרוים, וועט אריינגיין אין חינוך הכשר, און דערנאך נאכמער - אין חינוך על טהרת הקודש.

ביז אז מ׳וועט אויך פועל׳ן אויף כל עמי הארץ, אז ס׳וועט זיין "אהפוך אל עמים שפה ברורה גו׳ לעבדו שכם אחד" - דורך הפצת עניין החינוך אין צוזאמענהאנג מיט די שבע מצווה דידהו מיט כל הסעיפים והסניפים והפרטים שבזה,

און דורך דעם וועט מען מחנך זיין די גאנצע וועלט אויף מקבל זיין פני משיח צדקנו, ובקרוב ממש.

מח. די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה, און דערמאנען אויך "ביום ראש החודש הזה".

און ס׳זאל זיין א חודש שמח - נוסף לזה וואס ס׳וועט זיין א חודש מוצלח בנוגע צו אלע עניינים פון חודש אלול.

און ווי עס ברענגט זיך אראפ אין אחרונים (און "מנהג ישראל תורה הוא") אז פון ר"ח אלול ווינטשן זיך אידן א שנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה למטה מעשרה טפחים בכל הפרטים - און דער אויבערשטער איז ממלא ברכת בני ובנות ישראל כל אחד לרעהו וכל אחת לרעותה -

כולל אויך די ברכה פון דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו, בקרוב בימינו ממש.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

------------

191) ישעי׳ יא, ט.

בס"ד. קטע משיחת מוצאי ש"פ ראה, אדר"ח אלול ה'תשל"ח.

<u>הנחת הת' בלתי מוגה</u>

א. כאן המקום להוסיף בנוגע צו דעם וואס מ'האט גערעדט פריער[1] וועגן דעם ענין פון "מבצע חינוך", אויף וויפל ס'איז נוגע אז דאס זאל נתפשט ווערן בכל העולם כולו:

מ'האלט זיך אין איין קאכן וועגן דעם וואס אין עטליכע טעג ארום דארפן זיך צוזאמענקלייבן די דריי ראשים אין עיר הבירה וכו'.

וואס דאס איז א גאנצע קאפ-דרייעניש מיט א קאפ-ווייטאג - מ'ווייסט ניט ווען מ'וועט זיך צוזאמענקלייבן און וואס מ'וועט דארטן רעדן, און ס'זיינען שוין געווען אין דעם כו"כ שינויים, און מ'ערווארט נאך כמה שינויים במשך פון די טעג ביז רעם צוזאמענקלייבן זיך, און קיינער ווייסט ניט קיין טאלק וואס מ'וועט דארטן רעדן וואס מ'וועט ניט רעדן,

מ'ווייסט נאר אז מיום ליום ווערט דער ענין אלץ מער פארפלאנטערט, און מיום ליום זעט מען מער ווי "חסד לאומים חטאת"[2] - דאס איז א דבר ברור וואס מ'זעט שוין איצטער, ובפרט לאחרי די שינויים וואס זיינען געווען בימים האחרונים, ולאחרי די שינויים וואס מ'ערווארט בדרך הטבע אין די טעג ביז ווען מ'וועט זיך צוזאמענקלייבן.

און די גאנצע צרה וואס מ'דארף אנקומען צו דעם צוזאמענקלייבן זיך - דערפאר וואס ס'פעלט דער ענין החינוך:

ווען ס'וואלט געווען דער ענין החינוך כדבעי, וואלט געווען א מעמד ומצב פון "לא ישא גוי אל גוי חרב"[3], ס'וואלט ניט געווען דער גאנצער ענין פון מחבלים, און ס'וואלט ניט געווען דער גאנצער ענין פון צונעמען א זאך וואס געהערט צו א צווייטן (צונעמען די "נחלת עולם" וואס איז געגעבן געווארן צום "עם עולם" פון "אלקי עולם"),

און דעמולט וואלט מען פארשפארט צוזאמענקלייבן זיך און זאגן האלב אמת און האלב היפך האמת, און רעדן אחד בפה ואחד בלב, און ניט וויסן נאך וואס מ'פארט און מיט וואס מ'פארט און מיט וואס מ'וועט אוועקפארן, נאר מ'פארלאזט זיך אז מסתמא וועט זיך דאס אויסלאזן לויט ווי יעדערער וועט קענען ארום-דרייען יענעם און אויסדרייען זיך וכו', וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

וואס דאס איז די ערשטע זאך וואס מ'קען שוין אפלערנען

- פון -

---

1) בהשיחה סי"ג ואילך. 2) משלי יד, לד. 3) ישעי' ב, ד.

פון דער פגישה - דער גודל ההכרח און אויף וויפל ס׳איז נוגע אז ס׳זאל זיין דער ענין החינוך כדבעי בכל העולם כולו (ווארום ווען ס׳וואלט געווען דער ענין החינוך כדבעי, וואלט מען ניט געדארפט אנקומען צום גאנצן ענין).

און דאס וואס מ׳וועט אפלערנען דערנאך פון די מסקנות והחלטות - איז (כאמור) אפי׳ העומדים בראש פון דער פגישה ווייסן אויך ניט דאס וואס זיי וועלן מציע זיין, ווארום "אין אדם יודע מה בלבו של חבירו"[4], ער ווייסט ניט וואס דער צווייטער טראכט, במילא איז ער אים חושד מיט אלע ענינים וואס ער וואלט אים אפגעטאן, ווארום "כל הפוסל במומו פוסל"[5] - ועאכו"כ אז קיינער ווייסט ניט דאס וואס איז עומד להתרחש בעולם.

ויה"ר אז די אלע שינויים וואס וועלן זיין בימים אלו [וואס זיי האבן דאך מורא פאר אנדערע שינויים, לויט ווי ס׳קוקט אויס בדרך הטבע היל"ת] - זאלן זיין שינויים בטוב הנראה והנגלה.

ב. אזוי ווי תורה איז מבטיח אז בשעת מ׳הויבט אן טאן א גוטע זאך, און אפי׳ גלייך ווען מ׳איז מחליט צו טאן די זאך, ווערט דאס פארעכנט למעלה פונקט ווי די זאך האט זיך שוין אויפגעטאן,

ווי גערעדט אמאל בארוכה[6] דעם פס"ד אין שו"ע[7] בנוגע צו אן ענין של תענית, אז בשעת מ׳טאר ניט פאסטן "שלא לשבר כוחם", ווארום מ׳דארף האבן אז דער כח הגוף זאל זיין בשלימותו (ווארום ס׳איז א מעמד ומצב וואס אויף צו ניצל ווערן דערפון דארף מען אנקומען צום תוקף הגוף) - זאל מען מחליט זיין אז מ׳וועט פראווען דעם תענית נאך דערויף וואס ס׳וועט דורכגיין דער מעמד ומצב וואס מ׳מוז האבן דעם תוקף הגוף,

און מ׳לערנט דאס אפ פון א פסוק אין דניאל[8], אז בשעת מ׳איז מחליט צו טאן א געוויסע זאך, איז אע"פ אז די מעשה בפועל וועט ערשט זיין לאחרי זמן, אעפ"כ, וויבאלד אז "ה׳ יראה ללבב"[9], זעט דער אויבערשטער אז דערנאך וועט ער דאס מקיים זיין, ובמילא האט ער שוין די תועלת מיטן שכר אויף דער החלטה, פונקט ווי די זאך האט זיך שוין אפגעטאן בפועל -

איז עד"ז אויך בנוגע לענינגו:

- בשעת -

---

4) פסחים נד, ריש ע"ב. 5) קידושין ע, א. 6) שיחת אור ליום ועש"ק פ׳ מטו"מ, מבה"ח מנ"א, כ"ד תמוז ה׳תשל"ו.
7) סתקע"א ס"ג. 8) י, יב. 9) ש"א טז, ז.

בשעת מ׳וועט מחליט זיין א החלטה טובה בנוגע צו חינוך עצמו, און בנוגע צו חינוך זולתו (וויבאלד אז ס׳דארף זיין "ואהבת לרעך כמוך"[10]), ביז צו אויפטאן ככל האפשרי בנוגע צום ענין החינוך בכל העולם כולו,

איז אע"פ אז דערווייליע איז דאס מערניט ווי א החלטה, אעפ"כ, וויבאלד ס׳איז א החלטה תקיפה ע"מ צו דורכפירן איר בפועל, און דער אויבערשטער (וואס "יראה ללבב") זעט שוין אז מ׳וועט דאס טאקע דורכפירן בפועל - האט מען שוין די תועלת דערפון פונקט ווי די זאך וואלט זיך שוין אפגעטאן בפועל -

אז מצד דערויף וואס "לב מלכים ושרים ביד ה׳"[11], וועט דאס ארויסקומען בטוב הנראה והנגלה לטובת עם ישראל בכל מקום שהם - וואס דאס איז אויך די אמת׳ע טובה פון כל העולם כולו,

בדוגמא ווי ס׳שטייט אין מדרש[12] (און אין גמרא[13] בנוגע צו חגה"ס), אז ווען אוה"ע וואלטן געוואוסט די תועלת וואס זיי האבן פון דעם ביהמ"ק, וואלטן זיי מקיף געווען דעם ביהמ"ק מיט לגיונות, און ניט צוגעלאזט אז מ׳זאל אנרירן דעם ביהמ"ק,

וואס עד"ז איז אויך בנוגע צו אידן בכלל, אז וויבאלד אידן זיינען דער "לב" פון כל העולם כולו, ווי ער זאגט אין זהר[14], איז פארשטאנדיק, אז בשעת ס׳קומט ארויס א טובה פאר אידן (דער "לב" פון כל העולם), קומט דערפון ארויס א טובה לכל העולם כולו.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די החלטה צו טאן אין דעם ענין פון חינוך, איז נוגע אויך צו דער פגישה (ווען זי וועט פארקומען) - אז ניט קוקנדיק אויף דעם "עוצו עצה" וועט זיין דער "ותופר", ווארום "כי עמנו א-ל"[15], און דורך דערויף וועט אויך ארויסקומען א טובה לכל העולם כולו,

כולל אויך די וואס "עוצו עצה", דערפאר וואס זיי רעכנען אז דורך דערויף וואס מ׳וועט אנרירן די "נחלת עולם" וואס געהערט צום "עם עולם", וועט איימיצן ארויסקומען דערפון א טובה -

כמדובר כמ"פ אז פון אן ענין של "גזל" קען ניט

- ארויסקומען -

------------

10) קדושים יט, יח. 11) ע"פ משלי כא, א. 12) תנחומא תרומה ט. במדבר ג. במדב"ר פ"א, ג. 13) סוכה נה, ב. 14) זח"ג רכא, ריש ע"ב. 15) ישעי׳ ח, י.

ארויסקומען קיין טובה פאר קיינעם - עאכו"כ ווען מ'האלט שוין אין עקבתא דמשיחא, אין "והי' עקב תשמעון"[16].

ג. און די סברא אז מ'דארף נאכגעבן דערפאר וואס מ'וועט באקומען א הבטחה, ווי מ'האט שוין מבטיח געווען בפה וכו' - איז כדי צו מאכן דעם נסיון לייכטער, האס דער אויבערשטער באוויזן בעיני בשר א דבר מבהיל:

אין צפון זייט פון א"י איז דא א מדינה וואס איז ניט פארבונדן מיט אידן, ס'רעדט זיך וועגן איין גוי מיט א צווייטן גוי, במילא איז דארטן ניט שייך זאגן אז "הלכה היא בידוע שעשו שונא ליעקב"[17], און דערפאר וויל ער טאן להיפך וכו' - ווארום עס רעדט זיך ניט וועגן אידן, און דארטן איז אויך ניטא די שאלה אז מ'האט עפעס צוגענומען ביי אימיצן אדער פארטריבן וכו' - און אעפ"כ, גייט אריין א גאנצער חיל (אן ארמיי) פון א צווייטער מדינה, און הרג'ט אוים רח"ל מיום ליום אנשים חפים מפשע (ניט קיין מענטשן וואס האבן מלחמה געהאלטן מיט זיי, אדער צוגענומען עפעס ביי זיי, נאר אנשים חפים מפשע),

און מ'האט געפונען א תירוץ אז אזוי ווי מ'דארף ברענגען שלום בעולם, און ברענגען צדק ויושר בעולם - ברענגט מען אהינצו אנשי צבא מיט כלי נשק, און מ'שיסט און מ'הרג'ט בידי יום ביוכו אנשים נשים וטף חפים מפשע!

מ'איז ניט דער טייטש אז מ'טוט דאס בלילה באהאלטענער-הייד, און דאס טוט איינער וואס איז א שווארצער, א גרינער, א רויטער מיט אלע תוארים וואס מ'זאגט אויף דערויף - נאר מ'טוט דאס בגלוי לעיני השמש, און אלע שבעים אוה"ע שטייען ארום-און-ארום, און מ'שטורעמ'ט צו זיי און מ'בעט זיך ביי זיי אז זיי זאלן ארויסהעלפן וכו', ואין פוצה פה ומצפצף!

אזוי איז געווען לפני כמה שנים אין אן אנדער מדינה, און אזוי איז געווען רח"ל בנוגע צו אידן - וואס בנוגע צו אידן האט מען געפונען תירוצים, אז "הלכה היא בידוע שעשו שונא ליעקב" וכו', וואס די אלע תירוצים זיינען אינגאנצן ניט מספיק אויף דעם ענין - אבער איצטער איז דער תירוץ אויך ניטא, ווארום עס רעדט זיך ניט וועגן אידן, ס'רעדט זיך וועגן איין אומה מיט א צווייטער אומה.

און די אלע וואס ווילן אז מ'זאל זיך פארלאזן אויף זייער גאראנטיע, און זיי וועלן באווארענען און ניט צולאזן

- אז -

---

16) ל' הכתוב - ר"פ עקב. וראה אוה"ת ר"פ עקב. שם ע' תצא. ריש ע' תקד. 17) פרש"י וישלח לג, ד.

אז מ׳זאל טאן עפעס אן עולה און ניט מקיים זיין די הבטחה - ווייסן זיי אויך פון דעם מעמד ומצב, מ׳בעט זיך ביי זיי אז זיי זאלן עפעס טאן אין דערויף, און אעפ"כ טונקען זיי ניט איין קיין פינגער אין קאלטע וואסער! און דאס איז אן עניין וואס גייט שוין אן וואכן און חדשים, און אין די לעצטע טעג - ביתר שאת וביתר עז.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די וואס ווילן זאגן אז "שלום עכשיו", ווארום ס׳איז דא א פאפיר וואס מ׳זאגט אז מ׳וועט רעדן און מ׳וועט מבטיח זיין (וועט ס׳וועט קומען די צייט, און ע"פ התנאים וואס מ׳וועט זיך דעמולט צוזאמענרעדן) - דארפן זיי וויסן אז א הבטחה בדוגמת זה איז שוין געווען בעבר בנוגע צו אידן, און מ׳האט איר ניט מקיים געווען,

אבער דאס איז שוין אן עניין וואס איז געווען מיט אזוי פיל יארן צוריק - זעט מען אן עניין וואס קומט פאר איצטער אין צפון זייט פון א"י, וואס דאס איז אן עניין גלוי ומפורסם, און מ׳שיקט שלוחים און מ׳רעדט און מ׳בעט זיך אז מ׳זאל עפעס טאן, און אעפ"כ טוט מען קיין זאך ניט כדי אז מ׳זאל ניט הרג׳נען אנשים חפים מפשע, מערניט דערפאר וואס מ׳וויל כובש זיין אן ארץ לא לו - וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז מ׳קען זיך ניט פארלאזן אויף קיינע הבטחות.

ד. נאכמער: דארטן איז מלכתחלה ניטא די טענה אז ס׳איז אן אדם וואו מ׳איז געווען פריער און מ׳וויל זיך אומקערן אהינצו -

משא"כ דא רעדט זיך וועגן חברון, שכם און ירושלים העתיקה, וואס דארטן געפינען זיך צענדליקער טויזנטער ערביים, און זיי געפינען זיך דארטן ע"פ הציווי פון די וואס פירן אן מיט התישבות הארץ, און ס׳איז שוין דורכגעגאנגען צען יאר זינט אידן האבן באקומען דארטן בעה"ב׳-שקייט, און אעפ"כ האבן אידן ניט צוגעלאזט אז אידן זאלן זיך דארטן באזעצן, און געמאכט דערפון א שיטה מיט א חוק -

איז דאך פארשטאנדיק, אז אויב ס׳וועט ווערן עפעס א שינוי, און מ׳וועט געבן די ערביים וואס געפינען זיך דארטן אז זיי זאלן האבן א ממשלה וכו׳ (נאר מ׳וועט באווארענען אז זיי זאלן ניט האבן קיין כלי נשק) - וועלן זיי דאך זיכער טענה׳ן אז לנו הארץ (אז דאס געהערט צו די צענדליקער טויזנטער ערביים וואס געפינען זיך דארטן), טענה׳נדיק אז די גאנצע צייט האבן אפי׳ אידן ניט געלאזט אז אידן זאלן זיך באזעצן דארטן.

ה. די גאנצע צייט האב איך גע׳טומל׳ט וועגן דערויף בחשאי, און ס׳האט לגמרי גארניט געהאלפן - ניט נאר אז ס׳האט ניט

- געהאלפן -

געהאלפן אז מ'זאל דארטן באזעצן הונדערטער מענטשן במשך פון די צען יאר כדי אז ס'זאל ניט איבערייסן די אויגן, נאר ס'האט אפי' ניט געהאלפן אז מ'זאל דארטן באזעצן געציילטע מענטשן!

און די טענה איז געווען "למה תחראו"[18], און מה יאמרו הגוים, דאס קען אויפרייצן די גוים וכו' - לפועל האט מען אבער דערמיט גארניט אויסגעפירט, ווארום מ'האט סיי-ווי אויפגערייצט די גוים, מ'האט נאר געבראכט צו א מעמד ומצב אז מ'האט א לחץ מבהיל, און דער לחץ ווערט גרעסער מיום ליום (ניט נאר משבוע לשבוע):

מיום ליום קומען צוגיין נייע סברות שונות ומשונות, אז כדי מ'זאל זיין שלום און בטחון, כדי ס'זאל זיין "ושכבתם ואין מחריד"[19] - דארף מען שוואכער מאכן די השגחה וואס אידן האבן דארטן אויף די ערביים!

עס רעדט זיך ניט נאר וועגן מדבר סיני (אדער חצי האי סיני, ווי זיי רופן דאס אן), און ניט וועגן אן ארט וואס איז 50 קילאמעטער פון דארטן, וואס דעמולט דארף מען אויס-רעכנען צי מ'קען דערלאנגען אהינצו אדער ניט - עס רעדט זיך וועגן ירושלים העתיקה, וועגן חברון, שכם, ראמאלה, וואס זיי געפינען זיך אין די ד' אמות פון ירושלים החדשה וואס זי איז לעבן ירושלים העתיקה (אין אן אופן פון סמוכה ונראית[20]),

און אעפ"כ קומט צוגיין א איד (אדער א ניט איד) און וויל איינשמועסן אז דורך דעם וואס מ'וועט אראפ-נעמען די השגחה פון די ערביים וואס געפינען זיך דארטן (און מ'וועט זיי לאזן קלייבן נשק) - דעמולט וועט מען האבן מער בטחון און מער שלום!

מה-דאך אז ווען ס'איז געווען מיט יארן צוריק א השגחה הכי חמורה אין ירושלים העתיקה, האט מען דארטן געפונען נשק מיט ארגונים וכו' - כידוע דערפון וואס מ'האט שוין מפרסם געווען, דערפאר וואס מ'האט שוין מער ניט געקענט מעלים זיין (ביז צו דעם כומר הידוע וכו'), און אז מ'וועט זיך נאכפרעגן און אויסגעפינען וויפל מ'האט געכאפט און ניט מפרסם געווען, איז תסמרנה שערות ראשו (עס וועלן זיך שטעלן די האר פון קאפ) -

איז עאכו"כ אז בשעת מ'וועט אראפנעמען פון זיי די - השגחה -

------------

18) ל' הכתוב - מקץ מב, א ובפרש"י. 19) בחוקותי כו, ו. 20) ראה מגילה ב, ב.

השגחה חמורה, און מ׳וועט זיי געבן בעה"ב׳שקייט דארטן - וועלן זיי אויף מארגן קומען און זאגן: איר זייט אלייך מודה אז דער שטח געהערט צו אונז, והראי׳, אז איר האט אזוי געזאגט און גע׳חתמ׳ט און געזאגט אז דאס איז צדק ויושר - ובמילא וועט מען ניט קענען האבן קיין השגחה אז זיי זאלן ניט האבן קיין כלי נשק, מ׳וועט ניט קענען האבן השגחה אויף מחבלים.

די איינציקע זאך וואס מ׳וועט האבן איז - א געשריבענע פאפירדל אז פב"פ האט מבטיח געווען אז ער וועט ניט לאזן אז מ׳זאל מאיים זיין און לוחץ זיין אויף איימיצן - וואס אויף דעם פב"פ וואס איז מבטיח, האבן די זעלבע מחבלים געזאגט אז מ׳וועט אים מאכן מיט א קאפ קירצער!

און אעפ"כ קומט צוגיין איין איד, ועאכו"כ אז, ליידער, זיינען רא מער פון איינעם - און זיי זאגן אז מ׳דארף אראפ-נעמען די השגחה חמורה, און פארלאזן זיך אויף דעם וואס איינער (וואס אלע זאגן אז ער איז ניט קיין בר סמכא) וועט חתמ׳נען א פאפירל - די ערשטע זאך דארף מען אבער אראפנעמען די השגחה חמורה פון די ערביים!

ואין להאריך בדבר המבהיל, ווארום דאס איז ניט קיין ענין וועגן וועלכן מ׳קען זיך אוים׳טענה׳ן ע"פ שכל, דאס איז א זאך וואס האט ניט קיין ארט אין הבנה והסברה.

ו. וכאמור, מ׳מאכט זיך ניט ווימנדיק וועגן דעם נשק און מחבלים וואס מ׳האט געפונען בעבר אין ירושלים העתיקה, אין חברון, ראמאלה און שכם וכו׳, וואס וועגן א טייל דערפון האט מען געמוזט מפרסם זיין ווארום ס׳איז שוין ניט געווען קיין אנדער ברירה, עס איז נאך אבער שלא בערך צו דעם וואס מ׳האט נאך ניט מפרסם געווען.

אבער די וואס דארפן מחליט זיין, און די וואס דארפן פסק׳נען ווי אזוי מ׳דארף זיך פירן, ווייסן דאך דערפון - איז איידער מ׳גייט לוחץ זיין אז מ׳זאל מאכן שוואכער די השגחה דארטן, זאלן זיי זיך נאכפרעגן ווי איז געווען דער מעמד ומצב דארטן במשך פון די צען יאר!

מיט צען יאר צוריק האט מען שוין גע׳טענה׳ט אז אויב מ׳וועט ניט באזעצן אידן אין די אלע ערטער - שלעפט מען ארויף אויף זיך א צרה רח"ל, ווארום דער ניט-באזעצן אידן דארטן האט מערניט ווי איין און איינציקן פירוש - אז דאס געהערט ניט צו אידן היל"ת.

עס רעדט זיך ניט וועגן יהודה ושומרון (אדער ווי זיי רופן דאס אן מצד המערבי, קו הירוק, קו האדום, מיט אלע תוארים לויט וועלכע מ׳וויל פאנאנדערשפאלטן א"י), עס רעדט

- זיך -

זיך וועגן ירושלים העתיקה (וואס די איז אין די ד׳ אבות פון ירושלים סהם), וועגן חברון, שכם, ראמאלה, און וועגן אלע שטעטלאך וואס געפינען זיך בסמיכות ממש צו די ערטער וואו ס׳געפינען זיך דריי מיליאן אידן כ"י אין ארצנו הקדושה.

און אעפ"כ געפינט זיך א איד, אדער (כאבור) צוויי צי דריי אידן, וואס לאזן ניט צו במשך פון צען יאר נאכאנאנד אז אידן זאלן זיך דארפן באזעצן, מיט דער טענה אז "אל התגרה בגוי קטן"[21], ועאכו"כ "בגוי גדול".

ס׳איז קיינמאל ניט געווען אזא גוטע געלעגנהייט צו באזעצן דארטן אידן אזוי ווי ס׳איז געווען מיט עטליכע יאר צוריק, און אפי׳ אזוי ווי ס׳איז געווען נעכטן - האט מען נעכטן ניט צוגעלאזט אז אידן זאלן זיך באזעצן דארטן, און מ׳ווארט אויף מארגן און איבערמארגן - וואס מיום ליום ווערט דאס שווערער, און מ׳איז מגרה דעם יצה"ר, מ׳שלעפט ארויף אויף זיך די גאנצע שווערקייטן רח"ל.

און דערנאך ווען מ׳קומט צופארן אויף דער פגישה, קומט מען מיט א "באגאזש" אז מ׳האט אפגעשטעלט און ניט געלאזט אידן באזעצן זיך אין פוסטע ערטער - ניט קיין ערטער וואו ס׳לעבן ערביים, ס׳האט זיך גערעדט וועגן באזעצן אידן אין פינף ערטער וואס זיינען אין אופן פון שממה, קיינער לעבט דארטן ניט - און די הסברה איז אז דאס וועט שאטן צו די אונטערהאנדלונגען.

ס׳איז פונקט איפכא מסתברא - דורך דערויף גיט מען יענעם א פאפירדל אז אפי׳ בנוגע צו די ערטער וואס דארטן לעבט קיינער ניט, זאגט מען טאקע אז דאס איז א טייל פון א"י, אבער א איד טאר זיך ניט באזעצן דארטן, סיידן אז ער וועט האבן א הסכם פון אן ערבי (אדער א פארשטייער פון אן ערבי)!

ז. דערנאך קומט צו דאס וואס מ׳האט גערעדט כמ"פ במשך השנה (הלוך וחזור):

עס רעדט זיך וועגן בטחון בפועל, למטה מעשרה טפחים, אין דרך הטבע, פון דריי מיליאן אידן כן ירבו!

ס׳זיינען דא אזוי פיל ערביים אין ירושלים העתיקה, אין חברון, אין ראמאלה און אין שכם וכו׳, אזוי פיל מיליאן אראבער געפינען זיך דארטן - און די איינציקע זאך וואס האט אפגעהאלטן (באמיתית הענינים) ביז איצטער, איז - דאס וואס "לא ינום ולא יישן שומר ישראל"[22], סוט ער נסים גלוים למטה

- מעשרה -

------------

21) ראה פסחים קיג, א. 22) תהלים קכא, ד.

מעשרה טפחים (ס'איז אנגעטאן עכ"פ אין א לבוש רק),

ווארום ע"פ טבע האט נים קיין ארט אז די עטליכע וואס האבן דארטן די השגחה, זאל זיך זיי איינגעבן געפינען דארטן נשק און מחבלים, און דארטן וואו מ'האט נאך נים געפונען - איז "תפול עליהם אימתה ופחד"[23] און זיי וועלן דאס נים נוצן,

און מ'פארלאזט זיך אז ווייטער וועלן אויך זיין נסים גלוים, אז דאס וועט אנהאלטן אויך ווייטער אין אן אופן פון "נער קטן נוהג בם"[24] - ואין להאריך בדבר המבהיל.

און אעפ"כ זיינען רא אזוינע וואס זיינען אמאל געווען אין צבא, און זיי זאגן אז על יסוד פון זייער מיינונג, זאל מען ארויסנעמען די אנשי בטחון פון די אלע שטחים, און איבערגעבן די ערביים דעם "משטר אזרחי" (אנפירן מיט די ציווילע זאכן) - איבערגעבן דעם משטר דארטן צו דעם וואס ער אליין איז געווען א מחבל, אדער זיין פאטער צי זיין זון איז א מחבל [ווי מ'האט געפונען מחבלים וואס זיינען קרובים פון כמה ראשי ערים דארטן - ס'איז מערנים וואס מ'איז געפאלן אויף דער המצאה אז מ'זאל דאס נים לאזן מפרסם זיין אין צייטונג, אבער די מציאות בייט זיך נים].

וכמדובר כמ"פ אז איינער וואס איז געווען אין צבא אמאל, ער איז אבער ארוים פון דארטן - איז ער פסול ע"פ דין אויף צו זאגן א מיינונג ווי דארף זיין כצד דער נקודה פון בטחון, ווארום וויבאלד ער איז ארוים פון צבא, ווייסט ער נים ווי איז דער מעמד ומצב דארטן בחדשים האחרונים, אדער עכ"פ ווי דאס איז בשבועות האחרונים און בימים האחרונים.

דערנאך קומט צו דאס וואס מ'האט מגלה געווען אז ס'איז גאר א סברא אז מ'האט זיי געגעבן געוויסע הבטחות, כדי אז זיי זאלן מועל זיין בשליחותם, וואס אין כאן המקום להאריך בזה.

און אפי' אז מ'וועט אנעמען אז דאס האט נים קיין יסוד, און יעדער איד איז בחזקת כשרות[25] - איז ע"פ דין מוז מען האבן א מיינונג פון אן איש צבא, און אן איש צבא וואס זאגט א מיינונג נים אלס פאליטיקער, נאר אלס אן איש צבא, לוים ווי ער ווייסט דעם מעמד ומצב פון דעם צבא ווי דאס איז אין היינטיקן טאג, ווי ס'איז געווען מיט א רגע לפנ"ז, און ווי ער איז משער ווי אזוי דאס וועט זיין מארגן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז איינער וואס איז

- געווען -

---

23) ל' הכתוב - בשלח טו, טז. 24) ל' הכתוב - ישעי' יא, ו. 25) רמב"ם הל' קדה"ח פ"ב ה"ב.

געווען אין צבא מיט וואכן צוריק, קען ער ניט זאגן קיין מיינונג בנוגע צו דעם מעמד ומצב ווי ס'איז איצטער, וויבאלד אז ער איז איצטער ניט אין צבא, ווייסט ער ניט ווי מ'דארף טאן.

עד"ז האט מען זיך אנגעכאפט אויף דעם וואס מ'האט צוזאמענגעקליבן אזוי פיל חתימות פון אזוינע וואס זיינען אמאל געווען בצבא, און זיי זאגן אז אפגעבן שטחים איז א טובה פאר בטחון.

מ'דערמאנט ניט אז דעמולט דארף מען אויך אפגעבן ירושלים העתיקה, ווארום דעמולט וועט מען זיי גלייך ארויס-ווארפן פון אלע ערטער וואו זיי האבן עפעס א דעה, איז מען זיך מתחכם און מ'זאגט אז ס'רעדט זיך וועגן הר חרמון אדער וועגן די סביבות פון הר חרמון, אבער די זעלבע טענה האט מען געזאגט בגלוי (ניט אז מ'דארף אין דערויף לערנען פירושים און רמזים) בנוגע צו ירושלים העתיקה, חברון, שכם און ראמאלה וכו'.

ח. און ניט קוקנדיק אויף דעם גאנצן ענין - גיט מען עצות אז בשעת מ'וועט זיך טרעפן אויף דער פגישה, זאל מען רעדן מיט א מענה רך; מ'דארף טאקע רעדן אין אן אופן פון מענה רך, ווארום "מענה רך ישיב חימה"[26], דאס איז אבער נאר בנוגע צו דער צורה ווי מ'רעדט, אבער דער תוכן הדיבור טאר זיך ניט בייטן.

דו ווילסט געבן כבוד - געזונטערהייד, ווילסט רעדן בלשון רכה - געזונטערהייד, אבער ניט אפגעבן אן ענין של בטחון, על יסוד דעם וואס דערנאך וועט מען זיך דארפן פארלאזן אויף די אלע ערביים וואס געפינען זיך אין ירושלים העתיקה (מ'וויל ניט מבהיל זיין דעם עולם מיט זאגן דעם מספר פון די ערביים וואס געפינען זיך דארטן), ווען ס'וועט ווערן א חלישות אין דער השגחה אויף זיי (ווארום אויב ס'וועט ווערן א שינוי אין דעם משטר, און מ'וועט זיי איבער-געבן דעם משטר אזרחי, קען ניט זיין אז ס'זאל ניט ווערן קיין חלישות אין דער השגחה אויף זיי) - וואס אין לשער דאס וואס קען דערפון ארויסקומען היל"ת!

דאס קומט גאר ניט צום פס"ד ברור אין שו"ע[27] אז מ'דארף נעמען כלי נשק אפי' בשבת, כדי לעמוד על נפשם, אפי' ווען יענער זאגט אז ער קומט מערניט ווי "על עסקי תבן וקש",

ועאכו"כ אז זיי זאגן בפירוש אז ס'איז ניט "על עסקי

- חבן -

---

26) משלי טו, א. 27) או"ח (ואדה"ז) ססכ"ט ס"ו.

תבן וקש", נאר אז דער שטח געהערט צו זיי, ובמילא קען מען זיי ניט זאגן קיין דעה בנוגע צו די זאכן וואס זיי האלטן אין הויז, און בנוגע צו דעם אופן ווי זיי פירן זיך אין זייער הויז! און דערנאך קומט מען צוגיין מיט דער טענה אז מ'איז מציע "שבור חבית ושמור את יינה"[28].

ס. אמאל האב איך גערעדט מיט א רופא וואס האט געדארפט מאכן א ניתוח א אידן, און דערנאך האט מען אויך גערעדט וועגן דעם מעמד ומצב פון א"י:

אזוי ווי ס'האט זיך גערעדט וועגן מאכן א ניתוח, האב איך געזאגט דעם רופא: דו רעדסט דאך וועגן מאכן א ניתוח א צווייטן מענטשן, און דו ביסט דאך אן איש רחמים און דו ווילסט מחזק זיין זיין בריאות, איז וויבאלד אז דער ניתוח איז אן ערנסטער, און ס'דארף קאסטן אזוי פיל געזונט און אזוי פיל בלוט וכו' רח"ל, איז לכאו', אלס אן איש רחמן און בעל שכל, האסטו געדארפט פאנאנדערטיילן דעם ניתוח אויף צען מאל,

פריער א שנייד-טאן א צענטן חלק, וואס דעמולט וועט גיין א ביסל בלוט, און דערנאך וועסטו ווארטן ביז אז ס'וועט זיך פארהיילן, דערנאך וועסטו שניידן דעם צווייטן טייל וכו', און דערנאך דעם צענטן מאל, וועסטו אויפדעקן די גאנצע זאך, און דערנאך וועסטו מאכן דעם ניתוח און ארויס-נעמען די ענינים בלתי רצויים.

האט ער מיר געזאגט: איר זאלט קיין פאריבל ניט האבן - איך קלייבט זיך ניט פאנאנדער אין עניני רפואה. זאג איך אים: וואס קלייב איך זיך ניט פאנאנדער? זאגט ער: מ'דארף דאך ארויסנעמען דעם דבר בלתי רצוי, איז בשעת מ'וועט מאכן א קליינעם שניט און מ'וועט ווארטן ביז דאס וועט זיך פארהיילן, און אין א וואך ארום וועט מען מאכן דעם צווייטן שניט, און אזוי ווייטער ביז צום צענטן מאל - וועט דאך דערווייילע בלייבן דארטן דער דבר בלתי רצוי, מ'וועט פארגיסן א ביסל בלוט און מ'וועט דערפון ניט האבן קיין תועלת (און דערווייילע וועט דאס צוריק וואקסן), ווארום עס פעלט דער עיקר הענין.

פרעג איך אים: וואס איז די עצה דערצו? זאגט ער אז די עצה איז א פשוט'ע: וויבאלד אז מ'האט ניט קיין ברירה און מ'דארף ארויסנעמען דעם דבר בלתי רצוי, דארף מען דאס מאכן בשעתא חדא וברגעא חדא, כאטש אפי' אז לפי שעה וועט מען

- אפשוואכן -

------------

28) ל' הש"ס - ב"ב טז, א.

אפשוואכן דעם געזונט, ווארום עס וועט פארגאסן ווערן מער בלוט - פונדעסטוועגן, וויבאלד אז ס'וועט זיין בשעתא חדא וברגעא חדא, וועט דער סכום הכולל זיין שלא בערך ווייניקער פון די בלוט וואס מ'וועט גיסן בשעת מ'וועט דאס מאכן אין צען מאל. און דער עיקר איז - אז דורך דעם וועט דער חולה ווערן געזונט, ווארום מ'וועט ארויסנעמען דעם ענין בלהי רצוי

האב איך אים געזאגט אז איך בין צופרידן הערן זיין מיינונג - און אפשר וועט ער דאס אויך טאן (אין נמשל) בנוגע צום מעמד ומצב פון א"י:

בנוגע צום מעמד ומצב פון א"י, איז דא די ברירה פירן זיך אין אן אופן אז מ'פרואווט זאגן איימיצן אז מ'וויל ניט פאלגן און אפגעבן א"י, און וויבאלד אז יענער וועט דערפון ווערן ברוגז, וועט מען בפועל גארניט טאן, מ'וועט ווארטן און זעהן אפשר איך א וואך ארום וועט ביי יענעם ווערן א בעסערע שטימונג (וויבאלד ער זעט אז ס'האט אנגעהאלטן א וואך צייט), און דעמולט וועט מען אים זאגן נאכאמאל, אז אפשר וועט ער עפעס נאכגעבן - מ'וועט נאך אבער גארניט טאן בנוגע לפועל, ובמילא וועט מען האבן די מחבלים מיטן נשק וכו' רח"ל אין ירושלים העתיקה, אין חברון, שכם, ראמאלה, און אומעטום!

דערנאך איז אבער דא אן אנדער ברירה: מ'זאל בשעתא חדא וברגעא חדא ארויסנעמען פון דארטן אלע מחבלים, גאנצערהייד און געזונטערהייד, און ארויסשיקן זיי פון דארטן!

וואס די מחבלים זיינען ניט די אלע צענדליקער טויזנטער אראבער וואס געפינען זיך דארטן, די מחבלים זיינען מערניט ווי געציילטע, ווארום די אלע איבעריקע איז די גאנצע זאך ניט נוגע, זיי ווילן נאר אז מ'זאל זיי לאזן לעבן רואיקערהייד.

ווי מ'זעט איצטער אין לבנון, אז די וואס טומל'ן זיינען מערניט ווי מתי מספר, און זיי שלעפן אריין און הרג'נען אויס רח"ל צענדליקער טויזנטער מענטשן - ועד"ז איז בנוגע צו די מחבלים וואס געפינען זיך אין א"י: ס'זיינען מערניט ווי געציילטע מענטשן אין ירושלים העתיקה, געציילטע מענטשן אין חברון, געציילטע מענטשן אין שכם, און געציילטע מענטשן אין לוד וכו' - און מ'ווייסט ווער זיי זיינען!

מ'האט אבער מורא צו טשעפען זיך מיט זיי - מיט דער טענה אז "אל תתגרה בגוי קטן", ומכש"כ "בגוי גדול", במילא טאר מען גארניט טאן, מ'טאר ניט לאזן אידן באזעצן זיך דארטן, און אפי' מענטשן וואס זיינען אנשי בטחון לאזט מען אויך ניט אז זיי זאלן זיך באזעצן דארטן!

- במשך -

במשך פון צען יאר, האט מען באזעצט מסתמא הונדערט מענטשן - דאס איז מסתמא נאר א גוזמא - הונדערט מענטשן פאר צען יאר! וואס פאר דער צייט איז צוגעקומען אין דעם מספר פון די ניט אידן (מצד געבורט - ווי זיי רופן דאס אן דארטן "עליה טבעית") כמ"פ ככה! ואין כאן המקום להאריך בזה.

י. ויה"ד אז ס'זאל זיין דער ענין פון "שופטים ושוטרים תתן לך", ווי מ'האט אנגעהויבן ליינען צו מנחה - וואס די "שופטים ושוטרים" וועלן פסק'נען לויט דיני התורה,

כולל אויך דעם דין ברור אין הל' שבת (וועגן וועלכע מ'האט שוין גערעדט כמ"פ) - אז אויב כ'גיט נאך דעם מהבל, איז דאס דער וועג דורך וועלכע "תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם", און ס'איז קיין נפק"מ ניט צי ס'רעדט זיך וועגן א"י, אדער ס'רעדט זיך וועגן "בארא-פארק", "קיו-גארדענס", "וויליאמסבורג", "קראון-הייטס", אדער "בני-ברק" - בכל מקום איז דער זעלבער דין.

און אזוי דארף מען פסק'נען בנוגע צו ראמאלה, בנוגע צו גולן, הר חרמון וכו' - ווארום ס'איז דער זעלבער אויבערשטער, מיטן זעלבן שו"ע, מיטן זעלבן מעמד ומצב פון עקבתא דמשיחא, דער חושך כפול ומכופל פון גלות.

ואין לנו שיור אלא ההורה הזאה - לויט דער הוראה פון אנשי הצבא (וואס זיינען איצטער אויך אין צבא), וואס זיי האבן געזאגט א דבר ברור, אז אויב מ'וועט אפטרעטן פון די שטחים, און אויב מ'וועט ניט טאן דאס וואס מ'דארף טאן מיט דער גאנצער זהירות און בטחון - שטעלט מען איין אין סכנה פון פקו"נ היל"ת די אלע אידן וואס געפינען זיך דארטן!

וכאמור לעיל אז דאס איז ניט דערפאר וואס דאס איז אין א"י - דער זעלבער דין איז סיי אין א"י און סיי אין חו"ל, כמבואר דער טעם אין שו"ע באופן גלוי וברור.

וואס בנוגע צו "ואשיבה שופטיך כבראשונה"[29], איז דא א שקו"ט אין ראשונים און אחרונים[30], צי ס'וועט זיין קודם ביאת משיח אדער לאחר ביאה משיח [ווארום וויבאלד ס'רעדט זיך וועגן סנהדרין, וואס זיי דארפן זיין סמוכים איש מפי איש ווי ס'דארף זיין ע"פ הלכה - מוז דאס זיין נאך דערויף וואס יבוא "מורה צדק", וואס דורך אים וועט זיין דער ענין הסמיכה[31] -

- אבער -

---

29) ישעי' א, כו. 30) ראה לקו"ש ח"ט ע' 105 הע' 74 ובשוה"ג. וש"נ. וראה תו"ש הט"ו מילואים בסופם. 31) ראה רדב"ז לרמב"ם הל' סנהדרין פי"ד הי"ב.

אבער בנוגע צו א פס"ד וואס איז געדרוקט אין שו"ע, דארף מען ניט האבן דעם ענין הסמיכה ווי סמיכה ווערט אנגערופן ע"פ תורה - דאס איז א פס"ד ברור (סיי פאר חו"ל און סיי פאר א"י), און יעדער רב איז מחוייב פסק'נען לויט דעם פס"ד.

ובפרט אז די שאלה איז שוין געווען ביי אים, און ער האט שוין אזוי גע'פסק'נט בנוגע צו דער שכונה אין וועלכע ער האט געלעבט אין חו"ל - ועאכו"כ ווען ס'רעדט זיך בנוגע צו אזוי פיל אידן כן ירבו.

און אפי' די רבנים וואס האבן מעתיק געווען שכונתם מאיזה סיבה שתהי', און דארטן וואוהין זיי זיינען געקומען איז געווארן דער זעלבער מעמד ומצב - פסק'נען זיי איצטער אז מ'דארף נעמען כלי נשק און שטעלן זיך בתוקף, ס'דארף טאקע זיין אין א נוסח פון "מענה רך" און "אל תתגרה" וכו', אבער בנוגע לפועל טאר מען ניט נאכגעבן.

עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך וועגן א דרישה גלוי' וואס זיי מאנען אז מ'זאל זיי געבן דעם "תבן וקש", דעם הר, די שפלה, דעם עמק וכו' מיט אלע ענינים וואס געפינען זיך דארטן - און אלע אנשי הצבא (חוץ די וואס זיינען שוין ארויס פון צבא, אדער די וואס זיינען אליין מודה אז זיי האבן שוין צוטאן מיט אנדערע ענינים און מיט אנדערע מענטשן) זאגן אלע פה אחד אז דאס איז פקו"נ ממש - איז דא דער פס"ד ברור אין שו"ע הל' שבת סימן שכ"ט, כמדובר כמ"פ בארוכה.

ויה"ר אז מ'זאל יוצא זיין מיט דעם ענין פון "כל העוסק בתורת חטאת כאילו הקריב חטאת"[32], וואס עד"ז איז דאס אויך בנוגע לכל עניני התורה, אז דורך דעם לימוד בתורה איז דאס כאילו ווי די זאך האט זיך אפגעטאן - זאל מען יוצא זיין מיטן זאגן דעם פס"ד,

און צוזאמען מיטן עסק אין הל' ביהב"ח - זאל דאס גלייך אראפברענגען דעם ביהמ"ק השלישי, בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

* * *

------------

32) מנחות בסופה.

## שיחה לתלמידי מחנה קיץ „גן ישראל״ שיחיו
## – בבית הכנסת, אחרי תפלת מנחה –
## יום א׳ פ׳ שופטים, בדר״ח אלול, ה׳תשל״ח.

א. [אמרו את הי״ב פסוקים ומאמרז״ל [1]].

ב. מ׳האָט גערעדט פריער [2] וועגן דער וויכטיקייט פון חינוך — וואָס די נקודה און דער אינהאַלט דערפון איז, ווי דער בעש״ט זאָגט [3] אַז יעדע זאַך וואָס אַ איד (אָדער אַ מענטש בכלל [4]) הערט אָדער זעט, דאַרף ער זיך דערפון אָפּלערנען, און לויט דעם ערציען זיך ווי אַזוי צו דינען דעם אויבערשטן [5].

כאָטש אפילו אַז די זאַך גייט ניט אַריין אין זיין סדר הלימודים (אין די שעות וואָס ער גיט אָפּ צום לערנען) — זאָגט אָבער דער בעש״ט, אַז וויבאַלד ער האָט דאָס געזען אָדער געהערט, איז דאָס כדי ער זאָל זיך דערפון אָפּלערנען, און לויט דעם — ערציען זיך.

דאָס איז אויך דער הויפּט־אינהאַלט פון אייער זיין אין קעמפּ:

די וועלט [6] מיינט אַז מ׳גייט אין קעמפּ דערפאַר וואָס ס׳האָט זיך געענדיקט די צייט פון יאָר וואָס מ׳דאַרף לערנען, און דער קעמפּ איז כדי צו מפסיק זיין און אויפהערן לערנען ח״ו, נאָר צו שטאַרקן דעם גוף [7] —

איז די מטרה (דער ציל) פון „גן ישראל״ (און אַזוי אויך פון אַלע אמת־אידישע קעמפּ׳ס) — באַווייזן אַז אויך די צייט וואָס מ׳געפינט זיך אין קעמפּ איז אַ צייט פון חינוך, פון ערציען זיך.

און וויבאַלד אַז „ואהבת לרעך כמוך״ [8] איז אַ „כלל גדול בתורה״ [9] — רעדט ער מיט אַ צווייטן קינד וועגן דעם, און אין צוגאָב דערצו וואָס ער רעדט דאַרף ער אויך באַווייזן אַ ביישפּיל פאַרן צווייטן קינד, און דורך דעם אַלעם ערציען אים,

---

1) נדפסו בחוברת „י״ב פסוקים ומרז״ל״ (ברוקלין, ה׳תשל״ו).
2) מנהלי המחנה שי׳.
3) כש״ט (הוצאת קה״ת) הוספות אות קכ״ז-קכ״ח. וש״נ.
4) שהרי גם בנ״נ נצטוו בלשבת יצרה (ישעי׳ מה, יח. וראה תוד״ה לא תוהו גיטין מא, ב בהירוץ הב׳. לקו״ש ח״ה ע׳ 159 הע׳ 63) ועל הדינין וכו׳ (סנה׳ נו, סע״א ואילך. וראה רמב״ן וישלח לד, יג). ואמחז״ל (אבות ספ״ו) דכל מה שברא הקב״ה בעולמו לא בראו אלא לכבודו.
5) ד„אני נבראתי לשמש את קוני״ (קידושין בסופה).
6) ד„עולם״ מלשון העלם והסתר — לקו״ת שלח לז, ד. ובכ״מ.
7) להעיר מבינה לעתים דרוש לד, בד״ה שמאל לאבית בהקדמה.
8) קדושים יט, יח.
9) תו״כ ופרש״י עה״פ.

אויך אין דער צייט וואָס ער געפינט זיך אין קעמפּ, זאָל ביי אים צו־קומען אין לימוד התורה און אין קיום המצוות, און אין אַלע זאַכן פון אידישקייט.

וואָס דאָס איז דער הויפּט־ציל און דער אויפטו פון יעדן אידישן קעמפּ, און ספּעציעל די מחנות וואָס ווערן אָנגערופן „גן ישראל" [10] — אַז אין דער צייט פון דעם קעמפּ זאָל יעדער קעמפּער ווערן ווי אַ „פּרי" פון אַ „גן" [11], ווי אַ פּרוכט וואָס וואַקסט אין דעם גאָרטן פון דעם אויבערשטן — אַז יעדער טאָג וואַקסט ער [12] און ווערט אַלץ בעסער און שענער אין זאַכן וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן אויבערשטן, וואָס דאָס זיינען די זאַכן פון תורה און מצוות און אידישקייט.

און דאָס איז איינע פון די הויפּט־אויפגאַבעס פון „גן ישראל" און ענליכע מחנות — אַז יעדער קינד וואָס איז דאָרטן געוועזן, זאָל מיטנעמען די זאַכן וואָס ער האָט דאָרטן געלערנט און וואָס ער האָט ערצויגן זיך און אַנדערע, אַז דאָס זאָל ווירקן אויפן גאַנצן יאָר, אין זיין טאָג־טעגליכן לעבן — לויט דער תורה פון דעם בעש"ט (וואָס מ'האָט דערמאָנט פריער) אַז יעדער זאַך וואָס אַ איד זעט אָדער הערט, איז אַן אָנווייזונג פון דעם אויבערשטן צו אים, ווי אַזוי ער דאַרף לעבן, ווי אַזוי ער דאַרף דינען דעם אויבערשטן.

ג. דאָס אויבנגעזאָגטע איז אַן אַלגעמיינע אָפּלערנונג פון דעם אַלגעמיינעם אינהאַלט פון „גן ישראל" יעדן יאָר —

וויבאַלד אָבער אַז דער בעש"ט שטרייכט אונטער אַז מ'דאַרף זיך אָפּלערנען ניט נאָר פון דעם אַלגעמיינעם אינהאַלט פון אַ זאַך, נאָר אויך פון יעדער זאַך, פון די איינצלהייטן פון דער זאַך, ווארום אויך די איינצלהייטן פון דער זאַך זיינען פאַרבונדן מיט דער השגחה פרטית (די אַכטונג געבנקייט) וואָס דער אויבערשטער גיט אויף יעדער פרט [13] פון (אַ מענטשלעכן לעבן, ובפרט פון) אַ אידישן לעבן [14] —

איז דערפון פאַרשטאַנדיק, אַז אין יעדער פרט איז דאָ אַן אָפּלערנונג וואָס מ'דאַרף מיטנעמען אויף אַ גאַנצן יאָר, ווי אַזוי צו דינען דעם אוי־בערשטן אין דעם טאָג־טעגליכן לעבן.

איין פרט: היינטיקער טאָג, דער סיום [15] און דער סך־הכל פון דעם גאַנצן זיין אין קעמפּ — איז אַ טאָג פון „ראש חודש". און לויט דעם וואָס מ'האָט גערעדט פריער, איז פאַרשטאַנדיק, אַז נוסף צום אַלגעמיינעם אינהאַלט פון

---

10) כפשוטו (עושה פירות הבהאימים לישראל) וכמשבעי — בינוני (ע"י הפירות עושים ריוה וקבע לישראל) — ויראה רד"ה באתי לגני הש"ת.

11) כב"ש (פרשתי כ, יט) כי האדם עץ השדה. וראה תענית ז, א. — נתבאר בארוכה בלקו"ש ח"ד ע' 1114 ואילך.

12) ד"מעלין בקודש" — ברכות כח, א. ושנ"נ.

13) ראה כש"ט הוספות אות קיט ואילך. ושנ"נ.

14) ראה שם אות קכ: די השגחה פרטית וואס על עם קריבי ית' דאס קען מען גארניט אויסבאלה. וראה לקו"ש ח"ו תשל"ו ס"ח ואילך. קורח תשל"ו ס"ו ואילך. ושנ"נ.

15) והכל הולך אחר החיתום — ברכות יב, א.

„גן ישראל", קומט צו נאך אן אנווייזונג דערפון וואס דער סיום און דער סך־הכל פון דעם זיין אין קעמפ, איז אין א טאג פון „ראש חודש".

ד. דער ענין פון „ראש חודש" אין איינפאכן זין, איז פארבונדן דערמיט וואס די „לבנה" הויבט אן שיינען פון דאס־ניי, נאך דערויף וואס א רגע פאר ר"ח (ערב ר"ח) האט מען איר אינגאנצן ניט געזען.

די אפלערנונג וואס א קעמפער פון „גן ישראל" דארף דערפון אפלערנען (און דערנאך איבערגעבן צו זיינע חברים, און צו אלע אידישע קינדער צו וועלכע ער קען צוקומען) — איז:

א קינד דארף געדיינקען יעדער טאג וועגן דעם ענין פון „ראש חודש": בשעת ס'הויבט זיך אן א נייער טאג, דארף ער אנהויבן שיינען פון דאס־ניי, און שיינען מיט אזא ליכטיקייט וואס איז ביז איצטער, נעכטן און אייער־נעכטן א.ז.וו. ביי אים ניט געווען — ווי דאס איז ביי דער לבנה [16], אז בר"ח הויבט זי אן שיינען מיט א נייע ליכטיקייט.

און די אמת'ע ליכטיקייט (וואס פון איר קומען ארויס אלע ליכטיקייטן) איז, ווי תורה זאגט (וואס תורה ווערט אנגערופן „תורת אמת", זי זאגט דעם אמת פון יעדער זאך) אז „אין אור אלא תורה שנאמר כי נר מצוה ותורה אור" [17] — די אמת'ע ליכטיקייט איז „תורה (אור)", וואס זי לערנט [18] ווי אזוי צו מקיים זיין די מצוות — „נר מצוה".

די אפלערנונג וואס מ'האט פון דעם פרט פון „ראש חודש":

יעדן טאג ווען א אידיש קינד כאפט זיך אויף פון שלאף, און ער דער־מאנט זיך אז ס'הויבט זיך אן א נייער טאג [19],

— וואס דער אפטייטש פון „יום" (טאג) איז ווי עס שטייט אין חומש [20] „ויקרא אלקים לאור יום", „אור" (ליכטיקייט) ווערט אנגערופן „יום" —

דערמאנט ער זיך אז ער האט א שליחות פון דעם אויבערשטן ער זאל אנהויבן שיינען פון דאס־ניי מיט דער ליכטיקייט פון „נר מצוה ותורה אור", לערנען תורה און מקיים זיין מצוות מיט א נייער לעבעדיקייט, א נייער פריילעכקייט, און א נייער ערנסטקייט.

און פונקט ווי דאס איז ביי דער „לבנה" אז זי שיינט אויף דער גאנצער וועלט, ווי עס שטייט אין חומש [21] „להאיר על הארץ" — אזוי דארף ער זיך אויך משתדל זיין אז די ליכטיקייט וואס וועט ביי אים צוקומען אין „נר מצוה ותורה אור", זאל באלייכטן די גאנצע הויז, די גאס אין וועלכע ער לעבט. און באלייכטן די כתה און דעם בית־ספר אין וועלכן ער לערנט,

---

16) דישראל מונין ידימין ללבנה — ראה סוכה כט, א. ב"ר פ"ו, ג.
17) תענית ז, ב. משלי ו, כג.
18) דליבוד מביא לידי מעשה — קידושין מ, ב.
19) שנעשה כבריי חדשה — שו"ע אדה"ז או"ח מהדו"ק רס"ד.
20) בראשית א, ד.
21) שם. יז.

וואָס דורך דעם וועט ווערן ליכטיקער ביים גאַנצן אידישן פאָלק (וואָריב ער איז אַ טייל פון איבם), און דורך דעם — אויך אין דער גאַנצער וועלט.

ה. אין דעם (ראש חודש) קומט נאָך צו אַז דאָס איז ר״ח אלול:

דער אַלטער רבי זאָגט [22] אַז בחודש אלול געפינט זיך דער מלך (דער אויבערשטער) בשדה (אין פעלד), צוזאַמען מיט יעדער אידן (קליין און גרויס).

און דערנאָך איז ער ממשיך אַז דאָס איז וואָס עס שטייט אין פסוק [23] „א־ל ה׳ ויאר לנו״, אַז געפינענדיק זיך אין פעלד, איז „ויאר לנו״, ער מאַכט אונז ליכטיק און ליכטיקער.

דערפון איז פאַרשטאַנדיק, אַז בחודש אלול האָט מען אַ באַזונדער סיוע (הילף) פון דעם אויבערשטן, וואָס ער גייט אַרויס און געפינט זיך צוזאַמען מיט יעדער אידן (קליינע און ערוואַקסענע) אין פעלד, און מאַכט זיי ליכטיק — כדי אַז זיי זאָלן קענען מקיים זיין בפועל דעם אָנהויבן לייכטן פון דאָס־ניי, און נאָכמער ווי עס טוט זיך אויף יעדן ר״ח, און אין אַן אופן אַז פון טאָג צו טאָג ווערט די ליכטיקייט פון „נר מצוה ותורה אור״ אַלץ מערער און מערער.

ו. און דאָס ברענגט אַראָפּ דעם אויבערשטנ׳ס ברכה, אַז ס׳ווערט ליכטיק ביי די קינדער וואָס לייכטן, און דורך זיי — אויך ביי זייערע עלטערן, ביי זייערע לערער׳ס און מדריכים, און ביים גאַנצן אידישן פאָלק,

ביז אַז ס׳ווערט ליכטיק אין דער גאַנצער וועלט, און אין אַלע הינזיכטן — ס׳ווערט שלום [24] אין וועלט, סיי דאָרטן וואו אידן געפינען זיך, און סיי וואו אַנדערע פעלקער געפינען זיך, ועאכו״כ אַז ס׳ווערט שלום אין ארצנו הקדושה (אין אונזער הייליקער לאַנד),

און מ׳גרייט זיך אַלע צוזאַמען צום אויפנעמען דעם צוזאָג [25] „והי׳ לך ה׳ לאור עולם״, אַז דער אויבערשטער ווערט די ליכטיקייט פון דער גאַנצער וועלט, בקרוב ממש, גאָר אינגיכן, בביאת משיח צדקנו,

אַט אַט קומט משיח צדקנו, און נעמט צוזאַמען אַלע אידישע קינדער, „בנערינו גו׳ בבנינו ובבנותינו״ [26], און נעמט צוזאַמען אַלע אידן, אויך די ערוואַקסענע,

וואָס זיי אַלע האָבן ליכטיק געמאַכט די וועלט אין די טעג פון גלות,

און ער פירט זיי בעגלא דידן (גאָר אינגיכן) אין ארצנו הקדושה, גאַנצערהייט און פריילעכערהייט, אין דער גאולה האמיתית והשלימה — די

---

22. לקו״ת ראה לב, ריש ע״ב.
23. תהלים קיח, כז. וראה לקו״ת בשה״ש נא, ב.
24. ראה ספרי ופרש״י עה״פ בחוקותי כו, ו. [illegible]
25. ישעי׳ ס, יט.
26. בא י, ט.

אמת'ע און פולקאמענע[27] גאולה.

ז. עס איז דא נאך א פרט וואס איז פארבונדן מיט היינטיקן טאג — ר"ח אלול און סיום (די ענדע) פון דעם קאמפ — אז דאס איז דער ערשטער טאג פון פ' שופטים.

ס'איז באוואוסט דער ווארט פון דעם אלטן רבי'ן[28], אז ס'איז דא אן אפלערנונג פון דעם חלק הסדרה וואס איז פארבונדן ספעציעל מיט דעם טאג, בנוגע צו די פאסירונגען פון דעם טאג:

בנוגע צו „שופטים ושוטרים תתן לך בכל שעריך"[29], האט מען גערעדט פאריקן יאר[30] אז אין דערויף איז דא אן אנווייזונג צו יעדער אידן, אויך קליינע קינדער (כאטש אז בפשטות גייט דאס אויף אויפשטעלן די סנהדרין):

יעדער[31] איד דארף אויפשטעלן ביי זיך „שופטים ושוטרים": א „שופט" — דער שכל זאל זיין דער „שופט" וואס זאל משפט'ן וואס ער דארף טאן און וואס ער טאר ניט טאן, און אויך א „שוטר" — ער זאל האבן ביי זיך די שטארקייט אויף צו דורכפירן דעם „משפט", דעם באשלוס און די החלטה פון דעם „שופט", אין זיין טאג־טעגליכן לעבן,

און דאס דארף זיין „בכל שעריך": אין אלע זיינע ענינים, סיי אין צו־זאמענהאנג מיט זיינע מעשים, סיי אין צוזאמענהאנג מיט זיין רעדן, און סיי אין צוזאמענהאנג מיט זיין טראכטן [ווארום דער אויבערשטער זעט אויך וואס מ'טראכט, מ'קען זיך פון אים ניט אויסבאהאלטן] — אין דעם אלעם דארף ער אוועקשטעלן „שופטים ושוטרים":

בשעת אים ווילט זיך עסן עפעס (אדער אן אנדער סארט הנאה), דארף ער באטראכטן מיטן שכל (דער „שופט") צי ע"פ תורה מעג מען (און מ'דארף) דאס עסן, און וואס דארף מען רעדן און טראכטן פאר דעם — וועלכע ברכה (מיט איר אינהאלט — מחשבה) מ'דארף אויף דעם מאכן: אדער אז דער „שופט" (דער שכל, וואס איז פארבונדן מיט שכל התורה) פסק'נט אז מ'דארף פארשליסן די „שערים", פארשליסן דעם מויל און ניט ארייננלאזן אז דער מאכל זאל אריינקומען אין זיין מויל (אדער אן אנדער סארט הנאה), וויבאלד אז דער אויבערשטער זאגט אז דאס איז א מאכל (אדער א זאך) וואס איז אסור פאר א אידן, פאר א אידישן קינד.

און דאס איז די אנווייזונג פון „שופטים ושוטרים תתן לך בכל שעריך":

מ'פארלאזט זיך אויף דער קלוגשאפט פון יעדן אידישן קינד, אז ער וועט משפט'ן און וועט באשליסן מיט זיין שכל וואס ער דארף טאן און וואס ער טאר ניט טאן, און אזוי אויך בנוגע צום רעדן און טראכטן: און ער וועט

27) שהיא גאולה שאין אחרי' גלות (ראה תוד"ה וה"ג ונאמר — פסחים קטז, ב).
28) סה"ש תשנ"ב ע' 29 ואילך.
29) ריש פרשתנו.
30) בשיחה לילדי מחנות קיץ יכ"ים — ב' אלול ה'תשל"ז ס"ג־ד (נדפס לעיל ע' 277).
31) בהבא לקמן ראה ש"ך עה"ת ריש פרשתנו. אוה"ת פרשתנו ע' תתכב.

אויך האָבן דעם „שוטר״, די שטאַרקייט אויף צו דורכפירן דעם „משפט״ אין זיין טאָג־טעגליכן לעבן.

ח. און דורכדעם [32] וועט מען אויך זוכה זיין מקיים זיין די מצוה פון „שופטים ושוטרים תתן לך בכל שעריך״ ווי זי איז געמיינט בפשטות, אַז עס וועט אויפגעשטעלט ווערן די סנהדרי׳ גדולה, אין דעם ביהמ״ק [33] וואָס וועט געבויט ווערן בקרוב ממש, אין דער גאולה האמיתית והשלימה ע״י משיח צדקנו —

דורך דערויף וואָס יעדערער פון אייך און פון אונז, און פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק, אומעטום וואו ער געפינט זיך, וועט אויפשטעלן די „שופטים ושוטרים״ אין זיין אייגענעם לעבן, אין דעם לעבן פון זיין הויז, פון זיין שטאָט, און פון דעם גאַנצן אידישן פאָלק.

און דורך דערויף — „שופטים ושוטרים״ אין דער גאַנצער וועלט, אַז די גאַנצע וועלט זאָל זיך פירן ע״פ צדק ויושר [34], אין אַ גוטן און אַ ריכטיקן אופן.

און ער וועט אויך אויפשטעלן די „שוטרים״, זען אַז מ׳זאָל מקיים זיין די אַלע החלטות טובות (גוטע באַשלוסען) — אַז אפי׳ ווען דער יצר וויל אַראָפּפירן אַ אידיש קינד (אָדער אַ מענטשן אין וועלט) פון דעם ריכטיקן וועג, וועט ער זיך איינהאַלטן דורך דעם אייגענעם „שוטר״ (וויבאַלד אַז דער „שופט״, דער אמת׳ער שכל, האָט אים אָנגעוויזן וואָס מ׳דאַרף טאָן און וואָס מ׳דאַרף ניט טאָן).

און דאָס וועט צוגרייטן די גאַנצע וועלט, ועאכו״כ דעם אידישן פאָלק און די אידישע קינדער וואָס לערנען תורה און זיינען מקיים מצוות — אַז גאָר אינגיכן וועט מען זען די סנהדרי׳ גדולה אין ביהמ״ק השלישי.

ט. און אויך זוכה זיין אין דעם „משפט״ פון „אלקי המשפט״ [35], וואָס הויבט זיך אָן אין חודש אלול [36] און פאַרענדיקט זיך אין דעם טאָג פון ראש השנה [37] — אַז דער אויבערשטער איז מצליח יעדער אידן און אַלע אידן, און דורך זיי אויך די גאַנצע וועלט, אַז ס׳זאָל זיין אַ כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה בגשמיות וברוחניות.

אַז יעדערער וועט פאַרשריבן ווערן און גע׳חתמ׳ט ווערן אַז זיין גאַנצער יאָר זאָל זיין אַ גוטער און אַ זיסער יאָר, סיי אין זאַכן פון גשמיות (פון דעם גוף), און סיי אין זאַכן פון רוחניות (פון דער נשמה), און זיכער אין זאַכן

---

32) כי מדתו של הקב״ה היא מדה כנגד מדה (סוטה ח, ב. ט, ב — במשנה. וש״נ).

33) ראה רמב״ם הל׳ סנהדרין פי״ד הי״ב. — וראה לעיל ע׳ 193 הערה 49.

34) ראה רמב״ם הל׳ מלכים ספ״ח.

35) ל׳ הכתוב — מלאכי ב, יז.

36) ראה מטה אפרים סתקפ״א ס״ס (מלקוטי מהרי״ל): נוהגין כשכותב אדם לחבירו אגרת כו׳ מן ר״ח אלול כו׳ רומז לו כו׳ שיזכה כימי הדין הבאים לטובה להיות נכתב ונחתם בספר חיים טובים.

37) דהרי צדיקים (״ועמך כולם צדיקים״ (ישעי׳ שם, כא)) גמורין נכתבין ונחתמין לאלתר לחיי עולם (ר״ה טז, ב). וראה של״ה ס״ז ומג״א (הוכאו בבאה״ט) שו״ע או״ח סו״ס תקפא.

פון אידישקייט,

אַז ס'זאָל זיין אַ אידישער יאָר, אַ גליקלעכער יאָר און אַ הצלחה'דיקער יאָר.

און פון יעדערן פון אייך, און פון אַלעמען צוזאַמען — זאָלן די פאָטער'ס און די מוטער'ס און אַלע קרובים און דער גאַנצער אידישער פאָלק, האָבן אמת'ן אידישן נחת, לאורך ימים ושנים טובות.

י. מ'האָט גערעדט פריער (ס"ב) אַז פון יעדער זאַך דאַרף אַ איד אָפלערנען ווי אַזוי צו דינען דעם אויבערשטן — און תורה ווייזט דאָך אַז און איז מחנך אַז מ'זאָל דינען דעם אויבערשטן בשמחה[38] —

איז דערפאַר צוגעפאַסט אַז מ'זאָל פאַרענדיקן דעם צוזאַמענקלייבן זיך אין בית־הכנסת און בית־המדרש (אין אַן אָרט וואו מ'דאַוונט צום אויבערשטן, און מ'לערנט דעם אויבערשטנ'ס תורה) מיט אַ ניגון של שמחה (מיט אַ פריילעכן ניגון).

און דער ניגון זאָל זיין פאַרבונדן מיט אַ פסוק וואָס אונטערשטרייכט און גיט כח צו מקיים זיין דאָס וואָס די „שופטים ושוטרים" פון תורה און אידישקייט ווייזן אָן, אין אַן אופן אַז מ'זאָל ניט נתפעל ווערן פאַר די נסיונות און די שוועריקייטן פון דעם יצר און פון די וואָס ווילן שטערן צו אידישקייט.

וואָס דערפאַר איז צוגעפאַסט אַז מ'זאָל זינגען איצט דעם ניגון אויפן פסוק[39] „עוצו עצה ותופר דברו ולא יקום כי עמנו א־ל".

[ניגנו את הניגון „עוצו עצה ותופר"].

יא. אַזוי ווי מ'דאַרף האָבן דעם אויבערשטנ'ס ברכה אויף יעדער זאַך, און ספּעציעל איצטער וואָס דער גאַנצער אידישער פאָלק און די אידישע לאַנד דאַרפן האָבן אַ ברכה מיוחדת (אַ ספּעציעלע ברכה) אַז אַלע זאַכן זאָלן זיין בהצלחה: שלימות הארץ — אַז גאַנץ ארץ הקודש (די הייליקע לאַנד) זאָל זיין אינגאַנצן (בגשמיות וברוחניות) גאַנץ, צוזאַמען מיט שלימות העם — אַז דער גאַנצער אידישער פאָלק זאָל זיין אינגאַנצן גאַנץ, וואָס דאָס אַלעס איז פאַרבונדן מיט שלימות התורה — אַז מ'האַלט די תורה גאַנצערהייט, דורך מקיים זיין אַלע אירע מצוות בשלימות[40] —

איז בשעת קינדער[41] בענטשן קינדער און דעם גאַנצן אידישן פאָלק, די אידישע לאַנד, און די אידישע תורה (און אַלע דריי — צוזאַמען), און זיי בענטשן מיט אַ שמחה — ברענגט דאָס אַ ברכה מיוחדת, גאָר אַ גרויסע און

38) כמ"ש (תהלים ק, ב) עבדו את ה' בשמחה. וראה רמב"ם סוף הל' לולב: השמחה שישמח אדם בעשיית המצוה כו' עבודה גדולה היא.

39) ישעי' ח, י.

40) להעיר דבכל מצוה יש מעשה דבור ומחשבה (לקו"ת ר"פ פנחס. ובכ"מ).

41) ראה שבת (קיט, ב) בשביל הבל תשב"ר. ד"ה וקבל היהודים תרפ"ז (סה"מ תשי"א ע' 180 ואילך). בענין מפי עוללים ויונקים גו' להשבית אויב ומתנקם.

שטאַרקע ברכה פון דעם אויבערשטן, אַ ברכה וואָס ברענגט אַז האַלט אויף אַז ס'זאָל זיין שלימות הארץ, שלימות העם, און שלימות התורה, אַז די אַלע זאַכן זאָלן זיין גאַנץ, ניט אָנגערירט.

און אין אַן אופן פון שלום, און אין אַן אופן פון „ואולך אתכם קוממיות" [42], אַז דער גאַנצער אידישער פאָלק האַלט זיך שטאָלץ [43] מיטן אויבערשטן, מיט תורה און אידישקייט, און מיט דער אידישער לאַנד — ביז אַז עס ווערט איין זאַך.

וואָס די אַלע דריי ענינים, שלימות הארץ, שלימות העם, און שלימות התורה — זיינען געגעבן געוואָרן ביי מ"ת, און נאָך פאַר דעריף — צו אברהם [44] אבינו [45], דער ערשטער איד, און ס'איז געגעבן געוואָרן אין אַן אופן פון „כל [46] ארץ כנען לאחוזת עולם", „עד העולם", אויף אייביק.

ומתוך שמחה ושלום, אין אַ פריילעכן אופן, אין אַ שלום'דיקן אופן, און אין אַ גאַנצן אופן.

וואָס דאָס איז די ברכה וואָס שטייט אויך אין פסוק [47] „הושיעה את עמך וברך את נחלתך ורעם ונשאם עד העולם" —

אָנהויבנדיק פון דעם ר"ח אלול, און דערנאָך אין די טעג שלאח"ז, און „עד העולם", אויף אייביק.

כולל ווען משיח וועט קומען, וואָס דעמולט וועט מען זען (אין דער שלימות'דיקער מאָס) ווי אַזוי מ'איז אַרויסגעגאַנגען פון גלות גאַנצערהייט, און מ'האָט מיט זיך מיטגענומען די גאַנצקייט פון אידישקייט, און כ'האָט געטראָפן די אידישע לאַנד גאַנצערהייט, מיט שלום ובטחון

— כן תהי' לנו, בקרוב ממש.

[ניגנו את הניגון „הושיעה את עמך"].

יב. כ"ק אדמו"ר שליט"א נתן ובקש — שהמדריכים שיחיו יתנו לכאו"א מהילדים שיחיו: השיחה לילדי מהנות קיץ יומיים שיחיו דיום ג', ב' אלול ה'תשל"ז (תרגום באנגלית), וכן שתי מטבעות של עשר סענט: א' לתת לצדקה, והב' — לעשות בה כטוב בעיניהם.

אח"כ צוה לומר (עוה"פ) את הפסוק [48] „תורה צוה גו'".

אח"כ בקש לומר ובקול רם [49] „כתיבה וחתימה טובה".

---

42) בחוקותי כו, יג.

43) כפרש"י עה"פ: בקומה זקיפה.

44) גם התורה בשלימותה (קדושין בסופה יש"נ. יראה פרש"י עה"ת תולדות כו, ה).

45) כמ"ש (לך לך טו, יח) לזרעך נתתי את הארץ הזאת גו' — כבר נתתי (ירושלמי חלה פ"ב ה"א. וראה פרש"י עה"פ). וראה בארוכה שיחת ש"פ מב"א ש.ז. סל"ב ואילך. מיצאי ש"פ ראה סכ"ה ואילך.

46) לך לך יז, ח. ולהעיר מלקו"ת עקב טז, ג. סידור שער ברהמ"ז קיב, א ואילך.

47) תהלים כח, ט.

48) ברכה לג, ד.

49) להעיר מקונטרס ומעין מאמר יא.

בס"ד. שיחת ח"י אלול ה'תשל"ח. הנחת הה' בלתי מוגה

א. דער ענין פון ח"י אלול (וואס דאס איז די סיבה פון דער ההוועדות) איז פארבונדן דערמיט וואס דאס איז דער יום הולדת פון דעם אלטן רבי'ן און (פאר דערויף) דער יום הולדה פון דעם בעש"ט, כידוע דער ביאור פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[1].

וואס דערפאר איז דער יו"ט פון ח"י אלול געווען נאך מיט א סאך יארן צוריק, נאר מאיזה טעם שיהי' איז דאס געווען א יו"ט בחשאי[2] - און דערנאך האט כ"ק מו"ח אדמו"ר מחליט געווען מגלה זיין דעם ענין פון ה"י אלול[3] (און דעם טעם פארוואס ער האט מחליט געווען מגלה זיין - ווייסט מען אויך ניט),

און ער האט אויך איינגעפירט אז ס'זאל ווערן א יו"ט, און מ'זאל דעמולט מאכן א התוועדות - און ס'זאל זיין פארבונדן מיט "לקח טוב נהתי לכם"[4] [ווי אלע ענינים פון "גוטע טעג" - וואס דאס איז דער אפטייטש פון "ימים טובים"] - דער ענין פון תורה[5], און אויך מיט מצוות - וויבאלד אז "גדול הלמוד שמביא לידי מעשה"[6] - אז מ'זאל דעמולט מחליט זיין החלטות טובות בנוגע צו מוסיף זיין נאכמער אין לימוד התורה וקיום מצוותי'.

ב. און וויבאלד אז דער טאג איז פארבונדן מיטן יום הולדה פון דעם בעש"ט און פון דעם אלטן רבי'ן - איז פארשטאנדיק (אע"פ אז אין דערויף איז ניטא קיין אריכות הביאור, און אפי' ניט קיין ביאור בקיצור) אז דאס איז א יום מיוחד און א יום סגולה; אין דעם טאג האט מען א סיוע און א ברכה אז מ'זאל מצליח זיין מחליט זיין החלטות טובות, און די החלטוה זאלן גלייך אראפקומען אין פעולות טובות, אין מעשה, אין דיבור, און עאכו"כ אין מחשבה.

ווארום דער ענין פון יום ההולדה איז - אז דעמולט איז "מזלו (פון דעם וואס איז געבארן געווארן אין דעם טאג) שולט ועוזר לו"[7] - ד.ה. אז אין דעם טאג פון ח"י אלול איז "שולט" דער מזל פון דעם בעש"ט און פון דעם אלטן רבי'ן.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס ווערט א "יום סגולה" פאר די אלע וואס ווילן אויסנוצן דעם טאג (און טוען - דאס -

------------

1) סה"ש הש"ג ע' 141 ואילך. 2) ראה לקו"ש ח"ב ע' 637. ה"ס ריש ע' 338. 3) שיחה כ' כסלו הרצ"ג (לקו"ד כרך ד ע' 64). 4) ל' הכתוב - משלי ד. ב. 5) אבות פ"ו סוף מ"ג. 6) קידושין מ. ב. 7) קה"ע לירושלמי ר"ה פ"ג ה"ה.

דאס בפועל) בנוגע לכל ענינים טובים - אז כ'זאל האבן אין דערויף נאכמער הצלחה.

וואס בנוגע צו אלע ענינים טובים וואס א איד איז מחליט צו טאן (במעשה, בדיבור אדער במחשבה) - איז "הקב"ה עוזרו"[8]; אבער אין א "יום סגולה", ובנדו"ד - דער טאג פון ח"י אלול, איז דאס ביתר שאת וביתר עז.

ג. אין דערויף ווערט אבער גלייך א שאלה:

ווי אזוי קען מען זאגן אז וויבאלד אין דעם טאג איז שולט דער מזל פון דעם בעש"ט מיטן אלטן רבי'ן, איז כל אחד ואחת וואס "נדבה רוחו"[9] צו מחליט זיין אין דעם טאג החלטות טובות (און פארבינדן זיי גלייך מיט אן ענין של פועל, במעשה, בדיבור, אדער במחשבה) - וועט ער מצליח זיין בזה ביתר שאת וביתר עז;

ס'איז דאך ידוע דער גודל ההפלאה פון דעם בעש"ט מיטן אלטן רבי'ן, וואס דאס איז אפי' ווען ס'רעדט זיך וועגן דורותיהם, ועאכו"כ נאך דערויף וואס ס'זיינען דורכגעגאנגען כמה דורות פון דורותיהם - וואס בכלל זאגט מען דאך[10] "אם הראשונים כמלאכים אנו בנ"א כו'", ובפרט אז ס'איז "אכשור דרי (בתמי')"[11],

איז דאך לכאו' א ריחוק שלא בערך צווישן דעם מזל פון דעם בעש"ט מיטן אלטן רבי'ן, מיט דער הצלחה וואס דארף אראפ-קומען בפועל בנוגע צו לימוד התורה וקיום מצוותי' פון אנשים כערכנו -

איז ווי קען מען זאגן אז מצד דערויף וואס דאס איז דער יום הולדת פון דעם בעש"ט מיטן אלטן רבי'ן, ווערט א הצלחה ביתר שאה וביתר עז אין לימוד התורה וקיום המצוות ביי אנשים כערכנו?!

און אעפ"כ זעט מען אז אין דעם טאג פון ח"י אלול קלייבן זיך אידן צוזאמען און מ'מאכט א התוועדות (אע"פ אז מ'האט געקענט אויסנוצן די צייט אויף לימוד התורה בחיות) - מיט דער זיכערקייט אז ניט נאר אז דורך דעם וועט ניט פעלן אין לימוד התורה (ובמילא - אויך אין דעם הידור אין קיום מצוותי'), נאר אדרבה: דורך דערויף וועט ווערן אן עלי' און הוספה, ביז ביתר שאה וביתר עז.

- וואָרום -

------------

8) סוכה נב, ריש ע"ב. קידושין ל, ב. 9) ל' הכתוב - תשא לה, כא. וראה רמב"ם סוף הל' שמיטה ויובל. 10) ראה בהנסמן בלקו"ש וישלח השל"ז הע' 14. 11) יבמות לט, ב ובפרש"י.

וואדום דער ענין ההתוועדות בח"י אלול, האט זיך אנגעהויבן – בגלוי – בימי כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו בחיים חיותו בעלמא דין [ועד"ז אויך אין די דודות שלפנ"ז – וואס אע"פ אז דאס איז טאקע געווען בחשאי און אן א פרסום גדול, איז דאך אבער ידוע דער סיפור[1] אז מ'האט געזאגט "גוט יום טוב", און מ'האט געזאגט א מאמר חסידות, מיט נאך כמה ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט שמחה של מצוה – שמחה אמיתית] –

איז דערפון די הוכחה אז מ'האט משער געווען אז דורך דערויף וועט צוקומען נאכמער ווי ס'וואלט צוגעקומען ווען מ'וואלט אויסגענוצט די צייט אויף לימוד התורה,

און דאס איז א דבר ודאי עד כדי כך – אז דערפאר האט זיך כ"ק מו"ח אדמו"ר מתוועד געווען (ניט נאר מיט יחידי סגולה, נאר) מיט כמה וכמה אידן, און ער האט דאס אויך מפרסם געווען – וויסנדיק אז דורך דערויף וועט ווערן א "מנהג ישראל תורה הוא"[12] אז אין דעם טאג פון ח"י אלול זאל מען זיך צוזאמענקלייבן, און נוצן דאס אויף ענינים דורך וועלכע ס'וועט דערנאך צוקומען אין לימוד התודה וקיום מצוותי' – אע"פ אז בשעת מעשה איז מען זיך עוסק (ניט אין לימוד ההורה כפשוטו, נאר) אין ענינים פון "שימושה של תודה" –

וואס אע"פ אז "גדול שימושה של תורה יותר מלמודה"[13] – דארף מען דאך האבן די זיכערקייט אז דאס איז "שימושה של תורה" –

ובנדו"ד איז זיכער דא די זיכערקייט אז דאס איז "שימושה של תורה" – וויבאלד אז דאס איז איינגעפירט געווארן דורך נשיא הדוד (כ"ק מו"ח אדמו"ר), על מנת אז דאס זאל נתפרסם און נתפשט ווערן אין אן אופן פון הולך ומוסיף.

וכאמור לעיל, אז לכאו' איז ניט פארשטאנדיק: ווי אזוי קען מען זאגן (און מיט א זיכערקייט) אז מצד דעדויף וואס בח"י אלול איז שולט דער מזל פון דעם בעש"ט און פון דעם אלטן רבי'ן – זאל דערפון אדויסקומען א הצלחה ביתד שאת וביתר עז בנוגע צו לימוד התורה וקיום המצוות ביי אנשים כערכנו?!

ד. איז דער ביאור בזה – בהקדים:

בנוגע צו כללות הענין פון לימוד התודה, זאגט מען אז ס'זיינען דא די ענינים וואס "הלמיד ותיק עהיד להדש"[14],

- ד.ה. -

------------

12) הוד"ה נפסל – מנחות כ, ב. 13) ברכות ז, סע"ב. ועוד. 14) ראה בהנסמן בלקו"ש ח"ד ע' 1088 הע' 11. לקוטי הגהות לתניא ע' פו.

ד.ה. אז דאס איז א <u>חידוש</u> פון דעם תלמיד ותיק.

וואס בכל דור ודור איז "לא אלמן ישראל"[15] - און ס'איז דא א ריבוי פון תלמידים ותיקים וואס זיינען מחדש חידושים אמיתיים[16] בתורה.

און אין דעם ענין ווערט די זעלבע שאלה: וויבאלד אז "אם הראשונים כמלאכים אנו בנ"א כו'", איז ווי קען זיין אז דוקא בדורות האחרונים זאל קומען איינער וואס איז בדרגת "תלמיד" (ניט "תלמיד חכם", נאר "תלמיד" סתם), און מחדש זיין א חידוש אמיתי בתורה (וואס "תורת אמת" רופט דאס אן בשם חידוש) וועלכן די "ראשונים" האבן ניט מחדש געווען?

אע"פ אז ס'איז דא דער ענין וואס "מקום הניחו לו אבותיו להתגדר בו"[17], כדי ער זאל קענען ארויסווייזן כחו אין לימוד התורה (וקיום מצוותי') - איז דאס א ביאור פארניס ווי אויף דעם וואס דער ענין איז ניט נתגלה געווארן פריער (אז דאס איז בהשגחה פרטית - כדי ער זאל ארויסווייזן כחו אין לימוד התורה):

עס איז אבער ניט פארשטאנדיק: פון וואנעט נעמען זיך די כחות ביים תלמיד וואס געפינט זיך בדורות האחרונים, ער זאל קענען מחדש זיין א חידוש בתורה וואס איז ניט נתגלה געווארן אין די דורות שלפנ"ז.

עס רעדט זיך דאך (ניט וועגן ענינים של סגולה, נאר) וועגן מחדש זיין חידושים בתורה. וואס בנוגע צו לימוד התורה איז דא דער כלל[18] "לא יגעתי ומצאתי אל תאמין", ער מוז הארעווען כדי צו מחדש זיין בתורה, און ער הארעוועט בכחות עצמו (וואס דוקא דעמולט איז שייך צו זאגן אויף דעם "<u>יגעתי</u> ומצאתי"), ביז וואנעט ער דערגרייכט צום חידוש בתורה -

איז לכאו' ניט פארשטאנדיק: פון וואנעט האט דער "תלמיד" (וואס געפינט זיך בדורות האחרונים) כחות צו מחדש זיין א חידוש בתורה וואס איז ניט נתגלה געווארן אין די דורות שלפנ"ז?

ה. איז דער ביאור בזה:

עס ווערט געבראכט אין ראשונים און אין חוקרי ישראל און גדולי ישראל בדורות שלפנינו[19] - אז דאס איז כמשל פון א ננס וואס געפינט זיך על כתפי הענק:

- בשעת -

------------

15) ל' הכתוב - ירמי' נא, ה. 16) ראה קונטרס עה"ח פכ"ז ואילך. 17) חולין ז, רע"א. 18) מגילה ו, ב. 19) ראה בהנעתק בספר "הדרת פנים זקן" ע' תקסה הע' 13. הקדמה החו"ד לפירושו לשו"ע חיו"ד. הכשך תרס"י ע' ה. ועוד.

בשעת ס'איז דא איינער וואס איז אן ענק באנשים, אן איש גבוה ביותר און בעל כח גדול ביותר, און ס'איז דא דער וואס בערך פון דעם ענק איז ער א ננס (אדער אז ער איז טאקע א ננס) - איז בשעה דער ננס שטעלט זיך אוועק אויפן כתף פון דעם ענק, קען ער זעהן נאך ווייטער וויפל עס זעט דער ענק, ווארום ער האט אונטער זיך דעם גאנצן גובה ורום פון דעם ענק.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק ווי אזוי איז מען מחדש בדורות אלו חידושים בתורה וועלכע מ'האט ניט מחדש געווען אין א דור לפנ"ז, און אפי' ניט בדורות הראשונים - ווארום ביי די דורות האחרונים איז דא דער ענין וואס זיי שטייען על כתפי הענק (- די דורות הראשונים).

ו. אין דערויף קומט צו נאך אן ענין:

נוסף לזה וואס דער ננס שטייט על כתפי הענק (וואס דעמולט איז קיין נפק"מ ווער דער ננס איז - וויבאלד ער שטייט על כתפי הענק, זעט ער נאך ווייטער פון דעם ענק) - קומט נאך צו א הוספה בדבר:

בשעת ס'רעדט זיך וועגן א "תלמיד" פון דעם ענק - וואס דעמולט איז דא דער ציווי פון "ושננתם לבניך" - אלו התלמידים"[20], ביז ווי דער אלטער רבי ברענגט אין הל' ת"ת שלו[21] אז "מ"ע כה"ת על כל הכם וחכם מישראל ללמד אה כל התלמידים כו'" (ער איז מחוייב לערנען מיט די אלע וואס קענען ווערן זיינע תלמידים),

ועאכו"כ ווען דאס ווערט געטאן מיט דער הקדמה פון "ואהבת את ה' אלקיך"[22] (וואס שטייט פאר "ושננתם לבניך"), ווי ער טייטשט אפ אין ספרי[23] "אהבהו על כל הבריות" - אז ער פירט זיך אין אן אופן דורך וועלכן דעם אויבערשטנ'ס נאמען ווערט מאוהב (באליבט) בכל הסביבה ובכל העולם כולו - דורך דערויף וואס ער פירט זיך אין אן אופן פון נוח לבריות, אין אן אופן פון אהבת ישראל

[כידוע דער פתגם פון דעם אלטן רבי'ן[24] אז "ואהבת את ה' אלקיך" און "ואהבת לרעך כמוך"[25] איז "כולא חד"] -

איז בשעה דער ענין פון "ושננתם לבניך" ווערט געטאן מיט דער הקדמה פון "ואהבת את ה' אלקיך" ווי דאס ווערט

- נהגלה -

---

20) ואתחנן ו. ז. ספרי ופרש"י עה"פ. רמב"ם הל' ת"ת פ"א ה"ב. 21) פ"א ס"ח. 22) ואתחנן שם. ד. 23) עה"פ.
24) כה"ש ה'ש"ה ע' 3. לקו"ש ח"ב ע' 499. וראה ספר הערכים-חב"ד כרך א ערך אהבת ישראל ס"ו. 25) קדושים יט. יח.

נהגלה אין "ואהבת לרעך כמוך" [עאכו"כ ווען ס'רעדט זיך (ניט וועגן "רעך" סתם, נאר) וועגן תלמידו, וואס דעמולט האט ער דעם חיוב וציווי פון "תורת חיים" אז ס'זאל זיין "ושננתם לבניך - אלו התלמידים" (וואס א ציווי פון "תורת חיים" איז אויך א נתינת כח, ווארום וויבאלד אז "איני מבקש לפי כחי אלא לפי כחן"[26], איז א זיכערע זאך אז מ'האט אים פריער געגעבן די כחות אז ער זאל קענען מקיים זיין דעם ענין במילואו ובשלימותו)] -

איז דעמולט עמידת הננס על כתפי הענק אין אן אופן אז דער ענק שטעלט אים ארויף על כתפו, און ער טוט דאס מתוך אהבה אמיתית (ווארום אלע ענינים פון די גדולי ישראל בדורות הראשונים - דער "ענק" - זיינען געטאן געווארן באמת לאמיתתו).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז נוסף לזה וואס בשעת א ננס שטייט על כתפי הענק (מאיזה סיבה שתהי'), זעט ער נאך ווייטער פון דעם ענק - קומט נאך צו א הוספה מצד דערויף וואס ס'רעדט זיך וועגן א "תלמיד" פון דעם ענק, וועלכן דער "ענק" שטעלט ארויף על כתפו, און טוט דאס מתוך אהבה אמיתית - וואס דעמולט פארשטייט מען וואויהין עס קען דערגרייכן דער "ננס" וועלכן דער "ענק" האט ארויפגעשטעלט על כתפו.

ז. ובכל הדברים האלה איז אויך בנוגע צו ח"י אלול - דער יום הולדת פון דעם בעש"ט מיטן אלטן רבי'ן:

ס'איז ידוע[27] אז דער סדר פון דעם בעש"ט איז געווען, אז ער פלעגט ארומפארן און ארומגיין אין עיירות ומושבי ישראל, ווארום ער איז געשטאנען אין אן אהבה גלוי' און אן אהבה אמיתית לכל אחד ואחת פון אידן, פון דעם גדול שבגדולים ביז צום פשוט שבפשוטים, און די אהבה האט זיך ארויסגעוויזן אין ארומגיין במושבי ישראל און מסייע זיין אידן בגשמיות[28], ועאכו"כ מסייע זיין ברוחניות - א סיוע בנוגע צו הבנה והשגה אין לימוד התורה און הידור בקיום מצוותי'.

און דערנאך זאגט מען[29] "מה להלן עומד ומשמש אף כאן עומד ומשמש" - ווי מ'זאגט בנוגע צו משה רבינו, וואס ער איז געווען דער ערשטער "רועה נאמן" פון אידן, ועד"ז איז פארשטאנדיק בנוגע צו יעדער "רועה נאמן" פון אידן,

ועאכו"כ בנוגע צום בעש"ט וואס הנהגתו בגלוי איז געווען אין אן אופן אז ער האט גענומען פון זיין צייט און

- האט -

------------

26) במדב"ר פי"ב, ג. 27) סה"ש תש"ד ע' 163. ועוד. 28) ראה "התמים" חוברת ב ע' מד. 29) סוטה יג, סע"ב.

האט דאס אפגעגעבן אויף צו אויפהויבן די אלע צו וועלכע ער האט געקענט דעדגרייכן, און ער האט דאס געטאן אין אן אופן אז ס'זאל פועל'ן לדורותיהם אחריהם, אויף בניהם ובני בניהם, תלמידיהם ותלמידי תלמידיהם - איז א זיכערע זאך אז "אף כאן עומד ומשמש", אין אן אופן אז דאס קומט אראפ ביז למטה מטה, ביז אין דורות הכי אחרונים.

ועד"ז אויך בנוגע צום אלטן רבי'ן: נאך איידער ער איז נתגלה געווארן אלס נשיא הדור, האט ער שוין געהאט חדרים, און האט שוין מתקן געווען כמה תקנות, און ער האט שוין געשריבן דעם שו"ע,

ביז וואנעט אז נאך זייענדיק במחיצתו פון דעם מעזריטשער מגיד, האט ער שוין פארענדיקט כמה "הלכתא גברתא" (הלכות אין ענינים הכי חמורים) פון דעם שו"ע,

[וואס דעמולט איז דער נשיא הדור געווען דער מגיד - און אעפ"כ האט דער מגיד געהייסן (און געגעבן כח) דעם אלטן רבי'ן ער זאל אנשרייבן דעם שו"ע],

און אין אן אופן אז ס'זאל ווערן א הוראה ברורה און א פס"ד ברור, און ווי ס'איז מבואר אין הקדמת הרבנים בני הגאון המחבר אז דער אלטער רבי האט געשריבן דעם שו"ע אין אן אופן פון "הלכות בטעמיהן" - וואס דעמולט הייסט דאס ניט אז מ'פסק'נט הלכות "מתוך משנתן", וואס די וואס פסק'נען "מתוך משנתן" ווערן אנגערופן "מבלי עולם"[30], וויבאלד אז מ'ווייסט ניט דעם טעם דערפון.

[אין דעם שו"ע פון ב"י שטייען נאר די הלכות אן די טעמים, ווארום דער ב"י האט זיך פארלאזט אויף ספרו הארוך "בית יוסף" אויפן טור - אבער דער אלטער רבי האט ארייג-געשטעלט אין דעם שו"ע אויך טעמי ההלכות, "הלכות בטעמיהן"].

איז דערפון פארשטאנדיק אז אויך בנוגע צום אלטן רבי'ן זאגט מען "מה להלן עומד ומשמש אף כאן עומד ומשמש" - ביז צו א שימוש כפשוטו, בנוגע צו תלמידיו און תלמידי תלמידיו.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין דעם טאג פון ח"י אלול, וואס דעמולט איז שולט דער מזל פון דעם בעש"ט און פון דעם אלטן רבי'ן - זיינען זיי זיך משתדל און גיבן כח וסיוע און בענטשן אז די עבודה אין לימוד התורה וקיום מצוותי' בכל ימות השנה זאל זיין בהצלחה מרובה בכל הפרטים, ועאכו"כ בנוגע צום טאג פון ח"י אלול עצמו, וואס דאס איז זייער יום הולדת.

- ח. -

---

30) שם כב. א.

ח. בנוגע צו ח"י אלול - זיינען דא נאך כו"כ ענינים של סגולה:

דאס איז א טאג אין חודש אלול, וואס בנוגע צו די טעג פון חודש אלול איז דער אלטער רבי מבאר[31] אז דעמולט געפינט זיך דער מלך בשדה.

אין חודש אלול גופא איז דאס פון די לעצטע טעג פון חודש אלול, וואס די י"ב ימים אחרונים פון חודש אלול (אנהויבנדיק פון ח"י אלול) זיינען "יום לחודש"[32] - בכל יום פון די י"ב ימים, דארף מען ממלא זיין און משלים זיין דאס וואס מ'האט פארפעלט אין איין חודש (וואס איז כנגד דעם טאג) פון דעם פריערדיקן יאר.

וואס ח"י אלול איז דער טאג פון דעם חשבון נפש פון דעם פארגאנגענעם חודש תשרי, ד.ה. אז דעמולט קען מען משלים זיין אפי' די ענינים כלליים פון חודש תשרי.

און בשעת אז ס'קומען זיך צוזאמען אלע פרטים וענינים אלו אין דעם זעלבן טאג - פארשטייט מען דעם גודל העילוי והשלימות צו וועלכע מ'קען דעמולט דערגרייכן, ואין הדבר תלוי אלא ברצון - אין דעם רצון פון יעדערן און יעדערע, אז מ'זאל וועלן אויסנוצן דעם טאג כדבעי.

און דעמולט האט מען די ברכה פון דעם בעש"ט און פון דעם אלטן רבי'ן (וואס זייער יום הולדת איז אין דעם טאג פון ח"י אלול) - א ברכה וואס ווערט נברך ונמשך[33] למטה מעשרה טפחים,

ביז אז דאס קומט אראפ אין הצלחה כפשוטה אין לימוד התורה וקיום מצוותי', אין "כל מעשיך יהיו לשם שמים"[34] און אין "בכל דרכיך דעהו"[35], ומתוך שמחה וטוב לבב.

* * *

ט. כמדובר כמ"פ אז טבע האדם איז, אז בשעת מ'זאגט אים אז ער דארף טאן כו"כ ענינים (ביז א ריבוי ענינים) - קען ארויסקומען בנוגע לפועל זייער ווייניק, ווארום מצד דערויף וואס מ'זאגט אים אז ער דארף טאן כמה ענינים (ביז א ריבוי ענינים), ווייסט ער ניט מיט וואס צו אנהויבן, ובמילא שטייט ער אין ספיקות און אין א שקו"ט, ווארום ס'זיינען דא סברות שונות לכאן ולכאן - און בנוגע למעשה בפועל (וואס "המעשה הוא העיקר"[36]) פעלט אין דער הצלחה און אין דעם מרץ

- שבדבר -

---

31) לקו"ת ראה לב, ריש ע"ב. 32) סה"ש תש"ג ע' 177.
33) ראה הו"א מקץ לז, ג. ועוד. 34) אבות פ"ב מי"ב.
35) משלי ג, ו. 36) אבות פ"א מי"ז.

שבדבר, ביז וואנעס אז ס׳קען פעלן אין דער פעולה אליין.

וואס דערפאר איז מבואר ומודגש בארוכה אין חסידות[37], אז עבודה האדם דארף זיין אין אן אופן אז נאך דער ההבוננות כללית און די החלטה כללית, דארף זיין א ההבוננות פרטיה און א החלטה פרטיה בנוגע צו אן ענין פרטי.

וואס בשעת ס׳איז דא א ההבוננות פרטית און א החלטה פרטיה - איז דא אן אהיזה אז ס׳זאל אראפקומען אין מעשה בפועל (און דערנאך - פון דעם ענין פרטי וועט ער קומען צו נאך כו"כ ענינים); משא"כ ווען ער בלייבט ביי דער ההבוננות כללית, איז אפי׳ אויב ס׳איז געווען א התבוננות אמיתית, ובמילא איז פארשטאנדיק אז די החלטה וואס איז דערפון ארויס-געקומען איז געווען אן החלטה אמיתית - איז מצד דערויף וואס די התבוננות איז א התבוננות כללית, איז די החלטה אויך אן החלטה כללית, ובמילא קען זיין אז ס׳זאל ניט אראפקומען אין מעשה בפועל.

ולדוגמא: דער רמב"ם איז מבאר אין הל׳ יסוה"ת[38] "היאך היא הדרך לאהבתו ויראתו, בשעה שיתבונן האדם במעשיו וכו׳", אז פון דער התבוננות כללית אין גדולת ה׳, וועט ארויסקומען א החלטה כללית בנוגע צו אהבה ה׳ און יראת ה׳.

וואס אהבת ה׳ און יראת ה׳ זיינען ביידע מ"ע כמ"ה, און ווי ס׳איז מבואר אין חינוך[39] אז דאס זיינען מצווה אין וועלכע ס׳איז מחוייב כל אחד ואחת, בכל מקום ובכל רגע, ביז ווי דער אלטער רבי איז מבאר אין תניא[40] אז אהבה איז דער שורש אויף כל רמ"ח מ"ע, און יראה איז דער שורש אויף כל שס"ה ל"ת -

אבער אהבת ה׳ און יראה ה׳ זיינען מצווה כלליות - און פון זיי דארף אראפקומען דער מעשה בפועל בנוגע לכל שאר המצוות הפרטיות. זיי זיינען טאקע דער יסוד פון אלע מצוות, עס דארף אבער אראפקומען אין די מצוות פרטיות: אין תפילין, מזוזה, צדקה וכו׳, ביז אין לימוד התורה כפשוטו.

י. עד"ז איז אויך בנוגע להאמור לעיל:

נאך די גאנצע ההבוננות אז מ׳שטייט אין א מעמד ומצב פון נכס על גבי הענק (ובפרט אז דער ענק האט אים ארויפ-געשטעלט על גביו, און האלט אים און איז אים מסייע זייענדיק

- על -

---

37) שער היחוד לאדהאמ"צ בהחלתו. פ"ג ואילך. קונטרס העבודה פ"ו. 38) פ"ב ה"ב. 39) באגרת המחבר בריש ספר החינוך (בסופה). 40) רפ"ד.

על גביו, כנ"ל בארוכה) - איז דאס נאך אן ענין כללי;

ער שטייט טאקע על גבי הענק - ער קען אבער קוקן אין אלע ששה קצוות, אין ד׳ רוחות העולם און אין שמים וארץ, ביז אין אן אופן אז ער איז ממליך דעם אויבערשטן אין אלע ששה קצוות - און די כוונה איז דאך אז דאס זאל אראפקומען אין ענינים פרטיים.

ע"ד ווי דאס איז אין מצות ק"ש: פריער איז דא דער ענין פון "שמע ישראל ה׳ אלקינו ה׳ אחד"[41], אז ער איז ממליך דעם אויבערשטן "למעלה ולמטה ולארבע רוחות השמים"[42] - אבער דערנאך דארף דאס אראפקומען אין פרטים: אין "ואהבת את ה׳ אלקיך", אין "ושננתם לבניך", אין "וקשרתם לאות על ידך גו׳"[43] (וואס "הוקשה כל התורה כולה לתפילין"[44]), ביז אין "וכתבתם על מזזות ביתך ובשעריך"[45], אז דעד בית וכל אשר בו ווערט א בית וואס דארטן איז דער אויבערשטער דער בעה"ב.

ועד"ז איז אויך פארשטאנדיק בנוגע להמדובר לעיל וועגן דעם ענין פון ח"י אלול:

מ׳ווייסט טאקע אז ח"י אלול איז א "יום סגולה", וואס דעמולט האט מען א סיוע און א תוספת כח וברכה פון די בעלי יום ההולדת אז מ׳זאל מצליח זיין ביתר שאת וביתר עז אין לימוד התורה וקיום מצוותי׳ - מ׳דארף דאס אבער גלייך פאר-בינדן מיט אן ענין מיוחד און אן ענין פרטי (עכ"פ בערך פון כללות כל הענינים).

וואס דעמולט ווערט דאס א התחלה טובה - אז פון דעם ענין פרטי זאל ער קומען צו נאך כמה ענינים, ביז אז ער וועט טאן אין אלע ענינים.

יא. בנוגע צו כללות הענין פון חורש אלול, האט מען שוין גערעדט כמ"פ[46] אז אין די ר"ת פון חודש אלול, זיינען מרומז אלע ג׳ עמודים שעליהם העולם עומד, תורה, עבודה און גמילות חסדים[47]:

"אנה לידו ושמתי לך"[48] (וואס שטייט בנוגע צו "ערי מקלט") איז ר"ת אלול[49] - וואס דאס גייט אויף דעם ענין פון תורה, ווארום "דברי תורה קולטין"[50].

"איש לרעהו ומתנות לאביונים"[51] איז ר"ה אלול[52] - וואס דאס איז דער ענין פון צדקה און גמילות חסדים.

- "אני -

------------

41) ואתחנן שם, ג. 42) ברכות יג, ב. 43) ואתחנן שם, ח. 44) קידושין לה, א. 45) ואתחנן שם, ט. 46) לקו"ש ח"ט ע׳ 299. ועוד. 47) אבות שם מ"ב. 48) משפטים כא, יג. 49) פע"ח שער ר"ה פ"א. שה"פ עה"פ שם. 50) מכות י, א. 51) אסתר ט, כב. 52) ספר ערוגת הבושם בשם ספר אמרכל.

"אני לדודי ודודי לי"[53] איז ר"ת אלול[54] - וואס דאס איז רער ענין פון הפלה, דער קו פון עבודה.

ער"ז איז דער ענין התשובה אויך מרומז אין די ר"ת פון חודש אלול, ווארום "(ומל ה׳ אלקיך) את לבבך ואת לבב (זרעך)"[55] איז ר"ת אלול[56] - וואס דאס איז דער ענין התשובה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די התבוננות דארף זיין אז אין חודש אלול האט מען די אלע ג׳ קוין, כולל אויך דעם ענין התשובה.

יב. לאחרי כל הנ"ל שטיים מען נאך ווייטער אין א מעמד ומצב וואס מ׳האט כו"כ ענינים, און מ׳דארף ערשט מחלים זיין מיט וואס צו אנהויבן -

איז כמדובר כמ"פ אז בנוגע צו יעדער ענין איז דא אן ארט אין שו"ע פון וועלכן מ׳קען ארויסנעמען א הוראה ברורה ביז אין מעשה בפועל - וער"ד איז אויך בנוגע צו חודש אלול:

אין טור[57] שטייט בפירוש (ובארוכה - לפ"ע) אז פון ר"ח אלול הויבט זיך אן רער ענין התשובה והרחמים (ווי געבראכט אין טור און אין ב"ח[58] ובכמה אחרונים[59]).

וואס דער ענין התשובה איז שוין אן ענין פרטי בערך פון אלע ענינים האמורים לעיל, און דאס איז אויך אן ענין וואס איז כולל אלע ג׳ קוין - כידוע דער פירוש[60] אין רעם לשון פון חז"ל בכו"כ מקומות "תשובה ומעשים טובים", אז רורך הקדמת ענין התשובה, קומען ארויס די "מעשים" - טובים בשלימותם, וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דער ענין התשובה איז כולל אלע ג׳ קוין.

וואס דאס איז די הוראה בנוגע צו חודש אלול אין אן ענין פרטי - אז ס׳דארף זיין דער ענין התשובה.

און ניט אין אן אופן אז צוליב דערויף איז ער מותר ח"ו אויף אן ענין פון תומ"צ - עס רעדט זיך נאר בנוגע צו וויסן מיט וועלכן ענין ער זאל <u>אנהויבן</u>, אבער דערנאך איז פון דעם ענין התשובה קומט ער צו "מעשים טובים", "מעשים" לשון רבים, וואס ראס איז כולל די אלע ג׳ עמודים שעליהם העולם (כולל אויך דעם "עולם קטן זה האדם"[61]) עומד, דער

- ענין -

---

53) שה"ש ו, ג. 54) אבודרהם סדר תפלת ר"ה. פע"ח שם. שה"פ עה"פ שה"ש שם. 55) נצבים ל, ו. 56) בעה"ט עה"פ. 57) או"ח רסתקפ"א. 58) לטואו"ח שם. 59) ראה נו"כ השו"ע שם. השלמה לשו"ע אדה"ז רסתקפ"א. 60) לקו"ת שמע"צ פה, א. שה"ש יז, ג. 61) ראה תקו"ז תס"ט קרוב לתחלתו. ועוד.

<u>הנהה הת׳ בלתי מוגה</u>

ענין פון תורה, דער ענין פון עבודה - עבודה התפלה, און דער ענין פון גמ"ח, וואס דאס איז כולל כל המצוה כולם[62].

יג. און דערפאר זעט מען אז דער דבר השוה לכל נפש וואס הויבט זיך אן בפועל גלייך פון ר"ה אלול, איז - דאס וואס מ'זאגט דעם מזמור[63] "לדוד ה' אורי וישעי", וואס דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין התשובה:

דער ענין התשובה איז - כלשון הכתוב[64] "ושבת עד ה' אלקיך", ביז אין אן אופן אז דאס פועל'ט אויף הנהגתו בפועל.

וואס דאס ווערט אויפגעטאן דורך דעם וואס ער דערמאנט זיך און כאפט זיך אז "ה' אורי וישעי", וואס דערפון קומען ארויס אלע ענינים וואס מ'רעכנט אויס אין דעם מזמור;

מ'הויבט טאקע אן מיט "אחת שאלתי"[65], אבער דערנאך איז מען ממשיך א ריבוי פרטים[66]. מ'הויבט אן מיט א דבר מסוים, און דערנאך קומט דאס ארויס אין כו"כ פרטים.

ביז צום סיום וחותם פון דעם מזמור - "קוה אל ה' גו'"[67], אז נאך דערויף וואס ער האט שוין מצליח געווען אין לימוד התורה און אין קיום מצוותי', ביז אין אן אופן פון "שבתי בבית ה' גו' להזות בנועם ה'"[65] - האפט ער ערשט צום אויבערשטן אז ער וועט נאך דערגרייכן שלא בערך מערער דערפון.

און דורך וואס פארבינדט ער זיך מיטן אויבערשטן (וואס דאס איז דער ענין פון "קוה אל ה'") - דורך "ושבת עד ה' אלקיך", וואס דאס איז דער ענין התשובה.

און ווי דער אלטער רבי איז מבאר באריכה בכ"מ[68], אז דער ענין התשובה איז לאו דוקא אויף אן ענין של חטא ועון, נאר אמיתית ענין התשובה איז דער ענין פון "והרוח השוב אל האלקים אשר נתנה"[69], אז זייענדיק א נשמה בגוף אין עוה"ז הגשמי והחומרי, שטייט ער אין א מעמד ומצב אז ער קערט זיך אום און ווערט איין זאך מיטן אויבערשטן, "ישראל וקוב"ה כולא חד"[70] - דורך הנהגתו כדבעי, ביז אין "כל מעשיך לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו".

נאך אן ענין השוה לכל נפש וואס איז דא אין חודש אלול - ווי ער ברענגט אין טור[57] "התקינו חז"ל שיהו תוקעין בר"ח

- אלול -

------------

62) ראה תניא פל"ד (מח, ב). אגה"ק סל"ב (קנב, סע"ב ואילך). 63) תהלים כז. 64) נצבים שם, ב. 65) תהלים שם, ד. 66) ראה מדרש תהלים ויל"ש עה"פ. 67) שם, יד. 68) ראה לקו"ת ש"ש סו. ג. ר"פ אחרי. ועוד. 69) קהלת יב, ז. וראה לקו"ת ר"פ האזינו. 70) ראה זח"ג עג, א.

אלול בכל שנה ושנה וכל החודש, כדי להזהיר ישראל שיעשו תשובה, שנאמר[71] אם יתקע שופר בעיר וגו'" (און ווי ער ברענגט דארטן פון פרדר"א[72] אז אזוי איז געווען אין משה רבינו'ס צייטן - "בר"ח אלול אמר הקב"ה למשה עלה אלי ההרה כו' והעבירו שופר במחנה") - וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין התשובה.

יד. וויבאלד אז דער ענין התשובה איז לאו דוקא אויף אן ענין של חטא ועון, נאר אמיתית ענין התשובה איז "ושבת עד ה' אלקיך" - מאכט דאס נאך לייכטער אז עבודת התשובה זאל זיין בשמחה דוקא:

בשעת ער טוט תשובה אויף ענינים בלתי רצויים, דארף דאך זיין דער ענין פון "וחטאתי נגדי תמיד"[73], וואס אע"פ אז דער אלטער רבי איז מבאר אין אגה"ת[74] אז "מ"ש וחטאתי נגדי תמיד אין המכוון להיות תמיד עצב נבזה ח"ו, דהא כתיב בתרי'[75] תשמיעני ששון ושמחה . . אלא נגדי דייקא . . מרחוק" - זאגט מען דאך אבער אז ביי אים איז "בכי' תקיעא בלבאי מסטרא דא וחדוותא בלבאי מסטרא אחרא"[76], וואס אויף דערויף דארף מען האבן אן ענין של התבוננות, ביז ווי ער זאגט אין אגה"ת[77] אז "עכשיו בדור יתום הזה (ש)אין הכל יכולין להפוך לבם כרגע מן הקצה כו'".

וואס בשעת ער איז זיך מתבונן אז מה-דאך אז יעדער מצוה דארף געטאן ווערן מתוך שמחה אמיתית

[ווי דער רמב"ם איז מבאר בארוכה בסוף הל' לולב (נאך דערויף וואס ער איז מבאר דעם אופן השמחה פון שמחת בית השואבה, וואס אויף דערויף זאגט מען[78] "מי שלא ראה שמחת בית השואבה לא ראה שמחה מימיו") אז "השמחה שישמח אדם בעשיית המצוה . . עבודה גדולה היא", און ער איז נאך מוסיף אז דאס דארף זיין אין אן אופן פון "מפזז ומכרכר לפני ה'"[79],

וכמדובר כמ"פ אז אן ענין וואס שטייט אין רמב"ם איז ניט קיין הוראה פאר יחידי סגולה - ווארום אין ספרו "יד החזקה" שרייבט דער רמב"ם "הלכות הלכות"[80] וועלכע זיינען שייך לכל אחד ואחת מישראל],

איז עאכו"כ אז מצות התשובה דארף געטאן ווערן מתוך

- שמחה -

---

71) עמוס ג, ו. 72) פמ"ו. 73) תהלים נא, ה.
74) פי"א (ק, ב ואילך). 75) תהלים שם, י. 76) זח"ג עה, א. וראה גם זח"ב רנה, רע"א. תניא ספל"ד. 77) פ"י (צט, ב).
78) סוכה נא. סע"א במשנה. 79) ש"ב ו, טז. 80) ל' הרמב"ם בהקדמתו לספרו בסופה.

שמחה אמיתית - ברענגט דאס אים סאקע צו א שמחה גדולה;

דאס קומט אבער ניט צום גודל השמחה אין דעם ענין התשובה וואס איז (ניט אויף ענינים בלהי רצויים, נאר) אין טוב גופא - מוסיף זיין אין דעם "ושבת עד ה׳ אלקיך" און אין "והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה", וואס דעמולט איז דאך דא א שמחה גדולה ביים בן המלך דערפון וואס ער ווערט אלץ נענטער און מער פאראייניקט מיט אביו המלך, וויבאלד אז מידי יום ביומו איז ער אלץ מוסיף אין דעם "ושבת עד ה׳ אלקיך" און אין "והרוח תשוב אל האלקים אשר נתנה".

טו. האמור לעיל אז מצות התשובה דארף זיין בשמחה דוקא - איז נוגע נאכמער ווי ס׳איז נוגע דער ענין השמחה אין שאר המצוות. והביאור בזה:

אלע מצוות זיינען דאך אין אן אופן של הגבלה[81], ד׳ בתים אין תפילין און ניט ה׳, עד"ז אין מצות ציצית, מצות מזוזה, און אין שאר המצוות.

דער קיום המצוה דארף סאקע זיין אין אן אופן של מסירת נפש, און ס׳דארף זיין די הקדמה פון "אשר קדשנו במצותיו וצונו" - דער ענין פון קבלת עול מלכות שמים און קבלת עול מצוות, וואס כללות הענין פון קבלת עול איז אן מדידה והגבלה - אבער אעפ"כ, די מצוה אליין איז אין אן אופן מוגב מוגבל דוקא.

מצות התשובה איז אבער אין אן אופן אז דארטן זיינען ניטא קיינע הגבלות, עס האט ניט קיין שיעור ניט למטה און ניט למעלה, וואס דאס איז אמיתית הענין פון "אין להם שיעור" (כמבואר אין ירושלמי[82] בנוגע צו "אלו דברים שאין להם שיעור", אז ס׳האט ניט קיין שיעור ניט למטה און ניט למעלה):

דער ענין פון תשובה קען זיין "בשעתא חדא וברגע חדא"[83], ביז וואנעט אז דורך דעם וואס הרהר בדעתו און ער האט מחליט געווען צו זיין א צדיק, ווערט ער א צדיק גמור (וואס דערפאר איז דער דין[84] אז המקדש את האשה "ע"מ שאני צדיק (גמור[85]) כו׳ מקודשת" און די איז אסורה לכל העולם כולו, "שמא הרהר תשובה בדעתו", און דערמיט איז ער געווארן א צדיק גמור).

ועד"ז איז ניטא קיין שיעור למעלה - ווארום ס׳דארף דאך זיין "כל ימיו בתשובה"[86], בכל רגע דארף ער שטיין אין א מעמד ומצב פון תשובה.

- וואס -

---

81) ראה אגה"ק ס"י (קטו, א). 82) פאה רפ"א. 83) זח"א קכט, סע"א. 84) קידושין מט, ב. 85) אור זרוע סקי"ב. 86) שבת קנג, א.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז אין מצות התשובה איז נוגע במיוחד דער ענין השמחה (נאכמער ווי אין שאר כל המצוות) - ווארום כדי אז מצות התשובה זאל זיין בשלימותה, למעלה פון מדידה והגבלה, אפי׳ פון דער מדידה והגבלה דקדושה, דארף מען האבן דעם ענין השמחה, וואס "שמחה פורץ גדר"[87], און דאס טוט אויף אז עבודת התשובה זאל זיין אין אן אופן פון פריצת גדר, העכער פון אלע מדידות והגבלות דקדושה.

טז. און וויבאלד אז מדתו של הקב"ה איז מדה כנגד מדה[88], נאר כמ"פ ככה[89] - איז דער אויבערשטער פורץ אלע גדרים, און "הקב"ה עוזרו" (אויך אין אן אופן פון למעלה מכדידה והגבלה) ער זאל קענען מבטל זיין זיינע גדדים, ומתוך שמחה וטוב לבב.

וואס צוליב דערויף דארפן אידן האבן מנוחת הנפש ומנוחת הגוף - ווי דער רמב"ם[90] איז מבאר באריכה בנוגע צו ימות המשיח, אז "לא נתאוו החכמים והנביאים ימות המשיח, לא כדי שישלטו על כל העולם כו׳ אלא כדי שיהיו פנויין בתורה וחכמתה", ווארום דעמולט איז "תרבה הדעת והחכמה"[91] ביז אין אן אופן פון "ומלאה הארץ דעה את ה׳ כמים לים מכסים"[92], וואס דערפאר איז "לא יהי׳ עסק כל העולם אלא לדעת את ה׳ בלבד . . וישיגו דעת בוראם" - וואס אויך דערויף דארף מען האבן אז ס׳זאל זיין "מעדנים מצויין כעפר", כ״ב אלע פרטים וואס דער רמב"ם דערכנט אויס דארטן.

וכן תהי׳ לנו בתוככי כלל ישראל - אז אין די לעצטע טעג פון גלות זאל זיין פריצת גדר הגלות, און אידן וועלן שטיין אין אן אופן פון "ואולך אתכם קוממיות", "בקומה זקופה"[93], ובקרוב ממש וועט מען ארויסגיין "ביד רמה" מקבל זיין פני משיח צדקנו - ע"ד ווי ס׳איז געווען אין "ימי צאתך מארץ מצרים" אז "ובנ"י יוצאים ביד רמה"[94] - ומתוך שמחה וטוב לבב.

* * *

יז. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה והי׳ כי תבוא גו׳.

* * *

יח. כ׳האב גערעדט פריער (ס"ט ואילך) אז יעדער ענין של החלטה טובה דארף זיין פארבונדן מיט אן ענין פרטי, וואס

- דעמולט -

-------------

87) ראה ד"ה שמח תשמח תרנ"ד ע׳ 49 ואילך. 88) סוטה ח, ב. תוספתא סוטה רפ"ד. פס"ז עה"פ שמות ג, ו. 89) ראה סוטה יא, א. תוספתא שם. פרש"י עה"פ תשא לד, ז. 90) סוף הל׳ מלכים. הל׳ תשובה פ"ט. 91) הל׳ תשובה שם ה"ב. 92) ישעי׳ יא, ט. 93) בחוקותי כו, יג ובפרש"י. 94) בשלח יד, ח.

דעמולט קומט דאס גלייך אראפ אין מעשה בפועל, און דערנאך איז וויבאלד אז "מצוה גוררת מצוה"[95], וועט ער דורך דערויף קומען צו נאך אן ענין און נאך אן ענין, ביז וואנעט אז ער וועט קענען אויספירן כל משאלות לבבו לטובה - די אלע התלמות טובות בנוגע לכל הענינים.

וואס דערפאר האט מען מבאר געווען (סי"ב) אז די נקודה וואס שטייט בהדגשה אין חודש אלול, איז - אז דאס איז דער חודש התשובה והרחמים.

דער ענין התשובה איז דאך אבער אן עבודה שבלב און אין נפש האלקית - דער ענין התשובה ברענגט אים טאקע צו "מעשים טובים" וואס זיינען פארבונדן מיט חלקו בעולם, און די תשובה דארף זיין אין אן אופן אז ס'זאל פועל'ן אויפן נה"ב אז ביי איר זאל אויך זיין דער "ושבת עד ה' אלקיך", ואדרבה, דער נה"ב איז נאך מוסיף כח אין דער תשובה פון נפשו האלקית, כמבואר בכ"מ[96] - דארף מען אבער אויך האבן דעם ענין פון מעשה בפועל אין חלקו בעולם.

ובלשון פון דעם שו"ע[97] - אז "כל מעשיך יהיו לשם שמים", וואס דאס מיינט טאקע אויך דעם ענין פון דיבור ומחשבה, אבער לכל לראש שטייט בהדגשה ובגלוי דער ענין פון עשי'.

[וואס דערפאר זאגט מען אז דער ענין התשובה קומט גלייך אראפ אין "מעשים טובים", און ווי דערמאנט פריער (סי"ב) אז מ'זאגט "מעשים" לשון רבים, וואס ראס גייט אויף אלע ג' קוין (ווי דערמאנט פריער (סי"א) אז אין די ר"ת פון חודש אלול זיינען מרומז אלע ג' קוין), וואס זיי זיינען כולל כל התורה ומצוותי'].

זיינען דא ענינים בנוגע צו מעשה בפועל וועלכע זיינען ענינים שהזמן גרמא - די ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט דער הכנה צו ר"ה און חודש תשרי בכלל, און נאך לפנ"ז - די ענינים וואס זיינען דא אין חודש אלול (כדלקמן).

יט. מ'האט גערעדט בארוכה[98] וועגן דעם ענין החינוך - אז בכמה מדינות, אויך אין די מדינות וואו ס'געפינט זיך דער רוב מנין און רוב בנין פון אידן, איז איינגעשטעלט געווארן אז אין דעם זמן פון חודש אלול הויבט זיך אן התחלת שנת הלימודים, און דעמולט שטעלט מען איין דעם סדר הלימודים על כל השנה כולה.

און מ'זעט דאך בפועל אז בשעת מ'שטעלט איין התחלת

- הענין -

------------

95) אבות פ"ד מ"ב. 96) ראה המשך תער"ב ח"ב ע' תתסא.
97) או"ח סרל"א. 98) שיחת מוצאי ש"פ עקב סי"א ואילך.

 הנחת הת' בלתי מוגה

הענין כדבעי, איז דערנאך לייכטער צו דורכפירן דעם ענין כדבעי, משא"כ אויב התחלת הענין איז געווען נ'ט בשלימות, וואס דעמולט דארף מען האבן א השתדלות און א יגיעה מיוחדת אויף צו מתקן זיין און משלים זיין און ארויפשטעלן דעם ענין אויף דער ריכטיקער וועג -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די השתדלות בכל עניני חינוך אין התחלת שנת הלימודים - איז אן ענין שהזמן גרמא ביתר שאת וביתר עז.

וואס אע"פ אז ברוב המקומות האט זיך שוין אנגעהויבן שנת הלימודים - זעט מען דאך אבער בפועל אז די לימודים באופן חזק און אין אן אופן פון "תמידים כסדרן", הויבן זיך אן ערשט נאך די ימים טובים, משא"כ ביז דעמולט וואס ס'איז דא א הפסק אין די לימודים מצד די ימים טובים שבאמצע, במילא איז נאך לייכטער צו משנה זיין וכו' - וואס דערפאר איז די השתדלות אין דעם ענין החינוך נאך אלץ אן ענין שהזמן גרמא.

וואס דאס איז נוסף אויף כללות הענין וואס מ'האט שוין גערעדט כמ"פ בארוכה[99], אז בשעת ס'איז דא דער "חנוך לנער ע"פ דרכו" פועל'ט דאס אז "גם כי יזקין לא יסור ממנה"[100], ד.ה. אז יעדער פעולה אין דעם חינוך הנער, פועל'ט דערנאך על כל ימי חייו.

און ווי מ'זעט בפועל אז פון א הסבה קלה וקטנה (לפ"ע) אין דעם חינוך הבן והבת - קען דערנאך ארויסקומען א שינוי הכי גדול לטובה, בנוגע צו לימוד התורה וקיום המצוות און דער הנהגה כללית שלהם, ווען זיי וואקסן אויס.

וואס דאס איז נוגע במיוחד צום חינוך הקטנים והקטנות, אז דערנאך ווען זיי וואקסן אויס, וואקסן זיי ניט נאר בגשמיות, נאר אויך ברוחניות, ובמילא וואקסט אויך די השפעה און דער חינוך וואס מ'האט אריינגעלייגט אין זיי.

וואס כל הנ"ל איז מדגיש נאכמער דאס וואס מ'האט גערעדט לאחרונה כמ"פ בנוגע צו דער השתדלות אין "מבצע חינוך".

כ. דערנאך קומען צו די פעולות וואס זיינען פארבונדן מיט שבת - וואס איצטער איז דאך שוין יום הרביעי וואס ער ווערט שוין אנגערופן "מעלי שבתא"[101] - וואס דאס איז דער "מבצע נרות שבת קודש".

- וואס -

---

99) ראה גם שיחת אור ליום ג', עשרה בטבת ש.ז. ס"י.
100) משלי כב, ו. 101) ראה גיטין עז, א.

וואס בשעת מ׳פועל׳ט דאס אויפן בת און אויפן אם וכו׳ נאך אין די שבתות שלפני ר"ה - ווערט דאס געטאן בדרך ממילא אין די טעג פון ר"ה.

און דאס איז נאכמער מוסיף אז ס׳זאל זיין א שנה מאירה פאר איד, פאר אלע בני בית, לכל השכונה ולכל העולם כולו - דורך דערויף וואס זי האט מוסיף געווען א נר פון "נר מצוה", און דורך דערויף וואס זי האט אריינגעבראכט "תורה אור" און אידישקייט אין דער הויז.

און בקרוב ממש וועט דאס ברענגען צום קיום היעוד "אם שמרתם נרות של שבת אני מראה לכם נרות של ציון"[102] - די נרות פון ביהמ"ק, בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו.

כא. דערנאך קומט אויך צו דער ענין פון "מבצע תורה" - וואס בנוגע צו חודש תשרי זיינען דא א דיבורי פון הלכות הצריכות, סיי בנוגע צו ר"ה, יוהכ"פ און עשי"ת, און אויך דערנאך - בנוגע צו ימי הסוכות, שמע"צ און שמח"ת. וואס כדי אז מ׳זאל קענען מקיים זיין די אלע הלכות ווען ס׳וועלן קומען די טעג - דארף מען אנהויבן לערנען די הלכות א משך זמן לפנ"ז.

ועאכו"כ אז אויב ס׳איז דא אן איין און איינציקער איד וואס ווייסט גארניט פון דעם גאנצן ענין - איז וויבאלד אז יעדער איד איז אן "עולם מלא"[103], איז פארשטאנדיק דער גודל ההשתדלות וואס דארף זיין אין דעם ענין פון "מבצע תורה" - אז צו דעם אידן זאל אויך דערגרייכן אז תורה איז "חיינו ואורך ימינו", און אז דער לימוד דארף זיין אין אן אופן וואס איז מביא לידי מעשה, אז דאס דארף אראפקומען אין קיום המצוות במעשה בפועל, כולל אויך די מצוות שהזמן גרמא - שבת, ר"ה, יוהכ"פ, סוכות, שמע"צ און שמח"ת וכו׳. וואס דערפאר דארף זיין א השתדלות יתירה ומיוחדת בנוגע צו "מבצע תורה".

און בדרך ממילא וועט שוין אויך צוקומען א הוספה אין שאר המבצעים: "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי׳", "מבצע נרות שבת קודש" (ווי דערמאנט פריער (ס"כ)), "מבצע כשרות האכו"ש", און "מבצע טהרת המשפחה".

כב. דערנאך קומט צו דער מבצע הכללי וואס איז שייך במיוחד צו חודש תשרי:

מ׳זאל זעהן באווארענען אז בר"ה זאל זיין אין אלע

- עדטער -

------------

102) יל"ש ר"פ בהעלותך. 103) סנהדרין לז, סע"א במשנה.

עדטעד דער ענין פון תקיעה שופר, וואס "מצות היום בשופר"[104], ועד"ז בנוגע צו יום הקדוש - בנוגע צו אלע ענינים וואס דארפן זיין דעמולט, ועד"ז דער מבצע פון די ד' מינים אין ימי הסוכות "זמן שמחתנו".

וואס כדי אז די אלע ענינים זאלן זיין בהצלחה - דארף מען אויסשטעלן די פעולות בזה מיט א סדר מסודר, אזוי אז ביי יעדער אידן און ביי אלע אידן זאלן זיין די אלע ענינים בשלימותם.

וואס אויב שלימות הפעולות פון יעדער אידן און פון אלע אידן איז נוגע במשך כל השנה כולה - איז עאכו"כ אז דאס איז נוגע אין די לעצטע טעג פון חודש אלול, וואס אנהויבנדיק פון ח"י אלול איז מען משלים בכל יום איין חודש פון דעם פארגאנגענעם יאר ("יום לחודש"), און אין דעם טאג פון ח"י אלול עצמו, איז מען משלים די אלע מבצעים וועלכע זיינען פארבונדן מיט חודש תשרי העבר, אנהויבנדיק פון ר"ה ביז סוכות און שמע"צ ושמח"ת -

וואס דאס ווערט דורך דערויף וואס מ'וועט טאן אין די ענינים ביתר שאת וביתר עז אין דעם סיום פון חודש אלול, וואס דאס איז דער חודש התשובה - וואס תשובה איז משלים "בשעתא חדא וברגע חדא" דעם גאנצן עבר.

וכאמור לעיל אז כדי די אלע פעולות זאלן זיין בהצלחה - דארף דאס געטאן ווערן באופן מסודר, אבן אין אן אופן פון "תשועה ברוב יועץ"[105], אז מ'זאל זיך צוזאמענרעדן צווישן זיך ווי אזוי מ'זאל דורכפירן די אלע ענינים אין אן אופן אז ס'זאל ארומנעמען יעדער אידן און אלע אידן, ביז וואנעט אז דאס וועט ארומנעמען כל בנ"י בכל מקום שהם.

און דאס וועט אויך ברענגען דעם קיום היעוד "והלכו גוים לאורך"[106] - וויבאלד אז אלקות וועט שטיין אין אן אופן גלוי בכל העולם כולו, אין אן אופן פון "ה' אחד ושמו אחד"[107], "כשאני נכתב אני נקרא"[108].

כג. האמור לעיל איז דער ענין פרטי אין מעשה בפועל וואס קומט ארויס פון עבודת הלב אין עבודת התשובה (וואס "עיקר התשובה בלב"[109]) - וואס דאס איז דער כללות הענין פון חודש אלול - אז דאס קומט אראפ אין מעשים פרטים פון "כל מעשיך לשם שמים", אז ער גייט און זוכט און געפינט א אידן, און

- איז -

---

104) ר"ה כו, ב במשנה. רמב"ם הל' שופר פ"א ה"ב. 105) משלי יא, יד. כד, ו. 106) ישעי' ס, ג. 107) זכרי' יד, ט. 108) פסחים נ, א. 109) תניא פכ"ט (לו, ב).

איז אים מקרב צו אידישקייט בכל הפרטים, און טוט דאס בשמחה וטוב לבב.

וואס דאס איז כללות העבודה וואס דארף זיין בחודש אלול – און אנהויבנדיק פון ח"י אלול דארף דאס זיין ביתר שאת וביתר עז,

ובפרט לויט דער תורה מיטן ביאור ארוך פון כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[110], אז דער טייטש פון ח"י אלול איז – אז דאס גיט אריין חיות אין אלע ענינים פון חודש אלול, וואס דערפון גופא איז דאך פארשטאנדיק אז די ענינים פון חודש אלול זיינען דא אויך פון פריער, נאר אזוי ווי זיי קענען זיין אן חיות, אדער אן שלימות אין דעם חיות שבזה – איז דער אויפטו פון דעם "יום סגולה" פון ח"י אלול, אז דאס ברענגט אריין חיות אין אלע ענינים פון חודש אלול.

און דערנאך ברענגט דאס אראפ דעם ענין פון "כתבנו בספר החיים", מיט אלע ברכות טובות, אז מ'זאל האבן א שנה טובה ומתוקה, און אין אן אופן אז כל אחד ואחת מבני ובנות ישראל זיינען נכתבים ונחתמים לאלתר בספרן של צדיקים[111] (וויבאלד אז "ועמך כולם צדיקים"[112]), אין ספר חיים טובים – טובים בכל הפרטים.

כד. כאן המקום להוסיף נאך אן ענין:

אזוי ווי ס'איז געווארן א נייער סדר – יעדערער באזונדער (מקטן ועד גדול) שטעלט אויס סדרים ווי אזוי איך דארף זיך פירן, ווען איך דארף ארויסגיין און ווען איך דארף ניט ארויסגיין, מיט וועמען איך דארף זיך טרעפן וכו' – ס'איז קיינמאל ניט געווען אזא הפקרות!

יעדערער גיט הוראות (כיד ה' הטובה עליו) ווי אזוי ס'דארף זיין מיין הנהגה, און דערנאך דערהערט ער אז דער רופא האט געזאגט באופן אחר, זאגט ער להיפך און איז יענעם מבטל!

וואס נוסף אויף דעם שטות שבדבר – ער ווייסט דאך אז איך בין ניט דער וואס וועט זיך פידן לויט דער הוראה וואס ער וועט מיר געבן, איז דער עיקר הענין, אז ער איז מבטל דעם זמן וואס ער האט געקענט אפגעבן אויף לימוד התורה און קיום המצוות בהידור (וואס בכל השנה כולה דארף זיין די התמדה אין לימוד התורה בכל רגע ורגע, ווי דער אלטער רבי

– איז –

------------

110) סה"ש תש"ה ע' 122. 111) ראה ר"ה טז, ב.
112) ישעי' ס, כא.



<u>הנחת הה' בלתי מוגה</u>

איז מאריך אין התחלת ספרו תניא קדישא - עאכו"כ בחודש אלול, און עאכו"כ אנהויבנדיק פון ח"י אלול), און ער גיט אפ דעם זמן אויף א זאך וואס איז אינגאנצן ניט זיין ענין, ער האט דערצו קיין שייכות ניט, און ס'איז אים ניט נוגע כלל וכלל.

וואס דערפאר איז כאן המקום מעורר זיין וועגן דעם סדר (און מ'זאל אויפהערן טראכטן צי ס'איז גוט אדער ס'איז ניט גוט, און אריינשיקן צעטלאך וכיו"ב ווי אזוי איך דארף זיך פירן - ס'איז ללא כל תועלת לגמרי):

ס'איז דאך דא דער סדר וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט איינגעפירט בנוגע צו ערב ר"ה, אז די וואס ווילן גיבן אפ צעטלאך וואס דארטן איז אנגעשריבן שמו ושם אמו (בקיצור הכי גדול - מערניט ווי שמו ושם אמו, און געציילטע ווערטער), וואס אזוי איז געווען דער סדר אז מ'פלעגט דאס טאן בערב ר"ה לאחרי הסליחות והתפלה.

איז כדי להקל, און כדי אז ס'זאל ארויסקומען בשלימות - איז אזוי ווי דער ענין פון ערב ר"ה הויבט זיך שוין אן (א סאך פריער פון יום הראשון, ערב ר"ה כפשוטו -) פון "מוצאי מנוחה", עאכו"כ פון יום השלישי דסליחות - כידוע[113] דאס וואס כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט דערציילט אז דער טאג איז געווען אויסגעטיילט מיט א הנהגה מיוחדת, און מ'האט דעמולט געזאגט א מאמר חסידות -

וואס דערפאר איז (לאחרי יום השלישי דסליחות) פון יום הרביעי דסליחות, לאחרי הסליחות והתפלה, וועלן די וואס ווילן, קענען (בל"נ) אפגעבן די צעטלאך, במשך פון א שעה אחת אדער "שעתא ופלגא" (ווי רעד לשון הזהר[114]), און אזוי וועט זיין בכל יום ויום ביז ערב ר"ה.

און בנוגע צו ערב ר"ה - וועלן האבן א קדימה די וואס וועלן אנקומען ערשט בערב שבת, במוצאי שבת, אדער בערב ר"ה, און די אלע וואס געפינען זיך דא פון פריער, זאלן זיך משתדל זיין (ובמילא וועלן זיי דאס קענען אויספירן) אפגעבן זייערע צעטלאך ביום הרביעי, ביום החמישי און ביום הששי - וואס די אלע דריי טעג זיינען דאך "מעלי שבהא" פון דעם שבת שלפני ר"ה, וואס דעמולט איז "אתם נצבים היום כולכם לפני ה' אלקיכם", פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך ושואב מימיך"[115], און דעמולט ווערט דער ענין פון "לעברך בברית ה' גו'"[116].

- און -

---

113) ראה רשימה שבסוף סה"מ תש"ה. 114) ה"ג קעב, סע"ב. וראה גם ח"א סב, ב. 115) נצבים כט, ט-י. 116) שם, יא.

און דער אויבערשטער זאל געבן יעדער אידן און אלע אידן אז ביי זיי זאל זיין דער ענין פון "נצבים באופן אמיתי - אז מ'וועט שטיין אין אן אופן פון "נצבים קיימים ועומדים", כידוע תורת הבעש"ט[117] עה"פ "אתם נצבים היום כולכם".

און ס'זאל זיין א שנה טובה ומתוקה - ווי אידן ווינטשן זיך אנהויבנדיק פון ר"ח אלול[118], עאכו"כ פון ח"י אלול (וואס דאס ברענגט אריין חיות בכל עניני אלול), ועאכו"כ לאחרי יום השלישי פון סליחות.

וכאמור לעיל אז די אלע וואס געפינען זיך שוין דא, ועד"ז די וואס וועלן קומען פאר ערב ר"ה - זאלן זיי (די וואס ווילן) אפגעבן די צעטלאך במשך פון די דריי טעג, אין דעם זעלבן זמן ווי ס'איז געווען בשנים שלפנ"ז - לאחרי הסליחות והתפלה, און לאזן דעם טאג פון ערב ר"ה פאר די וואס האבן ניט געהאט די יכולת אפגעבן זייערע צעטלאך לפנ"ז, וויבאלד אז זיי זיינען ערשט געקומען אויף שבת, במוצאי שבת, אדער בערב ר"ה.

און דערפאר קומט דער עיקר הענין - אז סיי די וואס וועלן געבן, און סיי די וואס וועלן אליין אויספירן אלץ וואס מ'דארף אויספירן (וואס דאס איז דאך דער ענין הכי טוב והכי פשוט והכי מוצלח, כמדובר ומבואר בכ"מ) - זאלן האבן א כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה, בטוב הנראה והנגלה, למטה מעשרה טפחים, ובכל הפרטים,

אנהויבנדיק פון ר"ח אלול, עאכו"כ פון ח"י אלול, ועאכו"כ פון ימי הסליחות, ופשוט - פון ר"ה אן, ובשמחה וטוב לבב.

* * *

כה. מ'האט דערמאנט אין דעם מאמר דעם דרוש פון דעם אלטן רבי'ן אין לקו"ת פון היינטיקער סדרה וואס הויבט זיך אן מיטן ד"ה היום הזה ה' אלקיך מצוך לעשות את החוקים האלה ואת המשפטים ושמרת ועשית אותם בכל לבבך ובכל נפשך[120].

וואס דארטן פרעגט דער אלטער רבי: להבין פירוש היום הזה ולא כתיב איזה יום? און ער איז מבאר אז "המקרא מחובר לפרשה שלמעלה הימנה שמסיימת ארץ זבת חלב ודבש . . וזהו היום הזה וגו' דהיינו בשעת כניסתן לארץ" (וואס דאס גייט

- אויף -

------------

117) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות לא. 118) דאה מט"א סתקפ"א ס"ט (מלקוטי מהרי"ל). 119) תבוא מא, ג. 120) פרשתנו כו, טז.

אויף דער כניסה לארץ בפעם הראשונה, און דערפון איז אויך פארשטאנדיק בנוגע צו דער כניסה שני׳ וכו׳).

און ווי ס'איז אויך פארשטאנדיק דערפון וואס רש"י[121] ברענגט אראפ דעם פסוק "היום הזה נהיית לעם"[122] (וואס דער פסוק איז פון דעם שיעור חומש פון יום הרביעי), און זאגט אז דאס איז געזאגט געווארן בסוף שנת הארבעים - וואס דאס איז דער זמן ווען מ'איז אריין אין א"י.

און דערנאך ברענגט דער אלטער רבי דאס וואס ס'שטייט אין זהר[123] "היום דא ר"ה", אז בשעת ס'שטייט אין תורה "היום" גייט דאס אויפן טאג פון ר"ה - און ער איז מבאר דעם קשר ושייכות וואס איז דא צווישן די צוויי ענינים (דער ענין הכניסה לארץ, און דער ענין פון ר"ה), אז פונקט ווי אין עולם איז דא דער ענין פון אה"ק, אזוי איז אויך דא אין שנה דער ענין פון ר"ה.

ווארום אזוי ווי דער ענין פון ר"ה איז - אז דעמולט ווערט נמשך דער ענין החיים וכל טוב און ברכה והצלחה על כל השנה כולה (כמבואר אין פוסקים , און פארשטאנדיק אויך בפשטות), איז אזוי אויך בנוגע צו אה"ק:

די גמרא[125] זאגט אז מתמצית א"י שותה כל העולם כולו. ביז וואנעט אז דער דין[126] איז אז "בקומו להתפלל . . יחזיר פניו כנגד א"י שנאמר[127] והתפללו אליך דרך ארצם", ד.ה. אז בכל מקום וואו א איד געפינט זיך, איז בשעת ער איז מתפלל על צרכיו און על צרכי כל העולם כולו, דארף זיין "והתפללו אליך דרך ארצם", ווארום אלע תפלות זיינען עולה דרך א"י - און דערפון איז אויך פארשטאנדיק, אז דער מילוי הבקשות שבתפלה ווערט אויך אויפגעטאן "דרך ארצם", וואס דאס איז דער "שער השמים"[128], און פון דארטן ווערט דאס נמשך לכל אחד ואחת במקומו, בכל המצטרך לו אין בני חיי ומזוני רויחי, מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה.

וואס דער ענין הכניסה לארץ איז אויך פארבונדן מיט "לעשות את החוקים האלה ואת המשפטים גו'" (אזוי ווי דער ענין פון ר"ה) - ווארום דורך דעדויף וואס מ'לערנט תורה און מ'איז מקיים מצוות אין אן אופן פון "בכל לבבך ובכל נפשך", איז דער אויבערשטער ממלא כל צרכיו ותפלותיו ומשאלות לבבו פון א אידן לטובה, ביז צו דער ברכה הכללית - והעיקרית -

---

121) שם כט, ה-ו. 122) שם כז, ט. 123) ח"ב לב, ב. 124) ראה טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סתקפ"ג. 125) ראה תענית י, רע"א. 126) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח רסצ"ד. 127) מ"א ח, מח. 128) ראה ויצא כח, יז ובפרש"י (בסופו).

<u>הנחת הת׳ בלתי מוגה</u>

והעיקרית - די כניסה אין א"י בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו.

כו. אין דעם זעלבן דרוש (און אויך אין די דרושים וועלכע זיינען מבאר דעם דרוש[129]) איז דער אלטער רבי אויך מבאר אז "ארץ ישראל הוא בחי' תורה שבעל פה" -

ווארום דער אויפטו פון תושבע"פ אויף תושב"כ איז (ווי ס'איז פארשטאנדיק בפשטות, און ס'איז מבואר באריכה אין אגה"ק[130] - אז פון תושב"כ ווייסט מען ניט ווי אזוי מ'דארף מקיים זיין די מצוות בפועל, ולדוגמא: בנוגע צו מצות תפילין (ועד"ז בשאר המצוות - וואס "הוקשה כל התורה כולה להתפילין"), איז פון תושב"כ אליין ווייסט מען ניט ווי אזוי מ'דארף מאכן די תפילין, וויפל פרשיות ס'דארף זיין, וועלכע פרשיות, און ווי אזוי מ'דארף לייגן די תפילין וכו' - און כדי צו וויסן ווי אזוי צו מקיים זיין די מצוה, דארף מען אנקומען צום פירוש וביאור פון תושבע"פ (וואס זי איז מבאר די ענינים וואס שטייען אין תושב"כ), דער ענין פון "השונה הלכות" פון תושבע"פ.

וואס דאס איז אויך פארבונדן דערמיט וואס מ'האט גערעדט פריער[131] באריכה וועגן דעם וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין תו"א בהתלתו[132] אז "שלשה נקראו ארץ, כנסת ישראל ותורה שבע"פ ומצווה, וכולן נרמזין במקרא אחד, ארץ ארץ ארץ שמעי דבר ה'"[133]:

אידן ווערן אנגערופן "ארץ" - כידוע תורה הבעש"ט[134] (וואס ח"י אלול איז זיין יום הולדת) אויף דעם וואס ס'שטייט[135] "כי תהיו אתם ארץ חפץ", אז דאס גייט (ניט נאר אויף יחידי סגולה, און ניט נאר אויף כללות כל עם בנ"י כולו, וואס דעמולט איז דא דער ענין פון זכות הרבים, נאר דאס גייט) אויף יעדער אידן אלס יחיד, אז אין וואס פאר א מעמד ומצב ער זאל נאר זיין, זאגט אויף אים דער אויבערשטער אז ער איז אן "ארץ חפץ".

און ווי דער בעש"ט איז דאס מבאר, אז אזוי ווי אין ארץ כפשוטה זיינען דא באהאלטן בכל מקום אבנים טובים ויקרות און מעיינות מים חיים, אזוי זיינען דא ביי יעדער אידן אוצרות יקרים - ס'איז מערניט וואס ס'איז דא אן ארט

- וואו -

------------

129) אוה"ת פרשתנו ע' תתרמז ואילך. 130) סכ"ט (קנ, ב ואילך). 131) ד"ה השמים כסאי דמוצאי ש"פ ראה. 132) א, ג. 133) ירמי' כב, כט. 134) כש"ט הוספות אות מד. 135) מלאכי ג, יב.

וואו עס ליגט הויבן-אויף, און ס'איז דא אן ארט וואס מ'דארף גראבן א ביסל, און אן ארט וואס מ'דארף גראבן מערער - איז אע"פ אז מ'דארף גראבן כדי צו מגלה זיין די אוצרות - פעלט אבער ניט אין חשיבות הענינים והאוצרות וואס זיינען באהאלטן אין דער "ארץ חפץ", וואס דאס איז כל אחד ואחת מישראל, כתורת הבעש"ט.

דער צווייטער ענין פון "ארץ" איז תורה שבעל פה, און דער דריטער ענין פון "ארץ" איז דער ענין המצווה.

און דאס איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין פון א"י כפשוטה - ווארום שלימות ענין המצוות, אין אן אופן פון "כמצות רצונך", איז פארבונדן מיט א"י:

א) ס'זיינען דאך דא די מצוות התלויות בארץ, וואס זיי זיינען דא מערניט ווי אין א"י, ב) די עלי' פון כל התורה ומצוותי' ווערט דאך אויפגעטאן דורך דעם ענין התפלה[136], דער "סולם מוצב ארצה וראשו מגיע השמימה"[137] - און דער ענין התפלה איז אין אן אופן פון "והתפללו אליך דרך ארצם" (כנ"ל סכ"ה), אז דאס גייט דורך א"י, "ארץ אשר גו' עיני ה' אלקיך בה מרשית השנה ועד אחרית שנה"[138].

כז. דובר בארוכה אודות המצב באה"ק.

* * *

צוה לנגן אני מאמין. עוצו עצה ותופר. הושיעה את עמך. פרזות תשב ירושלים. שלש תנועות. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי.

כ"ק אדמו"ר שליט"א התחיל לנגן ניעט ניעט ניקאווא.

אח"כ אמר: די וואס דארפן מאכן א ברכה אחרונה, וועלן מסתמא מאכן א ברכה אחרונה.

טרם צאתו התחיל לנגן כי בשמחה תצאו.

* * *

---

136) ראה ד"ה ואברהם זקן דמוצאי ש"פ חיי שרה ש.ז. ס"ו ואילך. וש"נ. 137) ויצא שם, יב. וראה זח"א רסו, ב. ח"ג שו, ב. תקו"ז תמ"ה. 138) עקב יא, יב.

בס"ד. קטע משיחה ח"י אלול ה'השל"ח. <u>הנחה הה' בלתי מוגה</u>

א. ע"פ האמור לעיל[1] איז פארשטאנדיק די טייערקייט פון יעדער שעל, יעדער טפח און יעדער כשהו פון א"י, און אויף וויפל ס'איז פארבונדן מיט יעדן אידן און מיט אלע אידן, ביז וואנענט אז יעדער איד און אלע אידן זיינען די בעלי-בתים אויף יעדער שעל, יעדער טפח און יעדער משהו פון אה"ק.

און קיינער האט ניט קיין רשות בעה"ב'טעווען אויף דערויף – אויב ס'איז ניט לויט די הוראות פון דעם וואס "נתנה לנו"[2], וואס דאס איז דער אויבערשטער אליין, לויט ווי ער האט אנגעוויזן בתורתו "תורת חיים" (וואס זי איז א הוראה בחיים) – וואס אין דער תורה שטייט אז א"י איז גע-געבן געווארן צום "עם עולם" אין אן אופן פון "נחלת עולם".

און כדי אז ס'זאל זיין "ונתתי שלום בארץ"[3], א שלום אמיתי – דארף מען האבן אז א"י זאל זיך פירן לויט רצון הבורא, וואס ער איז דער בעה"ב פון כל העולם כולו, עאכו"כ פון א"י, וואס דארטן שטייט געטלעכקייט בגלוי, כמאמר הכ'[4] "ארץ אשר גו' עיני ה"א בה מרשית השנה ועד אחרית שנה".

וואס איינע פון די הוראות פון תורה איז – "לא תחנם"[5].

ונוסף לזה: ס'איז דא דער פס"ד ברור אין שו"ע[6], אז אומעטום וואו אידן האבן זיך באזעצט און לעבן דארטן, אין א"י אדער אין חו"ל, איז בשעת אז עכו"ם "ממשמשים ובאים", אפילו אז דאס איז מערניט ווי "על עסקי תבן וקש" – טאר מען ניט עפענען דעם ארט לפניהם, אפילו ווען ס'רעדט זיך וועגן א שטח אין חו"ל,

און דער דין איז אז "יוצאים עליהם בכלי זיין ומחללין עליהם את השבת", וויבאלד אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ, אפילו' ווען זיי זאגן אז זיי קומען "על עסקי תבן וקש",

ועאכו"כ ווען מ'זעט בגלוי אז דאס איז אן ענין וואס איז פארבונדן מיט פקו"נ – לויטן פס"ד ברור פון די מומחים – ע"פ שו"ע – בענין זה, וואס דאס זיינען די אנשי הצבא וואס געפינען זיך <u>איצטער</u> בצבא, און וואס זאגן זייער דעה ניט מצד חשבונות פון מפלגה אדער אנדערע חשבונות, נאר מצד דעם חשבון פון פקו"נ – איז דעת כולם שוה אז כ'טאר ניט אוועקגעבן אפילו א שעל אחד, וויבאלד אז דאס איז אן ענין פון פקו"נ.

– און –

------------

1) בהשיחה סכ"ה-כו. 2) ל' רש"י ד"פ בראשית.
3) בחוקותי כו, ו. 4) עקב יא, יב. 5) ל' הכתוב – ואתחנן ז, ב. וראה פרש"י עה"פ. ע"ז כ, רע"א. רמב"ם הל' עכו"ם פ"י ה"ג-ד. טושו"ע יו"ד סקנ"א ס"ח ואילך. 6) או"ח (ואדה"ז) סשכ"ט ס"ו. 7) ראה שם ס"ז.

און נאך דערויף וואס מ׳הערט די דעה פון דעם מומחה לעניני צבא – ווערט דאס א דין אין "הורת אמת" און "הורת חיים", אז מ׳מוז שטיין באופן חזק און בקומה זקופה, און אויב ס׳איז נויטיק – צוזאכען מיט נשק, וואדום דאס איז דער וועג צו אויסמיידן דעם ענין פון פקו"נ ח"ו.

ב. און דאס איז דער איין און איינציקער וועג אז ס׳זאל זיין "ונתתי שלום בארץ" – ניט קיין שלום המדומה און א שלום לפי רגע וכו׳ (וואס אין להאריך בענינים המצערים), נאר א שלום כדבעי, א שלום של אמת און א שלום וואס וועט האבן א קיום – וואס דאס קען זיין דוקא ווען מ׳פירט זיך ע"פ התורה, וואס "התורה ניתנה לעשות שלום בעולם"[8], און ווי ס׳שטייט[9] "ה׳ עוז לעמו יתן ה׳ יברך את עמו בשלום".

און ווי ס׳שטייט אין מדרש[10] אז בשעת מ׳האט געזאגט צו אוה"ע אז "ה׳ עוז לעמו יתן ה׳ יברך את עמו בשלום" – האבן זיי זיך בארואיקט, און האבן געלעבט בשלום מיט בנ"י.

און "התורה היא נצחית"[11], מדור לדור ומשנה לשנה ומיום ליום – אז דאס איז דער איינציקער וועג צו אויסמיידן און באווארענען דעם ענין פון פקו"נ מיט אלע ענינים בלהי רצויים.

און דעמולט איז מען יוצא דערמיט וואס מ׳האלט דעם נשק לשעה קלה, ווארום עס ווערט דער "תפול עליהם אימתה ופחד בגדול זרועך ידמו כאבן"[12], און ס׳וועט זיין "ונתתי שלום בארץ", ביז צו "והלכו גוים לאורך"[13], און ס׳וועט מלכתחילה ניט זיין קיין קס"ד אויף ענינים אחרים, וויבאלד אז עס וועלן ניט זיין די "מהרסיך ומחריביך ממך יצאו"[14].

ג. אזוי ווי דער עולם ווארט דאך אז מ׳זאל עפעס זאגן וועגן דער אסיפה וואס איז געווען אין "קעמפ דייוויד" (און טאמער מ׳וועט גארניט זאגן, גייט מען אוועק פון דעם פארברייינגען און מ׳טראכט איבער צי ס׳איז געווען כדאי קומען, ווארום מ׳האט ניט געהערט קיין איין און איינציקן ווארט וועגן דערויף) – האט מען ניט קיין ברירה און מ׳מוז עפעס זאגן וועגן דעם.

אע"פ אז "המשכיל בעת ההיא ידום"[15] – כצד דערויף וואס ס׳איז געשריבן געווארן אין א שפה בלתי ברורה (און ס׳איז

- ניט -

---

8) רמב"ם סוף הל׳ חנוכה. 9) תהלים כט. יא. 10) זבחים קטז. א. יל"ש ד"פ יהרו. 11) תניא רפי"ז. 12) בשלח טו, טז. 13) ישעי׳ ס. ג. 14) שם כט, יז. 15) ל׳ הכתוב – עמוס ה. יג.

ניט בדרך מקרה, נאר בהשגחה פרטיה), ובמילא קען מען טייטשן אין דערויף אלע-ערליי פירושים - און דערנאך וועט מען גלייך זען אז (ס'איז ניט ווי מ'וויל זיך איינרעדן אז עס איז געווארן איין דעה, נאר) ניט נאר אז ס'זיינען געבליבן דריי דעות, נאר נאכמער: אזוי ווי יעדערער פון די דריי האט דאך געהאט יועצים, איז כמספר היועצים אזויפיל דעות זיינען דא!

עס האט אפגעגליקט אז זיי זיינען זיך פאנאנדערגעגאנגען מיט קושן זיך און ארום-נעמען זיך (מיט אלע דרכים וואס זיינען געווען אין דעם) - ויה"ר אז מ'זאל דאס אויסנוצן אויף א גוטן אופן - און ערשט דערנאך וועלן זיך אנהויבן די דינגענישן וואס מ'האט געמיינט און וואס מ'האט געטראכט, ביז אויך - וואס מ'האט געזאגט און וואס מ'האט אפגעטאן.

אזוי ווי ס'איז דאך אבער געווארן א זאך וואס מ'האט געשריבן און גע'חתמ'ט - מוז מען עפעס זאגן וועגן דעם (ווארום אויב ניט, הויבט מען אן איבערטראכטן צי ס'איז געווען כדאי די צוויי שעה פון דעם פארברייינגען, וויבאלד אז מ'ווייסט ניט קיין טאלק וואס עס טוט זיך מיט "קעמפ דייוויד").

וואס באמת איז קיין נפק"מ ניט ער זאל וויסן וואס עס טוט זיך מיט "קעמפ דייוויד", ווארום ער קען גארניט משנה זיין אין דעם - מה-דאך אז די דריי קענען גארניט משנה זיין אין דעם, איז עאכו"כ אז די וואס זיינען געקומען צום פארברייינגען קענען גארניט משנה זיין אין דעם,

ובפרט אז זיי האבן אינגאנצן אן אנדער תפקיד: די דריי האבן געהאט א תפקיד וואס איז פארבונדן מיט די ענינים וואס האבן זיך דארטן גערעדט, אבער די וואס זיינען נוכח אין דער התוועדות, איז ענינם ושליחותם - זיי זאלן מאכן פון דער וועלט אז זי זאל זיין בגלוי א דירה לו ית' בתחתונים, דורך לימוד התורה און קיום המצוות, דורך "כל מעשיך יהיו לשם שמים" און "בכל דרכיך דעהו"[16] - און די אלע איבעריקע ענינים איז דאס אינגאנצן ניט זייער ענין, זיי קענען אין דערויף גארניט אויפטאן.

אבער אעפ"כ, וויבאלד אז רבים דורשים ושואלים, און כ'דערגייט די יארן אז מ'מוז עפעס זאגן וועגן דערויף (און אויב ניט איז גאר ניט שייך צו זאגן! - וואס איז ניט שייך צו זאגן ווייס איך ניט, וואס וועט מען שוין אפטאן אויב מ'וועט ניט זאגן - ביי דער התוועדות איז מען שוין געווען, דאס איז שוין פארפאלן, מ'קען דאס ניט ציען

- אויף -

------------

16) אבות פ"ב מי"ב. משלי ג, ו.

אויף צוריק), איז וויבאלד אז דאס איז רצון הרבים - וועט
מען רעדן וועגן דעריף, אבער בקיצור הכי נמרץ, וויבאלד
אז דאס איז א דבר המצער ומבהיל.

ד. ס'איז א זיכערע זאך אז עס זיינען געווען כמה ענינים
וואס מ'האט גערעדט בחשאי - עס זיינען אבער דא ענינים
וואס מ'האט גערעדט בגלוי, און ס'איז געווען במעמד שלשתם,
אלע דריי האבן דאס געהערט, און דערנאך האבן אלע דריי גע'-
חתמ'ט אויף דעריף - וואס לכאורה איז דאס אן ענין וואס
אין לשנות.

און אפילו אז מ'וועט זאגן אז עס זיינען דא ענינים
וואס זיינען געווען בחשאי וועלכע זיינען משנה דאס וואס
עס איז געווען בגלוי - איז בשעת אז מ'רעדט וועגן דעם וואס
מ'דארף שטימען צי מ'זאל דאס אננעמען אדער ניט, מוז מען
דאך שטימען אויף די דברים וואס זיינען געווען בגלוי (און
ניט אויף די דברים וואס זיינען געווען בחשאי).

איז דאס וואס מ'קען זאגן אויף דעריף, עכ"פ בקיצור
נמרץ - איז: ס'איז א דבר הכי מצער ומבהיל. מ'האט קיינמאל
ניט געקענט משער זיין אז מ'וועט אנקומען אהין, און מ'וועט
באקומען גארניט!

די איינציקע זאך וואס מ'וויל זיך איינרעדן אז מ'האט
באקומען איז - אז מ'האט א הבטחה בע"פ פון איינעם וואס
מ'ווייסט ניט ווי לאנג וועט ער זיך האלטן אויפן ביינקל,
און וואס אפילו בשעת ער האלט זיך אויפן ביינקל דארף ער
אנקומען צום "רייכן פעטער" וואס זיצט ערגעץ וואו אין
חצי האי ערב (אין סעודי' ערביא) - דאס איז פאר קיינעם
ניט קיין סוד, און די דריי ווייסן אויך דערפון,

האט מען באקומען א הבטחה פון איש, אז אויב אלץ וועט
זיך פירן אין א גוטן און א גלאטן אופן, וועט ער מסכים
זיין אז מ'זאל פירן א שקו"ט וועגן שלום, און דערנאך וועט
ער מסכים זיין אז במשך השנים זאל זיין אן ענין פון שלום,
מ'וועט האבן דיפלאמאטישע באציאונגען וכו' -

וואס מ'ווייסט שוין וואס פאר א ווערט האבן די
באציאונגען - ווי מ'האט שוין געזען בפועל אז ברצונו הייסט
ער זיי פארן אויף צוריק, און ברצונו שיקט ער זיי ווייטער,
און די גאנצע זאך איז אן ענין וואס "בין לילה הי'"[7] און
דערנאך ווייסט מען ניט ווי וועט זיין דער המשך דערפון.

וכאמור אז מ'ווייסט ניט ווי לאנג ער וועט זיך האלטן,

- און -

------------

7) ל' הכתוב - יונה ד, י.

און מ'ווייסט ניט ווי אזוי ער וועט זיך האלטן - צי ער וועט זיין א מושל בעצמו וברצונו, אדער לויטן רצון פון דעם וואס גיט אים די געלט, און ס'איז דאך א דבר ברור אז ער מוז זיך פירן לויטן רצון פון דעם וואס גיט אים די געלט.

און בנוגע צו די אלע זאכן וואס מ'האט גע'חתמ'ט און גערעדט וועגן שלום - איז דאס א זאך וואס מ'קען מאן היינט, און אויף מארגן - מבטל זיין דעם גאנצן ענין; משא"כ וועז מ'גיט אפ א שטח, איז דאך ניט דער פשט אז אויף מארגן קען מען חרטה האבן און נעמען דעם שטח אויף צוריק - דאס איז אן ענין וואס "אין להשיב", מ'נעמט צו פון דארטן דעם צבא, און מ'נעמט צו אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט דער אנפירונג דארטן, און דערנאך איז "אין להשיב"!

ד.ה. אז מ'גיט אפ אן ענין אין אן אופן וואס דערנאך איז "אין להשיב" - און מ'באקומט א הבטחה בדיבור פון איינעם וואס מ'ווייסט ניט (און ער אליין זאגט אז ער ווייסט ניט) ווי לאנג ער וועט זיך האלטן, דערפאר וואס דאס איז תלוי בכמה ענינים, און די זאך וועלכע מ'איז מבטיח, איז א זאך וועלכע מ'קען יעדער טאג משנה זיין לויט ווי מ'וויל!

און די גאראנטיע וואס עס גיט די ממשלה און יענע ממשלה - האבן זיי געגעבן גאראנטיעס אויך בעבר - און מ'האט געזען וואס עס האט זיך דערפון אויסגעלאזט!

וואס דאס איז נוסף אויף כללות הענין אז בשעת מ'איז מודיע אז מ'קען זיך אפזאגן פון א געוויסן שטח און אפגעבן אים, נאר ס'איז פארבונדן מיט תנאים מיוחדים - איז דאס גופא א הוכחה אז מ'זאגט אז דער שטח געהערט ניט צו אידן אין אן אופן פון "נחלת עולם".

ה. דערנאך קומט צו נאך א זאך:

מ'וויל אפגעבן די הנהלה אזרחיה צו די אראבער, און במקומות מיוחדים וועט מען האלטן אנשי צבא - און דערביי זאגט מען אז די הנהלה אזרחיה וועט זיין אין אן אופן אז זיי וועלן זיי די בעלי-בתים אויף אויסקלייבן זייערע מנהיגים, און פירן זיך לויט ווי ביי זיי קומט אויס, וויבאלד אז ס'איז דעמאקראטיע וכו'.

האט מען שוין געזען בפועל אז בשעת זיי האבן געהאט בחירות, אפילו אין די שטעט וואו ס'איז געווען דער ממשל צבאי, און די בחירות זיינען געווען אונטער זייער השגחה -

- האט -

האט מען געזען אז זיי האבן אויסגעקליבן אט-די וואס איך להאריך ווער זיי זיינען (וואס דארף מען זיי אנרופן מיט געוויסע נעמען - "אל תפתח פה לשטן"[18], זאלן זיי תשובה טאן און ווערן חסידי אוה"ע),

איז דאך עאכו"כ אז בשעת מ'וועט זיי איבערגעבן די הנהלה אזרחית, און זיי וועלן מחליט זיין אז די "פאליס" דארף זיין זייערע, די שמירה דארף זיין אונטער זיי, און דער נשק דארף זיין ביי זיי וכו' - האט מען זיך אליין געבונדן די הענט אז מ'דארף זיי נאכגעבן!

און די באווארעניש אז דאס וועט זיין אין צוויי יאר ארום, און דאס וועט זיין אין דריי יאר ארום, און דאס וועט זיין אין פינף יאר ארום - איז בשעת מ'גיט נאך א זאך אין פרינציפ, האט מען דערנאך ניט קיין יסוד אויף צו דינגען זיך אז עס מוז נעמען צוויי יאר, ווארום וויבאלד אז מצד צדק ויושר זאגט מען אז אין צוויי יאר ארום וועט מען דאס אפגעבן - קומט מען צוגיין מיט א טענה פשוטה: וויבאלד אז דאס איז צדק ויושר, איז פארוואס זאל מען דאס טאן אין צוויי יאר ארום, מ'דארף דאס טאן איבערמארגן!

ו. וכאמור לעיל אז ס'זיינען זיכער דא ענינים וואס מ'האט נאך ניט מפרסם געווען לע"ע - ס'זיינען אבער דא ענינים וואס זיינען געמאכט געווארן באופן גלוי, און אויף דערויף דארף מען שטימען, און דערפון קען מען ניט חרשה האבן -

און אין וואס באשטייט דאס - אז ס'איז כתוב וחתום אז מ'גיט אפ אלע שטחים, מיטן אויסנאם אז במקומות מיוחדים (במקומות סגולה) וועט מען האלטן אנשי צבא, און אין די ערטער גופא וועט דער ממשל אזרחי געהערן צו די וואס לעבן דארטן.

וואס דאס איז כולל די שטאט חברון, וואו ס'לעבן צענדליקער טויזענטער ערבים, און מ'לאזט ניט באזעצן דארטן קיין איין און איינציקן אידן!

אין ירושלים העתיקה האט מען לכה"פ געלאזן באזעצן מאה יהודים, אבער אין חברון - איז במשך פון די אלע העכער צען יאר האט מען ניט געלאזן קיין איין און איינציקן אידן באזעצן זיך דארטן, און ניט דערפאר וואס עס זיינען ניט געווען אזוינע אידן וואס האבן געוואלט באזעצן זיך דארטן - מ'האט זיי ניט געלאזט בכח הזרוע!

וואס דערמיט גופא איז מען מדגיש וועמען געהערט חברון (ועאכו"כ אז אזוי איז כתוב וחתום), ועד"ז שכם און ראמאלה,

- ועד"ז -

---

18) ראה ברכות יט, א.



הנחת הת' בלתי מוגה

ועד"ז ווי מ'וויל זיך דינגען וועגן ירושלים העתיקה (וואס "אל תפתח פה וכו'")!

וואס אפילו אז ס'וועט בחסדי ה' דורכגיין ווי ס'דארף צו זיין - איז דאס וואס מ'האט געשריבן און גע'חתמ'ט איז א דבר המצער ומבהיל.

ז. און נאכמער מצער ומבהיל איז - אז נאך דערויף וואס עס איז שוין דורכגעגאנגען דריי טעג וואס מ'לייענט דאס, און מ'לערנט אין דערויף כמה פירושים - זיינען דא אידן וואס זאגן אז דאס איז א הישג! ניט נאר אז זיי זאגן ניט אז עס איז א דבר המצער ומבהיל, נאר זיי זאגן אז דאס איז א הישג! און אין וואס באשטייט דער הישג - אז מ'האט שלום!

וואו האסטו שלום?! די אונטערהאנדלונגען דארפן געווערן צוויי יאר, צי דריי חדשים, צי נייען חדשים - וואס אין דער צייט ווייסט קיינער ניט וואס וועט זיך טאן מיט איינעם פון די דריי צי מיט צוויי פון די דריי, זיי אליין זאגן אז זיי וויסן ניט, און זיי אליין זאגן אז זיי זיינען תלוי אין דעם דעת פון דעם וואס וועט זיי געבן די געלט!

און דאס וואס מ'האט שוין אפגעטאן - האט מען אפגעטאן דעם היזק הכי גדול: מ'האט אנגעשריבן אז די שטחים געהערן צו די וואס לעבן דארטן, און אז זיי דארפן אנפירן אין די ערטער לויט ווי ביי זיי קומט אויס, נאר כדי צו באווארענען א שטח אחר, וועט מען האלטן דארטן במקומות מיוחדים אנשי צבא -

וואס בשעת דער ממשל אזרחי וועט מחליט זיין אז מ'דארף זיי משלח זיין פון דארטן - פארשטייט מען דאך צו וואס דאס קען ברייינגען!

ח. מ'חזר'ט איבער נאכאמאל דעם זעלבן טעות וואס מ'האט געמאכט נאך דער מלחמה פון די זעקס טעג, נאך דער מלחמה וואס האט זיך אנגעהויבן ביוהכ"פ, און דעם זעלבן טעות וואס מ'האט געמאכט ווען מ'איז געווען לעבן דעם "סועץ קאנאל" צום ערשטן מאל:

דער אויבערשטער, "אלקי הצבאות", האט געגעבן א נצחון צום צבא - און דערנאך זיינען געקומען אידן וואס דער אויבערשטער האט זיי געשיינקט מיט בחירה חפשית און האבן דאס אוועקגעגעבן אויף צוריק, און איצטער חזר'ט מען איבער נאכאמאל דעם זעלבן טעות!

אבער אזוי ווי "לא ינום ולא יישן שומר ישראל"[19] - וועט זיכער טרעפן דער זעלבער נס וואס האט דעמולט געטראפן (וואס

- איצטער -

---

19) תהלים קכא, ד.

איצטער דארף מען האבן א נס ביתר שאת וביתר עז, ווארום דער טעות און דער צוריק-טרעטן איז נאכמער ווי ס'איז געווען דעמולט):

אידן זיינען געלאפן און האבן זיך געבעטן אז מ'זאל ביי זיי צונעמען די שטחים (מטעמים שונים ומשונים), און דער נס איז געווען אז די ביי וועמען מ'האט זיך געבעטן, האבן געזאגט אז זיי ווילן דאס ניט נעמען!

זיי האבן געזאגט אז זיי ווילן דאס ניט נעמען דערפאר וואס זיי ווילן האבן אלץ; דער טעם האמיתי לזה איז אבער דערפאר וואס "לב מלכים ושרים ביד ה'"[20].

וכאמור לעיל אז זיכער וועט איצט אויך זיין דער זעלבער נס.

אזוי ווי מ'דארף דאך מלמד זכות זיין אויף אידן - קען זיין אז דער טעם פארוואס מ'האט געשריבן און גע'חתמ'ט אויף אזא פאפיר, איז - דערפאר וואס מ'איז זיך סומך אויף א נס אז די אראבער וועלן דאס ניט וועלן נעמען. ס'איז טאקע א לימוד זכות רחוק, אבער אויף א אידן דארף מען זוכן אפילו אזא לימוד זכות!

וכאמור אז בימינו אלו וועט אויך טרעפן דער נס אז די אראבער וועלן דאס ניט וועלן נעמען (מצד וואס פאר א טעם זיי וועלן נאר זאגן בגלוי), און אידן וועלן האבן גאנץ ארץ ישראל לגבולותי' אין אן אופן פון "נחלת עולם",

און מ'וועט זיך פירן לויט ווי דער אויבערשטער האט אנגעוויזן בתורתו בכלל, כולל אויך דעם פס"ד אין שו"ע הל' שבת (ווי דערמאנט פריער (ס"א)) אז מ'טאר ניט אפגעבן קיין טפח פון אן ארט וואס געפינט זיך "על הספר" (אויפן גרעניץ), אפילו ווען זיי זאגן אז זיי קומען נאר "על עסקי תבן וקש", ווי ער זאגט דארטן דעם טעם "שמא ילכדו העיר ומשם תהא הארץ נוחה ליכבש לפניהם".

ט. ויהא"ר אז מ'זאל האבן א רואיקן סוף יאר פון שנת תשל"ח, און א התחלה טובה אויף א שנה טובה ומתוקה, אז ס'וועט זיין א שנה בשלימותה - פונקט ווי שנת העיבור פון ש.ז. וואס האט משלים געווען בפשטות די אלע חסרונות וואס זיינען געווען בשנים שעברו,

כולל אויך דעם ענין פון שלימות העם, דורך דעם ענין פון גיור כהלכה - אז ניט אידן וועלן בלייבן ניט אידן כל זמן אז מ'איז זיך ניט מגייר כהלכה; צוזאמען מיט דעם ענין פון שלימות התורה, לימוד התורה וקיום מצוותי'.

- וואס -

------------

20) ע"פ משלי כא, א.

וואס דאס וועט נאכמער מוסיף זיין אין דעם ענין פון שלימות הארץ לגבולותי' - אז בקרוב ממש וועט מען זוכה זיין צום קיום היעוד פון "ירחיב ה' אלקיך את גבולך"[21], בביאת משיח צדקנו, יבוא ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו, וואס ער וועט פארענדיקן דעם גלות מיטן חושך כפול ומכופל, און ערשט דעמולט וועט זיך אנהויבן די אהחלתא דגאולה.

און "יערה עליהם רוח ממרום"[22] - אויף יעדער אידן, עאכו"כ אויף די אידן וואס ווערן בשם א קיבוץ פון אידן, אדער בשם פון אלע אידן - אז מ'זאל טאן אלע ענינים ע"פ התורה והמצוה,

און וויבאלד אז "הם חיינו ואורך ימינו" - וועט מען דעמולט האבן כל טוב גשמי ורוחני, בטוב הנראה והנגלה, אין די לעצטע טעג פון גלות, און דערנאך אין דער אתחלתא דגאולה, און תיכף ומיד - אין דער גאולה האמיתית והשלימה,

ויבנה ביהמ"ק במקומו[23], "והיתה לה' המלוכה"[24], למטה מעשרה טפחים, ובשמחה ובטוב לבב.

* * *

---

21) שופטים יט, ח ובפרש"י. 22) ראה ישעי' לב, טו. 23) רמב"ם הל' מלכים ספי"א. 24) עובדי' א, כא.

בס"ד. שיחה אור ליום ועש"ק פ' נצבים,
ז"ך אלול ה'תשל"ח - לנשי ובנות חב"ד.

<u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

א. יעדער איד געפינט זיך דאך במשך פון דעם גאנצן יאר אונטער דער השגחה פרטית פון דעם אויבערשטן אליין - ווי באוואוסט די תורה פון דעם בעש"ט[1] (און ערקלערט בארוכה דורך דעם אלטן רבי'ן[2], און ווערנאך דורך כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו[3]) אז אויף יעדער פרט ופרט וואס איז דא אין וועלט (אפי' אז עס ווייזט זיך אויס אז דאס איז א קלייניקייט, אדער אז עס איז טאקע א קלייניקייט) איז דא די השגחה פרטית פון דעם אויבערשטן.

וואס וויבאלד אז אומעטום געפינט זיך די השגחה פרטית פון דעם אויבערשטן, און זעלבסטפארשטענדליך אז "הוא והשגחתו אחד" [ע"ר ווי דער אלטער רבי איז מבאר בארוכה[4] אז דארטן וואו ס'געפינט זיך זיין השגחה, געפינט ער זיך אליין אויך דארטן] -

איז פארשטאנדיק, אז דאס וואס אידן זיינען "נצבים גו' לפני ה' אלקיכם"[5], מ'שטייט אין דער אנוועזנהייט פון דעם אויבערשטן - איז דאס אין יעדער [illegible] יעדער פעולה וואס ס'איז דא ביי א אידן.

און אזוי איז דאס ביי אלע אידן [illegible] נצבים גו' <u>כולכם</u> לפני ה' אלקיכם", יעדער אי[illegible] ער זאל נאר זיין, שטייט ער אין א מעמד ומצב [illegible] "נצבים גו' לפני ה' אלקיכם".

ב. עס זיינען אבער דא מצבים און טעג וואס דערמולט שטייט דעם אויבערשטנ'ס השגחה נאכמער בגלוי -

וואס דערפאר זאגט מען דאך "אתם נצבים <u>היום</u> כולכם לפני ה' אלקיכם" - אז ס'איז דא א [illegible] וואס דערמולט איז דער "נצבים לפני ה' אלקיכם" (דאס וואס מ'איז אין דער אנוועזנהייט פון דעם אויבערשטן) ביתר שאת וביתר עז, עס איז נאכמער אנטפלעקט.

און וויבאלד אז דער אויבערשטער איז "עצם הטוב"[6], גוטסקייט אליין, און אלע זיינע פעולות זיינען גוטסקייט

- אליין -

---

1) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קי"ט ואילך. 2) ראה שעהיוה"א פ"ב. 3) ראה כש"ט שם ובהערות שם. 4) ראה תניא פמ"ח (סח, סע"א ואילך). שעהיוה"א פ"ז (פג, א). 5) ריש פרשתנו. 6) ראה עכה"ב שער שעשועי המלך רפ"א.

אליין[7] - איז פארשטאנדיק, אז די אנטפלעקונג פון דעם אויבערשטן (וואס איז אין א געווויסן זמן ביתר שאת וביתר עז) קומט ארויס אין טוב הנראה והנגלה,

און וויבאלד אז דאס דארף אנקומען צו א בשר ודם (צו א מענטשן), איז פארשטאנדיק אז דאס דארף זיין אין אן אופן פון טוב הנראה והנגלה לעיני בשר - אז דער מענטש פארשטייט און באגרייפט מיט זיין שכל אז דאס איז אמת'ע גוטסקייט, בגשמיות און ברוחניות, און בגשמיות וברוחניות גם יחד.

ג. דער ענין פון "נצבים לפני ה' אלקיכם" (אז מ'געפינט זיך אין דער אנוועזנהייט פון דעם אויבערשטן) שטייט אין אן אנטפלעקונג ווען מערערע אידן קלייבן זיך צוזאמען - וויבאלד אז "כל בי עשרה שכינתא שריא"[8], ד.ה. אז דעמולט איז השראת השכינה (די אנוועזנהייט פון דער שכינה) אין אן אנטפלעקטן אופן.

ובפרט ווען דער צוזאמענקלייבן זיך קומט פאר אין חודש אלול - ווי דער אלטער רבי איז מבאר באריכות[9] דעם משל אז דעמולט געפינט זיך דער מלך בשדה:

דער קיסר און דער קעניג פון דער גאנצער וועלט און פון דער גאנצער באשאף, וואס דאס איז דער אויבערשטער - געפינט זיך אין פעלד, ד.ה. אז אויך ווען מ'פארנעמט זיך מיט וועלטישע זאכן (זאכן וואס געהערן ניט צום היכל המלך), געפינט זיך דארטן דער אויבערשטער אין אן אנטפלעקטן אופן.

וואס דאס איז די סגולה און די אייגנשאפט פון גאנץ חודש אלול.

ד. אין חודש אלול גופא, זיינען דא טעג וואס דעמולט ווערט ג-טליכקייט (און צוזאמען דערמיט - אויך די גוטסקייט פון דעם אויבערשטן) נאכמער אנטפלעקט,

אנהויבנדיק פון ח"י אלול, און נאכמער - אין ימי הסליחות, ווי ס'איז פארשטאנדיק דערפון וואס אמירת הסליחות (נאך דער הקדמה פון "אשרי") הויבט זיך אן מיט "לך ה' הצדקה"[10], אז דער אויבערשטער גיט יעדער אידן און אלע אידן אין אן אופן פון "צדקה".

וואס דער ענין פון צדקה איז - אז מ'רעכנט זיך ניט

- מיט -

------------

7) שעהיוה"א פ"ד (עס, א). 8) סנהדרין לט, א. וראה אגה"ק סכ"ג (קלה, סע"ב ואילך). 9) לקו"ת ראה לב, ריש ע"ב. 10) ל' הכתוב - דניאל ט, ז.

מיט זיין פארדינסט און הארעוואניע: ווען מ׳זעט אז ער נויטיקט זיך און דארף אנקומען צו דעם ענין הצדקה, גיט מען אים אלע זיינע באדערפענישן,

ביז וואנעט אז אויב ער איז איינגעוואוינט (מצד פארשידענע סיבות) אז אין צוגאב צו אלע זיינע באדערפענישן דארף ער אויך האבן א פערד צו רייטן אויף אים - איז מען מחוייב (מצד דעם ענין פון צדקה) קויפן אים א פערד, כדי ער זאל קענען האבן זיין געוואוינהייט צו (ניט גיין צופוס, נאר) פארן רייטנדיק אויף א פערד[11].

און וויבאלד אז עס רעדט זיך וועגן א אידן - וואס יעדער איד איז בן אברהם יצחק ויעקב (ניט קיין איניקל, נאר בן אברהם יצחק ויעקב), א ליבלעכער זון פון אברהם יצחק ויעקב, און יעדע אידישע טאכטער איז בת שרה רבקה רחל ולאה (ניט קיין איניקל, נאר בת שרה רבקה רחל ולאה), א ליבלעכע טאכטער פון שרה רבקה רחל ולאה -

איז פארשטאנדיק, אז דער אויבערשטער דארף געבן יעדער אידן און אלע אידן אלץ וואס זיי דארפן האבן, כדי זיי זאלן זיך קענען האדעווען ווי עס פאסט פאר איינעם וואס איז בן אברהם יצחק ויעקב און בת שרה רבקה רחל ולאה - סיי אין ענינים רוחניים און סיי אין ענינים גשמיים, ביז אין גשמיות כפשוטה, אין בני חיי ומזוני רויחי, אז ס׳זאל זיין א ברייטקייט און א רייכקייט אפי׳ אין די גשמיות׳דיקע ענינים.

און זייענדיק אין א מקום קדוש, אין א ביה-הכנסה [וואס ווערט אנגערופן "מקדש מעט"[12] - עס איז בדוגמא צום ביהמ"ק, דער "מקום אשר יבחר ה׳"[13], דער אויבערשטער האט דאס אויסגעקליבן אלס זיינע א דירה, וואס אזוי איז אויך בנוגע צו יעדער ביהכ"נ, אפי׳ א ביהכ"נ וואס געפינט זיך אין גלות] -

הויבט מען אן אמירת הסליחות [בדיבור, און מ׳זאגט דאס בציבור] מיט "לך ה׳ הצדקה" - אז דער אויבערשטער גיט "צדקה" יעדער אידן און אלע אידן, און ער גיט דאס לויט זיינע מעגליכקייט - וואס וויבאלד אז דער אויבערשטער האט אומבאגרעניצטע מעגליכקייטן, איז פארשטאנדיק אז זיין צדקה איז אויך אומבאגרעניצט.

וואס דער ענין שטייט בגלוי ביים אפשלוס פון דעם יאר - ווארום דעמולט גרייט זיך יעדער איד און אנערקענט דעם

- אויבערשטן -

------------

11) כתובות סז, ריש ע"ב. פרש"י עה"פ ראה טו, ח.
12) מגילה כט, א. 13) ראה יב, ה. ועוד.

אויבערשטן אלס א מלך, ווי מ׳איז מסיים אמירת הסליחות מיט "אבינו מלכנו", אז דער אויבערשטער איז א פאטער און א מלך (א קעניג) פון יעדער אידן,

באקומט ער דערפאר דעם אויבערשטנ׳ס ברכה אז אין די לעצטע טעג פון דעם אוועקגייענדן יאר זאל ער האבן בני חיי ומזוני רויחי,

און דאס איז אויך די הכנה צום נייעם אנקומענדן יאר, אז ס׳זאל זיין די כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה, אז גלייך בר"ה[14] זאל יעדער איד פארשריבן און גע׳חתמ׳ט ווערן אויף א שנה טובה ומתוקה - אויף א גוטן און זיסן יאר, אין יעדער טאג פון דעם יאר און אין אלע טעג פון דעם יאר.

ה. האמור לעיל איז נאך שטארקער - ווען מ׳טרעפט זיך בערב שבת [וויבאלד אז ס׳איז שוין נאך צאת הכוכבים] פון שבת פ׳ נצבים, וואס דעמולט לייענט מען אין תורה דעם פסוק "אתם נצבים היום כולכם לפני ה׳ אלקיכם".

וואס אע"פ אז דער ענין פון "אתם נצבים גו׳ לפני ה׳ אלקיכם" (דאס וואס אידן געפינען זיך אין דער אנוועזנהייט פון דעם אויבערשטן) איז טאקע אויך א גאנץ יאר (ווי גערעדט פריער (ס"א)) - איז אבער פארשטאנדיק, אז דער ענין ווערט נאכמער אנטפלעקט ווען מ׳לייענט דאס אין דער תורה, וואס זי ווערט אנגערופן "תורת אמת", און אויך "תורת חיים" - אן אנווייזונג[15] ווי אזוי אידן דארפן לעבן אין עוה"ז;

איז אין דעם שבת לייענט מען אין דער תורה - בגלוי ובדיבור, און מיט א ברכה לפני׳ ולאחרי׳ - דעם פסוק "אתם נצבים היום כולכם לפני ה׳ אלקיכם".

[מ׳הויבט אן לייענען "אתם נצבים גו׳" אין דעם שבת שלפנ"ז צו מנחה, און דערנאך אויך מאנטיג און דאנערשטיג - עס איז אבער פארשטאנדיק, אז פון מאל צו מאל ווערט דאס שטארקער, וויבאלד אז "מעלין בקודש"[16].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעת מ׳טרעפט זיך צוזאמען בערב שבת פ׳ נצבים - איז דאס א צוגרייטונג (און א צוגרייטונג באופן גלוי, אין אן אנטפלעקטן אופן) צום "אתם נצבים היום כולכם לפני ה׳ אלקיכם" ווי דאס שטייט באופן גלוי אין דיבור,

און וויבאלד אז דאס איז א ווארט פון דעם אויבערשטן,

- איז -

---

14) ראה ר"ה טז. ב. 15) ראה זח"ג נג, ב. 16) ברכות כח. א. וש"נ.

איז דאך "דיבורו של הקב"ה השיב מעשה"16 - אז פון דעם פרייטיג קומט ארויס בפועל דער ענין פון "נצבים לפני ה' אלקיכם" אין אן אנטפלעקטן אופן, בא יעדער אידן און בא אלע אידן.

ו. דאס האט א ספעציעלן פארבונד מיט נשי ובנות ישראל (א אידישע טאכטער, א אידישע פרוי און א אידישע מאמע און באבע) - ווי מ'זעט בפועל אין א אידישן לעבן. אז ווען עס קומט פרייטיג נעמט איבער די "עקרה הבית" (די וואס אן איר הייגנט אפ דער עיקר אויפפירונג פון דער הויז) די אנפירונג מיט דער הויז נאכמער ווי אין אלע טעג פון דער וואך:

זי גרייט צו די הויז אז זי זאל זיין ריין און ליכטיק, און זי זאל שיינען צום אנקומען פון שבת קודש, און אויך צוגרייטן די מאכלים פון שבת. וואס די אלע זאכן ווערן אפגעטאן פאר שבת, ובפרט בערב שבת קודש.

וואס דאס גופא באשטעטיקט אז נשי ובנות ישראל באקומען ספעציעלע כחות און ברכות אז זיי זאלן קענען דורכפירן זייער שליחות אויפן בעסטן אופן, אין גוטן געזונט און גוטע שטימונג -

אזוי אז גלייך בערב שבת הויבט זיך שוין אן פילן אז דאס איז א הויז וואס גרייט זיך צו שבת - ובפרט ווען ס'איז נאך פון ערב שבת ווערט שוין די הויז ריין און צוגעגרייט צו דער ליכטיקייט פון שבת.

וואס דאס ווערט דורכגעפירט דורך אידישע פרויען, חתונה-געהאטע. און די וואס האבן נאך ניט חתונה געהאט - וואס זיי גרייטן זיך אז ווען זיי וועלן אויסוואקסן, וועט דער אויבערשטער בענטשן יעדערע פון זיי און זיי אלע, אז זיי זאלן חתונה האבן, און אנפירן מיט אן אייגענע געזונטע אידישע הויז.

וכאמור, אז פון ערב שבת אן זעט מען שוין בגלוי (אין אן אנטפלעקטן אופן) די שליחות און די כחות און די ברכות וואס מ'האט געגעבן אידישע פרויען, אז זיי זאלן דאס קענען דורכפירן.

ז. ובפרט ווען ס'רעדט זיך וועגן ערב שבת פ' נצבים (וואס די גאנצע וואך ווערט אנגערופן אז דאס איז די וואך פון פ' נצבים) - ווערט דאס געטאן אין אן אופן פון "נצבים":

דער פירוש פון "נצבים" איז - אז מ'שטייט מיט א

- פעסטקייט -

---

17) ראה ב"ר פכ"ד. כב.

פעסטקייט און מיט א שטארקייט. ביז ווי עס ווערט אפגעטייטשט אין מפרשי התורה[18] אז דערווארט "נצב" איז אויך א תואר מיט וועלכן עס ווערט אנגערופן א "קיסר" -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז יעדע עקרת הבית אין איר הויז, שטייט מיט שטארקייט און מיט פעסטקייט און מיט פריילעכקייט, ווי עס שטייט א קיסר.

און דורך דערויף ווערט די הויז א קעניגליכע הויז פון "ממלכת כהנים" - וואס ביי מ"ת זיינען אידן (יעדער איד און אלע אידן) געווארן "ממלכת כהנים"[19], וואס דאס ווערט דורך דערויף וואס מ'האלט זיך אן אין תורה און אין מצוות און אין אידישקייט.

און דורך דעם אלעם ווערט דער "ושכנתי בתוכם"[20] - די הויז ווערט א דירה און א פאלאץ פאר מלך מלכי המלכים הקב"ה, פאר דעם אויבערשטן אליין.

ה. און דאס איז די ספעציעלע אונטערשטרייכונג וואס איז דא אין דעם צוזאמענקומען זיך - וואס בהשגחה פרטית איז דאס אויסגעקומען אין ערב שבת קודש פ' נצבים,

און ס'איז פארבונדן מיט נשי ובנות ישראל, וואס אן זיי הייבט אפ די אויפפירונג פון דער הויז במשך פון דער גאנצער וואך, ובפרט בערב שבת,

ביז וואנעט אז דער שבת ווערט אריינגעפירט אין הויז דורך דערויף וואס א אידישע פרוי און א אידישע טאכטער און א אידישע מיידעלע צינדט אן נרות שבת קודש, און מאכט ליכטיק די הויז אין אן אופן אז מ'זעט די ליכטיקייט בעיני בשר (מיט די אויגן פון דעם גוף),

ביז אז אפי' אין גאס זעט זיך אן אז דאס איז א הויז אין וועלכע מ'האט אנגעצונדן נרות שבת, וואס זיי מאכן ליכטיק די הויז, און פארהיטן פון אלע ניט-געוואונטשענע זאכן, "שלא יכשל כו'"[21].

און דאס ווערט געטאן אין דער צייט וואס דער מאנסביל קען נאך טאן א מלאכה, דערפאר וואס ער האט נאך ניט מקבל שבת געווען - פירט אבער אריין די פרוי דעם שבת אין דער גאנצער הויז, און במילא קומט דערנאך דער מאן (און דער ברודער און דער פאטער) בזריזות און איז מקבל שבת אין דער

- הויז -

---

18) אוה"ת פרשתנו ס"ע א'רא ואילך. 19) יתרו יט, ו.
20) תרומה כה, ח. וראה ר"ח שער האהבה פ"ו קרוב לתחלתו.
21) שו"ע אדה"ז או"ח ר"ס רסג.

הויז, און אויך בחלקו בעולם - אין אלע זאכן וואס געהערן צו אים.

וואס דאס ווערט געטאן אין יעדער ערב שבת - ובפרט אין ערב שבת פ׳ נצבים, וואס דעמולט לייענט מען אין דער תורה "אתם נצבים היום כולכם לפני ה׳ אלקיכם", אז אידן שטייען שטארק און פעסט אין זייער אידישקייט, וואס דאס שטעלט זיי אוועק אין דער אנוועזנהייט פון דעם אויבערשטן.

ובפרט לויט ווי דער אלטער רבי זאגט[22] אז "פרשה זו קורין לעולם קודם ר"ה" (די פרשה ווערט אלעמאל געלייענט אין די טעג וואס זיינען פאר ר"ה, דער אנהויב פון דעם אנקומענדן יאר), ד.ה. אז דער שבת פון פ׳ נצבים איז דער אפשלום פון דעם יאר וואס גייט אוועק -

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אין די געציילטע טעג און רגעים פון דעם אוועקגייענדן יאר, קען מען בשעתא חדא וברגעא חדא[23] ערגענצן און משלים זיין אלץ וואס מ׳האט געדארפט טאן במשך פון דעם יאר, און טאן דאס אין א גוטן אופן.

און דאס איז אויך דער שבת פון וועלכן עס ווערט געבענטשט גאנץ חודש תשרי, ובפרט דער טאג פון ר"ה - כידוע תורת הבעש"ט[24] בזה, וואס די ברכה באשטייט אין דעם ענין פון "אתם נצבים",

אז א איד שטייט פעסט אין זיין אידישקייט, און דער אויבערשטער שטייט פעסט אין זיין באשלוס פון "לך ה׳ הצדקה" - געבן אידן אלע ברכות לויט זיין מעגליכקייט, וואס איז דאך אומבאגרעניצט,

סיי די ברכות וואס אידן דארפן האבן צום אפשליסן פון דעם אוועקגייענדן יאר, און סיי די ברכות וואס מ׳דארף האבן צום נייעם יאר - אז שוין בר"ה זאלן אידן פארשריבן ווערן און גע׳חתמ׳ט ווערן אויף א שנה טובה ומתוקה, אויף יעדן טאג און אלע טעג פון דעם גאנצן יאר.

ט. דער אפטייטש פון "אתם נצבים היום כולכם", אז אלע אידן שטייען צוזאמען, גייט נים נאר אויף די אידן וואס געפינען זיך אין דעם זעלבן ארט (אין דעם זעלבן ביהכ"נ וכיו"ב), נאר דער פנימיות׳דיקער און נשמה׳דיקער אפטייטש פון "כולכם" איז - אז דאס גייט אויף אלע אידן וואו זיי וועלן זיך נאר געפינען,

- ווארום -

---

22) לקו"ת ריש פרשתנו. 23) ראה זח"א קכט, סע"א.
24) כש"ט הוספות אות לא.

ווארום וואו א איד זאל זיך נאר געפינען, איז דורך דערויף וואס ער פארבינדט זיך מיטן אויבערשטן, דורך תורה ומצוות און אידישקייט - פארבינדט ער זיך מיט אלע אידן אין אלע עקן פון דער וועלט,

אזוי אז אלע אידן שטייען צוזאמען ווי א "קומה אחת שלימה", אזוי ווי איין גוף (ווי דער אלטער רבי איז מבאר[22]) - ניט קוקנדיק אויף דעם וואס אידן געפינען זיך "ימה וקדמה וצפונה ונגבה"[25], איינער געפינט זיך אין מערב, דער צווייטער אין מזרח, דער דריטער אין צפון און דער פערטער אין דרום - פאראייניקט זיי דער אויבערשטער, וואס ער געפינט זיך דאך אומעטום באותה רגע - אז זיי ווערן אלע ווי איין מענטש.

וואס דורך דעם ווערן פארגרעסערט דעם אויבערשטנ'ס ברכות - ווארום בשעת אז "כולנו כאחד" (עס שטייט אנטפלעקט אז מיר אלע זיינען ווי איינער) קומט אראפ דער "ברכנו אבינו"[26] אין גאר א גרויסן אופן, נאכמער ווי עס וואלט געווען ע"ד הרגיל.

י. האמור לעיל (וועגן דער פארבונדקייט פון אלע אידן) איז אויך פארבונדן דערמיט וואס מ'זאגט אז בשעת אידן דאווענען צום אויבערשטן, איז כאטש אז יעדערער דאווענט אין זיין ביהכ"נ (אדער אין זיין הויז), קלייבן זיך אבער אלע תפלות צוזאמען און זיי גייען ארויף דורך אה"ק (אונזער הייליקער לאנד). און דארטן גופא - דורך ירושלים עיה"ק, דורך דעם ביהמ"ק און דער קדש הקדשים[27].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז בשעה אידן דאווענען צום אויבערשטן. דאווענען זיי דאך מיט דער נשמה, און די נשמה נעמט מיט אויך דעם גוף - ובמילא ווערן אלע אידן פאראייניקט, דורך דערויף וואס זייערע תפלות קלייבן זיך צוזאמען אין אה"ק, אין ירושלים עיה"ק, און אין ביהמ"ק,

וואס כאטש אז איצטער איז דער ביהמ"ק ניט קיים - איז ער דאך אבער גאנץ ברוחניות, ס'איז מערניט וואס ער איז נאך ניט אויפגעבויט בגשמיות, וואס דאס וועט אויפטאן משיח צדקנו,

איז דורך דערויף וואס עס קומט צו נאך א תפלה פון א אידן, עס קומט צו נאך א מצוה, און אפי' נאך א מחשבה טובה - זאגט דער רמב"ם[28] אז דאס מאכט אלץ נענטער דעם רגע וואס דער ביהמ"ק וועט אויפגעבויט ווערן ע"י משיח צדקנו, במהרה בימינו.

- יא. -

------------

25) ל' הכתוב - ויצא כח, יד. 26) תניא פל"ב.
27) שו"ע אדה"ז או"ח רסצ"ד. 28) הל' תשובה פ"ג ה"ד.

יא. און דעמולט וועט מען אויך זעהן אז ירושלים איז "עיר שחוברה לה יחדיו"[29], די פאראייניקט אלע אידן[30], ביז אין אן אופן אז עס ווערט שלימות העם - דער גאנצער אידישער פאלק שטייט אין זיין גאנצקייט.

און דאס ברענגט אויך דעם ענין פון שלימות הארץ - אז גאנץ ארץ ישראל לגבולותי' (לויט די גרעניצן וואס דער אויבערשטער האט אנגעוויזן) איז א "נחלת עולם" (אן אייביקע נחלה) וואס איז געגעבן געווארן צום "עם עולם" (צום אייביקן פאלק) וואס דאס זיינען אידן - ווארום דאס איז צו זיי געגעבן געווארן פון "אלקי עולם", פון דעם אויבערשטן, וואס ער איז דער איינציקער בעה"ב און אנפירער פון דער גאנצער וועלט, אויף אייביק.

און קיינער קען אין דערויף גארניט ענדערן - און אויב ס'איז ח"ו דא איינער וואס טראכט אנדערש, איז "עוצו עצה והופר דברו דבר ולא יקום כי עמנו א-ל"[31]: די אלע ניט-גוטע עצות ווערן בטל, און אין אן אופן פון "והופר", אז עס האט גאר מלכתחלה ניט קיין קיום, ווייבאלד אז "כי עמנו א-ל", מיר האבן דעם צוזאג פון דעם אויבערשטן (דורך דער אייביקער תורה וואס איז געגעבן געווארן פון "אלקי עולם") אז דאס איז א "נחלת עולם" וואס געהערט צום "עם עולם".

און ווייבאלד אז דער אויבערשטער איז דער בעה"ב אויף דער גאנצער וועלט, "בשמים ממעל ועל הארץ מהחת"[32], סיי אין די הימלען און סיי אויף דער ערד - איז א זיכערע זאך אז לויט ווי דער אויבערשטער וויל וועט אזוי זיין למטה מעשרה טפחים -

וואס "ברצונו נטלה מהם ונהנה לנו"[33], מיט זיין אייגענעם ווילן האט דער אויבערשטער אפגעגעבן גאנץ א"י לגבולותי' צו אידן, און יעדער איד וואו ער זאל זיך נאר געפינען, איז א פולער בעה"ב אויף גאנץ א"י, ווארום דער אויבערשטער אליין האט אים געמאכט פאר א בעה"ב, ובמילא קען קיינער גארניט ענדערן אין דערויף.

און בשעת מ'ווייסט אז מ'קען אין דערויף גארניט ענדערן - איז פארשטאנדיק אז א קלוגער מענטש וועט ניט אנהויבן טאן א זאך ווייסנדיק אז ער קען אין דערויף גארניט ענדערן.

- און -

------------

29) ל' הכתוב - תהלים קכב, ג. 30) ראה ירושלמי חגיגה פ"ג ה"ו. 31) ישעי' ח, י. 32) ל' הכתוב - ואתחנן ד, לט. 33) פרש"י ר"פ בראשית.

און וועגן די נאראנים - זאגט די גמרא[34] אז "בשופטני לא עסקינן", עס איז ניטא וואס צו אפגעבן זיך און פארנעמען זיך מיט זיי, ס'איז א שאד די צייט;

אויף אידן האט דער אויבערשטער עדות געזאגט אז "עם חכם ונבון הגוי הגדול הזה"[35] - יעדער איד און אלע אידן זיינען קלוגע און פארשטאנדלעכע, זיי ווייסן וואס דער אויבערשטער וויל, און זיי פירן זיך אין דעם אופן.

און דער אויבערשטער בענטשט זיי און איז זיי מצליח אז בא זיי זאל זיין דער ענין פון "נצבים היום כולכם לפני ה' אלקיכם", אז יעדער איד וועט שטיין אויף זיין שטאנדפונקט מיט דער שטארקייט פון א מלך - וואס ביי א מלך איז דער דין[36] אז "אין על גביו אלא ה' אלקיו", ער האט ניט פאר וועמען צו שרעקן זיך, ווארום דער איינציקער וואס איז העכער פון אים איז נאר "ה' אלקיו",

בכילא טוט ער דאס וואס דער אויבערשטער האט אים געהייסן טאן - און האט אים געגעבן כח ער זאל דאס קענען טאן, און טאן בשמחה ובטוב לבב.

יב. די צוגרייטונג צו שבת הויבט זיך שוין אן פון מוצאי שבת - ווארום גלייך נאך שבת זאגט מען שוין "היום יום ראשון בשבת", וואס אין דערויף זיינען דא צוויי טייטשן:

א) דער פירוש הפשוט - אז דאס איז דער ערשטער טאג פון דער וואך, ב) ווי דער רמב"ן[37] טייטשט אפ אז דערמיט דערמאנט מען זיך אויף יום השבת, ד.ה. אז דאס איז דער ערשטער טאג וואס פון אים קומט מען דערנאך צו שבת.

וואס כדי אז די הויז זאל זיין אפגעהיט במשך פון דער גאנצער וואך, ביז אין אן אופן אז מ'זאל אויף דערויף ניט דארפן אנקומען צו ספעציעלע מיטלען, דערפאר וואס בשעת מ'גייט צו צו דער הויז, זעט מען גלייך אז די הויז געהערט צום אויבערשטן - ווערט דאס אויפגעטאן דורך מצות מזוזה,

ווי עס שטייט אין זהר[38] אז דורך דערויף וואס א איד האט א מזוזה אויף דער טיר פון דער הויז, און א מזוזה אויף יעדער טיר פון יעדער חדר אין דער הויז - איז דער וואס גייט צו צו דער הויז, טוט ער נאר גוטע זאכן צו די וואס לעבן און געפינען זיך אין דער הויז, און גוטע זאכן בטוב הנראה והנגלה,

- ביז -

------------

34) ראה ב"מ מז, א. ועוד. 35) ואתחנן שם, ו. 36) הוריות י, א במשנה. 37) עה"ת יתרו כ, ח. 38) ח"ב לו, רע"א. ח"ג רסג, ב. רסו, א.

ביז וואנעט אז אפי' ווען ער גייט ארויס פון דער הויז
- ברענגט ער אין זהר[39] אז דורך מצות מזוזה ווערט אויפגעטאן
דער ענין פון "ה' ישמר צאתך ובואך מעתה ועד עולם"[40], אויך
ווען ער גייט ארויס פון דער הויז היט אים דעד אויבערשטער
"מעתה ועד עולם", אויף אייביק.

און אין דערויף איז אויך דא דער ספעציעלער זכות וואס
עס האט עקרת הבית - אז ווען זי קוקט זיך ארום אויף דער
הויז אז די הויז זאל זיך פירן ווי א אידישע הויז דארף זיך
פירן, האט זי א שליחות מיוחדת און א ספעציעלן זכות, אז זי
זאל זיך משתדל זיין און אנשטרייגגען זיך אז יעדער טיר פון
דער הויז (ועאכו"כ די טיר וואס גייט ארויס צום גאס) זאל
האבן א כשר'ע מזוזה.

ווארום וויבאלד אז אויף מצות מזוזה שטייט[41] "וכתבתם
על מזוזת ביתך", און זי איז דאך די עקרת הבית - האט זי די
שליחות זעהן אז אויפן גאס, אין רה"ר, זאל מען גלייך קענען
דערקענען אז דאס איז "ביתך" פון א אידן, דורך דערויף וואס
מ'זעט אז אויפן טיר איז אנגעקלאפט א מזוזה,

און דערנאך ווען מ'גייט אריין אין יעדער חדר פון דער
הויז - וואס יעדער חדר האט זיין הפקיד מיוחד (א הדר אויף
מקבל זיין אורחים, א חדר אויף אכו"ש, א הדר אויף שלאפן
וכו') - זאל יעדעד חדד מיט זיין תפקיד זיין אין אן אופן
ווי דער אויבערשטער וויל,

וואס דאס איז דאך דער תוכן פון א מזוזה - ווי
ס'שטייט אין דער התחלה פון די פרשיות וואס מ'שרייבט אין
דער מזוזה "שמע ישראל ה' אלקינו ה' אחד"[42], אז דער
אויבערשטער איז אן איין און איינציקער אומעטום, אין יעדער
חדר, אין יעדער ווינקל און אין יעדער זאך, ועאכו"כ אז דאס
שטייט אין אן אפענעם אופן אין א אידישע הויז.

ובפרט לויט ווי עס ווערט געבראכט[43] אז בנוגע צו נשים
האט מצות מזוזה א קדימה לגבי שאר מצווח אין וועלכע זיי
זיינען מחוייב, וויבאלד אז דורך דערויף האבן זיי "חיי"[44]
[משא"כ ביי אנשים וואס זיי האבן אנדערע מצוות דורך וועלכע
זיי האבן "חיי", אזוי ווי מצות תפילין וכיו"ב (- וואס
בנוגע צו מצות תפילין באשטייט די שליחות פון א פרוי
מערניט ווי זעהן אז דער מאן זאל מקיים זיין די מצוה)] -
און דערפאר דארפן זיי זיך משתדל זיין אין דערויף נאכמער
פון אנשים.

- און -

---

39) ח"ג רסג, ב. 40) ל' הכתוב - תהלים קכא, ח.
41) עקב יא, כ. 42) ואתחנן ו, ד. 43) ראה מילואים לשו"ע
יו"ד סרפ"ה. 44) ראה קידושין לד, א. יומא יא, ב.



הנחת הת' בלתי מוגה

און דאס ברענגט מיט זיך די ברכה פון "למען ירבו ימיכם וימי בניכם"[45], אז מ'ווערט געבענטשט מיט אריכות ימים ושנים טובות, לאנגע, גוטע און זיסע יארן,

און דורך דעריף איז מען זוכה מקיים זיין די מצוה פון מזוזה "על האדמה אשר נשבע גו'"[45] – אין אה"ק, אין יעדער ווינקל פון אה"ק, ווארום ס'וועט זיין שלימות העם.

יג. וכאמור, אז אין דעריף איז דא די ספעציעלע שליחות און ספעציעלער זכות וואס עס האט די עקרת הבית (און אויך די וואס גרייטן זיך צו זיין עקרת הבית) – לייגן א ספעציעלן אכט אז אין יעדער אידישער הויז זאלן זיין כשר'ע מזוזות, סיי אין דער אייגענער הויז, און סיי אין דער הויז פון דעם שכן – ווארום עס דארף דאך זיין דער ענין פון "ואהבת לרעך כמוך"[46], מ'דארף זעהן אז יעדער איד זאל האבן אלע גוטע זאכן וואס דער אויבערשטער גיט – דארף מען זיך משהדל זיין אז אלע אידן מיט וועלכע מ'קומט אין פארבינדונג, זאלן האבן כשר'ע מזוזות, סיי אויף דער טיר וואס גייט ארויס אין גאס, און אויך אויף יעדער טיר פון דער הויז.

און ס'איז א זיכערע זאך אז בשעה מ'איז זיך משתדל אז אין צוגאב דערצו וואס מ'האט כשר'ע מזוזות בא זיך אין הויז, זאל מען אויך טאן אז אלע אידן צו וועלכע מ'קען דערגרייכן זאלן האבן כשר'ע מזוזות – האט מען נאך א צוגאב אין דעם אויבערשטנ'ס ברכות אין אלץ וואס מ'נויטיקט זיך.

יד. דער אויבערשטער זאל העלפן און מצליח זיין יעדערן פון אייך און אייך אלעמען צוזאמען, איר זאלט פארענדיקן דעם יאר וואס גייט אוועק בשמחה ובטוב לבב, אין גוטן געזונט און אין א גוטן מזל און מיט גוטער פרנסה, און מיט שמחה,

און צוגרייטן זיך צום יאר וואס קומט אן ווי עס דארף צו זיין – אויף צו מכתיר זיין (קרוינען) דעם אויבערשטן אלס "מלך ישראל", וואס דורך דעריף ווערט ער אויך "מלך העולם",

און האבן א כתיבה וחתימה טובה לשנה טובה ומתוקה.

טו. אזוי ווי עטליכע נקודות וועגן וועלכע מ'האט גערעדט זיינען אויך אנגעשריבן אין דעם בריוו[47] – איז די וואס

- ווילן -

------------

45) עקב שם, כא. 46) קדושים יט, יח. 47) דיום ג', יום שהוכפל בו כי טוב, פ' אתם נצבים היום כולכם ג' סליחות ש.ז. – לנשי ובנות ישראל.

ווילן קענען מיטנעמען א טופס (א קאפי) פון דעם בריוו, כדי אז מ׳זאל דאס קענען דורכליינען נאכאמאל קומענדיק צו זיך אין דער היים.

"והמעשה הוא העיקר"[48] – מ׳זאל טאן אלע זאכן וואס זיינען פארבונדן מיט אידישקייט, ובפרט די זאכן אויף וועלכע מ׳האט געגעבן צו נשי ובנות ישראל ספעציעלע כחות אויף דעם:

דער ענין פון כשרות האכו"ש, מ׳זאל האבן א כשר׳ע און א ריינע הויז, דער ענין פון נרות שבת קודש, וואס דערכיט ווערט די הויז א ליכטיקע, און דערנאך לייכט די ליכטיקייט במשך פון דער גאנצער וואך (ווי ס׳איז געווען אין אן אנטפלעקטן אופן בא שרה אמנו[49] – וואס יעדע אידישע טאכטער איז בה שרה רבקה רחל ולאה (ווי דערמאנט פריער (ס"ד)), און דער ענין פון טהרה המשפחה, וואס דורך דעם ווערן געבארן ריינע און ליכטיקע און שיינענדיקע קינדער.

ובקרוב ממש וועט מען גיין "בנערינו ובזקנינו בבנינו ובבנותנו"[50], יונג און אלט, אויף מקבל זיין פני משיח צדקנו, אין דער אמת׳ער גאולה, במהרה בימינו (גאר אינגיכן), ובשמחה ובטוב לבב.

לשנה טובה הכתבו והחתמו.

* * *

---

48) אבות פ"א כי"ז. 49) פרש"י חיי שרה כד, סז. וראה בארוכה לקו"ש חיי שרה חשל"ו. 50) בא י, ט.

בס"ד. שיחה מוצאי ש"פ נצבים ה'השל"ה. <u>הנחה הת' בלתי מוגה</u>

כ"ק אדמו"ר שליט"א נטל ידיו הק' לסעודה.

א. מ'האט גערעדט כמ"פ במשך השנה וועגן דעם ענין פון שנת העיבור, אז ענינה איז - משלים זיין דאס וואס עס 'האט געדארפט געטאן ווערן אין די ימים וחדשים שעברו און אפי' אויך אין די שנים שעברו, ווארום דער ענין פון שנת העיבור איז - משלים זיין דעם אונטערשייד וואס איז דא צווישן ימי שנות הלבנה מיט ימי שנות החמה[1].

און אין דערויף קומט נאך צו אז דאס איז דער סיום פון א מחזור קטן, וואס דעמולט ווערט אינגאנצן דערגענצט דער חסרון פון מנין הלבנה, אזוי אז דער מנין החמה און מנין הלבנה ווערן גלייך, אינגאנצן בשלימות.

וואס אין דערויף איז אויסגעטיילט שנת העיבור פון סיום המחזור לגבי אנדערע שנות העיבור - אז אין אנדערע שנות העיבור בלייבט נאך אן עפעס אן אונטערשייד צווישן מנין החמה און מנין הלבנה, משא"כ אין שנת העיבור פון סיום המחזור, וואס דעמולט ווערן זיי גלייך[2], אין אן אופן פון "הכימים".

און ס'איז פארשטאנדיק אז דערפון דארף זיין א הוראה אין עבודת האדם - במכש"כ וק"ו פון תורת הבעש"ט[3] אז אין יעדער זאך וואס א איד זעט אדער הערט דארף ער זוכן און געפינען אין דערויף א הוראה אין עבודת ה' (וואס דאס איז תכלית בריאתו, ווארום "אני נבראתי לשמש את קוני"[4]), איז עאכו"כ אז עס דארף זיין א הוראה אין עבודת ה' פון דעם ענין פון קביעות השנים והחדשים,

וואס דער ענין פון קביעות השנים והחדשים איז דאך איינער פון די עיקרים אין תורה, ווארום אין דערויף איז תלוי דער קיום פון כל המועדים והרגלים וכו',

ביז וואנעט אז די ערשטע מצוה[5] (אדער פון די ערשטע מצוות) וואס איז געגעבן געווארן צו אידן זייענדיק אין מצרים אלס א הקדמה צו יצי"מ, איז - דער ענין פון "החודש הזה לכם ראש חדשים ראשון הוא לכם לחדשי השנה"[6], וואס

- דערפון -

------------

1) רמב"ם הל' קדה"ח פ"א ה"ב. 2) שם פ"י ה"א. וראה לקו"ש מכתבים כלליים לר"ה השל"ח ס"ע 8 בהערה. שיחה מוצאי ש"פ עקב ש.ז. סכ"ה. 3) כש"ט (הוצאת קה"ת) הוספות אות קכז ואילך. 4) קידושין בסופה. 5) ראה רמב"ן עה"פ בא יב, ב. 6) בא שם.

רערפון לערנט מען אפ רעם ענין פון קידוש החודש און עיבור השנה, כמבואר אין פרדר"א ׳ובכ"מ -

איז א זיכערע זאך אז אין רערויף דארף זיין א הוראה אין עבודת ה׳ - ווי ס׳שטייט[8] "ויצונו ה׳ לעשות את כל התוקים האלה ליראה את ה׳ אלקינו", ד.ה. אז פון יעדער ענין, אפי׳ פון מצוות, דארף ארויסקומען דער ענין פון "ליראה את ה"א",

וואס אע"פ אז מצוות האבן ראך א תכלית בפ"ע, ובפרט מצוות וואס ווערן אנגערופן בשם "חוקים" - פונדעסטוועגן זאגט מען אז אין רערויף איז אויך דא רער תכליה פון "ליראה את ה"א", אז דערפון זאל ארויסקומען א הוראה ווי אזוי צו רינען דעם אויבערשטן - וואס עבודת המלך איז מיוסד אויף רעם ענין פון "שום תשים עליך מלך[9] - שתהא אימתו עליך"[10], דער ענין פון "ליראה את ה׳".

איז רי הוראה פון דעם ענין פון שנת העיבור - אז דעמולט איז דער זמן המוכשר און א זמן וואס מ׳גיט כחות מיוחדים אויף צו ממלא זיין און משלים זיין אלע ענינים וואס האבן געדארפט אפגעטאן ווערן ומאיזה סיבה שתהי׳ זיינען זיי ניט געטאן געווארן - קען מען ראס ממלא זיין און משלים זיין במשך פון שנת העיבור.

ב. אין שנת העיבור גופא זיינען דא ימים עיקריים אין וועלכע מ׳קען אויפטאן אין רערויף נאכמער -

ביז צו די י"ב ימים האחרונים פון תודש אלול, אנהויבנ-דיק פון ח"י אלול - ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו איז מבאר[11] אז אין יערער טאג פון די צוועלף טעג איז מען משלים איין תורש פון שנה שעברה.

און וויבאלד אז כל השנה כולה איז שנת העיבור, אין וועלכע מ׳דארף משלים זיין ראס וואס מ׳האט געראדפט טאן אין די חדשים ושנים שלפנ"ז - איז פארשטאנדיק, אז אפי׳ אויב מ׳האט געדארפט טאן אין די טעג (פון שנה העיבור) נאכמער וויפל מ׳האט געטאן (מאיזה סיבה שההי׳), האט מען אין די טעג (אנהויבנדיק פון ח"י אלול) כהות מיוחדים און אן ענין של סגולה מלמעלה, אז מ׳זאל קענען משלים זיין אלץ וואס מ׳האט געדארפט טאן אין שנה העיבור.

און דערנאך קומט דער טאג פון ערב ר"ה (וואס איצטער

- שטייט -

------------

7) פ"ה. 8) ואתחנן ו, כד. 9) שופטים יז, טו.
10) ספרי עה"פ. כתובות יז, טו. וש"נ. רמב"ם הל׳ מלכים רפ"ב. 11) סה"ש תש"ג ע׳ 177.

שטייט מען דאך אין ערב ר"ה), וואס ער איז דער סיום וחותם פון דעם גאנצן שנה העיבור, ובנדו"ד - דער סיום פון שנת העיבור פון סיום מהזור קטן - וואס דעמולט קען מען (ובמילא דארף מען) משלים זיין אלע ענינים וואס מ'האט געדארפט טאן אין די ימים האחרונים פון חודש אלול.

און וויבאלד אז בנוגע צו אלע ענינים פון עבודת ה' זאגט מען "עבדו את ה' בשמחה"[12], איז פארשטאנדיק אז מ'קען דאס אויפטאן (און מ'טוט דאס אויף) אין אן אופן של שמחה,

ביז אז מ'טוט דאס "בשעתא חדא וברגע חדא"[13], וויבאלד אז דער ענין התשובה איז "בשעתא חדא וברגע חדא" - וואס דאס (דער ענין התשובה) איז דאך דער כללות הענין פון חודש אלול, ובמיוחד - דער ענין פון ימי הסליחות, און אין ימי הסליחות גופא - דער סיום וחותם שלהם, וואס דאס איז דער טאג פון ערב ר"ה.

ג. און דערפאר דארף אויך זיין דער ענין פון השלמה בנוגע צו "כוס של ברכה", און אין אן אופן פון "כולנו כאחד", וואס דאס איז א סגולה מיוחדת צו דעם ענין פון "ברכנו אבינו"[14] -

וואס דער זמן המתאים לזה איז בערב ר"ה (און "אם לא עכשיו אימתי"[15]), וויבאלד אז דאס איז דער אפשלוס פון שנת העיבור פון סיום מהזור קטן, וואס דעמולט איז מען ממלא ומשלים אלע ענינים פון שנה שעבדה און אויך פון די שנים שלפנ"ז, אין אן אופן אז ס'זאל זיין א חשבון הנפש ושלם.

ד. עס האט נאך א שייכות מיוחדת אין קביעות שנה זו אז ערב ר"ה פאלט אויס במוצאי שבת פ' נצבים - וואדום אין דערויף איז גלייך דא די הדגשה אז "אתם נצבים היום __כולכם__", אז מ'שטייט כולם ביחד.

ווארום ניט קוקנדיק אויף דערויף וואס ע"פ תורה און ע"פ סדר הבריאה דארפן זיין די חילוקים צווישן "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך" און "שואב מימיך" - זיינען אבער דא זמנים (און ענינים) וואס דעמולט שטייען אלע אידן אין אן אופן פון "כולכם", וואס דעמולט דערגרייכט מען "לפני ה' אלקיכם".

וואס דער ענין פון "כולכם" איז אן ענין עיקרי אין

- "אתם" -

------------

12) תהלים ק, ב. וראה רמב"ם סוף הל' לולב. 13) זח"א קכט, סע"א. 14) תניא פל"ב (מא, סע"א). 15) ל' המשנה - אבות פ"א מי"ד.

"אתם נצבים" - ווי ס'איז פארשטאנדיק פון דעם דרוש פון דעם אלטן רבי'ן אין לקו"ה[16], און אויך פון דעם ביאור בזה אין די דרושים פון דעם צ"צ[17] (וואס ער איז געווען ממלא מקומו), וואס בערב ר"ה איז זיין יום הולדת -

ובפרט לויט ווי כ"ק מו"ח אדמו"ר נשיא דורנו האט דער-ציילט[18] אז דעמולט (ביום ההולדת פון דעם צ"צ) האט דער אלטער רבי געזאגט א מאמר וואס דער תוכן פון דעם מאמר איז דערנאך געווארן די ג' פרקים ראשונים פון ספר התניא קדישא.

וואס דער תניא הויבט זיך אן מיט "משביעין אותו", און דער צ"צ טייטשט דאס אפ[19] מיט אלע דריי טייטשן: א) "משביעין" כפשוטו, מלשון שבועה, ב) "משביעין" מלשון "שבע" (ווי ער ברענגט אויף דערויף כמה דוגמאות), וואס דאס איז אויך פאר-בונדן מיט "בחודש השביעי באחד לחודש"[20] - דער ענין פון ר"ה. ג) "משביעין" מלשון "שובע", אנזעטיקן, וואס דאס איז פאר-בונדן דערמיט וואס מ'איז ממלא און משלים אלע ענינים ביז אין אן אופן של שובע - כמבואר בארוכה אין די ביאורים פון דעם צ"צ אויף דעם פרק אין תניא.

וואס דאס איז דאך געגעבן געווארן לכל אחד ואחד מאתנו - כמדובר כמ"פ[21] אז נשי ובנות ישראל זיינען מחוייב אין לימוד התורה ווארום זיי דארפן וויסן ווי אזוי צו מקיים זיין די מצוות אין וועלכע זיי זיינען מחוייב[22],

און צווישן די מצוות אין וועלכע זיי זיינען מחוייב. זיינען דא די מצוות פון אהבת ה' און יראת ה' (וואס אין דערויף זיינען מחוייב (און זכאי) אנשים און נשים בשוה) -

און ווי אזוי קומט מען צו אהבת ה' און יראת ה' - דורך דער התבוננות[23] אין די ענינים וואס דער אלטער רבי איז מבאר אין שעהיוה"א (ווי ער שרייבט אין דער הקדמה צו שעהיוה"א), ועד"ז אין חלק ראשון פון תניא, און אין חלק ב' פון תניא, און אין אגה"ק, און אין די דרושים פון רבותינו נשיאינו ממלאי מקומו הבאים לאחריו.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז די אלע ענינים (פון מגילוה התורה) זיינען געגעבן געווארן לכל אחד ואחד,

- וויבאלד -

---

16) ריש פרשתנו. 17) ראה אוה"ת פרשתנו ע' א'רז.
18) היום יום ע"ע לד. 19) בקצוה"ע להניא ע' נב ואילך.
וראה גם ליקוט פירושים וכו' להניא פ"א אות ד ואילך. וש"נ.
20) ל' הכתוב - אמור כג, כד. וראה קצוה"ע שם ע' נה.
21) ראה לקו"ש ח"ז ע' 268. ועוד. 22) ראה שו"ע אדה"ז סו"ס מז. הל' ת"ת לאדה"ז בפ"א. 23) ראה רמב"ם הל' יסוה"ת פ"ב ה"ב.

וויבאלד אז דורך דערויף קומט מען צו צו דעם ענין פון אהבה ה׳ און יראת ה׳, וואס אין דערויף איז מחוייב כל אחד ואחת מבני ישראל.

וואס דאס איז אויך פארבונדן מיט "אתם נצבים היום כולכם לפני ה׳ אלקיכם".

און מ׳גיט אויף דערויף כחות מיוחדים, ווי דער צ"צ[24] טייטשט אפ אז "נצבים" איז לשון נפעל, אז מ׳ווערט אוועקגע-שטעלט דורך דעם אויבערשטן אליין, און אין אן אופן פון "כולכם", וואס דאס ברענגט אראפ נאכמער דעם "לאחדים כאחד"[25].

ה. און דעמולט ווערט מקוים - ביז אז מ׳זעט דאס בעיני בשר למטה מעשרה טפחים - תורת הבעש"ט[26] וואס דער אלטער רבי האט דערציילט אז זייענדיק אין מעזריטש האט ער געהערט פון זיין רבי׳ן דער מגיד בשם הבעש"ט, אז אין דעם שבת שלפני ר"ה בענטשט דער אויבערשטער דעם חודש, ובכח זה בענטשן אידן אלע חדשי השנה הבאה,

און ער טייטשט אפ דארטן אז "אתם נצבים היום" גייט אויפן טאג פון ר"ה - און אין דעם שבת שלפני ר"ה לייענט מען "אתם נצבים היום", וואס דאס איז דעם אויבערשטנ׳ס ברכה צו יעדער אידן און צו אלע אידן.

און וויבאלד אז "דיבורו של הקב"ה חשיב מעשה"[27] - ווערט דאס שוין בבעשה בפועל, אז אין דעם שבת שלפני ר"ה (וואס דאס ווערט נמשך אויך בכוצאי שבת, ובפרט אין "סעודתא דדוד מלכא משיחא"[28]) ווערט שוין דער ענין פון "אתם נצבים היום גו׳". אז "נצבים קיימים ועומדים, והיינו שזוכים בדין".

און ווי ער ברענגט אראפ אין טור[29] אז בערב ר"ה שטייען שוין אידן אין א מעמד ומצב וואס "לובשים לבנים ומתעטפים לבנים". און מ׳שטייט אין אן אופן של שמחה, ווארום מ׳ווייסט אז מ׳האט זוכה געווען בדין אויף א שנה טובה ומתוקה בטוב הנראה והנגלה למטה מעשרה טפחים.

ו. דאס איז אויך די כוונה פון דער ההוועדות - אז דער ענין זאל ארויסקומען בדיבור, און במעמד פון כמה עשיריות מישראל, וואס "כל בי עשרה שכינתא שריא"[30], "אף שאינם מדברים בדברי תורה"[31], ועאכו"כ כשעוסקים בתורה ובמצות,

- און -

------------

24) אוה"ת ריש פרשתנו. 25) לקו"ת שם. 26) כש"ט הוספות אות לא. 27) ראה ב"ר פמ"ד, כב. 28) סידור האריז"ל (להר"ש מרשקוב) במקומו. 29) סו"ס תקפא. 30) סנהדרין לט, א. 31) ל׳ אדה"ז באגה"ק סכ"ג (קלו, ב).

און מ׳נעמט נאך דערויף אויף קיום התומ"צ במשך כל השנה כולה, און דאס ווערט געמאן אין א מקום קדוש - א ביהכ"נ לתפלה, און א ביהמ"ד ללימוד התורה, וואס "הלמוד מביא לידי מעשה"[32] - דער ענין פון קיום המצוות.

ובפרט אז דאס ווערט אויך געהערט בכו"כ מקומות - וואס דעמולט איז די אלע וואס געפינען זיך דא, און די אלע וואס הערן דאס בשעת מעשה, און די אלע וואס וועלן דאס הערן לאח"ז - ווערן זיי אלע נכלל אין דעם "כולכם", און "כולכם" שטייען אין א מעמד ומצב פון "נצבים", אז "נצבים קיימים ועומדים" און "זוכים בדין".

ביז ווי דער צ"צ[33] טייטשט אפ אז "נצבים" איז מלשון קצין ושר, "נצב מלך"[34] - אז מ׳שטייט אין אן אופן ווי עס שטייט א קצין ושר און א מלך.

און דערנאך קומט דאס אראפ צו יעדערן ווי ער שטייט בעבודתו הפרטית - אז דער אויבערשטער גיט אים אלע ענינים כדי ער זאל קענען טאן עבודתו הפרטית, און טאן אין אלע ג׳ עמודים שעליהם העולם עומד, תורה עבודה וגמ"ח[35], אין אן אופן פון הצלחה רבה, אן קיינע בלבולים, ומתוך שמחה וטוב לבב - ווארום "אתם נצבים היום כולכם לפני ה׳ אלקיכם".

* * *

ז. צוה לנגן ואמר מאמר ד"ה אתם נצבים.

* * *

ח. כרגיל אין א התוועדות וואס איז פארבונדן מיט שבת (- אויך במוצאי שבת) אפלערנען א פרש"י אין פרשה השבוע, און אין די שבתות וואס מ׳זאגט פרקי אבות - אויך א משנה אין פרקי אבות, און אויך אן ענין אין די הערות פון טאטן אויפן זהר.

בהכשך צום מאמר (וואס ער איז געגומען פון לקו"ת, און פון די דרושים אויף אתם נצבים פון דעם צ"צ, וואס בערב ר"ה איז זיין יום הולדת), וואס די נקודה אין דערויף איז - "למען הקים אותך היום לו לעם והוא יהי׳ לך לאלקים"[36], אז די אלע ענינים וועגן וועלכע ס׳רעדט זיך פריער, איז די כוונה בזה "למען הקים אותך היום לו לעם וגו׳" - וועט מען זיך אפשטעלן אויף א פרש"י אין דעם פסוק.

רש"י ברענגט אראפ פון פסוק די ווערטער "למען הקים

- אותך -

---

32) קידושין מ, ב. 33) אוה"ת שם ע׳ א׳רא. 34) ל׳ הכתוב - מ"א כב, מח. 35) אבות פ"א מ"ב. 36) פרשתנו כט, יב.

אוהך היום לו לעם", און טייטשט אפ: "כל כך הוא נכנס לטרוה לכען קיים אוהך לפניו לעם".

וואס לכאו', איז אינגאנצן ניט פארשטאנדיק:

ווען רש"י וואלט גארניט מפרש געווען, וואלט ביים בן חמש למקרא ניט געווען קיינע קושיות, ווארום די אלע ווערטער וואס שטייען אין דעם פסוק, האט ער זיי שוין געהאט לפנ"ז,

און וויבאלד אז אין פרש"י איז (ניטא קיין חסר און ס'איז) אויך ניטא קיין יתיר - איז ניט פארשטאנדיק: וואס איז מכריח רש"י'ן צו מפרש זיין דעם פסוק - דער בן חמש למקרא טייטשט אפ דעם פסוק כפשוטו, און ביי אים איז ניטא קיין קושיא?

ס'זיינען דא מפרשים[37] וואס זאגן אז מ'קען ניט זאגן אז דער פירוש פון "למען הקים גו'" איז, אז דער ברית איז "למען הקים אוהך היום לו לעם", ווארום דער ברית איז גאר אויף קיום המצוות - און דערפאר דארף רש"י מבאר זיין אז דער פסוק קומט פארענטפערן דאס וואס "כל כך הוא נכנס לטרוח". און דעמולט קומט אויס אז דער פירוש פון "למען" איז ניט אזוי ווי אומעטום, אז דאס איז א נתינת טעם אויף דעם וואס ס'שטייט פריער (אז דער בריה איז "למען הקים גו'").

אבער אין פשט"ש און אין פשטות פון לשון רש"י, איז ניטא קיין רמז אז דער פירוש פון "למען" איז אנדערש ווי אומעטום - ווארום דעמולט וואלט רש"י געדארפט אפטייטשן דעם ווארט "למען" - און דעם "למען" טייטשט רש"י ניט אפ.

עד"ז זיינען דא נאך כמה פירושים אין מפרשי רש"י - אבער כבדובר כמ"פ אז רש"י טייטשט אפ פשש"כ פאר א בן חמש למקרא. און ער קען זיך ניט פארלאזן אז דער בן חמש למקרא וועט ארומלויפן זוכן אין מפרשי רש"י אויף צו וויסן וואס איז רש"י מרמז דערמיט - נאר רש"י דארף שרייבן זיין פירוש אין א סגנון וואס דער בן חמש למקרא קען פארשטיין פון לשון רש"י אליין, און ניט זוכן קיין רמזים ופירושים, ביז צו אזוינע רמזים וואס מ'קען זיי גאר אינגאנצן ניט געפינען אין לשון רש"י.

ס. אין פרש"י גופא דארף מען פארשטיין:

א) רש"י זאגט "כל כך הוא נכנס לטרוח כו'". איז ניט פארשטאנדיק: אין וואס באשטייט די טרחא פון דעם אויבערשטן

- אין -

---

37) רא"ם. גו"א וש"ח עה"פ.

אין דעם ענין פון "אתם נצבים גו' לעברך בברית ה'", וואס כ'דארף פארענטפערן אז "כל כך הוא נכנס לכרות <u>לכען</u> קיים אותך לפניו לעם"?

ב) ולאידך: דעם ענין אז דער אויבערשטער האט כורת ברית געווען מיט אידן, האט מען שוין געלערנט כמ"פ לפנ"ז[38] (אויך אין ספר ויקרא[39]) - האט דארפן געדארפט שטיין אז פאר-וואס איז זיך דער אויבערשטער מטריח צו מאכן א ברית מיט אידן - "למען קיים אותך לפניו לעם", פארוואס שטייט דאס דוקא דא?

ג) פארוואס איז רש"י משנה דעם לשון הפסוק - אין פסוק שטייט "למען <u>הקים</u> אותך גו'", און רש"י זאגט "למען <u>קיים</u> אותך כו'"?

ד) נאך א שינוי וואס רש"י איז משנה פון לשון הפסוק: אין פסוק שטייט "<u>לו</u> לעם", און רש"י זאגט "<u>לפניו</u> לעם"?

דערמיט וואס רש"י איז משנה פון לשון הכתוב "למען <u>הקים</u> אותך היום <u>לו</u> לעם" און זאגט "למען <u>קיים</u> אותך <u>לפניו</u> לעם" - ווערט פארענטפערט דאס וואס רש"י איז מעתיק פון פסוק די אלע ווערטער "למען הקים אותך היום לו לעם" (משא"כ אויב מ'זאגט אז רש"י וויל נאר אפטייטשן דעםווארט "למען". וואס דעמולט וואלט ער געדארפט מעתיק זיין פון פסוק בערך ווי דעם ווארט "למען"):

מ'דארף אבער האבן א הסברה פארוואס זאגט רש"י אז דער פירוש פון "הקים" <u>דא</u> איז "קיים", און דער פירוש פון "לו" <u>דא</u> איז "לפניו" (ווארום ס'איז דאך ניט שייך צו זאגן אז רש"י איז משנה אז אין פסוק דארף שטיין אנדערש - ער זאגט נאר אז דא איז דער פירוש באופן כזה).

מיט נאך כמה דיוקים - וכפי שיתבאר לקמן.

י. בנוגע צו פרקי אבות - לויט ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין סידור אז "יש נוהגין" לערנען פרקי אבות "בכל שבתות הקיץ" - ווערט דאך געבראכט אין די לוחות אז אין דעם שבת לערנט מען פרק חמישי און פרק ששי.

מ'האט שוין גערעדט כמ"פ דאס וואס די גמרא[40] זאגט אז מסכת אבות איז פארבונדן מיט "מילי דחסידותא", ד.ה. אז דארטן שטייען ענינים פון מדות טובות לפנים משורת הדין, כמבואר בארוכה אין די מפרשים פון מסכת אבות.

- איז -

---

38) נצבים כט, ט. תשא לד, כז. ועוד. 39) ראה פרש"י תבוא כח, כב. 40) ב"מ ל, א.

איז ווען מ׳קומט צו פרק חמישי און מ׳לערנט די משנה[41] "עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים, ועשרה על הים וכו׳" - ווערט די שאלה: ס׳איז א כלל אין גאנץ ש"ס אז "מאי דהוה הוה", דארף מען דאך האבן א הסברה צוליב וואס דערציילט מען אונז אין פרקי אבות אז "עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים וכו׳" - וואס קומט דערפון ארויס אין "מילי דחסידותא"?

דאס וואס די משנה[42] זאגט "עשרה נסים נעשו לאבותינו בבית המקדש", איז פארשטאנדיק בפשטות - ווארום בשעת מ׳וועט וויסן אז דער ביהמ"ק איז געווען אזא בנין וואס מ׳האט דארטן געזעהן בגשמיות ובעיני בשר "עשרה נסים", וועט די תפלה אויף בנין ביהמ"ק זיין מיט א השתוקקות גדולה יותר.

עד"ז בשעת די משנה[43] זאגט "בעשרה מאמרות נברא העולם" - טייטשט אפ די משנה אליין למאי נפק"מ - "ליהן שכר טוב לצדיקים שמקיימין את העולם שנברא בעשרה מאמרות", וואס דאס איז נוגע צו יעדער איד, וויבאלד אז "ועמך כולם צדיקים"[44].

עד"ז ווען די משנה[45] זאגט "להודיע כמה חבתו של אברהם אבינו", איז פארשטאנדיק פארוואס מ׳דארף דאס וויסן - אזוי ווי מ׳איז דאך מתפלל כמה פעמים ביום און מ׳זאגט "אלקי אברהם אלקי יצחק ואלקי יעקב", ועד"ז זאגט מען "את בריתי אברהם אזכור וגו׳"[46] - איז נוגע צו וויסן "כמה חבהו של אברהם אבינו".

ועד"ז בנוגע צו דעם וואס די משנה[47] זאגט "עשרה דברים נבראו בערב שבת בין השמשות" - ווי גערעדט אמאל באריכה[48] למאי נפק"מ צו וויסן דאס איצטער.

ווען מ׳קומט אבער צו דער משנה "עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים וכו׳" - דארף מען פארשטיין: וואס קען ארויסקומען אין עבודת ה׳ (אין "דבר ה׳ זו הלכה"[49], ועאכו"כ אין "מילי דחסידותא", אין ענינים וואס זיינען לפנים משורת הדין) דערפון וואס מ׳ווייסט אז "עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים"?

יא. אין פרק ששי זאגט די משנה[50]: "הנוי והכח והעושר וכו׳ נאה לצדיקים ונאה לעולם . . ר"ש בן מנסיא אומר אלו שבע מדות שמנו חכמים לצדיקים, כולם נתקיימו ברבי ובבניו".

ווערט דא די זעלבע שאלה: וויבאלד אז "מאי דהוה הוה",

- איז -

---

41) משנה ד. 42) שם משנה ה. 43) שם משנה א.
44) ישעי׳ ס, כא. 45) שם משנה ג. 46) בחוקותי כו, מב.
47) שם משנה ו. 48) שיחת ש"פ בהו"ב ה׳תשל"ד סכ"א.
49) שבת קלח, ב. 50) משנה ח.

איז וואס האט מען דערפון וואס מ׳ווייסט אז די "שבע מדות שמנו חכמים לצדיקים כולם נתקיימו ברבי ובבניו"?

די שאלה איז נאך שטארקער: דערפון וואס די משנה זאגט "כולם נתקיימו ברבי ובבניו", איז פארשטאנדיק, אז מ׳דארף זוכן א ביישפיל ביי וועמען געפינט מען אז דער ענין איז נתקיים געווארן, און וואו געפינט מען דאס - "ברבי ובבניו". איז נאכמער ניט פארשטאנדיק: למאי נפק"מ צו וויסן אז "נתקיימו ברבי ובבניו"?

וואס דער גאנצער ענין איז א דבר פלא:

בשעת די משנה זאגט אז "הנוי והכח והעושר וכו׳ נאה לצדיקים ונאה לעולם", איז פארשטאנדיק בפשטות אז דאס איז אן ענין וואס קען זיין במציאות (און אעפ"כ איז דאס די משנה נאכמער מחזק - אז מ׳זאל וויסן אז ס׳איז טאקע געווען במציאות),

און דאס ווערט א דבר משנה, וואס א דבר משנה איז ניט נאר פאר יחידי סגולה, נאר ס׳איז א הלכה לכל אחד ואחת מישראל, ביז וואנעט אז "טעה בדבר משנה חוזר"[51], ס׳איז מלכתחלה קיין טעות ניט, וויבאלד אז דאס איז אן ענין וואס שטייט אין משנה;

דערנאך איז אבער גלייך דא "שוברו בצדו" - ביי וועמען איז דאס געווען במציאות - "כולם נתקיימו ברבי ובבניו", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז דאס איז אן ענין וואס איז שייך מערניט צו די וואס זיינען אין דער דרגא פון "רבי ובניו" -

וואס "רבי" (ר׳ יהודה הנשיא) ווערט אנגערופן "רבינו הקדוש", ווי די גמרא[52] זאגט פארוואס מ׳האט דוקא אים אנגערופן "(רבינו) הקדוש", און רבי איז געווען דער וואס האט מסדר געווען די משנה, און ביי אים איז געווען "תורה וגדולה במקום אחד"[53], און די גמרא זאגט דארטן אז "מימות רבי ועד רב אשי לא מצינו תורה וגדולה במקום אחד";

איז מי ידמה לו ומי ישוה לו צו רבינו הקדוש, אויף אפ-לערנען זיך דערפון אן ענין אין "מילי דחסידותא" און לפנים משורת הדין - בשעה די משנה זאגט אז דער ענין איז נתקיים געווארן מערניט ווי "ברבי ובבניו"?

וכפי שיתבאר לקמן.

יב. בנוגע צו די הערה פון טאטן אויפן זהר - איז אין פ׳

- נצבים -

---

51) כתובות פד, ב. 52) שבת קיח, ב. 53) גיטין נט, א.



הנחה הה׳ בלתי מוגה

נצבים זיינען ניטא קיין העדרה, ער שטעלט זיך אבער אין פ׳ הקה[54] אויפן פסוק "לכען הקים אותך היום לו לעם", און ער מייטשט אפ אז דער "היום" גייט אויפן טאג פון ר"ה (ווי דער-מאנט אויך פריער (בהמאמר)), וואס דעמולט ווערט דער ענין פון "הקים אותך היום לו לעם והוא יהי׳ לך לאלקים". און ער איז דארטן מבאר די אלע ווערטער און די גימטריאות ע"ד הקבלה והחסידות.

וכמדובר כמ"פ אז ער האט זיך פארלאזט אז אויף די דברים הפשוטים וועט מען זיך אליין כאפן - דארף מען פאר-שטיין: פארוואס שטייט דא דוקא דער לשון "הקים אותך היום לו לעם";

ביי יצי"מ געפינט מען דעם לשון "לקחת לו גוי מקרב גוי"[55], ועד"ז ביי מ"ת שטייט דער לשון "ממלכת כהנים וגוי קדוש"[56] - און דא שטייט דוקא דער לשון "לעם".

און דאס וואס מ׳פארבינדט דאס מיט ספירת המלכות - זיינען דאך דא כמה כינויים תוארים און שמות צו ספירת המלכות, און דא קלייבט מען אויס דעם תואר "לעם" דוקא.

וכפי שיתבאר לקמן.

יג. מ׳האט דערמאנט פריער (ס"ד) אז בערב ר"ה איז דער יום ההולדת פון דעם צ"צ, און אז דעריבער האט ער אלטער רבי גע-זאגט א מאמר וואס תוכנו איז די ג׳ בדקים הראשונים פון תניא, ווי ס׳איז דערציילט געווארן דורך רבינו נשיאינו כ"ק מו"ח אדמו"ר.

וואס דאס האט אויך א שייכות ביותר צו דעם וואס מ׳האט גערעדט אין די ההתוועדויות הקודמות[57] וועגן הדפסת התניא אין די מדינות וואס ביז איצטער האט מען דארטן נאך ניט געדרוקט דעם תניא. און אויך איבערדרוקן פון דאס-נייע אין די אנדערע מדינות - וואס דאס האט מצליח געווען, און ס׳זיינען שוין אנגעקומען ספרי תניא פון כו"כ מקומות.

און אזוי ווי ס׳איז דאך א מצוה לפרסם עושי מצוה (ווי ס׳שטייט אין תשובות הרשב"א[58], און אראפגעבראכט אין רמ"א[59] ובב"מ) - זיינען דא די וואס האבן דאס גלייך אפגעדרוקט אין אן אופן פון "זריזין מקדימין למצוות"[60], וואס דאס איז געווען אין נהלת הר חב"ד אין אה"ק ת"ו במהרה בימינו ע"י כשיה צדקנו,

- און -

------------

54) לקוטי לוי"צ לזח"ג ע׳ שמח. 55) ואתחנן ד, לד. 56) יתרו יט. ו. 57) שיחה מוצאי ש"פ עקב סב"ו ואילך. 58) ח"א סתקמ"א. 59) יו"ד סרמ"ט סי"ג. 60) פסחים ד. א.

און דער לעצטער הניא וואס איז אנגעקומען צו ערב ר"ה – איז דאס געווען דער הניא וואס מ׳האט אפגעדרוקט אין דעם ביהכ"נ וביהמ"ד פון דעם צ"צ (וואס בערב ר"ה איז זיין יום הולדת), און ס׳איז אנגעקומען אהערצו בערב שבת קודש זה.

און דאס איז א "דבר בעתו מה טוב"[61] – אויף ממשיך זיין ברכת הקב"ה על כל השנה כולה, אנהויבנדיק פון דעם שבת מברכים וואס דעמולט בענטשט דער אויבערשטער דעם חודש (כנ"ל ס"ה), עאכו"כ בערב ר"ה וואס דעמולט זיינען שוין אידן "לובשים לבנים ומתעטפים לבנים", ובפרט אז דאס איז דער יום הולדה פון דעם צ"צ, וואס דעמולט איז "כולו שולט"[62].

וכאמור, אז דער הניא איז אפגעדרוקט געווארן אין דעם ביהכ"נ שלו – וואס דאס איז דער איינציקער ביהכ"נ (פון אלע בתי כנסיות און בתי מדרשות וואס זיינען דארטן געווען) וואס במשך כל השנים וואס דארטן איז געווען שליטה ידי זרים, איז ער געבליבן גאנץ מיט די כהלים און מיטן גג, און מיטן אויפשריפט אז דאס איז דער ביהכ"נ פון דעם צ"צ – האט מען אהינצו געבראכט א מכונת דפוס, און מ׳האט דארטן אפגעדרוקט דעם הניא.

און ס׳איז שוין אויך אנגעקומען אהערצו – אזוי אז נוסף צו דעם וואס מ׳האט שוין געלערנט דארטן אין דעם הניא אין ימי הסליחות, האט מען געלערנט אין דעם הניא אויך דא, און מ׳וועט אויך לערנען אין דעם הניא בערב ר"ה – וואס דאס איז דער יום ההולדה פון דעם צ"צ, און אויך: התחלה ספר התניא (און ניט סתם די התחלה, נאר) די ערשטע ג׳ פרקים (וואס "בתלת זימני הוי חזקה"[63]), האט דער אלטער רבי געזאגט אין זיין יום ההולדת בפעם הראשונה.

יד. וויבאלד אז דער אלטער רבי האט געזאגט[64] אז דער ענין החסידות איז נחלה כל העם כולו – דארף מען טאן אין דעם ביז וואנעט אז עס וועט דערגרייכן צו יעדערן און צו יעדערע, אז ס׳זאל זיין דער ענין פון "יפוצו מעינותיך – די מעיינות פון תורת הבעש"ט – חוצה".

וואס איינע פון די תורות הבעש"ט איז די תורה הידועה אויף "לעולם ה׳ דברך נצב בשמים"[65], ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין שעהיוה"א[66] דעם פירוש הבעש"ט בזה. וואס דער ענין פון "לעולם ה׳ דברך נצב בשמים" איז פארבונדן במיוחד מיט ר"ה.

- און -

---

61) ל׳ הכתוב – משלי טו. כג. 62) קה"ע לירושלמי ר"ה פ"ג ה"ה. 63) ב"מ קו, ב. 64) ראה לקו"ש ח"ב ע׳ 461. סה"מ תש"י ע׳ 94. 65) תהלים קיט, פט. 66) בתחלתו.

און דערנאך דארף מעז דאס ממשיך זיין פון דעם "דברך נצב בשמים" אין כל העולם כולו, אין גאנץ סדר השתלשלות - ווי מ'טייטשט אפ אין קבלה אז "דברך" גייט אויף ספירת המלכות, וואס ספירת המלכות פארבינדט זיך (אין אן אופן פון "נצב") מיט "בשמים", וואס דאס איז תפארת דז"א (ווי דער טאטע ברענגט אראפ אין די הערות אויפן זהר[67]), און דורך יחוד זו"נ ווערט דאס דערנאך נמשך בכל הבריאה כולה.

סו. וויבאלד אז "לעולם ה' דברך נצב בשמים", און דער אויבערשטער איז מלך מלכי המלכים הקב"ה, און מ'זאגט "מלוך על העולם כולו בכבודך והנשא על כל הארץ ביקרך", ביז צום סיום "ומלכותו בכל משלה", אז אפי' אין עולם העשי' וועט זיין דער ענין פון "וידע כל פעול כי אתה פעלתו" (ווי ער טייטשט דאס אפ אין סידור האריז"ל[68]) -

איז פארשטאנדיק אז "דבר אלקינו יקום לעולם"[69], און די אלע ענינים וואס עס קען איינפאלן אז ס'איז ניט אזוי ח"ו, האבן זיי מלכתחלה ניט קיין קיום, ווארום "לעולם ה' דברך נצב", אין אן אופן אז דאס איז נצב וקיים.

און דער אויבערשטער וויל דאך אז אידן זאלן שטיין אין א מעמד ומצב פון "אתם נצבים", מבלי חת מפני כל - וואס דוקא דעמולט ווערט ער אין אן אופן פון "כל איש ישראל", ווי דער מגיד[70] טייטשט אפ דעם ענין פון "כל איש" אז "כולו נקרא איש", כולל אויך גופו ונפשו הבהמית און חלקו בעולם.

און דעמולט ווערט אויפגעטאן דער ענין וואס "בשבילי נברא העולם" (ביז וואנעט אז מ'זאגט "כאו"א חייב לומר בשבילי נברא העולם"[71]) - אז ער ווערט א בעה"ב אויף דער גאנצער וועלט.

אנהויבנדיק פון דער "אבן שתי'", "שממנה הושתת כל העולם"[72], וואס דאס געפינט זיך אין ירושלים [מ'איז בפירוש מדייק ניט זאגן ירושלים העתיקה, דערפאר וואס דאס איז די אמת'ע ירושלים] - וואס דער ענין פון ירושלים איז "יראה" און "שלם", ווי תוס'[73] ברענגט אראפ אז דעם נאמען "שלם" האט געגעבן מלכי צדק, און דעם נאמען "יראה" האט געגעבן אברהם אבינו (וואס "אחד הי' אברהם"[74]), און דער אויבערשטער האט

- מצרף -

------------

67) לקוטי לוי"צ לזח"ג ע' רלא. וראה לקוטי לוי"צ לתניא עח, א. 68) במקומו. 69) ישעי' מ, ח. 70) או"ת פ' תרומה (לה, ג-ד). הובא באוה"ת שם ע' א'רז. 71) סנהדרין לז, סע"א במשנה. 72) יומא נד, ב. תנחומא פקודי ג (בתחלתו). שהש"ר פ"ג, י [ד]. ועיד. 73) ד"ה הר - תענית טז, א. מב"ר פנ"ו, י. ועוד. 74) יחזקאל לג, כד.

מצרף געוועזביידע נעמען צוזאמען, און ס'איז געווארן דער נאמען "ירושלים".

טז. און דער ענין פון "יפוצו מעינותיך חוצה" וואס איז געוועזן מחדש אין ירושלים, אין חודש אלול פון שנת העיבור וואס איז משלים די אלע ענינים וואס האבן געדארפט געטאן ווערן - ווען אויפטאן אז מכאן ולהבא וועט יעדער איד, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך" און "שואב מימיך", שטיין אין אן אופן פון "נצבים", "נצב מלך", מיט א תוקף הכי גדול.

וואס דער תוקף איז ביי אים דא דערפאר וואס ער שטייט "לפני ה' אלקיכם" (ווי דער פסוק איז גלייך ממשיך) - ער שטייט אין פנימיות פון עצמות ומהות[75], און דערנאך קומט דאס אראפ אין "הוי'", וואס דאס איז מרמז[76] אויף הוויית כל סדר ההשתלשלות, און כל העולמות כולם, און דערנאך קומט דאס אראפ אין "אלקיכם" - כוחכם וחיותכם[77], ניט אז "כחי ועוצם ידי עשה לי את החיל הזה"[78] ח"ו, נאר עס נעמט זיך פון "ה' אלקיכם".

און דאס וואס יעדער איד שטייט "לפני ה' אלקיכם", איז אין אן אופן אז דאס שטייט בגלוי ביי א אידן - אז מצד דעם תוקף פון דעם אויבערשטן, שטייט ער אין א מעמד ומצב פון "נצב", מיט א תוקף גדול, און אין אן אופן פון "שריה עם אלקים ועם אנשים"[79] - מיט אלע חשבונות פון טבע, וואס "אלקים" איז בגימט' "הטבע"[80], ביז אז עס ווערט דער "ותוכל" (ווי דער פסוק איז מסיים), אז דאס טוט זיך אפ בהצלחה רבה ומופלגה למעלה מכל מדידה והגבלה.

און דאס ווערט אויפגעטאן אין אן אופן פון "לעברך בברית ה' אלקיך ובאלתו"[81], און "למען הקים אותך היום לו לעם".

יז. און פון דעם "אבן שתי'" וואס געפינט זיך אין דעם מקום פון קדש הקדשים[72], אבער "ממנה הושתת כל העולם", אויף דערויף האלט זיך די גאנצע וועלט, ווארום דאס איז דער מקום פון קדש הקדשים, וואס דארטן איז די קדושה פארבונדן מיט דער שכינה, "ושכינה אינה בטלה"[82], די קדושה בלייבט אין דעם מקום גשמי בשלימותה,

- וואס -

---

75) ראה אוה"ת שם ס"ע א'קצז. 76) ראה שעהיוה"א רפ"ד.
77) ראה לקו"ת במדבר טו, ריש ע"ד. ד"פ ראה. אוה"ת יהדו ע' התצט ואילך. 78) ל' הכתוב - עקב ח, יז. 79) ל' הכתוב - וישלח לב, כט. 80) פרדס ש"ב פ"ב. שעהיוה"א רפ"ו.
81) פרשהנו כט, יא. 82) רמב"ם הל' ביהב"ח פ"ו הט"ז.

וואס דאס געפינט זיך אין ירושלים, "עיר שחוברה לה יחדיו"[83], וואס זי איז מחבר אלע אידן צוזאמען[84], און "ירושלים" איז אויך מלשון שלום ומנוחה, און מל' שלימות -

וועט זיין דער ענין אז "כשם אורה יוצאה לעולם"[85], דורך די "חלוני שקופים אטומים"[86] פון זעם ביהמ"ק הראשון וואס ער איז בשלימותו אויך בזמן הגלות - און דורך דער הנהגה וועט בקרוב ממש זיין דער "יבנה מקדש במקומו כפשוטו, מיט די "חלוני שקופים אטומים" וואס זיי וועלן באלייכטן די גאנצע וועלט.

און דאס וועט שוין זיין אין די לעצטע טעג פון גלות - דורך "יפוצו מעינותיך חוצה", און דורך דעם וואס מ'וועט מפיץ זיין דעם ענין פון לימוד התורה און קיום המצוות בפשטות, און מפיץ זיין אלע ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט "כל מעשיך יהיו לשם שמים"[87] און "בכל דרכיך דעהו"[88] - וואס דאס איז דער כללות הענין פון שליכות התורה.

און דאס וועט ברענגען צו שליכות העם - אז ס'וועט זיין "אתם נצבים היום כולכם לפני ה' אלקיכם", פון "ראשיכם שבטיכם" ביז צו "גרך אשר בקרב מחניך", די גרים וואס האבן זיך מתגייר געווען כהלכה. ע"ד די "חוטב עציך" און "שואב מימיך", וואס זיי זיינען געווען גרים וואס האבן זיך מגייר געווען כהלכה בזמן משה רבינו[89]. און אזוי אויך עד סוף כל הדורות.

און דאס וועט נתפשט אין גאנץ ארץ ישראל לגבולותי' - דער ענין פון שלימות הארץ, אז אין גאנץ א"י לערנט מען תורה, אנדויבנדיק פון פנימיות התורה, וואס נתגלתה בדורנו אין תורת החסידות, אנהויבנדיק בין סבר התניא -

וכמדובר כמ"פ אז בשעה ס'איז דא אן ענין של מעשה בפועל (וואס מ'האט אפגעדרוקט דעם תניא) - פארבינדט דאס די ענינים מיט מעשה בפועל, אז זיי זאלן נתקיים ווערן בפשטות למטה מעשרה טפחים.

און דערנאך איז "עתידה ירושלים שתתפשט בכל א"י ועתידה א"י שתתפשט בכל הארצות"[90], וואס דאס איז אויך וואס מ'זאגט בליל ר"ה דעם מזמור[91] "לה' הארץ ומלואה תבל ויושבי - בה" -

---

83) תהלים קכב, ג. 84) ראה ירושלמי חגיגה פ"ג ה"ו. 85) ירושלמי ברכות פ"ד ה"ה. וראה פרש"י ד"ה שקופים - מנחות פו, ב. 86) ל' הכתוב - מ"א ו, ד. 87) אבות פ"ב מי"ב. 88) משלי ג, ו. 89) פרש"י פרשתנו שם, י. 90) ראה ילק"ש ישעי' רמז תקג. 91) תהלים כד.

בה" - ווי רש"י טייטשט אפ אז "הארץ" איז "ארץ ישראל" און "תבל" איז "שאר ארצות", ד.ה. אז דורך "מלך ישראל וגואלו" ווערט דאס נמשך פון א"י אין דער גאנצער וועלט, און אין גאנץ סדר השתלשלות.

יח. און די אלע סברות און קס"ד וואס עס ווייזט זיך אויס אז דער האט געזאגט בדיבור באופן כך און דער צווייטער האט געזאגט בדיבור באופן כך, און אים ווייזט זיך אויס אז במחשבה האט ער אויך געטראכט אזוי -

איז דא דער פס"ד ברור אין רמב"ם[92] אז יעדער איד, אין וועלכן מעמד ומצב ער זאל נאר זיין, וויל ממלא זיין רצון הקב"ה, ס'איז מערניט וואס "יצרו הוא שתקפו", ובכילא איז פארשטאנדיק אז דאס איז ניט זיין מחשבה, ס'איז ניט זיין דיבור און ס'איז אפי' ניט זיין מעשה (וויבאלד אז זיין רצון האמיתי איז - ממלא זיין רצון הקב"ה), ובמילא איז דאס אינגאנצן בטל ומבוטל מעיקרו,

[ובפרט אז ניט דאס האט מען געזאגט, ניט דאס האט מען געשריבן, און ניט דאס האט מען געטראכט - מיט אלע פירושים וביאורים וואס מ'זוכט שוין, און מ'האט געפונען, און ס'איז מפרש וכו'],

און דערנאך ווערט גלייך נהגלה דער רצון האמיתי פון יעדער אידן, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך" און "שואב מימיך" - ממלא זיין רצון הקב"ה,

וואס דער אויבערשטער וויל אז גאנץ ארץ ישראל לגבולותי' זאל זיין א "נחלת עולם" צום "עם עולם", ע"פ "תורת עולם" וואס "ההורה היא נצחית"[93] - בפשטות למטה מעשרה טפחים,

און דאס זאל זיין די הקדמה צו דעם קיום היעוד פון "ירחיב ה' אלקיך את גבולך"[94], בקרוב ממש.

יט. וכאמור לעיל אז נאך אין די לעצטע טעג פון גלות שטייט מען אין אן אופן פון "נצבים", ובפשטות - אז מ'איז זוכה בדין בנוגע צו אלע ענינים הגשמיים, ועאכו"כ בנוגע צו אלע ענינים הרוחניים - ווארום ע"ד ווי דער ביהכ"ק הרוחני איז קיים אויך איצטער, און מ'זאגט אז "תפלות כנגד תמידין תקנום"[95], איז עד"ז פארשטאנדיק בנוגע צו אלע ענינים רוחניים, מ'דארף אבער האבן אז ס'זאל אראפקומען בגשמיות כפשוטו.

- כידוע -

---

92) הל' גירושין ספ"ב. 93) הנ"א רפי"ד. 94) ראה יב, כ. שופטים יט, ח. 95) ברכות כו, ב.

כידוע[96] וואס דער רבי מהר"ש האט געזאגט צום צ"צ אז מ'דארף האבן די גאולה כפשוטה, ביז וואנעט אז מ'זאל זעהן בעיני בשר אז בקרוב ממש וועט קומען משיח צדקנו, ויגאלנו ויוליכנו קוממיות לארצנו.

וואס די הקדמה קרובה לזה איז - דורך דערויף וואס אין די לעצטע טעג פון גלות שטייט מען אין אן אופן פון "נצב מלך", אין אן אופן פון עמידה איתנה, און מ'איז דאס ממשיך ביי יעדער אידן און ביי אלע אידן - "אתם <u>נצבים</u> היום <u>כולכם</u>", דורך דערויף וואס מ'פארבינדט זיך און יעדער אידן מיט "לפני ה' אלקיכם" נאכמער ווי ס'איז געווען פריער.

און דעמולט ווערט דער "ברוך תהי' מכל העמים"[97] - ווי ס'איז מבואר בארוכה אין דער הפטרה פון פ' נצבים אז ס'וועט זיין "וראו גוים צדקך גו'"[98], און ווי אזוי אלע פעלקער וועלן מסייע זיין אידן.

ויה"ר אז ס'זאל זיין נאך אין די לעצטע טעג פון גלות - און אין אן אופן פון "נצב מלך", "ביד רמה"[99], וועט מען גיין מקבל זיין פני משיח צדקנו, בעגלא דידן, למטה מעשרה טפחים, בחסד וברחמים, ובטוב הנראה והנגלה, און אין אן אופן פון "ונתתי שלום בארץ"[100], ווארום ס'וועט זיין "ואולך אתכם קוממיות"[101], למטה מעשרה טפחים, ובשמחה וטוב לבב.

* * *

ב. דער ביאור אין פרש"י:

ווען מ'קומט צום פסוק "למען הקים אותך היום לו לעם", ווערט א שטורעם'דיקע קשיא, וואס רש"י דארף איר פארענטפערן:

אויף "אתם נצבים" זאגט רש"י אז "כינסם משה לפני הקב"ה ביום מותו להכניסם בברית", ד.ה. אז בסוף פון די ארבעים שנה, אין ז' אדר, האט משה רבינו צוזאמענגעקליבן די אידן "להכניסם בברית", און ער זאגט אז דאס איז "למען הקים אותך היום לו לעם".

טענה'ט דער בן חמש למקרא אז ער פארשטייט ניט די גאנצע זאך: ס'האט שוין געלערנט פריער[102] אז ס'איז געווען א בריתה בית בחורב, "הברית אשר כרת אתם בחורב", בשעת מ"ת, וואס דעמולט זיינען דאך אויך געווען <u>אלע</u> אידן, און דער אויבערשטער האט מיט זיי כורת בריה געווען;

- און -

---

96) לקו"ש ה"ו ע' 80 הע' 70. 97) ל' הכתוב - עקב ז, יד. 98) ל' הכתוב - ישעי' סב, ב. 99) ל' הכתוב - בשלח יד, ח. 100) בחוקותי כו, ו. 101) שם. יג. 102) תבוא כח. סט.

און מיטאמאל, ווען ס'איז געקומען צום סוף פון שנת הארבעים, בז' אדר, דערציילט דער פסוק אז משה רבינו האט נאכאמאל צוזאמענגעקליבן אידן, און דער פסוק איז ממשיך אז דאס איז "למען הקים אותך היום לו לעם" - ס'איז דאך שוין געווען א כריתת ברית בחורב?!

כא. אויף דערויף זאגט רש"י אז דער פירוש פון "למען הקים גו'" איז - "למען קיים", ניט "אויפשטעלן", נאר "אויפהאלטן", ד.ה. אז די זאך איז שוין דא פון פריער, נאר מ'דארף דאס אויפהאלטן, ועד"ז בנדו"ד: דער ברית איז שוין דא פון פריער, "הברית אשר כרת אתם בחורב", נאר עס קען דאך זיין אז אין דערויף זאל ווערן א שינוי - דארף מען האבן דעם "למען קיים", "אויפהאלטן" דאס אין אן אופן אז ס'זאל זיין קיים לעד ולעולמי עולמים, אויך אויף די "רורות העתידים להיות" (ווי רש"י זאגט דערנאך[103]).

פרעגט אבער דער בן חמש למקרא: וויבאלד אז אין דעם ערשטן ברית קען זיין א שינוי (וואס דערפאר דארף מען אנקומען צום צווייטן ברית) - איז מאי אולמי' פון דעם צווייטן ברית (וועגן וועלכן ס'רעדט זיך בפרשתנו) לגבי דעם "ברית אשר כרת אתם בחורב", אז דאס פועל'ט אז דער ברית זאל זיין קיים לעד ולעולמי עולמים?

אויף דערויף זאגט רש"י "כל כך הוא נכנס לסרות" - וואס וויבאלד אז אין דערויף איז דא אן ענין של טרחא, איז דאס מחזק דעם ענין אז ס'זאל זיין קיים לעד ולעולמי עולמים.

כב. דער ביאור אין דעם (אין וואס באשטייט די טרחא):

דאס גופא וואס אע"פ אז ס'איז שוין געווען א כריתת ברית, האט מען צוזאמענגעקליבן אידן און כורת ברית געווען מיט זיי א צווייטן מאל - באווייזט אז דער ענין באקומט א גרעסערן תוקף,

ווי דער בן חמש למקרא פארשטייט (און ער האט דאס שוין געלערנט כמ"פ אין פשש"מ[104]) אז א זאך וואס ווערט געזאגט צוויי מאל איז שטארקער פון א זאך וואס ווערט געזאגט מערניט ווי איין מאל - ועאכו"כ אז בשעת א זאך ווערט געטאן צוויי מאל, איז דאס מחזק דעם ענין א סאך מער ווי ס'איז געווען צום ערשטן מאל.

אין דערויף איז דאך אבער ניטא קיין גרעסערע טרחא מערער ווי די טרחא וואס איז געווען צום ערשטן מאל - און

- דא -

---

103) פסוק יד. 104) ראה פרש"י תשא לד, כג. צו ו, ו. ועוד.

דא איז רש"י מ׳דיף אז אין דעם ברית איז געווען דער ענין וואס "כל כך הוא נכנס לפרות". והביאור בזה:

דער חידוש וואס איז דא אין דעם ברית איז - אז דאס איז געווען אין אן אופן פון "לעברך בברית ה׳ אלקיך (און אויך) ובאלתו":

אויף "לעברך בברית" פייטשט אפ רש"י: "דרך העברה, כך היו כורתי בריתות עושין מחיצה מכאן ומחיצה מכאן ועוברים בנתיים, כמו שנאמר[105] העגל אשר כרתו לשנים ויעברו בין בתריו", און ווי דער בן חמש למקרא האט שוין געלערנט בנוגע צו ברית בין הבתרים[106] "והנה תנור עשן ולפיד אש אשר עבר בין הגזרים האלה".

און אין דערויף באשטייט דער חידוש און די טרחא וואס איז געווען אין דעם ברית - אז דער אויבערשטער איז דורכ־געגאנגען צווישן כלל אידן, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך ושואב מימיך", צווישן צוויי מחיצות.

און אין דערויף קומט אויך צו דער חידוש פון "באלתו", וואס דאס איז ניט געווען אין דעם ערשטן ברית.

און דער חידוש און די טרחא וואס איז געווען אין דעם ברית - באווארענט און פארזיכערט אז ס׳זאל זיין "קיים אותך". אז ס׳זאל זיין קיים לעד ולעולמי עולמים (ניט נאר "הקים אותך"), אז ס׳שטעלט זאך אויף דאל. און דערנאך [illegible] מען ניט ווי ווען זיין דער דרך [illegible].

ג. דערנאך זאגט רש"י אז דער כירוש פון "לו לעם" איז - "לפניו לעם". והביאור בזה:

דער חילוק צווישן "לו" מיט "לפניו", איז פארשטאנדיק בפשטות (ביז אז רש"י דארף דאס ניט אפטייטשן): "לו" מיינט נאר אז דאס געהערט צו אים, און "לפניו" מיינט אז דאס געפינט זיך צוזאמען מיט אים (פאר אים).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק אז "לפניו לעם" איז אן [illegible] יותר ווי "לו לעם" - [illegible] "לו לעם". געהערט טאקע דער "עם" צום אייבערשטן, עס קען אבער זיין אז דער עם געפינט זיך ברחוק מקום פון דעם אויבערשטן, משא"כ ווען מ׳זאגט "לפניו לעם", וואס דעמולט איז דער פירוש אז מ׳געפינט זיך צוזאמען מיטן אויבערשטן, מ׳שטייט פאר דעם אויבערשטן.

און וויבאלד אז דאס איז שוין א צווייטער ברית (נוסף

- אויפן -

---

105) ירמי׳ לד, יח. 106) לך לך טו, יז.

אויפן "ברית אשר כרת אתם בחורב") - איז דאס מכריח רש"י׳ן צו זאגן אז דער פירוש פון "לו לעם" איז "לפניו לעם" (אע"פ אז בפשטות וואלט מען געדארפט זאגן אז דער פירוש איז כפשוטו - "לו לעם"), ווארום אין דעם צווייטן ברית דארפן צוקומען נאך ענינים וואס זיינען נים געווען אין דעם ערשטן ברית.

און דאס איז דער אויפטו וואס עס האט זיך אויפגעטאן אין דעם כריתת ברית ביום האחרון פון משה רבינו אלס נשיא פון אלע אידן וואס "נצבים היום כולכם לפני ה׳ אלקיכם" - אז בא יעדערער פון זיי, און אויך בא די "דורות העתידים להיות" עד סוף כל הדורות, פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך ושואב מימיך", זאל זיין דער "לעברך בברית ה׳ אלקיך ובאלתו", אין אן אופן פון "קיים אותך לפניו לעם", כנ"ל בארוכה.

און דערמיט איז פארשטאנדיק פארוואס דארף רש"י מעתיק זיין פון פסוק אלע ווערטער "למען הקים אותך היום לו לעם" - ווארום רש"י קומט אויך מפרש זיין דעם פירוש פון "הקים" און דעם פירוש פון "לפניו".

כד. אין דערויף זעט מען אויך די מעלה פון א רועה ישראל. אז לא יעזוב את צאן מרעיתו[107], נאר ער באווארענט אויך בנוגע צו די "דורות העתידים להיות" - ביז אז ביום האחרון שלו כאפט ער אריין און מאכט א כריתה בריה אין אן אופן פון "קיים אותך לפניו לעם".

און בכח זה איז מען דערנאך אריינגעגאנגען אין א"י - כמובן פון פשטות הכתובים אז דאס איז געווען די הכנה צו דער כניסה לארץ. ביז ווי רש"י[108] איז מפרש אז "אף על הנגלות לא ענש את הרבים עד שעברו את הירדן משקבלו עליהם את השבועה בהר גריזים ובהר עיבל ונעשו ערבים זה לזה", וואס דעמולט איז דער בריה אראפגעקומען בפועל מיט אלע פרטים שבזה.

וואס דעמולט (נאך דעם וואס "עברו את הירדן") האט זיך אויפגעטאן דער ענין וואס "נעשו ערבים זה לזה" - וואס נוסף צום פירוש הפשוט שבזה אז יעדער איד איז אן "ערב" פאר א צווייטן אידן[109], איז אויך דא דער פירוש פון רבינו נשיא דורנו כ"ק מו"ח אדמו"ר[110], אז "ערבים זה לזה" מיינט אז אידן זיינען צוזאמענגעמישט איינער מיטן צווייטן.

- ע"ד -

---

107) ראה ספר התולדות אדמו"ר הריי"ץ ח"ג ע׳ 14.

108) פרשתנו כט. כח. 109) ראה שבועות לט. סע"א.

110) סה"מ תש"א ע׳ 144. וראה גם לקו"ש חי"ב ע׳ 264.

ע"ד ווי דער אלטער רבי איז מבאר אויף "אתם נצבים היום כולכם", אז אלע אידן ווערן "לאחדים כאחד", ווי א "קומה אחת שלימה", און זיי זיינען צוזאמענגעבינדן אין אן אופן אז "כבלי ימצא האדם ראש וסוף"[111].

ביז צום פירוש[110] אז "ערבים" איז מלשון עריבות ומתיקות - אז יעדן אידן איז געשמאק דער צווייטער איד, אע"פ אז ער איז פון "ראשיכם שבטיכם" (איין קצה) און דער צווייטער איז פון "חוטב עציך ושואב מימיך" (דער צווייטער קצה).

וואס דאס ביז א געשמאק אין כללות הענין פון הפצת התורה והמצוות, הפצת המעיינות, ביז צו דער הפצה פון די מבצעים (וויבאלד אז דאס איז פארבונדן מיט דעם ענין פון "ואהבת לרעך כמוך"[112]) -

וואס דער ענין המבצעים איז אן ענין שהזמן גרמא בערב ר"ה - "מבצע נרות שבת קודש ויו"ט" (וואס יו"ט איז אויך "איקרי שבת"[113], ועד"ז "מבצע כשרות האכו"ש" - ווארום די אכילה ושתי' פון ר"ה איז פארבונדן מיט סימנים טובים אויף אריכות ימים ושנים טובות, ווי אפגעפסק'נט אין שו"ע[114], ועד"ז אויך "מבצע טהרת המשפחה" - "למען הקים אותך היום לו לעם והוא יהי' לך לאלקים",

ועד"ז אויך די מבצעים שלפנ"ז: "מבצע חינוך", "מבצע אהבת ישראל", "מבצע תורה", "מבצע תפילין", "מבצע מזוזה", "מבצע צדקה", "בית מלא ספרים - יבנה וחכמי'".

וואס די אלע מבצעים וועלן אראפברענגען בקרוב ממש דעם מבצע וואס "והוא יהי' לך לאלקים" טוט אויף בכחו - דער מבצע פון דער גאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו,

און וויבאלד אז דאס טוט דער אויבערשטער - איז דאס אין אן אופן פון "עד מהרה ירוץ דברו"[115], בעגלא דידן, בשעתא חדא וברגעא חדא.

כד. דער ביאור אין דער משנה "עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים וכו'":

מ'האט געערעדט פריער (ס"י) אז מ'מוז זאגן אז דאס וואס די משנה דערציילט אונז אז "עשרה נסים נעשו לאבותינו - במצרים" -

------------

111) ל' הכתוב - קהלת ג, יא. 112) קדושים יט, יח. 113) פרש"י. ראב"ע. רמב"ן ועוד עה"פ אמור כג, יא. וראה הדא"ג מדרש'א לכנחות סה. א. 114) טושו"ע (ואדה"ז) או"ח סתקפ"ג. 115) ל' הכתוב - תהלים קמז, טו. וראה לקו"ת קרח נה. ד.

במצרים", איז דאס ניט נאר אן ענין וואס איז געווען אמאל (ווארום דעמולט ווערט די שאלה: וויבאלד אז "מאי דהוה הוה", איז צוליב וואס דערציילט אונז די משנה), נאר ס׳איז אן ענין וואס איז נוגע למעשה בכל יום; ס׳איז טאקע אן ענין פון "מילי דחסידותא", לפנים משורת הדין, אבער וויבאלד אז דאס שטייט אין משנה, ווערט דאס א חיוב און א "דבר משנה".

והביאור בזה:

"מצרים" איז א מדינה וואס בנוגע צום שטח איז זי קיימת עד היום הזה. בנוגע צום עם היושבים עלי׳ זאגט דאך די משנה[116] אז "עלה סנחריב מלך אשור ובלבל את כל האומות" (ובפרט בנוגע צו מצרים, וואס דארטן איז געווען א בלבול כו"כ פעמים לאח"ז), אבער דער שטח פון מצרים איז געבליבן קיים עד היום הזה.

דערנאך קומט צו דאס וואס ס׳שטייט אין מדרש[117] "כל המלכיות נקראו על שם מצרים ע"ש שהם מצירות לישראל" - וואס דאס גופא אז ס׳זיינען דא אנדערע מלכיות, און "עיר האלקים מושפלת וכו׳"[118], איז דאס דער גרעסטער ענין פון "מצירות לישראל" וואס עס קען נאר זיין, ווארום "ולאום מלאום יאמץ"[119], ווען "ירושלים" איז ווי עס דארף צו זיין, פועל׳ט דאס א ביטול אויף די אנדערע מלכיות אז זיי שטייען ניט אין א גדר פון "מלכות".

וואס דעדפון איז פארשטאנדיק, אז אפי׳ ווען ס׳איז דא א מלכות של חסד, און די פירט זיך אין אן אופן פון "והיו מלכים אומניך וגו׳"[120] - אעפ"כ, וויבאלד אז דאס איז א מעמד ומצב פון מיצרים וגבולים, ביז אין אן אופן פון "מצרים", ווארום עס דארף ערשט מקוים ווערן דער "ונבנתה העיר על תלה"[121], און דערווייל איז "עיר האלקים מושפלת כו׳" - איז דאס א מעמד ומצב פון "מצרים", "מצירים לישראל".

כו. און אויף דערויף זאגט מען א אידן, אז אע"פ אז ס׳איז דא א מציאות פון "מלכיות", און "עיר האלקים מושפלת כו׳" [וואס דערפאר איז ער מתפלל אין קבלת שבת אז ס׳זאל זיין "ונבנתה העיר על תלה"] - איז ת"ו אז ער זאל שטיין אין אן אנדער מעמד ומצב פון דעם מעמד ומצב אין וועלכן אבותינו זיינען געשטאנען זייענדיק אין מצרים.

- וואס -

---

116) ידים פ"ד מ"ד. 117) ב"ר פט"ז, ה. 118) פיוט "אזכרה" דתפלת נעילה. 119) תולדות כה, כג. וראה פרש"י שם. מגילה ו, סע"א. 120) ל׳ הכתוב - ישעי׳ מט, כג. 121) ל׳ הכתוב - ירמי׳ ל, יח.

וואס זייענדיק אין מצרים זיינען אבותינו געשטאנען "ביד רמה", ביז וואנעט אז "עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים" - ווארום נאך זייענדיק אין מצרים. און אין זמן הזה, איז "בר"ה בטלה עבודה מאבותינו במצרים"[122], און ב... געוואוסט אז ס'איז עבדים מערניט ווי צו מלך מלכי המלכים הקב"ה.

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אפי' ווען א איד געפינט זיך אין גלות, דארף ער וויסן אז ער איז אן עבד מערניט ווי צו מלך מלכי המלכים הקב"ה - און נאכמער ווי ס'איז געווען אין מצרים, ווי געבראכט כמ"פ[123] פון דעם מהר"ל מפראג[124], אז נאך דערויף וואס ס'איז געווען דער "הוצאתיך מארץ מצרים מבית עבדים"[125], איז אינגאנצן בטל און נשלל געווארן די גאנצע מציאות אז א איד זאל קענען זיין אן עבד, וכמרז"ל[126] "שטרי קודם".

כז. אזוי ווי דער גוף געפינט זיך אבער אין א מעמד ומצב פון מיצרים וגבולים, ער האט אויף זיך דעם ענין פון "דינא דמלכותא דינא"[127], און "אל ההגרה וכו'"[128], ביז צו "ודרשו את שלום העיר גו' והתפללו בעדה גו'"[129], און מ'דארף טאן ענינים ע"פ טבע -

דאגט מען איז אז דער טבע פון א אידן איז - "עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים", ד.ה. אפי' ווען ער געפינט זיך אין מצרים, איז ביי אים דער ענין פון "נסים" א דבר רגיל, ובלשון הגמרא[130] "מלומד בנסים". זיין הנהגה באלגעמיין איז א הנהגה נסית.

וכידוע דער פתגם פון רבי'ן מהר"ש[131] אז דער ענין הפרנסה בזמן הזה איז ע"ד ווי דער "מן", ד.ה. אז ס'איז באופן נסי, וואס אע"פ אז מ'טוט אלע ענינים אין דרכי הטבע, איז אבער דער פארדינסט וואס דער אויבערשטער גיט - באופן נסי.

נאכמער: דער טבע פון א אידן איז ניט נאר אן איינצעלנער נס, נאר "עשרה נסים". וואס "עשרה" איז דאך שלימות המספר. וואס דערפאר[132] זעט מען אז דער גאנצער עולם (וואס "עולם על מילואו נברא"[133]) איז געווען אין אן אופן פון "בעשרה מאמרות נברא" -

- נברא -

------------

122) ר"ה יא, א. 123) ראה גם לקו"ש מסעי תשל"ז הע' 27. 124) בספרו גבורות ה' פס"א 125) יתרו כ, ב. 126) תו"כ ופרש"י עה"פ בהר כה. כב. פרש"י שם, נה. 127) גיטין י. ב. וש"נ. 128) ראה פסחים קיג. א. 129) ירמי' כט, ז. 130) תענית כא. א. מגילה יז. ריש ע"ב. 131) לקו"ש בשלח תשל"ח הע' 38. 132) ראה לקו"ש ח"ד ע' 1224 ואילך. 133) ראה ב"ר פי"ד. ז.

נברא העולם" - אדער "במאמר אחד". וואס דאס איז די שלימות אין איכות (וואס דעמולט דארף מען ניט האבן דעם ענין פון כמות), אדער שלימות אין כמות - דער מספר פון "עשרה", כמבואר בארוכה אין פרדס[134] און דער ראב"ע אין ספרו הידוע[135] ובכ"מ, אז מספר "עשרה" איז דער מספר הכולל וכו'.

און אויף דערויף זאגט מען אז די הנהגה פון א אידן איז אין אן אופן אז "עשרה נסים נעשו לאבותינו": א איד האט דאך עשר כחות הנפש, ג' כחות פון דעם שכל שבראש, און די ז' מדות (ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין תניא קדוש להחלתו[136]) - איז וואו א איד גיט זיך נאר א קער אין איינעם פון זיינע כחות (סיי כחות פנימיים און סיי כחות מקיפים), זאגט מען אז הנהגתו איז אין אן אופן פון "עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים".

בשעת ער גייט ארויס פון מצרים, קומט צו נאך א העכערן און א גרעסערן נס - "עשרה על הים"; אבער נאך זייענדיק אין מצרים איז שוין "בטלה עבודה מאבותינו", דערפאר וואס יעדער איד איז אן עבד להקב"ה (ובפרט נאך דערויף וואס "הוצאתיך מארץ מצרים מבית עבדים"), ביז אז זיין הנהגה בפועל למטה מעשרה טפחים איז אין אן אופן פון "עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים".

וואס דער ענין המשנה איז לכל לראש דער פס"ד בנוגע לפועל; מ'איז ניט יוצא דערמיט וואס מ'לערנט די משנה ע"ד הרמז, ע"ד הדרוש און ע"ד הסוד, ווארום ניט דאס איז דער ענין המשנה, דער ענין המשנה איז - אפ'פסק'נען דעם פס"ד ווי אזוי ער דארף זיך פירן במחשבה דיבור ומעשה,

פסק'נט אפ די משנה, אז א איד דארף וויסן אז בנוגע צו יעדן כח וואס ער האט, סיי זיין שכל און סיי זיינע מדות, ווי זיי טוען זיך אן אין די ג' לבושים פון מחשבה דיבור ומעשה - גייט דאס א מענטש וואס איז כלוכד בנסים,

און אין אן אופן פון "<u>עשרה</u> נסים" - אין יעדן חלק פון דער וועלט, וואס "בעשרה מאמרות נברא העולם", איז בשעה א איד קומט אן אהינצו, ווערט דער ענין פון "עשרה נסים".

כה. האמור לעיל איז אויך פארבונדן מיט דעם ענין אויף וועלכן מ'טומל'ט זיך בימים אלו:

וויבאלד אז מ'געפינט זיך אין א מעמד ומצב וואס

- מ'דארף -

------------

134) שער ב. 135) "ספר האחד". וראה גם ראב"ע עה"פ שמות ג. טו. ראה יד, נב. 136) פ"ג.

מ'דארף אנקומען צו אן ענין של נס - האט מען די פארזיכערונג אין א פס"ד פון דער משנה, אז אין וואס פאר אן ענין עס זאל נאר זיין, צי אן ענין וואס איז פארבונדן מיט חכמה אדער מיט בינה און דעת, אדער מיט חסד, גבורה, תפארת, נצח, הוד, יסוד און מלכות (וואס דאס איז דאך כולל כל עניני האדם), ווי זיי טוען זיך אן און קומען אראפ בפועל דורך די ג' לבושים פון מחשבה דיבור ומעשה - איז די הנהגה פון א אידן אין די אלע ענינים אין אן אופן פון הנהגה נסית.

און אע"פ אז ער האט געטאן אן ענין הפכי, ער האט גע-זאגט א זאך ניט ווי מ'האט געדארפט זאגן, ביז וואנעט אז דאס האט גע'פועל'ט אז אין מחשבה לעצמו האט ער אויך געטראכט א מחשבה בלתי נכונה ובלתי אמיתית - זאגט מען אים אז דאס איז ניט ער, ס'איז "יצרו הוא שתקפו";

ער איז דער וואס "אבותינו" זיינען געשטאנען אין מצרים אין אן אופן פון "עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים" - וואס בשעת אז ס'זיינען געווען די "עשרה נסים", זיינען געווען אזוינע אידן וואס האבן רח"ל ניט געוואלט ארויסגיין פון מצרים, זיי האבן געוואלט בלייבן אין דער הנהגת הטבע פון מיצרים וגבולים פון מצרים, און אעפ"כ, ווען ס'זיינען געווען די "עשרה נסים", וואס אין דערויף איז געווען דער ענין פון "והפליתי"[137] צווישן אידן מיט ניט אידן, איז דער נס געווען אויך ביי די אידן וואס האבן ניט געוואלט ארויס-גיין פון מצרים (ביז אז ס'איז געווען דער ענין פון מכת חושך וכו'[138]).

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אע"פ אז ער האט גע-זאגט בדיבור (און געטאן אויך במעשה) אז "אהבתי את אדוני"[139], אים געפעלט זיין אין מצרים, אים איז דארטן געשמאק, און ער גיט אים נאך און באמקעט אים נאך און זאגט וואס יענער וויל וכו' - דארף ער וויסן אז דאס איז ניט ער, ס'איז "יצרו הוא שתקפו", ובמילא איז דאס אן ענין של אונס, און אויף אן אונס איז מען פטור.

ח"ו אז מ'זאל גיין טאנצן אויף דערויף - ווי גערעדט אמאל בארוכה אז אע"פ אז דער דין[140] איז אז ווען ס'איז דא אן ענין של אונס איז "יעבור ואל יהרג" - וועט ער אבער ניט גיין טאנצן אויף דעם וואס מ'האט אים מאנס געווען ער זאל עובר זיין די עבירה, אדרבה: איט קריינקט רח"ל (ניט פאר

- קיין -

------------

137) וארא ח, יח. 138) ראה שמו"ר פי"ד, ג. מכילתא ופרש"י עה"פ בא י, כב. 139) משפטים כא, ה. 140) רמב"ם הל' יסוה"ת פ"ה ה"א. טושו"ע יו"ד ר"ס קנז.

קיין אירן געדאכט) אויף דעם וואס ער שטייט אין א מעמד ומצב וואס תורה הייסט אים ער זאל עובר זיין די עבירה,

און דאס וואס ער טוט די עבירה איז ניט מצד דעם אונס – באמיתיות טוט ער דאס דערפאר וואס תורה הייסט אים "יעבור (ואל יהרג)", דאס איז אבער אזא ציווי אויף וועלכן עס קריינקט אים און ער האט א לב נשבר (א צובראכענע הארץ) אויף דעם וואס ער איז צוגעקומען צו אזא מעמד ומצב וואס עס דארף זיין "יעבור" (ווי עס ווייזט זיך אים אויס – מצד דעם טעם אדער מצד יענעם טעם),

אבער ח"ו צו זאגן אז דאס איז אן ענין של שמחה ושל מזל טוב, און מ'דארף גיין טאנצן און געבן "מעדאלן" וכו' וכו' – אדרבה, דאס איז אן ענין של מצרים און גלות.

כט. און אויף דעם האט מען די הוראה פון דער משנה, אז אפי' ווען אידן זיינען געווען אין די מיצרים וגבולים פון מצרים, זיינען זיי געשטאנען אין א מעמד ומצב וואס "עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים" – ועד"ז איז פארשטאנדיק בנדו"ד:

אע"פ וואס מ'געפינט זיך אין דעם חושך פון מצרים, וואס מצרים איז געווען אן "עיר מלאה גילולים"[141], און דערפאר ווייזט זיך אים אויס אז ער דארף דערפון נתפעל ווערן און טאן ניט ווי דער שו"ע פסק'נט ח"ו,

און אים ווייזט זיך אויס אז דאס איז אן ענין אויף וועלכן מ'זאגט אז ס'דארף זיין "יעבור" – זאגט מען אים אז די אלע הפחדות זיינען מערניט ווי דברים בעלמא, והראי' – אז בנוגע צו די זאכן אויף וועלכע מ'האט זיך געשטעלט מיט א תוקף, האט מען אויסגעפירט!

און בנוגע צו די זאכן וואס מ'האט זיך אויף זיי ניט געשטעלט מיט א תוקף – איז דאס געווען מצד א חשבון של טעוה (וואס פאר א חשבון של טעות ס'זאל נאר זיין), וואס אין כאן המקום להאריך אין ענינים המצערים, ווארום מ'דארף רעדן וועגן ענינים וואס זיינען פארבונדן מיט זכותם של ישראל.

עס האט אבער אפגעגליקט אז דאס זיינען מעשים ודיבורים ומחשבות וואס אין בהם ממש ביז אין אן אופן פון "ותופר"[142].

ווארום אע"פ אז ער געפינט זיך אין מצרים, אעפ"כ, וויבאלד עס רעדט זיך וועגן א אידן, וואס יעדער איד איז בן אברהם יצחק ויעקב, און ער איז פארבונדן מיט "אבותינו"

– וואס –

---

141) פרש"י עה"פ וארא ט, כט. מכילתא ופרש"י עה"פ בא יב, א. תנחומא בא ה. 142) ל' הכתוב – ישעי' ח, י.

וואס זיינען געווען אין מצרים – איז צי ער וויל יע צי ער וויל ניט, גייען מיט אים מיט די "עשרה נסים (וואס) נעשו לאבותינו במצרים".

ער זאל אבער ניט מיינען אז דאס איז שוין אתחלתא דגאולה ח"ו (עאכו"כ מערער דערפון) – אויף דערויף זאגט די משנה "ועשרה על הים": ווען ס'וועט זיין די גאולה בקרוב ממש, וועט זיך אנהויבן א נייע סדרה פון "עשרה נסים" – און די נסים וועגן וועלכע מ'רעדט דא זיינען נסים המלובשים בדרך הטבע, מיט אלע חילוקים ודרגות וואס זיינען דא אין דערויף,

און ווי מ'זעט בפועל, אז אין דעם זמן געפינט מען זיך אין א מעמד ומצב פון מיצרים וגבולים ע"פ טבע – בדוגמא ווי ס'איז געווען דעמולט קודם שהגיע הקץ, אז ע"פ תורה איז מען געווען אין מצרים, אבער דארטן גופא איז מען געשטאנען אין א מעמד ומצב פון "עשרה נסים נעשו לאבותינו במצרים".

ל. און דאס איז די הוראה על כל הדורות כולם, ביז אפי' נאך דערויף וואס משיח צדקנו וועט קומען – וואס דעמולט וועלן אויך זיין צוויי אופני עבודה: די עבודה ע"פ טו"ד, און די עבודה שלמעלה מטו"ד, וואס די עבודה שע"פ טו"ד בערך צו דער עבודה שלמעלה מטו"ד, ווערט אנגערופן "מצרים", ווארום דאס זיינען מיצרים וגבולים דקדושה בערך צו דער עבודה שלמעלה מטו"ד.

ועאכו"כ אז אין דער משנה איז דא א הוראה אויך וועגן פשוט'ע זאכן – א פס"ד בנוגע לפועל אין מעשה דיבור ומחשבה:

א איד דארף וויסן אז אע"פ אז ער געפינט זיך אין גלות מצרים, וואס "כל המלכיות נקראו ע"ש מצרים כו'" – איז ער ממשיך דעם ענין פון "עשרה נסים", א הנהגה נסית ווי זי איז מלובש אין דרכי הטבע, אין אלע זיינע צען כחות, וואס זיי זיינען כולל כל חיי האדם (ווי דער רמב"ם[143] רעכנט אויס די אלע צען זאכן אין וועלכע "החכם ניכר" (וואס יעדער איד געהערט דאך צום "עם חכם ונבון"[144])), און אין אלע "עשרה מאמרות" וואס דורך זיי איז "נברא העולם", אז אין די אלע זאכן זאל זיין דער ענין פון "עשרה נסים", א הנהגה נסית ווי זי איז מלובש אין טבע (און עדשט דערנאך וועלן זיין די נסים גלויים – "עשרה על הים").

און ווי מ'זעט שוין בפועל אז ס'זיינען דא די נסים המלובשים בטבע – דער וויל ניט נעמען, און יענער לערנט אן

- אנדער -

------------

143) הל' דעות רפ"ה. 144) ואתחנן ד, ו.

אנדער כשם, און דער זאגט אז מעיקרא האט מען געזאגט אנדערש.
ריט אלע ענינים וואס זיינען אין דערויף נהחדש געווארן,

וואס די גאנצע שקו"ט און ווי מ'איז געקומען צו דער מסקנא, האט אן ארט (לכאו') ע"פ דרכי הטבע - מ'דארף אבער וויסן אז דאס איז א נס וואס איז מלובש אין טבע.

ובמילא איז פארשטאנדיק אז ס'איז ניטא וואס צו שרעקן זיך דערפאר, און מורא האבן וואס וועט זיין מחר און לאחר זמן - ווארום "דבר אלקינו יקום לעולם", און דער אויבערשטער האט געזאגט "למען הקים אותך היום לו לעם" (און "למען קיים אותך לפניו לעם" (כנ"ל סכ"ג)) און "והוא יהי' לך לאלקים". אז דער אויבערשטער וועט זיין דיין כח וחיות אין אלע ענינים, במאכלו ובמשקהו ובמשאו ובמתנו וכו' - און דאס קומט אראפ בפועל למטה מעשרה טפחים אין הנהגה כל אחד ואחת.

לא. און דאס וועט זיין די הקדמה קרובה צו "עשרה על הים" - אז אזוי ווי ס'איז געווען דער "הפך ים ליבשה" אין "ימי צאתך מארץ מצרים", וועט אזוי זיין דער "בנהר יעברו ברגל"[145], און "והחרים ה' את לשון ים מצרים וגו'"[146], ווי מ'זאגט אין דער הפטרה פון שביעי של פסח (דער טאג וואס דעמולט איז דא דער ענין פון סעודת משיח[147]) - כן תהי' לנו בקרוב ממש.

און אין אן אופן פון "נצב" - אז אין די לעצטע טעג פון גלות שטייט מען אין אן אופן פון "נצב מלך", און אזוי איז דאס ביי "כולכם", פון "ראשיכם שבטיכם" ביז "חוטב עציך ושואב מימיך", וואס דעמולט איז "והוא יהי' לך לאלקים", אז דאס ווערט "כחך וחיותך".

וכאמור אז אין די לעצטע טעג פון גלות ווערן אידן שטיין "ביד רמה", און מ'וועט מאן אין אלע ענינים לויט ווי ס'שטייט אין שו"ע - און ס'איז א זיכערע זאך אז דאס וועט מצליח זיין בכל הפרטים, ובשמחה וטוב לבב.

ביז אז מ'וועט זוכה זיין צו "עשרה על הים" - אז ס'וועט זיין "והחרים ה' את לשון ים מצרים והניף ידו על הנהר וגו' והכהו לשבעה נחלים", און "בנהר יעברו ברגל", וואס דאס[148] גייט אויף "נהר פרת"[149], ווארום ס'וועט זיין דער "ירחיב ה' אלקיך את גבולך", אז מ'וועט האבן אויך קיני קניזי וקדמוני[150], בביאת משיח צדקנו בקרוב ממש.



---

145) תהלים סו, ו. 146) ישעי' יא, טו. 147) ראה היום יום ע' כז. 148) ראה תו"ח שמות רסד, א. 149) פרש"י עה"פ ישעי' שם. 150) ספרי עה"פ ראה יב, כ. ספרי ופרש"י עה"פ שופטים יט, ח.

לב. דער ביאור אין דער הערה אויפן זהר:

דער ביאור אין דעם לשון פון "עם", איז פארשטאנדיק פון דעם דרוש אין לקו"ת[151] אויף אתם נצבים היום כולכם (ווי דער טאטע שרייבט אין דער הערה "ועיין בלקו"ת בד"ה אתם נצבים היום ע"ש"), וואס דארטן איז ער מבאר דעם ענין פון עם, "פירוש שהם נקראו במדרגות עמו כו׳".

וואס בכלל טייטשט מען אפ אז "עם" איז "מלשון עוממות"[152], אבער דא טייטשט ער אין דעם צווייטן קצה, אז דאס איז מלשון "עמו", ווי געברעדט פריער (סכ"ג) דאס וואס רש"י טייטשט אפ אויף "למען הקים אותך היום לו לעם" - "לפניו לעם", אז אידן ווערן איין זאך מיט עצמות ומהות, וואס דאס איז דער ענין פון "עם".

וואס דער ענין ווערט אויפגעטאן בר"ה, וואס דעמולט ווערט דער ענין פון "יבחר לנו את נחלתנו את גאון יעקב אשר אהב סלה"[153], ווי גערעדט פריער (סט"ז) אז מ׳ווערט איין זאך מיט עצמות ומהות, וואס דערפאר קען מען ממשיך זיין פון דארטן, כמבואר בארוכה אין דעם דרוש פון להבין ענין תק"ש ע"פ כוונת הבעש"ט ז"ל פון דעם מיטעלן רבי׳ן[154], ווי דערמאנט פריער[155].

און דערנאך ווערט דאס נמשך ביז למטה מטה אין ענינים גשמיים - ווי דער אלטער רבי ברענגט אראפ אין לקו"ת[156] פון הגהות מיימוניות[157], אז דאס וואס מ׳איז זוכה ברין בר"ה קומט אראפ ביז אין ענינים גשמיים - אז מ׳האט א שנה טובה ומתוקה בגשמיות וברוחניות גם יחד, ביז אין בני חיי ומזוני רויחי, און רויחי - בכולם,

ביז צו דער גאולה האמיתית והשלימה בקרוב ממש, ע"י משיח צדקנו.

* * *

לג. כאן המקום מעורר זיין וועגן אלע מבצעים, ובפרט אויפן מבצע וואס איז פארבונדן מיט ערב ר"ה - "מבצע נרות שבת קודש ויו"ט", און וויבאלד אז "ראש השנה" איז כולל את כל השנה כולה[158], איז דאס אויך כולל אלע מבצעים, וואס זיי זיינען פארבונדן מיט כל ימות השנה.

- ובפרט -

---

151) פרשתנו כד, ד. 152) שעהיוה"א רפ"ז. 153) תהלים מז, ו. 154) סידור רמה, ג ואילך. 155) בהמאמר. 156) ר"ה נט, ב. 157) לרמב"ם הל׳ תשובה רפ"ג. 158) ראה לקו"ת תבוא מא, ג. עס"ר בתחלתו.

ובפרט בנוגע צו די מבצעים וואס זיינען פארבונדן מיט הודש תשרי - אנהויבנדיק מיטן מבצע וואס איז פארבונדן מיט ר"ה, זעהן אז כל אחד ואחת מישראל זאל הערן תקיעת שופר.

וואס דאס ווערט די הכנה קרובה צו דעם ענין פון "תקע בשופר גדול לחרותנו" (בדוגמא ווי מ׳זאגט אז דער ענין פון נרות שבת קודש איז א הכנה צו דעם ענין פון "אני מראה לכם נרות של ציון"[159] - ווי מ׳זאגט אין די פסוקי שופרות דעם פסוק[160] "והי׳ ביום ההוא יתקע בשופר גדול", בקרוב ממש, בביאת משיח צדקנו.

לד. אין די מבצעים איז אויך נכלל דער סדר פון ר"ה בנוגע לבית הכנסת זה:

איך ווייס ניט וואס פאר א סדרים מ׳רעכנט צו מאכן - איז בנוגע צו די סדרים פון די גבאים, פארקויפן די עדטער וכו׳, מיש איך זיך ניט, דאס איז זייער ענין; עס איז אבער א דבר הפשוט אז צו קרה"ת און מפטיר און תקיעות דמיושב וועט מען ארייגלאזן אלעמען בלי כל הגבלה כלל, סיי ביום ראשון פון ר"ה און סיי ביום שני פון ר"ה.

און ס׳איז אויך א זיכערע זאך אז די אלע וואס וועלן אריינגיין, וועלן דאס טאן מתוך מנוחת הנפש ומנוחת הגוף, אן קיינע שטופעדיי און אן די אלע ענינים וואס זיינען היפך הסדר דקדושה און אויך היפך הבלתי סדר דקדושה.

ס׳דארף טאקע זיין דער "ענני במרחב י-ה"[161], אז דער מרחב העצמי קומט אראפ דא למטה, למטה מעשרה טפחים - דאס דארף אבער זיין אן שטופעניש, און ניט פארכאפן דעם צווייטן׳ס ארט וכו׳, ווארום "אין אדם נוגע" אין א זאך וואס איז שייך צום צווייטן[162]. ובפרט אז ס׳איז דא גענוג ארט פאר יעדערן און פאר אלעמען, וואס דערפאר איז א זיכערע זאך אז מ׳וועט אלעמען ארייגלאזן.

און בנוגע צו דער תפלה - איז דאך דא די שליחות מ׳זאל גיין מחזק זיין די בתי כנסיות אין דער שכונה און אין אנדערע שכונות,

און אויך: אזוי ווי ביו"ט איז מען ניט מוסיף אין מספר הקרואים[163], ובפרט אין תב"ד וואס בשבת איז מען אויך

- ניט -

------------

159) ילק"ש ר"פ בהעלותך. 160) ישעי׳ יז, כג. 161) ל׳ הכתוב - תהלים קיח, ה. וראה ד"ה מן המיצר תרצ"ה (סה"מ קונטרסים ח"ב שכב, א ואילך). 162) יומא לח, ריש ע"ב. 163) שו"ע (ואדה"ז) או"ח ר"ס רפב.

ניט מוסיף אין כספר הקרואים (ככבואר אין די שו"ה פון צ"צ[164] - וואס בערב ר"ה איז זיין יום הולדת) - זאל מען דערפאר דאוונען בכו"כ מקומות.

און בנוגע צו די אלע וואס ווילן ארייננגיין צו קרה"ת און מפטיר און תקיעות דמיושב, איז א זיכערע זאך אז מ'וועט אלעמען ארייינלאזן, אן קיינע הגבלוה, און ס'איז אויך א זיכערע זאך אז ס'וועט ניט זיין קיין שטופעניש וכו', און נאך קודם קרה"ת וועט שוין זיין דער "מרחב" דא למטה, אין אן אופן פון "משתחוים רווחים".

און דאס וועט ממהר זיין און ממשיך זיין די המשכה פון "ענני במרחב י-ה", און ס'וועט ממשיך זיין בקרוב ממש די "עשרה נסים נעשו לאבותינו בבית המקדש", כולל אויך דעם נס פון "עומדים צפופים ומשתחוים רווחים", בקרוב ממש, בביאה משיח צדקנו.

צוה לנגן ניגון הכנה. ניגון אדה"ז (בבא הרביעית פ"א). ניע זשוריצי חלאפצי.

* * *

לה. דער ביאור אין דער משנה "אלו שבע מדות שמנו חכמים לצדיקים כולם נתקיימו ברבי ובבניו":

די משנה זאגט ניט "נתקיימו ברבי יהודה <u>הנשיא</u> ובבניו", אדער "ברבינו <u>הקדוש</u> ובבניו", נאר "<u>ברבי</u> ובבניו", וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז אויב ער איז נאר זיין "רבי", ווארום ער פירט זיך לויט ווי הושבע"פ פסק'נט אפ אז "טעה בדבר משנה חוזר" - ווערט ער "בניו", פון "רבי", ווי ער טייטשט אפ אין ספרי[165] "ושננתם לבניך - אלו התלמידים", וויבאלד אז ער גייט בדרכיו ואורחותיו אשר הורנו[166].

און בשעת אז מ'זאגט אז ס'זיינען דא "שבע מדות שמנו חכמים לצדיקים", איז וויבאלד אז ס'איז דא א פס"ד ברור אין תושב"כ אז "עמך כולם צדיקים", איז דערפון מוכח אז יעדערער וואס געהערט צו דעם עם וואס "עמך כולם צדיקים", קען ער צוקומען צו די "שבע מדות שמנו חכמים לצדיקים".

און אויף דערויף זאגט די משנה "כולם נתקיימו ברבי ובבניו": כדי אז ביי אים זאלן נתקיים ווערן די "שבע מדות שמנו חכמים לצדיקים" - דארף ער ווערן "בניו" פון "רבי", דורך דערויף וואס ער פירט זיך לויט דעם "דבר משנה".

- לו. -

------------

164) חאו"ח סל"ה. 165) עה"פ ואתחנן ו, ז. 166) ראה אגה"ק סז"ך (קמו, א).

לו. די הוראה דערפון וואס "נתקיימו ברבי" (ניט דערפון וואס נתקיימו בבניו):

דער אלטער רבי שרייבט אין דער הקדמה פון תניא, אז ער בעט ביי די "גדולים שבעירו" אז זיי זאלן זיך ניט פירן אין אן אופן פון ענוה שאינה במקומה, נאר אז "הם יבוננוהו", וואס דורך דעם וועט זיין "מאיר עיני שניהם ה׳"[167].

וואס דערפון איז פארשטאנדיק, אז וועו ס׳קומט צו דעם ענין פון הפצת התורה, ועאכו"כ דער ענין פון הפצת היהדות בכלל (וואס דאס איז נוגע נאכמער ווי דער ענין פון לימוד התורה), "והמעשה הוא העיקר"[168] - די הפצה פון קיום המצוות - איז אויב ער איז "ראוי להוראה" ער זאל זיין "רבי", דארף ער זיין "רבי", און זיך זיין עוסק אין הפצת היהדות.

און די חשבונות פון מי אני ומה אני - דארף ער מאכן א חשבון צדק בנפשו צי דער חשבון קומט פון צד הימין, אדער אז דאס קומט פון דעם צד וואס וויל אים מונע זיין פון טאן אן ענין וואס איז אן עיקר אין קיום פון דעם "עולם קטן" און אין דעם קיום פון דעם "עולם גדול".

ובפרט נאך דערויף וואס מ׳האט די הוראה פון נשיא דורנו כ"ק מו"ח אדמו"ר, וואס ער האט געהייסן דרוקן זיינע בריוו און "קול קורא׳ס" און זיינע הצעות ובקשוה, אז מ׳זאל טאן אין הפצת התורה והיהדות אפי׳ בנוגע צו די וואס פאר-שטייען ניט קיין לה"ק, און אפי׳ בנוגע צו די וואס פאר-שטייען ניט קיין אידיש, לכל אחד ואחה כלשונו והנהגתו, ביז אפי׳ צו די וואס זיינען קטנים שבקטנים וכו׳ - כידוע ווי ס׳איז געווען זיין הנהגה, וואס זיין הנהגה איז קייכה לעד, אז מ׳דארף זיך אזוי פירן אויך אין די "דורות העתידים להיות".

און אויף דערויף זאגט די משנה, אז דער וואס איז שייך (אין כמה ענינים) ער זאל זיין "רבי", און דער וואס איז שייך ער זאל זיין פון "בניו" - "בניו" פון "רבי" שבדורו, ארער פון "רבי" ברור שלפנ"ז, ביז צו "רבי" וועגן וועלכן די משנה רעדט (וואס דאס איז רבינו הקדוש) - איז דא די הבטחה פון דער משנה אז ס׳וועלן נתקיים ווערן די אלע "שבע מדות שמנו חכמים לצדיקים", אין אן אופן אז דאס איז "נאה לצדיקים", און נאכמער: "נאה לעולם", אז די גאנצע וועלט ווערט שענער.

- לז. -

---

167) משלי כט, יג. וראה תמורה טז, א. 168) אבות פ"א מי"ז.

לז. און עס וועט דער "לתקן עולם במלכות ש-ד-י", דורך "יפוצו מעינותיך חוצה", וואס דער "מעיין" נעמט מיט אלע ענינים וואס קומען ארויס פון דעם "מעיין" - תושב"כ און תושבע"פ, ביז "כל מה שתלמיד ותיק עתיד לחדש", ביז צו "בכל דרכיך דעהו" און "כל מעשיך יהיו לשם שמים", אז ס'קומט אראפ אין "דרכיך" און אין "מעשיך".

און דאס וועט אין אן אופן פון "נאה לצדיקים ונאה לעולם", אז ס'וועט א שיינע וועלט, וואס זי איז ממליך און מכתיר דעם מלך מלכי המלכים הקב"ה, אז ער וועט "מלך ישראל וגואלו", און דערנאך וועט ער דער מלך פון כל העולם כולו, למטה מעשרה טפחים, ובטוב הנראה והנגלה,

און "באור פני מלך חיים"[169], אז דער אויבערשטער גיט שנת חיים ושלום, און "מאן דיהיב חיי יהיב מזוני"[170], וואס "מזוני" איז כולל כל צרכי האדם[171].

און דאס קומט אראפ "כידו הכלאה הפתוחה הקדושה והרחבה", און ווי ס'שטייט אין בעש"ט'ס סידור "הגדושה" (מיט א גימ"ל), אז דאס איז למעלה מהמדה, וואס אע"פ אז דאס קומט אראפ אין כלים, איז דאס אבער אין אן אופן פון "גדושה",

און דאס קומט אראפ למטה מעשרה טפחים נאך אין די לעצטע טעג פון גלוה, אנהויבנדיק פון מוצאי שבת קודש פרשה נצבים אין "סעודתא דדוד מלכא משיחא", און מ'איז דאס ממשיך אין אלע ענינים פון ערב ר"ה און ר"ה, און דערנאך על כל השנה כולה וכל השנים,

ביז צו ביאת משיח צדקנו, בעגלא דידן.

צוה לנגן ניגון שלש תנועות. ניגון הצ"צ (ימין ה'). ניגון אדמו"ר מהר"ש (לכתחילה אריבער). הבינוני.

כ"ק אדמו"ר שליט"א ברך ברכת המזון, ואח"כ חלק לכאו"א כוס של ברכה.

*　*　*

---

169) ל' הכתוב - משלי טז, טו. 170) ראה תענית ח, ב.
171) ראה סנהדרין לח, א.

בס"ד.

# משיחות יום ב' דר"ה ודשבת תשובה, ה'תשל"ח

...בהמשך צו דעם וואס מען האט גערעדט[1] אז די קביעות פון ראש השנה בשנה זו איז ביום השלישי שהוכפל בו כי טוב, טוב לשמים וטוב לבריות[2]

— איז כאן המקום לעורר אויף אן ענין [השייך צו „טוב לבריות"] וואס איז לכאורה א פלא:

א. ס'איז א מנהג (וואס ברייננגט זיך אין שו"ע[3]), אז פאר פסח גיט מען די עניי העיר חטים לפסח. [נוסף אויף דערויף וואס בכל ערב שבת גיט מען פון דער קופה של צדקה מזון ס"ו סעודות אויף דער גאנצער וואך (וואס דאס איז א חיוב מצד הדין)[4], איז אויך דא א מנהג צו געבן א משך זמן פאר פסח (וואס הייבט זיך אן שלשים יום לפני הפסח[5]) חטים אויף פסח].

דער מנהג איז בלויז בנוגע צו חטים[6].

אבער נוסף על זה, זעט מען בדורות האחרונים[7] א מנהג נוסף — וואס איז נתפשט געווארן בתפוצות ישראל[8] — אז די מגבית „מעות חטים" ווערט מלכתחילה געמאכט אויף צו פארזארגן די וואס זיינען זקוק לזה מיט אלע צרכי חג הפסח.

דער טעם אויף דעם, בפשטות, איז:

היות ווי זיבן טעג [און אין חו"ל, אכט טעג] נאכאנאנד טוט מען ניט קיין מלאכה (אפילו ניט מחזר על הפתחים) און לאידך גיסא: בפסח קומען צו הוצאות נוספות ועוד ועיקר — בצרכי הפסח איז דאך א מצות עשה מן התורה[9] אויך ושמחת בחגך אתה ובנך ובתך און אויך בחוה"מ[10] — דערפאר פארזארגט מען די וואס נויטיקן זיך בזה מיט כל צרכי החג.

עפ"ז האט געדארפט אויסקומען אז אויך לפני סוכות האט מען געדארפט געבן עניים לכל צרכי החג. ואדרבה, בנוגע צו סוכות האט געדארפט זיין דער מנהג הנ"ל נאך מער ווי בפסח. ווייל: חג הסוכות איז מער מיט א טאג ווי חג הפסח: און אויך

---

1) בהתוועדות דליל ערב ר"ה — יום הולדת אדמו"ר ה"צמח צדק".

2) קדושין מ, א. ובאוה"ת (בראשית לג, ב. משפטים ע' א'קנז. ועוד) מקשר זה עם יום השלישי שהוכפל בו כי טוב.

3) רמ"א או"ח ר"ס תכט. שו"ע אדה"ז שם ס"ג.

4) שו"ע יו"ד ריש סרנ"ז. וראה שו"ע אדה"ז או"ח רסרמ"ב.

5) לכאורה כן משמע ברמ"א ובשו"ע אדה"ז שבהערה 3.

6) ורק באם נשאר מהמעות חטים, אז יתנו (מהמותר) לעניים לשאר צרכי הפסח (שע"ת או"ח סתכ"ט).

7) ויש לברר בפנקסי קהלות ותקנות שלהם מתי נזכר זה לראשונה.

8) ולהעיר מרמב"ם הל' ממרים פ"ב ה"ג. וראה שם פ"א ה"ב.

9) שו"ע אדה"ז הל' יו"ט סתקכ"ט ס"ז.

10) שם וראה שם ר"ס רמב במ"מ ז.

די הוצאות שבסוכות זיינען גרעסער, ווארום עס קומען דאך צו די הוצאות פון א סוכה, חג הסוכות תעשה לך[11] און פון די ד' מינים — ולקחתם לכם, משלכם[12].

ואעפ"כ זעט מען ניט עס זאל זיין א מנהג אז פאר סוכות זאל מען מאכן א מגבית אויף פארזארגן די וואס נויטיקן זיך אין דעם מיט כל צרכי החג.

ב. עד"ז איז די שאלה אויך בנוגע צו ר"ה — תאמש עס איז נאר צוויי טעג:

אויך ר"ה זיינען דא הוצאות נוספות, מער ווי יעדער יו"ט. ווארום ר"ה דארף דאך זיין (ווי עס שטייט אין עזרא[13] — געברויכט אין שו"ע[14]) "אכלו משמנים ושתו ממתקים"

[דאס הייסט, אז אויסער דעם וואס בר"ה איז דא דער חיוב פון עונג יו"ט (ווי אין יעדער יו"ט)[15], און "ירבה בבשר ויין ומגדנות כפי יכלתו"[16] — איז בר"ה דא אן ענין מיוחד "לאכול בשר שמן ולשתות דבש וכל מיני מתיקה"[17]],

און נוסף אויף דעם אלעם — כו"כ דברים וואס מ'עסט לסימן טוב[18] בכל תפוצות ישראל — וואס דאס איז דאך בסוג "די מחסורו אשר יחסר לו" — וואס מען איז מחויב געבן[19]

האט דאך געדארפט זיין א מנהג אז מען זאל מאכן א מגבית לעניים לצרכי ר"ה?

די שאלה איז נאך גרעסער: נאך די ווערטער "אכלו משמנים ושתו ממתקים" איז דער פסוק[20] ממשיך "ושלחו מנות לאין נכון לו". וואס דער פירוש הפשוט איז "לאין נכון לו" איז "לעני שאין מזומן לו מאכל"[21].

ואעפ"כ געפינט מען ניט עס זאל זיין א מנהג אז פאר ר"ה זאל מען שיקן מנות צו עניים אז זיי זאלן קענען מקיים זיין "אכלו משמנים ושתו ממתקים" וכו'[22]?

---

11) ד"תשבו כעין תדורו" (או"ח סתרל"ט) וכל השנה דר בדירה שלו בפ"ע. וראה ס' הפרדס לרש"י. — וראה שו"ע אדה"ז רסתרמ"א. העמק שאלה לשאילתות "סקס"ט. כף החיים סתרכ"ו.

12) סוכה מא. ב ובפוסקים שם. וראה שו"ע יו"ד ר"ס רנ — דצ"ל די מחסורו אשר יחסר לו.

13) פסוק הוא בנחמי' (ח, י). בב"י ובשו"ע אדה"ז (או"ח סתקפ"ג ס"ד), (וראה גם פרש"י ביצה טו, ב ד"ה אכלו משמנים) כותב "וכן כתוב (בספר) עזרא" — ע"פ מחז"ל (סנהדרין צג, סע"ב) נחמי' בר לא אקרי סיפרא על שמי'. ולהעיר גם מב"ב יד, ב (שלא נמנה נחמי' לספר בפ"ע).

14) ב"י ושו"ע אדה"ז שם. וצע"ק במגיד מישרים (להב"י) ס"פ נצבים.

15) שו"ע אדה"ז סתקכ"ט ס"ה.

16) שם ס"ד.

17) שו"ע אדה"ז סתקפ"ג שם. בב"י שם.

18) כריתות ו, א. שו"ע או"ח סתקפ"ג.

19) נסמן לעיל הערה 12.

20) נחמי' שם.

21) רש"י שם — וראה ביצה (טו, ב) אבל הרי אין מקרא יוצא מידי פשוטו. וראה הערה הבאה.

22) בפרי"ת סי' תקפא: "ונוהג אני לשלוח מנות לעניים ערב ר"ה כדכתיב .. ושלחו מנות לאין נכון לו". ובספר כתר שם טוב להרב גאגין ח"ו ע' 60 (לאחרי שהביא הנ"ל): "ולא ידעתי בדיע מנהג זה לא נתפשט בתפוצות ישראל כו'". — המדובר כאן והפליאה היא על שאין מנהג הכלל וקבוע ומפורסם בנוגע לחה"ס וגם לר"ה, ובפשר זמן לפניהם וכו'. ואי בתורת כלל בכל בתי"כ ביחד, או הבחרים בעי להיחדי לשמני ובסידור האריז"ל דבערב סוכות יש להרבות בצדקה.

ג. ויש לומר הביאור בזה:

אַזוי ווי ר״ה טוט מען כמה וכמה ענינים אַלס סימן צו דברים טובים[21] במשך כל השנה, וואָרום „סימנא מילתא היא״[22] — און אויך דאָס וואָס „נוהגין לאכול בשר שמן ולשתות דבש וכל מיני מתיקה״ איז עס אַלס סימן „כדי שתהא השנה הזאת מתוקה ושמינה״[23] — דעריבער האָט מען ניט געוואָלט מתקן זיין אַ מנהג פאַר ר״ה וואָס זאָל „מכריז״ זיין אַז בר״ה וועלן זיין עניים וכו׳ — און פאַר ר״ה זאָל מען די עניים געבן ממעות צדקה אויף צרכי ר״ה — חאָטש עס קען דאָך זיין תשועת ה׳ כהרף עין.

[ס׳איז קיין סתירה ניט להנ״ל דערפון וואָס ער זאָגט אין פסוק „ושלחו מנות לאין נכון לו״ [וואָס דער פירוש הפשוט פון „לאין נכון לו״ איז „לעני כו״] [24] — ווייל דאָס איז געווען בחוץ ר״ה (לאחרי חצות היום)[25]. ופשוט, אַז בשעת מען האַלט שוין אינמיטן ר״ה און ס׳איז דאָ אַ איד וואָס האָט ניט (מצד איזו סיבה) צרכי החג — דאַרף מען אים צושטעלן ער זאָל האָבן משמנים און ממתקים, אָבער מאַכן אַ מנהג פאַר ר״ה — האָט עס ניט קיין אָרט].

און דאָס וואָס מען האָט ניט איינגעפירט אַ מנהג אויף מאַכן אַ מגבית לעניים אויף סוכות (אע״פ אַז ס׳איז שוין נאָך ר״ה), אולי יש לומר:

(א) סוכות קומט בהמשך צו ר״ה ביז אַז מ׳זאָגט אַז בסוכות איז דער (סיום —) פרסום פון דעם נצחון (בדין) בר״ה[26], און וויבאַלד אַז בנוגע צו ר״ה האָט מען ניט איינגעפירט דעם מנהג (מטעם הנ״ל), האָט מען אויך ניט איינגעפירט עס אויך בנוגע צו סוכות.

(ב) פון ר״ה ביז נאָך הושענא רבה איז „אכילת הדבש עם המוציא״, מען איז טובל די פרוסת המוציא בדבש[27] — איז וויבאַלד אַז אויך נאָך ר״ה מאַכט מען אַ „סימן״ אויף „אַ שנה טובה ומתוקה, האָט מען דעריבער ניט געוואָלט קובע זיין מנהג הנ״ל אויך בנוגע לסוכות.

ד. לאחרי כ״ז — איז כהנ״ל סברות ושקו״ט בדיבור פאַרענטפערן אַ זאַך וואָס מ׳פאַרשטייט ניט

וויבאַלד אָבער אַז ס׳זיינען דאָ אַזעלכע וואָס דאַרפן פאַרענטפערן דעם: ואם תאמר מה נאכל — זיי זיינען זקוק אַז מען זאָל זיי העלפן בצרכי החג במעשה בפועל — איז כדאי לעורר אויף דעם ענין פון „שלחו מנות לאין נכון לו״ — דעם יאָר, וואָס ס׳איז שוין בסוף ר״ה — עכ״פ בנוגע סעודות ערב יו״כ ומוצאי יו״כ, און אויף כל

---

23) כריתות שם.

24) להעיר אפשר לומר, שזהו כוונת הש״ס (ביצה שם) בהשאלה „באי לאין נכון לו״ (ולא ניחא לי׳ להש״ס לפרש כפשוטו. לעב״כ).

25) ראה נחמי׳ שם פסוק ג.

26) ויקו״ר פ״ל, ב. וראה רשימות הצ״צ (לתהלים ובאוה״ת לר״ה) עה״פ תקעו גו׳ בכסא ליום חגנו.

27) ראה אגה״ק דאדמו״ר הזקן (באה שערים לג, א), וצ״ע אם הכוונה רק לסעודות שו״ר (ראה שו״ע אדה״ז ר״ס תקיג) וסעודות עיו״כ ומוצאי יוהכ״פ. או גם דימות השבוע.

צרכי חג הסוכות שמע"צ ושמח"ת, אז זיי זאלן האבן צרכי החג בהרחבה — באופן אז בא זיי זאל זיין ושמחת בחגך.

ובכדי אז דאס זאל זיין בדרכי נועם און אויך צו באווארענען במקצת סברות הנ"ל — איז מה טוב אז מען זאל עס מאכן אין אן אופן פון מתן בסתר[צא].

און לשנה הבאה — אויב עס וועט נאך זיין ח"ו פאר דעם קיום היעוד „לא יהי' בך אביון"[צב] — זאל מען, בעוד מועד, מאכן אלע הכנות צו קענען — בהוספה אויף הנ"ל — געבן להזקוקים לזה אויך פאר ר"ה, אז זיי זאלן קענען מקיים זיין דעם „אכלו משמנים ושתו ממתקים".

ה. ויה"ר אז מען זאל מפרסם זיין את הנ"ל (בעיקר — דעם סיום) — און מיט א שטורעם — בכדי דאס זאל אנקומען אומעטום.

ופשוט אז די קבלת הצדקה בחדש תשרי (און אויך לפני ר"ה) וועט ברייגנען נאר טוב[צג], און עס וועט ניט זיין ח"ו קיין סימן אויף אן ענין בלתי רצוי[צד] (ועי"ד מרז"ל[צה] „מצטרף לטובה ואינו מצטרף כו'").

ובפרט, אז מען וועט עס טאן בשמחה — וואס נוסף אויף דעם וואס אלע מצוות דארף מען טאן בשמחה[צו], איז בנוגע צו צדקה שטייט דאך אז „צריך ליתן הצדקה בסבר פנים יפות בשמחה ובטוב לבב"[צז] — איז דאך שמחה פורץ גדרים[צח], כולל אויך סברות הנ"ל.

און אדרבה, די צדקה וועט מוסיף זיין אין דעם „לך אד' הצדקה"[צט] — מיט וועלכן מ'הייבט אן סדר הסליחות.

אז דער אויבערשטער וועט געבן לכל אחד ואחת מידו המלאה הפתוחה הקדושה והרחבה, און אויך „הגדושה" מיט א גימ"ל (ווי עס שטייט אין דעם בעש"ט'ס סידור),

אין אלע ענינים הגשמיים און אין אלע ענינים הרוחניים, ובגשמיות וברוחניות גם יחד.

———●———

צא) שבלאה"כ כדאי בכל צדקה (שו"ע יו"ד סרמ"ט ס"ז).

צב) ראה טו, ד.

צג) ועי"ד אחד הטעמים בבקשת וקבלת לעקאח בערב יוהכ"פ — שאם נתחייב, ח"ו, לקבל צדקה במשך השנה יפטר בזה ע"י קבלה זו בעיוהכ"פ (אלף המגן למטה אפרים סי' תרד·תרה ס"ק לח. בשם נה"ש).

צד) ובפרט אשר יש לומר הטעם על שלא תיקנו מגבית לר"ה וחה"ס — כטני מצב הפרנסה הדחוק דר"ב בני ישראל אדה"ז „ציע העתים אשר נתדלדלה הפרנסה" (אגה"ק סס"ז. ועד"ז בכמה ספרים ושו"ת במשך כו"כ דורות) — ולא רצו לגזור על הציבור וכו'. ועפ"ז מתורץ ג"כ דבכ"מ — סוכה אחת לכו"כ משפחות (דלא כ„הדורר דכל השנה), אתרוג ומינו דהקהל וכו' — ולהעיר ג"כ מהדה"נ דחנוכה בתוך הבית בפני שדרים בין אדה וכו'. ואכ"מ.

צה) פסחים קח, סע"ב.

צו) רמב"ם סוף הל' לולב.

צז) יו"ד סרמ"ט ס"ג.

צח) ראה באריכות ד"ה שמח תשמח תרנ"ז ע' 44 ואילך. ובכ"מ.

צט) דניאל ט, ז.

**בס"ד. משיחות פורים ומוצאי ש"פ צו (המשך להתוועדות דפורים), תשל"ח.**

## ע"ד גודל הענין של ההוספה ע"י תשב"ר — בלימוד התורה ובמעשה צדקה

**א. גאולת פורים וגאולת פסח — שייכות זל"ז[1], כמרז"ל[1*] מסמך גאולה לגאולה.**

ומכיון שהגאולה העתידה היא כמו ודומה לגאולה דפסח כמש"נ[2] כימי צאתך מארץ מצרים אראנו נפלאות — ועד שגם זמנה של הגאולה העתידה הוא בחדש דיצ"מ, בחדש ניסן[3], כמרז"ל[4] בניסן נגאלו ובניסן עתידין להגאל — מובן עפ"ז שגאולת פורים שייכת היא גם לגאולה העתידה.

וכיון אשר ב' גאולות אלו (גאולת פורים וגאולה העתידה) שייכות זל"ז, הרי כצ"ל גם בהסיבות המביאות את הגאולה:

בגאולה העתידה כתיב[5] "ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה" ופירש רבינו הזקן[6] (בעל התניא והשו"ע) "במשפט היינו הלכות כתרגומו ע"פ[7] כמשפט הראשון כהלכתא קדמיתא", היינו: שגאולה העתידה תהי' ותבוא ע"י עסק התורה ומעשה הצדקה.

וגם גאולת פורים הייתה ע"י ב' ענינים אלו: ע"י עסק התורה — כמרז"ל[8] "אתא מלי קומצא קמחא דידכו (מה שעסקו בתורת הלכות קמיצה) ודחי עשרה אלפי ככרי כספא דידי"; וע"י צדקה[9] — כמרז"ל[10] "לפיכך הקדים שקליהן לשקליו".

**ב. והנה ע"פ מה שהפליגו רז"ל[11] בגודל מעלת הבל תינוקות של בית רבן, להיותו הבל שאין בו חטא**

— שמזה מובן, שעד"ז הוא גם בעשיית מצוות דתשב"ר[12], מכיון שעשייתן היא עשיית יד שאין בה חטא

[ובפרט בנוגע למעשה הצדקה, שזכותה וצ"ל דוקא בסבר פנים יפות[13] — הרי קטנים וקטנות, מצד התמימות שבהם, כאשר מעוררים אותם ע"ד נתינת צדקה והסברה ועד שנותנים בפועל — עושים זאת בסבר פנים יפות[14]] —

---

1) נוסף על השייכות בכלל חז"ל דכל דבר ששם גאולה עליו (רש"י ד"ה אתחלתא מגילה יז, ב).

*1) מגילה ו, סע"ב. ולהעיר שענין זה [השייכות דגאולת פורים לגאולת פסח — וגם לגאולה העתידה (כדלקמן בפנים)] נוגע בפיותו בשנה מעוברת (כשנה זו) — כי כדי ל"מסמך גאולה לגאולה" קורין המגילה באדר שני דוקא, הסמוך לניסן.

2) מיכה ז, טו.

3) להעיר ממגילה שם (נעתק בהערה *1) ש"מסמך גאולה לגאולה" הוא טעם קריאת המגילה באדר הסמוך לניסן. וראה רש"י תענית כט, סע"א — ולהעיר אשר "ניסך" — "גורין הרבה נסים רבים" (רש"י ד"ה תניא — ברכות נז, רע"א).

4) שמו"ר פט"ו, יא. ואף שבגמרא (ר"ה יא, א) פלוגתא בזה — הרי במדרש (שמו"ר שם) הבריע וסתם שבניסן עתידין להגאל (ראה אוה"ת בא ע' רנט. ד"ה החודש הזה לכם ש"ת בתחלתו).

5) ישעי' א, כז.

6) לקו"ת דברים א, סע"ב.

7) וישב מ, יג.

8) מגילה טז, א.

9) להעיר גם שהמצות (העיקריות) דפורים היא "מתנות לאביונים" שצריך להרבות בהם יותר גם מבמשלוח מנות לרעיו [עם היות שגם תוכן מצוה זו הוא קירוב הלבבות, כדלקמן הערה 31] (רמב"ם הל' מגילה ספ"ב) וכל הפושט ידו נותנים לו (שו"ע או"ח סו"ס תרצ"ד), וראה בכ"ז פע"ח שער הפורים פ"ו. ובכ"מ בתורת"ל. (וראה לקו"ש ח"ב ע' 536).

10) שם יג, סע"ב. וראה ב"ב ט, סע"א: בזמן שבה"מ קיים אדם שוקל שקלו . . . עכשיו . . . עושין צדקה כו'.

11) שבת קיט, סע"ב.

12) ויש לומר שהוא בקל"ו מבתורה — ראה חדא"ג מהרש"א שם "דגם התורה שהיא רק בהבל פיו של אדם כו'".

13) רמב"ם הל' מת"ע פ"י ה"ד. טור ושו"ע יו"ד סרמ"ט ס"ג.

14) וכיון שמטעמי הברח הספי' דצדקה הוא

מובן, שגם האמור לעיל בענין תורה וצדקה שמביאות את הגאולה

— גאולה מן גזירות וכו' [כגאולת פורים, שגם לאחרי הגאולה „אכתי עבדי אחשורוש אנן" [15]], וגם גאולה מן הגלות [שגאולת פורים שייכת גם לגאולה זו (כנ"ל סעיף א')] —

הוא בתוקף בעסק התורה ומעשה הצדקה דתשב"ר.

וכמו שמצינו בגאולת פורים, שביטול הגזירה הי' [לא ע"י עסק התורה של מרדכי (עם היותו מהראשים שבסנהדרין [16]), כי אם [17]] ע"י שקיבץ מרדכי כ"ב אלף תינוקות והיו עוסקים בתורה ובבא עליהם המן הרשע לא פחדו ואמרו שבין לחיים בין למות „עמך אנו" (עם מרדכי ותורתו) — הנה זה דוקא פעל ביטול הגזירה [18].

ואותו הדבר הוא בנוגע להגזירות, שבכל דור ודור עומדים עלינו כו' — הן הגזירות הגלויות, והן הגזירות שבתחבולות מרמה — אשר ביטולם הוא ע"י תשב"ר. וכמ"ש [19] מפי עוללים ויונקים יסדת עוז גו' להשבית אויב ומתנקם: אויב הוא שונא הגלוי, ומתנקם הוא „שונא נסתר ועולל עלילות", והשבתת שניהם היא „מפי עוללים ויונקים".

וע"פ האמור לעיל (סעיף א') בפירוש מרז"ל „מסמך גאולה לגאולה", שגאולת פורים שייכת גם לגאולה העתידה — עסק התורה ומעשה הצדקה אלו (דתשב"ר), לא רק שיביאו להשבית אויב ומתנקם, אלא גם ימהרו ויזרזו עוד יותר את הגאולה העתידה.

ג. ע"פ כל הנ"ל כדאי ונכון במאד מאד, אשר מנהלי ומורי כל בתי הספר ות"ת וישיבות ומוסדות חינוך איזה שיהיו יעוררו ויזרזו את התלמידים והתלמידות — כולל ובפרט קטנים וקטנות שלא הגיעו עדיין לגיל בר־מצוה או בת־מצוה (שהם זקוקים להסברה יתרה) — להוסיף בלימוד התורה

הן בכמות — הוספת משך זמן מסויים בכל יום מחוץ לסדרי הבית ספר וכו', והן באיכות — הוספת חיות והתלהבות בלימוד התורה, הוספת דרך ואופן חדש בלימוד (בקיאות, חריפות) וכיו"ב,

ובמעשה הצדקה — שהתלמידים והתלמידות דכל בית ספר וכו' (או דכל כתה) ייסדו קרן גמ"ח [20] [שהיא „מעלה הגדולה" בצדקה „שאין למעלה ממנה" [21]], ושכל אחד ואחת יתרמו מזמן לזמן ממעונם לקרן זו

[נוסף על המדובר כמה פעמים [22], שכדאי מכו"כ טעמים שלכל תלמיד ותלמידה תהי' קופסא שלו של צדקה ויפריש לתוכה מזמן לזמן (ומה טוב — בכל יום חול בוקר) מעות לצדקה].

ד. בכדי להשריש בלב הילדים והילדות

---

הבושה והרגש העני מובן שזה' נוגע גם בקטן, אף שאינו בר דיעה. וראה בהבל תשב"ר שפעולתו גם כשהוא מיראת הרצועה (תניא קו"א סוס"ג).

15) מגילה יד, א.

16) שם טז, סע"ב.

17) כמובן גם מכרד"ל (יל"ש רמז תתרנז) כה עשה מרדכי קבץ כל התינוקות של בית רבן כו'.

18) ראה אסת"ר פ"ט, ד. יל"ש רמז התרנח.

19) תהלים ח, ג. וראה ד"ה וקבל היהודים תרפ"ז פ"ב.

20) להעיר ממה שסיפר כ"ק מו"ח אדמו"ר („התמים" ח"ז ע' סה. וראה גם לקו"ד תרפא, סע"ב ואילך) שבימי ילדותו „כל הוני — אשר רכשתי לי שכר לימוד משניות בע"פ — . . . הייתי עושה בו גמילות חסדים . . . ובערב יו"כ דווקא וביום שלאחריו היו לי ימי עבודה בחלוקת וקבלת סכומי הגמילות חסדים". — ומזה שסיפר ופירסם הנהגתו זו מובן שהיא הוראה לרבים.

ומכיון ש„בתר רישא גופא אזיל" (עירובין מא, א) — הרי הנהגת נשיא (וראש) ישראל, היא גם נתינת כח.

21) רמב"ם שם ה"ז. טור ושו"ע שם ס"ז.

22) וראה באריכה שיחת יום ב' ב' אלול השל"ז.

שיהיו לא רק „נדיבים במכונם" אלא גם „נדיבים בגופם" [23] — נכון במאד, שקרן הגמ"ח יתנהל ע"י הילדים והילדות עצמם. שתלמידי בית הספר (או הכתה) וכו' יבחרו מתוכם מנהל הקרן, גזבר וכו'.

אשר זה גם יגביר רגש האחריות [ובמילא, יוסיף גם חיות והתלהבות] הקשר להגמ"ח דכל תלמידי בית הספר וכו' — הואיל וגם עשיית החסד בפועל היא ע"י שלוחיהם ובאי כוחם.

ומה טוב שהנהלת קרן הגמ"ח וחלוקת התפקידים (מנהל, גזבר, מנהל חשבונות וכו') תתחלף לעתים לא רחוקות (ע"י בחירת התלמידים והתלמידות) — בכדי לאפשר לכל תלמידי בית הספר וכו' או לרובם עכ"פ, להיות לא רק נדיבים בממונם אלא גם נדיבים בגופם, ובפרט ע"פ דברי חכמים במשנתם: והכל לפי רוב המעשה [24].

ה. ענין זה — השרשת והגברת מדת החסד בלב הילדים והילדות — שייך הוא גם לענין מחיית עמלק [25] [שהוא עיקר בימי הפורים [26]]:

ענינו של עמלק (בנפש האדם) הוא — חוצפה [27] ישות וגאוה [28].

ומבואר בכ"מ [29], שהטעם לזה מה שבא עמלק להלחם עם ישראל הוא לפי שלא הי' יכול לסבול הגדלות דישראל שיצאו ביד רמה, כמו טבע הגס רוח שאינו יכול לסבול גדלות זולתו.

וע"י שמחנכים את הילד והילדה לתרום ממעותיו (שבהם הי' יכול לקנות חיי נפשו [30]) עבור זולתו [31] — ובפרט כשמחנכים אותו לגמול חסד גם בגופו — משרישים בו את מדת הענוה והביטול, מחיית עמלק [32].

ו. ויהי רצון, שכל הנ"ל — ההוספה בלימוד התורה ובמעשה הצדקה, ובפרט של תשב"ר — ישבית כל האויבים המתנקמים, ותהי' לנו אורה ושמחה וששון ויקר (כדרשת רז"ל [33] וגם כפשוטו [34]) בימים אלו האחרונים של הגלות כש„אכתי עבדי אחשורוש אנן" [35].

ויזרז כ"ז קיום היעוד „ציון במשפט תפדה ושבי' בצדקה", ו„מחה אמחה את זכר עמלק" [36], בגאולה האמיתית והשלימה ע"י משיח צדקנו [37], בקרוב ממש.

• • •

פשוט שהתלמידים ותלמידות שכבר באו לחיוב מצוות — וגדולים בכלל

כדאי ונכון וכו' שיוסיפו בלימוד התורה ובמצות צדקה ובתומ"צ בכלל.

הצעות הנ"ל באות כהוספה על הפשוט, יותר נכון — כהוספת ענין שאינו פשוט כ"כ.

---

23) ראה ארחות צדיקים שער י"ז.

24) אבות פ"ג בסט"ו. פיה"מ להרמב"ם שם. תניא אגה"ק סכ"א — שעפ"ז מובן גודל הפעולה בחינוך התלמידים ותלמידות ע"י כ"ז.

25) להעיר (בענין השייכות דמחיית עמלק לילדים וילדות) ממה ש„נוהגין . . . התינוקות לקחת אבנים חלוקים ולכתוב עליהם המן, וכשמזכיר הקורא את המגילה המן הם מקישים זו על זו למחוק את שמו" (אבודרהם תפלת פורים).

26) שהרי המן האגגי הוא מזרע עמלק. וקה"ת בפורים היא פרשת ויבא עמלק, ובשבת שלפני פורים — פרשת זכור. ובמדרז"ל (תרגום ירושלמי עה"פ. פסיקתא דר"כ ס"פ זכור) ומדור דור (וס"פ בשלח) כולל „דור מרדכי ואסתר".

27) ראה תנחומא ס"פ תצא, שנפל פחד בני' על כל האומות אבל עמלק כו'.

28) תו"א צא, סע"ד. ד"ה זכור תרס"ה. ועוד.

29) ד"ה לך לך תש"ב פ"ב. ועוד.

30) תניא פל"ז (מח, סע"ב).

31) וענין זה שייך במיוחד לפורים — שהרי הקטרוג של המן הי' שישראל הם עם „מפוזר ומפורד", וביטול הקטרוג הוא ע"י מצות משלוח מנות איש לרעהו ומתנות לאביונים המביאים לקירוב הלבבות דאיש לרעהו, דעשיר ואביון (מנות הלוי — להר"ש אלקבץ).

32) ראה ד"ה לך לך הנ"ל פ"ד, שההתנשאות דעמלק מונעת קיום מצות צדקה (כו"ע).

33) מגילה טז, ב.

34) ואין מקרא יוצא מידי פשוטו (שבת סג, א).

35) בשלח יז, יד.

36) ראה תו"כ ס"פ בשלח, מכילתא ועוד, בעה"ס שם.

## שיחת

# כ״ח אייר, ה׳תשל״ח
# בהכינוס של אגודת נשי ובנות חב״ד

די הויפט־טעמע פון דער היינטיקער קאנווענשאן איז — „טוב לשמים וטוב לבריות״: „זיין גוט צום אויבערשטן״, טאן זאכן צוליב דעם אויבערשטן, פירן זיך ווי דער אויבערשטער האט אנגעזאגט; „וטוב לבריות״ — און זיין גוט צו מענטשן, און אויך צו אלע באשעפענישן, ווי דאס ווארט „בריות״ ווערט אפטמאל געטייטשט.

(אזוי ווי ס׳ווערט דערציילט וועגן גדולי ישראל, ווי שטארק זיי זיינען געווען אפגעהיט אין צער בעלי־חיים — ניט צו פארשאפן קיין ליידן צו קיין שום לעבעדיקער באשעפעניש; און ניט נאר צו א בעל־חי, נאר אויך צו א „צומח״ — ניט צו קאליע מאכן א פלאנץ (אפ־רייסן, צום ביישפיל, א „לעבעדיק״ בלעטל פון א בוים אומנויטיקערהייט). וואס דאס איז אויך איינגעשלאסן אינעם אנזאג פון „בל תשחית״, ניט צו פארדארבן סתם א זאך וואס דער אויבערשטער האט באשאפן).

וויבאלד „טוב לשמים וטוב לבריות״ איז דורך אידישע טעכטער בהשגחה פרטית אויסגעקליבן געווארן ווי א הויכפונקט פון זייער צוזאמענקום, איז דאס גופא א באווייז, אז אין דעם ליגט א ספעציעלע הוראה און וועגווייזונג אין לעבן פון אידן און אידישקייט, לויט תורתנו תורת־חיים וועלכע איז א לעבעדיקע לערע אין טאג־טעגלעכער פירונג פון אידן.

אין פלוג קען מען פרעגן: אין וואס דריקט זיך אויס די תורה׳דיק־אידישע אויס־געצייבנטקייט פון א פירונג וואס איז „גוט צום אויבערשטן און גוט צו מענטשן״? דאס זיינען דאך פליכטן און פאדערונגען, וואס זיינען אנגענומען אויך ביי אנדערע פעלקער! מיר געפינען דאך, אז צווישן די זיבן מצוות וואס דער אויבערשטער האט אנגעזאגט צו די „בני נח״ (צו אלע מענטשן אויף דער וועלט) זיינען פאראן אט די ביידע סארטן געבאטן — פליכטן צום אויבערשטן און פליכטן צו מענטשן. צום ביישפיל: די מצוה גלייבן אין דעם אויבערשטן און ניט צו דינען עבודה־זרה; ווי אויך די מצוה פון גזל (און „דינים״) — זיין אפגעהיט פון גנב׳ענען, גזלנ׳ען און שעדיקן א צווייטן מענטשן — און אט די צוויי גרונט־מצוות (וואס זיינען וועלט־געבאטן פאר דער גאנצער מענטשהייט) זיינען דאך פונדאמענטאל פאר אלע אנדערע מצוות פון ביידע קאטעגאריעס, פון „בין אדם למקום״ און „בין אדם לחברו״; און אין שפראך פון קאנווענשאן־סיכמא (מאטא): „טוב לשמים״ און „טוב לבריות״.

* * *

איינע פון די אויפקלערונגען אין דעם איז: דער הויפט־אויפטו באשטייט דא ניט בלויז צו זיין אפגעהיט אין די ביידע סוגים פון (תורה ו)מצוות, די אפצוהיטן אויף א גאנצן און פולקאמענעם אופן: די אונטערשטרייכנדיקע אנווייזונג פון דעם ליגט דערין, אז „טוב לשמים״ און „טוב לבריות״ דארפן ניט זיין ווי צוויי באזונדערע טיילן פון אידישקייט, נאר ווי איין פאראייניקטע און צוזאמענדיקע גאנצקייט.

אין איינפאכע ווערטער: פאראן געוויסע מצוות און ענינים, וואס געהערן אויבנאויף

דורכאויס צום געבים פון „בין אדם למקום" — „סוב לשמים". צום ביישפיל: ווען א איד דאַוונט צום אויבערשטן. דעמאלט דאַרף דאָך א איד טראַכטן נאָר וועגן דעם אויבערשטן אליין: צוטראָגן און „באַהעפטן" זיין קאָפ און האַרץ צום באַשעפער.

דאַרף אָבער א איד וויסן, אַז צוזאַמען מיט זיין באַמיאונג פון „סוב לשמים" ביים דאַוונען — און נאָכמער, אַלס אַן אַריינפיר און צוגרייטונג צו תפילה — מוז זיין דער „סוב לבריות". וואָס דאָס דריקט זיך אויס קלאָר אין דער אָנווייזונג פון גדולי ישראל, אַז פאַרן דאַוונען דאַרף א איד זאָגן און אויף זיך אָננעמען די מצוה פון „ואהבת לרעך כמוך", ליב האָבן א צווייטן איד פונקט ווי זיך אַליין. ס'הייסט, אַז נאָך איידער ער הויבט אָן זיין תפילה צום אויבערשטן (און דערנאָך זיין לערנען תורה) דאַרף ער זיך אַנשליסן צוזאַמען מיט אַלע אידן און דערנאָך זיי „מיטנעמען" אין זיין תפילה צו השי"ת (און ווי מיר זעען, אַז אַלע בקשות און געבעטן פון העכסטן תפילה־טייל, פון שמונה־עשרה, זיינען אין א לשון רבים — פון מערצאַל: „חננו", „השיבנו", „סלח לנו", „וגאלנו", „רפאנו", אאז"וו — פאַר אַלע אידן אינאיינעם, „סוב לבריות").

דאָס זעלבע איז אויך ביים צווייטן טייל — „סוב" לבריות": ווען מ'סוט גוטס צו א צווייטן מענטשן, ווי בעת מ'היט זיך שטאַרק נים צו פאַרשאַפן קיין צער און ליידן א צווייטן מענטש, איז דערביי נים גענוג דער געפיל פון „סוב לבריות" אַליין; ד. ה. ס'איז נים גענוג צו טאָן דאָס בלויז צוליב מענטשלעכער גוטסקיים, ווייכהאַרציקיים און גערעכטיקייט־געפיל. וואָרום דעמאָלט איז מען נים זיכער, אַז מ'וועט זיך פירן מיט דער זעלבער גוטסקייט און גערעכטיקייט אויך אין פאַל ווען מ'דאַרף „פאַרבויגן" עפעס וואָס רירט אָן דעם „איך" און די אייגענע נוצן.

ווען קען מען זיין פאַרזיכערט, אַז דער „ואהבת לרעך כמוך" וועט דורכגעפירט ווערן ווי געהעריק אין אַלע באַדינגונגען און אומשטענדן פון „בין אדם לחברו" — נאָר בעת דער „סוב לבריות" איז באַגרינדעט און דורכגעדרונגען מיטן „סוב לשמים". ווען ער איז גוט צום צווייטן דערפאַר וואָס דער אויבערשטער האָט אַזוי געבאָטן.

וואָרום ווען א איד דערפילט, אַז מיט זיין „סוב לבריות" פירונג איז ער מקיים דעם אויבערשטנ'ס אַ געזאָג (נים בלויז די פליכט פון מענטשן מאָראַל און געפיל), גיט עס אים די נויטיקע פעסטקייט און דויערהאַפטיקייט, אַזוי אַז אייגננוצן אד"ג וועט גיט זיין קיין שטערונג צו דערפילן די מצוות פון „בין אדם לחברו" ווי עס דאַרף צו זיין.

און דאָס לערנט אונז תורה אחת (וואָס אַלע אירע טיילן שטעלן צוזאַמען איין גאַנצקייט), וואָס זי איז געגעבן געוואָרן פון השם אחד, דעם איין־איינציקן באַשעפער — צו זיין אויס־דערווילט פאָלק, דעם „גוי אחד בארץ" (א פאָלק וואָס איז געבונדן און געאייניקט אין איין פולער איינהייט, טראָץ די פאַרשידנקייט פון מדרגות און קאַטעגאָריעס צווישן אידן) — אַז די צוויי באַגריפן פון „סוב לשמים" און „סוב לבריות" דאַרפן זיין און זיינען אַז ענין „אחד", פולשטענדיקע אחדות:

בשעת א איד איז פאַרנומען מיט הימלדיקע זאַכן פון „סוב לשמים" זאָל ער נים פאַרגעסן אויף א צווייטן מענטשן, נאָר ער זאָל אויך דעמאָלט זיין דורכגענומען מיטן געפיל פון אהבת ישראל ביזן העכסטן אויסדרוק פון „כמוך"; און אַזוי אויך בשעת ער איז אַריינגעטאָן אין ענינים פון „בין אדם לחברו", ער טוט טוב וחסד מיט א צווייטן איד, זאָל ער בשעת־מעשה נים פאַרגעסן ח"ו אויפן אויבערשטן. ער זאָל נים אויסשטעלן אויף זיך אַליין, אויף זיין גוט האַרץ און פיינע מידות, נאָר ער זאָל זיין דורכגעדרונגען מיט „סוב לשמים", מיט דער גרויסער איבערגעבנקייט צום אויבערשטן און צו זיינע תורה ומצוות. און דאָס איז דער אמת'ער און זיכערער וועג אין עבודת השם.

* * *

יעדע געשעעניש און דערשיינונג אין וועלט, ווי יעדע טאָוונג און פירונג, איז נים קיין פאַרזיכדיקע אָפגעריסענע זאַך, נאָר ס'איז א המשך, תוצאה פון פריערדיקע אומשטענדן און אַנטוויקלונגען — און דאָס ברענגט אויך ווייטערדיקע תוצאות און ווירקונגען.

(אָנכאַפנדיק דעם פריערדיקן ביישפיל פון תפלה: ווען א איד שטעלט זיך דאַוונען,

דארף עס דאך זיין, ווי געזאגט, געבונדן מיט פריערדיקער געהעריקער צוגרייטונג פון „טוב לבריות", פון „ואהבת לרעך כמוך" — אזוי ארום איז ער אין זיינע תפילות צום אויבערשטן מער אויסגעאיידלט און דורכגענומען מיט אהבת־ישראל'דיקער הויכקייט אין זיין דבקות צו השי"ת; זיינע בקשות צום אויבערשטן, זיין אויסגיסן דאס הארץ איז אויף א גאר אנדערן העכערן אופן בעת ער דערהערט נאכדעם אין דאווענען אז ער רעדט כביכול מיטן אויבערשטן אליין — „דע לפני מי אתה עומד"!

און אזא דאווענען ברענגט דערנאך גאר גוטע און הויכע תוצאות נאכן דאווענען. ווען ער גייט ארויס דערנאך „אין וועלט", צו באשעפטיקן זיך מיט וואכעדיקע ענינים, פירט ער זיך נים ווי א „באס־מענטש", נאר ווי א שליח פון דעם אויבערשטן; ווי איינער וואס האט ערשט זוכה געווען צו ריידן כביכול צום אויבערשטן אליין! ער איז אליין איידעלער, העכער און צוזאמען דערמיט פילט ער א פליכט און אחריות צו אויסאיידלען און אויפהויבן די וועלט ארום אים).

אזוי איז עס אויך אין באצוג צו דער הויפט־טעמע פון דער היינטיקער קאנווענשאן — „טוב לשמים וטוב לבריות" — אז זי קומט אין פארבינדונג און אלס רעזולטאט און ווי א פארשטארקונג און אויסברייטערונג פון דעם „טוב לשמים וטוב לבריות", וואס האט זיין השגחה־פרטית'דיקן אנהויב געהאט אין דעם „קאפ" פון יאר — „ראש־השנה":

ווי מערערע מאל באטאנט, איז ראש־השנה היי־יאר אויסגעפאלן דינסטיק, דער דריטער טאג אין וואך, וואס דאס איז א „יום שהוכפל בו כי טוב" — ווי די חז"ל זאגן: ביי דעם דריטן טאג פון די „בראשית" באשאף־טעג שטייט אין דער תורה צוויי מאל „כי טוב" — א „דאפלטער טוב"; און דאס ווערט אין ספרים אויסגעטייטשט, אז דער „צווייענדיקער טוב" באשטייט פון „טוב לשמים וטוב לבריות".

דער באדייט דערפון, וואס ראש־השנה איז געווען דעם דריטן טאג איז אויך אין דעם זין, אז פונקט ווי דער „קאפ" פירט אן מיטן גאנצן קערפער, מיט אלע אברים, וועלכע פירן זיך לויטן אנווייז און באשלוס פון קאפ — איז ענלעך אזוי אויך ביים „קאפ" פון יאר: די באזונדערע הימלדיקע כוחות וואס זיינען געגעבן געווארן און די גוטע באשלוסן וואס זיינען אנגענומען געווארן ראש־השנה אין איינקלאנג מיטן „טוב לשמים וטוב לבריות" פון דאזיקן טאג, דאס גיט דערנאך ספעציעלע הילף און חיות אויסצופירן און דורכפירן אט די באשלוסן אין פארלויף פון אלע טעג פון יאר בכלל, און א ספעציעלע פארשטארקונג און הצלחה צו פארווירקלעכן די גוטע החלטות פון דער קאנווענשאן, וואס זיינען באזירט אויפן יסוד פון „טוב לשמים וטוב לבריות".

* * *

און דא קומט אריין „מענין לענין" נאך א נקודה: היינטיקן יאר איז אויך דער „ראש השנה לחסידות" — י"ט כסלו — אויסגעפאלן דינסטיק, אין דעם „יום שהוכפל בו כי טוב".

תורת החסידות גיט אריין, ווי באוואוסט, א צוגאב פון לעבעדיקייט און פרײלעכקייט אין אידישקייט און עבודת השם און א מער שטארקערן בטחון אין דעם אויבערשטן; און דאס גיט, אין אונזער פאל, א נאך טיפערע אינערלעכע צוגאב־פארשטארקונג און בענטשונג פון הצלחה אין דינען דעם אויבערשטן דורך דער שלימות'דיקער פאראייניקונג פון „טוב לשמים" און „טוב לבריות" ווי אין גאנצע זאך.

און נאך עפעס: אויך היי־יאריקער ראש־חודש סיון, דער „קאפ" און אנהויב פון חודש פון מתן־תורה, איז אויך אין דעם טאג (דינסטיק) וואס „הוכפל בו כי טוב", וואס דאס אונטערשטרייכט נאך מיט מער קראפט דעם דערמאנטן תורה'דיקן הויפט־געדאנק פון דער קאנווענשאן, וואס קומט פאר נאך דעם שבת־מברכים פון (ראש) חודש סיון. ווארום דער פארבונד פון ראש־חודש סיון מיטן מתן־תורה־טאג איז נים בלויז מיט דעם וואס ער איז דער „קאפ" פון אלע טעג פון חודש, איינגעשלאסן דעם טאג פון מתן־תורה; ווי ס'ווערט דערציילט אין הימיש האבן די צוגרייטונגס־טעג צו מתן־תורה זיך אנגעהויבן ראש־חודש סיון, ווען אידן זיינען אנגעקומען און זיך געשטעלט אנטקעגן דעם בארג סיני. יערט דערקלערט אין מדרשי

חז״ל, אַז די אינערלעכע הכנה פון אידן צו נעמען די תורה איז שוין געווען באַלד ביים אָנקומען צום באַרג סיני — ראש־חודש סיון.

און אָט די טיפע נשמה־גרייטקייט צו תורה איז געווען אַזוי ערנסט און פעסט, ביז עס ווערט געזאָגט וועגן דעם (אין דער הגדה של פסח): „אילו קרבנו לפני הר סיני ולא נתן לנו את התורה, דיינו" — בלויז דאָס צוקומען אַליין צום באַרג סיני איז אַ גענוגנדיקע דערגרייכונג פאַר זיך. ס׳הייסט, צוליב דער גרויסער איבערגעבנקייט און פולשטענדיקן ביטול צום אויבערשטן, מיט וועלכן אַלע אידן — מאַן און פרוי, גרויס און קליין, ביז אויך פיצלעך קינדער („טף") זיינען געשטאַנען ווי איינס, ויחן, לשון יחיד, נגד ההר בראש חודש — וואָס דורכדעם האָבן זיי דערנאָך אויסגערופן זייער גרייטקייט צו מקיים זיין די תורה דורך „נעשה ונשמע" — זיינען זיי שוין ממילא געוואָרן די פאַסיקסטע כלי צו תורה און דורכגענומען מיט גייסט פון תורה און מצוות.

* * *

ס׳איז באַוואוסט, אַז אין גייסטיקן אינערלעכן זין, איז מתן־תורה ניט בלויז אַן איינ־מאָליקע געשעעניש פון אַמאָל. נאָר ווי דער לשון איז: נותן התורה — דער אויבערשטער גיט אונז די תורה פונדאַסניי יעדן טאָג, באַזונדערס יעדן יאָר אין זמן פון מתן־תורתנו (שבועות). און פונקט ווי צום ערשטן מאָל זיינען אידן שוין פון ראש־חודש סיון אָן געווען דורכגענומען מיטן דערהויבענעם גייסט פון גרייטקייט צו נעמען די תורה; און כשם ווי ביים ערשטן צוגיין צום באַרג סיני איז די גרויסע הכנה געקומען צום אויסדרוק אין דעם אופן פון „ויחן ישראל נגד ההר" — דורך פולשטענדיקער אחדות! און ניט בלויז זיינען אַלע אידן צווישן זיך געוואָרן פולקאָם פאַראייניקט „ווי אין מענטש מיט איין האַרץ" („כאיש אחד בלב אחד"), וואָס דערפאַר שטייט „ויחן" מיט אַ לשון יחיד: אין לשון „ויחן ישראל נגד ההר" איז אָנגעדייט נאָך עפּעס: די אידן האָבן ביים באַרג סיני, ביים אַריינגיין אין וועלט פון תורה ומצוות, זיך אָוועקגעשטעלט אין אַן אופן פון „ויחן" — זיי האָבן דאָרט „געחנט", זיך אַפּגעשטעלט מיט אַ פולער באַשטענ־דיקייט; זיי זיינען שוין געוואָרן ווי איינס, דורך און מיטן באַרג סיני, מיט דער וועלט פון תורה ומצוות און דאָס איז געוואָרן זייער תני׳ אויף דורי דורות לעולם ועד —

אַזוי דאַרפן אויך אַלע אידן זיך צוגרייטן צו מתן־תורה, יאָר־איין און יאָר־אויס, מיט אַ פולשטענדיקער גרייטקייט פון אחדות, און דערהויבענער רוחניות׳דיקער אויסאיידלונג און איבערגעבנקייט צו תורה ומצוות.

* * *

די תורה ווערט אָנגערופן „חמדה גנוזה" — דער טייערסטער אוצר כביכול ביי דעם אויבערשטן, וועלכער איז געווען „באַהאַלטן" און צו וועלכן ער האָט אַ „גלוסטונג" כביכול (ווי, למשל, די טייערסטע זאַך ביי מענטשן, וואָס ער האַלט עס פאַרבאָרגן און באַהאַלטן). און דעם אוצר האָט דער אויבערשטער אָוועקגעגעבן צו אידן. קען מען זיך פאָרשטעלן אַ טייערערע מתנה פון דעם!

ביי די אידן אָבער טאָר זיך די טייערקייט פון תורה ניט אויסדריקן בלויז אין אָפּגעבן כבוד און האַלטן הייליק־טייער די ספרי־תורה; און אויך ניט בלויז דורך דערהערן דעם טייערן געשמאַק פון חכמת התורה. די תורה אַליין גיט צו וויסן, אַז דער ערשטער און הויפּט־באַדינג צו נעמען תורה איז (די גרייטקייט צו) „נעשה" — צו אָפּהיטן און מקיים זיין די אָנווייזונגען און מצוות פון תורה יעדן טאָג און יעדע מינוט — אויך ווען מ׳איז פאַרנומען און אַריינגעטאָן אין מאַטעריעלע גשמיות׳דיקע זאַכן.

און דער באַדייט פון „נעשה", פון דער אומבאַדינגלעכער גרייטקייט צו מקיים זיין די תורה ומצוות אין טאָג־טעגלעכן פּראַקטישן לעבן — דאָס דאַרף זיין די הקדמה און הכנה פון יעדן אידן אויך איצט, ווען דער אויבערשטער „גיט" די תורה טאָג־טעגלעך פונדאַסניי, און באַזונדערס אין חודש סיון — אין די הכנות צום יום טוב שבועות זמן מתן־תורתנו.

* * *

די אויבן־געזאָגטע ענינים זיינען, ווי געזאָגט, שייך צו יעדן אידן; אָבער זיי האָבן אַ ספּעציעלע וויכטיקייט אין באַצוג צו אידישע פרויען און טעכטער. און שוין ביי די הכנות

צו מתן־תורה ביים באַרג סיני האָט דער אויבערשטער צום אַלעם ערשטן אָנגעזאָגט צו משה רבינו: „כה תאמר לבית יעקב" — צו די פרויען, און דערנאָך „ותגד לבני ישראל" — צו די מענער. צום אַלעם ערשטן דאַרף מען צוגרייטן צו מתן־תורה די אידישע טעכטער, אַז זיי זאָלן ביי זיך אַרויסרופן און אויסרופן „נעשה ונשמע". צו טאָן און פירן זיך ווי דער אויבערשטער וויל, און ערשט דערנאָך דאַרף מען צוגרייטן דערצו די מענער.

און דאָס חזר'ט זיך איבער יעדעס יאָר נאָכאַמאָל — אפילו ווען מ'זעט עס ניט מיט די פליישיקע אויגן, זעט עס אָבער די אידישע נשמה (וואָס זי איז די הויפט זאַך ביי מענטשן בכלל און ביי אידן בפרט) און זי לעבט עס איבער יעדן יאָר פונדאָסניי.

און ווי ס'איז פאַרשטאַנדיק פון דער תורה, איז דאָס אַ תנאי, אַ באַדינג: די זיכערקייט, אַז די מענער וועלן אָננעמען און אויספירן ווי געהעריק דעם „נעשה ונשמע", איז אָפּהענגיק אין דעם „נעשה ונשמע" וואָס די פרויען וועלן אויף זיך אָננעמען און פאַרווירקלעכן. די ווירקונג און איינפלוס וואָס אידישע פרויען האָבן אויף זייערע קינדער, מענער, פאָטער און ברידער איז אויף אַזוי ווייט, אַז די איבן אויס אַ דעצידירנדיקע השפעה שוין ביי די צו־גרייטונגען צו קבלת התורה — צו דעם מאָמענט ווען אַלע אידן צוזאַמען שרייען אויס מיט דער פולסטער נשמה־גרייטקייט „נעשה ונשמע".

און אַזאַ הכנה ברענגט צו דעם גאַנצן אידישן פאָלק צו קבלת התורה „בשמחה ובפנימיות" — ווי דער רבי דער שווער פלעגט בענטשן — מיט פולער און אמת'דיקער פריידיקייט, וואָס נעמט דורך דעם גאַנצן מענטשן, ביז אַז תורה ומצוות ווערן דער גאַנצער אינהאַלט פון זיין לעבן.

* * *

ווי דערמאָנט, איז המעשה הוא העיקר: דער ציל און תכלית פון אַלע גרעדסטע ענינים איז, אַז איר, אידישע טעכטער, זאָלט אויסנוצן אייער איינפלוס און באַווירקן מיטן „נעשה ונשמע" די נשי בנות ישראל וואו נאָר איר וועט קענען דערגרייכן, און דורכדעם באַווירקן אויך די אידישע מענער און זין צו מקבל זיין און מקיים זיין די תורה — ביז שבועות און מיט אַלץ מער שטייגנדיקן חיות אין די טעג פון מתן־תורה און נאָכדעם.

און עס ווערט מקויים די הבטחה פון דער תורה (אין דער פרשה פון דעם שבת מברכים): „אם בחוקותי תלכו" — אַז מ'וועט לערנען און האָרעווען אין תורה וואָס וועט דערפירן צו — „ואת מצותי תשמרו ועשיתם אותם" — אָפּצוהיטן די מצוות און במעשה, וואָס דאָס איז דער עיקר, ווי געזאָגט — איז מען פאַרזיכערט מיט אַלע ברכות פון דעם אויבערשטן, וואָס ווערן אויסגערעכנט אין דער תורה, ביז צו דער גרעסטער און פולקאָמסטער ברכה, אַז בקרוב ממש וועט זיין „ואולך אתכם קוממיות" — דער אויבערשטער וועט אַרויסנעמען יעדער אידן און אַלע אידן פון גלות, ברענגען די גאולה השלימה דורך משיח צדקנו.

די צוגרייטונג דערצו איז דורכדעם, וואָס אַ איד טוט אַלדאָס מעגלעכע אַרויסצונעמען זיך אַליין פון גייסטיקן גלות און פון דער ניט־אידישקייט וואָס הערשט אין וועלט. ד. ה. טראָץ דעם וואָס אַ איד ווייסט, אַז אין כמות איז ער „המעט מכל העמים" — דאָס אַמווייניקסטע (אין קוואַנטיטעט) צווישן דער ניט־אידישער פעלקער־וועלט, איז ווען עס קומט צו אידישקייט, צו תורה, רעכנט ער זיך דערמיט אינגאַנצן ניט און ער פירט זיך מיט דער גאַנצער שטאַרקייט ווי אַ איד דאַרף זיך פירן אַ גאַנצן טאָג — פונעם מאָמענט ווען ער כאַפּט זיך אויף פון שלאָף ביז צום לייגן זיך שלאָפן מיטן פון זיין וואַך זיין; און נאָכמער: אויך זיין שלאָפן איז אַזאַ וואָס מ'דערקענט אין דעם אַז דאָ שלאָפט אַ איד פון תורה ומצוות.

און דאָס איז אויך די פליכט וואָס ליגט אויף יעדערער פון אייך, צו באַווירקן וואָס מער אידישע פרויען און טעכטער, אַז אויך זיי זאָלן ווערן דורכגענומען און אָנגעפילט מיטן גייסט און חיות און שמחה פון יהדות, פון תורה ומצוות, אין די ביידע דערמאָנטע און פאַר־אייניקטע טיילן פון „טוב לשמים וטוב לבריות"; וועט דאָס פאַרשנעלערן דאָס אַרויסנעמען זיך פון גלות אין דער ניט־אידישקייט און זיך גייסטיק אויסלייזן פון אַלע שטערונגען ביז צום פירן אַ פולקאָם־גאַנצן תורה'דיקן לעבן —

און דאָס וועט במילא נאָכמער צואיילן די גאולה האמיתית והשלימה, די גאולה פון גאַנצן אידישן פאָלק דורך משיח צדקנו.

משיחת יום ב' דחג השבועות ה'תשל"ח

## ע"ד האיסור לקבוע מראש טפול רפואי (נתוח וכיו"ב) לתוך ג' ימים קודם השבת

בקשר להנהוג, ובפרט בארצות הברית, שקובעים מראש טפול רפואי (נתוח וכיו"ב), הדורש השגחה רפואית ולהיות בבית הרופאים (האספיטל) משך כמה ימים לאחר זה, לאחר מימי הקיץ, ובהרבה מקרים — קובעים זה ליום ועש"ק, ועד שנעשה זה דבר הרגיל כאילו שאין בזה שום שאלה כלל —

הנני לעורר, אשר לא רק שיש בזה מקום לשאלה, אלא שבכו"כ מקרים ואופנים הוא איסור גמור ומצד כמה טעמים —

ומן הקל אל החמור:

א. „אין מפליגין בספינה בפחות משלשה ימים קודם השבת... משום עונג שבת", „שכל המפליגים כו' יש להם בכל ג' ימים הראשונים צער ובלבול כו' ואין רוחם חוזרת עד לאחר שלשה ימים"[1]. ומזה מובן במכש"כ וק"ו בנדו"ד[2] — כי הבלבול ו„שינוי וסת"[3] הנגרם ע"י כניסה לבתי רופאים

---

1 שו"ע או"ח סרמ"ח ס"ב. שו"ע אדה"ז שם ס"א.

2 בשו"ע שם (בריש הסימן), שבאם הולך לדבר מצוה מותר להפליג אפילו בערב שבת — והרי כפול רפואי הוא דבר מצוה. אבל:

א. בשו"ע שם „ופוסק עמו שישבות". ופי' במג"א שהיכא דלא יוכל לפסוק עמו שישבות, אסור. וכן פסק אדה"ז שם ס"א (כשאין חשש שתתבטל המצוה).

ולהעיר, שהא דפסיקה מעכבת הוא — גם בנוגע לעונג שבת (ראה פרמ"ג (אשל אברהם) שם סק"ו. שו"ע אדה"ז שם). ומכ"ש בנדו"ד, שזה יגרום גם לחילול שבת (כדלקמן בסעם הב'), שאז אסור גם לדעת הלבוש, כמבואר בפרמ"ג שם.

(לבושים מיוחדים, סדרי האכילה שינה וקימה, וכיו״ב) — ובפרט הצער והבלבול הנגרם ע״י ספול הרפואי — הוא גדול הרבה יותר מהצער והבלבול[4] שנגרם ע״י הפלגה בספינה[5].

ועוד נקודה בזה: בנדו״ד (משא״כ בהמפליג בספינה) — שלילת המנוחה והעונג שבת היא גם אצל בני ביתו וקרוביו.

ב. למחרת הספול ולאחריו צריכים לעשות כו״כ בדיקות וכו׳ שיש בהם גם מלאכות האסורות, וחלקם אסורות גם מה״ת. ואף שאז (לאחרי הספול) חלק מהם הוא בגדר פקוח נפש — הרי בתוך ג׳ ימים קודם השבת אסור להכניס עצמו בסכנה — אם ידע שיצטרך לחלל שבת מפני פקו״נ (אפילו בדבר שאינו

---

ב. גם לפי הדיעה (ראה ש״ך יו״ד סו״ס רסו — הובא בקו״א לשו״ע אדה״ז שם) שלדבר מצוה מותר בכל אופן, גם היכא שא״א לפסוק (גם כשיבוא עי״ז לחילול שבת) — ה״ז כשנזדמנה לו מצוה בג׳ ימים שקודם השבת [וכמו ב״תינוק שחלה ונתרפא ביום ה׳ בשבת״, שאז — נזדמנה לו מצות מילה ביום זה] [וי״ל שהוא מטעם אין מעבירין על המצוות ומצוה שבאה לידך אל תחמיצנה (ראה קו״א שם)]. משא״כ בנדו״ד, שקובע מלכתחילה לתוך ג׳ ימים קודם השבת.

ג. גם לפי הדיעה (שיטת ר״ת — הובאה בטור או״ח סו״ס רמח) שגם לסחורה וכיו״ב (חוץ מטיול) חשוב דבר מצוה. וברמ״א שם ובשו״ע אדה״ז שם ס״ב שהסומכים על דיעה זו אין למחות בידם — הרי כתב המג״א (שם סק״כ וראה שם סק״ד) והביאו לפס״ד אדה״ז בשו״ע שם (ס״ב וסי״ג), שהא שהסומכים על שיטת ר״ת אין למחות בידם — הוא דוקא במפליג בספינה, שאפשר שיצטרך לחלל שבת. משא״כ היוצא בשיירא, שיודע בודאי שיחלל שבת — ״אם הולך בתוך ג׳ ימים לסחורה... יש למחות בידו הואיל ורבו האוסרים (האומרים ?) שאין זה חשוב דבר מצוה כלל״ (לשון אדה״ז שם) — והרי בנדו״ד הוא בגדר ודאי (כדלקמן בפנים).

ד. כל היתרים הנ״ל מצאנו כשנמצא בתוך ג׳ ימים לפני הש״ק ורוצה להפליג למצוה ולסחורה — שאין מחייבין אותו לדחות ההפלגה לאחרי השבת.
אבל בנדו״ד המדובר שקובע הזמן כו״כ ימים לפני זה — הרי אדרבה יקדים הקביעות לתחלת השבוע.

3 רי״ף ורא״ש — הובאו בב״ח שם. שו״ע אדה״ז שם.

4 ואף ש(בספינה) נזכר בטעמי הצער ובלבול גם נענוע הספינה (הקאה ושרחון הים — ב״ח שם. ועוד), הרי במוחש רואים שהצער ובלבול בבתי רופאים גדול יותר.

5 ועוד ענין בזה: המצב בהוה הוא — שבש״ק (וביום א׳) נמצאים בבתי הרפואה רק הרופאים ״המתחילים״ ולא המומחים (כדלקמן בסוף השיחה). ומובן, שגם זה [מה שלמחרת הנתוח אינו נמצא רופא מומחה] מונע המנוחה והעונג.

אסור אלא מד"ס [6]) — „לפי שנראה כנכנס בכוונה למקום סכנה כדי שיחלל שבת אח"כ" [7].

והרי דין זה הוא אפילו כשנכרי עושה המלאכה (באם הישראל נהנה מגוף המלאכה) [8]. ומכ"ש בנדו"ד, אשר: (א) כו"כ מלאכות נעשות ע"י יהודים המשרתים בהבתי רפואה ובפרט בעיר כניו יארק, בוסטון וכו'. (ב) בחלק הטוב מהמלאכות [כמו בדיקת הדם, ועאכו"כ בדיקת המים] מוכרח סיוע [9] שיש בו ממש [10] של החולה (הנטפל ברפואה) [11].

ג. כמה מהבדיקות הנעשות למחרת הספול — אין בהם משום פקוח נפש כלל. ועפ"ז — הרי נוסף על איסור הסיוע [12] (וגם אלו המלאכות שאין בהם סיוע כלל) מכיון שנעשות הן לצרכו — הוא צריך למחות [13]. וכשנמצאים במצב כזה (לאחרי נתוח וכיו"ב) — חסר (ע"פ רוב) התוקף הדרוש למחות בהרופאים ולתבוע מהם שידחו זה עד לאחרי השבת.

---

6 מג"א שם סקי"ג (מריב"ש). שו"ע אדה"ז שם ס"ה.

7 שו"ע אדה"ז שם. וראה ב"י שם (מריב"ש).

8 שו"ע אדה"ז שם ס"ו.

9 ראה מכות כ, ב — לענין הקפת הראש. ולדעת המג"א (או"ח סשכ"ח סקס"ז), ס"ז (שם סק"א. יו"ד סקצ"ח סקכ"א), ח"צ (שו"ת ח"צ סי' פב), ואדה"ז (או"ח שם ס"ג וסכ"א. סש"מ ס"ב) — גם בנוגע למלאכת שבת.
— בט"ז שם משמע שהוא איסור מה"ת. ובשו"ע אדה"ז (סשכ"ח סכ"א. סי' שם שם) וכ"ה בשו"ת ח"צ שם — שהוא שבות מד"ס.
וגם לדעת הש"ך (נקוה"כ יו"ד סקצ"ח) שהחיוב דמסייע הוא דוקא בהקפה ולא בשאר אזהרות הרי עכ"פ יש איסור דשבות כיון שהנכרי עושה המלאכה עבור הישראל. כנ"ל בפנים.

10 ע"ד סוג הסיוע דאסור — ראה ריטב"א מכות שם. מג"א וט"ז שם. ח"צ שם. שו"ע אדה"ז שם (סשכ"ח ס"ג וסכ"א). ועוד.

11 בשו"ע אדה"ז שם סכ"א, שגם כשהנכרי יכול לעשות בלא סיוע הישראל הוא שבות גמור מד"ס. ואף שבאופן זה התירו שבות הסיוע לצורך חולה (גם כשאין בו סכנה) — הרי אסור לכתחילה להכניס עצמו לעבור על איסור „שבות גמור מד"ס". וראה הערה הבאה.

12 וראה שו"ע אדה"ז שם (כמג"א שם סקס"ז) ש„אם א"א להעשות כלל בלתי סיוע הישראל אסור אף לחולה עצמו לסייע". ובט"ז שם סק"א, שגם היכא ד„בלא"ה מתעבדא" — באם כשמסייע מתחיל במלאכה [כההוא דניקף, שמזמין את שערו], לא התירו לצורך חולה.

13 אפילו כשנכרי עושה — ראה שו"ע או"ח סרמ"ג.

